


ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום

# 58

רעדאַקטאָר:
מארק טורקאָוו

פאַרלאַגס-לייטער:
אברהם מיטלבערג

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף בוך

שלום אַש

# מאָסקווע

(דריטער טייל פון בוך „פאַרן מבול")

ראָמאַן





אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס-איירעס, 1949.

# קאַפּיטל 1

## וואָס איז אַזוינס „באַלשעוויקעס"?

יעדעס גרעזעלע האָט אַ מוטער. יעדער בלאַט ווערט געצערטלט אין די לופּטיקע אָרעמס פון ווינט. נאָר קיין שום גראָז און קיין שום בלאַט ווערט נישט אַזוי לאַנג געטוליעט אונטער די וואַרימע מוטער־שנייִ־בריסטן, ווי דאָס טיפע שאָטנדיקע גרינס פון די בזשאָזקע־וועלדער אַרום מאָסקווע. ווען זיי קומען־אַרויס פון אונטער דעם לאַנגן ווינטער־שנייִ אויף דער ליכטיקער שיין, ציטערט יעדעס גרעזעלע מיט דער פרישקייט פון געצערטלטע קינדער־לייבער. יעדעס גרעזעלע באַזונדער ווערט גע־צוואָגן און געבאָדן אין טוי־טרערן, וואָס די מוטער־נאַכט לאָזט איבער דערויף, איידער עס שיידט זיך אָפּ דערפון אויף אַ גאַנצן טאָג. און ווען דער ווינט בלאָזט אין אַזעלכע גרעזער, ציטערט האַרץ־ברעכנדיק יעדעס גרעזעלע באַזונדער אין דער זוניקער לופטיקייט מיט אַן אומבאַרירלעכן טוי באַהויכט.

קיין שום גראָז אין דער וועלט האָט נישט די דאָזיקע שאָטנדיקע פרישע גרינקייט. די גרינקייט פון אונגערקע־קאָליר. און ווען מען קוקט פון דערווייטנס אויף אַזאַ אויסגעבעטן גראָז־דיוואַן, וואָס פאַרלירט זיך צווישן ווייס־באַפלעקטע ביימער און אומבאַקאַנטע ווייטקייטן, ציט עס דיך צו דער טונקעלער גרינקייט מיט אַ מיסטישן כישוף, ווי אומבאַ־וווסטע כוחות פון פאַרבאָרגענע וועלטן וואָלטן פלוצים לעבעדיק געוואָרן אין דיין האַרץ, געפונען פון לאַנג־אָנגעקניפּטע פאַרבינדונגען, און דו האָסט אַ גלוסטונג פאַרפאַלן צו ווערן אין די טיפע פייכטקייטן, וואָס לויערן־אַרויס צו דיר פון אומבאַקאַנטע ווייטקייטן...

די טיפע גרעזישע גרינקייט האַלט־אָן צווישן די יונגע ווייסע בזשאָזקעס אַרום מאָסקווער וועלדער דעם גאַנצן זומער, ביז עס הייבן־אָן די פראָסטן צו פרירן, די ערשטע שנייען צו בלאָזן. די יונגע גרעזער־לייבלעך פרירן אין די קאַלטע פרימאָרגנס, און פון אונטער די פראָסטי־קע דעקן קוקט נאָך אַרויס דאָס פרומע גרינקייט. און דו האָסט דאָס גע־פיל, אַז מען האָט ציטערנדיקע קינדער־לייבעלעך איבערגעלאָזט אין דרויסן... ביז דער ווייסער שניי דעקט זיי נישט איינגאַנצן צו. דענסטמאָל גייען זיי שלאָפן אונטער די שניי־בריסטן דעם גאַנצן ווינטער לאַנג...

דעם האַרבסט, כאָטש עס איז שוין געווען שפּעט אין אָקטאָבער, זענען די ווייכע גרינע אויסגעבעטע דיוואַנען־פעלדער נאָך נישט געווען מיט שניי באַדעקט, ווי יעדעס אַנדערע יאָר. וואַסיל אַנדרעיעוויטש, דער פריץ פון סאָפּיאַנקאַ, וואָס ליגט אויף דער ניזשנער באַן־ליניע, האָט מיט פרייד אין האַרץ געקאָנט זיך אָנקוועלן פון זיין וואַגאָן־פענצטער אַרויס מיט דעם פרישן פראָסט־הויך, וואָס איז געלעגן אויף די פעלדער אין דעם גרויען פרימאָרגן.

וואַסיל אַנדרעיעוויטש איז אין זיין מאָסקווער שוואַרצער קורטקע, אויפגעקנעפּלט איבער זיין פלייישיק פעטן גוף, געשטאַנען ביים פענצטער פון זיין וואַגאָן־אָפּטייל, — זיין רויט פנים מיט זיין פליישיקער נאָז צו־געדריקט צו דער פייכטער, איבערגעלאָפענער שויב, — און באַטראַכט די לאַנדשאַפט, וואָס איז געלאָפן אין דרויסן. די קאַלט־וואַרימע אויפגייענ־דיקע זון האָט געטריקנט די טויאישע פייכטקייט, וואָס איז געלעגן אי־בער פעלד און בוים, ווי אַ מוטער־קו, וואָס באַלעקט מיט איר צונג איר ערשט נאָר־וואָס געבוירן קאַלב.

די אויפוואַכנדיקע וועלט האָט טאָקע געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ניי־געבוירן קאַלב, וואָס איז נאָך געשטאַנען אויף די דינע דראָטענע פיסלעך.

זי, די וועלט, האָט געהאַלטן אין איין געניצן און האָט נאָך צוריק־געבענקט נאָך די ווייכע אָרעמס פון דער נאַכט, פון וועלכער דער רויט־באַלויכטענער הימל האָט זי געהאַלטן אין איין אַרויסוועקן...

וואַסיל אַנדרעיעוויטש האָט מיט פרייד אין האַרצן געהאַלטן אין איין באַטראַכטן די געל־גאָלדענע פעלדער פון אָפּגערייניקטן שניט, די גרינע לאָנקעס פון די וועלדער, די קליינע וואַסערלעך און טייכלעך, אין

וועלכע קאַטשקעס און גענדז האָבן זיך נאָך אין שפּעטן האַרבסט אין וואַסער געפּליעשטשעט. די בלוי־ און רויט־געפאַרבטע לאָדן, די געשניצטע געזימסן און דעכער פון די פרידלעכע הייזלעך, די פרי־אויפגעוועקטע פויערים און פויערטעס ביי זייער אַרבעט. די רויט־געפלעקטע זיך־פּיטערנדיקע קי אויף די לאָנקעס, די שפּרינגענדיקע און פּיס־געפּענטעטע פערד און זשרעבאַקעס, וואָס שרעקן זיך פאַרן רעשענדיקן לאָקאָמאָטיוו, — דאָס איז געווען די לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַ פּאַנאָראַמע פאַר זיינע אויגן מיטן אימפּעט־געלויף פון דער באַן.

וואַסיל אַנדרעיעוויטש איז געווען אַ פרידלעכער, נאַטור־ליבנדיקער מענטש. צום אַלערערשטן האָט ער גערן־געהאַט גוט אָפּצועסן, נאָך אַ פּראָסטיקן שליט־וועגס אַ פּאָר „זובראָווקעס" צו פאַרטרינקען, אַ האַלבן קאַלבסקאָפּ אין עסיק צו פאַרבייסן, אַזוי נאָך מיטן קאַלבס־אויג פונעם פאַרגליווערטס אַרויסצוקוקן; אַ חזיר אויער אין כריין, אַ פּאָר געגליווערטע חזיר־פיסלעך.

זומער, אין אַ הייסן נאָכמיטאָג, פלעגט ער ליב־האָבן צו זיצן אויף דער וועראַנדע מיט דעם אָפּגעקילטן לייב פונעם טייך־באָדן, מיטן האַנטוך נאָך אויף די פּלייצעס, אַ זודיקן סאַמאָוואַר אויפן טיש, אַ טעלער מאַלינעס און שמאַנט אָדער „כלאָדניק" מיט פאַרשידענע גרינס און צעשניטענע אוגערקעס, אַז שטיקער חזיר זאָלן אַרומשווימען פון אויבן־אויף איבער דער סמעטענע. דאָס צווייטע נאָכן עסן האָט ער ליב געהאַט די נאַטור. אין אַ האַרבסטיקן פרימאָרגן, אין גראָען נעפּל, ביז איבער די קני אין די הויכע שטיוול אין אַ וואַלדיקן זומפּ צו שטיין און צו שיסן די ווילדע קאַטשקעס, וואָס באַהאַלטן זיך צווישן דעם זומפּ־געמויזעכטס. קאָן זיין אַ גרעסערע פרייד ווי די, ווען דער ווייטער געיעג־הונט פּלאָשעט פון די אָפּגעשטאַנענע גרינע זומפּן די ווילדע קאַטשקעס אַרויס, קומט־צולויפן צו זיין האַר מיט אַ פאַרבלוטיקטן פויגל אין מויל?

זיינע פערד און הינט האָט ער פאַרגעטערט. ליבער אַ טראָגנדיקע פויערטע לאָזן שלעפּן אַ פור מיט האָלץ פונעם וואַלד, איידער דערצו אַ פערד באַנוצן. קי האָט מען ביי אים ריינער געהאַלטן, ווי זיינע פויערים. ביי די קי אין די שטאַלן האָט מען מער געקערט, געוואַשן און אויסגעשייערט, איידער אין מענטשלעכע שטובן. און שעפּסן האָט ער ליבגעהאַט, ווען זיי גראָזן אויף די אָפּגעשניטענע פעלדער — אַריינצופירן

זיין האַנט אין דער פאַרקאַלטעוואַטער פעטער וואַל, צו דערגרייכן דאָס פעטס פונעם בייליק. מיט וואָס פאַרא פרייד האָט ער געלאָזט באַלעקן זיינע פינגער, זיין אייגענע גאַמבע, די ליפּן און דאָס פּנים פון הינטישע צונגען, פון קיעשע און שעפּסענע פּיסקעס! אָדער וואָס פאַרא פרייד איז עס — אַ באַליבטן פערד אין דער פייכטער נאָזדרע צו קושן?!

פעלדער און וועלדער — דאָס איז געווען זיין קעניגרייך. אַביסל האָט ער געירשנט פון עלטערן, מער אָבער געקראָגן אין נדן פונעם ווייב. ער פלעגט אין די גראָע, פייכטע פרימאָרגנס, אין דער פוטערנער קורטקע, באַגלייט פון זיינע הינט, אויסמעסטן זיינע גרענעצן (אַ שאָד אים געווען אַ פערד דערצו צו באַנוצן). ער האָט איינגעאָטעמט אין זיין ברייטן ברוסט־קאַסטן מיט די פולע לונגען די פרישע מאָרגן־לופט. אָפּגעשטעלט זיך אין וואַלד און איינגעהערט זיך מיט וויל־לוסט צו דער ווינטיקער שטילקייט, וואָס זשומעט־אַרוים פון די נאָדל־צווייגן.

ווי ליב ער האָט געהאַט אינעם פריען פרילינג נאָכצוגיין די פּויער־שע אַקערס, אַריינצוקנעטן זיין האַנט אינעם שוואַרץ־ערדיקן טייג, אָפּ־קנייפּן אַ שטיק, — צו פּרוּוון די ווייכקייט פון דער ערד. ער האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק דורכגיין דורך זאַנגען און גערשטן, נישט זיי צע־רייסן און צו פאַרזוכן. ער האָט באַדויערט יעדן פויגל, וואָס איז צופע־ליק דורכגעפלויגן פאַרביי זיין קאָפּ, פאַרוואָס ער קאָן אים נישט שיסן. ער האָט אין די פּוס־שפּורן דערקענט יעדע פעלד־חיה, וואָס האָט צופע־ליק אַריינגעשפּרייזט אין זיינע גרענעצן, און מיט זיינע הינט און ביקס געלאָזט זיך אויף איר שפּור, זי צו יאָגן. פעלד און וואַלד — טייערער דיר ווי אַ ווייב, טייערער דיר ווי די אייגענע מוטער.

און אויך איצט, אַזוי ווי ער שטייט ביים פענצטער אין זיין וואַגאָן און זעט די אָפּגעגאָלדעטע פעלדער, די גרינע לאָנקעס פון די וויעזשבאָ־ווע וועלדער, די באַמאָלטע, געשניצטע הייזלעך, די סטאַוון, די זיך פּאַשנ־דיקע בהמות, די אַרבעטנדיקע פּויערים און פּויערטעס, — קאָן ער זיך נישט גלייכגילטיק צוקוקן. עס גלוסט זיך אים דאָס אַלץ אָנצוטאַפּן, אין דער האַנט קנעטן, פאַר זיין אייגנס האָבן. און פון זיין האַרץ רייסט זיך אַרויס אַ וויל־געניסנדיקער זיפץ אויף זייער אָנבליק בלויז, מיט אַ ווערטל.

— אך, מוטערל, דו אייגענע! א לאנד איז ביי אונדז א גוטס און א גרויס, נאר קיין אָרדנונג נישטא.

ער דערמאָנט זיך אָן דער שלעכטער צייט, אין וועלכער מיר לעבן — מלחמה און רעוואָלוציע. דעם צאר־פאָטערל פון דעם טראָן אראָפּגע־וואָרפן, דעם מאָסקוועער גובערנאטאָר פון זיין הויז פארטריבן, די פויע־רים אין די דערפער האָבן קעגן פריץ גרויסע מיילער געקראָגן. דעם וואלד, איבער וועלכן ער שטייט מיט זיינע פויערים אין פראָצעס, האָבן זיי זיך באמעכטיקט, שניידן פראנק און פריי דאָס געהילץ פון אים. אפילו די בהמות דערלויבן זיי זיך אויף פריצישע לאָנקעס צו פארטרייבן, און דער עקאָנאָם האָט מורא „קארעס" אויף די פויערים ארויפצולייגן.

אפילו באבעס בונטעווען זיך. די שטוב־שיקסעס הערן זיך נישט צו. נעכטן האָט מאריע ארקאדיעוונע, זיין ווייב, פון אזא איינער ספּאָז־מען געקראָגן. אָן אנדערשמאָל וואָלט ער אזא שיקסע געלאָזט נעמען אין שטאל, א צוויי פויערים געהייסן די ספּאָדניצע אויפהויבן, און ער אליין וואָלט מיט דער שפּיץ־רוט איבערן געזעס געשמיסן. זי וואָלט נאָך גע־מוזט פאר א דאנק דעם פריץ דערנאָך צו די קני פאלן און די האנט קושן, וואָלט נישט געמעיעט זיך צו באקלאָגן. ווען יאָ — איז דעם „אוריאדניק" א פאָר קאטשקעס, א האלב פורל קארטאָפל — און די שיקסע צום פריץ געשיקט אים איבערצובעטן.

איצט מוז מען שווייגן, און ווער ווייסט, צו וואָס עס וועט נאָך דערגיין?... די פויערים זאָגן, מען וועט פון די פריצים די ערד צונע־מען און זי די פויערים צעטיילן. ע, צו דעם וועלן זיי נישט דערלאָזן. אָן די פריצים וועלן זיי זיך נישט קיין עצה־געבן. ווער וועט אויף די פויערים אכטונג געבן, אז זיי זאָלן די פעלדער באארבעטן? א שיינע ווירטשאפט וועט דאָס זיין אָן פריצים!

זאָל נאָר אָן ענד צו דער פארשאָלטענער מלחמה קומען. צו וואָס האָבן מיר זיך מיט די דייטשן צעקריגט? די דייטשן זענען שטענדיק גע־ווען אונדזערע פריינט. דאָס האָט אלץ ענגלאנד אָנגעמאכט. לאָז נאָר אָן ענד קומען פון דער מלחמה, דאָס מיליטער וועט צוריק אהיימקומען, אין די דערפער וועט מען זיי צעשיקן, וועט שוין גאנץ אנדערש זיין.

וואסיל אנדרעיעוויטש ווייסט, אז עס איז א קנאָפּע טרייסט. עפּעס אין הארץ זאָגט אים, אז עס גייט נישט צום גוטן. נאָר וואסיל אנדרעיע־

וויטש איז א מענטש, וואָס לאָזט זיך נישט צו קיין עגמת־נפש, פאַר־טרייבט שלעכטע געדאַנקען פון זיך. עס שאַדט צום געזונט, עס שטערט דעם אַפּעטיט און מאַכט זויער דאָס עסן אין מאָגן.

ער פּרוווט פון זיך פאַריאָגן די שלעכטע געדאַנקען מיט א טרייסט:

— עפּעס דאָרטן וועט שוין זיין, זיי וועלן זיך שוין אַן עצה געבן. זאָלן נאָר די גענעראַלער פון דער מלחמה צוריקקומען מיט זייערע קאָזאַקלעך אויף די פערד, די שאָדן־ברענגענדיקע עלעמענטן פון די שטעט אַפּרייניקן. די באָלשעוויקעס. אין אַלעם זענען שולדיק די באָלשעוויקעס, — שרייבן די ציימונגען. די אַנדערע זענען מעסיקע, מיט די אַנדערע וואָלט מען זיך געקאָנט צוזאַמענרעדן. נאָר די באָלשעוויקעס שטערן, — דייטשע שפּיאָ־נען. פאַר דייטש געלט געקומען צופאָרן. אין דייטשע וואַגאָנען, — שרייבן די ציימונגען.

— וואָס איז דאָס אזעלכעס — „באָלשעוויקעס"? — קראַצט ער זיך אין קאָפּ. — וואָס ווילן זיי? ווער ווייסט, וואָס עס איז אזוינס?

ער קאָן זיך דערויף קיין ענטפער נישט געבן. און אזוי ווי דער דאָ־זיקער נאָמען ברענגט צו שלעכטע געדאַנקען, ווארפט ער אים אינגאַנצן אַוועק:

— צום טייוול מיט די באָלשעוויקעס! און ער הייבט־אָן צו קלערן וועגן אייגענע זאַכן, וועגן דעם, צוליב וואָס ער פאָרט קיין מאָסקווע, — וועגן נאַטאַשקען. נאַטאַשע סטעפּאַנאָוונע, — ווי ער רופט זי איצט. וועגן איר ברייט־בייניקן ווייסן רוקן, וועגן די רונדע פולע ליטקעס, וואָס שטאַרן פונעם קלייד אַרויס, וועגן ווייסן ווייבערישן האַלדז, — וועגן נאַ־טאַשע סטעפּאַנאָוונע, זיין קעבסווייב, וואָס וווינט אין מאָסקווע, און וועגן אַנושקע און סימאַשקאַ, די צוויי קינדערלעך, וואָס ער האָט פון איר.

א פאַרגעניגטער, ברייט־שיינענדיקער שמייכל צעגיסט זיך אים אי־בער דעם פולן פעטן מויל אין די גרויסע דיקע וואָנסעס אַריין און עס דוכט זיך, אַז זיין ברייט־פלייישיקער בויך, וואָס שטאַרט ווי א טעלער אַרויס פון זיין אויפגעקנעפּלטער קורטקע, שמייכלט־מיט און וויברירט דאָרטן מיט גלוסטונג הינטער זיין העמד.

דער געדאַנק וועגן נאַטאַשע און די קינדער מאַכט אים שוין גליק־לעך, און פאַרטרייבט פון אים אַלע מרה־שחורהדיקע זאַכן. איצט זעט

ער נאָר די וואַרימע קליינע אָנגענעמע היים אויפן פעטערבורגער שאָסיי, דאָרט ווייט אַרויס צום פעלד פון פערד־געיעג, ווו ער האָט געדונגען פאַר גאַטאַשאַן אַ וווינונג אין דעם נייעם קוואַרטאַל, וואָס בויט זיך אין מאָסקווע.

געווען איז ביי וואַסיל אַנדרעיעוויטשן אַ ווייב אַ מאָדערנע. מאַריע אַרקאַדיעווונע האָט זיך אָנגעלעזן מיט אַלערליי נאַרישע ביכער און האָט נישט געוואָלט קיין קינדער האָבן. אַ מענטש, — האָט זי געזאָגט, — איז נישט קיין חיה, איז נישט קיין שטוב־בהמה — און זי איז נישט באַשאַפן געוואָרן אָנצופּלאָדיען, אויסצובריהן קינדער. זי האָט אפילו גע־לאָזט אַרויסשטעלן איר בעט פונעם בשותפותדיקן שלאָף־צימער, געמאַכט זיך איר אייגענעם בודואַר. אַ פרוי, — האָט זי געזאָגט, — דאַרף האָבן איר אייגענע פערזענלעכקייט. אַ בשותפותדיקער שלאָף־צימער רויבט־אָוועק פון אַ פרוי איר פערזענלעכקייט.

פלעגט זי אין די אָוונטן, ביים שלאָפן־גיין, אַריינקומען צו וואַסיל אַנדרעיעוויטשן אין איר שלאָף־העמד, אין איר שלאָף־ראָק, אים אַ קוש־געבן אויפן שטערן און זאָגן אים „אַ גוטע נאַכט”. און שלאָף־העמדער און שלאָף־רעק זענען דווקא געווען ביי מאַריע אַרקאַדיעווונע פיקאַנטע. שלאָף־העמדער געמאַכט ווי הויזן, אין אַלערליי קאָלירן, אַמאָל רויטע, אַמאָל שוואַרצע.

און שלאָף־רעק זענען ביי איר געווען גאָר אינטערעסאַנטע, מיט לויזע אַרבל און ווייט־טיפע אויסגעשניטענע העלדזער. און שטענדיק האָט זי זיי געטראָגן אויפגעפּראַלטע, אַזוי אַז מען האָט די הויזן אַרויסגעזען מיט אַלערליי רויטע און פיקאַנטע בענדלעך פאַרבונדן. און ווען וואַסיל אַנדרעיעוויטש פלעגט זי אָננעמען ביי דער האַנט און געוואָלט זי פאַר־האַלטן, פלעגט זי זאָגן, אַז אַ מענטש איז נישט קיין זאַך, אַז צו דעם, וואָס ער פאַרלאַנגט פון איר, דאַרף מען זיין אין אַ פּאַסיקער שטימונג און האָבן די ריכטיקע אַטמאָספערע. און אַזוי ווי אַ פּאַסיקע שטימינג און די ריכטיקע אַטמאָספערע קאָן מען נישט אַרויסרופן געמאַכטער־הייט, מוז ער זיך באַגנוגענען־לאָזן מיט אַ קוש אין שטערן. און זי דרייט זיך אויס און גייט זיך אַרויס און באַווייזט די הויזן אויף דער צווייטער זייט, און לאָזט נאָך זיך איבער אַן אָנגענעמען הויך פון פּערפומען. און פּערפומען זענען ביי איר דווקא געווען אינטערעסאַנטע.

וואַסיל אַנדרעיעוויטש איז אַ נאַטירלעכער מאַנספּאַרשוין, און עס בענקט זיך אים נאָך אַ געזונט ווייב, וואָס נויטיקט זיך נישט אין שטוי־מונגען און אַטמאָספערן, און עס גלוסט זיך אים צו האָבן קינדער. עס ווילט זיך אים אַ טאַטע זיין, קינדער צו דערציען, קינדער אין שול צו שיקן, לעקציעס צו עקזאַמינירן, אַמאָל אַ קינד איבער די קני צו לייגן און אַריינצימבלען, אַזוי ווי יעדער אַנדערער טאַטע טוט. און דאָ נאָדיר גאָר: „אַ מענטש איז דיר נישט קיין „הויז־חיה" און איז נישט באַשאַפן קינדער, ווי בהמות, אָנצופלאָדיען".

און צעגיין זיך מיט איר איז אַ שאָד: איר נדן, דאָס דאַרף מיטן וואַלד, וואָס ער פּאַרוואַלט, ברענגען אַ גוטן אָפּפאַל. פון זיינע וועט ער נישט לעבן. און ביי מאַריע אַרקאַדיעוונע זענען נאַכט־העמדער אינטע־רעסאַנטע...

דולדעט ער די פאַרשידענע שטאַטישע „דענדים", וואָס קומען־אַרויס צו איר: די אָפּערעטן־זינגערינס און די באַלעט־טענצערינס און די פאַרשידענע שרייבערלעך, וואָס שלעפּן זיך נאָך זיי. זיצט זי מיט זיי גאַנצע טעג אין איר בודואַר, באַווייזן זיך נאָר צום עסן, קוקן אויף אים ווי אויף אַ פרעמדן, ווי אויף אַן איבריקן, פאַרגינען זיך אוים רחמנות אַמאָל אַ קערטל צו שפּילן אין די אָוונטן. אָדער אויף אַ געיעג צו גיין, וואָס זיי וויסן נישט ווי זיך דערביי צו באַנעמען.

געפינט זיך ביי מאַריע אַרקאַדיעוונע אין הויז אַן עקאָנאָמקע, אַ גע־זונטע, אַנטוויקלטע פרוי. איר פלייִשיק לייב גיסט פון איר שוואַרץ קלייד אַרויס. פאַרקוקט זיך וואַסיל אַנדרעיעוויטש אויף די דיקע באַטעמטע היפטן און טראַכט זיך, אַז פון אַזעלכע היפטן קאָן אַ געזונטער דור אַרויס־קומען.

האָט אייגנטלעך מאַריע אַרקאַדיעוונע גאָרנישט קעגן דעם, וואָס איר מאַן קריכט צו דער עקאָנאָמקע. אַ געזונטער מאַן האָט זיין נאַטירלעכן דראַנג, און פאַר דעם צוועק זענען דאָ שטוב־שיקסעס, פונקט אַזוי ווי שטוב־חיות. אבי ער רירט נישט אָן איר „פּערזענלעכקייט". לאָזט ער זי מיט איר געזעלשאַפט, מישט זיך נישט, ווען די אָדער יענע פריינדין נעכטיקט ביי איר, און קומט נישט שטערן, באַגנוגנט זיך מיט אַ קוש אין שטערן, דעם אָנבליק פון די הויזן, און אַ הויך פונעם פּערפום.

קומט די עקאָנאָמקע אין די הויכע חדשים, שעמט מען זיך פאַר־

דער דינערשאפט. דינגט איר וואסיל אנדרעיעוויטש, מיטן ווייבס וויסן, א וווינונג אין שטאָט. ווערט די געליבטע ביי אים דאָס ריכטיקע ווייב.

נאטאשע סטעפאנאָוונע איז אן איינפאכע גאָטספאָרכטיקע פרוי און האָט פונקט אזוי ווי וואסיל אנדרעיעוויטש, ליב דאָס הויזלעכע לעבן, דעם מאן און קינדער. פירן זיי ביידע א גאָטספאָרכטיק פרידלעך לעבן. יעדע פאָר חדשים קומט וואסיל אנדרעיעוויטש פון דאָרף צו איר. פאר־פאָרן פאָרפאָרט ער פון דער באן אין האָטעל „מעטראָפּאָל", — פאר מענטשנס־וועגן מוז ער זיך דאָרטן מעלדן, אָבער וווינען וווינט ער ביי נאטאשען אין שטוב. ער פירט זיך אויף, ווי א ריכטיקער, גאָטספאָרכטי־קער מאן. פאר די ארומיקע שכנים גילט ער טאקע פאר אזעלכן. ער גיט זיך אָן פאר אן עקאָנאָם פון זיין דאָרף, וואָס האלט זיין משפחה, צוליב דער דערציאונג פון די קינדער, אין שטאָט.

ער גייט מיט נאטאשען יעדן שבת אין אָוונט און זונטיק אין דער שכנותדיקער צערקווע אריין. ביידע צינדן־אָן ליכט פארן הייליקן בילד. ווען ער איז אינדערהיים ביי נאטאשען, אינטערעסירט ער זיך מיט דער באלעבאטישקייט. ער נעמט־אָפּ דין־וחשבון פון אלצדינג, וואָס איז אָפּ־געלאָפן דורך דער צייט, וואָס ער איז נישט געווען. ער באצאָלט אלע חשבונות, גייט אליין צום קצב און ברענגט א גוט שטיק פלייש פארן מיטאָג אהיים, האָט ליב צו האקן האָלץ פאר דער קיך.

קינדער האָבן זיי שוין איצט צוויי. דאָס עלטסטע איז שוין א יאָר פינף. נעמט ער אים טאקע אָפט אויף די קני און ווייזט אים, וואָס א טאטע הייסט, ווען ער פארזינדיקט זיך מיט וואָס. רופן, רופן זיי זיך פאר מענטשן נישט אנדערש ווי מאן און ווייב. ביי נאטאשען פילט זיך וואסיל אנדרעיעוויטש פאר א ריכטיקן פאמיליען־מאן, פאר אן אמתן טאטן, און ער האָט עם ליב אויך. דאָס איז זיין אמתדיק לעבן. דאָס לעבן מיטן ווייב האלט ער פאר א זינד און א נארישקייט.

פון איין זאך האָבן זיי נאָר פארדרוס: וואָס זייער צוזאמענלעבן איז נישט פון דער צערקווע געבענטשט. און זיי קלערן טאקע עצות, ווי אזוי ארויסצונארן די ברכה פון פּאָפּ? קלערן זיי צו פאָרן אין א נאָענטער שטאָט און דאָרט אונטער דער חופה־קרוין זיך צו שטעלן, און גאָטס הסכמה צו קריגן אויף זייער צוזאמענלעבן.

מאריע ארקאדיעוונע, זיין אמת ווייב, ווייסט פון דעם טאָפּלטן

לעבן, וואָס עס פירט איר מאַן. עס אַרט איר נישט. פאַרקערט, זי איז צופרידן דערפון, וואָס זי דאַרף נישט, ווי זי דריקט זיך אויס, „די ציג" פאַר זיינע קינדער זיין. די גאַנצע צייט, וואָס וואַסיל אַנדרעיעוויטש גע־פינט זיך ביי איר, ציטערט זי פאַר אים. זי האָט מורא, אַז ער זאָל איר פערזענלעכקייט נישט אָוועקרויבן. זי שלאָפט  אין איר בודואַר מיט אַ פאַרשלאָסענער טיר. און ווען וואַסיל אַנדרעיעוויטש הייבט אָן צו ווערן צודרינגלעך און אינטערעסירט זיך צו פיל מיט איר שלאָף־העמד, האַלט זי ביים אָוונט קוש צו פעסט און צו לאַנג אין זיין שטאַרקער האַנט, פאַקט זי אים אויף מאָרגן דעם טשעמאָדאַן און שיקט אים אין שטאָט אַריין.

איצט, ווען וואַסיל אַנדרעיעוויטש געפינט זיך אין דער באַן קיין מאָסקווע, האָט ער דאָס געפיל, ווי ער וואָלט געפאָרן אַהיים. און עס קומט איבער אים די אמתע, גליקלעכע פאַמיליען־פרידלעכקייט. ער ליי־טערט זיך ביי זיין קעבסווייב פון דעם זינדיקן לעבן, וואָס ער פירט מיט זיין לעגיטים ווייב. ער פאַרגעסט אין אַלעס און קלערט נאָר וועגן זיין גליק, וועגן נאַטאַשעס זויבערער שטוב, וועגן איר קוועלנדיקן ראָזעווען לייב, וועגן די געזונטע קינדערלעך, וואָס זי האָט אים געבוירן.

אויך איצט האָט אים דער געדאַנק וועגן דעם באַלדיקן צוזאַמענזיין מיט זיין אמתער פאַמיליע געמאַכט פאַרגעסן אין אַלעם שלעכטן, וואָס די איצטיקע שלעכטע צייט ברענגט מיט זיך. און ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין זיין פאַנטאַזיע וועגן דעם באַלדיקן גליס, וואָס שטייט אים פאָר, — צו טרעפן זיך מיט נאַטאַשען מיט די קינדערלעך נאָך דער זומערדיקער אָפּרו־צייט. אין זומער איז געווען פיל צו טון ביי דער ווירטשאַפט אין פעלד. האָט ער נישט געהאַט קיין צייט זי צו באַזוכן. איבער די זומערדיקע חדשים שיקט ער אויך נאַטאַשען מיט די קינדער אין אַ דאָרף אַרויס. ביי זיך אויפן דאָרף קאָן ער זיי נישט האַלטן צוליב די שכנים און די פויערים.

געזען האָט ער שוין נישט דאָס ווייב מיט די קינדער אַ חדשים דריי־פיר. פיל געווען דעם זומער צו טון, ביז די אַלע תבואות אונטער דעם שייער געבראַכט. פיל האַרץ־קרענקונג פון פויערים האָט ער געהאַט דעם זומער. נישט געוואָלט אַרבעטן ווי יעדן יאָר. שרייען האָט מען נישט גע־קאָנט, דעם „אוריאַדניק" באַנוצן אויך נישט, ווי אַן אַנדערש מאָל. גע־מוזט באַנוצן אַן אַנדערע פּאָליטיק, ביטרע צו זיין, און צו דעם איז ער נישט געוווינט געווען.

וואסיל אַנדרעיעוויטש האָט צו די פּויערים ביז איצט געהאַט איין מיטל: די הויכע ברעמען און אָנצודרייען די דיקע וואָנסעס. ביז איצט איז דאָס פאַר זיי גענוג געווען. עס איז געקומען אַ ביטערע צייט. אויסגעמוטשעט האָט ער זיך פון זיי. נאָר איצט וועט אים אַלץ זיין פאַרגיטיקט. אָט באַלד וועט ער נאַטאַשען זען. אויסגעהונגערט זיך נאָך איר גוט. זי מוז אוודאי אויך שוין בענקען, דאָס אָרימע ווייב. ער וועט באַקוקן, אויב דער זומער־אָפּרו האָט איר געדינט, אויב זי איז צוגעקומען אויפן לייב. דאָס איז גוט. נאַטאַשען פּאַסט, אַז זי איז פול. פאַר פאַרגעניגן, בלויז אין געדאַנק, גיט ער אַ לעק איבער די וואָנסעס מיט דער צונג.

די קינדער זעען אוודאי אויך אויס, ברוך השם, גוט. מען דאַרף זיי מאַכן נייע אַנצוגלעך. פאַר דעם יינגל איז שוין צייט אין שול צו גיין. אָך, נאַטאַשע מוז זיך שוין ריכטן אויף אים! אויסגעוואַשן, אויסגעקערט די שטוב, ער זעט, ווי זיין שלאָף־מיצל, וואָס זי האָט אים געשטריקט אין דער פרייער צייט, הענגט אויפן זייל פון בעט, ווי זיינע לאַטשן שטייען ביים נאַכט־טישל אָנגעגרייט, וואַרטן אויף אים. אַ באַלעבאָסטע איז די נאַטאַשע! אַלץ מוז ביי איר זיין אויפן פּלאַץ. איז ער נישטאָ, שטייט אַלץ און וואַרט אויף אים.

יעדעס מאָל, ווען ער קומט, איבערראַשט זי אים מיט עפּעס נייעס. אַמאָל האָט זי אַ קישן פאַר אים אויסגענייט, מיט זיין נאָמען „וואַסיל אַנדרעיעוויטש" אויסגעהאָפטן. אַן אַנדערש מאָל האָט זי אים אַ וואַרימען שלאָף־ראָק אויפגענייט. אַ וווּנדער, וואָס זי האָט איצט עפּעס אָנגעגרייט? אַ כיטרינקע איז זי, די נאַטאַשע. זי ווייסט, ווי ביים מאַן אין האַרץ זיך אַריינצונאַרן. גענאַר, גענאַר דיך אַריין, — זאָגט ער זיך, — איך האָב נישט קעגן דעם. און ווען גאָט קאָן געבן, אַז מיר זאָלן נאָך דעם פּאָפּס ברכה באַקומען, אַז עס זאָל קיין זינד נישט זיין...

ער דערמאָנט זיך אין איינגעזאַלצענעם חזיר, וואָס ער פירט פון דאָרף מיט זיך אין אַ זאַק איינגענייט. אָך, וועט דאָס זיין אַ פרייד! מיט קרויט איינגעלייגט! און ווי ער האַלט ביים איינגעזאַלצענעם חזיר, לויפט דער צוג אַריין אין מאָסקווער וואָקזאַל.

ער וויל רופן אַ טרעגער, אַז ער זאָל אים די פּעקלעך אַרויסטראָגן.

קיין טרעגער באווייזט זיך נישט. ער שטעקט דעם קאפ דורך דעם אפע־נעם פענצטער ארויס און דערזעט מיטאמאל אן אנגעלויף פון מענטשן.

וואסיל אנדרעיעוויטש שרייט צו די פארבייגייענדיקע:

— זאגט, ליבינקע, וואס איז געשען? וואס איז געשען?

קיינער ענטפערט אים נישט. אלע איילן זיך מיט די פעקלעך צום ארויסגאנג.

— זאגט, ליבינקע, וואס איז געשען? — בעט זיך וואסיל אנדרע־יעוויטש.

באלשעוויקעס! — שרייט עמיצער, וואס איז אין איילעניש דורכ־געלאפן.

וואסיל כאפט זיינע פעקלעך. אנגעשטעקט פון דער אלגעמיינער פאניק, יאגט ער זיך נאך אנדערע, שטופט זיך צום ארויסגאנג פון וואק־זאל.

פארן באנהויף כאפט ער נאך דעם לעצטן „איזוואשטשיק", איבער וועלכן עס רייסן זיך שוין עטלעכע.

וואסיל ווארפט אריין זיינע פעקלעך, כאפט זיך ארויף אויפן געזעס און שרייט צום בעל-עגלה:

— צום פעטערבורגער שאסיי!

— דארטן וועל איך נישט פארן, מען קאן שוין נישט.

— וואס איז געשען?

— פון הימל אראפגעפאלן, צי וואס? די באלשעוויקעס האבן פעט־ראגראד פארכאפט, באלד אויך מאסקווע.

— פאר, פאר געשווינד אין האטעל „מעטראפאל".

— עס וועט קאסטן היינט א גאנצן הונדערטער!

— פאר!

אויפן וועג, דורך די פאניק-פארכאפטע, אויסגעליידיקטע גאסן, ווענדט זיך וואסיל אנדרעיעוויטש צום „איזוואשטשיק":

— זאג, וואס איז עס אזעלכעס „באלשעוויקעס"?

— איך הייב נישט אן צו וויסן, פריצל.

## קאַפּיטל 2

# „האָטעל מעטראָפּאָל"

דער האָטעל „מעטראָפּאָל" אין מאָסקווע, כאָטש דאָס ערשטע הויז אין שטאָט, האָט זיך דאָך נישט געקאָנט גלייכן צו „דעם נעסט פון די באָיאַרן", צו דעם אַלטן גרויסן אַריסטאָקראַטישן גאַסט־הויז, אין וועלכן עס זענען איינגעשטאַנען דער אַדעל און די הויכע באַאַמטע, און מ'האָט כמעט געדאַרפט האָבן אַ יחוס־בריוו, כדי אַהין אַריינצוקומען.

דעם האָטעל „מעטראָפּאָל" האָט אויפגעבויט דאָס מאָסקווער ליבע־ראַלע סוחרטום, אַלס פּראָטעסט קעגן די „גאָלדענע שטולן" פון דעם „באָיאַרישן נעסט", צו וועלכן עס איז פאַר זיי געווען שווער צוצוקומען.

דאָס דאָזיקע הויז, געבויט אויפן מאָדערנעם אופן, מיט בעדער, בי־ליאַרד־זאַלן און אַנדערע לוקסוסן, האָט פאַרמאָגט די ברייטע צעוואָרפנ־קייט, פון וועלכער דער רוסישער מענטש קאָן זיך נישט אָפּגעוווינען. נאָך פון פאַר דער מלחמה איז דאָס דאָזיקע הויז פּראָטעזשירט געוואָרן פון אַלעמען, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט דער מאָדערנער צייט. נאָכן פאַלן פון צאַר איז דער „מעטראָפּאָל" גאָר עולה־לגדולה געוואָרן. עס איז פאַר־שטאַנען געוואָרן, אַז דאָס גרויסע „מאָסקווער" גאַסט-הויז האָט רעפּרע־זענטירט דעם אַלטן צאַרישן רעזשים, און דער „מעטראָפּאָל" שטעלט מיט זיך פאָר דאָס נייע באַפרייטע רוסלאַנד. און יעדער איינער, וואָס האָט זיך געוואָלט אויסהיטן פון אַ חשד, אַז ער געהערט נאָך צום אַלטן רוסלאַנד, האָט אויסגעמיטן דאָס „מאָסקווער" הויז און פאַרקערט אין „מעטראָפּאָל", וואָס איז געוואָרן, אַזוי־צו־זאָגן, דער סימבאָל פון ליבע־ראַלן רוסלאַנד.

צייט די יולי־געשעענישן, צייט די „דייטשע אַגענטן", ווי מען האָט איבעראַל גערופן די פאַרטיי־פירער, וואָס זענען אַריבערגעקומען פון אויס־לאַנד אין דייטשע פּלאָמבירטע וואַגאָנען, האָבן געמאַכט די אַוואַנטורע צו פאַרכאַפּן די מאַכט, און נאָך קאָרנילאָווס אומגעלונגענעם מאַרש אויף פּעטראָגראַד, האָבן די סאָלידע עלעמענטן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט און אַריבערקומען קיין מאָסקווע.

מאָסקווע האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען איר אָרט אַלס צענטר פון דער מדינה, און צו איר האָבן טאַקע געצויגן עלעמענטן פון דער גאַנצער אימפּעריע, זייט די פרייהייט איז געקומען. עס איז געווען, ווי יידן וואָלטן געוואָלט שטילן זייער דורשט מיט דעם געטראַנק, וואָס איז זיי פאַרווערט געווען דורך אַזוי פיל יאָרן אין צאַרישן רוסלאַנד — צו וווינען אין מאָסקווע. זענען זיי געקומען פון אַלע פאַרוואָרפענע ווינקלען אין „צענטר". אויך רוסישע עלעמענטן האָבן געשטראָמט קיין מאָסקווע.

פּעטראָגראַד איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ קראַנקער מענטש, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ געפערלעכער חולאת, און מען ווייסט נישט, וואָס עס וועט מאָרגן מיט אים געשען. אַ סך האָבן נישט געקאָנט נאָכ-שפּרייזן די זיבן-מייליקע טריט, מיט וועלכע די רעוואָלוציע האָט זיך געטראָגן אין אירע וווּנדער-שטיוול אין דער טונקעלער צוקונפט אַריין, און קיינער האָט נישט געוווּסט, ווו זי וועט זיך אָפּשטעלן. האָט מען זיך אָפּגעטראָגן פון דער קראַנק-געוואָרענער שטאָט צום האַרץ פון דער מוטער רוסלאַנד, וואָס האָט בלויז שוין מיטן קלאַנג פון איר נאָמען דער-וועקט צו זיך צוטרוי און זיכערקייט.

אויפן סוף פון אָקטאָבער-חודש איז אויך פאַררופן געוואָרן די גרינ-דונגס-פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט „ניי-רוסלאַנד", אין מאַרמאָר-זאַל פון האָטעל „מעטראָפּאָל" אין מאָסקווע.

די דאָזיקע געזעלשאַפט „ניי-רוסלאַנד" האָט געזאָלט זיין אַ גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונג. זייט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע האָט מען אָנגעהויבן צו באַמערקן אין פינאַנציעלע קרייזן, אַז אויסלענ-דישער קאַפּיטאַל ציט זיך צוריק פון רוסישע פירמעס. ראָטשילד, האָט מען געוווּסט, האָט פאַרקויפט זיין אָנטייל אינעם רוסישן נאַפט פאַר אַק-ציעס פון שעל. ער האָט מיטגעצויגן מיט זיך אַ רייע רוסישע קאַפּיטאַ-ליסטן, זיינע פריינט, וועלכע ער האָט געראַטן נאָכצוטון אים.

באַלד איז אויך געוואָרן באַוווּסט, אַז רוסישע קאַפּיטאַליסטן זאַמ-לען זייערע קאַפּיטאַלן אין אויסלענדישע געשעפטן, אין אויסלענדישע בענק. אין די רוסישע פינאַנציעלע קרייזן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק. פּאָרלויפיק איז זי פאַרשטעלט געוואָרן דורך דער גוטער קאָניונקטור, וואָס די מלחמה האָט געשאַפן, און דורך די סימפּאַטיעס צו רוסלאַנד, וואָס די רעוואָלוציע האָט געוווּנען, איבערהויפּט מצד צפון-אַמעריקע, וועלכע האָט

זיך אליין געקליבן אנצושליסן זיך אן די „פארבינדעטע". דאס האט אויפ־געעפנט ברייטע האריזאנטן פאר גרויסמאסשטאביקע הלוואות.

דאס הויז מירקין פון פעטראגראד, דאס גרויסע באנק־הויז, וואס האט שטענדיק געהאט א רוסישע אריענטאציע און האט געגלויבט אין רוסלאנדס ליכטיקער צוקונפט, איז געקומען אויף א גליקלעכער אידעע. דער אלטער גבריאל חיימאוויטש מירקין האט פאררופן א קליינע פאר־זאמלונג פון זיינע פריינט און שותפים (צווישן וועלכע עס האט, זעלבסט־פארשטענדלעך, זיך געפונען זיין שווער, דער בארימטער אדוואקאט, סא־לאמאן האלפערין). דער אלטער געשרויפטער מירקין האט מיט זיין קלוגן, פראקטישן שכל אויפגעוויזן דער פארזאמלונג, אז דווקא איצט, ווען דאס אויסלענדישע קאפיטאל איז פארכאפט געווארן פון א פאניק, דווקא איצט איז די צייט, אריינצוקריגן אין די הענט אריין די גרויטע רוסישע אונ־טערנעמונגען, וועלכע זענען דורך אזוי פיל יארן עקספלואטירט געווארן פון פרעמדע.

מירקין, מיט זיין דערפארענעם, סוחרישן שכל, און האלפערין, מיט זיינע הייסע פאטריאטישע רעדעס, האבן געווירקט אויף דער גרופע קאפי־טאליסטן, צווישן וועלכע עס האבן זיך אויך, א דאנק דער נייער ליבע־ראלער צייט, געפונען יידן און קריסטן צוזאמען, שוין אן גרויספירשט־לעכן אנטייל. עס האט זיך געגרינדעט א געזעלשאפט, וועלכע האט אין דער שטיל אריינגעקראגן דעם גרויסן אייזן־באסיין פון מיכאילאווקע, וואס איז זינט ניקאלאי דעם ערשטנס צייטן געווארן עקספלואטירט פון אן ענגלישער פירמע.

די נייע געזעלשאפט האט אין דער שטיל אראפגעשיקט אירע אגענ־טן קיין לאנדאן. די ענגלישע פירמע, וואס האט זיך דערשראקן פאר די אנארכיסטישע טענדענצן, וואס די רוסישע רעוואלוציע האט אריינגע־בראכט אין רוסישן פאלק, האט פאר א פארהעלטנישמעסיק קליינעם פרייז אפגעטראטן דעם באסיין צו דער נייער רוסישער געזעלשאפט.

איצט האט זיך געהאנדלט אין דעם, אז לויט דעם גייסט פון דער צייט זאל מען צוציען די ברייטע רוסישע מאסן צו דער אונטערנעמונג. צו דעם צוועק האט די געזעלשאפט געדארפט ארויסלאזן פאר פיר הונ־דערט מיליאן רובל אקציעס צו ביליקע פרייזן, כדי, ווי דער ליבעראלער סאלאמאן האלפערין האט זיך אויסגעדריקט, „צו געבן די רוסישע ברייטע

מאַכן אַ געלעגנהייט צו גענימען פון די פרוכטן פון דער רעוואָלוציע".

אויף צוועלף אַזייגער, דעם 25סטן אָקטאָבער, איז באַשטימט געוואָרן די ערשטע זיצונג פון דער געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד", אין דעם מאַרמאָר־זאַל פון האָטעל „מעטראָפּאָל".

די וויכטיקסטע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן זיך שוין צייט אַ פּאָר טעג פריער געהאַט געפונען אין מאָסקווע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן חלקים, „ווער" און „וויפל", און עס איז אָנגעגאַנגען אַ דינגעניש, אַ האַנדלען אין די אָפּגעזונדערטע צימערן שוין אַ וואָך צייט. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן געוווינט אין דעם דאָזיקן האָטעל און זענען זיך צונויפגעקומען, ווען מען האָט געדאַרפט. אַזוי האָבן זיך אויך שוין זינט אַ געוויסער צייט געפונען אין מאָסקווע, אין „מעטראָפּאָל", דער אַדוואָקאַט האַלפּערין און זיין איידעם, גבריאל חיימאָוויטש. צייט דער גליקלעכער געשעעניש אין זייער פאַמיליע (דאָס הייסט, צייט גאָט האָט אַליין צוגעשטימט צו דער פאַראייניקונג פון דעם אומגלייכן פּאָר, דעם זעכציק־יעריקן מירקין מיט דער קוים צוואַנציק־יעריקער טאָכטער פון דעם אַדוואָקאַט, דורך דעם, וואָס ער האָט באַשאָנקען דאָס פּאָר מיט אַ יורש), איז אַריינגעטראָטן אַ נאָענטקייט און אַ וואַרימקייט צווישן שווער און איידעם, וועלכע זענען אין אָנהייב, צוליב דעם מאָדנעם שידוך, געווען פרעמד און קאַלט צווישן זיך.

שווער און איידעם זענען ביידע געוואָרן אַביסל עלטער, גרויער, צוליב די מלחמה־יאָרן און די געשעענישן פון דער לעצטער צייט, אָבער ביידע זענען געווען דיקלעכער — פון דעם גוטן טיש, וואָס ניקאָטשקע האָט געפירט. זיי זענען געווען צופרידן פון דער גליקלעכער צייט, וואָס איז אָנגעקומען פאַר רוסלאַנד בכלל און פאַר זיי בפרט, נישט געקוקט אויף די אַלע שטערונגען און שוועריקייטן, וואָס רוסלאַנד לעבט איבער, אַ דאַנק די לינקע עלעמענטן. ביידע זענען געווען אָפּגעברענט פון דער זומער־זון, ווייל זיי האָבן ביידע פאַרבראַכט אין אַ מאָדערנעם באָד־אָרט אין קאַווקאַז, פון וועלכן זיי זענען נאָר וואָס צוריקגעקומען. זיי האָבן ביידע משפחה־מעסיק פאַרקערט דורך דער גאַנצער צייט, וואָס זיי האָבן זיך געפונען אין האָטעל. זיי האָבן כמעט געוווינט אין איין אַפּאַרטאַמענט, געגעסן ביי איין טיש. שווער און איידעם האָבן איינער אויפן אַנדערן אויפגעפּאַסט, כאָטש זיי האָבן זיך נאָך „געאירצט" און נישט גע־

קאָנט ברענגען איבער זיך דאָס „דוצען", נישט געקוקט אויף די פילע פייערלעכע מאָמענטן אין זייער צוזאַמענלעבן, צייט די פאַרבינדונג פון די משפּחות האָט געבראַכט פרוכט...

דער באַרימטער אַדוואָקאַט האַלפּערין האָט זיך אַליין נישט געמישט אין די אַלע פאָר-אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען אָנגעגאַנגען צווישן די וויכטיקע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט וועגן אויסגלייך פון באַטייליקן און געווין. איבערהויפּט האָט ער זיך געהאַלטן פונדערווייטנס, ווען עס האָט זיך גערעדט וועגן „פּראָצענטן", „אַקציעס" און אַזוי ווייטער.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט איז נאָר געווען פאַראינטערעסירט אין דער אונטערנעמונג אויס ריין־פּאַטריאָטישע מאָטיוון. ער האָט עס אויך גערן ביי יעדער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן, כדי עס זאָל ביי קיינעם קיין ספק נישט זיין, אַז עס גייט אים נאָר אין דעם, כדי צו פאַרטרייבן דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל, מיט וועלכן דער אַלטער רעזשים האָט פאַרפּלייצט רוסלאַנד. זיין אייגענע באַטייליקונג אינעם געשעפט, זיין געהאַלט אַלס פאָרזיצער פונעם ראַט, האָט ער איבערגעלאָזט פאַר זיין אייגענעם אויסצוגלייכן מיט די אַנדערע מיטגלידער, פּונקט אַזוי ווי אַ רבילע נעמט צו דאָס קוויטל און לאָזט איבער, אַז דער גבאי זאָל באַזאָרגן דעם פּדיון...

דעם זעלבן טאָג, אויף וועלכן די ערשטע פייערלעכע עפענונג פון דער געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד" איז געווען באַשטימט (און צוליב וועלכער דער אַדוואָקאַט האָט צוגעגרייט אַ פייערלעכע רעדע), האָבן די ציי־טונגען געבראַכט די טרויעריקע ידיעה, אַז ביינאַכט האָבן די „דייטשע אַגענטן" אין דער הויפּטשטאָט ווידער באַנייט זייער אַוואַנטורע, וואָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן אין יולי. זיי האָבן פאַרכאַפּט די באַנהויפן און די בריקן פון דער שטאָט. „די סיטואַציע, אָבער, געפינט זיך אין די הענט פון דער צייטווייליקער רעגירונג", — האָבן די צייטונגען פאַרזיכערט.

באַפּעלן זענען שוין אויך אָפּגעגאַנגען צום פראָנט צו שיקן צו הילף דער הויפּטשטאָט אָפּטיילונגען קאָזאַקן. „עס איז זייער לעצטער פּרוּוו, — האָבן די צייטונגען פאַרזיכערט. — און מיר האָפן, אַז דאָס מאָל, — האָבן די צייטונגען אויסגעדריקט זייער ווונטש, — וועט די פּראָוויזאָרישע רעגירונג ליקווידירן איינמאָל פאַר אַלע מאָל די דייטשע אַוואַנטו־

ריסטן, אז זיי זאָלן פאַרשפּאָרן נאָך אַמאָל צו מאַכן דעם דאָזיקן פּרווו".

די געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דער הויפּטשטאָט צוויי אַזייגער ביינאַכט, ביז זיבן אַזייגער אינדערפרי האָבן זיך נאָך די טעלע־פאָנישע און טעלעגראַפישע סטאַציעס געפונען אין די הענט פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. פּעטראָגראַד, פאַרשטייט זיך, האָט דורך די פּאָר שעה געקאָנט טעלעפאָנירן, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט, און נישט נאָר די מאָסקווער צייטונגען און די פּראָווינץ־צייטונגען, נאָר אפילו די פּעטראָגראַדער צייטונגען זענען אינדערפרי אַרויסגעקומען מיט דראָאונגס־אַרטיקלען קעגן די באָלשעוויקעס.

די מאָסקווער צייטונגען האָבן באַהאַנדלט די גאַנצע אָנגעלעגנהייט, ווי אַ פאַרברעכן פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, וועלכע נעמט נישט אָן קיין שטאַרקערע מיטלען קעגן די „פּלאָמביסטן". זי האָט באַטראַכט דעם ענין ווי אַן אויסברוך, וואָס וועט באַלד, אָדער וואָס איז שוין איצט ליקווידירט געוואָרן.

די צייטונגען האָבן געבראַכט קאַרגע ידיעות וועגן די עצם געשעע־נישן אַליין, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער הויפּטשטאָט. זיי זענען אָבער געווען פול מיט פייער און פלאַם קעגן די איניציאַטאָרן פון די גע־שעענישן און האָבן גערופן צו באַשאַפן אַ קאָמיטעט פון „אַלגעמיינער זיכערהייט" צו דערטרינקען אין פייער יעדן פּרווו, וואָס די באָלשעווי־קעס וועלן זיך דערוועגן צו מאַכן אין מאָסקווע.

סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש האַלפּערין האָט געקראָגן די מאָרגן־צייטונ־גען, ווי יעדן טאָג, צוזאַמען מיט זיין סאַמאָוואַר, אין זיין האָטעל־צימער אַריין. ווען ער האָט איבערגעלעזן די נייעס, איז אים די ציטערנדיקע פּענסנע אַראָפּגעפאַלן פון זיין ביינערדיקער נאָז פאַר אויפרעגונג. עס האָט געברענט אין אים אַן אומזעטיקער כעס, קוים מיט מי האָט ער געפונען אין זיך גענוג אָנצוטון זיך.

מיט נישט־פאַרקעמטע האָר איז ער אַריין צו זיין איידעם אין צווייטן צימער. ער האָט אים שוין נישט געפונען. דער אַדוואָקאַט האָט געהאַלטן די צייטונג אין איין האַנט, און מיט דער צווייטער האָט ער צוגעהאַלטן זיין ציטערנדיקע פּענסנע אויף דער נאָז, און מיט יינגלישן אימפּעט איז ער אַראָפּ פון די טרעפּ אין דער האַלע פון האָטעל.

די האַלע פון האָטעל איז געווען באַלעבט. ער האָט זיך דורכגעקע־

רעוועט צווישן דעם אויפגערעגטן עולם און איז אריין אין האָטעל-רעס־טאָראַן, ווו ער האָט געפונען זיין איידעם, מירקין, זיצן מיט דעם באַרימטן גרויסן סוחר קאַראַפּאָטקין. זיי האָבן צוזאַמען געפרישטיקט.

— מיינע הערן, האָט איר שוין דאָס געלעזן? וואָס זאָגט איר נישט צו דעם? נאָך דאָס האָט אונדז געפעלט, נאָך דער נידערלאַגע אויפן גאַליציאַנער פראָנט! מיר פאַרשווארצן זיך דאָך דאָס פּנים פאַר אונדזערע פאַרבינדעטע? וואָס וועט די וועלט זאָגן? וואָס פאַרא חרפּות און בושות זיי ברענגען אויף דעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד! — האָט דער אַדוואָקאַט זיך געהאַלטן אין איין קאָכן. רויטע פלעקן האָבן אָנגעהויבן ארויסצושלאָגן אויף די עקן פון זיינע באַקן־ביינער, זיינע האָר זענען געשטאַנען אין דער הויך, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין דראָט.

— סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, נאָר נישט זיך אויפרעגן! עס איז זייער שעדלעך פאַר דער לעבער. דער דאָקטאָר האָט באַפוילן. די גאַנצע קור פון קיסלאָוואָדסק וועט זיין ארויסגעוואָרפן, — האָט דערמאָנט דער רואיק־געבליבענער גבריאל מירקין.

דער אַדוואָקאַט האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט איבער זיין רואיקייט, און ער האָט זיך גענומען נאָך מער קאָכן:

— ווי קאָן מען דאָ זיין רואיק?! קומען מענטשן ארייננגעשמוגלטע קיין רוסלאַנד אין דייטשע וואַגאָנען, און מאַכן אַ תל פון אַלע דערגרייכונגען. דאָס איז דאָך מיט דייטש געלט געמאַכט! און זיי רופן זיך נאָך רעוואָלוציאָנערן! ווי קאָן מען דאָס רואיק באַטראַכטן? ווער האָט אייער געדולד, גבריאל חיימאָוויטש?

— און אַז איר וועט זיך קאָכן, וועט איר דערמיט עפּעס העלפן? איר וועט זיך נאָר די לעבער אָפּעסן און דאָס געזונט פּטרן, — זאָגט זיך אַלץ רואיק גבריאל מירקין, — דאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבן אונדזערע פרויען און דעם קליינעם איבערגעלאָזט אין קאַווקאַז.

— ווער רעדט דאָ פון געזונט? דאָ האַנדלט זיך וועגן רוסלאַנד! איך קאָן דאָ קיין איין אויגנבליק נישט בלייבן, גבריאל חיימאָוויטש, איך מוז פאָרן צוריק קיין פּעטראָגראַד, די מינוט. איך באַדויער זייער, נאָר איך וועל ביי דער היינטיקער פאַרזאַמלונג נישט קאָנען נעמען קיין אָנטייל. רוסלאַנד איז אין געפאַר, די רעוואָלוציע. די רעגירונג דאַרף מיך האָבן אין

דער שווערער מינוט, — האָט דער אַדוואָקאַט געמאַכט אַ שריט ווי אַוועקצוגיין אין איילעניש. ער איז אָבער דאָך געבליבן שטיין.

— וווּ וועט איר לויפן, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש? פּעטראָגראַד איז באַזעצט פון די רויטע. נישטאָ וווהין צו לויפן, — האָט דער איידעם געזאָגט אין אַ רואיקן טאָן, אַזוי ווי עס וואָלט אים גאָרנישט אָנגעגאַנגען.

— וואָס, פּעטראָגראַד איז באַזעצט פון די רויטע, און איר זאָגט זיך דאָס אַלץ אַזוי רואיק?! ניין, איך קאָן דאָ קיין איין מינוט נישט פאַרבלייבן. אַ ביקס דאַרף מען אין האַנט נעמען, אַ ביקס אין האַנט, און גיין פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע.

— אָן אייך וועלן זיך אויך געפינען פאַרטיידיקער, און פאַר אַ ביקס זענט איר שוין צו אַלט. סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, באַרואיקט אייך, זעצט זיך מיט אונדז. אייער קאַווע האָט איר שוין געטרונקען? אָ, גאָר פאַרגעסן אייך צו באַקענען. איר קענט דעם הער קאַראַפּאָטקין? מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטש, פון „קאָמערטשעסקי באַנק", איינער פון אונדזערע הויפּט-באַטייליקער אין דער געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד". זעצט אייך, אָן אונדז וועלן זיי זיך שוין אויך אַן עצה געבן. אונדז דאַרף מען אויף עפּעס אַנדערש, — האָט דער אַלטער מירקין אָנגענומען זיין אויפגערעגטן שווער ביים אַרבל מיט דרך־ארץ, נאָר גענוג פילבאַר, און האָט אים אַוועקגעזעצט נעבן טישל ביי זיך, אויף וועלכן עס איז געווען סערווירט פרישטיק.

— איך באַוווּנדער אייער געדולד, גבריאל חיימאָוויטש, — האָט דער אַדוואָקאַט אַלץ זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, כאָטש געזעסן איז ער שוין, — ווער קאָן איצט רעדן פון געשעפטן? ווער קאָן אין זינען האָבן פרישטיק? — האָט ער פאַראַכטנדיק געגעבן אַ שאַר אַוועק דאָס קאַווע טעצל, וואָס דער איידעם האָט געשטעלט פאַר אים. — דרויסן גייט אָן אַ מלחמה. מיין רעגירונג איז אין געפאַר, רוסלאַנד, די רעוואָלוציע. ניין, איך קאָן נישט רואיק איינזיצן. איך פיל, אַז מען דאַרף מיך האָבן. איך מוז כאָטש אויף דער גאַס זיין, — האָט דער אַדוואָקאַט ווידער געפּרווט זיך אויפהויבן פון בענקל.

נאָר דער איידעם האָט אים שוין געהאַלטן פאַרן אָרעם:

— סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, זייט נישט קיין קינד, — האָט דער איידעם זיך דערלויבט אין אַן ערנסטן טאָן, — איר רופט נאָר אַרויס אַ פּאַניק ביי מענטשן, מיט אייער האַלטן זיך. מיר קאָנען גאָרנישט טון.

רוסלאַנד איז אַראָפּ פון די רעלסן, רוסלאַנד איז אַ ווילד־געוואָרענע קאַרו־זעלע, און מיר מוזן זיך לערנען צו לעבן אויף דער דרייענדיקער קאַרו־זעלע. אָדער זיי וועלן זיך אַן עצה געבן אָן אונדז, אָדער זיי וועלן זיך גאָר קיין עצה נישט געבן. דאַן איז אַלץ צום טייוול. דערווייל דאַרפן מיר טון אונדזער זאַך. אפילו אויף אַן אונטערגייענדיקער שיף שטעלט זיך דאָס לעבן נישט אָפּ.

עס איז געווען מער דער אַנטשידענער ערנסטער טאָן, ווי די ווערטער, וואָס האָט דעם באַרימטן אַדוואָקאַט אָפּגעשראָקן און באַרואיקט, ווי אַ קינד. פאַר כעס האָט ער געגעבן אַ שלעפּ צו זיך דאָס קאַווע־טעצל, וואָס ער האָט פריער געהאַט פון זיך אָפּגעוואָרפן, און מיט אימפּעט זיך אָנגענומען קאַווע. ער האָט אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט אין רעזיגנאַציע און האָט אַ ברום־געטון:

— אַך, אָרים רוסלאַנד, וואָס דיר שטייט נאָך פאָר! אָבער אַלץ וועלן מיר איבערטראָגן, — און ער האָט דעם ערשטן זופּ־געטון פון קאַווע טעצל.

נאָר דאָ האָט זיך צו אים אָנגערופן אַ שטימע, ווי זי וואָלט נישט געקומען פון טישל, נאָר פון הינטער דער שטול:

— איר וועט דאָך מודה זיין, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, אַז ביים אַלטן רעזשים וואָלט מען זיך מיט די לייט פיל גיכער אַן עצה געגעבן.

דער אַדוואָקאַט האָט אַוועקגערוקט דאָס טעצל פון זיך מיט אימפּעטיקן כעס, האָט אָנגעקוקט דעם, וואָס האָט געוואַגט צו דערמאָנען דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט: „דער אַלטער רעזשים". עס איז געווען דער באַנקיר קראַפּאָטקין, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן. דער אַדוואָקאַט האָט אין זיין נערוועזיטעט ביז איצט גאָרנישט באַמערקט זיין איידעמס באַגלייטער, כאָטש מען האָט אים ערשט נאָר־וואָס פאָרגעשטעלט. ערשט איצט, ביים דערמאָנען דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט, האָט האַלפּערין צוגעשטעלט אויף אים זיינע אויגן פון די ציטערנדיקע, וואַקלענדיקע פענסנע אַרויס.

פאַר אים איז געזעסן נישט אַ מענטש, נאָר אַ מאַסע, אַן אומבאַוועגלעכע, אָנגעגאָסענע מאַסע, אין אַ שוואַרצער קליידער־פאָרם, האָט גערעדט איבערן טישל עפּעס אומגעלומפּערטס. דער בויך איז געקומען צום פאָרשיין צוערשט פון דער מאַסע אַרויס. דער בויך האָט זיך געטריי־

סלט און זיך באַוויזן פאַר דעם מענטשן. נאָך מער, עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס לעבן פונעם דאָזיקן מענטש איז פאַרשוווּנדן פון זיין פּנים און האָט זיך באַזעצט איבער דעם גרויסן טעלער־ראַנד פון בויך, און זיינע אויגן זיצן נישט אין פּנים, נאָר אין בויך. עס איז אפשר איבערגעטריבן, נאָר זיין בויך האָט געקאָנט שמייכלען, דאָס איז אמת. זיין פּנים איז געווען טויט, איין ברוינלעכער, פליישיקער פלעק, אין וועלכן עס האָט זיך עפּעס געטון. דערפאַר איז זיין בויך פול געווען מיט לעבן. ער האָט וויברירט ווי אַ וואַלפיש, דאָ איינגעגאַנגען, דאָ אויפגעגאַנגען, דאָ געקאָרטשעט זיך. אַ מינוט געשמייכלט, אַ מינוט טרויעריק געוואָרן, לויט דער סיטואַציע פונעם מאָמענט און לויט די עמפּינדונגען פון דעם מענטשן.

אויך איצט, ביים אַרויסברענגען די פראַזע וועגן „אַלטן רעזשים”, האָט זי דער בויך באַגלייט מיט אַ קלאַנג, וואָס איז נישט אַרויסגעקומען דורך דער באַוועגונג פון קאַראַפּאַטקינס ליפּן, נאָר דורך דער וויברירונג פון זיין אויפגעבלאָזן לייב.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט אין דעם לאַכן פון דעם הערם בויך דערפילט די גאַנצע גרינגשעצונג, וואָס דער מענטש האָט צום נייעם רעזשים.

דאָס האָט דער אַדוואָקאַט נישט געקאָנט איבערטראָגן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַרן נייעם רעזשים. נאָך מער: ער האָט זיך געהאַלטן נאָכן באַרימטן וואָרט: „דער שטאַט — דאָס בין איך”. ער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעוואָלוציע. האַלפּערין האָט זיך אויפגעהויבן אין זיין גאַנצער הויך און האָט אָפּגעענטפערט אין אַ פּאַטעטישן טאָן:

— קיינער וועט אונדז נישט קאָנען פּראָוואָצירן, נישט פון לינקס און נישט פון רעכטס, איינצופירן די מעטאָדן פון דעם אַלטן רעזשים. דער אַלטער רעזשים איז טויט! און די רעוואָלוציע וועט קיינמאָל נישט באַפלעקן איר גלאָררייכן נאָמען מיט זיינע דרכים און מעטאָדן. דערפאַר וועלן מיר שוין זאָרגן.

דער באַנקיר האָט זיך גענומען פאַרענטפערן. נאָר איידער עס איז אָנגעקומען דאָס וואָרט פונעם מויל, האָט שוין דער בויך געהאַט רעאַגירט דערויף. דער בויך איז געווען פיל לויפיקער און געשווינדער פון מאַטן, אַלטן אויסגעלאָשענעם פּנים. דאָס פּנים, האָט זיך איבערהויפּט געדוכט,

איז אזוי ווייט, אַז מען האָט עס קוים געקאָנט דערזען. עס איז, לויט דער פּראָפּאָרציע צו זיין גרויסן, גוואַלדיקן קערפּער אויסגעקומען אזוי קליין, אַז מען האָט עס טאַקע קוים אָנגעזען. פון זיין מאָגן זענען געקומען עפּעס אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, וועלכע זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך זיין שווערן אָטעם. נאָר דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן, האָט ער געזאָגט דורך די באַוועגונגען פון דעם בויכס פאַלדן. און עס איז אויך געווען מער פּאַסיק, וואָרים דאָס, וואָס דער דיקער באַנקיר האָט געהאַט צו ענטפערן, האָט מען נישט געקאָנט אַרויסזאָגן מיט ווערטער, נאָך בעסער מיט אַ געדאַנקען־פולן שמייכל, און צו דעם האָט זיין ברייט־ראַנדיקער טעלער גרויסאַרטיק געטויגט.

דערווייל איז דאָס לעבן אין דעם האָטעל אָנגעגאַנגען ווי געוועגלעך, וואָרים היינט איז געווען אַ פּיל גרעסערע באַוועגונג און אַ פּיל באַלעב־טערע האָטעל־טעטיקייט, ווי יעדן אַנדערן טאָג. די באַנען זענען נאָך אָנ־געקומען אין מאָסקווע. דרויסן, פאַרן האָטעל, אויפן ברייטן, באַוועגלעכן טעאַטער־פּלאַץ, האָבן געהאַלטן אין איין אָנפּעגדזשען איינגעשפּאַנטע דראָזשקעס, געפירט פון שווערע, שוואַרץ־גלאַנציקע שטאַרקע פערד, מיט געסט און געפּעק פון די וואָקזאַלן.

די באַאומרואיקנדיקע נייעס פון די צייטונגען, און די נערוועאישע שטימונג, וואָס האָט צוליב איר געהערשט אין די גאַסן פון מאָסקווע, האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף איניקע רואיקע מאָסקווער באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געלעבט צוריקגעצויגן אין זייערע „אָסאָבניאַקעס".

אייניקע פון זיי, וועלכע האָבן געהאַט זייערע וווינונגען נאָענט צו די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, האָבן געפונען פאַר נויטיק אויף די פּאָר אומ־רואיקע טעג — ביז עס וועט זיך איינשטילן — צו זיין נענטער צום צענ־טער און אַריבערצופאָרן אין האָטעל, כאָטש עס איז פאָרלויפיק קיין גרונט נישט געווען פאַר דער דאָזיקער נערוועזיטעט. אַ חוץ נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע קלאַנגען און צווייפלהאַפטיקע ידיעות, האָט מען קיין אומגעוועגלעכעס אויף די מאָסקווער גאַסן נישט אָנגעזען.

דאָס לעבן איז אָנגעגאַנגען, ווי געוועגלעך. טאַקע אין די ערשטע שעהען פון טאָג האָבן די גרויסע געשעפטן זיך נישט געאייַלט צו עפּע־נען. נאָר אַז מען האָט געזען, אַז אַנדערע געוועלבער עפענען זיך, האָט

מען אויך אויפגעמאכט די טירן, און די באוועגונג איז געוואָרן א מער באַ־לעבטע.

פארשטייט זיך, אז דער פארוואלטער פונעם האָטעל מיט זיינע צו־העלפער האָבן געהאט פיל צו טון אָפּצושלאָגן די פילע געסט, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם שוין איבערגעפולטן האָטעל, און צו שאַפן קאַרגן פּלאַץ פאר יענע חשובע, אָדער אַלטע קונדן, וואָס מען האָט נישט געקאָנט אוועקשיקן. אלע זענען געווען נערוועז און האָבן גערעדט מיט העכערע שטימען, ווי געוועגלעך, מיט מער באַלעבטן טעמפּעראַמענט.

אַן ענערגישער קאַוואַליער האָט זיך געפּעדערט אין די פריאיקע שעהען צום קאַנטאָר פונעם האָטעל מיט א בלומען-בוקעט און האָט גע־פרעגט עפּעס אויף א דאַמע. נאָר אין גאַנצן הויז האָט מען נישט געקאָנט געפינען א דאַמע מיט אַזא נאָמען. דער טעמפּעראַמענטפולער קאַוואַליער האָט זיך נישט געלאָזט אָפּפּאַרטיקן מיט אַן אָפּזאָג. מיט א טעלעגראַפישן בלאַנק אין איין האַנט און דעם בלומען־בוקעט אין דער צווייטער, האָט ער געפּאָדערט מיט א דערהויבענער שטימע די „מאַדאַם", און עס האָט אויסגעזען, אַז נישט אַנדערש, נאָר די האָטעל-באַזיצער האָבן זי אויפ־געגעסן.

די האָטעל־אָנגעשטעלטע האָבן געשוויצט, זוכנדיק אין די מעלדונגס־ביכער. די באַדינער האָבן געהאַלטן אין איין לויפן ארויף־און־אַראָפּ איבער די מיט טעפּיך באַלייגטע טרעפּ צו זוכן די מאַדאַם מיט דעם אָדער אַן ענלעכן נאָמען.

דערווייל האָט די באַלעבטע שטימע פון דעם טעמפּעראַמענטפולן קאַוואַליער צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די ארומיקע, וואָ־רים ער האָט אַקצענטירט זיין פאַרלאַנג צו זען די באַטרעפנדע מאַדאַם, נישט נאָר בלויז מיט זיין שטימע און טעלעגראַמע, וואָס ער האָט גע־האַלטן אין דער האַנט, נאָר ער האָט אויך דערביי באַנוצט די בלומען, וואָס האָבן ארויסגעקוקט דערשראָקענע פונעם בוקעט, ווי פייגעלעך, וואָס האָבן מורא, אַז איצט קומט זייער סוף... און זייער ענד איז טאַקע, נעבעך, אַזוי געווען. פאַרלירנדיק זיין געדולד, האָט דער עלעגאַנטער קאַוואַליער אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט די בלומען אויפן קאַנטאָר, ווי מיט הושענות...

פון דער באַן איז אויך איצט אָנגעקומען וואָסיל אַנדרעיעוויטש, דער פּאַסאַזשיר, וועמען מיר האָבן באַגלייט קיין מאָסקווע — א דערשראָקע־

נער, א דערציטערטער, א נישט־אויסגעשלאָפענער. קיין צימער איז פאַר אים נישט געווען אָנגעגרייט, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם איינ־געזאַלצענעם, אינעם זאַק איינגענייטן חזיר ביים קאָנטאָר, און געזאָגט, אַז ער וועט נישט אָפּטרעטן פון דאַנען, כאָטש בלייבן זיצן איבער־נאַכט, ביז מען וועט נישט אויפשטעלן פאַר אים אַ בעט אין אַ באָד־צימער, כאָטש אין קאָרידאָר. עס איז אים אַלץ־איינס. ענדלעך האָט זיך פאַר אים געפונען אַ ווינקל, ווו מען האָט אים איבערגעפּעקלט מיטן איינגעזאַלצע־נעם חזיר (און עס איז געווען נויטווענדיק אויך, וואָרים פון דעם איינ־גענייטן זאַק האָט זיך שוין געלאָזט הערן)...

די מאָסקווער סוחרים, אין פינקלדיק־אָפּגעפּוצטע שטיוול, מיט „פרינץ־אַלבערטס" אויף פאַרקנעפּלטע רוסישע העמדער אָן האַלדז־טיי־כער, האָבן מיט שווערע טריט זיך באַוועגט אַהין־און־צוריק. צווייפלהאָפּ־טיקע פּרויען, פון וועלכע עס האָבן זיך געפילט געפעפערטע שטאַרקע פּערפומען־ריחות, האָבן זיך דורכגעשליכן דורך די מיט מענער באַזעצטע טישלעך פון רעסטאָראַן און קאַפע־האַלע, פון וואַנען עס האָבן זיך גע־טראָגן וואָלקנס רויך פון ציגאַרעטן און ציגאַרן, שיכורע שטימען פון אָנ־געוואָרימטער רוסישער „וואָדקע".

קעלנערס אין ווייסע העמדער און ווייסע פאַרטיכער זענען מיט באַלייגטע טאַצן געלאָפן פון בופעט צום רעסטאָראַן און צוריק. מיט איין וואָרט: עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרימאָרגן אין דעם האָטעל, ווי אין יעדן אַנדערן, נאָר נאָך מער באַלעבאַט ווי אין יעדן אַנדערן. עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז עס איז דאָ אַ פיזישע מאַכט, וועלכע קאָן אָפּ־שטעלן דאָס רוסישע לעבן, וואָס האָט זיך אַריינגעגאָסן מיט זיין געוועג־לעכער רוטינע אין דעם פרישן, אויסערגעוויינלעך שיינעם זוניקן האַרבסט־טאָג.

די נייעס, וואָס די צייטונגען האָבן געבראַכט פון דער הויפּטשטאָט, די ידיעות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אויער־צו־אויער וועגן גובערנאַ־טאָרישן הויז, וועגן רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט, האָבן זיך אַרויס־געוויזן ווי זאַכן, וואָס געשען עפּעס אין אַן אַנדערער מדינה און האָבן מיטן לעבן פונעם האָטעל קיין שום שייכות נישט.

— אַז די פּראָוויזאָרישע רעגירונג וואָלט מיך געוואָלט האָרכן, וואָלט זי זיי איבערגעגעבן די מאַכט, לאָמיר זען, וואָס זיי וועלן אויפטון. זיי

וועלן זיך דאָך נישט קאָנען האַלטן קיין פיר און צוואַנציק שעה. — מיט די דאָזיקע ווערטער איז צוגעקומען צו מירקינס טיש דער טיי־סוחר ראָז־מארין, וועלכער איז אויך צוגעצויגן געוואָרן צו דער היינטיקער פאַר־זאַמלונג.

ער איז געווען אויסגעשלאָפן, אויסגעצערטלט, אויסגעקעמט. נאָך זיין געוווינהייט, האָט ער זיך נישט געלאָזט וויי־טון. ער האָט פעדאַנ־טיש אָפּגעהיט דעם דאָקטאָרס געבאָט „נישט צו נעמען זיך צום האַרצן".

די דאָזיקע ווערטער האָט ער געהערט אָן אויפרעגונג, ווי אַ זאַך, וואָס האָט צו אים קיין שייכות נישט. ער האָט זיך דערביי נישט וויי־געטון.

— ער קאָן עס זאָגן, אים איז עס לייכט. זיין הויפּט־קאַנטאָר האָט ער איבערגעטראָגן קיין לאָנדאָן, די קאַפּיטאַלן האַלט ער אין די אַמערי־קאַנער בענק און זיין טיי וואַקסט — אין כינע. אָבער מיר האָבן דאָ אַלץ, אונדזער לעבן איז דאָ.

— אונדזער רוסלאַנד! — האָט זיך דער אַדוואָקאַט געקלאַפּט אין האַרץ אַריין און ווידער געהערט מיט באַלעבונג. — פיר און צוואַנציק שעה, זאָגט ער — אָבער אין די פיר און צוואַנציק שעה וועלן זיי אַ תל־מאַכן פון רוסלאַנד.

— עס האַלט נאָך נישט דערביי, און צו קאָכן זיך איז נישטאָ וואָס, — האָט מירקין ווידער דערמאָנט. — דערווייל איז נאָך דאָ אַ פּראָנט, און די גאַרניזאָנען אין די שטעט זענען אויך נאָך גענוג שטאַרק. דערווייל מאַכט איר זיך קאַליע אייער לעבער, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש.

— דער שטאָט־גאָלאָוואַ האָט טעלעגראַפיש אַרויסגערופן אַלע שטאָט־פאַרוואַלטונגען פון מאָסקווער גובערניע, אַז זיי זאָלן קומען פאַר־טיידיקן מאָסקווע. עשאַלאָנען קאָזאַקן גייען פון פראָנט, קערענסקי האָט זיי אַרויסגערופן... די גאַנצע אַוואַנטורע וועט זיך באַלד ענדיקן.

— יונגערמאַן, פון וואַנען ווייסט איר די דאָזיקע ידיעה? — האָט דער אַדוואָקאַט אָנגעכאַפּט ביים אַרבל אַן עלעגאַנט־געקליידעטן יונגנ־מאַן, וואָס האָט די אויבן־דערמאָנטע ווערטער אַריינגעוואָרפן צו דעם אַלטן מירקינס טיש. פון דעם יונגנמאַן האָבן זיך געטראָגן פּערפומען־רי־חות ווי פון אַ פרוי.

— דאָס איז אַ סוד. אייגענע פּאָסט, פאַרערטער סאָלאָמאָן אָסיפּאָ־

וויטש, — ענטפערט־אָפּ דער יונגערמאַן מיט אַ סודותדיקן קוק אויף זיי־נע געפּלעגטע נעגל.

— פון וואַנען ווייסט איר מיין נאָמען? וואונדערט זיך, נישט אָן צו־פרידנקייט, דער אדוואָקאַט איבער דעם, וואָס ער ווערט דערקענט.

— דאָס איז קיין וואונדער נישט. ווער קאָן נישט אייער נאָמען אין רוסלאַנד, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש?

נאָך איידער דער אדוואָקאַט האָט נאָך צייט געהאַט אָפּצוענטפערן עפּעס אָנגענעמס דעם יונגנמאַן פאַרן נחת־רוח, וואָס ער האָט אים אָנגע־טון, איז ער אָפּגעצויגן געוואָרן ביים ארבל דורך אַן ענערגישן צי פון מירקינס שטאַרקער האַנט:

— לאָזט אים אָפּ.

דער אדוואָקאַט האָט אָנגעקוקט פאַרוואונדערט זיין איידעם.

— מיינע ידיעות וועלן אייך זייער צונוץ־קומען, איך קאָן אייך פאַר־זיכערן, גבריאל חיימאָוויטש, — האָט דער יונגערמאַן געשווינד אָפּגע־ענטפערט און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

— דאָס איז דאָך מישקע „מאַלאַדעץ". ער האָט דערשפּירט, אַז מיר האַלטן דאָ אָפּ די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון „נייַ־רוסלאַנד", איז ער אונדז נאָכגעקומען. עס וועט אים אָבער גאָרנישט העלפן, — האָט מירקין געזאָגט. — יעדנפאַלס, איז צייט זיך צוצוגרייטן, דער זייגער רוקט זיך.

— איר דענקט נאָך טאַקע אָפּצוהאַלטן די פאַרזאַמלונג? איצט, אין אַזאַ צייט? — וואונדערט זיך דער אדוואָקאַט. — איין גאָט ווייסט, מיין האַרץ וועט נישט זיין דערביי.

— דווקא איצט, דווקא אין אַזאַ צייט. און פון אייך דערוואַרטן מיר צו הערן אַ קרעפּטיק וואָרט, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, וואָס זאָל שטאַרקן אונדזערע הענט אין דעם דאָזיקן פאַראַנטוואָרטלעכן מאָמענט.

— אפשר האָט איר רעכט. דווקא איצט, דווקא אין אַזאַ צייט. רוס־לאַנד דאַרף אונדז דאָ האָבן, נישט וויניציקער ווי אויפן פראָנט און אויף די באַריקאַדן, — האָט געזאָגט פרום דער אדוואָקאַט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק אין זיין צימער צוגרייטן זיך פאַרן פייערלעכן אַרויסטריט אויף דער וויכטיקער גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג פון דער געזעלשאַפט.

צייט דער אדוואָקאַט האָט זיין פערזאָן נאָענט פאַרבונדן מיט דעם

נייעם רעזשים, לייגט ער פיל געוויכט אויף זיין אויסערלעכן אויסזען. אי־בערהויפּט, ווען עס קומט אים אויס אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכ־קייט אין שייכות מיט זיין פּראָפעסיע, אָדער מיט זיין געזעלשאַפטלע־כער טעטיקייט. ער איז היינט געשטאַנען לענגער ביים שפּיגל, ווי אַן אַנ־דערש מאָל, באַגאָסן זיך מיט אָדעקאָלאָן און פאַרקעמט זיך די האָר צום אויבן. ער האָט אָריינגעטון דעם צייכן פון זיין הויכן אַמט, וואָס ער פאַרנעמט אין נייעם רעזשים, אין דער קלאַפּע פון זיין שוואַרצן ראָק. עס איז אים איינגעפאַלן אַ געניאַל וואָרט, מיט וועלכן ער זאָל אָנהייבן די היינטיקע פייערלעכע דערעפענונג. ער וועט באַנוצן דאָס זעלבע באַקאַנ־טע וואָרט, וואָס דער פאָרזיצער פון פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט האָט גע־זאָגט אין דער קאַמער נאָך אַן אַנאַרכיסטישן אַטענטאַט:

„מיינע הערן, די זיצונג דויערט ווייטער”.

## קאַפּיטל 3

# נחם תיבה

אַלע האָבן מודה געווען, אַז דאָס מאָל האָט דער באַרימטער אַדוואָ־קאַט זיך אַליין איבערטראָפן מיט זיין פלאַמענדיקער רעדע אויף דער פייערלעכער דערעפענונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער געזעל־שאַפט „ניי־רוסלאַנד”. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין מאַרמאָר־זאַל פון האָטעל „מעטראָפּאָל”, פונקט צוועלף אַזייגער, צו דער מינוט, נישט געקוקט אויף דער אומרואיקער צייט און אויף די ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען פון דער הויפּטשטאָט.

און עס איז טאַקע געווען אַ גלענצנדע פאַרזאַמלונג אויך: סאַמע קאַרפּן־קעפּ, אָנגעזעענע פירער פון דער רוסישער פינאַנץ און אינדוסט־ריע. עס זענען געווען, אַ חוץ די אונדז באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, ווי ראָזמאַרין פון דער טיי, אויך דער גרויסער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין, און פון דער פינאַנץ־וועלט — דער פאָרזיצער פון „קאָמערטשעסקי באַנק”, דער באַנקיר קאַראַפּאַטקין, און פון דער מזרח־באַנק — אַרבוזאָוו מיט חיימזאָנען.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט, אויסגעצירט מיטן צייכן, וואָס זיין הויבער אַמט אין דעם נייעם רעזשים באַרעכטיקט אים צו טראָגן, אין לאַץ פון זיין ראָק, און מיט נאָך אַנדערע אויסצייכענונגען, האָט גערעדט אין אַ האַלב־אָפיציעלן טאָן, מען קאָן זאָגן, אין נאָמען פון די „מאַסגעבנדע קרייזן". כאָטש ער איז דערצו נישט באַאויפטראַגט געוואָרן (ווי ער האָט זיך אין דעם אַליין מודה געווען), אָבער לויט די שטימונגען, וואָס הערשן אין יענע קרייזן, לויט ווי ער איז אינפאָרמירט געוואָרן דירעקט פון דער ערשטער קוועלע, האָט ער זיך גענומען דאָס רעכט זיך אויף זיי צו באַרופן.

אָנגעהויבן זיין רעדע האָט ער טאַקע מיט יענעם באַרימטן שפּרוך פון דעם אַמאָליקן פראַנצויזישן פּאַרלאַמענט: „די זיצונג גייט־אָן ווייטער". דווקא איצט, אין די שווערע צייטן, „מוז יעדער שטיין געטריי אויף זיין פּאָסטן. דער סאָלדאַט דרויסן אין פעלד, און דער פינאַנסיסט און אינדוסטריעלער — אויף דער וואַך פון די רוסישע אינטערעסן". מיט איין וואָרט, ער האָט די פאַרזאַמלטע איבערצייגט, אַז פאַר זיי שטייט־פאַר אַ פּאַטריאָטישער חוב פון דער ערשטער וויכטיקייט: אַרויסצוראַטעווען די רוסישע אינדוסטריע פון פרעמדן קאַפּיטאַל, צו וועלכן דער צאַרישער רעזשים האָט זי אַזוי אומברחמנותדיק פאַרקויפט. און עס שטייט פאַר זיי די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבע, צוצוציען די ברייטע רוסישע מאַסן צום אינדוסטריעלן אויפלעבן פון לאַנד.

„ברענגט־אַריין די רייכטימער פון דער רוסישער ערד, מיט וועלכע גאָט און נאַטור האָבן אונדז באַשאָנקען!" — האָט ער אויסגערופן מיט פּאַטאָס. — „ברענגט־אַריין דעם נאַפט פון די באַקווער פעלדער, דאָס אייזן פון קריוואָראָגער באַסיין, דאָס זילבער פון באַיקאַל — אין די אָרימע רוסישע שטובן. דורך דעם, וואָס איר וועט אייך ברידערלעך טיילן מיט די מאַסן מיט די פּראָפיטן, וואָס די אַקציעס פון די אונטערנעמונגען וועלן אַריינברענגען, וועט אויפהערן דער ברידער־קאַמף אין די גאַסן. דאָס איז דער איינציקער וועג צו שטילן דעם דורות־לאַנגן געראַנגל צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט. דאָס איז אונדזער סאָציאַליזם! רוסלאַנד דאַרף דינען פאַר אַ ביישפּיל. זי דאַרף זיין אַ פאָרלויפערין אויף דעם דאָזיקן געביט. און פּונקט אַזוי ווי רוסלאַנד האָט אָפּגעשאַפט די אַליין־הערשאַפט אין דער מלוכה, מוז זי אויך אָפּשאַפן די אַליין־הערשאַפט אין

דער אינדוסטריע. אויס פּריווילעגיעס! מיר באַשאַפן אַ רעפּובליק פון דער אינדוסטריע!" — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַן אויסערגעוועלנלעכן פּאַטאָס.

די פאַרזאַמלטע, ווי געזאָגט, זענען אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פון דעם באַרימטן אַדוואָקאַטס רעדע, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַטראַכטן כמעט ווי רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן אויפן אינדוסטריעלן פעלד — און זיי האָבן זיך גענומען פאַר דער גרינדונג פון דער געזעלשאַפט, וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע אַרויסצוואַרפן אויפן מאַרק פאַר הונדערטער מיליאָנען רובל אַקציעס פון דער רוסישער אינדוסטריע. זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט אַזאַ באַגייסטערונג, מיט אַזאַ איבערגעבנקייט, מיט אַזאַ, קאָן מען זאָגן, הייליקן עקסטאַז, ווי עס וואָלט זיך גאָר נישט געווען געהאַנדלט וועגן אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג. יעדעראיינער איז דורכגענומען געוואָרן מיט דער הייליקער מיסיע, וואָס שטייט אים פאָר, און האָט זיך פעסט פאַרגענומען אָפּצוזאָגן זיך פון עגאָאיסטישע צילן, נאָר זיך טיילן מיט דער באַפעלקערונג מיט די רייכטימער, דורך פאַרשפּרייטן ביליקע אַקציעס אין פאָלק.

נאָך איז נישט אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ענטוזיאַסטישע האַנטפּאַטשן, וואָס די גליענדע ווערטער פון דעם אַדוואָקאַט האָבן אַרויסגערופן, און מען האָט ערשט געוואָלט נעמען באַטראַכטן, ווי אַזוי אויסצופירן אין לעבן דעם אַדוואָקאַטס ווערטער, ווען פון דרויסן, פון דעם טעאַטער-פּלאַץ, האָבן זיך דערהערט איינזאַמע שאָסן פון ביקסן. די ערשטע קוילן זענען געפאַלן אין די פעטע געזעסן פון די פּראַכטפולע מלאכיםלעך, וואָס שטייען אינדרויסן אויפן פּלאַץ אַרום דעם וווּנדערבאַרן ראָקאָקאָ-בראָנעז.

עס זענען געווען די ערשטע שאָסן, וואָס די רויטע גוואַרדיסטן פון דעם רעוואָלוציאָנערן קריגס-קאָמיטעט האָבן אָפּגעגעבן, אַרויסלאָזנדיק זיך פון גובערנאַטאָרישן הויז צו פאַרכאַפּן ראַיאָנען. זיי האָבן זיך איצט געלאָזט אין צענטער, צו די רעדאַקציעס פון די בורזשואַזע צייטונגען, כדי זיי צו פאַרניכטן.

קיין אָרגאַניזירטער פאַרטיידיקונגס-קאָמיטעט איז נאָך נישט געווען. האָט דער שטאָט-גאָלאָוואַ אַרויסגעשיקט די שטאָטישע מיליץ, פאַרשטאַרקט מיט יונקערס פון דער קריגס-שול, זיי צו צעפּצושלאָגן.

זיי האָבן זיך באַגעגנט אויפֿן טעאַטער־פּלאַץ, וועלכן ביידע צדדים האָבן געוואָלט באַזעצן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסערייִ.
די ערשטע שאָסן האָבן געטראָפֿן ווי אַ דונער אין דער פֿאַרזאַמלונג. כאָטש עס איז, אייגנטלעך, נישט געווען פֿאַר וואָס זיך צו שרעקן.

מאָסקווע איז זינט דער פֿעברואַר־רעוואָלוציע פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון „ווילדע" סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געצויגן פֿון פֿראָנט, פֿון די מיליטער־רעזערוון, אויסגעשריבענע פֿון שפּיטעלער, אין צענטער פֿון רוסלאַנד.

קיין שום כּוח איז נישט געווען אימשטאַנד צוריקצוהאַלטן דעם שטראָם פֿון דעזערטירן און בכלל סאָלדאַטן, וואָס זענען דורכגעפֿאָרן מאָסקווע. האָבן זיך די באַנען געמעגט אָפּשטעלן ווי ווייט הינטער דער שטאָט, האָבן זיי אַלץ נישט געקאָנט צוריקהאַלטן דעם חשק פֿון די סאָל־דאַטן צו זען די „מאַמעלע מאָסקווע", און זיי זענען דאָרטן שוין גע־בליבן שטעקן. אַלץ האָט געהאַט רעוואָלווערן און אַלץ האָט געשאָסן. נאָר ווי מאָסקווע איז נישט געווען צוגעוווינט צום שיסן, האָבן די איינ־זאַמע זאַלפֿן, איינער נאָכן אַנדערן, ביי דער נערוועזער שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט, און, פֿאַרשטייט זיך, אויך ביי דער פֿאַרזאַמ־לונג, אַרויסגערופֿן אַ פּאַניק.

נישט קוקנדיק אויף דער פֿייערדיקייט פֿון דעם אַדוואָקאַטס ווער־טער, זענען זיי דאָך נישט געווען אימשטאַנד איינגאַנצן צו באַרואיקן און צו מאַכן פֿאַרגעסן, אין וועלכער צייט מען לעבט. האָבן די שאָסן אויפֿן טעאַטער־פּלאַץ, וואָס האָבן אַזוי רווישיק אָפּגעהילכט דורך די גרויס־שוי־ביקע פֿענצטער פֿון זאַל, אַרויסגערופֿן אַ פֿאַרווירונג צווישן די פֿאַרזאַמל־טע. בחינם האָט דער פֿאָרזיצער, דער ווירדיקער שעף פֿון דער גרויסער באַנק־ און האַנדלס־הויז, מירקין, געקלונגען נערוועז מיט זיין גלעקל. איי־ניקע פֿון די פֿאַרזאַמלטע, און דער באַרימטער אַדוואָקאַט פֿון די ערשטע, זענען צוגעלאָפֿן צו די גרויסע, געוואַשענע, מיט פֿאָרטיערן באַהאָנגענע פֿענצטער. האַלב־באַהאַלטענע אין די שווערע פֿאָרטיערן, האָבן זיי אַרויס־געקוקט אויפֿן פּלאַץ.

פֿיל האָבן זיי נישט געקאָנט זען. דער שטענדיק באַלעבטער טעאַ־טער־פּלאַץ איז מיטאַמאָל געוואָרן ליידיק, אַזוי ווי עס וואָלט געווען גאָר פֿריער מאָרגן, אָדער אַן אויסערגעוויינלעכער יום־טובֿ: נישט קיין פֿור, נישט קיין פֿערד, נישט קיין מענטש. איינזאַם שטייען די נאַקעטע מלאַ־

בימלעך ארום דעם בראַנדזענעם ברונעז. און פונדערווייטנס זעען זיך די איינזאַמע פערד אויפן דאַך פון רויטן גרויסן טעאַטער. נאָר צווישן די טעאַטער־קאָלומנעס זעט מען, ווי איינצלנע גרופן מענטשן, צודריקנדיק זיך צו די ווענט, באַוועגן זיך.

מען האָט געזען פאַרשידענע אין די דאָזיקע גרופן. צווישן די שוואַרץ־גראָע אַרבעטער־קליידער האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן זעל־נערישע מונדירן און מאַטראָזיש־בלאָע, און דאָס, וואָס ציווילע מענטשן זענען געמישט מיט זעלנער, וואָס האַלטן ביקסן, האָט אַרויסגערופן אי פרייד, אי שרעק. דאָס דאָזיקע בילד איז געווען אַזוי פרעמד און נישט־געוווינט, — זעלנער מיט ציוויל־לייט צוזאַמען אויסגעמישט, — אַז עס האָט מיטאַמאָל געגעבן צו דערקענען דעם גאַנצן ערנסט פון דער לאַגע און די זאָרג פאַר דער צוקונפט.

— ווו איז מיין ראָק, מיין שטעקן? מיין ראָק, מיין שטעקן! — האָט דער באַרימטער אַדוואָקאַט מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו רופן צו וועמען: פאַר־געסן, אַפנים, ווו ער געפינט זיך. — איך מוז אַרויס אינדרויסן. דאָרטן באַדאַרף מען מיך! — האָט ער געשריגן.

— סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, וווהין וועט איר גיין? אינדרויסן איז געפערלעך, — האָט אים ווער מיט שרעק געכאַפּט אונטער דעם אָרעם.

בחינם האָט דער ענערגישער פּאָרזיצער געקלונגען ווייטער מיט דעם גלעקל. דער עולם איז געווען נערוועז. די רואיקערע, ווי דער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין, אָדער באַנקיר קאַראַפּאָטקין, חיימזאָן און נאָך אַ פּאָר קריסטן, זענען געבליבן זיצן רואיק אויף זייערע ערטער. אָבער דער טיי־סוחר ראָזמאַרין האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין אָרט. זיין אויסגע־פלעגט, אויסגעשלאָפן פנים איז מיט איינמאָל געל געוואָרן, מיט ברוינע פלעקן אַרום די אויגן. ער האָט אויסגערופן פאַרוווּנדערט:

— די לאַגע ווערט דאָך טאַקע ערנסט!

— מיינע הערן, איך בעט פאַרנעמען די ערטער! די זיצונג גייט ווייטער אָן! — האָט דער פּאָרזיצער אַריינגעגעסן זיך אין דער פראַזע, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט געלאָזט פאַלן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נישט גע־קאָנט פון איר אָפּטשעפּען.

נאָר ווער עס איז אַמיינסטן געווען אויפגערודערט און האָט אַריינ־

געבראכט א פאניק אין דער פארזאמלונג מיט זיין באנעמען זיך, איז גע־וועזן טאקע דער בארימטער אדוואקאט אליין.

ער האט זיך גארנישט געקאנט בארואיקן און געהאלטן אין איין רופן: „מיין ראק, מיין שטעקן! הערן, לאמיר נעמען ביקסן און ארויס אויף דער גאס!״

ער האט זיך נישט געלאזט אפרייסן פון פענצטער און געראנגלט זיך מיט די, וואס האבן אים געהאלטן אונטערן ארעם און געוואלט פון דארטן צונעמען.

מיטאמאל האט עס א רוישיקן קלונג־געגעבן. עס איז געוועזן א קלינ־גענדיקער דונער. נאר דורך דעם דאזיקן דונער האט מען ערשט געהערט דאס ברעכן פון פאלנדן גלאז. דאס זענען א רייע שויבן פון די פענצטער געפאלן.

— אוועק פון די פענצטער! — האבן מיטאמאל אנגסטיקע שטי־מען אנגעהויבן צו רופן. און נישט איין בכבודיקער גראער קאפ פון די פארזאמלטע האט אנגעהויבן צו זוכן א באשיצונג אונטער פאטעלן, שטו־לן, טישן.

דער אדוואקאט האט זיך מיטאמאל אויפגעשטעלט אויף ביידע פיס. ער האט אויסגעקוקט העכער, ווי אן ארויסגעשראקענע חיה פון באוואק־סעניש ארויס. זיינע האר זענען שוין איצט געוועזן צעפלאשעט, זיינע אויגן אויסגעשטראלט, זיינע ביינערדיקע הענט אויסגעצויגן, און ער האט אנגעהויבן היסטעריש צו שרייען:

— איך קאן דא לענגער נישט בלייבן: ארויס אויף די גאסן! — און געלאזט זיך מיט אימפעט צו דער טיר.

נאר באלד האט אים ווער פארכאפט: דער אויך דערשראקענער מיר־קין, וועלכער איז דאך געבליבן ביי זיין רואיקן געמיט:

— וווהין? וווהין? — און מירקין האט גענויט אים זיך צו זעצן.

די טיר האט זיך געעפנט, און עס איז אריין דער ווירדיקער פאר־וואלטער פון האטעל אין זיין שווארצן „קאטאוועי״ און זיך אנגערופן צו די דערשראקענע פארזאמלטע:

— מיינע הערן, — האט ער אנגעהויבן אין א רואיקן טאן. — אויף די גאסן גייט־אן א בירגער־קריג. די באלשעוויקעס ווילן פארכאפן דעם טעאטער־פלאץ. מיר ווערן פארלויפיק באשיצט פון אונדזער בראווער

מיליץ און יוגנט. דער קאָמאַנדיר פון אונדזערע בראַווע פּאַרטיידיקער, דער פּאָלקאָווניק מאַרקאָוו, האָט מיר באַפוילן, אַזוי לאַנג ווי דער קאַמף אויפן טעאַטער-פּלאַץ וועט אָנהאַלטן, אַרויסצונעמען די געסט פון די צימערן און זיי אַראָפּפירן אין די קעלער-עטאַזשן. ער גאַראַנטירט נישט פאַר זייער לעבן. איך וויל דעריבער בעטן, מיינע הערן, אַז זיי זאָלן זיך באַמיען אין ביליאַרד-זאַל. מיר האָבן דעם ביליאַרד-זאַל אויסגערוימט און פּאַרטיק-געמאַכט אויפצונעמען אונדזערע געסט, לויט די אומשטענדן און מעגלעכ-קייטן. עס קאָן זיך נישט האַנדלען אין זייער לאַנג, ביז עס וועט נאָר גע-לינגען אונדזערע בראַווע פּאַרטיידיקער אָפּצוּרוימען דעם טעאַטער-פּלאַץ פון די געפערלעכע עלעמענטן. איך בעט, מיינע הערן, צו גיין נאָך מיר. מיר פאַרמאַכן דעם זאַל.

— זשאַמעי!*) — האָט זיך דערהערט אַ מוטיקער אויסרוף פון אַד-וואָקאַט. — פאַר זיי אָפּטרעטן? איבער מיין קערפּער!

נאָר צוויי פעסטע אָרעמס האָבן דעם באַרימטן אַדוואָקאַט געפירט מיט דער גאַנצער ענערגיע הינטער דעם פּאַרוואַלטער צום ביליאַרד-זאַל.

דער ביליאַרד-זאַל איז געווען אונטערן פּאַרטער. אַ גערוימלעכער שטאַטלעכער זאַל, וועלכער האָט פאַרנומען צוזאַמען מיט זיינע נעבן-צי-מערן די גאַנצע לענג און ברייט פון דעם גרויסן הויז.

אַז די פאַרזאַמלטע פון דער געזעלשאַפט „ניי-רוסלאַנד" זענען אַרונ-טער, האָבן זיי שוין אָנגעטראָפן אויף די טרעפּ פאַרשידענע לייט, איינ-וווינער פון גרויסן הויז, וואָס האָבן זיך געאיילט, מיט דעם טייערסטן פון זייער באַזיץ אין די הענט, פון די עטאַזשן אַראָפּ איבער די טרעפּ. טייל פון זיי האָבן געהאַלטן האַנט-טאַשן, יוּוועלן-קעסטעלעך, פערזענלעכע טואַלעט-זאַכן, נאַכט-קליידער; אַנדערע, ספּעציעל די דאַמען, — קליינע שוים-הינטעלעך, כינעזישע ראַסן מיט חזירישע פּנימלעך; עלטערע דאַ-מען האָבן געהאַלטן אויסגעפּיטערטע קעץ; נאָר אַנדערע — אַ שטייג מיט אַ פּאַפּוגע, אָדער מיט זינגער-קאַנאַריקלעך. טייל פון זיי האָבן הויך גע-לאַכט; אַנדערע האָבן געוויינט; טייל זענען געווען פריילעך; אַנדערע טרויעריק.

אַלע זענען געווען אַרויסגענומען פון זייער לעבנס-שטייגער און אָנ-

*) קיינמאָל!

געשטעקט מיט דער היסטעריע פון דער אלגעמיין הערשנדער שטימונג.

אז די געזעלשאפט איז אריין אין גרויסן ביליארד־זאל, מיט דעם בארימטן אדוואקאט (וועלכער האט זיך נאך געהאלטן אין איין רייסן, כאטש שוין מיט אויסגעגאנגענער ענערגיע, פון די ארעמס פון זיינע באַ־גלייטער), האבן זיי נאך אנגעטראפן די דינערשאפט, וועלכע האט מיט א פארגרעסערטן אימפעט און יאנגנדיקער איילנדיקייט, וואס דער מאמענט האט פארלאנגט, ארויסגעטראגן די גרויסע ביליארד־טישן פון זאל און האבן אריינגעשטעלט אויסגעבעטע פאטעלן, קאנאפעס פאר די דאמען און געפלאכטענע שטולן מיט קליינע קלוב־טישלעך פאר די הערן.

און, ווי שטענדיק אין אזעלכע פאלן, ווייזט זיך ארויס סיי ביי די גרעסטע און בעסטע און סיי ביי די ארימסטע און נידעריקסטע שיכטן די זעלבע נאטור און מענטשלעכע אייגנשאפטן: יעדער־איינער, איבער־הויפט פון די דאמען, האט געאיילט צו פארנעמען פאר זיך וואס מער פלאץ און וואס מער א באקוועמערן זיץ, און כאטש מען האט נאך פאר־לויפיק באנוצט די גוטע מאנירן פון א גוט־דערצויגענער געזעלשאפט, דאך האט מען באלד, צוליב דער נויט פון מאמענט, פארגעסן די לעקציעס פון די קינדער־שטובן, און עס זענען ארויסגעקומען אומאנגענעמע קליי־נע רייבונגען צוליב די פארכאפטע פלעצער...

מען קאן זיך גארנישט פארשטעלן, וואס אזא האטעל האלט־אויף אין זיינע פארבארגענע און פיל־צאליקע צימערן. ווען מען קוקט עס אן פון דרויסן אין געוועגלעכע צייטן, איז עס ווי איין־איינציק פאפירן־שטיק, ווי א טשעק, צום ביישפיל, אויף א גרעסערער סומע, וואס מען ווייסט, אז עס אנטהאלט א ווערט פון פילע מיליאנען, און דאך איז עס אזוי קליין, אפגעשלאסן, און באקוועם צו האלטן. איצט האט דער האטעל גע־מאכט דעם איינדרוק, ווי מען וואלט דעם פיל־מיליאנענדיקן טשעק אויס־געטוישט אויף קופערנע און זילבערנע מטבעות, און די מטבעות זענען אזוי פיל, אז זיי צעפאלן זיך אין אלע זייטן און מען קאן זיי גארנישט אנזאמלען.

א שטאט א גאנצע איז אראפגעקומען אין דעם ביליארד־זאל אריין. מען האט געהאלטן אין איין גיין און גיין. די, וואס האבן פארכאפט די פלעצער, האבן מיט שרעק און אנגסטן באטראכט דעם דאזיקן פעלקער־צוג: ווען וועט ער זיך שוין אפשטעלן?! און וואס פארא פארשידענע מי־

נים מענטשן! וואָס פאַרא פאַרשידענע טיפּן! מען ווייסט גאָרנישט, אַז די מענטשהייט באַשטייט פון אַזעלכע פאַרשידענע מינים און סאָרטן. ווער קאָן זיי אויסרעכענען? עס האָט זיך געדאַכט, אַז גאַנץ רוסלאַנד קומט זיך צונויף אין דעם ביליאַרד־זאַל. נישט נאָר יונג און אַלט, ווייבלעך און מענלעך, נאָר אויך דריטע סאָרטן, וואָס עקזיסטירן, נאָר עס זענען נישטאָ קיין ווערטער זיי צו באַצייכענען.

עס זענען אַראָפּגעקומען אַ הער מיט אַ דאַמע געפּאָרעכטערהייט, און אַ דינער האָט אין איין האַנט נאָכגעטראָגן אַ טשעמאָדאַן נאָך זיי, און אין דער צווייטער האַנט — אַ שטייג מיט אַ פּאַפּוגיי. דאָס פּאָר איז גע־גאַנגען פּעסטלעך און פייערלעך, ווי צו עפּעס אַ גרויסן גאָטעס־דינסט. דער הויכער הער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען איינגעשלונגען אַ שטעקן. ער האָט זיך נישט אַ בויג־געטון, נישט קיין איין טריט פלינקער געשטעלט. און ער האָט אין דעם כאַאָטישן צושטאַנד עפּעס אויסערגע־וועגלעך באַרואיקנדיק געווירקט, מיט זיין פאָרנעמען האַלטן זיך האָט ער איינגעשטילט די געמיטער. ער האָט אויפגעהאַלטן זיין גאַנצע מענטש־לעכע ווירדע. מיט אויסערגעוויינלעכער העפלעכקייט האָט ער געבעטן אַ פּלאַץ אויף דער קאַנאַפּע פאַר זיין דאַמע, און אַליין האָט ער זיך גע־שטעלט הינטער איר ווי ביי אַ באַל, און דער דינער נאָך אים.

אַ לאַנגיאָריקע פענסיאָנערקע פון האָטעל, וועלכע זיצט דאָרט ערגעץ אין אַ צימער באַהאַלטן, אַ גענעראַלס אַ ווייב, צי אַ רייכן גוט־באַ־זיצערס אַן אַלמנה, איז אַראָפּגעקומען געפירט פון איר דינסט, מיט הים־טערישע קרעכצן און פּנים־גרימאַסן. עס איז נישט געווען קיין שיעור צו די קישנס און קישעלעך, וואָס מען האָט איר נאָכגעטראָגן און וועלכע מען האָט געהאַלטן אין איין אונטערלייגן אונטער איר קאָפּ, אונטערן רוקן, אַזוי אַז זי איז געבליבן הענגען ווי אין דער לופטן און האָט גע־טראָגט איבער אַלעמען.

עס איז אַראָפּ אַ רייצנדע יונגע דאַמע, האַלב אין נעגליזשע, פון וועלכער עס האָבן זיך געטראָגן וואָלקנס מיט פּערפומען, — אַ שאַנסאָ־נעטקע, צי אַ גרויסשטאָטישע קאָקאָטע, — אין באַגלייטונג פון אַ גאַנצער כאַליאַסטרע עלעגאַנטע יונגעלייט, שטאָטישע „דענדים״, וועלכע האָבן נאָך איר געטראָגן טשעמאָדאַנדלעך און הינטלעך. זי איז אַריין מיט אָפּע־נער פרייד, אַזוי ווי זי וואָלט געקומען אויף אַ פּיקניק. זי האָט זיך צע־

קלונגען איבערן גאנצן זאַל מיט איר הילכיקן געלעכטער, צו דער אויפרע-גונג פון די בכבודע דאַמען.

אַ קאַפּריזנע ווייבל, וואָס ליידט אויף מיגרענע, מיט אַ פאַרבונדע־נעם קאָפּ, איז געפירט געוואָרן פון איר אויסגעמוטשעטן מאַן, וועמענס פיגור עס האָט זיך געבויגן אונטער דעם ווייבס יאָך. זיין בלייך פנים האָט געבעטן רחמנות, צו ראַטעווען אים. ער האָט זי געהאַלטן אין איין באַרואיקן, אין איין צוטראָגן איר פלעשלעך צו דער נאָז, טיכלעך צום קאָפּ. מיט חלשדיקע אויגן האָט ער אויסגעבעטלט ביי מענטשן אַ זיץ פאַר איר, וואָס מען האָט אים, פון רחמנות וועגן, אָפּגעטראָטן.

אַ שיינער יונגערמאַן, אָנגעטון אין אַ „פּרינץ־אַלבערט", ביי וועלכן עס האָט אַרויסגעקוקט פון האַלדז אַ רוסיש צוגעקנעפּלט טונקל העמדל און אַ פּאָר שטיוול אויף די פיס, איז באַגלייט געווען פון אַ גאַנצן האַרעם ווייבער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ קליין־שטעטלדיקער ווייבער־הענדלער. ער האָט זיי אויך אַזוי באַהאַנדלט. מיט זיינע קולאַקעס האָט ער אויסגע־קעמפּט אַ גאַנצע קאַנאַפּע פאַר זיין האַרעם, אַרויפגעשאַרצט זיך די אַרבל און איז גרייט געווען זיך צו ראַנגלען.

עס זענען אויך אַראָפּ פּענסיאָנירטע גענעראַלן, מיט אָפּגעריסענע שליפעס און באַלייגטע בריסטן מיט מעדאַלן, — זיי האָבן זיך נישט צור־ריקגעהאַלטן אויסצודריקן אין דער הויך, אויפן קול, זייער פאַראַכטונג צו דעם נייעם רעזשים.

עס האָבן זיך באַוויזן רוסישע הויכע באַאַמטע, מיט דיפּלאָמאַטישע שטייפע קאָלנערס און אַריסטאָקראַטישע ליסינעס, וואָס האָבן נישט גע־קאָנט אונטערדריקן זייער „שאָדן־פרייד", וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זייערע פּנימער, איבער דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דער פּראָ־וויזאָרישער רעגירונג.

אַ גוטמוטיקער אַלטינקער, אַ דיקלעכער, מיט רויטע באַקן, האָט גע-האַלטן די ווייבער אין איין טרייסטן מיט וויציקע ווערטלעך און אויפ־האַלטן ביי זיי די שטימונג מיט קאַפּויעריקע אָנצוהערענישן און די ווייי־בער האָבן אַרויסגעוויזן זייער צופרידנהייט מיט זייער הויך לאַכן.

אַן אויסערגעוויינלעך אַרטיקער און גוט־דערצויגענער יונגערמאַן. אַ בלאָנדער, מיט שיינע געשנירטע וואָנסעלעך און ווייסע מאַנזשעטן, האָט זיך געהאַלטן אין איין נוצלעך מאַכן אין דער אומאָנגענעמער סיטואַציע,

די ווייבער בייהילפיק צו זיין. ער האָט געזאָרגט פאַר זייער באַקוועמ־לעכקייט, געבעטן די מאַנספּאַרשוינען אָפּצוטרעטן די געבעטע זיצן פאַר די דאַמען, צוגעטראָגן אפילו פּיס־בענקעלעך די עלטערע, און ביי די יינגע־רע זיך געהאַלטן אין איין אויספרעגן, צי זיי נויטיקן זיך נישט אין עפּעס, כאָטש עס איז אין דעם כאַאָטישן מיש־מאַש, וואָס האָט געהערשט, גע־ווען שווערלעך, כמעט אוממעגלעך אויסצופירן זייערע פאַרשידענע ווונ־טשן און פאַרלאַנגען. נאָר דערפאַר האָט ער זיך געהאַלטן אין איין קאָכן, אין איין דרייען זיך, אין איין יאָגן זיך — און אַזוי־אַרום האָט ער זיך באַשעפטיקט.

„דענשטשיקעס" פון די אַלטע גענעראַלן האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן מיט דער דינערשאַפט פון די ציווילע מענטשן, אויסקעמפנדיק פאַר זייערע הערן באַקוועמערע ערטער און זיצן.

פאַרזאָרגטע יידישע סוחרים זענען געווען פאַרטון אין די ווינקלען, באַהאַלטנדיק אויף די לייביקע הערצער זייער געלט און אַקציעס.

מיט איין וואָרט, עס איז געווען אַ צעפאַלענער בבל־טורעם...

אַממיינסטן האָט זיך אויסגעטיילט פון דער געזעלשאַפט אַ גרופּע פון באַיאָרטע דאַמען, וואָס האָבן זיך, ווי תמיד ווען מענטשן קלייבן זיך צונויף, אויסגעשניטן פון אַלע אַרומיקע און געבילדעט אַ קלאַס פאַר זיך. זיי האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל אויף די בעסטע, באַקוועמסטע שטולן און קאַנאַפּעס און האָבן מיטאַמאָל אינעם כאַאָס געבילדעט אַ וועלט פאַר זיך אַליין.

יעדע עלטערע פרוי איז דער סימבאָל פון מוטערשאַפט, יעדע אַלטע פרוי באַזונדער אין איר ווינקל, סיי אין רייכן סאַלאָן, סיי אין די אָרימע באַלופעס, איז די קעניגין פון שטוב. נאָר — זאָלן זיי מיר מוחל זיין — ווען אַלטע דאַמען קומען זיך אָבער צונויף אין אַ גרופּע, פירט דער טייוול דאָס קאַפּעלמייסטער־שטעקעלע צווישן זיי. עס קאָן נישט זיין עפּעס ער־גערס, ווי אַלטע דאַמען אין אַ ווינקל, אויף אויסגעבעטע שטולן, און אין אַזאַ סיטואַציע, ווי די, וואָס עס ווערט דאָ געשילדערט.

זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט וויסן פון קיין אומאָנגענעמלעכקייטן. גאָרנישט איז פאַר זיי גוט געווען, גאָרנישט איז פאַר זיי באַקוועם גע־ווען. פון אַלעמען האָבן זיי פאַרלאַנגט צינזן פאַר זייער באַיאָרטקייט. זיי האָבן געזעסן איינעם זיצן אין געהאַקטע ווונדן אויף אַ באַקוועמען שטול,

האָבן זיי געבעטן דעם שטול פאַר זיך. טאָמער האָט זיך אַ יונגערמאַן באַקוועם געמאַכט אויף אַ פּוס־בענקל אין אַ ווינקל, האָבן זיי עס שוין אויסגעזוכט, און דאָס בענקל פאַר די „שוואַכע פיס" פאַרלאַנגט.

— יונגערמאַן, אַ גלאָז וואַסער פאַר אַן אַלטן מענטש.

— אַ קישעלע פאַר אַן אַלטן רוקן.

— רופט מיר דעם פאַרוואַלטער.

— פאַרוואָס זעט מען גאָרנישט די דינערשאַפט?

— אפשר וועט איר אַזוי פריינטלעך זיין?

און דערווייל פאַרכאַפּט מען ביי דיר דאָס שטיקעלע פּלאַץ, וואָס דו האָסט דיר מיט צרות אויסגעקעמפט. הײנט באַלד דאָס געמורמל און דאָס סודלען זיך אין די אויערן, — מען נעמט־אַרויף יעדן־איינעם אויפן צימבל. און די בליקן, וואָס ווערן דיר געשאָסן פון יענעם ווינקל אַרויס. עס גליען דאָרטן פייערלעך פון כעס און שנאה פון די שוואַרצע פנימער אַרויס: דו גנבעסט זייער לופט מיט דיין אָטעמען, דו טרעסט אויף זייערע פיס. אַלץ באַלאַנגט צו זיי — און דו פילסט זיך באַלד אַן איבעריקער, אַ באַלעסטיקטער אויף דער וועלט.

מיט איין וואָרט: דאָס גרופּעלע אין ווינקל האָט באַלד דעם גאַנצן פּלאַץ פאַרוואַנדלט אין אַ גיהנום.

דערווייל איז די ערשטע נויטווענדיקייט געווען: אַריינצובערענגען אַ ביסעלע אָרדענונג און שלום אין דער מלחמה, וואָס עס האָבן אָנגעהויבן צווישן זיך די חיות: די הינט קעגן די קעץ און די ביידע קעגן די קאַנאַריקעס מיט די פּאַפּוגייען, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די פאַרשידענע דאַמען.

איז געוואָרן אַזאַ געבילעריי פון די הינט, אַזאַ מיאַוטשען פון די קעץ, אַזאַ קווימשען פון די פּאַפּוגייען און האַרצרייסנדיק קלאַפּן פון די פליגלען פון די אַנדערע שטיינ־פייגל, אַז עס האָט געדוכט, אַז מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ משוגעים־הויז פאַר חיות.

די גרעסערע הינט זענען באַפאַלן די קלענערע. די בולדאָגס האָבן געשמעקט צו די „כינעזער". די „כינעזער" האָבן זיך געריסן אויף די שויס־הינטלעך. די קעץ זענען געשפּרונגען צו די שטייגן. און עס פאַרשטייט זיך, אַז באַלד האָט די מלחמה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די שטוב־חיות, מיטגעצויגן מיט זיך אַ קריגעריי פון זייערע באַלעבאַטים.

די דאַמען האָבן באַשיצט זייערע ליבלינגען אין זייערע בוזימס און

געהאַט טענות צו די מענער, פאַרוואָס זיי נעמען זיך נישט אָן פאַר די אומבאַהאָלפענע באַשעפענישן. האָבן זיך די מענער אָנגענומען פאַר די הינטעלעך פון זייערע דאַמען, זענען אָבער די אַנדערע קאַוואַליערן פון די קעגנער־הינט אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק. די, וואָס האָבן קיין חיות נישט געהאַט, האָבן גלאַט פּראָטעסטירט קעגן דער בילעריי. אַזוי, אַז באַלד האָט זיך דער קריג צעפלאַקערט און האָט שוין אָנגעשטעקט אַלע־מען קעגן אַלעמען. עס איז דורכאויס געווען נויטיק אַריינצוברענגען אַביסל אָרדענונג צווישן די חיות. איז געפאַלן אַ פאָרשלאַג פון אַן עלטערן הער, דאַכט זיך, אַ ייד, וועלכער, זעט־אויס, האָט נישט געהאַט קיין באַזונדערע פאַרשטענדעניש און ליבע צו חיות, אַז מען זאָל גאָר דערווייטערן פונעם אַלגעמיינעם זאַל די פיר-פיסיקע, וועלכע ברענגען אַריין אַזאַ צעמישונג צווישן די איינוווינער פון דער קליינער רעפובליק, — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

לויט דעם גייסט פון דער צייט, איז דער דאָזיקער פאָרשלאַג גענו־מען געוואָרן צו אַן אַלגעמיינער אָפּשטימונג און איז דורכגעגאַנגען מיט אַ מערהייט.

מען האָט גענומען מיט דער הילף פונעם פאַרוואַלטער און די דינער דערווייטערן פונעם זאַל אַלע הינטלעך און קעצעלעך, קאַנאַריקלעך און פּאַפּוגייען, און זיי אַריינצוברענגען אין אַן אַנדער צימער. קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן די היסטערישע גוואַלדן און די פלאַמענדיקע פּראָטעסטן, וואָס עס האָט אַרויסגערופן דער דאָזיקער באַרבאַרישער אַקט ביי די דאַ־מען. עס האָט נישט געהאָלפן די פאַרזיכערונג, וואָס דער פאַרוואַלטער האָט געגעבן, אַז די חיות וועלן גוט געהאַלטן ווערן און ריכטיק געפיטערט ווערן דורך דער צייט פון דער „באַלאַגערונג", און וועלן דערנאָך ווערן צוגעשטעלט גאַנץ זיכער אין די הענט פון זייערע באַלעבאַטים. יעדע איי־נע פון די דאַמען האָט געוואָלט זיין אַן אויסנאַם און געבעטן פּריווילעג־יעם פאַר איר ליבלינג. ענדלעך איז דאָך עטלעכע גוט־מיינענדע הערן גע־לונגען צו באַרואיקן די דאַמען דורך דעם, וואָס זיי האָבן גערופן צו זייער געוויסן, צו ברענגען דעם קליינעם קרבן, און שיידן זיך פון זייערע ליב־לינגען אויף אַ קורצער צייט פאַר דעם אַלגעמיינעם גוט.

מיט האַרץ־ברעכנדיקער רירנדיקייט און אויסערגעוויינלעכן פּאַטאָס. וואָס האָט נישט ביי איינעם אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן, האָבן זיך

די דאַמען געשיידט מיט זייערע חיהלעך, און די געזעלשאַפט האָט זיך ענדלעך באַרואיקט.

ווי עס טרעפט זיך ביי אַזעלכע פאַלן, האָט זיך מיטאַמאָל דערוועקט ביי די אַגוועזנדע אין זאַל אַן אויסערגעוועלנלעכער ריזיקער הונגער, אַזוי ווי דער מאָגן וואָלט געווען דערפילט אינסטינקטיוו די געפאַר פיל פריער ווי דער עצם מענטש, און וואָלט וועלן אָנקלייבן פראָוויאַנט פאַר דער שלעכטער צייט, וואָס שטייט־פאָר. עס איז זיי גאָרנישט געווען אָ.צוקאָר־מען. וויפיל קעלנער, וויפיל דינער עס זענען נישט געווען, זענען אַלע געווען באַשעפטיקט מיט טראָגן אין ביליאַרד־זאַל טאַצן מיט סענדוויטשעס, באַלייגטע ברויט, קאַלטע אויפשניטן, פאַרשידענע סאַלאַטן, אוגערקעס, איינגעמאַכטע שוואָמען, קאַוויאַר, גערויכערטע פיש, קאַלטן ראָסטביף און קאַלבס־פליישן.

וואָס מער מען האָט געגעסן, אַלץ מער האָט זיך דער אַפּעטיט דער־וועקט. גוט-דערצויגענע מענטשן האָבן זיך געריסן די ביסנס פון די מייַ־לער און צוגעטראָגן צו זייערע הונגעריקע דאַמען.

ערשט דערנאָך, ווען דער אויפזעער האָט פאַרזיכערט דער געזעל־שאַפט, אַז דאָס הויז איז גוט פּראָוויאַנטירט און קאָן אויסהאַלטן אַ באַ־לאַגערונג פון אַ פּאָר טעג, און דערנאָך, ווען די קעלנער האָבן אָנגעהויבן אויפצוטאָגען באַצאָלונגען, וועלכע זענען, אגב, צוליב דער אויסערגעווענ־לעכער לאַגע, דערהויבן געוואָרן דורך דעם אויפזעער פילפאַכיק, האָט זיך דער הונגער אַביסל איינגעשטילט ביז צום אָוונט־עסן.

יעדנפאַלס האָט דאָס בשותפותדיקע עסן אַריינגעבראַכט אַן אויפגע־לייגטע שטימונג און די געמיטער האָבן, נאָך דעם אומאָנגענעמען אינצי־דענט מיט די חיות, זיך אָנגעהויבן צו באַרואיקן. מען האָט זיך באַקענט איינער מיט דעם אַנדערן, און די אַלגעמיינע טרויעריקע לאַגע, אין וועל־כער אַלע האָבן זיך געפונען, האָט באַשאַפן אַ בשותפותדיקייט צווישן די מענטשן און, מען קאָן זאָגן, אַ פאַמיליאַר געפיל, וואָס האָט נאָענט גע־בראַכט איינעם צום אַנדערן.

## קאַפּיטל 4

# דער משפּט איבער די באָלשעוויקעס

שפּעטער אָבער האָט שוין געהערשט אין ביליארד־זאַל אַזאַ באַלעבאַטע און אויפגעלייגטע שטימונג, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די מענטשן דאָ זענען נישט צונויפגעטריבן געוואָרן צופעליק דורך אַ נויט, נאָר עס זענען זיך פרייוויליק צוזאַמענגעקומען אויף אַ ראַט מענטשן, וואָס באַלאַנגען צו איין געזעלשאַפט, נאָר זענען אָנגעטון אין נישט־פּאַסיקע קליידער.

דער רוסישער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער און נאָך מער דאָס גלעזעלע רוסישע „וואָדקע” האָט באַלד ברידערלעך צוזאַמענגעבונדן די פאַרשידנאַרטיקע מענטשן, אַז עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען קען זיך שוין פון לאַנג. נישט נאָר פרויען, נאָר מענער האָבן זיך געהאַלטן אין איין קושן, אין איין שליסן פריינטשאַפט, אין איין קלאַפּן זיך אויף די פּלייצעס.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז צוזאַמענגעגליט אַלעמען האָט דער גרויסער ערנסט פון דעם מאָמענט, דאָס פּאַטריאָטישע געפיל, — די ליבע צו רוסלאַנד און די שנאה צום אַלגעמיינעם שונא, וואָס וויל מיט דייטשיש געלט דערשטיקן די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ זייער באַלעבטע, הייסע דיסקוסיע איבער די צילן פון די באָלשעוויקעס.

קיינער, פאַרשטייט זיך, האָט נישט געגלויבט, אַז זיי מיינען טאַקע ערנסט צו פאַרכאַפּן די מאַכט, וועלכע זיי קאָנען דאָך, פאַרשטייט זיך, נישט האַלטן. טייל האָבן דערקלערט, אַז עס איז נאָר אַ וואַל־מאַנעוור מצד די באָלשעוויקעס, כדי צו געווינען וואָס מער מיטגלידער צו די פאַרשטייענדיקע וואַלן פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער רוסישער רעפּובליק.

עס האָט גערעדט אַ יונגערמאַן אין אַ סטודענטיש היטל, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן קאָפּ, — כאָטש די מענער זענען אַלע געווען מיט אַנטבלויזטע קעפּ. דערביי זענען זיין עלטער, זיין פיגור און די איבעריקע קליידונג זיינע געווען מער פון אַ דערפאָלגרייכן סוחר, איידער פון אַן

אָרימען סטודענט. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן הויך אויפן קול, אַז אַלע זאָלן הערן, אַז ער האָט זיך נאָר וואָס צוריקגעקערט פון סיביר, פון וואַנען די רוסישע רעוואָלוציע האָט אים באַפרייט, און האָט מורא, ער זאָל ווידער נישט אַריינפאַלן אין סיביר צוליב די באָלשעוויקעס. שוין גע-נוג סיביר! — האָט ער אויסגעשריגן. — ער וויל שוין נישט מער קיין סיביר.

אַ צווייטער יונגערמאַן האָט זיך גענומען דעם אויטאָריטעט צו דערקלערן אין נאָמען פון צ. ק. פון די „עסערן", אַז זיי, די סאָציאַל־רע־וואָלוציאָנערן, מאַכן נישט מיט די דאָזיקע אַוואַנטורע. ער איז קעגן דעם איצטיקן אַרויסטריט און שטעלט זיך אויף דער זייט פון דער פּראָוויזאָ־רישער רעגירונג. דערצו האָט ער פאַרזיכערט, אַז די גאַנצע אַוואַנטורע וועט היינט נאָך ווערן ליקווידירט, אָן אַ טראָפּן בלוט, ביים צווייטן צוזאַ־מענפאָר פונעם אַלרוסישן סאָוויעט, וואָס קומט־פאָר אין פּעטראָגראַד.

עס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן אים מיט נאָך אַ יונגנמאַן אַ וויכוח וועגן דער שטעלונג פון מאַרטאָוום גרופּע, און דאָס האָט זיי זייער צע-היצט. אַזוי אַז די בכבודע רוסישע לייט, און סתם רוסן, וואָס זענען גע־שטאַנען דערביי, האָבן זיך דורכגעווונקען מיט בליקן און איינגערוימט זיך אין די אויערן, אַז די גאַנצע חתונה איז אַרויסגעקומען צוליב דעם, וואָס די צוויי זשידעס, טראָצקי און מאַרטאָוו, האָבן זיך נישט געקאָנט איינטיילן מיט דער רוסישער מלוכה. כאָטש הויך האָבן זיי עס מורא־געהאַט צו זאָגן, ווייל דאָס וואָרט „זשיד" איז צייט דער רוסישער רע־וואָלוציע אַרויס פון דער מאָדע.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלגעמיינע דערלייכטערטע שטימונג פון דער פאַרזאַמלונג האָט געווירקט גוט אויפן געמיט פון אונדזער אַדוואָקאַט. עס האָט צוריק אויפגעלעבט זיין ענערגיע, און זיין געזעלשאַפטלעכער חוש האָט אים מיטאַמאָל געגעבן אַ שטופּ צו טון מעשים. ער האָט זיך געפונען אין זיין עלעמענט און האָט זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. נאָך די שטימינגען פון דעם מאָמענט האָט ער באַלד זיך גענומען אָרגאַניזירן די „באַלאַגערונג", ווי ער האָט אָנגערופן דאָס געצוווּנגענע צוזאַמען-זיין אין ביליאַרד־זאַל.

ער האָט זיך באַלד גענומען פאַרוואַנדלען די צופעליקע צוזאַמענ־קונפט פון מענטשן אין אַ „געזעלשאַפטלעכן קערפּער", ווי ער האָט ליב־

געהאַט זיך אויסצודריקן, — אין „אַ געזעלשאַפטלעכן קערפּער מיט פיל פונקציאָנירנדיקע גלידער“. ער מיט נאָך אַ קאָלעגע, דעם רוסישן אדוואָקאַט סמירנאָוו, וואָס האָט באַלאַנגט צו מיליוקאָווס גרופּע, — האָבן באַלד באַשאַפן אַ „פּאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט“, וואָס קיינער האָט אייגנטלעך נישט געוווּסט אין וואָס עס וועט באַשטיין זיין טעטיקייט, ווייל אויפן פּלאַץ פאַרן האָטעל, ווו עס איז אָנגעגאַנגען די שיסעריי צווישן די באָלשעוויקעס און דער אָרטיקער מיליץ, האָט קיינער נישט געהאַט בדעה ארויסצוגיין, און דער קאָמאַנדיר, פּולקאָווניק מאַרקאָוו, וואָס האָט פאַרטיידיקט דעם טעאַטער־פּלאַץ, וואָלט קיינעם נישט ארויסגעלאָזט. דער קאָמיטעט אָבער האָט עקזיסטירט, און האָט ווערבירט וואָלונטירן צווישן דער געצוווּנגענער געזעלשאַפט. ער האָט אפילו באַשאַפן אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע, און אייניקע דאַמען, ספּעציעל די יינגערע און שענערע, האָבן אָנגעהויבן צו באַנוצן אַלס קאָפּ־באַקליידונג „שוועסטער־טיכלעך“, וואָס זיי האָבן זיך מיט ווייבערשער געשיקטקייט אויף געשווינד צונויפגעשטעלט אויפן היימישן אופן. שוין אָפּגערעדט פון אַ „רויטן קרייץ“, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרפליכטעט אריינצוטרעטן אַלע עלטערע מאַנספּאַרשוינען, אַזוי, אַז עס האָבן זיך באַלד אין דער פאַרזאַמלונג באַוויזן לייט מיט בענדער איבער די אָרעמס און מיט אָפּצייכענונגען פון די טיילן, צו וועלכע זיי באַלאַנגען. און צווישן די דאַמען האָט מען געזען שוועסטער־הייבלעך, וואָס די יינגערע האָט עס נאָך שענער געמאַכט און די עלטערע — נאָך מיאוסער.

נאָר אַזוי ווי עס איז דורכגעגאַנגען אַ שטיקל צייט, און די קאָמיטעטן זענען געבליבן אָן טעטיקייט, און אַזוי ווי דער אדוואָקאַט סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט נישט געקאָנט זיצן רויק, איז ער געקומען אויף דער גליקלעכער אידעע: צו אָרגאַניזירן אַן עפנטלעכן משפט איבער די באָלשעוויקעס, וואָס זאָל ארויסברענגען די נידערטרעכטיקייט פון זייערע מעשים פאַר דער עפנטלעכקייט און אָפּשטעמפּלען זייער טרויעריקע ראָל אין דער רוסישער געשיכטע. עס האָט אָבער געפעלט אַ פאַרטיידיקער פון די באָלשעוויקעס, וועלכן עס איז ביי דעם דאָזיקן עולם, פאַרשטייט זיך, געווען שווער אויסצוזוכן.

עס האָט זיך אָבער באַלד ארויסגעוויזן, אַז די גאַנצע מעשה איז געווען איבעריק. די שטאָטישע מיליץ מיט די פרייוויליקע אָפיצירן האָבן

פאַריאָגט דעם חבר גאַלענקאַ, וואָס איז אַרומגעגאַנגען מיט רויטע גוואַר־דיסטן איבער די בורזשואַזע רעדאַקציעס און צעשלאָגן די דרוקערייען. מען האָט זיי צוריקגעטריבן אין „גובערנאַטאָרישן הויז" אַריין, ווו זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן, כּמעט דאָ־און־דאָרט זענען נאָך אָנגעגאַנגען אויף די גאַסן איינצלנע קאַמפן, אָבער אויף דעם טעאַטער־פּלאַץ, פאַרן האָטעל „מעטראָפּאָל", איז שוין געווען רואיק.

דער פאַרוואַלטער פון האָטעל האָט דערלויבט די געסט צוריקצוגיין אין זייערע צימערן, כאָטש אויף דער גאַס האָט די מיליץ נישט אַרויס־געלאָזט, ווייל די גאַסן זענען נישט געווען זיכער, און עס זענען נאָך אָנ־געגאַנגען איינצלנע שיסערייען. אַ געוויסער עלעמענט, די עלטערע און רואיקערע, האָט זיך געהעריק געפרייט מיט דער באַרואיקנדיקער ידיעה, און פון איר אויך געצויגן נוצן. די מער קאַמף־לוסטיקע, די יינגערע, האָבן זיך נישט געאיילט צוריקצוציען זיך אין זייערע צימערן. מען קאָן אפילו זאָגן, אַז אינערלעך האָבן זיי געהאַט אַביסל פאַרדרוס, וואָס די גאַנצע אויפרעגנדיקע מעשה איז עפּעס אַזוי שטיל אָפּגעלאָפן, און אַלץ איז שוין פאַרביי.

זיי האָבן דערוואַרט עמאָציאָנעלע אויפטרייסלונגען, און דאָס בשות־פותדיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי אינטע־רעסאַנט איינגעשטעלן אין דעם ביליאַרד־זאַל, איז זיי געפעלן געוואָרן, און זיי האָבן עס נישט געוואָלט אַזוי גיך אויפגעבן; איז טאַקע דער גרעסטער טייל פונעם עולם איבערגעבליבן ווייטער אינעם ביליאַרד־זאַל, אין די בופעטן. ס׳ווי־סיי איז נישט געווען וואָס צו טון, — אויף דער גאַס האָט מען נישט געקאָנט אַרויסגיין.

עס איז אָבער אינגאַנצן צערונען געוואָרן דער בשותפותדיקער, ברייט־דערלעכער גייסט, וואָס דאָס געצוווּנגענע צוזאַמענלעבן, די אַלגעמיינע געפאַר האָט אַרויסגערופן צווישן די איינוווינער. יעדער איינער האָט שוין צוריקגעקראָגן זיינע אינדיווידועלע חשיבות, און אַ געוויסע קאַלטקייט, אַן אומגלייכהייט האָט ווידער אָנגעהויבן צו הערשן, כאָטש דער עולם איז — ווי שוין געזאָגט — ווייטער איבערגעבליבן פרייוויליק אין בי־ליאַרד־זאַל, און מען האָט דאָרטן געגעסן מיטאָג. צוליב די הייסע דיסקו־סיעס, וואָס האָבן זיך דאָרט אַנטוויקלט, איז דער זאַל באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין קלוב.

דער מער צוריקגעהאַלטענער עולם, די רייכע גוט־באַזיצער, די גע-וועזענע הויכע באַאמטע, די לעב־וועלט, — די שיינע דאַמעטשקעס מיט זייערע פּילע באַגלייטער, וואָס האָבן זיך אין ערשטן אויגנבליק אַזוי גע־האַט פאַרלוירן, האָבן איצט ביי דער באַרואיקונג ווידער צוריקגעקראָגן זייער „דזשענטעלמעניש" קאַלטקייט. זיי האָבן זיך אָפּגעזונדערט פון אַלע מינים פאַרדעכטיקע עלעמענטן. אַזוי ווי עס איז אָבער נישט געווען וואָס צו טון, — אויף דער גאַס האָט מען נישט געקאָנט אַרויס, און אין די צימערן צוריק האָט זיך נישט געגלוסט, — האָט מען זיך פאַרקליבן אין די „סעפּאַראַטקעס", כדי אין זיי צו „באַגיסן" די באַלאַגערונג מיט שאַמפּאַניער און קאָניאַקן.

איבער אַלע זאַלן האָבן זיך שוין געטראָגן דאָס פאַרשטיקטע לאַכן, די ווייבערשע אויפּפלאַמענדיקע קולות און מענערישע שיכורע שטימען פון די סעפּאַראַטע צימערן. אַלע זענען געווען צופרידן. נאָך קיינמאָל האָט די דינערשאַפט נישט באַקומען אַזאַ ברייטהענטיק טרינק־געלט; קיינמאָל האָט דאָס הויז נאָך נישט געמאַכט אַזעלכע גוטע געשעפטן, ווי יענעם טאָג. און קיינמאָל איז דער פאַרוואַלטער נאָך נישט געווען אַזוי צופרידן פון דער גוטער שטימונג, וואָס הערשט צווישן זיינע געסט, ווי אין יענעם גערענקלעכן טאָג, מיטוואָך, דעם פינף און צוואַנציקסטן אָק־טאָבער אַלטן סטיל, אין מאָסקווע.

נישט ווייניק האָט געהאָלפן אַריינברענגען די באַרואיקנדיקע און פריילעכע שטימונג צווישן עולם דער זעלטענער גאַסט, וואָס מען האָט גערופן „מישקע" מאַלאַדיעץ", אָדער מישקע „קאָמבינאַטאָר", דער יונ־גערמאַן מיטן בלייכן פּנים און אויסערגעווענלעך עלעגאַנטער קליידונג.

דאָס הויז איז געווען אָפּגעשניטן פון דער וועלט. דער פּלאַץ איז געוואָרן באַזעצט פון אָפיצירן פון אָרטיקן גאַרניזאָן, וואָס דער שטאָט-גאַלאָווא האָט געשיקט, כדי צו פאַרהיטן דעם צוגאַנג צו דער שטאָט־דומע. מען האָט נישט אַרויסגעלאָזט און נישט אַריינגעלאָזט אין האָטעל, אָבער ער, מישקע, האָט געוווסט אַלץ, וואָס טוט זיך אין שטאָט, וועלכע סטראַטעגישע פּונקטן די באָלשעוויקעס האָבן שוין באַזעצט, און פון וועלכע מען האָט זיי פאַרטריבן, וועלכע אינסטיטוציעס עס געפינען זיך אין די הענט פון שטאָט־דומע און וועלכע עס זענען געוואָרן פאַרכאַפּט פון די „רויטע".

ער האָט געוווסט וועגן די שלאַכטן, וואָס גייען־אָן אויף די גאַסן פון שעה צו שעה. און נישט נאָר האָט ער געוווסט, וואָס עס טוט זיך אין אין מאָסקווע, נאָר ווי ער וואָלט עפּעס געווען פאַרמאָגט אַן אייגענעם, געהיימען ראַדיאָ, אָדער באַקומען די ידיעות דורך אַן אַנדערן וועג. ווי ער וואָלט עס פון ווינט געשעפּט, האָט ער געוווסט, וואָס עס טוט זיך אין דער הויפּטשטאָט, אויף דער פּראָווינץ, ווי עס פאַרהאַלט זיך דער פראָנט צו די געשעענישן, ווי עס אַרבעטן די באַנען, וואָס פאַרא טיילן פון דער געזעלשאַפט, וואָס פאַרא סאָציאַליסטישע גרופּירונגען עס זענען צוגע־שטאַנען צו די באָלשעוויקעס אָדער זענען פון זיי אָפּגעפאַלן.

אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, פון וואַנען מישקע נעמט די דאָזיקע נייעס. אַלע האָבן געצווייפלט אין זייער ריכטיקייט. נאָר דאָך האָבן זיך אַלע צוגעהערט צו זיינע אינפאָרמאַציעס. ער פלעגט אַרומגיין און לאָזן פאַלן ווערטער:

„די פּראָוויזאָרישע רעגירונג איינגעשלאָסן אין ווינטער־פּאַלאַץ", „באָטשקאַריאָוואַס ווייבערשער באַטאַליאָן פאַרטיידיקט דעם ווינטער־פּאַ־לאַץ", „פונעם פראָנט איז אָפּגעגאַנגען אַ דיוויזיע קאָזאַקן אויפן וועג קיין אָרשע..."

געוויינלעך פלעגט מען זאָגן: „אַהאַ מישקע קאָמבינירט". אָבער דאָך האָט יעדער געלעכצט נאָך אַביסל נייעס. דאָרט, וווּ עס איז נישטאָ קיין פרישער קוואַל, באַנוצט מען זיך אויך מיט אַ נישט ריינעם. און מישקעס אינפאָרמאַציעס זענען נישט נאָר אַרומגעגאַנגען פון אויער צו אויער, נאָר באַלד איז ער געוואָרן דער צענטער, צו וועלכן אַלע האָבן זיך געווענדעט.

— מישקע, וואָס הערט זיך? — און מישקע פאַרלייגט זיך די הענט און קוקט אויף זיינע געפלעגטע נעגל, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען זיין ראַדיאָ־ אַפּאַראַט, צו וועלכן ער הערט זיך צו. און ער וואַרפט אַרויס אַ שטיקל נייעס, וואָס די אויסגעהונגערטע מענטשן האָבן באַלד איינגע־שלונגען און עס צעטראָגן איבערן זאַל.

דעם טאָג און אַ גאַנצן פאַרנאַכט האָט מישקעס „ראַדיאָ" געהאַלטן אין איין פאַרשפּרייטן באַרואיקנדיקע און פריילעכע ידיעות: „דער שטאָט־גאָלאָווא פאַררופט אויף מאָרגן אַן אויסערגעוויינלעכע פאַרזאַמלונג פון אַלע רעכט־דענקנדיקע עלעמענטן". „דער שטאָט־גאָלאָווא האָט אַרויסגעשיקט טעלעגראַמעס צו אַלע „דומעס" פון די אַרומיקע שטעט, אַז זיי זאָלן שיקן

פאַרשטאַרקונג צו פאַרטיידיקן דאָס „מאַמעלע רוסלאַנד", און זיי זענען שוין אויפן וועג". „די פּראָווינץ האַלט זיך אויסערגעווענלעך גוט. אומע-טום ווערן גערופן פּראָטעסט-פאַרזאַמלונגען קעגן די „דייטשע שפּיאָנען", און עס ווערן אַרויסגעטראָגן גערעכטע פאַרדאַמונגס-רעזאָלוציעס". „דער ווינטער-פּאַלאַץ איז נאָך נישט גענומען, און פון פראָנט גייען עשאַלאָנען מיט קאָזאַקן, וואָס קערענסקי האָט אַרויסגערופן". „זיי זענען אייזן-פעסט פאַר דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג". „טשערנאָוו געפינט זיך אין מאָהי-לעוו, ווו ער אַגיטירט די סאָלדאַטן פון פראָנט און קלערט זיי אויף וועגן די ריכטיקע טענדענצן פון די באָלשעוויקעס, אַז דאָס אַלץ ווערט געמאַכט פאַר דייטש געלט, כּדי צו קאָמפּראָמיטירן די רעוואָלוציע". „מען דער-וואַרט די ליקווידאַציע פון דער אַוואַנטורע נאָך דורך דער היינטיקער נאַכט".

אַזוי ווי די נייעסן, וואָס מישקע האָט פאַרשפּרייט, זענען געווען גוטע און אָנגענעמע צו הערן, איז ער באַלד געוואָרן נישט נאָר אַן אָנ-געלייגטער מענטש, נאָר מען קאָן זאָגן, דער ליבלינג פון אַלע דאַמען און אַ געפערלעכער קאָנקורענט פאַר די יינגערע הערן.

„דער סימפּאַטישער מישקע", — האָט מען זיין נאָמען מיטאַמאָל איבערגעשמדט. ער איז געריסמט געוואָרן פון אַלע מיילער פון דעם שיינעם געשלעכט. די מענער האָבן אים מקנא געווען.

מען קאָן זאָגן, אַז מישקע איז געוואָרן דער צענטער פון דער גאַנ-צער געזעלשאַפט. מען האָט געזוכט זיין באַקאַנטשאַפט. אַפילו עלטערע און חשובע הערן האָבן אים זייער וואַרים די האַנט געדריקט: „עס פרייט מיך, זיך מיט אייך צו באַקענען".

עס האָבן אים באַלד אַרומגערינגלט יונגעלייט, וואָס האָבן מיט דער הילף פון מישקעס אינפאָרמאַציעס געוואָלט געווינען אָנזען ביי זייע-רע דאַמען אין זייערע קרייזן. מען האָט מישקען איינגעלאַדן צו אַלע טישלעך מיטצוטרינקען, און מען מוז צו זיין כּבוד צוגעבן, אַז ער האָט עס, ווי אַ גוט-דערצויגענער מענטש, אָבער מיט פעסטקייט אָפּגעזאָגט. דאָס האָט צוגעגעבן נאָך מער חשיבות צו זיין פּערזאָן.

פון דער גאַנצער גוט-געשטימטער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך גע-פונען אין האָטעל, האָט זיך נאָר אַ קליינע גרופּע אויסגענומען מיט איר געפּאַלנקייט.

די דאָזיקע גרופּע האָט זיך געהאַלטן באַזונדער, געזעסן באַזונדער און גערעדט צווישן זיך מיט געדריקטע שטימען. די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף זייערע טרויעריקע פּנימער. דאָס איז געווען די גרופּע רייכע יידישע קאַפּיטאַליסטן, וואָס זענען זיך צוגויפגעקומען קיין מאָסקווע אין האָטעל אַריין צו דער גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג פון דער אַקציע־געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד".

דאָ זענען געווען דער אַלטער מירקין, דער רייכער טיי־סוחר ראָזמאַ־רין און דער באַקוער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין. נאָר ווען ביי די לעצטע צוויי האָט זיך געפילט אַ זיכערקייט, אַזוי ווי די גאַנצע זאַך וואָלט זיי איינגנטלעך גאָרנישט אָנגעגאַנגען, איז דער אַלטער מירקין פּלוצלינג גע־בליבן זיצן. די גאַנצע לאַסט פון דעם שווערן וואָלקן, וואָס ציט זיך אויף רוסלאַנד, האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף זיינע פּלייצעס. זיין פּנים איז מיט איינמאָל געוואָרן געל־בלוילעך, און די אויגן זענען איינגעזונקען אין שלאַבריק־געוואָרענע, טונקעלע נעצן פון הויט. שטיקער לויזע הויט, ווי מען וואָלט פון זיי די לופט אַרויסגעלאָזט, האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצו־הענגען פון זיין פּנים און פון זיין האַלדז, און די שטענדיק אַזוי שטאָט־לעך אויסזעענדיקע צוויי לאַנגע שפּיצן פון זיין באָרד, וואָס האָבן ביז צום לעצט געקעמפט קעגן דער עלטער און איינגעהאַלטן זייער געלן קאָ־ליר, זענען מיטאַמאָל גרוי געוואָרן. דער גאַנצער הויכער און שטאָלצער מירקין האָט זיך געבויגן און איז קלענער און איינגעשרומפּענער געוואָרן.

בחינם האָבן אין אים אַריינגערעדט אין דער שטיל, מיט נידעריקע שטימען, די צוויי סוחרים, אַז עס איז נאָך נישט צו שפּעט, און עס וועט זיך נאָך לאָזן איינאָרדענען.

ער האָט זיי נישט געהערט און האָט זיי אָפּגעענטפערט, כמעט ווי פאַר זיך, אַזוי ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געווען דערביי:

— עס איז נישט דאָס. נישט אין פאַרמעגנס גייט עס. ניין. אין רוסלאַנד, אין מיין לעבן. אַ גאַנץ לעבן געבויט, געמיינט, אַז איך בוי אויף אַ שטאַרקן פונדאַמענט. קיין ווינטן, קיינע זאַווערוכעס האָבן מיך נישט געקאָנט אָפּשרעקן. איך האָב געגלויבט אין דעם פונדאַמענט. איר פאַרשטייט, — אין דעם פונדאַמענט, — אַז אונטער דער בלאָטע ליגט אַ קיזלשטיין, און דער קיזלשטיין וועט אַלצדינג אויסהאַלטן. עס איז אָבער טאַקע גאָרנישט מער, נאָר בלאָטע, און אַלץ זינקט אין איר איין...

דער טיי־סוחר ראָזמארין, וועמענס געדאַנק איז איצט געווען פאַר־נומען מיט דעם, ווי אַזוי אָפּצוהאַלטן דעם טראַנספּאָרט מיט טיי, וואָס גייט צו זיין קאַנטאָר פון דער כינעזישער גרענעץ, האָט געזאָגט הויך, אַרויסזינגענדיק די ווערטער, צו מירקינען און געטראַכט דערביי וועגן אייגענע אינטערעסן:

— ס'וועט זיך דאָך מוזן געפינען אַ וועג זיך צו קאָמוניקירן מיט אויסלאַנד.

— צוליב וואָס? — פרעגט מירקין.

— צוריקצוהאַלטן אונדזערע קאַפּיטאַלן.

— דאָס וועט זיין פאַרראַט, — האָט דער אַלטער מירקין געזאָגט, צעבייסנדיק דאָס דאָזיקע וואָרט מיט זיינע נאָך געזונטע ציין.

— נו, נו, קעגן וועמען? — האָט אים אָפּגעענטפערט דער סוחר גאָלדשטיין.

— קעגן רוסלאַנד!

— פאַר וועלכן רוסלאַנד? ווען וועט עס נאָך זיין אַזעלכעס. איך האָב אייך שטענדיק געוואָרנט, גבריאל חיימאָוויטש, אַז איר שטעלט צו־פיל אויף איין קאָרט.

— מיר איז נישט קיין חילוק, וועלכעס רוסלאַנד, — האָט געזאָגט דער אַלטער מירקין. — איך האָב נישט קיין אַנדערע היים, און צו וואַנ־דערן בין איך צו־אַלט און איך באַדאַרף נישט, וואָס איך האָב אַלץ איינגעשטעלט אויף איין קאָרט. איך האָב געגלייבט אין רוסלאַנד.

— נו, נו, איר וועט נאָך קלוגער ווערן, אויב עס וועט שוין נישט זיין צו־שפּעט, — האָט דער נאַפט־סוחר געענטפערט מיט אַ זיכערן שמייכל.

— אַך, זשידי, זשידי! — האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט די באַלעבאַ־טעשע שטימע פון דעם אַדוואָקאַט, וועלכער איז צוגעקומען צו זיי, גע־אָרעמט האָט אים מיט זיין קאָלעגע, דעם רוסישן קאַדעט. — גיב נאָר אַ קוק ווי זיי זיצן ווי די געשאָכטענע הינער. עס האָט זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן, און זיי זיינען שוין געפאַלן! און איך, פאַרקערט, איך ווער שטאַרק אין כּוח. „דער ווינט איז דאָס פערד, וואָס טראָגט מיין זאָטל", — האָט ער אָנגעהויבן צו דעקלאַמירן פון אַ רוסישן קלאַסיקער. — גיט נישט מיט אייער דעמאָראַליזירטקייט קיין ביישפּיל די איבעריקע. מוט, מוט

און מוט! — איז דער באַרימטער אַדוואָקאַט מיטאמאָל לעבעדיק געוואָרן.

— ווען מיר וואָלטן מיט בלויז מוט געקאָנט פאַרטרייבן די באָלשע־וויקעס פונעם טעאַטער־פּלאַץ, וואָלט ער אונדז שוין נישט פאַרפעלט.

— און מיר וועלן זיי פאַרטרייבן אויך. מיר וועלן זיי ווייזן, ווער שטאַרקער איז. מיר הייבן שוין אָן דעם משפּט איבער זיי. טאַקע היינט אויף דער נאַכט... עס האָט זיך געפונען אַ פאַרטיידיקער. וואסילי יאַ־קאָוולעוויטש סמירנאָוו האָט אויף זיך גענומען די דאָזיקע טרויעריקע ראָלע, געאָפּפערט זיך פאַרן ווויל פון דער געזעלשאַפט. מיר וועלן זיי שוין היינט איינמאָל אָפּשטעמפּלען, באַשטימען דעם ריכטיקן פּלאַץ זייער! אין דער רוסישער געשיכטע.

— יאָ, יאָ, דאָס וועט זיין דער ריכטיקער שפּרוך קעגן טייוול, — האָט דער נאַפט־סוחר געפרווט באַמערקן מיט אַ שמייכל.

נאָר דער אַדוואָקאַט האָט שוין נישט געהערט די שפּאָטישע באַ־מערקונג פון דעם נאַפט־סוחר. געאָרעמט מיט זיין קריסטלעבן קאָלעגע, ווי ער וואָלט דורך דעם אַרומנעמען געוואָלט געבן אַ סימבאָלישן באַווייז, אַז אין דער געפאַר גייען מיר אַלע האַנט אין האַנט, איז דער אַדוואָקאַט אַרומגעגאַנגען פון איין טישל צום אַנדערן און גערופן אַלעמען בייצו־ווינען דעם משפּט, ווו עס וועט אַרויסגעטראָגן ווערן דער ריכטיקער אור־טייל אויף די באָלשעוויקעס פאַר דער רוסישער צוקונפט. און דער עולם האָט זיך אויך שוין טאַקע אָנגעהויבן צו קלייבן. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו רייסן איבער בענקלעך. די דינערשאַפט איז געוועזן פאַרנומען מיט אויסריכטן אויף געשווינד אַ פּראָוויזאָרישע בינע, ווו עס זאָלן זיצן די ריכטער און די געשווירענע. מיטאמאָל איז עפּעס געשען, און דער עולם איז שטיין און זיצן געבליבן אין אַ חושך־מצרים.

די פינצטערניש האָט אין ערשטן אויגנבליק אַרויסגערופן אַ פּאַניק. עס האָבן זיך דערהערט אַ פּאָר ווייבערשע היסטערישע אויסרופן. נאָר דאָ און דאָרט האָבן באַלד אויפגעפלאַמט אָנגעצונדענע עלעקטרישע טאַ־שן־לעמפּלעך. און אייניקע בכבודע שטימען האָבן פון פאַרשידענע ווינ־קעלעך גערופן זיך צו באַרואיקן:

— איינשטילן, איינשטילן זיך. איינשטילן. ס'וועט באַלד זיין ליכ־טיק.

— וואָס הייסט דאָס? וואָס מיינט עס, ליבינקע?

און אַלע אויגן האָבן זיך געווענדעט צו דעם איינציקן, וואָס קאָ. געבן אויפקלערונגען, צו מישקען.

— דאָס מיינט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן באַזעצט די עלעקטרישע סטאַציע, — האָט מישקע אָפּגעענטפערט.

נאָר קוים האָט מישקע פאַרענדיקט דעם זאַץ, האָט די עלעקטריע אָנגעהויבן ווידער צו לייכטן.

— אָ! — האָבן אַלע אויגן אויפגעשטראַלט און געקוקט אויף מיש־קען מיט פרעמדקייט און אומצוטרוי.

— און דאָס מיינט, אַז די באָלשעוויקעס זענען אָפּגעשטויסן גע־וואָרן פון דער עלעקטרישער סטאַציע, — פאַרלירט זיך נישט מישקע.

— אַזוי גיך? — וווּנדערט זיך אַן עלטערער הער.

— עפּעס שטימען דאָ נישט אינגאַנצן אייערע ידיעות, טייערינ־קער. — און מען מוז מודה זיין, אַז דאָס מאָל האָט מישקע געליטן אַ צוריקשטויס אין זיין אויטאָריטעט.

— נו, מיינע הערן, מירן אָנהייבן דעם משפּט איבער די באָלשע־וויקעס. אָט טאַקע באַלד. מיר האָבן געפונען אַ פאַרטיידיקער, — האָט אויסגערופן דער אַדוואָקאַט, אָנגעשטעקט פון דער זיכערקייט, וואָס דאָס צוריקגעפונענע עלעקטרישע ליכט האָט אַרויסגערופן ביים עולם. — טאַ־קע, אָט אין דעם זאַל, אין אונדזער „געפאַנגענשאַפט״. מיינע הערן, פאַר־נעמט די פּלעצער, ביטע.

מיר מוזן מודה זיין, אַז לײַדער נאָר אַ קליינער טייל פונעם עולם, און דאָס דער ייִנגערער עלעמענט, אַזוי צו זאָגן, דער אינטעליגענטער, איז געווען פאַראינטערעסירט אין דעם דאָזיקן ענין, און אַרויסגעוויזן צו דעם וויכטיקן משפּט, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט פאַררופן איבער די באָל־שעוויקעס, דעם געהעריקן אינטערעס. דער איבעריקער טייל פון עולם, און דאָס דער גרעסטער, האָט גאָר קיין אינטערעס נישט געהאַט צו דעם אורטייל, וואָס איז אַזוי נויטיק געווען אַרויסצוברענגען פאַר דער צו־קונפטיקער געשיכטע.

זיי האָבן זיך נישט געלאָזט שטערן אין זייערע אָנגעהויבענע „ביב־קעס״, אין זייערע טרינקערייען, וואָס האָבן איצט צוליב דער גוטער שטי־מונג, וואָס האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט מיטן צוריקגעפונענעם עלעק־טרישן ליכט, זיך צעפלאַקערט אין אַ ריכטיקן ברען. זיי האָבן דעם גאַנצן

פארפלאָנטערטן ענין פון „באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס", אין וועלכן אַ גרויסע מדינה איז פּלוצלינג אריינגעצויגן געוואָרן, איבערגעלאָזט פאַר די יידישע קעפּלעך, — זאָלן זיי זיך אַליין רייסן ביי די האָר.

עס איז אויך געווען שווער זיך פונאנדערצוקלייבן אין דעם דאָזיקן גאנצן ענין. אויב די דיסקוסיעס און רעדעס האָבן ביים אָנהייב פון דער רעוואָלוציע נאָך ארויסגערופן נייגעריקייט און אינטערעס ביים ברייטן עולם און מען איז געקומען צושטראָמען אין די מאסן צו הערן אַ פּאָליטישן רעדנער, זענען זיי שוין איצט אזוי דערעסן געוואָרן, אַז קיינער האָט מער נישט געוואָלט הערן קיין פּאָליטישע רעדעס.

דער עולם איז זיך צעקראָכן פון דעם ביליארד-זאַל, ווער צוריק אין זיין האָטעל־צימער, ווער אין אַלגעמיינעם בופעט. אָפּגעשטעלט האָט זיך נאָר אַ קליינע גרופּע פון מענטשן מיט „אָריענטאַציעס" און „פּאָליטישער באַפּאַרבונג". אָבער דער באַרימטער אדוואָקאַט האָט זיך נישט געלאָזט אָפּשרעקן פון די לייזדיקע שטולן. ער האָט נאָר באַדויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף דער איגנאָראַנץ פון דעם רוסישן עולם און געברומט פאַר זיך מיט אַ קרעכץ:

— אָך, רוסלאַנד, רוסלאַנד!

די דינער האָבן אויפגעשטעלט אַ לאַנגן טיש. לויטן גייסט פון דער צייט, האָבן זיי אים באַדעקט נישט מיט אַ גרינעם טוך, נאָר מיט אַ רויטן. זיי האָבן געשטעלט אויפן טיש צוויי מיט ליכט אָנגעצונדענע קאַנדעליאַבּרעס, און מען מוז מודה זיין, אַז ווען דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט זיך געזעצט הינטערן טיש, אויף דעם הויכן גאָלדענעם פּאָטערשטול, וואָס איז צוליב דעם צוועק אַוועקגעשטעלט געוואָרן, און פון ביידע זייטן זענען געווען זיינע צוהעלפער, — האָט זיין גרויער, באַוואַקסענער קאָפּ האָר, באַשיינט פון דער יום־טובדיקער באַלייכטונג פון דעם ליכט, ארויסגערופן צו זיך רעספּעקט און אכטונג.

דער רויט־באַדעקטער טיש מיט די לייכטנדע קאַנדעליאַבּרעס האָט צוגעגעבן דעם פּראָצעס חשיבות און שטימונג, אַז מען האָט געקאָנט מיינען, מען געפינט זיך מיט אַן אמת אויף אַ היסטאָרישן משפּט. עס האָט נאָר געפעלט אויף דער וואַנט, הינטערן טיש, אַ פּאַסיק בילד פון אַ רעגירנדיקער פּערזענלעכקייט. אָבער דעם אדוואָקאַטס גרויער קאָפּ האָט

דאָס אויך פֿאַרטראַכטן, און מיט אַ געריטער שטימע און פֿייערלעכקייט אין טאָן האָט דער אַדוואָקאַט אָנגעהויבן זיין רעדע:
— מיינע הערן, דאָס געריכט זיצט.

## קאַפּיטל 5

# אין גובערנאַטאָרס הויז

דורך דער צייט, ווען דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט אָפּגעהאַלטן אין האָטעל „מעטראָפּאָל" זיין משפּט איבער די באָלשעוויקעס, האָבן די באָלשעוויקעס נישט גערוט.

דער ראַט פֿון די סאָלדאַטן איז געווען אין מאָסקווע אונטער דער עס-ערישער השפּעה. כּדי צו באַשאַפֿן אַ קעגנגעוויכט, האָט דער רעוואָלוציאָנערער קריגס-קאָמיטעט פֿאַררופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די דעלעגאַטן פֿון מאָסקווער גאַרניזאָן, אויפֿצוקלערן די סאָלדאַטן וועגן די צילן פֿון די באָלשעוויסטישע געשעענישן אין פּעטראָגראַד און אָנצונעמען צו זיי אַ שטעלונג.

מיט די זעלנערישע דעלעגאַטן האָבן זיך אויך אַריינגעכאַפּט אויף דער פֿאַרזאַמלונג פֿאַרשטייער פֿון די אַנדערע פּאַרטייען, כּדי אויפֿן אָרט זיך אַנטקעגנצושטעלן קעגן די באָלשעוויסטישע אויספֿירונגען און אַגיטאַציע.

אויפֿן טשערנישעווסקי-פּלאַץ האָט זיך געפֿונען דאָס גענעראַל-גובערנאַטאָרישע הויז, וואָס האָט כּמעט פֿאַרנומען דעם גאַנצן פּלאַץ, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען סקאָבעלעווס דענקמאָל, ביז צו דער טווערסקאַיאַ גאַס. דאָס כאַראַקטעריסטישע רויט, מיט וועלכן עס זענען געווען אָנגעפֿאַרבט די רוסישע רעגירונגס-געביידעס, האָט שטענדיק אָנגעיאָגט אַ שרעק אויף די איינוווינער פֿון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. דאָס רויט, אָבער, פֿונעם מאָסקווער גענעראַל-גובערנאַטאָרס הויז איז געווען ווי פֿייערדיק בלוט. נאָך מער האָבן פֿאַרשטאַרקט דעם איינדרוק פֿון דעם געפֿערלעכן קאָליר די באַגנעטן פֿון די ביקסן וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פֿון די טיפֿע שעפּסן-פּעלצן, וועלכע די קאָזאַקן און סטראַזשניקעס, וואָס פֿלעגן שטענ-

דיק באוואכן דאָס דאָזיקע הויז, האָבן געטראָגן, און אויך די פאַרדעכטיקע, ציוויל-געקליידעטע מענטשן, וואָס האָבן זיך תמיד געדרייט אַרום דער דאָזיקער געביידע.

די מאָסקווער איינוווינער, ווען עס פלעגט זיי אויסקומען פאַרביי־צוגיין דעם טשערנישעווסקי־פּלאַץ, פלעגן אריבערגיין אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר, כדי זיי זאָלן נישט דערוועקן קיין חשד אויף זיך דורך דעם, וואָס זיי וועלן צופעליק לאָזן בלאָנדזשען זייערע בליקן אין גרויסן, אומהיימלעכן הויף, וואָס קוקט אַרויס פון דעם ברייט־געעפנטן און שווער־באַלאַדענעם טויער.

פון קדמונים־אָן האָט דאָס דאָזיקע הויז באַוווינט אַזעלכער, וואָס האָט אַליין אָפּגעשטאַמט פון צאַרישן בלוט, אָדער גאָר אַ נאָענטער פון דער צאַרישער משפּחה.

זייט דער פעברואַר־רעוואָלוציע, ווען פון פּראָנט האָבן זיך געטראָגן אָפּגעריסענע, בלאָנדזשענדיקע טיילן פון אָוועקגעלאָפענע סאָלדאַטן, ווען עס האָבן זיך אין מאָסקווע אָנגעקליבן פון אַלע פיר עקן רוסלאַנד היימלאָזע זעלנער און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין „צענטער“, — האָבן זיי, ווי די צייט וואָלט געוואָלט אויסשפּילן איר איראָניע, דווקא פאַרנומען דאָס הויז פון דעם אַנטלאָפענעם גובערנאַטאָר. אַלע געביידעס און אַלע זיינע טיילן, אַלע זיינע באַוווסטע און פאַרבאָרגענע שטובן זענען געווען אָנגעפּילט מיט מיליטערישע אָפּטיילונגען, אַ בבלדיק צוזאַמענקלייבעכץ פון אַלע פעלקער און ראַסן, וואָס האָבן באַוווינט די ברייטע רוסישע ערד: בלאָנדע, לאַכנדיקע גרויס־רוסן, ברונעט־באַהאָרטע, מיט קאַלב־אויגן, אַריינגעזעצט אין תמעוואַטע פּנימער, קליין־רוסן, קאַלמוטנע, טרויעריקע, מיט קאַלמי־קישע אויגן־שניטן, אַזיאַטן, שוואַרץ־אויגיקע, מיט קאַרטאָפל־פּנימער, גע־שטופּלטע פּאָליאַקן, און קליינגעוויקסיקע רירעוודיקע יידן. נאָר מער ווי אַלץ איז דאָס הויז געווען באַזעצט פון שוואַרץ־מוטיקע, מיט שלעכטס־אָנ־געגאָסענע פּנימער לאַטישן, און ליטווינער, אָנגעטון אין אַלע מעגלעכע שטיקער קליידונג: אין פוטערנע היט, אין שטיוול, און פאַרשידענע פאָר־מען רעקלעך, נישט לויט דער פאָרמע, נאָר ווי עס האָט זיך געלאָזט.

מיט זיי האָט זיך אויך פאַרקליבן אַ היפשער עולם, וואָס האָט די־רעקט מיט מיליטער נישט געהאַט קיין שייכות: אַגיטאַטאָרן און טוער פון פאַרשידענע סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען, אויך

געקליידט, ווען אפילו נאָך ציוויל, נאָר מיט מיליטערישן שניט, אין קור־צע פעלצלעך אָדער אין לעדערנע כאַלאַטן, אין שטיוול און אין לויט אַ מיליטערישער פאָרם צוגעשניטענע היט. אַלע אָן אויסנאַם מיט אַכט-טע־גיקע און צוויי־וואָכיקע שמוציק־צוגעוואַקסענע בערד אויף די גאַמבעס.

דאָס גובערנאַטאָרישע הויז אין געוואָרן דער זיץ פון רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט. און אָט דעם דאָזיקן קאָמיטעט האָבן אַלע רעוואָלוציאָ־נערן געוואָלט געווינען אויף זייער זייט. זענען דאָרט, אין דעם גובערנאַ־טאָרישן הויז, צייט חדשים און חדשים אָנגעגאַנגען דיסקוסיעס און מיטינ־גען, רעדעס און אויפפאָדערונגען פון אַלע פּאַרטייען, וואָס האָבן פאַר־מוטשעט די זעלנער.

דאָס גובערנאַטאָרישע הויז, קאָן מען זאָגן, איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ קלויז. און די סאָלדאַטן — אין ישיבה־בחורים, מיט וועלכע יעדע פּאַרטיי באַזונדער האָט געהאַלטן אין איין קנעלן אירע אייגענע פּראָ־גראַמען, אין איין פאָרלעזן אירע טעזיסן, אין וועלכע די סאָלדאַטן האָבן פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זיך פונאַנדערקלייבן. פאַרשטייט זיך, אַז נאָך יעדער דיסקוסיע האָט מען אָנגענומען אַ פּאָסיקע רעזאָלוציע, און עס האָט זיך געביטן דער צוזאַמענשטעל פונעם קאָמיטעט, און שליסלעך האָבן די זעלנער פאַרגעסן די פּנימער פון זייערע אויבערשטע, און יעדער סאָלדאַט איז געוואָרן זיין אייגענער קאָמאַנדיר...

אַז די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, האָבן נישט נאָר די אָרימע סאָלדאַטן נישט געוווסט, אויף וואָס פאַרא וועלט זיי זע־נען, נאָר אויך זייערע פירער זענען צעמישט געוואָרן.

אין אינעם גרויסן גובערנאַטאָרישן זאַל, דאָרט, ווו עס זענען אָפּגע־האַלטן געוואָרן די גרויסע מאָסקווער באַלן פון רוסישן אדל, פאָרגעקומען איצט די גרויסע דיסקוסיע פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וואָס זע־נען געווען פאַרטראָטן אין רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט.

דער אומהיימלעכער גרויסער זאַל, מיט די ווענט באַשלאָגן מיט ראָ־זעווען דאַמאַסק, צווישן די מאַרמאָרנע זיילן, — דער באַלקאָן באַמאָלט מיט געטינס און מוזעס אויף אַ בלויען הימל, — איז געווען איבערגע־פּאַקט מיט זעלנער און אַרבעטער.

דער מאַרמאָרנער באַלקאָן, פון וועלכן עס פלעגט זיך אין די גוטע צייטן הערן שפּילן זעלנערישע מוזיק, איז היינט געווען פול מיט צעפּלאָ־

שטומע טעופדינגעם פון זעלנערישע קעפ. דאָ און דאָרט פעלט שוין אַ שטיק זיידנס פון דער באַשלאָגענער וואַנט. אָבער רעכציינ־זיק האָט זיך אריינגעמישט די „הויז־קאָמיסיע“, און דאָס שטיק זיידנס איז געבליבן הענגען און פאַלט אַריבער איבער אַ בראָנזענע וואַנט־קאַנדעליאַברע.

און די פאַרגילדעטע בראָנזענע פיגורן פון נאַקעטע פרויען, נימפן און אַמורן טוען דאָס זייעריקע: זיי האָבן אַמאָל באַלויכטן די רוקנס און אָרעמס פון די שיינע מאָסקווער דאַמען אויף גוּבערנאַטאָרישע בעלער; זיי באַ־לויכטן איצט, כאָטש פאַרשמוצט און פאַרזשאַווערט, די זעלנערישע צעי־שוויצטע פנימער. די מאַרמאָרנע זאַלן שוויצן. עס הויכט פון זיי מיט אַ דומפּיקער ראָסע, וואָס שלאָגט פון דורכגעוואַרימטע, צונויפגעקנאָטענע זעלנערישע לייבער.

פון דער נישע־בינע, פון וועמענס הינטערגרונט עס פלעגן אַראָפּקוקן די פאַרמעט־ אָדער שאָקאָלאַד־קאָלירן פון די קייזערלעכע פאַמיליען־ביל־דער, פלאַמען איצט אַרויס רויטע טיכער מיט פאַרשידענע „וווּנטש“־אויפ־שריפטן, אַ גרויסער באָרד־פּלאַנטער און אַ לייכטנדיקער שטערן פון קאַרל מאַרקס. ביי אַ ברייטן, רויט־באַדעקטן טיש זיצן די פירער. דאָרט שטייען די רעדנער, און דער זעלנערישער עולם הערט זיך צו.

טייל — מידע, שלעפעריקע, פאַרלאַנגוויילוקטע — פאַלן איינער אויפן אַנדערנס אַקסל, דורשטיקע נאָך שלאָף. שוין צייט חדשים און חדשים, ווי עס גייען־אָן די דעבאַטן, און וועגן וואָס, אייגנטלעך, ווייסט מען נישט. מען האָט געזאָגט, אַז ווען מ׳וועט דעם צאַר אַראָפּוואַרפן, וועט מען די סאָלדאַטן פונעם פראָנט אַהיימשיקן, ערד צו די פּויערים צעטיילן. און דאָ האָט מען שוין דעם צאַר אַראָפּגעוואָרפן און אויפן פראָנט שלעפּט מען נאָך, און פון קיין ערד הערט מען נישט. פאַרמיאוסט איז געוואָרן דאָס אַרומוואַלגערן און אַרומשלעפּן זיך איבער די שטעט. געגנוג שוין דאָס הוליען און הולטאַיען, עס בענקט זיך אַהיים, צום אייגענעם דאָרף, צום אייגענעם פעלד, צו דער אייגענער משפּחה. צו די אייגענע בהמות. און דאָ האַלט מען אין איין רעדן און רעדן, קריגן און אַמפּערן זיך, און אויס־גלייכן קאָן מען זיך נישט. אַז דער טייוול זאָל דאָס אַלעס כאַפּן!...

אַנדערע פּנימער זענען אויפגעלעבטע, נאַאיווע, קוקן פאַרלוירן מיט בהמהשע בליקן, ווילן פאַרשטיין, ווילן באַנעמען. אין עפּעס־וואָס גייט עס דאָך, עפּעס מוז עס דאָך זיין, אויב עס איז געקומען דערצו, צו אַ ברי־

דער־קריג. און וועגן וואָס גייט עס דאָך? דער טייוול וועט עס נישט באַנעמען.

אַנדערע פּנימער זענען באַלעבטע, צעהיצטע. דער שווייס רינט פון די צוגעקלעפּטע, געדיכטע, שטעכיקע האָר אויפן קליינעם שטערן, די נאָז־לעכער צעשפּרייט, אָטעמען טיף. דאָס מויל איז אויפגעריסן, מיט צונג און ציין אַרויס. מען שרייט עפּעס, און מען ווייסט נישט וואָס.

אַנדערע, שטילע, זאַפּן אין זיך אַלץ אַריין, ווי אַ שוואָם, הערן זיך צו מיט אַ רעליגיעזער תמימותדיקייט און שאָקלען־צו מיטן קאָפּ. אַנדערע זענען גאָר שוין ווי צעממיתט פון די פאַרשידענע ווערטער, וואָס ווערן געוואָרפן פון אויבן, פון דער פּלאַטפאָרמע, ווי זיי וואָלטן געווען שטיינער, אין קאָפּ געזעצט. יעדעס וואָרט טרעפט, ווי געצילט פון אַ ביקס. און דער האָט געטראָפן, און יענער האָט געטראָפן: דער האָט רעכט, און יענער האָט רעכט. נאָר ווי אַזוי דאָס וועט זיין, ווייסט מען נישט. און פון צוזאַמענגעקוועטשטע לייבער זעצט אַ היץ, אַז דאָס העמד קלעפּט זיך דיר אויפן רוקן. אינעם גאָרגל איז טרוקן, דאָס מויל איז פאַרקלעפּט פון שלעכט־אויסגעבאַקענעם, פּייכטן ברויט, פון שלעכטע, פּעטע קאַשע און פון בלויז „קיפּיאַטאָק“, ווייל קיין טיי איז נישטאָ געווען. וואָלט כאָטש אַ שלוק וואַסער געווען אַרונטערצושווענקען דאָס טייגעכץ!

נאָר הערן מוז מען. עס איז דאָך נויטיק צו וויסן. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן עפּעס וויכטיקס. אַז דו קאָנסט עס נישט פאַרנעמען, איז עס נאָך קיין באַווייז נישט. מען שלאָגט זיך דעריבער, מוז עס דאָך יאָ עפּעס זיין. נאָר וואָס? דער טייוול ווייסט. און דאָ דער געשטאַנק, און די היץ נעמט דיך אַרום אַזוי ווי דו וואָלסט אין אַן איבערגעהייצטער באָד געווען.

און דאָרטן אויבן, אויף דער פּלאַטפאָרמע, אין דער נישע־בינע, אונטער די טיכער, זיצן זיי, אייגענע און פרעמדע, סאָלדאַטן און ציוויל־געקליידעטע. אַ סאָלדאַט פונעם זעקס און פופציקסטן פּולק, וואָס איז אין קרעמל, און מאַטראָזן צוויי. הינטישע זין, די מאַטראָזן. פון זיי קומט דאָס אַלץ אַרויס. נאָר קלוגע יונגען, זיי באַנעמען אַן עסק, ווייסן וועגן וואָס עס גייט. און ציווילע, מיט אַרבעטער־העמדלעך און נישט־געשווירע בערד. נאָר די גוטע יאָר ווייסן זיי, די ציווילע. אַז זיי רעדן, וועסטו עס נישט באַנעמען, און אַלעמאָל זענען זיי הייזעריק. דער טייוול זאָל זיי נעמען!

און אָט שטייט ער, דער ציווילער, מיט דער פלאַכער ברוסט. וואָס

ער רעדט, קאָנסטו נישט הערן. דאָס קול איז ווי אין א פּאַס אריין, הייזע־ריק ווי אַן אָפּגעצוואָגענער קאָטער. און טאָמער דערגייט שוין יאָ צו דיר אַ וואָרט, קריכט עס פון האַלדז: נאָך אַמאָל „די רעוואָלוציע אין געפאַר“, „מיט די בריסטן זי צו באַשיצן“. פון וואָס פאַראַ בריסטן רעדט ער? וואָלט עס כאָטש אַ נקבה געווען, וואָלט זיך געוועז געלוינט צו הערן פון בריסטן. אַזוי קומט עפּעס אויס ווי אַ שטעקן אין אַ ברעט אַריין. צום טייוול!

אַלע ווילן זיי פון דיר דאָס לעבן. צוערשט האָבן זיי גערופן צו באַ־שיצן דעם צאַר, דערנאָך דאָס פאָטערלאַנד, און איצט — די רעוואָלוציע. און דו, אַז דו וועסט אוועקגעבן דאָס לעבן, ביי וואָס־זשע וועסטו בלייבן? די רעוואָלוציע קאָן דיך נישט נאָכאַמאָל געבוירן.

— שווייג, הינטישער זון! דו הערסט נישט וואָס מען זאָגט צו דיר? די „ווייסע“ ווילן דיך שיקן אויפן פראָנט, און די לאָזן נישט. די זאָגן: גיי נישט, מען באַדאַרף נישט, גענוג מלחמה.

— וואָס קומט מיר אַרויס, אַז די הייסן מיך אַרויסגיין אויף דער גאַס, אַרונטערשטעלן זיך אונטער די פּולעמיאָטן פון די „ווייסע“? וואָס איז דער חילוק וווּ איך וועל געפינען מיין טויט, דאָרט צי דאָ?

— און דו, הינטישער זון, אַז דו וועסט נישט גיין אויף דער גאַס, וועלן קומען די „ווייסע“ און דיך שיקן אויפן פראָנט. פאַרשטאַנען? און די לאָזן נישט. די זענען דאָך פון אונדזערע. אַ באָלשעוויק רעדט איצט, פאַר־שטאַנען?

— כאַפּט זיי אַלע דער טייוול! אויף איין בוים באַדאַרף מען זיי אַלע אויפהענגען, אי קערענסקין, אי לענינען, און די אַנדערע יידן. עשאַלאָנען באַדאַרף מען נעמען און אין די דערפער צוריקפאָרן. ערד באַדאַרף מען געבן — און זיי רעדן אַלץ וועגן רעוואָלוציע, אַז עס האָט שוין דערעסן. הייליקער קריסטוס! דער טייוול זאָל זיי אַלע כאַפּן!

— מאַכט אים שטיל. ער האָט געטרונקען, צי וואָס, דער הינטי־שער זון?

— ער האָט דען נישט רעכט? וואָס ברייען זיי אָן? געזאָגט, אַז די רעוואָלוציע וועט קומען, וועט מען דיך אַהיימשיקן און דיר ערד געבן. צו וואָס האַלטן זיי דאָ אין שטאָט נאָך אונטער דער ביקס? און קיין ערד זעט מען אויך נישט. הינטישע זין זענען אַלע.

די בערד זענען ביי זיי געוועזן אָנגעוואַקסענע, און די פּנימער טרווי־

עריקע. די גרויע אויגן האָבן פון זייערע קעלבער־לעכער ארויסגעקוקט האַלב־פאַרחלומט, האַלב־פאַרצווייפלט. נישט פון איין זעלנערישער ברוסט האָט זיך ארויסגעריסן א טיפער קרעכץ, צוהערנדיק זיך צו דער הייזע־ריקער, שרייענדיקער שטים פון רעדנער.

— אז דער טייוול זאָל זיי אַלע נעמען!

— שווייג שטיל, לאָז הערן! — זאָגט א מיטליעריקער זעלנער מיט אן אָנגעשטרענגט פּנים פון שווערן פאַרנעם, וואָס קוקט ארויס פון א רונדיק־שטעכעדיקער באָרד און א ווילד־באַוואַקסענעם קאָפּ האָר.

— וואָס וועסטו הערן, אז פאַרשטיין וועסטו סיי־ווי־סיי נישט.

— העי, חבר, זאָג אונדז, וואָס איז דאָס אַזעלכעס באָלשעוויקעס? — האָט זיך געהערט א ווייט אָפּגעלייגטע שטים פון א ווינקל ארויס, — און דער פרעגנדיקער קייעט דערביי א שטיק שוואַרץ ברויט.

צוערשט האָט די דאָזיקע פראַגע ארויסגערופן פאַרפרעמדונג און פאַר־וווּנדערונג. דער רעדנער איז צעטומלט געוואָרן אויבן אויף דער פּלאַט־פאָרמע, אזוי אויך א טייל פון עולם. פאַר פאַרוווּנדערונג האָט מען נישט געקאָנט ענטפערן.

— עי, דו פערדישער קאָפּ! דאָס זענען דאָך באָלשעוויקעס! מיר זע־נען דאָך אויך א באָלשעוויסטישער פאַרזאַמלונג, — האָט ווער אָפּגעענט־פערט דעם פרעגנדיקן.

— דאָס ווייס איך. איך בין אַליין א באָלשעוויק. נאָר וואָס אַזוינס עס זענען די באָלשעוויקעס, דאָס האָט אונדז נאָך קיינער נישט געזאָגט. וואָס ווילן מיר און וואָס ווילן זיי?

די פראַגע איז געווען ווי אן אָראָפּגענומענער חרם. מיטאַמאָל האָבן אַלע דערפילט, אז מען מעג פרעגן, און עס האָבן זיך שוין געהערט שטי־מען פון אומעטום:

— דאָס איז ריכטיק. זאָל אונדז דער חבר איינמאָל פאַר אַלעמאָל דערקלערן, — זאָגט ווייטער א צווייטער, א נידעריקער, וואָס מען זעט אים קוים ארויס פון די סאָלדאַטן־אַקסלען, — וואָס אַזוינס איז א באָל־שעוויק?

דער רעדנער איז געווען א טיפּישער אינטעליגענט, א מענטש, וואָס איז ערשט צוריקגעקומען פון אויסלאַנד, אין פרעמדלענדישער קליידונג מיט א שמוציקן קאָלנער און קראַוואַט, — און ער איז זייער בלייך גע־

וואָרן. די פראַגע האָט אים זייער צעמישט. ער האָט געפּרוווט ווייטער רעדן, נישט פאַר די סאָלדאַטן, נאָר פאַר די חברים, וואָס זענען געזעסן אויף דער פּלאַטפאָרמע.

די זעלנער האָבן אָנגעהויבן צו ליאַרמען, און ער האָט געמוזט פאַר־לאָזן זיין רעדנער־אָרט.

די דאָזיקע סומאַטאָכע האָט אויסגענוצט דער קעגנערישער צד. דער קריגס־קאָמיטעט, ווי געזאָגט, איז נאָך דענסטמאָל, ביים אָנהייב פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, באַשטאַנען פון געמישטע רעוואָלוציאָנערן. עס זענען נאָך געווען אין אים „עסערן" און „מענשעוויקעס", כאָטש זיי זענען שוין געווען כמעט ווי אַרויסגעשטופּט. און כאָטש עס זענען שוין געגאַנגען קאַמפן אויף די גאַסן צווישן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָבן זיי נאָך געפּרוווט צו פאַרנעמען בשותּפותדיקע פּלאַט־פאָרמען.

אויף דער פּלאַטפאָרמע פאַר די סאָלדאַטן האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אַן „עסערישער" רעדנער, אַ שווארצער ברונעט, אַ הויכער מיט אַ צעפּלאָ־שעטער, געדיכטער טשופּרינע, מיט אַ שוואַרץ, שפּיציק בערדל „אַלאַ טשערנאָוו", ווי עס איז דענסטמאָל געווען די מאָדע צווישן רעוואָלוציאָ־נערן. זיין פּנים איז געווען מיט רויטע, געזונטע באַקן און צופרידענע, לאַכנדיקע אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געווען גענערט פון רעוואָלוציע און וואָלט פון איר געוואַקסן אין דער ברייט און אין דער לענג. די צו־פרידנקייט פון זיין פּנים איז נישט בלויז געווען צוליב דער „גוטער צייט", אין וועלכער מיר לעבן, נאָר זי האָט אים אַרויסגעשטראַלט פון זיינע איי־גענע מעלות...

ביי זיין דערשיינען האָט זיך אויפגעהויבן אַ גוואַלד און אַ ליאַרעם פון פאַרשידענע זייטן, סיי מצד דער פּלאַטפאָרמע, סיי מצד דעם עולם: „פאַרקויפטע נשמה", „קאַדעט", „ווייסער גוואַרדיסט", „קאָנטר־רעוואָלו־ציאָנער", און נאָך אַנדערע גוטע נעמען. אָבער עס האָט אים נישט גע־אַרט. אדרבא, די דאָזיקע נעמען האָבן אים געחנפעט. עס האָבן זיך שוין געריסן הענט צו אים, מיט הענט איז אים געפּרוווט אַראָפּשלעפּן פון דער פּלאַטפאָרמע. אָבער ער האָט זיך, אַ שמייכלדיקער, געווערט, און נישט געלאָזט זיך פאַרטרייבן פון זיין אָרט.

דער טייל פונעם סאָלדאַטישן עולם, וואָס האָט באַלאַנגט צו זיין צד,

האָט אים אונטערגעשטיצט און געפאָדערט, אַז מען זאָל אים לאָזן רעדן, הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. אַנדערע האָבן געפאָדערט אים אָפּצורוימען. אין דעם דאָזיקן רויש און רעש האָט ער זיך נישט געלאָזט שטערן. ער האָט גערעדט מיט אַן אויסערגעוויינלעך שרייענדיקער שטימע, וואָס האָט שליסלעך באַזיגט דעם ליאַרעם פון עולם.

גערעדט האָט אַזוי ווי ער האָט געדאַרפט רעדן, אַזאַ צעפּרידענער, מיט אַ לאַכנדיקער שטימע, און ביי יעדן זאַץ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט שמייכלענדיק דעם עולם אין פּנים אַריין. אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט אויף באַוווּנדערונג. ער האָט געשאָקלט פאַר באַגייסטערונג מיט זיין מטופּרינגע, אַן אַנטציקטער פון דעם זאַץ, וואָס ער האָט אַרויסגע־זאָגט. אַזוי גרויס און שטאַרק, ווי ער איז געווען, האָט ער נאָר באַנוצט פאַרקלענערונגס־ווערטער. זעלנער האָבן ביי אים נישט געהייסן קיין זעל־נער, נאָר „זעלנערלעך", און חברים — „חברימלעך".

און אַזוי געזונט און קרעפטיק, ווי דער מאַן האָט אויסגעזען, האָט ער געהאַט אַ פאַרגאַנגענהייט, וואָס וואָלט געקאָנט אַוועקלייגן אַ ראָטע סאָלדאַטן. עס האָט עפּעס אויסגעזען, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געגערט מיט רעוואָלוציע. אַ רעוואָלוציאָנער מיט אַן אומדערהערטער טעראָריסטישער פאַרגאַנגענהייט. אַליין האָט ער געשטאַמט פון דער העכערער באַאַמטנ־שאַפט. האָט ער זיך נאָך אין די סטודענטישע יאָרן אָנגעשלאָסן אָן דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון זיין פּאַרטיי.

יאָרן־לאַנג האָט ער געלעבט אַלס איינפאַכער „איזוואָזשטשיק" אין מאָסקווע, אין פּעטערבורג, וווּ ער פלעגט פון זיין וועגעלע באַאָבאַכטן די טעגלעכע געוווינהייטן פון די מיניסטאָרן און העכערע באַאַמטע, וועלכע זיין פּאַרטיי האָט פאַרמשפּט צום טויט. אויף זיין וועגעלע פלעגט ער אי־בערפירן באָמבעס דינאַמיט און אַנדערע אויפרייס־מאַטעריאַלן. אַמאָל פלעגט ער זיך אויך פאַרשטעלן פאַר אַ פּרוכט־הענדלער און אַרומגיין אי־בער די גאַסן. יאָרן און יאָרן האָט ער אַזוי אָפּגעלעבט, גערעדט און גע־שאָלטן זיך מיטן פּראָסטן פאָלק, געוווינט אין נאָרעס, אין לעכער, געהיטן זיין פערד־און־וועגעלע און געווען פאַררעכנט צווישן די בעלי־עגלות, ווי אַ גוטער באַלעבאָס.

ער האָט פאַרגעסן דאָס אינטעליגענטישע לשון, די מענטשלעכע קליי־דונג. ער איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ פינצטערן פאָלקס־מענטש, ביז

ער איז ענדלעך אריינגעפאלן אין סיבער, פון וואנען עס האט אים באַפרייט די פעברואר־רעוואָלוציע. קוים אָבער איז ער געקומען אהיים און געפונען די זייניקע ביי דער מאכט, האט ער געהאט דאס געפיל, ווי ער וואלט אנגעטון א פראק און א צילינדער אויף זיינע רעוואָלוציאָנערע קליידער.

עס זענען ערגעץ־ווו פארשוווּנדן די סאָציאַליסטישע אידעאלן, פאר וועלכע ער האט געקעמפט זיין גאנץ לעבן, און עס איז איבערגעבליבן דער געטרייער זון פון זיינע עלטערן, די באַאמטע. יאָ, די ליפּן האבן נאָך געפלאפּלט אויס געוווינהייט: „די ערד — צו די פּויערים, די פאבריקן — צו די ארבעטער". אָבער דאָס איז געווען א פרומער ווונטש, וועלכן מען באַדאַרף אָפּלייגן אויף בעסערע צייטן, ווען משיח וועט קומען. „משיח וועט קומען" האט געהייסן — נאָכן זיג פון דער מלחמה. פּאָרלויפיק האט ער נאָר געזען „רוסלאנד", אין פּאטריאָטישן זין, וואָס וואָלט אים ווייניק וואָס אָפּגעטיילט פון זיינע עלטערן, פון א סאראטאָווער אָדער אן אַנדערן גובערנאַטאָר. ער האט אָבער, לויט זיין טראדיציע, און לויטן גייסט פון דער צייט, געקאָנט איינהילן זיין פּאטריאָטיזם אין א רעוואָלוציאָנערן מאנטל. ער איז געווען אן אָנהענגער פון „קריג ביז צום זיג" — ווי יעדער אנדערער פּאטריאָט, פאר דער „גלאָריע פון פאָטערלאנד". נאָר אָנשטאָט „פאָטערלאנד", האט ער באנוצט דאָס וואָרט „רעוואָלוציע" און האט געהאט געגעבן מוט צו פארטיידיקן דאָ, אויף דער פארזאמלונג, זיין שטאנדפּונקט.

— אין א צייט, ווען אונדזערע ליגן אין די פייכטע גריבער און פארהאלטן מיט זייערע לייבער דעם שונא פון איבערטרעטן די טירן פון דער רעוואָלוציע, שפּילט איר זיך הינטער זייערע רוקנס אין אוואנטורעס, כדי צו העלפן דעם שונא אריינצוברעכן צעמישונג אין אונדזערע רייען! — האט ער געדונערט מיט זיין שטים.

— אָך, דו פארשאָלטענער! פארוואָס גייסטו נישט אליין אין די גריבער פארהאלטן דעם שונא?!

— מיר זענען געגאנגען, מיר זענען געגאנגען! — האט ער געדונערט. — ווען איר זענט נאָך געלעגן אין די וויגן, זענען מיר געגאנגען מיט טעראָר! — און ער האט אויפגעהויבן זיין שטים צו אן אומדערהערטן פּאטאָס, ווען ער האט אויסגערופן: — פּונקט אזוי ווי דער טע־

ראָר איז געווען גויטיק פאַר דער רעוואָלוציע, אַזוי איז איצט די מלחמה גויטיק פאַר דער רעוואָלוציע. מיינט נישט, אַז עס איז אונדז געווען אַזוי לייכט צו גיין מיט טעראָר. אונדז האָט געעקלט דערפון, און מיר זענען געגאַנגען, ווייל עס איז געווען אַ נויטווענדיק שלעכטס. דאָס זעל־בע איז איצט מיט דער מלחמה. געווים איז מלחמה אַ פאַרברעכן, נאָר אַ פאַרברעכן, וואָס מיר מוזן באַגיין, כדי צו ראַטעווען די רעוואָלוציע. קיין זאַך קאָן אונדז נישט אָפּשרעקן פאַר דער רעוואָלוציע. נישט דער טעראָר אַמאָל, נישט די מלחמה היינט. מיר זענען נישט קיין פאַציפיסטן פאַר יעדן פרייז. מיר זענען רעוואָלוציאָנערן.

— וואָס פאַרא רעוואָלוציאָנער ביסטו, אַז דו הייסט אונדז גיין אין מלחמה? אַ פאַררעטער ביסטו, נישט קיין רעוואָלוציאָנער!

— פאַררעטער!

— אויף וועמען שרייסטו „פאַררעטער”? דו ווייסט, ווער עס שטייט פאַר דיר? ווען דו ביסט נאָך אַרומגעלאָפן אין די מייטקעס, האָט ער שוין געוואָרפן באָמבעס, — האָט זיך אַן אָנהענגער אָנגענומען פאַר אים.

— יאָ, באָמבעס האָט ער געוואָרפן, נאָר ווען עס איז געקומען צו עפּעס, איז ער אַליין צום צווייטן צד אַריבערגעלאָפן.

אין דעם האָט אַ מאַן מיט אַ גלאַנציקן קאָפּ, וואָס איז געזעסן אויף דער הויפּט־פּלאַטפאָרמע, הינטערן טיש, צו עמיצן אַ שטומען ווונק גע־געבן. אַ מאַטראָז האָט זיך אויפגעהויבן פאַרן עולם און זיך אָנגערופן:

— חברים, וואָס איז די פּעולה פון רעדן? בשעת ער שטייט פאַר אייך, זיצן זיינע שוין מיט די צאַריסטישע אָפיצירן און יונקערס אין דער שטאָטישער דומע און גרייטן צו אַן איבערפאַל אויפן פּראָלעטאַריאַט. איז עס אַזוי, אָדער נישט?

אומזיסט האָט זיך דער רעדנער געריסן עפּעס צו זאָגן. צוויי שטאַר־קע אָרעמס האָבן אים אָנגענומען און אַראָפּגעפירט פון דער פּלאַטפאָרמע.

אין זאַל איז געוואָרן אַן אומדערהערטע אויפרעגונג און סומאַטאָכע.

אויף דער פּלאַטפאָרמע, הינטער דעם טיש, איז געזעסן דער חבר רישקאָוו מיט זיין אויסערגעוויינלעכן גרויסן קאָפּ, וואָס איז געווען אָפּגע־גאָלט און האָט געגלאַנצט אינעם עלעקטרישן ליכט, ווי אַן אָפּגעשייער־טער טאָפּ.

די גאַנצע פאַרזאַמלונג קען חבר רישקאָוון. ער זיצט און בייסט זיך

די נעגל פון די קורצע הענט און זאָגט קיין וואָרט נישט. ער איז נישט קיין רעדנער, חבר רישקאָוו, נאָר אַ הערער. חבר רישקאָוו הערט זיך איין און רעגט זיך נישט אויף. קיין איין מוסקול באַוועגט זיך נישט אין זיין פּנים, ווי די גאַנצע פאַרזאַמלונג וואָלט אים גאַרנישט אָנגעגאַנגען. פון צייט צו צייט שרייבט ער נאָר עפּעס אָן אויף אַ שטיקעלע פּאַפּיר און שאַרט עס צו גלייכגילטיק צום חבר בוכאַנין, וואָס זיצט אויף דער צוויי-טער זייט טיש.

פונקט אַזוי ווי חבר רישקאָוו איז אַ רואיקער און קוקט זיך אום גלייכגילטיק מיט זיינע קאַלטע, רואיקע אויגן אויף די פאַרזאַמלטע סאָל-דאַטן, אַזוי איז חבר בוכאַנין אַ נערוועזער. זיין גאַנצער קערפּער באַ-שטייט פון איין בינטל פאַרטריקנט-געוואָרענע נערוון, וואָס מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ צו גרויסן, אומגעלומפּערטן פרעמדלענדישן שוואַרצן ראָק. אַן אויסגעדרייטער און פאַרשטייפטער הויכער האַלדז ציט זיך אַרויס, ווי ער וואָלט פון דראָטן געדרייט געוואָרן, פון אַ שמוציקן שטייפליגענדן קאָלנער. חבר בוכאַנין האַלט אין איין פאַרשרייבן מיט אַן ענערגישן, אומרואיקן דריקן מיטן בליישטיפט אין אַ נאָטיץ-ביכל. דערביי קנייטשט ער איין זיין אויסגעטריקנט פּנים, אַז עס ווערט ווי אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטער שוואָם. חבר בוכאַנין האַלט אין איין צורעכט-מאַכן זיין פּענסנע, וואָס האַלט אין איין ציטערן אויף זיין דינער נאָז.

איצט, ווען דער עולם האַלט אין איין ליאַרעמען צוליב די רייד פוּ-נעם סיבירישן רעדנער, קוקט זיך דורך שטום, מיט אַ טרוקענעם בליק, חבר רישקאָוו מיטן פּאָרזיצער.

דער פּאָרזיצער איז אַ לעטישער סאָלדאַט מיט אַ פינצטער פּנים און אויסגעלאָשענע אויגן. אויף דעם טונקל-בלוילעכן קאָליר פון זיין באַקן-הויט און די גרויע קעלבער-לעבער, אין וועלכע עס שטעקן זיינע קאַרע אויגן, ליגט אויסגעגאָסן דער גאַנצער אומעט פון זיין וואָכעדיק לעבן. כאָטש עס איז היים דערשטיקט צו ווערן, טראָגט דער פּאָרזיצער אַ שווערן זעלנערישן ניי-אויפגענייטן מאַנטל, וואָס איז נישט צוגעשניטן צו זיין מאָס, וואָרים ער האָט צוגעדעקט זיינע פיס און זיך נאָכגעשלעפּט נאָך זיינע טריט.

דער פּאָרזיצער האָט פאַרשטאַנען דעם חבר רישקאָווס ווונק און האָט פּאָרגעשטעלט פאַרן עולם דעם טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי, דעם

חבר בוכאַנין. ביים אויסרופן דעם נאָמען, שטילט זיך דער עולם איין. מיט אַ גרויסן, ענטוזיאַסטישן אויסברוך, מיט אַ הענט־פּאַטשן, הוראַ־אויסרופן, באַגריסט מען דעם פאַרדינסטפולן טעאָרעטיקער פון דער פּאַרטיי. דער ענטוזיאַסטישער עמפּפאַנג טויט־אָפּ די פּראָטעסטן פון אַנ־דערן צד. אַ שטימע הייבט־אָן צו זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל". דער גאַנצער עולם זינגט מיט.

ענדלעך האָט דער עולם זיך באַרויקט און איינגעשטילט. אַ שטי־לער הוסטן, דער עולם גרייט זיך צו הערן און באַנעמען. די סאָלדאַטן שטרעקן־אויס זייערע נאַאיווע קעפּ, ווי די שעפּסן, געגאַרט צו באַנעמען ענדלעך די באָלשעוויסטישע תורה פון דעם טעאָרעטיקער און רעוואָלו־ציאָנער, כדי זיי זאָלן וויסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, וואָס דאָס איז אַזוינס דער באָלשעוויזם, פאַר וועלכן מען דאַרף גיין מיט די ביקסן אַרויס אין גאַס און דאָס לעבן אַוועקלייגן.

לאַנג האָט נאָך דער נידעריקער, איינגעקאָרטשעטער מענטש אויס־געקנאַקט זיך די פינגער, אויסגעהוסט און אָנגעזאַמלט אַביסל פייכטקייט אין מויל. ער האָט אַרויסגענומען דאָס נאָטיץ־ביכל פון טאַש, אַריינגע־קוקט און האָט אָנגעהויבן.

זיין שטימע, ווי ביי די אַנדערע, איז געווען הייזעריק, נאָר, ווי ער אינגאַנצן, איז זי אויך געווען אַ נערוועזע, אַ קוויטשענדיקע. אין דער הייזעריקייט האָט דאָס קוויטשען געסווישטשעט, ווי דאָס זעצן פון דאַמף דורך אַ רער.

אָנגעהויבן האָט ער נישט מיט די „לענינשע טעזיסן", ווי דער פאָר־זיצער האָט אין זיין רעדע געזאָגט, נאָר מיט די מאַרטאָווישע, און אָנגע־הויבן האָט ער פון ערשטן טאָג אָן פון דער שפּאַלטונג אויף דעם לאָנדאָ־נער צוזאַמענפאָר. ער האָט אָנגעוויזן, אַז מאַרטאָווס טעזיסן נייגן־אָפּ פון־נעם ריכטיקן מאַרקסיזם און האַלטן נישט אויס קיין קריטיק פון „היס־טאָריש־מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט"...

דער זעלנערישער עולם, וועמען עס איז געווען וויכטיק צו וויסן, פאַרוואָס מען רופט אים אין קאַמף, פאַרוואָס מען הייסט אים פּולעמיאָטן נעמען און אַרויסגיין אויף דער גאַס און שיסן אין הייזער און מענטשן — פאַר אים איז דער באָלשעוויזם נישט געווען קיין טעאָריע, נישט קיין דיסקוסיע פון טעזיסן. ביי אים איז עס געווען אַ בלוטיקע נויטווענדיקייט

פון טויט און לעבן. און וואָס איז דאָס ווידער די דאָזיקע נויטווענדי־קייט, פאַר וועלכער מען הייסט אים זיך שטעלן אונטער דעם פייערדיקן רעגן פון אַ שונא, דאָ אין דער הויפּטשטאָט פון זיין אייגענעם לאַנד, פון זיינע אייגענע מענטשן? ער וואָלט פאַרשטאַנען, ווען מען וואָלט אים גע־ווען געזאָגט: „גיי ראַבעווען, נעם־צו, וואָס עס קומט דיר אונטער דער האַנט”. אָבער דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, איז אים אויסגעקור־מען ווי פּוסטע ווערטער, וואָס לײדיקגייער, וועלכע האָבן נישט וואָס צו טון, האָבן אויסגעטראַכט, און צוליב וועלכע מען שלאָגט זיך אַרום. פאַר פּוסטע ווערטער הייסט מען אים זיין יונג לעבן אוועקלייגן, וואָס ער האָט עס נאָר קוים אַרויסגעראַטעוועט פון די פייכטע גריבער פון פראָנט. וואָס איז דאָס פאַרא טייוול?

דאָס זעלנערישע געדולד, וואָס טראָגט אַזוי אונטערטעניק זיין גורל, האָט אָנגעהויבן צו פּלאַצן, און עס האָט ענדלעך אָנגעהויבן צו רעוואָל־טירן:

— צום טייוול לענין, צום טייוול מאַרטאָוו, צום טייוול טעזיסן! דו זאָג אונדז פאַרוואָס הייסטו אונדז דאָס לעבן אוועקלייגן? דאָס, וואָס אונדז איז נייטיק! — האָט אַן אומגעדולדיקער, אויסגעמוטשעטער סאָל־דאַט אויסגעשריגן.

זיין אויסגעשריי איז געווען אָנשטעקנד. דאָס דאָזיקע געשריי האָבן דערפילט די פאַרבלוטיקטע הערצער פון די אַנדערע סאָלדאַטן, און עס האָבן זיך שוין געהערט אַנדערע געשרייען:

— וואָס פייניקט איר אונדז? פאַרוואָס הייסט איר אונדז מיט די ביקסן שיסן? זאָגט אונדז, פאַר וועמען? און פאַרוואָס?

פון אומעטום האָט זיך געהערט אַ מורמלען, וואָס האָט אָנגעזאָגט אויף נישט גוטס. פון אומעטום האָט מען זיך געריסן צו דער פּלאַטפאָרמע.

דער חבר בוכאַנין איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער, און נאַאיוו, מיט צוקנדיקע אויגן און ציטערנדיקע, בלייכע ליפּן אַרומגעקוקט זיך פאַר־וווּנדערט, נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר, פאַרוואָס קאָכט זיך דער עולם.

בחנם האָט דער פאָרזיצער גערופן זיך איינצושטילן, פאַרזיכערט, אַז דער חבר וועט זיך מיען צו רעדן העכער און פאַרשטענדלעכער, דער זעל־

נערישער עולם איז שוין אַרוים פון צוים. זיי האָבן נישט געוואָלט מער הערן.

דער פאָרזיצער האָט געקוקט קאַלט אויפן חבר רישקאָוו. חבר ריש־קאָוו, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, איז געווען פאַרנומען מיט אַ גלייכגילטיקן באַקוקן זיך די קורצע, אָפּגעביסענע נעגל זיינע. דער פאָר־זיצער האָט געוווּסט וואָס דאָס מיינט: „אָפּוואַרטן, לאָזן זיך אויסשרייען".

דער חבר בוכאַנין איז צוריקגעגאַנגען צום טיש, צוקנדיק אַלץ מיט די אויגן און באַוועגנדיק מיט די אַקסלען. און פּלוצים איז עמיצער אויס־געוואַקסן אויף דער פּלאַטפאָרמע אויף חבר בוכאַנינס אָרט.

אַ געמורמל איז דורך צווישן דעם עולם, ווי אַ פּליושקען פון וואַסער.

— זעט, ווער עס שטייט אויף דער פּלאַטפאָרמע! — און דער עולם האָט מיט פאַרוווּנדערונג דערזען דעם חבר אַנאַטאָל.

דער פאָרזיצער־סאָלדאַט, אין זיין לאַנגן מאַנטל האָט אָנגעקוקט דעם חבר רישקאָוו. רישקאָוו האָט אַלץ זיך געהאַלטן אין איין באַטראַכטן זיינע נעגל. דאַן איז צוגעגאַנגען דער פאָרזיצער צום שטייענדיקן חבר און אים דערמאָנט מיט אַ טרויעריקער שטימע:

— חבר, איר האָט נישט איצט דאָס וואָרט.

— לאָזט אים רעדן, לאָזט אים רעדן! — האָבן זיך געהערט איינצל־נע שטימען.

— פאַררעטער! יודאַש! — איז דער זאַל פאַרהילכט געוואָרן מיט אויסרופן.

## קאַפּיטל 6

# מיטן ווייבערשן כוח

דער מענטש איז אָבער געשטאַנען ווי צוגעשמידט צו זיין אָרט און געלאָזט פאַלן איבער זיך די דאָזיקע זידלערייען. ער האָט אָנגעקוקט די, וואָס האָבן אים געוואָרפן די דאָזיקע ווערטער אין פּנים, און דערביי האָט ער נישט אויפגעהערט צו שמייכלען איבער זיי מיט דעם ביטולדיקן, פאַראַכטנדיקן שמייכעלע, וואָס איז געשטאַנען אויף זיינע פאַרקרימטע ליפּן.

— שווייג, דו הינטישער זון! ווייסט ווער עס שטייט פאַר דיר? דאָס איז דער חבר אַנאַטאָל!

— און וואָס פאַר אַ מורינו איז ער מיר, אַז ער איז דער חבר אַנאַטאָל?

— ווו ביסטו געווען ביז איצט? ער איז געווען אין סיביר, האָט פאַר דיר געהיימע פּראָקלאַמאַציעס געדרוקט. דו ווייסט, ווער עס איז, דער חבר אַנאַטאָל?

— און איצט איז ער צום אַנדערן צד איבערגעלאָפן.

— מיט זיין רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט כשרט ער נאָר די פאַר-רעטער. מיט זיין כשר חזיר־פיסל שטאַרקט ער דעם שונא. אַראָפּ! אַראָפּ!

עס איז ווידער געוואָרן אַ סומאַטאָכע צווישן דעם זעלנערישן עולם. עס ווייזט־אויס, אַז דער צווייטער צד האָט נאָך געהאַט געגוג אָנהענגער צווישן די סאָלדאַטן, וואָרים אַרום דער חבר אַנאַטאָל האָט זיך באַלד אָנ־געקליבן אַ קרענצל סאָלדאַטן און ציווילע, וואָס האָבן צו אים קיינעם נישט צוגעלאָזט.

דער זעלנערישער פאָרזיצער האָט געקוקט אויפן חבר רישקאָוו. דער חבר מיטן גלאַנציקן קאָפּ האָט איצט פאַרכמורעט זיין פּנים און עפּעס צוגעוווּנקען.

— מיר גיבן איצט דאָס וואָרט דעם פאָרשטייער פון די מענשעווי-קעס, דעם חבר אַנאַטאָל, — האָט דער זעלנערישער פאָרזיצער אויסגערופן.

דער רעדנער האָט זיך גענומען צו רעדן הויך. כאָטש זיין שטימע, ווי יעדע אַנדערע, איז געווען טויט־הייזעריק. די ערנסטקייט פון זיין פּנים, די ערנסטקייט פון דער שטים האָט געוווּנען פאַר אים באַלד אַ בכבודע אויפמערקזאַמקייט.

ער האָט אָנגעהויבן מיט דעם:

— די רעוואָלוציע האָט נישט אַרויסגערופן די מלחמה, די רעוואָלו-ציע האָט איבערגענומען די מלחמה בירושה צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פלאָגן פונעם אַלטן צאַרישן רעזשים. געוויס באַדאַרף מען ליקווידירן די מלחמה. אָבער ווי אַזוי?

— ווער אַ באָלשעוויק, נעם אַרויס אַ פּאַרטיי־צעטל! — האָט אים אַ שטימע צוגערופן.

ער האָט זיך נישט געלאָזט פּראָוואָצירן און האָט ווייטער גערעדט.

— די מלחמה צו פאַרענדיקן ליגט נישט אין אייער מאַכט. איר וועט

זי פאַרענדיקן, אַנדערע ווידער וועלן זי אָנהייבן, דאָס קאָן נאָר טון די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, ווו גאַנץ רוסלאַנד וועט זיך אַרויסזאָגן.

— דעמאָקראַט! — האָט אים ווער געזידלט.

— מיט דעם וועט איר מיך נישט אָפּשרעקן, — האָט דער חבר אַנאַטאָל געשמייכלט. — און דורך דעם, וואָס איר וועט אַריינגיסן וואַסער אין אייערע אייגענע קאַנאָנען, וועט איר נאָך נישט ברענגען דעם שלום. צו אַ שלום דאַרף מען האָבן בײדע צדדים. ווען אונדזערע וועלן אַנטלויפן פון פראָנט און אויפעפענען די טויערן, וועט דורך זיי אַריינקומען נישט דער שלום, נאָר די דייטשע מיליטאַריסטישע פויסט. אַנשטאָט דער רוסישער נאַגאַיקע וועלן מיר האָבן די דייטשע שווערד, ניין, נישט דעם שלום מיינט איר. איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס איז נישט אין אייער מאַכט אים צו ברענגען, איר רעדט וועגן שלום און גייט טון עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל צעפלאַקערן דעם בלוטיקסטן ברודער־קאַמף.

— קאָנטר־רעוואָלוציאָנער!

— לאָזט הערן, אַ מענטש רעדט.

— ניין, נישט דעם שלום מיינט איר. וואָס איר מיינט — איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס איר ווילט אַריינשמוגלען אונטער דער קאָנטראַבאַנדע פון שלום.

— פּראָוואָקאַטאָר! בלוט־דורשטיקער יונקערישער אַגענט! שטעל דיך אַליין אַוועק אויפן פראָנט היטן דעם טויער. וואָס שיקסטו די אַנדערע? — האָט מען אים אָנגעהויבן צוצושרייען.

ער איז אָבער ווייטער געשטאַנען. פילע פון זיינע ווערטער און אויספירונגען זענען פאַרשטומט געוואָרן אין די געשרייען און איבעררייסעניש. דאָ און דאָרט האָט מען געהערט אַ פראַזע: „דער נס פון דער צווייטער זייט איז נישט געקומען“. אָבער די שטימען און פּראָטעסטן האָבן נישט אויפגעהערט:

— ווייסער, קאַדעט, יונקערישע רייד, בלוט־דורשטיקער!...

חבר אַנאַטאָל איז געשטאַנען אַ בלייכער און געלאָזט אויף זיך שיטן די אַלע זידל־ווערטער. דרייסט און אַרויספאָדערנדיק האָט ער געקוקט דעם צעהיצטן עולם אין פּנים אַריין, און אויף זיינע ליפּן האָט נישט אויפגעהערט צו שפּילן דאָס שפּאָטישע געלעכטערל. זיין טיפער ערנסט, זיין

אויסגעהאַלטנקייט, זיין בלייך געזיכט האָבן געקעמפט פאַר אים, און אַ טייל שטימען פון זיינע אָנהענגער האָבן איינגעשטילט די שרייער:

— באַרואיקט אייך! וואָס איז עס, אַ קאַבאַק?

— שווייגט! דרך־ארץ פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן מאַרטירער! — האָט מען געגרופן פון זיין צד.

חבר אַנאַטאָל האָט ווייטער גערעדט. זיין שטים איז געוואָרן העלער, איינדרוקספולער.

— עס איז נישטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי צו זיין אַ רעוואָלוציאָנער אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע. עס איז נישטאָ קיין לייכטערע זאַך, ווי אייך נאָכצוגעבן וואָס איר ווילט. איך באַק נישט קיין לעקעכלעך! — האָט ער אויסגעשריגן. — און פון מיר זאָלט איר זיי נישט דערוואַרטן! מיר זענען הארט־הויטיקע, און מיר שרעקן זיך נישט.

דער עולם האָט זיך איינגעשטילט.

— מיר באַטראַכטן נישט די רעוואָלוציע פאַר אַן אַוואַנטורע, פאַר אַ שפּיל, וואָס וועט יאָ געלינגען אָדער נישט. אַ רעוואָלוציע איז נישט קיין לאָטעריע, נישט קיין טרעף. אַ רעוואָלוציע קומט, ווייל זי מוז קומען, און קומט זי, מוז מען זי אין שטאַרקע הענט אַריינעמען, נישט אויף דער גאַס פאַר יעדן שאַרלאַטאַן זי אַרויסוואַרפן, — האָט ער שוין איצט גע־דונערט. — דאָס, וואָס איר ווילט מאַכן — איז אַן אַוואַנטורע. איר ווייסט עס אַזוי גוט ווי מיר, — ווענדט ער זיך צו די זיצנדיקע אויף דער פּלאַט־פאָרמע. — די גאַנצע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור באַשעפטיקט זיך דער־מיט, ווי אַזוי איבערצוגיין פון דער קאַפּיטאַליסטישער צו דער סאָציאַ־ליסטישער אָרדענונג — די עטאַפּן, וואָס זי האָט דורכצומאַכן, די וועגן, וואָס זי האָט איינצושלאָגן. און איר ווילט עס דורכפירן מיט אַ שפּרונג אין דער פינצטערניש. אַ שפּרונג אין דער פינצטערניש, — דאָס איז מיטן קאָפּ אין דער וואַנט. איר נוצט אויס דעמאַגאָגיש די אומוויסנהייט פון די מאַסן.

זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אַן איינדרוק און געוווּנען פאַר אים אָנהענגער. מען האָט עס באַמערקט אין דער שטימונג פון דעם זאַל. די חברים אויף דער פּלאַטפאָרמע האָבן זיך אָנגעהויבן דורכצוקוקן. ווידער האָט דער זעלנערישער פּאָרזיצער געקוקט אויפן חבר רישקאָוו. חבר ריש־

קאָוו האָט עמיצן אַ קוויטל דערלאַנגט, און ווידער האָט זיך אויפגעהויבן דער מאַטראַז — און געשטעלט אַן אָפֿענע פֿראַגע:

— ווי וועט איר זיך פֿאַרהאַלטן, חבר, אין איצטיקן קאַמף? מיט דער ביקס אין דער האַנט קעגן פּראָלעטאַריאַט? וואָס?

— דאָס הענגט־אָפּ פֿון דער שטעלונג, וואָס מיין פּאַרטיי וועט אָננעמען, — שמייכלט זיך אַרויס אַנאַטאָל פֿון דער אומאַנגענעמער סיטואַציע, אין וועלכער דער מאַטראַז וויל אים אַריינגאַרן.

— זעט, חברים, דעם רעוואָלוציאָנערן מאַרטירער! און אַז אייער פּאַרטיי, — ווענדעט ער זיך צום חבר אַנאַטאָל, — וועט באַשטימען צו גיין צוזאַמען מיט די יונקערס? איר זענט דאָך עפּעס אַ דעמאָקראַט? — זאָגט דער מאַטראַז מיט פֿאַראַכטונג.

— יאָ, איך בין אַ דעמאָקראַט, — לאַכט דער חבר אַנאַטאָל. — איך גלויב אין אָפּשטימונג. נאָר איך בין נישט קיין פּאַציפֿיסט פֿאַר יעדן פּרייז. און איך בין אויך נישט קיין דעמאָקראַט פֿאַר יעדן פּרייז.

חבר אַנאַטאָלס געשיקטער אַרויסדריי פֿון דעם קלעם האָט ווידער צעמישט די פֿירער אויף דער פּלאַטפֿאָרמע. זיי האָבן אַלע געווענדעט זייערע בליקן צו דעם מאַן מיטן גלאַנציקן קאָפּ.

חבר רישקאָוו האָט גלייכגילטיק עפּעס אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. נאָר ביים איבערגעבן האָט ער נישט געקאָנט פֿאַרהוילן זיין ענערגישע באַוועגונג מיט דער האַנט.

פּלוצים איז עפּעס־וואָס געשען:

אויף דער פּלאַטפֿאָרמע איז אַ פּרוויענציעמער אַרויפֿגעקומען. איידער וואָס און ווען, האָט זי זיך שוין געפֿונען אינמיטן ביי דער רעדנער־טריבונע.

אויף דער טריבונע איז געוואָרן אַ געשטופּעריי. עמיצער האָט דעם חבר רעדנער אָפּגעשטופּט, און אויף זיין אָרט איז געבליבן שטיין די חברטע.

— חברטע סאָפֿיע, חברטע סאָפֿיע! — האָט מען גערופֿן פֿון עולם.

דער זעלנערישער עולם האָט זיך נייגעריק אומגעקוקט און פֿאַר נייגעריקייט אָפּגעשטעלט די פּראָטעסטן און דעם ליאַרעם. זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט, ווי אַזוי חבר אַנאַטאָל איז פֿאַרשוווּנדן. זייער אויפֿמערקזאַמקייט איז אינגאַנצן צוגעצויגן געוואָרן דורך דעם אָנבליק פֿון אַ ווייַ־

בערשער געשטאַלט אויף דער טריבונע, פון דער אַנטוויקלטער מיידלשער ברוסט, וואָס זעט זיך אַרויס פון דער אויפגעפּראַלטער לעדערנער קורט־קע, פון די שטיקער האַלדז־און־לייב, וואָס רייסן זיך אַרויס פון דער צו־לייזער ווייבערשער בלוזע, פון די טראַלדן האָר, וואָס פאַלן אַראָפּ איבער איר פּנים.

איר פּנים איז געווען אויסערגעוועגלעך בלייך. פאַר אויפרעגונג האָבן די נאָזלעכער ביי איר געציטערט, די אָדערן אויף דעם דיקלעכן האַלדז האָבן זיך געשוויליק אויפגעבלאָזן, געציטערט, געשפּרונגען פון איין אָרט צום אַנדערן, אַזוי אַז מען האָט געזען, ווי אירע בריסטן הייבן זיך אונ־טער איר בלוזע. און מיט אַ מיידלש־העלער, נאָך פאַר אויפרעגונג ציטערנדיקער שטימע, האָט זי אָנגעהויבן, צוערשט מיט די הענט מער ווי מיטן קול, כאַטש אין אַ פּרעמדלעך־קלינגענדיקן, נאָר דאָך אין אַ גוטן גימנאַזיע־רוסיש:

— חברים זעלנער! — און די ציטערנדיקע שטים פונעם מיידלשן קלאַפּנדיקן האַרץ, די אַרויסיערנדיקע העלע הויט פון איר אויפגעפּראַל־טער לעדערנער קורטקע האָבן באַלד געווונען פאַר איר דעם זעלנערישן עולם, וואָס דאָס דערשיינען פון אַ מיידל אויף דער טריבונע האָט אין ערשטן אויגנבליק ביי אים געהאַט אַרויסגערופן הייטערקייט און אַ שטי־פערישע שטימונג.

— חברים זעלנער! איר ווילט וויסן וואָס עס זענען אַזוינס די באָל־שעוויקעס? באָלשעוויקעס — דאָס זענט איר, די געפּלאָגטע און געפּיי־ניקטע רוסישע מאַסע, וואָס מען קאַטעוועט און קאַטעוועט פון דורות און דורות. צוערשט האָבן זי געשלאָגן די צאַרן, טשינאָווניקעס, נאַטשאַלני־קעס. איצט — די פּאַטריאָטן, די מלחמה־העלדן. צוערשט האָט מען אייך געהייסן גיין אָוועקלייגן אייער לעבן פאַרן צאַר, און איצט — פאַרן פּאָ־טערלאַנד. באָלשעוויקעס זענט איר, איר, אָרימע, געפּייניקטע, געשלאָ־גענע, איר, וואָס מען האָט אייך אָפּגעריסן פון אייערע היימען, פון אייע־רע מוטערס, פון אייערע ווייבער, פון אייערע קינדער, און אייך אַריינגע־שטעקט אין מונדירן און אייך געהאַלטן פאַר יאָרן און יאָרן אין קאַזאַר־מעס, אין פּייכטע, נאַסע מלחמה־גריבער, אָן עסן, אָן קליידונג, אונטער דעם האָגל פון שונאישע קוילן. מען האָט אייך צוגעזאָגט ערד, און מען גיט זי אייך נישט. מען האָט אייך צוגעזאָגט פרייהייט, און מען שמייסט אייך

צוריק אונטער באַנגנעטן אויפן פראָנט. מען יאָגט אייך אָן מיט רעוואָל־ווערן צו גיין אין אַטאַקעס אויפן דייטשן מיליטער, וואָס באַשטייט פון פויערים און אַרבעטער, ווי איר, פאַר קיינעמס גוטן נישט, נאָר פאַר פּוסט־קייט פון ניי־געבאַקענע פּוסט־און פּאַסניקעס, וואָס ווילן ווערן העלדן מיט אייער בלוט. איר האָט פון דער מלחמה גאָרנישט צו געווינען. ווער עס וועט זי געווינען, איר וועט זי פאַרלירן. אייך וועט מען סיי־ווי־סיי האַלטן געשפּאַנט אינעם כאָמעט, צי דאָס וועט זיין אַ צאַר, צי דאָס וועט זיין אַ גענעראַל, צי דאָס וועט זיין אַ פּאַטריאָט! אַ טויט דער מלחמה! אַ טויט די פּאַטריאָטן!

דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך געזאַמלט אין איר מויל, דאָס קלאַפּן פון איר האַרץ, די באַוועגונגען פון איר געהויבענער ברוסט, וואָס יעדע וויברירונג האָט זיך אַרויסגעזען פון איר געפּאַלדעוועטן ווייסן ווייבערשן קאַפּטן, האָבן געהאַלטן דעם זעלנערישן עולם געשפּאַנט ווי אין שנורן. זענען זיי מיט די אָפענע מיילער געשטאַנען צו איר אָנגעצויגענע.

עס האָט איר אויסגעפּעלט אָטעם, און זי האָט געמוזט איבעררהאַקן. די הפסקה האָט אַריינגעבראַכט אַן אָנגעלאָדענע שטימונג צווישן זעלנע־רישן עולם. די ווייבערשע שוואַכקייט האָט זיי גערירט. פאַר אויפרעגונג זענען פּנימער בלייך געוואָרן, אויגן האָבן זיך באַלעבט, נאָזלעכער און מיילער האָבן הויך געאַרבעט, אויפשעפּנדיק די היים־אָנגעלאָדענע לופט.

געוויס זענען עס געווען די מיידלשע הויכן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער געהויבענער, וויים-בלענדיקער מיידלשער ברוסט, וואָס האָבן פאַרכישופט די סאָלדאַטן. געוויס זענען עס געווען די טראָלדן האָר, וואָס זענען געפאַלן איבער אירע אויערן, איבערן מיידלשן נאַקן. געוויס זענען עס געווען דער נאַקעטער מיידלשער האַלדז, די לייכטע, ווייסע מיידלשע הענט, וואָס האָבן די זעלנערישע לייב־און־לעבנס געזאַמלט און אַוועקגע־טראָגן איבער אַלע ספקות און וואַקלענישן.

נאָר עס זענען דאָך געווען — די ווערטער, דער אייגענער גורל, וואָס האָט אַרויסגעצאַפּלט פון די דאָזיקע מיידלשע ווערטער, וואָס האָבן זיי געשניטן ווי רייפע זאַנגען צו אירע פיס.

— רעדט, חברטע! רעדט, רעדט! — האָט זיך אַ זעלנער צעשריגן.

— וואָס שרייסטו? דו זעסט דאָך! לאָז דעם אָטעם אָפּכאַפּן.

— העי, דערלאנגט איר וואסער. וואס זיצט איר אויבן ווי די גולמס? דערלאנגט איר וואסער.

— די מאנספארשוינען האבן נישט געקאנט עס דיר געבן צו פאר־שטיין, און א ספאדניצע האט עס דיר געזאגט.

— זידל זיך נישט מיט ספאדניצעס. איינע אזעלכע איז דיר מער ווי א גאנצע בריגאדע.

— שטילט אייך איין, לאזט הערן!

— רעדט, חברטע, רעדט!

די חברטע האט געזאמלט לופט און האט ווידער אנגעהויבן, כאטש שוין אויסגעשפאנט אביסל, נאר מיטן זעלבן אימפעט.

— און דערנאך, אז איר וועט שוין האבן געוווּנען די מלחמה, וואס וועט איר האבן געוווּנען? דעם צאר צוריק, אייער קנעכטשאפט וועט איר האבן געוווּנען. ווער וועט קומען נאכן זיג? די רעוואלוציע? ניין, די גענעראלן וועלן קומען, די קארנילאווס, די רוסקים, זיי וועלן דעם צאר צוריק ארויפזעצן אויפן טראן. זעט ווי זיי באהאלטן אים אויס, ווי זיי פיעשטשען זיך מיט אים!

— זיי וועלן עס נישט דערלעבן! — האט א צעהיצטער סאלדאט געשריגן.

— אט איז דא געשטאנען א מענשעוויק און האט אייך געזאגט. — וואס האט ער אייך געזאגט? „גייט צוריק אויפן פראנט, פארהיט מיט אייערע לייבער דעם רוסישן טויער". פארוואס גייט ער אליין נישט? פארוואס שיקט ער אייך? ניין, זיי זיצן ביי זיך אין די ווארימע שטובן, און אייך שיקן זיי צום טויט. זיי ווילן אייער יונג לעבן אונטערברענגען, כדי אזוי ארום פון אייך פטור צו ווערן. די מלחמה איז פאר זיי א פייער־טאפ, אין וועלכן זיי שטעקן אריין די רעוואלוציאנערע כוחות, כדי דארט זיי אונטערצוברענגען, צוליב דעם באדארפן זיי די מלחמה. אלע: די קא־דעטן, די עסערן, די מענשעוויקעס — זיי אלע באדארפן די מלחמה, כדי אין איר צו דערשטיקן די רעוואלוציע.

— א טויט די פאררעטער! צו דער וואנט זיי! — האבן זיך גע־הערט שטימען.

— חברים! — האט די ווייבערשע שטימע ווייטער געריפן. — אין צענטער האבן אנדערע חברים אויפגעהויבן א דערפאלגרייכן ווידער־

שטאַנד. די מאַסן זענען נאָך זיי נאָכגעגאַנגען, און זיי האָבן פאַרנומען די מאַכט, פאַרטריבן די „פּראָוויזאָרישע פאַררעטער". איצט שטייען זיי אין קאַמף מיט די פאַררעטערישע גענעראַלן. דאָס זעלבע באַדאַרפן מיר טון, דאָ, אין מאָסקווע. מיטן געווער אין דער האַנט פאַריאָגן די שונאים פון פאָלק, פון אַלע מינים, און די גאַנצע מאַכט איבערגעבן צו די ראַטן.

— די גאַנצע מאַכט די ראַטן! הורא! — האָט זיך שוין געהערט אַ ווידערקול פון דעם גאַנצן זאַל.

אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט מען זיך שוין געגרייט צו דער סאָציקער רעזאָלוציע, און צו אַ נייעם באַשטאַנד פונעם רעוואָלוציאָנערן קריגס-קאָמיטעט, פון וועלכן מען האָט, פאַרשטייט זיך, — אויסגעשלאָסן די פאַררעטער.

די רעזאָלוציע, וואָס איז געווען פאַרפאַסט פון דעם מאַן מיטן איינגעקנייטשטן פּנים, און די נעמען פון די מיטגלידער פונעם נייעם סאָוויעט, וואָס איז איצט שוין באַשטאַנען אויסשליסלעך פון באָלשעוויקעס, זענען, צוליב פאָרמע, פאָרגעלייענט געוואָרן פאַרן אויפגעקאָכטן זעלנערישן עולם, וואָס האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיי און זיי אָקצעפּטירט מיט אומאַנשטענדיקע אויסרופן אויפן חשבון פון די פאַררעטער. זיי איז שוין געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק, וועגן וואָס עס האָט זיך געהאַנדלט. זיי האָבן זיך געריסן צו מעשים.

צו דעם פריי־אָפּגעלאָזענעם מיידל, וואָס האָט זיך קוים מיט צרות אַרויסגעריסן פון די זעלנערישע הענט, איז איצט צוגעקומען מירקין. ער האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון דעם זעלנערישן עולם. אין זיין קורץ־געשוירן בערדל האָבן זיך איינצלנע גראָע האָר באַוויזן. זיין פּנים, כאָטש אויסגעמאָגערט און בלייך, איז אָבער געווען אויסערגעוויינלעך באַלעבט, און אין זיינע אויגן האָט, מער ווי תמיד, געברענט אַן ענערגיש פייער.

— האָסט מיך געהערט?

— יאָ.

— וואָס שווייגסטו?

— עס געפעלט מיר, ווייל עס האָט געבראַכט די פּעולה. אָבער ליגנס דאַרף מען נישט זאָגן.

— ליגנס?

— נו, יאָ. אזוי פּינקטלעך ביסטו דאָך ווידער נישט געווען, — שמייכלט ער.

— מיט קיין אַנדערע סברות וועסטו זיי נישט נעמען. מיט זיי דאַרף מען רעדן אין אַ שפּראַך, וואָס זיי פאַרשטייען. מיט קיין הענטש־קעס וועסטו די רעוואָלוציע נישט מאַכן.

— מיט דעמאַגאָגיע אויך נישט.

— אַך, דו בורזשוק. ביז צו די טירן פונעם גובערנאַטאָרישן הויז ביסטו מיט אונדז דערגאַנגען, און ביסט נאָך אַלץ געבליבן ביי דיינע סענטימענטן.

— ס'זעט אויס, אַז איך וועל שוין אַזוי בלייבן. און דאָס, וואָס די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן ווילן זיי איבערגעבן אין די הענט פון די גע־נעראַלן, איז אויך נישט ריכטיק, — לייגט ער צו.

— דאָס איז שוין אמת. צי זיי וועלן יאָ וועלן, צי נישט, — מיט זייער טאַקטיק וועלן זיי דערפירן דערצו, אַז די גענעראַלן וועלן פאַר־כאַפּן די מאַכט, און דערנאָך וועלן זיי דיין טשערנאָוון מיט מאַרטאָוון אַליין שיקן צום טייוול. איינמאָל האָט זיך נישט איינגעגעבן, אַ צווייט מאָל וועט זיך איינגעבן.

— און איך מיין, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אַזאַ גערעכטע זאַך אין דער האַנט, אַז מען דאַרף גאָרנישט אָנקומען צו דעמאַגאָגיע. מען דאַרף דעם פּאָלק זאָגן דעם אמת: אַז יענע ווילן פירן ווייטער דעם קריג, און די פּרוכטן פון דער רעוואָלוציע אָפּלייגן ביז נאָכן זיג, און מיר זאָגן, אַז יעדער טאָג, וואָס מען האַלט די אויסגעמוטשעטע סאָלדאַטן אייפּן פראָנט, איז אַ זינד. דער קריג איז אַ פאַרברעכן, נישט נאָר בלויז קעגן מענטש, נאָר ער איז אַ טויט־אורטייל פאַר דער רעוואָלוציע.

— דו מיינסט, אַז דו האָט צו טון מיט אינטעליגענטן?

ווי זיי שטייען און רעדן, אַזוי קומט־צו דער חבר אַנאַטאָל. פון זיי־נע קרומע ליפּן איז נאָך נישט פאַרשווונדן דער אומאַנגענעמער שמייכל, און ער זאָגט צו דער חברטע סאָפיע:

— איך גראַטוליר אייך, חברטע. אייערע אַרגומענטן זענען נישט געווען צו באַזיגן.

חברטע סאָפיע איז רויט געוואָרן.

— וואָס מיינט איר, חבר?

— איך מיין, פאַרשטייט זיך, אייער טעמפּעראַמענט. ווער קאָן מיט אייך קאָנקורירן?

— וואָס רעכנט איר צו טון, חבר אַנאַטאָל? — פרעגט אים מירקין.

— איך גיי, און איר?

— איך בלייב, — ענטפערט־אָפּ מירקין רואיק.

— אויך איר, מירקין? — זאָגט דער חבר אַנאַטאָל אין אַ שפּאַסיקן טאָן.

— יאָ, אויך איך, — באַשטעטיקט מירקין.

דער אומאַנגענער שמייכל אויף חבר אַנאַטאָלס ליפּן איז איצט נאָך ביטערער געוואָרן. ער האָט עפּעס געלאָזט פאַלן אַ וואָרט „איך האָב עס מיר אַזוי געטראַכט".

און מירקין און די חברטע סאָפיע האָבן נאָכגעקוקט, ווי אַן אַלטער, איינגעהויקערטער מאַן, דעם קאָפּ אַריינגענומען אין זיינע אַקסלען, גייט אוועק פון זיי. אויף זיין רוקן ליגט דער גאַנצער עול פון דער קומענדיקער, אומבאַוווסטער צייט. אַזוי שווער, האָט זיך געדוכט, טראָגט ער זיין רוקן.

## קאַפּיטל 7

# מען גרייט זיך

קוים האָט די סאָלדאַטישע פאַרזאַמלונג אָנגענומען די פּייערדיקע רעזאָלוציע, אין וועלכער עס איז געקומען צום אויסדרוק איר סאָלידאַריטעט מיטן פּעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט, האָט מען זיך גלייך פאַרנומען מיטן אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד אין מאָסקווע.

די, וואָס זענען נישט געווען איינפאַרשטאַנען מיט דער רעזאָלוציע האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז. אַ צוויי־דריי וואַקלדיקע מענשעוויקעס זענען נאָך איבערגעבליבן וואַרטן ביז מאָרגן. אָבער די גרויסע מערהייט סאָלדאַטן האָבן זיך געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פונעם נייעם „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט". זיי זענען שוין איבערגעבליבן אין גובערנאַטאָרישן הויז. מיט זיי איז אויך פאַרבליבן מירקין און, זעלבסטפאַר־

שטענדלעך, אויך חברטע סאָפיע, וועלכע איז נישט געווען קיין אַנדערע ווי זאָשקע הורוויץ. די נאַכט איז מען שוין מער נישט געגאַנגען צו זיך אַהיים שלאָפן.

דאָס גאַנצע גרויסע גובערנאַטאָרישע הויז איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן, לעבעדיקן קערפּער. דער קאָפּ, דער שכל, איז געזעסן אויבן, אויף די אויבערשטע עטאַזשן, אין פאַרשידענע צימערן, אין די פאַרשידענע קאָמיטעטן. חבר רישקאָוו מיטן „אויספיר-קאָמיטעט" זענען געווען אין גובערנאַטאָרס קאַבינעט. אין די גרויסע זאַלן אונטן זענען געווען די אברים פון דעם קערפּער, זיינע הענט און זיינע פיס. יעדעס מאָל האָט זיך פון אויבן באַוויזן אַן אַנדערער חבר מיט אַ געשריבן פּאַפּיר, אַוועקגענומען אַ פּאָר סאָלדאַטן, עטלעכע רויטע גוואַרדיסטן פון די באַוואפנטע אַרבעטער, און פאַרשווונדן ערגעץ־ווו אויף אַ געהיימען אופן.

חבר בורשאַנאָוו, דער פאָרזיצער, דער סאָלדאַט מיטן שווייגנדיקן, טרויעריקן פּנים און לאַנגן זעלנערישן מונדיר, איז אַרומגעגאַנגען צווישן די סאָלדאַטן — כמעט אָן אַ וואָרט, נאָר מיט שטומע בליקן זיי צעשטעלט אויף פאַרשידענע פּאָסטנס ביי די טירן פון די קאַבינעטן, ווו עס זענען פאָרגעקומען די זיצונגען, ביי אַלע אַריינגאַנגען, ביי אַלע טויערן.

ער איז אויך אַרומגעגאַנגען צווישן דעם גרויסן אָנגעלאָפּענעם עולם, מיט וועלכן עס איז געווען פול דאָס הויז. ער האָט אויסגעפרעגט, ווער עס וויל בלייבן, און זייטיקע האָט ער אַוועקגעשיקט.

דאָ איז געווען חברטע איזמאַילאָווע, מיט אַ פּנים פון אַ הויזלערער, היילעקער מאַנאַשקע, מיט איר אינטעליגענטיש אויסזען. זי איז געווען אין גוטן בירגערלעכן שוואַרצן אָנטועכץ, אַרויפגעקנעפּלט ביז צו דער גאָמבע, מיטן ווייבערשן זיידענעם ווייער־פּרענזעלע, פאַרשטאָכן אַפילו מיט אַ דיסקרעטער שפּילקע. זי האָט אַ רואיקע, מיט גוטער אויפמערקזאַמקייט זיך געפּאָרעט אַרום דער באַלעבאַטישקייט פון הויז מיט אַ כאַליאַסטרע אינטעליגענטע און פּראָסטע פויערשע פרויען, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען חברטע סאָפיע.

זי האָט נאָכגעקוקט אין די קאַמערן, אין די מאַגאַזינען וויפל עס געפינט זיך מעל, ברויט, קאַשע, גריץ און אַנדערע פּראָוויאַנטן. מעי האָט פון ערגעץ־ווו באַקומען לייַלעכער, וועלכע מען האָט צעריסן אין פּאַסן און געוויקלט פון זיי באַנדאַזשן. זי האָט נאָכגעקוקט אין דער הויז־אַפּ־

טייק. אומעטום האָט מען אוועקגעשטעלט סאָלדאַטן מיט ביקסן. זי האָט די ווייבער, די אינטעליגענטע און די פויערשע, צעשטעלט אויף שטעלן און יעדער געגעבן איר אַרבעט. אַ זעלנער, וואָס האָט פונדערהיים געקאָנט מאָלן, האָט געריסן שטיקער זיידנס פון די ווענט, שוין אומגעשטערט, און מיט אַ צונויפגעבונדן, היימיש געמאַכטן פּענזעלע אויסגעשריבן מיט טינט אויף די שטיקער רויטע זיידנס פאַרשידענע ווונטשן, פאַרלאַנגען, לאָזונגען און נעמען פון קאָמיטעטן. דערביי האָט ער יעדן לאָזונג באַמאָלט מיט בילדלעך פון דער אייגענער פאַנטאַזיע.

און אויבן איז געזעסן דער קאָפּ, דער חבר רישקאָוו. דורכן טעלעפאָן האָט ער גערופן, גערעדט, באַפוילן: דעם 193סטן פּולק, וואָס איז געווען באָלשעוויסטיש, האָט ער אַריינגעשיקט אין קרעמל, כדי דאָרט מיט איי־גענע, מיטן 56סטן, צו פאַרכאַפּן דעם אַרסענאַל. דער נאַטשאַלניק פון קרעמלער אַרסענאַל, אויך אַן אייגענער מענטש, וועט אַרויסגעבן געווער צו באַוואָפענען דעם פּראָלעטאַריאַט.

ער האָט גערופן די אַרבעטער פון די פאַרשטעט, צעשיקט חברים אין קאַזאַרמעס פון אָרטיקן גאַרניזאָן אַריבערצובערענגען די חברים סאָל־דאַטן, וואָס סימפּאַטיזירן מיט די באָלשעוויקעס. די אַרטילעריסטן זע־נען כמעט אינגאַנצן אונטער דער באָלשעוויסטישער השפּעה. דאַרף מען זען זיי ביינאַכט אויפצוּוועקן און זיי אַריבערפירן מיט די האַרמאַטן צום „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט". נאָר דער עיקר דאַרף מען זען אַרויס־צוקריגן ביקסן פון קרעמלער אַרסענאַל — וואָס מער ביקסן, קוילן, מאַ־שין־געווער, קליינע פּולעמיאָטן, וואָס שנעלער און וואָס מער איבערנאַכט אַריבערפירן אין גובערנאַטאָרישן הויז.

— פאַרוואָס גייט עס אַזוי לאַנגזאַם? קאָן מען נישט באַמעכטיקן דעם מאַניעזש און אַרויספירן פון דאָרטן אויטאָמאָבילן?

— ניין, דער מאַניעזש איז באַזעצט מיט עסערישע קאָזאַקן. אַן בלוט־פאַרגיסונג וועט עס נישט גיין.

— ניין, ניין, אויסמיידן יעדן צוזאַמענשטויס, כדי נישט אויפ־מערקזאַם צו מאַכן דעם שונא. אויף די פּלייצעס אַריבערפירן וואָס מער, וואָס שנעלער, אין דער שטיל. אויסמיידן יעדע אויפמערקזאַמקייט.

— ניין, נישט אין „גובערנאַטאָרישן" — גלייך אין די ראַיאָנען!

— באַפעלט חבר רישקאָוו.

ציען זיך שוין שאָטנס אין דער טונקעלער נאַכט איבער דעם רויטן פּלאַץ, געדריקט צו די ווענט, מיט אַמוניציע, ביקסן, פון דעם קרעמלער אַרסענאַל. ביז צום סקאָבעלעווער פּלאַץ ציט זיך איין שרענגע נאָך דער אַנדערער פון באַלאָדענע שאָטנס.

דאָ צעגייט מען זיך אין ראַיאָנען. מען קריכט אויף דעכער, אין באַהאַלטענע בוידעם־שטיבער. די גאַנצע שטאָט איז פול מיט באַוועגלעכע שאָטנס. אין גובערנאַטאָרישן הויז איז אַ שטענדיקע באַוועגונג. מען גייט און מען קומט!...

עס הערט זיך אַ קלאַנג פון צונויפגעבונדענע ביקסן, וואָס פאַלן אַריין אין די מאַגאַזינען ביים שיין פון עלעקטרישע טאַשן־לעמפּלעך. באַלד שטעלן זיך אַוועק שטאַרקע, באַוואָפנטע פּאַטרולן — דאָס געווער צו היטן. עס פּאָרעט זיך און מיט זיך די חברטע סאָפיע. איר פּנים איז צעהיצט. זי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די לעדערנע קורטקע, דעם רעוואָלווער מיט דער רויטער שנור — איבער דעם אויפגעפּראַלטן ווייבערשן ברוסט־קאַסטן, — די שנור טאַנצט אַרום אויף די אויפגעברויזטע, באַוועגלעכע ברוסט־עפּל, וואָס מען פילט אַרויס פון דער ווייסער, ווייבערשער בלוזע. מיט די באַהענטשקעטע הענט, מיט די טראָלדן האָר איבער די פלאַמענדיקע אויערן, לויפט זי אַרום פון איין שטעל צו דער אַנדערער, דאָ אַרויף צום „אויספיר־קאָמיטעט", דאָ אַראָפּ מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנט. דעם חבר האָט זי גערופן אין אַ זייט, אים אָנפּאַרטרויט עפּעס. דאָרטן איז אַ גרופּע סאָלדאַטן, וואָס האָבן מיט אינטערעס דערוועקטע פּנימער, שטייט זי און רעדט עפּעס, מאַכט צו מיט אירע הענט, און איר גאַנצע לעבעדיקע, יאָגנדיקע מיידל־פיגור טאַקעוועט־צו ענערגיש צו אירע אַרגומענטן.

אָ, זי איז אין איר עלעמענט, די חברטע סאָפיע, — ווי מען רופט זי דאָ. דער מאַמע רחל־לאַהס טאָכטער. אויף דעם האָט זי אויסגעוואַרט יאָרן און יאָרן, אויף דער דאָזיקער נאַכט. האַלט זיך אין איין באַוועגן, אין איין קאָכן זיך. אומעטום ברענגט זי אַריין איר אָנגעגליטע, רחל־לאַהשע ענערגיע. דאָ איז זי אין די קעלערס, אין די קיכן, צווישן די סאָלדאַטן־קוכערס. זי נעמט־אויף חשבון מיטן „הויז־קאָמיטעט" וועגן פּראָוויאַנט. זי זאַמלט איין דאָס זעלנערשע ברויט, וואָס די סאָלדאַטן ברענגען מיט זיך, כדי קאָמונעדיק צווישן זיך צו צעטיילן. מען ווייסט

נישט, ווי לאַנג מען וועט דאָ דאַרפן בלייבן. אפשר וועט מען דאָ אויס־הארן אַ באַלאַגערונג?

אין אַ מינוט אַרום איז זי שוין ביי די הויפּישע קאַשאַרן, ווו חבר בורשאַנאָוו טיילט אויס מיטן אַרסענאַל־אויפזעער געווער צו אַ גרופּע סאָלדאַטן, רויטע גוואַרדיסטן, וועלכע מען צעשיקט אויף אויסשפּירן אין ראַיאָנען. און באַלד פליט זי שוין איבער די טרעפּ אַרויף צו די שרייב־מאַשינען, אויפצושרייבן אַ באַפולמעכטיקונג פאַר אַ גרופּע סאָלדאַטן, וואָס ווילן מיטן אייגענעם ווילן גיין אין זייערע קאַזאַרמעס און אָפּשלאָגן זייערע חברים פון די עסערישע קאָמאַנדירן און זיי ברענגען אין גובער־נאַטאָרישן הויז. און אָט קלאַפּט זי שוין אָן אַפילו אין קאַבינעט פון „אויספיר־קאָמיטעט" מיט דער גרויסער בשורה: אַ פּאָר צענדליק „דווינס־קער" זענען געקומען, אַרבעטער פון מייכאַראָווקער פאַרשטאָט!

אומעטום איז זי איבעריק, אויף קיין שום אָרט דאַרף מען זי נישט. אָן איר גייט דורך די אַרבעט, נאָר אומעטום ברענגט זי אַריין אַ קאָכנדיקן שטראָם, איר אָנגעגליטע ענערגיע.

אין דעם דאָזיקן הויז פון אָנגעצויגענער ענערגיע דרייט זיך אַרום חבר מירקין, ווי אַ גייענדיקער אין וואָלקנס. ער וואַקלט זיך אויף די פיס, ווי אין אַ חלום. אַלצדינג קומט אים פאָר ווי עס וואָלט יאָ זיין און נישט זיין. ער פאַרשטייט יאָ און פאַרשטייט נישט. ער ווייסט יאָ, וואָס ער טוט דאָ, און ווייסט עס נישט. אינעם קאָפּ קלאַפּט אַ געדאַנק:

„דער קאַמף דער לעצטער, דורך די לעצטע". און ער האָט געזען אָנקומען די „לעצטע".

עס זענען געוועזן די יונגע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו־זאַמלען אין דער דאָזיקער טונקעלער נאַכט אין גובערנאַטאָרישן הויז פון די קעלערס, פון די לעכער פון דער הייליקער מוטער רוסלאַנד, פון די ווייטע פאַרשטעטט פון מאָסקווע. פריש פון די פאַבריקן, זענען זייערע פּנימער, זייערע הענט געוועזן שוואַרץ פון רויך און סאַזשע, מיט באַ־שפּריצטער הויט פון די אייזן־גיסערייען. די אויוון־הייצערס זענען גע־קומען מיט נאַקעטע שטאָל־גלאַנציקע לייבער אונטער זעק, — אין אַר־בעטער־קורטקעס. וויל־יונגעריש האָבן זיך אַרויסגעריסן די קודלעס טשופּרינעס פון אונטער די אָפּגעריסענע היטלעך. אין די שטאַרקע אברים האָט זיך געזאַמלט די קאַמף־ענערגיע.

אנדערע פּנימער, שוין אויסגעלאָשענע מיט אומגעלומפּערטע גע־שוואָלענע גופים פון וואַסערדיקער קאַרטאָפל־נאַרונג, זענען מיטאַמאָל געוואָרן באַלויכטן מיט אַ שלאַכט־אָנזאָגנדיקן מעטאַל־גלאַנץ, באַלעבט פון דער אָנגעצווּנגענער אַטמאָספערע פון דעם דאָזיקן הויז. אין זייערע מיט קאַמף־לוסט אָנגעגאָסענע, נאַקעטע אָרעמס זענען געווען אַריינגע־טון ביקסן און געווער־שטיק, און עס איז געווען אַזוי ווי די דאָזיקע אייזערנע כּלי־זין וואָלטן אַריינגעגאָסן אין זייערע גופים נייע נקמה־כּוחות. טייל פון זיי האָבן געקושט די ביקסן, אַנדערע האָבן זיי געגלעט ווי כּלות, געצערטלט זיי, געדריקט צו זייערע מעטאַלענע הערצער.

אויף אַלע פּנימער האָט זיך אָנגעצויגן אַן ערנסט און אַ פייערלעכ־קייט. נאָר די אויגן האָבן נישט אויפגעהערט צו גלאַנצן מיט נקמה־ליכטער, וואָס זענען ווי עלעקטרישע פונקען געפלויגן פון איין פּנים צום אַנדערן, אַזוי ווי עלעקטרישע שטראָמען וואָלטן זיך געווען אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן אין דעם זאַל.

מירקין האָט געזען, ווי דאָס גאַנצע גרויסע גובערנאַטאָרישע הויז זאַמלט זיך אָן מיט עלעקטרישע כּוחות, ווי פון לאַנג שוין אָפּגעשטאָר־בענע, פון צער גרימאַסנדיקע טויטע פּנימער זענען צו תּחית־המתים אויפגעשטאַנען, און ווי עלעקטרישע וועלן האָבן אָנגעהויבן זיך צו זאַמ־לען אונטער דעם באַלקן פון דאָזיקן הויז. דורות און דורות צער און כּעס, וואָס זענען אוממעכטיק אויסגעלאָשן געוואָרן אין ציין־קריצנדיקע קללות, האָבן באַקומען אַ תּיקון דאָ אין דעם זאַל. די מיט טויט גלאַנציקע אויגן און די מיט כּוחות אָנגעלאָדענע אָרעמס, וועלכע האַלדזן די ביקסן, — דאָס זענען מער נישט געווען קיין מענטשן. שאָטנס פון פאַרשמאַכטע דורות זענען אַרויסגעקראָכן פון זייערע פאַרגראָבענע לעכער פאָדערן אַ דערליידזונג און האָבן זיך פאַרפלייצט אין די מעכטיקע שטאָלענע אַר־בעטער־לייבער. זיי, די שאָטנס, שיינען־אַרויס פון זייערע אויגן מיט נקמה־פייערן, זיי זאַמלען זיך אין די אָדערדיקע אָרעמס. זיי לאָדן זיך אָן אין זייער געווער. די נקמה בלוט. זי צעוואַקסט זיך און ווערט רייף פאַר דעם גרויסן יום־הדין, וואָס דערנענטערט זיך און קומט־אָן.

אַ שרעק האָט אים אַרומגענומען פאַר די דאָזיקע באַוואָפנטע שאָטנס, וואָס זענען געזעסן אין די טונקל־פאַרהילטע ווינקלען מיט דעם געווער צווישן די קני. זיי האָבן געדולדיק, אַזוי ווי זיכער אין זייער קרבן, גע-

וואָרט אויף דעם נקמה־מאָמענט. מיט די שאָטנס איז געזעסן די שטראָף, די שטראָף פאַר דער זינד, וואָס הייסט „רוסלאַנד".

ער האָט פאַרשטאַנען זיין אָרט און זיין פּלאַץ דאָ, אין גובערנאַטאָרישן הויז. אויך ער איז פון די „לעצטע". זיין פאָלק וועט נאָר אויסגעלייזט ווערן אויפן לעצטן שלאַכטפעלד.

**
*

אַז עס האָט אָנגעהויבן צו גרויען, זענען די באַוואַפנטע שאָטנס איינגעשלאָפן, אויסגעמאַטערטע פון דער אָנגעהיצטער אַטמאָספערע, אין וועלכער זיי האָבן זיך דורך דעם טאָג געפונען. אָפּגעשפּאַנט פון וואַרטן אויף אַקטיווּיטעט, זענען זיי געפאַלן אַזוי ווי זיי זענען געגאַנגען און געשטאַנען. אויף דער פּאָדלאָגע, אין שמוץ און שטויב, זענען געלעגן אויסגעצויגן סאָלדאַטישע גופים מיט די מונדירן און שטיוול, צווישן די בינטלעך אויפגעשטעלטע ביקסן. איינער האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן צווייטנס ברוסט, קני, רוקן, אָרעמס און געשמאַק, הויך און דורשטיק, מיט דער פולער ברוסט אַריינגעטרונקען אין זיך דעם שלאָף. איבער די טישן זענען געלעגן די אינטעליגענטן. דאָ און דאָרט איז געווען אַ ווייבערשער גוף צווישן מענערשע לייבער. די אַרבעטער, מיט די ביקסן צווישן די קני, האָבן געדרעמלט אין די ווינקלען.

דענסטמאָל איז אַראָפּגעקומען פון די אויבערשטע עטאַזשן דער פּידער רישקאָוו. ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די שלאָפנדיקע שאָטנס. אַ טרויעריקע גרימאַסע האָט זיין פאַרשלאָפנדיק, איבער נאַכט באַוואַקסן פּנים פאַרפינצטערט. ער האָט געטראַכט, גערעדט צו זיך אַליין:

— און דאָך זענען זיי נישט געקומען, נאָר יונגטלעכע! מענלעכע אַרבעטער זעט מען נישט. פון סאָלדאַטן — אויך ווינציק. קיין איין האַרמאַט נישט געבראַכט! אפילו די „דווינסקער" זענען נישט געקומען! און איך האָב געמיינט, אַז די שטאָט וועט זיך אויפהייבן איבער נאַכט.

ער האָט געקוקט אין די גרויסע פענצטער אַריין און צוגעגעבן טרויעריק:

— און דאָ גרויט שוין אויף מאָרגן.

**
*

נאָר פון דער צווייטער זייט איז מען אויך נישט געזעסן מיט פאַר־לייגטע הענט.

אויף צוזאַמענרוף האָט דער שטאָט־גאָלאָווא, ראַדינאָוו, פאַררופן אַן אויסערגעוויינלעכע פאַרזאַמלונג אין שטאָט־דומע, צו שאַפן אַ „קאָמיטעט פאַר אַלגעמיינער זיכערהייט" אויף צו באַשיצן די מוטער רוסלאַנד פון די הענט פון די „בייזע כוחות".

עס האָט זיך אויפגעהויבן רוסלאַנד. דער אַלטער צאַרישער, צוויי־קעפּיקער אָדלער האָט ווידער געפּרוווט דאָס לעצטע מאָל זיינע פליגל צו פאַרשפּרייטן.

מען איז געקומען פון אַלע זייטן. רעכטע און לינקע האָבן זיך די הענט געגעבן אין דער פאַרזאַמלונג. אַלטע צאַרישע אָפיצירן, אויף וועמענס ליפּן עס איז נאָך נישט פאַרלאָשן געוואָרן דער צאַרישער הימן, האָבן זיך געשטעלט, אַקסל אין אַקסל, מיט רעוואָלוציאָנערע טעראָריסטן, וואָס האָבן באַשפּריצט די שטיינער פון דער שטאָט מיט דעם מאַרך פון גרויס־פירשטן און גובערנאַטאָרן דורך באָמבעס־אַטענטאַטן. זיי זענען געווען גרייט צו דעם קאַמף פאַר רוסלאַנד, וואָס מען האָט איצט — צוליב דער נייער צייט — פאַרשטעלט אונטער דעם נאָמען „רעוואָלוציע".

אַלע אָפיצירן פון מאָסקווער גאַרניזאָן האָבן זיך געשטעלט קאַמף־לוסטיקע אין רשות פונעם שטאָט־גאָלאָווא: אפילו סאָלדאַטן, וואָס זענען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, האָבן געשיקט דעלעגאַטן צו דער אויסערגעוויינלעכער פאַרזאַמלונג; די יונקערס פון די שטאָטישע קריגס־שולן, קאַדעטן, צוזאַמען מיט סאָציאַליסטן־מענ־שעוויקעס, ערשט צוריקגעקומענע פון סיביר, סטודענטן, אינטעליגענטן.

פון דער פּראָווינץ אפילו האָבן אָנגעהויבן צו קומען כוחות, וועלכע דער שטאָט־גאָלאָווא האָט אַרויסגעפאָדערט אַ טאָג פריער צו קומען העלפן מאָסקווע. מיט איין וואָרט, די גאַנצע שטאָט, גאַנץ רוסלאַנד איז געקומען.

די טאָן־געבנדיקע, די אָנפירנדיקע זענען אָבער געווען די רעכטע סאָ־ציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

צו קיין שום פּאַרטיי פונעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד האָט זיך נישט אַריינגעכאַפּט נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע אַזאַ ערב־רב פון פאַרשי־דענע עלעמענטן, ווי אין דער מחנה פון די העלדישע סאָציאַל־רעוואָלו־

ציאָנערן. געווים האָט דאָ מיטגעשפּילט זייער ראָמאַנטישע פאַרגאַנגענ־הייט. נאָר נאָך מער ווי דאָס, האָט געווירקט זייער ריין־פּאַטריאָטישע שטעלונג צום קריג.

נאָך אַלס רעוואָלוציאָנערן אין דער צייט פון צאַרישן רעזשים, ווען די דאָזיקע פּאַרטיי האָט אויסגעפירט די מוטיקסטע אַטענטאַטן אויף צאַרישע סאַטראַפּן, האָט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אַזוי גוט ווי די פּאַרטיי פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, זיך געפילט ווי אַ מיליטעריש־נאַציאָנאַלע געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַקעמפט נאָר די אַליינהערשאַפט; אָבער נישט דאָס בירגערלעכע רוסלאַנד.

באַלד ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, ווען די פירער פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי זענען געוואָרן די אָנפירער פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג, האָט זיך די פּאַרטיי פאַרוואַנדלט, קאָן מען זאָגן, אין אַ פּאַטריאָטישער אָרגאַניזאַציע. די גוטע ווונטשן פון די סאָציאַליסטישע לאָזונגען האָט מען אָפּגערוקט אויף דער צייט נאָכן ענד־גילטיקן זיג. און די פירער פון דער פּאַרטיי זענען אַרומגעפאָרן אויף די פראָנטן צו באַגייסטערן די סאָלדאַטן מיט פּאַטריאָטיש־סאָציאַליסטישע רעדעס צו גיין אין ברודער־שלאַכט אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע.

איר ראָמאַנטיש־רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט, איר מאַכט־באַ־זיצנדיקע קעגנוואַרט, האָט געמאַכט די פּאַרטיי פון די סאָציאַל־רעוואָלו־ציאָנערן פאַר אַ גינסטיקן באָדן, ווו עס האָבן געקאָנט געפינען זייער מקום־מנוחה פאַרשידענע עלעמענטן.

אין יעדן רוסישן מענטש, האָט ער אַפילו געמעגט באַלאַנגען צו די רעאַקציאָנערסטע קלאַסן, איז געלעגן טיף אין הארצן אַ דרך־ארץ פאַרן ליבעראַליזם, אַ קנאה צו דעם הייליקן לעבן, וואָס עס פירן די רעוואָלו־ציאָנערן. דאָס האָט אָן ספק געשטאַמט פון דעם דואַליזם, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רוסישער נשמה.

אַז די פעברואַר־רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, האָבן אַפילו די, וואָס זענען ביז איצט איינגאַנצן געשטאַנען אויפן צד פונעם שטאַרקן, זיך אַ וואַקל־געטון צו דער זייט פון די זיגער. דאָס איז זיי אויך נישט אָנגעקו־מען שווער: דער רוסישער מענטש האָט נאָר באַדאַרפט זיין נשמה איבער־דרייען אויף דער לינקער זייט, כדי באַלד אויסצוגעפינען, אַז ער איז איינגאַנצלעך שטענדיק געווען קעגן דעספּאָטיזם, און ער האָט פון תמיד אָן

סימפּאַטיזירט מיט דער רעוואָלוציע, און איז נאָר, צוליב דער אָדער אַנ־דערער סיבה, ביז איצט געשטאַנען פון איר פונדערווייטנס.

נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע איז מיט איינמאָל גאַנץ רוסלאַנד אַוועק צו די עסערן. גוט־אייגנזעסענע בירגער האָבן זיך אָנגעטון רויטע בענדער אויף די אָרעמס, זיי אויסגעשפּרייט איבער די ברוסטן, און גע־גאַנגען שטראַלנדיקע איבער די פּעטערבורגער גאַסן, געפּלאַפּלט וועגן סאָ־ציאַליזם, ערד פאַרן פּויער, פאַבריקן פאַרן אַרבעטער, נישט קוקנדיק, צי דאָס איז פאַר אָדער קעגן זייערע אינטערעסן. אַ פּאַטריאָטישע שטימונג האָט געהערשט צווישן די בירגערלעכע סאָציאַליסטישע עלעמענטן. אַזוי האָט געווירקט פון איין זייט דער זיג פון דער רעוואָלוציע און פון דער אַנדערער זייט די פּוסטע אַמביציע צו באַווייזן דער וועלט, אַז ווען דער צאַרישער רעזשים האָט געהאַט נידערלאַגעס אויפן פראָנט, האָט די רע־וואָלוציע געהאַט אַ זיג. האָט זיך אָנגעהויבן אַ חבֿרן זיך און אַ גרויסן זיך מיטן מיליטער אין רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. אַלע האָבן זיך געוואָרפן צו זיין אָפיצירן. און מער פון אַלעמען האָט זיין הונגער אויף גלאַנצנדיקע שליפעס געזוכט צו שטילן דער יידישער בירגערלעכער עלעמענט פאַר וועמען עס איז אין די צאַרישע צייטן געווען פאַרשלאָסן אָט די גן־עדן-פרוכט.

די מיליטערישע שולן זענען געוואָרן איבערגעפּולט מיט דער יידי־שער בירגערלעכער יוגנט. יעדער מיליטערישער קנעפּל איז איינגעלאַדן געוואָרן אין בירגערלעכע הייזער. און אַזוי ווי פון דער צווייטער זייט האָט מען נישט געוואָלט זינדיקן קעגן דער רעוואָלוציע, וועלכער מען האָט די אַלע פרייהייטן צו פאַרדאַנקען, און זי איז די איינציקע באַשי־צערין, האָט מען, פאַרשטייט זיך, אַריינגענומען אין זיך די אַלע דאָג־מעס, די אַלע פּאָסטולאַטן פון דער פרייהייט.

אַזוי־אַרום איז אַרויסגעקומען עפּעס אַ מישמאַש פון מיליטערישע, פּאַטריאָטישע און סאָציאַליסטישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס פון איין זייט האָט מען געוואָלט פירן ווייטער די מלחמה ביז צום לעצטן סאָלדאַט, צו פירן די סאָלדאַטן, — צי יאָ נוצלעך, צי נישט נוצלעך, — אויף אַטאַקעס נאָר פאַר דער „גלאָריע פון דער רעוואָלוציע", און פון דער אַנדערער זייט האָט מען דורך די פרייהייטן פון דער רעוואָלוציע צעפירט יעדע מי־ליטערישע אָרגאַניזאַציע, צעבראָכן די זעלנערישע דיסציפּלין, און גע־

וואָלט מיט פּאַטריאָטישע פּאַפּירענע רעדעס צושמידן די סאָלדאַטן אין די נאַסע מלחמה־גריבער.

אָט פון אַזעלכע עלעמענטן זענען באַשטאַנען די מערסטע באַמיי־ליקטע מיליטערלייט אין דער פאַרזאַמלונג, וואָס דער מאָסקווער שטאָט־גאָלאָווא האָט צונויפגערופן אין דער שטאָט־דומע צו באַשאַפן דעם „קאָ־מיטעט פון אַלגעמיינער זיכערהייט", אָפּצוראַטעווען מאָסקווע פון דער באָלשעוויסטישער געפאַר.

נאָר אַזוי פּשוט איז עס נישט צוגעגאַנגען. קודם־כל האָט מען זיך ארומגעאַמפּערט וועגן דעם, פון וועמען ער זאָל באַשטיין, דער קאָמיטעט — פון פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער פון מיליטערישע אינסטיטו־ציעס?

אַזוי ווי מען האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעבריט ביי קאָרנילאָוון, האָט מען מורא געהאַט צופיל זיך איבערצוגעבן אין די הענט פון די אָפי־צירן און יונקערס. פון איין זייט האָט מען געוואָלט זיך באַשיצן קעגן די רויטע, דערביי אָבער האָט מען נישט געוואָלט זינדיקן קעגן דער רעוואָ־לוציע (אריינפאַלן אין אַזעלכע הענט ווידער, וואָס ווען זיי וועלן זיגן, וועלן זיי פאַרכאַפּן די מאַכט).

האָט מען צוליב דעם אומצוטרוי, וואָס האָט געהערשט פון איין עלע־מענט צום אַנדערן, זיך געאַמפּערט, געקריגט און געדונגען — ביז מען האָט ענדלעך איבערגעגעבן די אָנפירונג פון אַלע פאַרטיידיקונגס־כוחות דעם עסערישן פּולקאָווניק קאַראַמצאָוו.

די כוחות פון דער פאַרטיידיקונג זענען געווען אָן אַן ערך פּיל־צאָליקער, ווי די באָלשעוויסטישע. דאָ זענען געווען אַלע אָפיצירן פון גאַנצן מאָסקווער גאַרניזאָן, די שילער פון די אַלעקסאַנדרישע קריגס־שולן, סטודענטן און אינטעליגענטן, אויך זעלנער פון אָרטיקן גאַרניזאָן, וועלכע זענען געשטאַנען אונטער דער עסערישער השפּעה.

נאָר פּולקאָווניק קאַראַמצאָוו איז געווען אַ טיפּישער ניי־געבאַקע־נער רעוואָלוציאָנער. ער האָט מורא געהאַט צו טון עפּעס אַ זאַך, וואָס זאָל אים שלעכט פאַרשרייבן אין דער געשיכטע פון דער רוסישער רע־וואָלוציע. ער האָט מורא געהאַט אַרויסצורופן אַ בירגער־קריג. האָט ער צוערשט געפּרוווט זיך דורכצורעדן דורכן טעלעפאָן מיטן צווייטן צד:

— חבר רישקאָוו, איך בין אייך מודיע, אַז איך האָב געלאָזט אַרומ־

רינגלען דעם קרעמל מיט מיליטערישע אָפּטיילונגען פונעם קאָמיטעט פון „אַלגעמיינער זיכערהייט". מ'האָט ביינאַכט ארויסגעפירט פון קרעמלער אַרסענאַל געווער, איך קאָן דאָס נישט דערלויבן. יעדער פּרווו דורכצו־שמוגלען געווער וועט ווערן אונטערדריקט. איך פאָדער אייך אויף אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, אַז איר זאָלט אָפּרופן דעם 56סטן פּולק און באַפרייען דעם קרעמל, וואָס אייערע האָבן היינט פרימאָרגן פאַרכאַפּט.

— חבר קאַראַמצאָוו, איך פאָדער אייך אויף אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, אַז איר זאָלט צונעמען די וואַך פון די צאַרישע אָפיצירן, וואָס איר האָט אויפגעשטעלט ביי די טויערן פון קרעמל. איר וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעוואָלוציע דערפאַר, וואָס איר האָט אין דעם דאָזיקן אחריותדיקן מאָמענט נישט צוגעלאָזט צו באַוואָפענען דעם פּראָלעטאַריאַט.

— חבר רישקאָוו, איך מאַך אייך אויפמערקזאַם דערויף, אַז דער פאַרטיידיקער פון דער רעוואָלוציע בין איך. און איך וועל זיך אַליין באַגעבן אין קרעמל, כדי אויפצוקלערן די חברים־זעלנער די ריכטיקע סי־טואַציע און ווער עס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער לאַגע.

— ביטע זייער. איך וואַרט אויף אייער טעלעפאָן פון קרעמל, חבר קאַראַמצאָוו.

און דער אָנפירער פון אַלע כוחות, ווען מען האָט איבערגעגעבן צו פאַרטיידיקן דאָס מוטערל מאָסקווע, האָט זיך מוטיק אַליין באַגעבן אין רעוואָלוציאָנערן קרעמל, ווו ער איז באַלד געגומען געוואָרן געפאַנגען פון דעם באָלשעוויסטיש־געשטימטן 56טן פּאָלק און מען האָט אים אפילו געסטראַשעט צו דערשיסן.

באַפרייט האָט אים חבר רישקאָוו.

דער בירגער־קריג האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן און ביי־דע, אי די „ווייסע" און אי די „רויטע", האָבן אים אויסגעמיטן, — די „ווייסע" צוליב זייער שוואַכקייט, די „רויטע" — ווייל זיי האָבן נישט געהאַט גענוג כוחות.

אין שטאָט האָט שוין געהערשט די פּאַניק פון ערב־קריג.

דעם געפאַנגענעם קאָמאַנדירס אַדיוטאַנט, אַן ענערגישער מלחמה־מאַן, האָט דערווייל צעשטעלט אָפּטיילונגען פון מיליטער מיט מאַשין־געווער אויף די דעכער פון די גרויסע האָטעלן, פאַרכאַפּט ראַיאָנען, ארומ־

געריננלט דעם קרעמל, נישט ארויסגעלאָזט מער קיין געווער. ער האָט אָנגעהויבן ארומצוצוימען דאָס גובערנאַטאָרישע הויז און נישט צוגעלאָזט קיין באָלשעוויסטישע ארבעטער, וואָס האָבן זיך אריינגעגנבעט פון דער־פאָרשטאָט, קיין רויטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געפרוווט מיט געווער צו־צוקומען צום קריגס־קאָמיטעט.ביידע כוחות פלעגן זיך אָנטרעפן, און עס פלעגן ארויסקומען איינצלנע צוזאַמענשטויסן. ביידע צדדים האָבן אָנ־געהויבן צו שיסן איינער אויפן אַנדערן, נישט אָפיציעל, אויף אייגענע אחריות.

דער בירגער־קריג האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. די „ווייסע" זע־נען נאָך נישט געווען אַנטשלאָסן, און די „רויטע" זענען נאָך נישט גע־ווען גרייט.

## קאַפּיטל 8

# אין גובערנאַטאָרס קאַבינעט

דער קאָמאַנדיר פון דעם „קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכער זיכער־הייט" האָט זיך ענדלעך באַפרייט פון קרעמל און זיך געפונען אין דער שטאָט־דומע. פון דאָרטן האָט ער, אונטערן דרוק פון די רעכטע עלע־מענטן, געשטעלט דורכן טעלעפאָן אַן אולטימאַטום די פירער פון גובער־נאַטאָרישן הויז:

א) דער קרעמל מוז ווערן אָפּגערייניקט פון באָלשעוויסטישע עלע־מענטן.

ב) דער „רעוואָלוציאָנערער קריגס־קאָמיטעט" מוז פונאַנדערגע־לאָזט ווערן.

צייט האָט ער געגעבן צען מינוט, אַז נישט — הייבן זיך תיכּף אָן די קריגס־אָפּעראַציעס.

אין גובערנאַטאָרישן הויז האָט זיך געפילט די ערנסטקייט פון דעם מאָמענט.

פאַר דער טיר פונעם גענעראַל־גובערנאַטאָרס קאַבינעט זענען גע־שטאַנען באַוואָפנטע סאָלדאַטן און קיינעם אַהין נישט אריינגעלאָזט.

דאָרטן איז איצטער פאָרגעקומען די באַראַטונג פונעם „אויספירקאָם" וועגן אולטימאַטום.

עס איז געווען אַ גרויסיקער, הויכער זאַל, דעם גובערנאַטאָרס קאַ־בינעט, מיט פיר גרויסע פענצטער, וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען אין אַ גאָרטן־הויף, אָדער זיי האָבן אַריבערגעקוקט אויפן מאָנומענט פונעם העלד פון צאַרישן רוסלאַנד, אויף סקאָבעלעוון, וואָס איז געשטאַנען אויפן פּלאַץ.

אַזוי ווי די פריערדיקע באַלעבאַטים פון הויז וואָלטן געווען געוווּסט, ווער עס וועט אַמאָל באַוווינען דעם קאַבינעט, און צו וואָס פאַרא צוועק ער וועט דינען, — האָבן זיי געזאָרגט דערפאַר, אַז דער גאַנצער מערקווירדיק גרויסיקער צימער זאָל זיין אינגאַנצן אויסגעשלאָגן מיט רויטן דאַ־מאַסק, פון וועלכן עס האָבן שוין אויך דאָ געפעלט גאַנצע שטיקער, וואָס מען האָט אַרויסגעשניטן אויף נוצלעכערע פאַרווענדונגען. איבער די ווענט זענען געהאָנגען דיקע גאָלדענע ראַמען, פון וועלכע מען האָט אַרויס־געריסן די קייזערלעכע פּאָרטרעטן. זיי האָבן אָבער אויף זיך נאָך געהאַט די גאָלדענע קרוינען. און ווי עפּעס אויף צו־להכעיס, איז אויף אַ וואַנט איבערגעבליבן אַ פאַרגעסענע פאָטאָגראַפיע, — אין וועלכער מען האָט דערקענט דעם אַמאָליקן באַוווינער פונעם קאַבינעט, דעם גרויספירשט סערגעי, אין קרייז פון זיין משפחה, — וואָס איז שוין, פאַר שאַנד, וואָס דאָ טוט זיך טאַקע, געווען אָפּגעבלאַקירט, און צוליב דעם אפשר טאַקע האָט מען די פאָטאָגראַפיע נישט באַמערקט...

ווו מען איז געגאַנגען און געשטאַנען, זענען געלעגן מונדשטוקן פון פּאַפּיראָסן, שטיקלעך פּאַפּירלעך פון געדרייטע ציגאַרן. וואָס צו רויכערן איז שוין לאַנג נישט געווען. האָט מען געריסן בלעטער פון ביכער, שטי־קער פון אַקטן און אַנדערע שטיקער פּאַפּיר און איינגעוויקלט אין זיי דאָס, וואָס מען האָט גערופן „היימישע מאַכאָרקע".

די „היימישע מאַכאָרקע" איז באַשטאַנען פון אויסגעטריקנטע טאַ־באַק-בלעטער, וואָס פויערים האָבן פאַרזייט, געמישט מיט אָפּפאַלעכץ פון געוויקסן. אַזוי ווי מען האָט די „היימישע מאַכאָרקע" נישט געקאָנט לאַנג פאַרציען, האָט מען עס באַלד אַוועקגעוואָרפן, און די אָפּגעסמאַליע־טע אָפּפאַלעכץ האָט מען געזען אומעטום: אויף אַלע טישן, אויף אַלע פענצטער־ברעטלעך, און צוממיינסטן האָבן זיי געדינט צו באַצירן מיט

זיי די מאַרמאָרנע פּלאַטן פון די גרויסע שפּיגלען און דעם מאַרמאָרנעם אויוון.

איבערן זאַל זענען געווען אויסגעשטעלט אַ סך זיידענע קאַנאַפּעס, צוגעשטעלט צו זעלנערישע, אייזערנע בעטן. אַלע קאַנאַפּעס מיט די בעטן זענען געווען באַזעצט פון ערנסטע, באַזאָרגטע מענטשן — סאָלדאַטן און אַרבעטער. טייל פון זיי האָבן געהאַלטן זייערע קעפּ אָנגעלענט אָן די הענט, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף די ביקסן, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן צווישן זייערע קני. פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע און מער פון אַלעמען האָבן זיך פאַרלוירן די אינטעליגענטן. דער קורצזיכטיקער מענטש מיטן איינגעקנייטשטן פּנים און דיקעברילן איז געלעגן אויסגעצויגן אויף איינער פון די פילע קאַנאַפּעס און האָט געקרעכצט פון בויך-ווייטיק, וואָס האָט אים אינמיטן דערינען אָנגעכאַפּט. די פיזישע ליידן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין געל פּנים. אַן אַלטיטשקער, מיט אַ זיידע־פּנים, איז געזעסן אויפן ראַנד פון דער קאַנאַפּע נעבן אים און האָט זיך נישט גע־שטערט צו קייען שטיקלעך שוואַרץ ברויט, וואָס ער האָט אין קליינע קרישקעלעך אָפּגעבערקלט פונעם לעבל ברויט, וועלכן ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

ביי דעם גרויסן, אומגעלומפּערטן, מיט בראָנז־באַשלאָגענעם גובער־נאַטאָרישן שרייב-טיש זיצט דער מענטש מיטן אָפּגעגאָלטן שיינענדיקן קאָפּ — חבר רישקאָוו. היינט איז ביי אים דאָס גרויסע פּנים אַרומגע־וויקלט מיט אַ טוך: אַ צאָן האָט אים ווײ־געטון. כדי נישט צו ווערן גע־שטערט אין דעם אַנטשיידנדיקן מאָמענט פון אַ פיזישן ווייטיק, האָט ער זיך געלאָזט דעם צאָן אַרויסציען פון אַ זעלנער, אַ פעלדשער, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז.

דער זעלנער האָט דעם צאָן אַרויסגענומען, נאָר די יאַסלע האָט ער גוט צעקאַליעטשעט. גייט איצט דער חבר רישקאָוו דאָס פּנים אַרומגע-וויקלט. ער רעדט נישט גאַנץ קלאָר, און שפּייט יעדן אויגנבליק מיט קלעקן בלוט. פאַר אים, אויפן טיש, ליגט אויסגעשפּרייט די מאַפּע פון מאָסקווע. נאָר זי איז באַשטעלט מיט גלעזער פון טיי, וועלכע זענען ביז אין דער העלפט אָנגעפילט מיט מונדשטוקן פון פּאַפּיראָסן, אַש, אויס־געריבענע צינד־העלצלעך, שטיקלעך פּאַפּיר און נאָך אַנדערע אָפּפאַלעכצן. עס געפינען זיך דאָ אפילו שווערע, מעטאַלענע אַש־בעכערס, אָבער קיי־

נער באַמערקט זיי נישט. רישקאָוס האַרטע, גוט אויסגעקנאָטענע גאַמבע, באַוועגט זיך ענערגיש אין ראַם פון דעם אַרומגעבונדענעם טוך. נישט קוקנדיק אויף זיין פאַרבונדן מויל, הערט ער נישט אויף צו בייסן די נעגל פון זיינע קורצע, דיקע פינגער, וואָס ער האָט שוין ביז בלוט טיף אין דער הויט אַריין אָראָפּגעגריזשעט. די אַריינגעשניטענע נעגל אין זיינע קורצע פינגער גיבן זיין האַנט אַן אָנזען פון עפּעס אומנאַטירלעכס און שרעקנדיקס; אַזוי ווי די האַמערדיקע הענט וואָלטן באַשאַפן געוואָרן נישט פאַרן מענטשלעכן געברויך, נאָר פאַר עפּעס אַנדערש.

ער האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע אַ קלעקע בלוט און געזאָגט שאַרף און קורץ:

— איינס איז זיכער, אונדזער לאַגע איז נישט קיין פרייליכע.

אים האָט צוגעטאַקעוועט, אָן ווערטער, נאָר מיט אַ שטומען צושאָקל מיטן קאָפּ, דער מרה־שחורהדיקער לעטישער סאָלדאַט. דאָ, אויף דער באַראַטונג, איז ער אויך אָנגעטון אין זיין לאַנגן, איבער די טריט צוגעדעקטן מונדיר, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען זיין צווייטע הויט. ער איז נישט געזעסן. ער איז געשטאַנען נעבן שרייבטיש און געקוקט אויף זיינע צוגעדעקטע טריט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם, מרה־שחורהדיקן בליק.

— איך וויל, אַז די חברים זאָלן וויסן די סיטואַציע, איידער מיר נעמען זיך צום אָפּשטימען, — האָט דער מאַן מיטן אַרומגעבונדענעם פּנים געזאָגט מיט אַ שווערער, מעטאַלענער שטימע, ווי ער וואָלט געוויגן יעדעס וואָרט. — מיר האָבן נישט קיין אַמוניציע. די חברים, וואָס מיר האָבן צעשיקט אין די קאַזאַרמעס צו ברענגען אונדזער אַרטילעריע, זענען נישט צוריקגעקומען. און ווער ווייסט, צי זיי וועלן זיך איצטער קאָנען דורכרייסן דורך די „ווייסע" קייטן. די „דווינסקער" זעט מען אויך נישט. מיר האָבן אַביסל ביקסן און מאַשין־געווער, אָבער קיין האַרמאַט נישט. אויך זענען אונדזערע צעשפּרייט אויף אַלע פיר זייטן: אין קרעמל, אין די קאַזאַרמעס, אין די אַרומיקע ראַיאָנען. פאַרקערט, דער „קאָמיטעט" האָט אַלע אָפיצירן פון מאָסקווער ראַיאָן: די יונקערס פון דער קריגס־שול, די סטודענטן, די אינטעליגענטן און, דער עיקר, די „עסערן". אפשר זענען אויך די סאָלדאַטן אונטער זייער השפּעה? זייערע האַרמאַטן דערגרייכן צו אונדזער הויף. וואָס מיינט איר, חברים?

— וואָס הערט מען פון צענטער? — האָט געפרעגט די חברטע איז־מאילאָווא.

— פון צענטער הערן זיך אויך נישט קיין פרייל עכע ידיעות. יעדנ־פאלס איז די לאגע נאָך נישט קלאָר. קערענסקי געפינט זיך ביים גענע־ראל קראסנאָוו. זיי זענען מיט די קאָזאקן אריבער גאַטשינע קיין צאַרס־קאָיע־סעלאָ און גייען אויף פּעטראָגראַד. אונדזערע — פּרוּוון אָנצו־קניפּן פאַרבינדונגען מיט די קאָזאקן. כדי אויסצומיידן בלוט־פאַרגיסונג, דאַרפן יענע אַרויסגעבן קערענסקין, און ווי אַזוי דער פראָנט וועט זיך פאַרהאַלטן, ווייסן מיר אויך נישט. צי קאָן מען זיך פאַרלאָזן אויף די אייזנבאַנער, אַז זיי וועלן נישט דורכלאָזן די עשאַלאָנען מיט די קאָזאקן, וואָס קערענסקי האָט אַרויסגערופן צו העלפן די הויפּטשטעט? ווער קומט צוריק פון פראָנט?

— מיטן פראָנט זענען מיר זיכער, — האָט זיך פון אַ ווינקל־אַרויס אָנגערופן אַ יונגערמאַן, וואָס האָט זיך אויפגעשטעלט און איז אַרויסגע־טראָטן פאַרן עולם. — אונדזערע האָבן גוט אָרגאַניזירט די פראָנט־שטעט. איך קום איצט צוריק פון מאָהילעוו, פון אָרשע. אין אָרשע שטייען קאָזאקן, וועלכע זענען געטריי דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. מיר האָבן אָבער דאָרט אַן ענערגישן קאָמיטעט. זיי זענען יונגעלייט, אַרבעטן אויס־געצייכנט. זיי זענען אַריין אין קאָנטאַקט מיט די חברים סאָלדאַטן, וואָס היטן די פּראָוויאַנט־מאַגאַזינען. די אייזנבאַנער זענען אויך אונדזערע. ווען די עשאַלאָנען מיט קאָזאקן קומען־אָן, שטעלן זיי די אייזנבאַנער אָפּ אויף וויאָרסטן הינטער דער שטאָט. עס קומען צו זיי אַרוים סאָלדאַטישע קאָמיטעטן, און מען פירט זיי אין שטאָט אַריין. מען באַקומט פאַר זיי פון די מאַגאַזינען עסן און אָנטועכץ. אַזוי־אַרום געווינען מיר זיי אויף אונ־דזער זייט. זיי בלייבן שוין שטעקן אין אָרשע. איצט פּרוּוון מיר דורך די געוועזענע סאָלדאַטן אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג מיטן אָרטיקן קאָזאַקישן גאַרניזאָן. דער גאַרניזאָן גייט איינציקווייז אַריבער אויף אונדזער זייט.

— מיינט איר, חבר, אַז מיר קאָנען זיך אויף זיי פאַרלאָזן?

— איך גאַראַנטיר. דורך אָרשע וועט קיין איין סאָלדאַט פון פראָנט נישט דורכגיין. דאָרטן איז דאָ אַ יידישער חבר מיט אַ לאָם הענטל, וויינ־בערג איז זיין נאָמען, פון וואַרשע קומט ער. ער טוט אויף וווּנדער.

— יאָ, מיר האָבן געהערט, — זאָגט דער פאָרזיצער אין נאָכדענ־קען. — די איינציקע זאַך: מיר ווילן דאַרפן צייט געווינען.

די פאַרזאַמלטע האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַ מינוט איז די גאַנצע פאַרזאַמלונג געזעסן אין אַ טויט שטיל־שווייגן. אינעם שיין פון די אַראָפּהענגענדיקע וואַנט־לאָמפּן האָט מען גע־זען פּנימער, ווי באַלויכטענע פאַרמעטן, ערגעץ פאַרקוקט אין אַ נאָכ־דענקנדיקן ערנסט. ציין האָבן זיך פאַרביסן אויף ליפּן, און ליפּן האָבן זיך געקרימט אין ווייענדיקע, האַלב־פאַרחלשטע גרימאַסן. בלישטשענ־דיקע אויגן האָבן זיך באַהאַלטן טיפער, טיפער אין די קברים־לעכער פון די פּנימער און פון דאָרטן אַרויסגעקוקט מיט בלישטשענדיקע פייערן. נעזער האָבן שווער אָטעם געשעפּט.

אַזוי האָט געדויערט אַ מינוט שווייגן ווי יאָרן, ביז דער חבר מיטן גלאַנציקן קאָפּ האָט ענדלעך מיט זיין קורץ אויסגעהאַמערטער האַנט געגעבן אַ קלאַפּ אויפן טיש, און זיך אָנגערופן:

— חברים, מיר ווייסן נישט, ווער עס שטייט הינטער אונדז. מיר האָבן אונדזערע כּוחות נישט געציילט. נאָר מיר גלויבן, אַז דורות און דורות פון פאַרשקלאַפונג און דערנידערונג האָבן געמאַכט רייף די מאַסן פאַר אונדזער און אייער זאַך. הינטער אונדז שטייט רוסלאַנד, די וועלט. מיר שטימען אָפּ, חברים. דער, וואָס איז דערפאַר, אַז מיר נעמען אָן דעם אולטימאַטום, וואָס די בורזשואַזיע וואַרפט אָן אויפן פּראָלעטאַריאַט, דער זאָל אויפהייבן זיין האַנט.

אַן אַנגסטיק שווייגן האָט געהערשט. קיין איין האַנט האָט זיך נישט אויפגעהויבן.

— ווער עס איז דערפאַר, אַז מיר וואַרפן אָפּ מיט עקל דעם דאָזיקן שענדלעכן אולטימאַטום, דער זאָל צוקלאַפּן מיט דער קאָלבע פון זיין ביקס.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן הערן קלאַפּן פון קאָלבעס אין דער הילצער־נער דיל. לאַנגזאַם, איינער נאָכן אַנדערן, איז דער קלאַפּ געקומען און האָט, ווי אַן עכאָ, אָפּגעשלאָגן אין די ווייטע ווינקלען פונעם גרויסן צימער. פון קלאַפּ האָבן צוגעקלימפּערט די קרישטאָלענע הענגערס פון די בראָנזענע וואַנט־לאָמפּן. דער פאָרזיצער האָט זיי געציילט איינעם נאָך איינעם.

— דער גורל איז געפאַלן! — האָט ער אויסגערופן.

אַ ווייבערשטע שטימע האָט זיך צעוויינט.

עמיצער האָט זיך דאַרטן צעקושט.

— מיר זענען נישט אויף קיין „עסערישער“, ראָמאַנטישער טעראָר־פאַרזאַמלונג. מיר זענען אינעם „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט“, — האָט געזאָגט דער פאָרזיצער מיט זיין הויכער, פון שפּייעכץ פאַרנאַסטער שטימע. — און איצט — צו דער ארבעט!

חבר רישקאָוו האָט אָפּגעריסן דאָס טוך פון זיין פּנים און גענומען דאָס רערל פונעם טעלעפאָן אין האַנט:

— שטאָט־דומע, דער חבר קאָמאַנדיר! — האָט ער אַריינגעשריגן אין רערל.

דער לעטישער סאָלדאַט מיטן לאַנגן פּנים האָט צוגענומען דאָס צווייטע הער־רערל און זיך עס צוגעלייגט צו זיין אויער.

— חבר קאַראַמצאָוו, כדי אויסצומיידן אַ בירגער־קריג, האָט דער „רעוואָלוציאָנערער קריגס־קאָמיטעט“ באַשלאָסן: מיר וועלן צוריקנעמען פון קרעמל דעם 193סטן פּולק. דעם 56סטן מוזן מיר איבערלאָזן, כדי צו היטן דעם אַרסענאַל. די סאָלדאַטן פילן זיך באַליידיקט, וואָס מען האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט צו האָבן צוטרוי צו זיי, און איך קאָן נישט גוטזאָגן פאַר די רעזולטאַטן, וואָס וועלן אַנטשטיין, ווען אייערע יונקערס וועלן זיך באַווייזן אין קרעמל. דעם „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט“ וועלן מיר נישט אויפגעבן. דאָס איז די איינציקע גאַראַנטיע קעגן אייערע באַוואָפנטע גענעראַלן און אָפיצירן. איך דערלויב מיר, חבר, אייך צו מאַכן אויפמערקזאַם אויף דער סיטואַציע, וואָס וועט זיך שאַפן, ווען דער פּראָלעטאַריאַט וועט ווערן אַנטוואָפנט. איר וועט חרטה האָבן, נאָר עס וועט שוין זיין צו־שפּעט. די איניציאַטיוו פון אָנהייבן דעם בירגער־קריג לאָזן מיר איבער פאַר אייך. מיר וועלן דעם ברודער־מאָרד נישט אַרויסרופן.

פון דעם צווייטן צד האָט מען געבעטן וואַרטן אויף אַן ענטפער.

דורך דער צייט, וואָס דער פאָרזיצער האָט געוואַרט ביים טעלעפאָן, האָט געהערשט אַזאַ אַנגסטיקע שטילקייט אינעם גרויסן זאַל, אַז עס האָט זיך געדאַכט, זי פליט אַרום אין חלל פון זאַל מיט ווינטיקע פליגל. אַלע זענען בלייך געווען, מיט שרייענדיקע, אַרויסגעזעצטע אויגן און פאַרחלשטע נעזער. דורך די אָפענע מיילער האָבן זיי געשעפּט די שווערע, מעטאַל־צעגאָסענע לופט.

פונעם צווייטן צד האָט מען געבעטן צושיקן שליחים צו פירן אונ־טערהאַנדלונגען, זיך ווענן דעם דורכצושמועסן.

— אויסגעצייכנט! — האָט זיך באַוויזן אויפן אָנגעשפּאַנטן פּנים פון פאָרזיצער אַן אויסגעלייטערטקייט. — מיר ווילן דעם ברודער־קריג נישט אָנהייבן, ווען איר וועט אייערע „ווייסע״ אָפיצירן האַלטן אין שפּאַן.

— נאַגין, סטיקאָוו פאָרן אין דער דומע פירן אונטערהאַנדלונגען מיט קאַראַמצאָוון וועגן אַרויסנעמען דעם 193סטן פּולק און זיי דורכלאָזן מיטן געווער צום גובערנאַטאָרישן הויז. דעם 56סטן לאָזן. זעט צו פאַרציען די פאַרהאַנדלונגען וואָס לענגער איר קאָנט! — האָט רישקאָוו אויסגערופן.

די חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין זאַל, זענען פון דער פלינקער האַנדלונג פון פאָרזיצער אַזוי איבערראַשט געוואָרן, אַז זיי האָבן אַליין נישט געוווסט, ווי אַזוי דערויף צו רעאַגירן. איינער האָט דעם אַנדערן אָנגע־קוקט. אין לעמישן סאָלדאַטס אויגן איז געשטאַנען אַ גלאַנצנדיקע ווייס־קייט, וואָס צינדט זיך ביי אים אָן יעדעס מאָל, ווען ער דערפילט אַ סכנה. ביים מאַטהאָז האָבן זיך אויפגעהויבן די שוואַרצע האָר פון זיין טשופּרינע. ער האָט אויפגעעפנט אַ גרויס מויל עפּעס צו זאָגן. ער האָט עס — צי פאַר איבערראַשונג, צי טאַקע דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן — צוריק צוגעמאַכט, נישט אַרויסגעבראַכט קיין וואָרט. נאָר וועמ עס איז מער פון אַלעמען אויפגערודערט געוואָרן, איז געווען די חברטע איזמאַילאָווא. איר פריש מאַנאַשקע־פּנים איז רויט געוואָרן. עס האָט גע־ברענט פאַר כעס. און כאָטש זי האָט זיך געמיט צו באַהאַלטן איר אויפרע־גונג, דורך דעם וואָס זי האָט איר גלאַט פאַרקעמטן קאָפּ אַראָפּגעבויגן צו אירע קני, האָט מען דאָך אָנגעזען, ווי איר ברוסט הייבט זיך און פאַלט. זי קאָן זיך נישט פאַסן. דער עולם האָט אַ לאַנגע ווײַלע געשוויגן. ענדלעך האָט זיך חברטע איזמאַילאָווא אָנגערופן מיט אַנטריסטונג:

— ווי אַזוי וועט דאָס איצט זיין?

— גאָרנישט וועט זיין. עס איז איצט נישטאָ קיין צייט צו רעדן. דופט אַריין די חברים. איצט דאַרף מען אָנהייבן צו טון! — זאָגט פונעם טיש חבר רישקאָוו.

מען האָט זיי אָבער נישט באַדאַרפט רופן. די טירן האָבן זיך אויפ־געריסן און עס האָבן אָנגעהויבן אַריינצושטראָמען סאָלדאַטן, געדיכט גע־מישט מיט ציוויל־געקליידטע אַרבעטער, האַלטנדיק ביקסן אין די הענט.

זיי האָבן אװעקגעשטופּט די באַװאָפנטע היטערס פון די טירן און זיך אַריינגעריסן אין גובערנאַטאָרס קאַבינעט.

װי אַ װינט האָט זיך צעטראָגן די ידיעה, אַז דער „אויספיר־קאָמי־טעט" האָט באַשלאָסן איבערצוגעבן דעם קרעמל צו די „װייסע", און װיל אָנהייבן אונטערהאַנדלונגען מיט זיי. די סאָלדאַטן, די אַרבעטער, װאָס זע־נען געקומען אַ נאַכט פריער, האָבן זיך געפילט װי פאַרקױפטע. די ביטער־קייט פון זייער מזל צו זיין שטענדיק די אָפּגענאַרטע האָט זיך געזעצט אויף זייערע אויגן און אויף די ראַנדן פון זייערע מיילער און איז פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ טיף־גראָבנדיקן כעס. אָן דער שפּיץ פון די חברים איז גע־שטאַנען אַ זעלנער, װאָס איז צוליב דעם, װאָס מען האָט אים אַרויסגע־שיקט אַלס אויסקוקער, געװען אָנגעטאָן ציװיל: אין אַ קורצער, צעריסע־נער אַרבעטער־מאַרינאַרקע, פאַרקנעפּלט ביז צום האַלדז, און אין אַ פּאָר לאַנגע שטיװל. זיינע אויגן זענען געװען צוגעקלעפּטע מיט שװערע הייט־לעך, די ליפּן פאַרקרימט אין אַ ביטערער גרימאַסע. ער איז געװוינט גע־װען אַזוי צו קנייטשן זיין פּנים נאָך פון קינדהייט, װען מען האָט אים געשלאָגן. זיין אַרבעטער־היטל מיטן גלאַנצנדיקן דאַשעק, װאָס איז זייער שלעכט געזעסן אויף זיין קאָפּ און װאָס מען האָט אָנגעזען, אַז עס איז נישט זיינס, האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די אומהיימלעכקייט פון זיין פּנים.

— אייך, אינטעליגענטן, װעלן זיי שוין דאָרטן מוחל זיין. איר װעט זיך שוין קאָנען מיט זיי אויסגלייכן. מיר, סאָלדאַטן, האָבן קיין אַנדערע עצה נישט. דער טויט װעט סיי־װי־סיי אונדז נישט אויסמיידן, דאָ אָדער דאָרט. אָנגעהויבן — מוזן מיר פאַרענדיקן! — האָט ער געקלאַפּט אין טיש פאַרן פאָרזיצער.

— װעגן װאָס גייט עס, חברים? — האָט זיך דער פאָרזיצער נישט אויפגערעגט און איז אַלץ געבליבן זיצן ביים טיש מיט זיינע לאַנגע, באַ־שטױולטע פּיס. זיין אָפּגעגאָלטער קאָפּ האָט זיך געגלאַנצט אין די ליכט און אויפן ברייטן פּנים איז געלעגן אַ געצװוּנגענער שמייכל.

— װעגן קרעמל גייט עס! דעם קרעמל װילט איר איבערגעבן די „װייסע". און מיר זאָגן אייך, אַז די סאָלדאַטן װעלן אייך נישט האָרכן. זיי װעלן דעם קרעמל נישט אָפּגעבן. אונדז איז אַלצאיינס, װוּ מיר װעלן

געפינען דעם טויט. איינגעפעדעמט — דארף מען נייען. קיין צוריק איז נישטאָ. פון הינטן שטייט דאָס קריגס־געריכט.

— ווענן קרעמל גייט עס? — הערט אַלץ דער פּאָרזיצער נישט אויף צו וויצלען זיך מיט אַ געצווו־גענעם געלעכטער, צוליב וועלכן עס זעט זיך אַרויס זיין יאַסלע מיטן פעלנדיקן צאָן. — נו, וואָס, חברים? מען דאַרף דאָך אָנגרייטן אַ פּולאַפּקע פאַר מייז, — האָט ער געזאָגט און זיי־נע הענט זיך דערביי אין די הויזן־טאַשן פאַרשטעקט.

דער ענטפער האָט אַביסל צעמישט דעם רעדנער און דעם איבעריקן עולם. זיי האָבן אים נישט געקאָנט צעקייען, געקלערט וואָס ער מיינט און נישט געקאָנט פאַרנעמען. יעדנפאַלס האָט דער ענטפער געווירקט, ווי דער ערשטער עמער וואַסער אויפן אויסגעבראָכענעם פייער.

— מיר זענען איצט נישט אויפגעלייגט צו שפּאַסן און מיט קיין ווערטלעך וועט איר זיך נישט אַרויסדרייען. זאָגט אונדז, ווענן וואָס עס גייט. פאַרוואָס גיט איר אָפּ דעם קרעמל דעם פיינט?

— נאָך וואָס דאַרפן מיר דעם קרעמל? רוסלאַנד דאַרפן מיר האָבן! וועלן מיר האָבן מאָסקווע, וועלן מיר האָבן דעם קרעמל סיי־ווי־סיי. אויב נישט, וועט אונדז דער קרעמל גאָר נישט העלפן. איינצושליסן זיך אין אים, דאָס איז גוט פאַר די „ווייסע", נישט פאַר אונדז. און דעם 193סטן פּולק דאַרפן מיר אויך דאָ האָבן אויף די דעכער, אויף די גאַסן, אויף די פּלעצער, — נישט אין קרעמל. די יונקערס האָבן אים סיי־ווי־סיי אַרומגע־רינגלט. קיין געווער קאָנען מיר פון אים נישט אַרויסקריגן. מיר האָבן נישט מיט וואָס די מלחמה אָנצוהייבן. חבר סמיר־אָוו איז נישט צוריקגעקומען מיט אונדזער אַרטילעריע. מיט ליידיקע הענט וועסטו מאָסקווע נישט נע־מען. מוזן מיר זיך ביטרעווען. מיר מוזן דעם שונא אָפּנאַרן. מיר מוזן צייט געווינען. זיי ווילן אַרויסרופן דעם בירגער־קריג, ווען פאַר זיי איז ניחא, און מיר וועלן אים אָפּרוקן — ביז ער וועט פאַר אונדז זיין פּאַסיק. פאַר־שטאַנען? זיי ווילן אונטערהאַנדלונגען? — גוט. זאָלן זיך דאָרטן אונדזערע מיט זייערע ביי די קעפּ אַרומשלאָגן, זיך קריגן ווענן „פּונקטן", ווענן „תנאים", און מיר וועלן דערווייל אונדזערס טון: פאַרנעמען ראַיאָנען, אויף די דעכער מאַשין־געווער אויסשטעלן, פאַרכאַפּן פּאָזיציעס אין דער שטיל. דורך דער צייט וועט זיך די לאַגע אין פּעטראָגראַד אויפקלערן. זיי וועלן פון צענטער הילף צושיקן. אָ, דענסטמאָל וועלן מיר זיי שוין דיק־

טירן אַ שלום! האָט נישט קיין מורא. אַ שלום אויסגעמישט מיט רויך. פאַרשטאַנען חברים?

— פאַרשטאַנען! — רופט זיך אָן אַן עכאָ פון די קולות.

— נו, איצט, חברים, לאָזט ארבעטן. עס איז שוין אַזוי אויך גענוג גערעדט געוואָרן.

דער עולם האָט זיך איינגעשטילט.

— די וויכטיקסטע און נויטיקסטע זאַך איז — צו פאַרנעמען פּאָזי־ציעס. מיר מוזן זיך אין די „ווייסע" ראַיאָנען אריינגנבענען. אויף די דע־כער מאַשין־געווער אויסשטעלן. מיר מוזן אין זייערע רייען ארויסרופן אַ פּאַניק. מיר האָבן באַקומען ידיעות, אַז מיר קאָנען אין ראַיאָן פון טעאַטער־פּלאַץ באַזעצן דעם גרויסן שטאָטישן טעאַטער. די שומרים זענען אונדזע־רע. זיי וועלן די טירן אָן רעש עפענען. די אַנדערע וועט מען דאַרפן נע־מען אין געפּאַנגענשאַפט, אַז זיי זאָלן קיין צייכנס צום שונא נישט געבן. עס איז אָבער אַ דעליקאַט שטיקל ארבעט. דער טעאַטער־פּלאַץ איז גע־דיכט באַזעצט פון די „ווייסע". זיי קאָנען אונדז ביי דער קלענסטער גע־לעגנהייט אַנטדעקן. מיר דאַרפן דערצו האָבן אַ רואיקן, אינטעליגענטן אָנ־פירער. מיר פאַרמאָגן ווייניק אינטעליגענטע כוחות, — האָט זיך דער פּאָרזיצער פאַרקלאָגט פאַר זיך אַליין, פאַרטיפנדיק זיך אין אַ מאַפּע פון דער שטאָט מאָסקווע.

עס האָבן זיך אויפגעהויבן סאָלדאַטן, ארבעטער. זיי זענען צו צום טיש.

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז צו דעם דאַרף מען האָבן אַן אינטעלי־גענטן פירער, וואָס קאָן זיך באַהערשן, איינהאַלטן די חברים־זעלנער, נישט ארויסצושפּרינגען פאַר דער צייט. עס האַנדלט זיך וועגן פאָרזיכטי־קייט. עס איז דאָס געפערלעכסטע אָרט, וואָס מיר גייען פאַרנעמען.

פון דער גרויער, טיפער מאַסע מענטשן האָט זיך ארויסגערוקט מיר־קין און זיך געשאַרט פאַרשעמט, רויטלענדיק זיך איבערן פּנים, צום חבר רישקאָווס טיש:

— איך מיין, אַז צו דעם וועל איך זיך פּאַסן, — האָט זיך מירקין אָנגערופן.

דער פּאָרזיצער האָט אים לאַנג, פאָרשנדיק אָנגעקוקט.

— ווי איז אייער נאָמען? ווער קען אייך, חבר?

— חבר מירקין האָט געאַרבעט אין וואַרשע מיט אונדז, — רופט זיך אָן חברטע סאָפּיע.

דער פאָרזיצער האָט אָנגעקוקט מירקינען מיט איין אויג, פאָרשנדיק:

— מירקין? מירקין? איך האָב געהערט דעם נאָמען. איר האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט חבר אַנאַטאָל פון „בונד"? ווי קומט איר צו אונדז? — וווּנדערט זיך דער פאָרזיצער.

— צייט קערענסקיס אומגליקלעכער אַטאַקע אויפן גאַליציאַנער פראָנט.

— אַ מיטגליד פון אונדזער פּאַרטיי?

— ניין, אַ סימפּאַטיזירער. ווייל איך גלויב, אַז איר זענט די איינציקע, וואָס ווילן דעם געפּייניקטן לאַנד ברענגען דעם שלום.

— גאַנץ גלייך. איר זענט היינט מיט אונדז, — דאָס איז אייער בעסטע לעגיטימאַציע. ווילט איר זיך אונטערנעמען אָנצופירן די חברים־סאָלדאַטן אויפן טעאַטער־דאַך?

— איך האָב זיך, באמת, קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן מיט מיליטערישע אָפּעראַציעס. אָבער איך גלויב, אַז כ'וועל זיין אימשטאַנד דאָס אויסצופירן.

— נישקשה. די רעוואָלוציע וועט אייך שוין אויסלערנען, און איר זענט אינטעליגענט גענוג, אַז איר זאָלט פאַרשטיין ווען וואָס עס האַנדלט זיך.

— כ'מיין, אַז כ'האָב פאַרשטאַנען.

— עס האַנדלט זיך ווען דורכגנבענען זיך דורך די „ווייסע" פּאַטרולן, צוצוקריגן זיך צום טעאַטער, דאָרט צו געבן דעם אָפּגערעדטן צייכן אונדזערע שומרים, וואָס מיר האָבן דאָרטן. אונדזערע שומרים וועלן אייך עפענען די טירן אָן רעש. די אַנדערע וועכטער וועט מען דאַרפן איינשפּאַרן אין אַ צימער. דאָס מאַשין־געווער דאַרף מען אַזוי אויפשטעלן, אַז זיי זאָלן נישט באַמערקט ווערן פון די יונקערשע אויסקוקערס, וואָס געפינען זיך אויפן דאַך פון האָטעל „מעטראָפּאָל". די חברים־סאָלדאַטן וועט מען דאַרפן האַלטן אין אַ שטרענגער דיסציפּלין, נישט אַרויפצוקריכן אויפן דאַך, נישט צו־פרי אָנצוהייבן די אָפּעראַציעס. מיר וועלן שוין אייך געבן צו וויסן, ווען אָנצוהייבן. דער ציל איז: צו באַזעצן דעם טעאַטער־פּלאַץ, צו פּאַריאָגן די „ווייסע" פונעם האָטעל „מעטראָפּאָל", דעם האָטעל צו באַזעצן. דאָרטן האַלטן זיך אויף רייכע בורזשואַזן, וועט מען זיי דאַרפן צע־

יאָגן, צו קיין בלוט־פאַרגיסונג נישט צולאָזן, און נישט צו קיין נקמה־אַקט מצד די סאָלדאַטן! זייער וויכטיק: מיר מוזן געווינען די סימפּאַטיע פון די נאָכלויפערס. חבר בורשאַנאָוו וועט אייך געבן אַן אָפּטיילונג פון מאַשין־געווער. די חברים־סאָלדאַטן מוזן זיך איבערטון ציוויל, מען זאָל זיי נישט באַמערקן. קיין מאַנדאַט דאַרפט איר נישט, ווייל טאָמער כאַפּט מען אייך, זאָל מען נישט ווייסן, ווער און וואָס. איך זאָג אייך אָבער, אַז דאָס איז אַ שווער שטיקל אַרבעט. ס'איז אין סאַמע האַרץ פונעם שטאַרקסטן „ווייסן" ראַיאָן.

— צו דעם בין איך דאָ, — ענטפערט אָפּ מירקין.

— דאָס איז ריכטיק. דאָס איבעריקע וועט אייך שוין זאָגן חבר בורשאַנאָוו. נעמט דעם דאָזיקן חבר און גיט אים איבער אַן אָפּטיילונג פון מאַשין־געווער. האָט מיר, חבר, אַ גוטן שליטוועגס, — זאָגט רישקאָוו און שטעקט אַריין זיין פּנים אין דער מאַפּע פון מאָסקווע.

ווען מירקין האָט זיך דערווייטערט פון טיש מיטן לעטישן סאָלדאַט, איז צו אים אונטערגעשפּרונגען זאָשקע, נאָך בלייכער ווי זי איז געווען:

— זאַכאַרי! — און כאַפּט אים אָן ביי דער האַנט.

— וואָס איז? — פרעגט מירקין.

— גאָרנישט, — רופט זי זיך אָן, און ווי זי וואָלט זיך געוועזן אָן עפּעס דערמאָנט, גיט זי אַ נעם אַראָפּ פון זיך איר פעלצל און גיט עס אַ וואָרף אַרויף אויף מירקינס פּלייצעס. — אויפן דאַך וועט דיר נישט זיין צו־וואַרים.

— חבר בורשאַנאָוו, באַלאָדנט זיי אָרנטלעך אָן מיט ברויט! — רופט פּלוצים דער פאָרזיצער הינטער די אָפּגייענדיקע, נישט אַרויסנעמענדיק די אויגן פון דער מאַפּע. — „בוטערשניטן" אויף שנירלעך וועלן זיי די מאָסקווער דאַמעטשקעס אויפן טעאַטער־דאַך נישט אַרויפשיקן!

דער עולם סאָלדאַטן האָט זיך צעלאַכט פונעם פאָרזיצערס באַמערקונג.

***

דערנאָך, ווען די חברים האָבן אויף אַ מינוט פאַרלאָזן דעם גובערנאַטאָרס קאַבינעט, כדי אויפן הויף זיך צו געזעגענען מיט די אַרויסגייענדיקע פּאַטרולן, וואָס קיינער האָט נישט געוווסט, אויב זיי וועלן צוריק־

קומען, האָט זיך אין קאַבינעט אַריינגעכאַפּט דער אַלטער דינער וואַסיל וואַסילעוויטש, וועלכער האָט דורך זיינע יאָרן געהאַט דעם כבוד צו באַדינען אַ סך גובערנאַטאָרן. איינגאַנצן געטריי דעם רוסישן כאַראַקטער, האָבן די חברים נישט פאַרטריבן די דינערשאַפט, ווען זיי האָבן פאַרנומען דעם גענעראַל־גובערנאַטאָרס הויז, זי אָנערקענט פאַר אַ טייל פונעם פּראָלעטאַריאַט און געהאַלטן בכבוד, טיילנדיק מיט איר ברויט און זאַלץ.

דער אַלטער דינער וואַסיל האָט, ווי אין די אַלטע גוטע גובערנאַטאָרישע צייטן, נאָך געטראָגן די צוויי גרויע שפּיצן פון זיין באָרד אויסגעקעמט, כאָטש שוין נישט מער קיין רויטע, גובערנאַטאָרסקע ליווריע, וועלכע די חברים האָבן באין־אופן נישט דערלויבט. דאָס איז, לויט זייער מיינונג, נישט געווען אין איינקלאַנג מיט מענטשלעכער ווירדע. נאָר אַזוי אָבער ווי זיין געטרייע, דינערשע נאַטור האָט אים נישט דערלויבט צו ענדערן די אָנגענומענע מנהגים פון זיינע געוועזענע באַלעבאַטים, איז ער איינגעגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס און אויסגעפּוצט זיך אין עפּעס אַן אַלטן טשינאָווניקשן פראַק מיט גאָלדענע קנעפּ.

דער אַלטער וואַסיל איז אין די לעצטע צייטן געגאַנגען אַביסל איינגעהויקערט. נאָר אָנקומענדיק צו דער טיר פון גובערנאַטאָרס קאַבינעט, האָט ער, אויס געוווינהייט, אויסגעשטייפט זיין איינגעהויקערטן רוקן, מיט די פינגער דורכגעפירט די שפּיצן פון זיין גרויער באָרד, ווי ער פלעגט עס אַלעמאָל טון, איידער ער איז אַריין אין גובערנאַטאָרס קאַבינעט, צי דאָרט האָט זיך יאָ געהאַט געפונען דער גובערנאַטאָר, צי נישט. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ שטויב־באַרשט און אַ שמאַטע. ער האָט זיך גוט אויסגעהוסט און איז אַריין אין קאַבינעט. ער האָט אָנגעהויבן צו קלייבן די פּאַפּירן און די ציגאַרעטן־מונדשטיקן פון דער פּאָדלאָגע און די מאַרמאָר־שפּיגלען. זיי זענען אָבער געווען אַזוי פיל, אַז ער האָט באַלד מיט אַ קרעכץ געמוזט רעזיגנירן פון זיין רייניקונגס־אַרבעט. ער האָט זיך געלאָזט מיטן טוך אויבנאויפיק איבערצווישן די קייזערלעכע פּאָרטרעטן. דאָס פלעגט ער טון, אַרויפשטעלנדיק זיך אויף אַ לייטערל, וואָס איז פאַר דעם צוועק געשטאַנען שטענדיק גרייט אין קאַבינעט. נאָר אַזוי ווי דעם קייזערס פּאָרטרעטן זענען שוין נישט געווען צו ווישן, האָט ער זיך געלאָזט באַגנוגענען מיט די גאָלדענע ראַמען.

אַזוי פלעגט ער טון יעדעס מאָל, ווען די חברים האָבן זיך נאָך אַרויס־

געכאַפּט פון קאַבינעט, עס איז אים אָבער קיינמאָל נישט געווען פאַרגונען דאָס דאָזיקע פאַרגעניגן לאַנג אָנצוהאַלטן, אויסצופירן זיין געוווינטע פּראָפּעסיע. באַלד פלעגט אריינקומען דער אָדער יענער פון די חברים, אים מוסר זאָגן פאַר זיין צאַרישער פאַרקנעכטונג און אַרויסיאָגן.

דאָסמאָל איז אים דאָס דאָזיקע פאַרגעניגן לענגער פאַרגונען געוואָרן. אַזוי, אַז ער האָט געהאַט צייט אָפּצוגעבן זיך מיט די ראַמען, ביז ער האָט צופעליק אַנטדעקט די פירשטלעכע פאָטאָגראַפיע, וואָס די חברים האָבן פאַרגעסן און זי איבערגעלאָזט אויף איינער פון די ווענט. ער האָט זיך לענגער אָפּגעשטעלט ביי איר, און מיט זיינע גרויע, אַלטע אויגן אין איר אריינגעקוקט, וועלנדיק אַנטדעקן די פּערזענלעכקייט, וואָס זי ווייזט. ער האָט אים דערקענט, זיין אַלטן האַר, זיין קעניגלעכקייט, דעם גרויספירשט סערגעי. און דער אַלטער האָט זיך מיט פאַרגעניגן אָפּגעשטעלט און געקלאַפּט מיט די אַלטע, אָן־ציינענדיקע יאַסלעס:

— אַך, באַטיושקאַ, באַטיושקאַ! צוערשט האָבן זיי דיר דעם מאַרך צעשפּריצט, איצט טוען זיי דאָס מיט דער מאַמעלע רוסלאַנד.

## קאַפּיטל 9

# שאָטנס ביינאַכט

שלייכן זיך ביינאַכט איבער די מאָסקווער גאַסן שאָטנס. רוקן זיך צו די ווענט, באַהאַלטן זיך אוים אונטער דעכלעך פון הייזער, שטרענגען־אָן זייער געהער, שיקן אַרוים זייערע בליקן אין דער טונקלקייט, כאַפּן־אויף פוסטריט, רעדנדיקע שטימען. זיי קריכן אויף אַלע פיר, ווי חיות. שלייכן זיך, שלייכן זיך שאָטנס מיט רימענס פול קוילן, קוילן אויפגעוויקלט אויף די לייבער, הינטער די פּעלצן און שינעלן. שאָטנס מיט שטיקער טיילן מאַשין־געווער, שאָטנס מיט האַנט־גראַנאַטן, שאָטנס מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן, גרייט אויף יעדן פאַל.

דער וועג איז נישט קיין ווייטער, — אַ סקווער, אַ גאַס, ביז צום טעאַטער־פּלאַץ, — נאָר אַ געפערלעכער. די גאַסן זענען ברייטע, שטאַרק באַוואַכטע פון די יונקערס. דאָס זענען די גרענעץ־ראַיאָנען צווישן די „ווייַ־

סע" און די „רויטע". העלפן אָבער די צערקוועס. די צערקוועס האָבן דעכלעך און באַהאַלטענע ווינקעלעך. אונטער די דעכלעך ליגן שטענדיק היימלאָזע און אָפּגעריסענע. וואַרפט מען זיך צווישן זיי אין דער קופּע אַריין און מען ווערט פאַרווישט פון דער נאַכט. אָנגעזאָגט אויסצומיידן געוויש און אויפמערקזאַמקייט, לויפט מען אַריבער פון איין זייט גאַס אויף דער אַנדערער מיט טאָרבעס ברויט. אַזוי רוקן זיך די שאָטנס פון הויז צו הויז, פון איין צערקווע־דעכל צום אַנדערן און וואַרפן אַריין אין דער הוילער נאַכט זייער געוויכט.

די דאָזיקע שאָטנס האָבן זיך צונויפגענומען פון אַלע טיילן פון דער גרויסער מדינה, פון אַלע פעלקער פונעם נייעם בבל און זיי ציען זיך און ציען זיך.

באַלד איז מען שוין ביים טעאַטער. אַ הינטער־טיר שטייט צווישן די פילע קאָלומנעס אָפן. דערפאַר האָט שוין געזאָרגט אַ יונגער מענטש פון די באַדינער, אָן רעש און אָן געוואַלד דורכצופירן די באַזעצונג.

די אַנדערע באַדינער זענען אָפּגעשלאָסן אין אַ באַזונדערן צימער. עס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן וואַכן. די אייגענע מענטשן ווייזן דעם וועג צו די בוידעם־שטיבער, שטיבער פון פענצטער־לעכער. אויף באַלקאָנען, אויף לייטערס, איבער אַקסלען דערלאַנגט מען די שטיקער מאַשין־געווער־טיילן. און איידער עס גרויט נאָך איבער די מאָסקווער גאַסן, — שטייט שוין אויסגעשטעלט אין די נישן, אין די בוידעם־פענצטער דאָס מאַשין־געווער, פאַרשטעלט אין די בוידעם־לעכער, מיט די רערן אַרויס אויפן טעאַטער־פּלאַץ.

אַז עס גרויט דער מאָרגן, פאַלט אַ געדיכטער נעפּל אויף דער ערד און נעמט אַריין אין זיך גאַנץ מאָסקווע.

דער אַלטער פּלאַץ, דער קרעמל, אַלע צערקוועס און צלמים ווערן אָפּ־געווישט פון דער ערד. דער נעפּל ליגט אין דער נידער. די לופט איז פריי, און פון די רויכערדיקע גרויע וואָלקנס שטאַרצן אַרויס גאָלדענע צוויי־קעפּיקע אָדלערס, אויפגעשטאָכענע אויף גאָלדענע שפּיצן. ווייסט מען, אַז דאָרט איז דער קרעמל.

ליגט ער, מירקין, איינגעוויקלט אין פעלצל, וואָס זאַשקע האָט אים געגעבן, ביים מאַשין־געווער, דעם קאָפּ פאַרשטעקט, ווי זיינע חברים די סאָלדאַטן, און קוקט אויף די גאָלדענע צאַרישע אָדלערס, וואָס הייבן זיך

אין דער לופטן, און עס דוכט זיך אים, אז די צארישע אָדלערס פליען ארויס פון קרעמל...

עס קומט אים פאָר, ווי א חלום, ווי א מיראזש: ער — ביי מאשין־געווער אין א בוידעם־פענצטערל, וואָס קוקט ארויס אויפן מאָסקווער טעאַ־טער־פלאַץ?! ווי קומט ער דאָ אהער? וואָס האָט ער מיט מאשין־געווער צו טון? ער האָט זיך דאָך פאר דעם אויסגעהיט, ער האָט דאָך קעגן דעם געקעמפט! מאכטלאָז פיזיש, אָבער ווי מעכטיק, ברעניק אין זיין גאַנצער אינערלעכקייט! אָט דער כעס, האָס ווייטיקדיקע געשריי זיינ:ס קעגן דער פארגוואלדיקונג פון אַן אומשולדיקער וועלט, וואָס מען שלעפט ווי בהמות צום שעכט־הויז, האָט דאָך אים געבראַכט ביז צו די טירן פונעם מאָסקווער גענעראל־גובערנאַטאָרס הויז. די פארגוואלדיקונג פונעם מענטשלעכן ווילן האָט דאָך אים געבראַכט צו דעם דאָזיקן שריט. דאָס, וואָס אלע נעמען זיך דאָס רעכט פון געטער, צו באפעלן איבער מע־טשנס לעבן — צי האָס איז א צאר, צי א פאַרוואָרפענער ווינקל־אדוואָקאַט, וואָס האָט זיך ערשט נעכטן אויפגעהויבן אויף די פלייצעס פונעם פאַרפייניקטן פאלק, צי דאָס איז אין נאָמען פון דעם אָדער אַנדערן אָפּגאָט.

און אָט געפינט ער זיך שוין אליין ביי מאשין־געווער, אַזוי ווי די וועלט וואָלט א פאַרכישופטער קללה־רינג געווען. ער איז אַנטלאָפן פון איין אָפּגרונט און געפינט זיך ביים ראַנד פונעם צווייטן אָפּגרונט. און ארויס־קריגן זיך קאָן מען נישט. ער איז אַנטלאָפן פון דער ביקס, אַנטלאָפן, און מיטאמאָל געפינט ער זיך ווידער אין א מלחמה־זייט, מיט די ביקסן־רערן געווענדעט קעגן א שונא, קעגן א מענטש.

ער וויל זיך אליין קלאָר מאכן זיין שריט. ער וויל זיך דאָס פאר ווע־מען פאַרענטפערן. זוכט ער אויפצופרישן אין זיין זכרון דעם גאַנצן בלור־טיקן וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט זינט דעם מלחמה־אויסברוך, ווי ער וואָלט געוואָלט פאר זיך אליין באַקרעפטיקן די באַרעכטיקונג פון זיין שריט, און וואָס ער געפינט זיך דאָ איצט אין מאָרגן־גרוי אויף א מאָסק־ווער דאך ביי מאשין־געווער.

די מלחמה האָט אים אויסגעמיטן. אלס בן־יחיד איז ער געווען פריי פון מיליטער־דינסט אין רוסלאַנד. אָבער ער האָט זיך באלד אליין אָנגע־שלאָסן אין איר אויפן „יידישן פראָנט".

די מלחמה האָט געהאט א יידישן פראָנט, א פראָנט אָן האָפענונג אויף

א זיג, א פראנט, וואס אלע האבן גענומען פאר זייער ש״ם־ציל: סיי דער פרעמדער, סיי דער אייגענער, — דער אייגענער נאך מער.

איידער ער האט נאך געהאט צייט זיך ארומצוקוקן און זיך צו געפינען אינעם וועלט־פייער, וואס האט זיך מיט איינמאל אנגעצונדן פון אלע זייטן, האט אים דער „יידישער פראנט״ געכאפט און ער האט באלד דערפילט, וווהין ער באלאנגט.

איבער די ווארשעווער גאסן האבן זיך אנגעהויבן צו ציען פוילישע פורמאנקעס, אנגעפאקט מיט קינדער און ספר־תורות. נאך זיי זענען נאכגעגאנגען שורות יידן מיט פעקלעך אויף די פלייצעס, און קלאגנדיקע מאמעס מיט קינדער ביי די זייטן, מיט קינדער ביי די בריסטן. אין די אויערן הערט ער נאך די גוואלדן פון די ווילד־געווארענ׳ע ווייבער, וואס האבן אויפן וועג פארלוירן זייערע קינדער אינעם אנגסטיקן געיעג. און די אויגן בלוטיקן אים נאך פונעם אנבליק פון די פון צער צעשריגענע, אויפגעריסענע מיילער, פון די פון שרעק ארויסגעזעצטע צינגער, וואס האבן ארויסגעקוקט פון די פנימער. ער קאן נישט פארגעסן די יללות, וואס האבן אנגעפילט דעם הויף פון דער יידישער „גמינע״ אין ווארשע. דאס זענען געווען די יללות פון די פון שטעטלעך פארטריבענע יידישע משפחות, וואס די רוסישע מאכט האט, ווי אקסן, ווי סטאדעס ארויסגעווארפן, און נאקעט און בארוועס, הינטיש פארטריבן פון זייערע שטיבלעך, פון זייערע געוועלבלעך און שולעכלעך איבערן גאנצן פראנט.

איבער נאכט האט מען זיי פארטריבן. שעהען און מינוטן נאר האט מען זיי געגעבן צייט — די בעבעכעס צונויפצונעמען, די קראנקע פון די בעטן ארויסצונעמען, און די קינדער פון די וויגן. עס זענען נישט געווען קיין וועגענער אויפצונעמען די קראנקע. פויערים האבן געריסן די לעצטע פאסן. האט א שטאט און א קהילה א וואגן אדער צוויי געדונגען, — פאר די ספרי־תורהס און די קימפעטארינס, — און מ׳איז נאך די פורן נאכגעגאנגען. אזוי ווי איבער די וועגן, דורך וועלכע מ׳איז געלאפן, זענען אנגעגאנגען שלאכטן, האט מען זיך געלאזט איבער פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער, אונטער האגלען פון קוילן, וואס האבן געבלאנדזשעט אין דער לופטן ארום. פאר פחד און אנגסטן האט מען זיך געווארפן אין געלויף, און אין דער פאניק קינדער פארלוירן.

ער זעט זיי נאך, יענע פנימער מיט דעם משוגענעם בליק אין די

אויגן. די פּנימער פון די מוטערס האָבן זיך אויף שטענדיק אים איינגע־קריצט אין זיין זכרון: ווען ער זעט זיי איצט, אַט יענע, די פון פאַר־צווייפלונג ארויסגעריסענע האָר פון אונטער די שייטלען, ווען ער זעט זיי איצט, יענע שטומע, ווילד-געוואָרענע בליקן, און קוקט איצט אויף די צאַרישע אָדלערס, וואָס שטייען איבער דעם מאָסקווער נעפל, צעקייט ער אַ קללה צווישן זיינע אייזיק-קאַלטע ליפּן. ער דראָט ציטערנדיק, שרעקנ־דיק ווען זיין פויסט.

— ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש! די דאָזיקע רערן פון אונדזערע ביקסן זענען געווענדעט קעגן דיינע גאָלדענע אָדלערס, ווי קעגן דעם יעגערס געפאַנג!

בלוט האָט זיך געגאָסן אין די גאַסן צעבערסוויז און ער איז געלאָפן עם אויסצושעפּן מיט זיינע הענט. ער זעט יענעם יידישן שרייבער מיט דער טשופּרינע גרויע האָר, וואָס שטייט אין מיטן הויף פון דער יידישער גמינע צווישן אָנגעלאָפענע, שרייענדיקע מוטערס, און ער קאָן זיך מיטן אומגליק קיין עצה נישט געבן. איין פּאַרטיע האָט ער שוין צעשיקט, צע־טיילט, אַנגעוויזן אין היימען, וואָס מען האָט קוים מיט צרות אויף גע־שווינד אָפּגעזוכט צווישן די ליידיקע וווינונגען. און שוין קומט אָן אַן אַנ־דערע פּאַרטיע פון בלאָניע! צי קומט זיך גאַנץ פּוילן צונויף אויפן דאָזיקן איינציקן פלעק פונעם וואַרשעווער יידישן גמינע-הויף?

פיל האָט דענסטמאָל געהאַט צו טון רחל-לאה. זי איז שוין נישט געווען אין שטוב. זי איז קוים געקומען אַהיים נעכטיקן, און דאָס אויך נישט שטענדיק. זי איז ערגעץ געשטאַנען מיט ווייבער אין אַ היים. זי איז שוין געגאַנגען מיט אַ חברה יונגעלייט און מיט געוואַלד זיך אַריינ־געריסן אין אַ ליידיק-שטייענדיקער וווינונג, געשלאָגן זיך מיט די ־סטרו־זשעס, געקריגט זיך מיט די זשאַנדצעס, געסטראַשעט מיט די פויסטן די באַלעבאַטים פון די הייזער. דאָ האָט מען באַדאַרפט שאַפן שטרוי אויף נאַכט-לעגערס. און דאָרטן האָט מען באַדאַרפט פאַרזאָרגן קאַרטאָפל פאַר דער זופּן־קיך.

ווער האָט געהאַט צייט צו קלערן וועגן דער היים? ווער האָט געקאָנט קלערן וועגן אייגענע זאַכן, וועגן ליבע, וועגן חתונה־האָבן?

העלענקען האָט ער כמעט נישט געזען. זי איז געווען אין דער שול פאַרנומען מיט איר אַרבעט. „וואָס עס זאָל נישט געשען, די שול מוז מען

אויפהאַלטן", — האָט געזאָגט דער לערער. און איצט דווקא מער ווי אַן אַנדערש מאָל. ער, מירקין, איז איינגעשפּאַנט אין דער הילף־אַרבעט. דעם דאָזיקן עול האָט ער אויף זיך גענומען פונעם ערשטן טאָג אָן. ער האָט זיך געשטעלט ביי דער האַנט פונעם שרייבער צו שאַפן אַ קאָמיטעט, צו באַזאָרגן געלט, צו אָרגאַניזירן די יונגנט, די קינדער־היימען אין קינדער־שולן צו פאַרוואַנדלען, פאַר די אָנגעלאָפענע מענער אַרבעט צו באַשאַפן, און קריגן לייוונט און לעדער פאַר העמדער און שיך. מיט אָרטיקע מיט־לען האָט מען עס נישט געקאָנט פאַרשאַפן: דער מבול פון די אַרויסגעיאָגטע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, און די סכנה איז ווייטער געגאַנגען, ווי אַ צעשפּרייט פייער.

עס האָט געמוזט קומען הילף פונעם צענטער. מירקין איז געפאָרן קיין פּעטערבורג, האָט אויפגעזוכט אַלטע באַקאַנטע, אויפגעוועקט דאָס געוויסן פון די כלל־טוער. אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען האָט ער אפילו זיך באַגעגנט מיטן אַדוואָקאַט האַלפּערין, זיין אַמאָליקן מחותן. אפילו מיטן פאָטער, — נישט דירעקט, נאָר דורכן קאָמיטעט, איז ער געקומען אין באַרירונג. קיין פּערזענלעך לעבן איז אים נישט אָנגעגאַנגען. אַלצדינג איז געוואָרן פאַרטרונקען אין די אַלגעמיינע צרות, יעדעס פּערזענלעכע געפיל. די געשעענישן אין וואַרשע האָבן זיין האַרץ שוין געהאַט אויף אַזוי פיל דורכגעברענט, אַז עס איז שוין געוועזן געוווינהייט, עס זאָל רעאַגירן אויף עפּעס, וואָס אַמאָל איז געווען.

אין דעם צענטער איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער קאָמיטעט. די סכנה האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער פאַרשפּרייט: ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט אָנגעצונדן זיינע פייערן אין די יידישע היימען איבערן גאַנצן פראָנט. וואָס טיפער ער האָט זיך גערוקט, דער פראָנט, אַלץ מער זענען פאַרטריבן און אונטערגעגאַנגען יידישע ישובים און קהילות. מען האָט געדאַרפט פאַר די פאַרטריבענע אָנגרייטן היימען. האָט מירקין שוין געהאַלטן אין איין אַרומפאָרן פון איין פּונקט צום אַנדערן טיפער אין לאַנד און שאַפן אָרטיקע קאָמיטעטן, וואָס זאָלן אויפנעמען די היימלאָזע.

די געשעענישן זענען געגאַנגען מיט אַן אוּמגעהויערן אימפּעט, — און מיט זיי אויך דער מענטש מיט זיינע געפילן, געדאַנקען און גלויבנס. מען האָט זיך נישט גערוקט פון מעטע צו מעטע, נאָר מען איז געפאַלן אונטער די שמיץ פון אייגענעם אוממעכטיקן כעס און צער. האָט מען

הינטער זיך אַלע בריקן געבערענט, אַלע סקרופּולן און ספקות אַריבערגע־שפּרונגען און זיך געשטעלט דאָרטן, וווּהין עס האָט געשיקט גיכער די פאַרצווייפלונג, איידער דער שכל.

צו זיין געפינען זיך דאָ אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָבן, אַ חוץ דער פאַר־צווייפלונג נאָך צוגעהאָלפן ריין־פּערזענלעכע סיבות.

צו זיין כלה העלענקען האָט ער זיך געפילט צוזאַמענגעהאָפטן מיט אייביקע משפּחהדיקע באַנדן, אָבער אַזעלכע, וואָס מען דאַרף זיי ווייניק אויפמערקזאַמקייט שענקען, ווייל זיי זענען שוין פון זיך אַליין פאַר־שטענדלעכע, איינגעבוירענע און טאָג־טעגלעכע. דערפאַר אָבער האָט די יינגערע שוועסטער, זאָשקע, אָנגעהויבן אויף אים צו ווירקן מיט אַן אומ־פאַרשטענדלעכן שטאַרקן, אומדערקלערלעכן כוח. זי, די שוועסטער, איז געווען זייער ענלעך צו דער מוטער מיט איר העל־לייכטנדיקן מיידלשן לייב וואָס האָט זיך אַרויסגעגאָסן פון אַלע שפּאַלטן און עפענונגען פון אירע לויזע בלוזעס, מיט אירע ענערגישע מונטערדיקע באַוועגונגען. זי האָט איר העגעמאָניע אַרויפגעצוווּנגען אויף אַלעמען: מיט איר שטענדי־קער גרייטער אַנטשלאָסנקייט האָט זי געמאַכט אונטערטעניק די פלעגמאַ־טישע, האַלב־פאַרחלומטע עלטערע שוועסטער העלענקע. זי האָט אויך אָנ־געהויבן צו האָבן אַן איינפלוס אויף מירקינען. זי האָט אים באַטראַכט ווי איינעם, וואָס באַלאַנגט צו איר. זי האָט אַרויפגעצוווּנגען אויף אים, ווי אויף אַלע אַנדערע, איר מיינונג, און האָט אָנגעהויבן אים אַריינצוציען אין איר אַרבעט.

נאָך פאַר דער מלחמה האָט זי באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי. נאָך צייט איר ברודערס טויט, האָט זי אַנטוויקלט אַן אומדערמידלעכע ענערגישע פּאַרטיי־טעטיקייט. זי האָט כמעט קיינמאָל נישט גענעכטיקט אינדער־היים. זי פלעגט פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע טעג און וואָכן, איבערפירן אומלעגאַלע ליטעראַטור פון איין אָרט צום אַנדערן. דאָ איז זי אין לאָדזש ביי פאַבריקס־אַרבעטער, און באַלד ווידער אין ביאַליסטאָק אָדער אין אַן אַנדערער שטאָט. זי איז אומעטום געגאַנגען. זי האָט זיך אַפילו נישט אָפּ־געשטעלט צו קומען צו די פראָנט־סאָלדאַטן מיט פּעקלעך אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס זי האָט געטראָגן אַרומגעוויקלט אַרום איר לייב. און באַלד האָט זי אויך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט מירקינען. זי האָט אויס־גענוצט זיין שטענדיק אַרומפאָרן איבער די פראָנט־געגנטן און פּעטערבורג,

אַנצושליסן פאַרבינדונגען, איבערצופירן אינסטרוקציעס און אָפטמאָל אויך פּעקלעך, — וואָס האָט געשמעקט מיט קריגס־געריכט...

דורך דער צוזאַמענאַרבעט, דורך דער בשותפותדיקער געפאַר, אין וועלכער זיי האָבן ביידע געלעבט, זענען זיי געוואָרן נענטער איינער צום אַנדערן. ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי שטענדיק געהאַט צווישן זיך סודות. העלענקע האָט עס יאָ באַמערקט און נישט באַמערקט. זי האָט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. און כאָטש דאָרט ביי זיך אינעווייניק איז זי אפשר געווען אייפערזיכטיק אויף דער שוועסטער, אָבער זי האָט נישט נאָר עס נישט אַרויסגעוויזן, נאָר נאָך געטון אַלץ מעגלעכע צו פאַרלייכטערן זייער צוזאַמענקונפט. ווען זיי זענען, בעת די מיטאָגשעהען, ביידע געזעסן אין אַ צימער פון דער לידיק־געוואָרענער שול און וועגן עפּעס גערעדט, איז זי געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז זיי זאָלן נישט איבערראַשט ווערן פון פּאָטערס אַ פּלוצלינגן באַזוך.

אין די בריוו, וואָס מירקין האָט פון וועג געשריבן צו זיין כלה, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז זי זאָל לאָזן וויסן זאָשקען, אַז אין דעם און דעם טאָג וועט ער זיין צוריק אין וואַרשע. און העלע קען איז עס געגאַנגען אין לעבן, אַז זאָשקע זאָל אַראָפּקומען פון לאָדזש אָדער פון אַן אַנדערער פאַבריק־שטאָט, ווו זי האָט זיך געפונען „אויף אַרבעט", אין דעם זעלבן טאָג. און זאָשקע האָט עס, אגב, קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו טון. די פרייע צייט, וואָס מירקין האָט געהאַט, ווען ער האָט זיך געפונען אין וואַרשע, האָט ער מער פאַרבראַכט מיט זאָשקען, ווי מיט זיין כלה. דאָס איז פאַר העלענקען אויך געווען פאַרשטענדלעך. און ווי עס האָט איר אפשר נישט וויי־געטון, האָט זי אָבער נישט געהאַט קיין טענות: זיי דאַרפן ביידע אַרומרעדן אַזעלכע וויכטיקע און ערנסטע זאַכן וועגן דער אַרבעט, — האָט זי זיך געקלערט. און אַז עס איז איר יאָ עפּעס געקומען אויפן געדאַנק, האָט זי זיך פאַר זיך אַליין פאַרשעמט פאַר איר קליינקייט.

און טאָמער איז אַמאָל העלענקע שוואַך און זאָגט האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט:

— איר האָט אַזוי פיל געשעפטן צוזאַמען, אַז כ'הייב אַזש אָן צו ווערן אייפערזיכטיק, — קוקט זי די שוועסטער אָן און זאָגט מיט קאָפּ־שאָקלען און באַדויערן:

— ס׳איז שוין טאקע גאָר נישטאָ מער וואָס צו טון אין אַזאַ צייט, נאָר זיך צו שפּילן אין חתן־כלה־סענטימענטן!

האָט זיך העלענקע פאַרשעמט און איינגעזען איר נישטיקייט.

דורך זאָשקעס איינפלוס האָט מירקין אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיטן חבר מאַרעק. חבר מאַרעק האָט געשטאַמט פון פּוילישע שלאַכטשיצן, דאָך האָט ער נישט פאַרמאָגט קיין סענטימענטן פאַר אַן אומאָפּהענגיק פּוילן, וואָס איז בעת דעם מלחמה־אויסברוך געוואָרן דער לייט־מאָטיוו און די אָנטרייבנדיקע קראַפט פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אויף וואָס זיי האָבן אַלע זייערע כוחות אוועקגעשאָנקען. מיט פאַראַכטונג האָט ער זיך באַצויגן צו יענע סאָציאַליסטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן געהאָלפן שאַפן פּילסודסקים לעגיאָנען. ער האָט באַטראַכט יעדע אַרבעט אין דער ריכטונג פון באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד — פאַר רעאַקציאָנער. ער איז געווען אין אַ שטענדיקן קאַמף מיט די פּאַטריאָטישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זיין „פאָטערלאַנד“ איז געווען די וועלט־רעוואָלוציע, די וועלט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, — משיחס צייטן. ווי אַזוי עס וועט דערביי אָפּשניידן זיין אייגן פאָטערלאַנד, איז אים נישט געווען קיין חילוק. אַבי עס זאָל אויפשטיין דאָס „מלכות פון די אַרבעטער“. אַ פאָטער־לאַנד אָן אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז ביי אים געווען אַ בורזשואַ־זע עקספּלואַטאַטאָרישע מלוכה, וועלכע מען דאַרף באַלד פון אָנהויב באַ־קעמפן. ביים אויסברוך פונעם קריג, האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרביג־דונג מיט דער רוסישער פּאַרטיי אינעם צענטער. פון דאָרטן האָט ער גענו־מען אינסטרוקציעס און געפירט אַ בשותפותדיקע אַרבעט סיי אין די פאַ־בריקן, סיי צווישן די סאָלדאַטן אויפן פראָנט.

האָט איז געווען אַ מאַן, וואָס מען קאָן פאַרגלייכן צו אַ כוהן־גדול פון אַן אָפּגאָט אין די צייטן פון בבל.

אָפּטמאָל קומט אונדז פאָר אין אונדזער לעבן, ווי געשטאַלטן פון לאַנג־פאַרלאָשענע עפּאָכעס שטייען אויף לעבעדיקע און ווירקן אין אונ־דזער היינטיקן לעבן. חבר מאַרעקס פּנים איז אויך געווען פון אַזעלכע: אַן אַסקעטיש בלייך פּנים. ס׳האָט אים נאָר געפעלט אַ גלעט, קופּערנע הויט אויף זיין שמאָלן, אומנאַטירלעכן צילינדער־אַרטיקן ביין־קאָפּ.

ס׳איז שווער געווען אויסצוגעפינען די עלטער פון זיין פּנים. ער האָט געקאָנט זיין אין די פערציקער. ער האָט אָבער אויך געקאָנט זיין פיל

עלטער אָדער יינגער. דורך דער בלייכער הויט, וואָס האָט איבערגעצויגן זיינע באַקן־ביינער, האָט מען בולט אַרויסגעזען זיין שאַרבן, וואָס האָט געהאַלטן אין איין רייבן זיך אין דער טרוקענער הויט. דער דאָזיקער סקעלעט־שאַרבן, באַצויגן מיט הויט, איז געווען באַוואַקסן מיט אַ געל, רויט בערדל. אַז ער האָט גערעדט, האָבן זיך די גדיכט־צעצווייגטע בלויע אָדערן אַרויסגעזעצט פון זיין הויכן שטערן, און מען האָט געזען, ווי עס אַרבעט אינעווייניק דער מאַרך אין זיין שאַרבן־לאָך.

זיינע אויגן זענען געווען דאָס איינציקע, וואָס האָט באַלעבט זיין בלייך, טויט פּנים. נאָר געלעבט און געווירקט האָבן זיי מיט זייער אויפֿפאַלנדיקער ענלעכקייט צו די אויגן פון אַ טויטן מענטש. אַ פאַרשטאָלטער, קאַלטער גרינער גלאַנץ פון אַ דערטרונקענעם מענטש האָט געפינקלט פון זיינע אויגן־אַפּלען, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן טיף אין די שאַרבן־לעכער אַזוי, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז די שאַרף פונעם שאַרבן־ביין, וואָס רייסט זיך פון דער דין־באַצויגענער הויט, צערייצט די גלאַנציקייט פון אויג. אַז ער האָט וועמען אָנגעקוקט, האָבן זיך די אויגן נאָך טיפער אַריינגערוקט אין די שאַרבן־לעכער, און פון דאָרטן אַרויס האָבן זיי געלויערט, געלויערט מיט אומצוטרוי אויף דעם, אויף וועלכן ער האָט געקוקט. מען האָט געהאַט דאָס געפיל, אַזוי ווי אַ מענטש, וואָס וויל געבן אַ שפּרונג, טרעט אָפּ אַ טריט צוריק, און אָט באַלד וועלן די דאָזיקע אויגן מיט זייער פאַרשטאָלטן גרינעם, קאַצישן גלאַנץ געבן אַ שפּרונג און אָנכאַפּן דיך ביים האַלדז...

נאַטירלעך רעדן האָט מען אים קיינמאָל נישט געהערט: אָדער ער פלעגט גרעל שרייען, קאָכן זיך (אַזוי איז געווען אויף פאַרזאַמלונגען, אויף מיטינגען), אַזוי אַז מען האָט געמיינט, אַז יעדן אויגנבליק וועלן די אָדערן דורכפּלאַצן דורך דער הויט פון זיין שטערן, אָדער ער האָט גערעדט שטיל, ערנסט, אַריינדרינגענדיק, — דאָס איז געווען, ווען ער האָט גערעדט צו אַן איינצלנעם מענטש. שטענדיק פלעגט ער דעם מענטש, צו וועלכן ער האָט גערעדט, צוהאַלטן פעסט מיט דער פויסט ביי זיין קראַוואַט, ביי אַ קלאַפּע פון זיין ראָק, אָדער ביי דער בלוזע אַ פרוי, און אַריינרעדן מיט אַ נידעריקער, הוילער, ערנסטער שטימע, מיט הפסקות, ציילנדיק די ווערטער, אַזוי ווי יעדעס וואָרט וואָלט געווען אַ פייערדיקער שפּיז, וואָס ער וויל אַריינשטעקן אינעם מענטשן.

צו דעם דאָזיקן מענטש האָט געצויגן דאָס ווייבלעכע מין, ווי פליגן אין פייער: יונגע און שיינע, עלטערע און מיאוסע, פון באַלעבאַטישע הייזער, פון פאַבריקן, פון קיכן, מיט געפלאָכטענע שוואַרצע צעפּ-האָר איבער די אויערן, מיט שטאַרקע סעמיטישע פּנימער. עס איז געווען אַזוי, ווי ער וואָלט פון זיך געווען אַרויסגעשטראַלט אַ געהיימען כוח, וואָס האָט צו אים געכישופט דאָס ווייב.

אַז ער האָט גערעדט אינעם שטילן, ערנסטן פרומען טאָן אין זייערע פּנימער אַריין און געקוקט דערביי מיט זיינע טויטע אויגן פון זיין סקעלעט-פּנים אַרויס, איז זיי באַפאַלן אַ רעליגיעזער עקסטאַז. זיי האָבן זיך געפילט אַריינגענומען אין אַ געהיימען, געטלעכן בונד. זיי זענען געווען גרייט, — נאָך מער: זיי האָבן זיך ביי אים געבעטן צו ווערן געשיקט אין לעבעדיקן פייער, און ער האָט זיי טאַקע געשיקט אויך. נישט צו געבן אַ פּנטל מיט זיין אויג, נישט צו זאָגן קיין איבעריק וואָרט, נישט קיין איינציקן דאַנק-שמייכל זיי צו שענקען, האָט ער זיי אָפּגעפּאַרטיקט אין זייער טויט-שליחות אַריין. קיינעם האָט ער נישט געשאָנעוועט, אַפילו דאָס אייגענע ווייב נישט, וואָס ער האָט זי, מיט זיין קינד אונטער איר האַרץ, אין די הויכע-חדשים, געשיקט אין אַ קוילן-מינע צו אַרבעטן צווישן די קוילן-גרעבער, און זי איז טאַקע מער נישט צוריקגעקומען.

דער דאָזיקער פאַקט איז אַלעמען געווען באַוווסט. נאָר דאָס האָט די מיידלעך נישט אָפּגעשראָקן. פאַרקערט, דאָס האָט זיי נאָך מער גערייצט, נאָך מער געצויגן צו אים. די מיידלעך און די ווייבלעך, וואָס האָבן זיך אַרום אים געקליבן, האָט ער ווי אַ כהן-גדול פון אַ מולך צעשיקט, — די מיטן לייב אַרומגעוויקלט מיט אומלעגאַלער ליטעראַטור אין אַ שטעטל אין פראָנט-ראַיאָן צו די פראָנט-סאָלדאַטן, — וואָס האָט ביי דער שטרענגער קאָנטראָל פון די פעלד-זשאַנדאַרן געהייסן אין אַ זיכערן טויט אַריין; און אַן אַנדערע ווידער אין אַ פאַבריק-שטאָט מיט געווער.

און טאָמער האָט זיך אַזאַ מיידל אַ פּאָר מאָל צוריקגעקערט בשלום פון איר געפערלעכער שליחות, איז זי דעם חבר מאַרעק פאַרגעקומען פאַרדעכטיק, און ער האָט זי גענומען אויף אַ שטרענגן אינקוויזיטאָרישן פאַרהער. איר ענד איז געווען: אָדער ער האָט זי איבערגעלאָזט מיט אַ רעוואָלווער אויפן טיש, אין אַן אָפּגעשלאָסענעם האָטעל-צימער, מיטן אָנזאָג: „אַז כדי אויסצומיידן ספקות, זאָל זי זיך אַליין נעמען דאָס לעבן"; אָדער ער

האָט זי אָוועקגעשיקט אין אַזאַ שליחות, פֿון וועלכן זי איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

און צו דעם דאָזיקן מאַן האָט עס געצויגן זאָשקען פּונקט אַזוי ווי די אַנדערע. זאָשקע, ווי זי איז נישט געווען באַפֿעלעריש און הערשעריש, איז ווי אַ שוואַכער הונט, געווען אונטערטעניק דעם חבר מאַרעק. זי האָט געציטערט פֿאַר זיין שאָטן. מירקין האָט זיך נישט געקאָנט דערקלערן דעם כוח פֿונעם דאָזיקן חבר אויף זאָשקען. און מען מוז צוגעבן, אַז ער האָט געפֿילט אַ קנאה־שנאה צום חבר מאַרעק איבער זיין ממשלה אויף זאָשקען.

אפשר האָט צו דער דאָזיקער שנאה צוגעהאָלפֿן די אייגענע שוואַכקייט זיינע, וואָס ער האָט געפֿילט צום חבר מאַרעק. אין וואָס באַשטייט זיין כוח? ער האָט זיך געשעמט פֿאַרן דאָזיקן געפֿיל און עס געפּרוווט אונטערדריקן. און ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז דאָס איז „דער רעוואָלוציאָנערער ווילן, וואָס שטראַלט אַרויס פֿונעם חבר" און וואָס באַהערשט אַלעמען, און אויך זאָשקען.

און דורך זאָשקען איז ער, ווי די אַנדערע, אויך אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דעם חבר מאַרעקס השפּעה, כאָטש ער האָט באַין־אופֿן נישט געקאָנט אונטערדריקן זיין אַנטיפּאַטיע, זיין שנאהדיק געפֿיל צו אים, און אויך — אַן אומצוטרוי...

דאָך האָט ער אָנגעהויבן אויסצופֿירן זיינע באַפֿעלן, אָפֿטמאָל איינשטעלנדיק נישט נאָר בלויז זיין לעבן, נאָר די עקזיסטענץ פֿונעם הילף־קאָמיטעט, פֿאַר וועלכן ער האָט געאַרבעט. ער האָט געוווּסט, אַז ער באַגייט אַ פֿאַרברעכן קעגן די ליידנדיקע, אַז ער טאָר עס נישט טון, און דאָך האָט ער עס געטון. ער איז געוואָרן, קאָן מען זאָגן, דער פֿאַרבינדונגס־שליח צווישן דעם חבר מאַרעק און זיינע חברים אין די פֿראָנט־שטעט, וועלכע ער האָט, צוליב זיין הילף־אַרבעט, אַזוי אָפֿט באַזוכט.

די פֿאַרבינדונגען מיטן חבר מאַרעק האָט מירקין, צוליב קאָנספּיראַציע, ווי אויך צוליב פּערזענלעכע טעמים, נישט געפֿירט דירעקט, נאָר זיי זענען געגאַנגען דורך זאָשקען, מיט וועלכער ער איז וואָס אַמאָל אַלץ נעענטער און נעענטער געוואָרן...

ביי איינער פֿון זיינע רייזעס אויפֿן פֿראָנט האָבן די דייטשן געהאַט ביי גאָרליץ דורכגעבראָכן דעם פֿראָנט, זיך אַ רוק געטון אין צענטער און

באזעצט ווארשע, און מירקין איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון זיין כלה און איר משפחה.

## קאַפּיטל 10

# משיחס צייטן אָן אַ משיח

דער פּראָנט האָט זיך צעבלוטיקט אין זיין גאַנצער גרויזאַמקייט. ני־קאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט געוואָלט נעמען נקמה אָן די דייטשן מיט דעם, וואָס ער האָט זיין אוממעכטיקן כעס אויסגעלאָזט אויף דער יידי־שער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך געפונען אונטער זיין רשות. נאָכן דורכ־ברוך ביי גאָרליץ און נאָכן פאַרנעמען דעם צענטער — איז דער רוסישער רעכטער פליגל ביי קאָוונע געוואָרן אומזיכער.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט אָפּגערוימט די יידן פון די שטעטלעך מיט פייער און שווערד. דאָס, וואָס ער האָט אָפּגעטון אין די פּוילישע קהילות סאָכאַטשעוו, סקערניעוויטץ, גראָדזיסק, איז געווען אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט זיינע אוממענטשלעכקייטן אויף דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג אין ליטע. שטעט ווי קאָוונע זענען דורך באַפעלן אין פאַרלויף פון שעהען אויסגערוימט געוואָרן. אַ דרייסיק טויזנט פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט אַלעם, וואָס האָט צו זיי געהערט, זענען ווי בהמות ארויסגעיאָגט געוואָרן פון זייערע היימען און הייזער, מיט באַגנעטן און ביקסן אריינגעשמיסן געוואָרן אין סחורה־וואַגאָנעס. אַלטע, קראַנקע לייט, קימפּעטאָרינס, וואָס זענען געווען געבונדן צו זייערע געלעגערס, זע־נען דורך די אָפיצירן גאַנץ איינפאַך צעשאָסן געוואָרן אין זייערע בעטן, כדי צו באַפרייען זייערע צוגעהעריקע, אַז זיי זאָלן קאָנען מיטגיין מיט די אַנדערע ארויסגעיאָגטע. ווי הערינג אין די טונען אַזוי האָט מען אָנגע־פּראָפּט די וואַגאָנען מיט לייבער, דערוואַקסענע און קינדער, געזונטע און קראַנקע, צום דערשטיקט ווערן, אָן שפּייז, אָן אַ טרונק.

מענטשן־שמאַטעס האָבן זיך געקנאָטן לייב אין לייב, אָנגעטועכצן האָבן זיך אויסגעמישט, מענטשלעכע אברים — פאַרפלאָכטן. די עשאַ־לאָנען זענען געלאָפן צוגעבונדענע צו אונטערגעהייצטע מאַשינען איבער

פעלדער און וועלדער. קיינער האָט נישט געוווּסט וווּ דער ציל איז. נישט די מענטשן זענען געווען משוגע, נאָר די וועלט. די בליענדע פעלדער אין דרויסן, די גרינע וועלדער זענען אַוועק אַ ווילדן קאַראַהאָד, דרייען זיך און דרייען זיך אַרום די אָנגעפּאַקטע וואַגאָנען.

דער הילפס־קאָמיטעט האָט געטון אַלצדינג, וואָס איז נאָר געלעגן אין זיינע שוואַכע הענט, צו לינדערן מיט וואָס עס איז די נויט.

מירקין האָט געהאַלטן אין איין אַרומפאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך און האָט אָרגאַניזירט הילפס־קאָמיטעטן.

די אָרימע יידישע באַפעלקערונג פון די שטעטלעך, דורך וועלכע עס זענען דורכגעפאָרן די מיט מענטשן אָנגעפּראָפטע עשאַלאָנען, האָט אַראָפּגעבראַכט צו די סטאַציעס די לעצטע ביסנס: שערצן מיט ברויט, קאַנען געקאָכטע וואַסער, קרוגן מילך — און זיי אַריינדערלאַנגט צו די מענטשן־שמאַטעס. און עס איז געווען אַ ווונדער, אַז די, ווי סחורות אָנגעפּראָפּטע, נייטיקן זיך נאָך אין עסן...

די יללות, וואָס האָבן זיך געריסן פון די פאַרמאַכטע טירן איבער דער לענג פון די באַנען, האָבן אָנגעשטעקט מיט פּאַניק און שרעק די אָרטיקע יידישע באַפעלקערונג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אינעווייניק אין די וואַגאָנען ווערן די מענטשן צעריבן, צעקוועטשט ווי געפּרעסטע וויינטרויבן — פון זייער אייגענער מאַסע, און עס רינען פון די וואַגאָנטירן, פון זייערע שפּאַלטן בלוט און מענטשלעך אינעווייניקס איבער די גרינע ליטווישע פעלדער אין דעם געלויף פון די באַנען.

קיינמאָל וועט ער, מירקין, נישט פאַרגעסן די פּנימער פון די ווילדגעוואָרענע מוטערס, וואָס האָבן דורך די שטאַכעטן פון די פענצטערלעך, דורך די שפּאַרע־געעפנטע טירן אַרויסדערלאַנגט צו דער וואַרטנדיקער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג זייערע נאָך זשיפּענדיקע, פאַרגוססטע קינדער.

דאָס משפּחה־געפיל, דערצויגן אין יידיש בלוט דורך דורות פון בשותפותדיקע ליידן, איז צוריק תחית־המתים אויפגעשטאַנען. דאָס גאַנצע יידישע בלוט איז געוואָרן איין מוטערלעך בלוט, — און עס גיסט זיך אין אַלע יידישע לייבער. אַלע יידישע לעבנס זענען צוזאַמענגעגליט געוואָרן אין איין בשותפותדיק פייער.

וואַנדלענדיק און וואָגלענדיק פון איין שטאָט אין דער אַנדערער אי־

בערן פראָנט, איז אים נישט איינמאָל אויסגעקומען צו קוקן דעם טויט אין פּנים אַריין. ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן פון דער פעלד־פּאָליציי, האָט געצויגן אויף זיך חשדים אין שפּיאָנאַזש און רעוואָלוציאָנערער טעטי־קייט. געראַטעוועט האָט אים שטענדיק זיין קאַלטבלוטיקייט און זיין סיי־ווי־סיי אַלצאיינסדיקע גרייטקייט צו שטאַרבן. דאָס האָט אים געגעבן די זיכערע האַלטונג, וואָס איז נויטיק אין אַזעלכע מאָמענטן. ער האָט נישט נאָר קעגן מלאך־המות, נאָר אַפילו קעגן דעם טיפוס אַרויסגעוויזן די זעלבע גלייכגילטיקייט. די עשאַלאָנען מיט די לייבער־שמאַטעס פלעגן זיך אָפּשטעלן אויף טעג גאַנצע אויף באַן־סטאַציעס, אין קליינע ערטער. פון דער ענגשאַפט און שמוץ פונעם פיל־וואָכיקן אויפהאַלט אין די וואַ־גאָנען האָבן זיך באַוויזן פאַרשידענע אָנשטעקיקע קראַנקהייטן צווישן די אַרויסגעטריבענע. אַז מען האָט צוגעבראַכט צו זיי פּראָוויאַנט, האָט מען געדאַרפט איינצייטיק דערווייטערן פון די וואַגאָנען די פאַרעיפּושטע פּגרים, — וואָס עס פלעגט געלינגען דורך אונטערקויפן די באַן־באַאַמטע און די אָרטיקע פּאָליציי מיט פעטע כאַבאַרן.

מירקין איז געקראָכן אין די טיפוס־וואַגאָנען, מתעסק געווען זיך מיט די קראַנקע, געוואַרט אויף פּאָלגן, און דער טייוול האָט אים נישט גענומען. ער איז יעדע מינוט געווען גרייט אויפן טויט. וואָס פאַרא ראָל האָט געשפּילט דאָס נישטיקע ביסל אייגענע לעבן אין דער וועלט פון פאַרניכטונג, וואָס אַרום. נאָר דערפאַר, וואָס ער איז געקראָכן אין טויט, האָט אים דער מלאך־המות אויסגעמיטן.

אָפטמאָל, ווען ער האָט זיך צוגעקוקט צום בשותפותדיקן לעבן פון די יידישע מאַסן, וואָס האָט זיך אַזוי קלאָר מאַניפעסטירט אין דער שעה פון נויט, האָט ער זיך געפרעגט די אַלטע קשיא: פאַרוואָס קאָן די אידייע פון אַ בשותפותדיק לעבן זיך נישט אויסברייטערן איבער אַלע מענטשן? דאָס מענטשלעכע בלוט איז ביים גאַנצן מין — פון איין כעמישן באַ־שטאַנד, און וואַרשיינלעך איז דאָס בשותפותדיקייט געווען אַן עלעמענ־טאַרע קראַפט אין מענטשלעכן כאַראַקטער אַמאָל, נאָר ער איז שטאַפּל־ווייז געוואָרן אָפּגעוועדעט און אָפּגענויגט. די אָפּנייגונג האָט זיך שוין אָנגעהויבן ביים פּרימיטיוון מענטש דורך דער שבטים־פּאָליטיק. עס איז אָפּגעטויט געוואָרן דורך די פייערן, וואָס עס האָבן אַריינגעוואָרפן אין די מענטשן־ראַסן די רעליגיעס און פאָטערלאַנד. ווען אַ גרויסער משיח

וועט אויפשטיין, וועט ער זיין ביכולת צוריק אויפצובלאָזן צו תחית־המתים דאָס געפיל פון בשותפותדיקן מוטער־בלוט. דענסטמאָל וועט קו־מען די דערלייזונג פון דער וועלט, דאָס אויפלייזן זיך פונעם יחיד און דאָס צוריקגעפינען זיך אין רבים. דענסטמאָל וועט אויפהערן די הער־שאפט פון שלעכטס און ס'וועט זיך אָנהייבן די מלוכה פון גוטן. און צו דעם דארף מען שטערבן און זוכן עס שוין איצט, אין מיטן פייער פון ברודער־מאָרד — אין וועלט־קריג.

***

איינמאָל האָט ער זיך געפונען אויף אַ קליינער באַן־סטאַציע. ער האָט דערהערט אַ גערודער און אַ מענטשן־אָנגעלויף. ער איז צוגעקומען נענטער געוואויר צו ווערן, וואָס עס האָט געטראָפן. אויף דער באַן־סטאַ־ציע זענען געבליבן שטיין אַ פּאָר וואַגאָנען מיט עסטרייכישע געפאנגענע סאָלדאטן, וועלכע מען האָט געפירט פון פראָנט אין די אינערלעכע רו־סישע גובערניעס. די אָרטיקע פויערשע און יידישע באַפעלקערונג האָט ארומגערינגלט די וואַגאָנען, געקוקט אויף די פרעמדע דערשראָקענע גע־פאנגענע אין זייערע פרעמדלענדישע אָפּגעריסענע מונדירן, געזוכט אין זיי צו געפינען די ווילדע און שרעקלעכע חיות, וואָס זאָלן זיי באַרעכ־טיקן אויפן מינדסטן אופן די אכזריותדיקע געפילן, וואָס די מלחמה האָט ביי זיי ארויסגערופן.

די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט אָבער אינעם שונא גאָר קיין אויס־מערלישעס נישט געקאָנט אויפדעקן. מענטשן זענען עס געווען די זעל־בע: טרויעריקע, נידערגעשלאָגענע פנימער, וואָס האָבן אויסגעדריקט אי דערלייזונג דורך דער געפאנגענשאפט, אי שרעק פארן אומבאקאנטן, וואָס וואַרט אויף זיי אין דער געפאנגענשאפט.

— מענטשן ווי אונדזערע, — האָט ווער געזאָגט, — שווער עפּעס צו דערקענען.

אַ פויערטע האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ קערבל מיט אייער, פּוטער, וואָס זי האָט געבראַכט אין שטאָט אריין צו פארקויפן. זי האָט זיך צוגעריסן צו די וואַגאָנען און אריינדערלאַנגט איר קערבל צו די פאר־וונדעטע, מיט שרעק פארכאפּטע געפאנגענע.

— דאָס איז דאָך דער שונא! — האָט ווער געפּרוווט מוסרן די פּויערטע.

— מיר ווילן זיי אָנקאָרמענען. דערפאַר ווילן זייערע מוטערס געבן צו עסן אונדזערע יינגלעך, ווען מען וועט זיי ברענגען אין געפאַנגענ־שאַפט, — האָט די פּויערטע אין איר נאַאיוויקייט אָפּגעענטפערט.

מענטשן האָבן פאַרשטאַנען און מסכים געווען.

די דאָזיקע טאָג־טעגלעכע סצענע האָט געמאַכט אויף מירקינען אַן איינדרוק. ער איז געוואָרן גערירט פון יעדער מענטשלעכער טאַט, וואָס האָט זיך, ווי אַ שטראַל, ארויסגעריסן אין די בלוטיקע טעג פון ברודער־מאָרד. יעדע מענטשלעכע טאַט, פון וועלכער ער האָט געהערט, אַז עס שפּילט זיך אָפּ אויפן פראָנט צווישן די סאָלדאַטן פון ביידע זייטן, האָט אין אים אויפגעלעבט די האָפענונג און באַנייט דעם גלויבן. דאָס איז געווען אַ דערמאָנונג, אַז דער מענטש לעבט נאָך, ער זשיפּעט נאָך אונ־טער דער קופּע מתים, וואָס ליגט אויף אים.

ער האָט געוואָלט צוגיין צו דער דאָזיקער פּויערטע, טיף זיך פאַר־בייגן פאַר איר און איר זאָגן: „אַ דאַנק דיר מוטערל, פאַר דער שמחה, וואָס דו האָסט אָנגעצונדן אין מיין האַרצן אין די דאָזיקע פינצטערע טעג”...

ער האָט עס נישט געטון, נישט געוואָלט ארויסרופן קיין באַזונ־דערע אויפמערקזאַמקייט. ער האָט אָבער די דאָזיקע פּויערטע אָפּגע־וואַרט אין דרויסן הינטער דער סטאַציע, ווען זי האָט זיך אָפּגעשיידט פון די מענטשן און איז זיך אַ צופרידענע געגאַנגען אַליין איר וועג. דערנסט־מאָל איז מירקין צוגעלאָפן צו איר, זי פאַרהאַלטן, געכאַפּט איר גראָבע, אָדערדיקע, אויסגעאַרבעטע האַנט, געגעבן אַ קוש און איז אָן אַ וואָרט אוועקגעגאַנגען.

עס איז געשען אַזוי פּלוצים, אַז די פּויערטע האָט זיך דערשראָקן, אויסגעשפּיגן און איבערגעצלמט זיך...

**
*

דערנאָך זענען געקומען „משיחס צייטן”.

דאָס, וואָס עס איז געווען אוממעגלעך, איז געשען; דאָס, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז אַ הימלישע באַשטימטקייט, אַז קעמפן

קעגן דעם, הייסט אָנקלאַפּן מיט די קעפּ אָן אַ הימלישער וואַנט, איז גע־לעגן צעטראָטן, באַצווונגען אונטער די פּאָלקס-פיס. דער אַלמעכטיקער צאַר איז געוואָרן אַן אָרימער מענטש, אַ צאַפּלדיקער און פּלאַטערדיקער פאַר זיין לעבן. גאָט איז אין הימל געפאַלן, דער צאַר פון זיין טראָן.

משיחס צייטן! עס איז געשען. דער משיחישער נס!

יענע פעברואַר־טעג אין פּעטערבורג! יעדן טאָג האָט אין די פּע־ברואַר־טעג אין פּעטערבורג געשיינט די זון. האָט נאָך געמעגט שנייען, זאַווערוכעס האָבן געמעגט די וועלט פאַרשיטן, — די זון האָט פּאָרט געשיינט, ווען מענטשן, אויסגעלייזטע, באַפרייטע האָבן געשוועבט אי־בער די גאַסן. אומעטום האָט געפלאַקערט רויט: רויט איבערן ווייסן שניי, רויט איבער שוואַרצע מענטשלעכע קעפּ, רויטע פלאַכטעס אין שפּיץ פון באַשנייטע מאַניפעסטאַציעס. רויט אין די קלאַפּעס, רויט אויף די אָרעמס, שניי פליטערט איבער רויטע פלאַכטעס. ווייס די ערד, רויט די מענטשן.

וווהין איז דער ציל פון גאַנג? וווּ איז דער אָפּשטעל? — וואָס איז דער חילוק! — צו יעדער מאַניפעסטאַציע זיך צוגעטשעפּעט. מענטשן־לייב געגליט צו מענטשן־לייב. מענטש דער פּאָטער, זעלנער דער זון, און דער הייליקער גייסט אינעם רויטן פלאַם שוועבט איבער זיי.

פון דער דומע אין טאַווּרישן פּאַלאַץ — צו אַ סאָלדאַטן־פאַרזאַמ־לונג אין יעקאַטערינע־זאַל, פון פּאָלקס-הויז צו קזשעשינסקאַס ווילע. וואָס איז דער חילוק, וווהין די מאַניפעסטאַציע פירט? אַלע ווילנס האָבן זיך צונויפגעגאָסן, און דער כוח איז דאָ, דער כוח פון די משיחישע צייטן, אַלע ווילנס אויסצופירן.

איינמאָל איז מירקין שיער נישט צעריבן געוואָרן פון די מאַסן: אַן עולם האָט אַרומגערינגלט אַ מאַן אין אַ פוטערנעם היטל, מיט אַ שוואַר־צער, געשווירענער באָרד. טייל פונעם עולם טענהען, אַז דאָס איז דער פאַרהאַסטער פּריסטאַוו פונעם צירקל, קאַרפּילאָוו.

דער מאַן מיט אַ טויט־קינדישן בליק אין די אַרויסגעזעצטע אויגן ליגט אויף דער ערד אינמיטן פון דער צעווילדעטער מאַסע און שטרעקט אויס די הענט נאָך הילף, שטאַמלט קינדיש־אומבאַהאָלפן. די שוואַרצע דראָטן האָר פון דער באָרד פלאַטערן קינדיש, ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן:

האָט רחמנות! אין דער משיחישער שעה פון אויסלייזונג איז דאָס האַרץ רייך פאַר סליחה און מחילה.

בעט זיך שוין מירקין צוזאַמען מיטן שטאַרקן קינדישן מאַן, וואָס ליגט אינעם בלאָטיקן שניי:

— מען דאַרף נישט, חברים! ער קאָן שוין סיי-ווי־סיי קיין שלעכטס נישט טון.

דער עולם טענהט אָבער:

— ס'איז דער פאַרהאַסטער קאַרפּילאָוו... מענטשן געפּייניקט!

בעט זיך ווידער מירקין צוזאַמען מיטן שטאַרקן מאַן:

— מען דאַרף נישט.

קומט־אָן אַ מאַטראָז, רוקט זיך דורך דורך דעם אָנגעפּראָפּטן עולם נאָענט צום מאַן אויפן שמוציקן שניי און נעמט זיך זאַבלעך, אָן כעס, אָן צאָרן, רויכערט דערביי זיין פּאַפּיר־מאַכאָרקע, נעמט־אַרויס פון טאַש אַ רעוואָלווער און שטעלט אים צו דעם מאַנס שלייפן. און איידער די־ער מאַן האָט נאָך געהאַט צייט דאָס וואָרט „נישט" אַרויסצושרייען, לענט ער שוין אָן זיין קאָפּ אויפן ווייסן שניי, קוקט אָן שטום, פאַרווונדערט מיט די קאַלטע, פאַרשטאַרטע אויגן די מענטשן.

— און ווער איז דער? — פרעגט מען אויף מירקינען. טרעט דער מאַטראָז צו צו מירקינען, דעם רעוואָלווער אין דער האַנט, און קוקט אים אָן, רויכערט דערביי זיין מאַכאָרקע-ציגאַרעטל. שמייכלט אים מירקין אין פּנים אַריין:

— אַז דו ווילסט, שיס. אַלץ־איינס, די רעוואָלוציע איז דאָ.

שטעקט דער מאַטראָז דעם רעוואָלווער אין זיין לעדערנעם פּאַסיק אַריין און טרעט־אַרויס פון דעם עולם, פון דעם רעדל מענטשן. געווינט דאָס פאַר מירקינען זיין לעבן, און מען לאָזט אים אַרויסטרעטן.

ליגט אויף די ליפּן די ביטערקייט פון טויט, אַזוי ווי מ'וואָלט אַ פאַרסמטע רויז געשמעקט. אָבער די זון שיינט, און דער שניי פאַלט אויף רויטע פענער, אויף רויטע פלאַכטעס.

מאַניפעסטאַציעס גייען, מענטשן זינגען — לייזט מען זיך אויף אין דער מענגע, ווערט מען שיכור פון ווייסן שניי, פון דער רויטער פאָן, ווי מען וואָלט שטאַרקן ווייַן געטרונקען. נאָר דער טעם פון סם וויל פון די ליפּן נישט פאַרשווינדן. ווי אין יעדער פרייד, דערפילט באַלד מירקין

נאָך פון זיין קינדהייט אָן טרויעריקייט, אין יעדן יום־טוב — דעם דער־וואָכנס. אזוי דערפילט ער אינעם געזאַנג און רעוואָלוציאָנערע מאַרשן — א פוסטקייט. ער קאָן זיך נישט דערקלערן פאַרוואָס. אזוי ווי א וואָרעם וואָלט דאָרט גענאָגט. נאָך די ערשטע האָניג-טעג ווערט עס קלאָרער. די פוסטקייט גראָבט אַלץ טיפער און ברייטער, דער יום־טוב אויסגעוועפּט, און אַלצדינג, דאכט זיך, איז ווי פריער.

די שליטנס לויפן מיט א פרייליכן געקלימפּער איבער די פּעטער־בורגער גאסן. די רעסטאָראַנען זענען באַלויכטן, די קינאָס שפּילן, אין די הינטער־געסלעך שלעפּן זיך היימלאָזע, אָפּגעריסענע סאָלדאַטן צום רייכן, באַזיגטן, מיט ליכט באַגאָסענעם יעקאַטערינע-זאַל אויף א פאַרזאַמלונג פון אָפיצירן און סאָלדאַטן.

אויף דער פּלאַטפאָרמע זיצן די געטער. דער אַלטער גוטשקאָוו פּריי־דיקט:

— און איצט, קינדער סאָלדאַטן, אָרגאַניזירן דעם זיג; דער ערשטער חוב פון דער רעוואָלוציע — די אייזערנע דיסציפּלין. די דייטשע פּראָ־וואָקאַציע וועט נישט צעברעכן אונדזער אייניקייט. די פרוכטן פון דער רעוואָלוציע דאַרף מען אָפּליינן אויף נאָכן זיג.

עס שטייט מיליוקאָוו און רעדט מיט א פאַרגעניגנדיקן שמייכל:

— דער ציל איז נאָך נישט דערגרייכט. די רעוואָלוציע איז דער ערשטער עטאַפּ. איר ענד איז — קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די רעוואָלוציע איז דעם ווילן פון דורות רעאַליזירן.

עס שטייט אויף דער כוהן־גדול אַליין. א נידעריקער איז ער, און דערצו האָט ער זיך צו קורץ געשוירן די האָר. זייגע האָר זענען שטייפע, ווי דער צאַר געשוירן טראָגט ער זיי. ער רופט אויס מיט שוין א הייזעריק געוואָרענער שטים, שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער, אז ער זאָל אויס־זען העכער: פאַר דער גלאָריע פון דער רעוואָלוציע! מיר מוזן איבער־צייגן אונדזערע פאַרבינדעטע, אז דער פאַרפוילטער צאַריזם האָט נישט געקאָנט דערגרייכן קיין זיג, דעם זיג וועט אָבער ברענגען די רעוואָלוציע!

און די רויטע פענער פלאַקערן אינעם מיט ליכט-באַגאָסענעם מאַר־מאָרענעם זאַל. עס דונערן די הורא־געשרייען און דערגרייכן דעם הויכן וויים־באַמאָלטן באַלקן. דער כוהן-גדול פון דער רעוואָלוציע ווערט גע־כאַפּט פון אָפיצירישע הענט אויף אָפיצירישע אַקסלען. מען דערלאַנגט

אים אָנזיכטס־קאַרטלעך מיט זיין אייגענער פאָטאָגראַפיע, און מיט אַ פּרימאַדאָנישן זשעסט התמעט ער זיי אונטער און צעטיילט זיי די צע־היצטע „באַרישנעס", וואָס רייסן זיך אַרום אים.

און די רויטע פענער פלאַקערן און ווערן נישט בלייך. די רויטע פלאַכטעס מיט די „כל־טוב"־אויפשריפטן צינדן זיך נישט אָן און פאַר־לענדן זיך נישט פאַר שאַנד און שפּאָט.

גייט מירקין איבער די גאַסן אַ פאַרלאָזטער און אַן אונטערגעדריק־טער פון זיינע אייגענע שטימונגען אין דער יום־טובדיקייט פון רויטע פענער און ווייסן שניי, און ער מורמלט פאַר זיך פּסוקים:

—משיחס צייטן — און קיין משיח נישטאָ; משיחס צייטן — און קיינער קלערט נישט, ווי אַזוי די וועלט אויסצולייזן פון דער מלחמה־קללה, וואָס ליגט ווי אַ וואָלף אויפן האַלדז, בייסט־אַריין מיט די ציין, צע־רייסט דאָס לייב מיט די לאַפּעס, קיינער קלערט נישט, ווי אַזוי דעם דאָ־זיקן וואָלף אַראָפּצונעמען פונעם האַלדז! די כוהנים פון דער רעוואָלוציע זענען פאַרנומען מיט דעם, וואָס זיי שלייפן נאָך שאַרפער דעם וואָלפס נעגל.

און אַמאָל דאַכט זיך אים, אַז די רעוואָלוציע אַליין איז דער אָפּ־גאָט מולך. מולך האָט זיך פאַרשטעלט, אָנגעטון זיך אַ רויטע רעוואָלוציאָ־נערע קעפּקע אויפן קאָפּ, כדי זיינע קרבנות צו פאַרשיטן די אויגן מיט רויטן קאָליר. די אַלטע מיטלען ווירקן שוין נישט, ווי אַזוי אַריינצונאַרן מענטשן־לייבער אין זיין אָפן מויל: „צאַר", „פאָטערלאַנד" — אויסגע־דראָשענע ווערטער. האָט ער זיך געוואָרפן אויף אַ ניי פּאַרטל: „רעוואָ־לוציע". און אים דאַכט זיך, אַז מ'האָט מולכס פּיסק באַקראַנצט מיט פלאַמענדיקע רויטע פענער און זיך אָוועקגעשטעלט נעבן אים, און מען נאַרט־אַריין מענטשן צווישן זיינע ציין אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע...

אין יענער פאַרצווייפלטער צייט האָט ער זיך דורך אַ צופאַל צו־נויפגעטראָפן מיטן אַדוואָקאַט האַלפּערין. דער אַדוואָקאַט, וועלכער איז עולה־לגדולה געוואָרן, שיעור נישט אַ שני־למלך, איז דענסטמאָל, זייער אָפט אַרויסגעטראָטן אויף פאַרזאַמלונגען פאַר סאָלדאַטן און אָפּיצירן מיט פּאַטריאָטישע מאָנונגען אָנצוהאַלטן דעם „קריג ביז צום זיג". ווי עס איז געווען די מאָדע. איבערהויפּט האָט זיך דער אַדוואָקאַט געהאַט געווענ־דעט צו דער יידישער יוגנט, וועלכע ער האָט גערופן איצט צו באַווייזן

זייער פאטריאָטישע דאנקבארקייט צו דער רעוואָלוציע פאר דער געוווּ־נענער פרייהייט.

אויף איינער אזא פארזאמלונג האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט מיר־קינען.

מירקין, וועלכער האָט אויסגעמיטן אין פעטערבורג א צוזאמענ־טרעפן זיך מיט זיין משפחה, האָט דעם אדוואָקאט געוואָלט גיין אויס דעם וועג. האלפערין האָט אים אָבער דערקענט (וואָס איז אים, אגב, אויך שווער אָנגעקומען, ווייל מירקין האָט זיך דורך די פאר יאָרן פון קריג געעלטערט און געענדערט). ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל באנייען זיין באקאנטשאפט מיט מירקינען, אָדער נישט.

צום סוף איז דער אדוואָקאט צוגעקומען צו אים, ארויפגעלייגט זיין האנט אויף זיינע פלייצעס, און ווי ער וואָלט אים ערשט נעכטן געווען געזען, האָט ער צו אים געזאָגט אין אַן אויפפאָדערנדיקן טאָן:

— יונגערמאַן, אויפן פראָנט! מיר דארפן מיט אונדזער דינסט־גרייטקייט פארן פאָטערלאנד ווייזן א ביישפיל די אנדערע.

און אַז מירקין האָט אים פארוואונדערט אָנגעקוקט, נישט פארשטא־נען וואָס ער מיינט, האָט דער אדוואָקאט צוגעלייגט:

— מיין זון איז אין דער פלי־שול, גינע סאָלאָמאָנאָוונע זיצט גאנצע טעג מיט איר מוטער, און זיי וויקלען באנדאזשן. מיר, יידן, מוזן גיין פאָראויס!

דערויף האָט ער אים געלאָזט שטיין. דער אדוואָקאט איז מיט א געהויבענעם קאָפ ווייטער געגאנגען.

דאָס וואָרט „באנדאזשן" האָט ווי מיט אַן אייזן געשלאָגן מירקי־נען איבערן קאָפ. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס בילד, ווי נינאָטשקע, זיין איצטיקע שטיף־מאמע און די שטילע איידעלע, אָלגע מיכאילאָוונע, ווי זיי זיצן ביידע אין איר בודואר און וויקלען באנדאזשן. און אפשר העלפט דערביי צו דער „ענגלענדער", לאָזט גלעטן זיין סאמעטענעם בליק איבער אָלגע מיכאילאָוונעס ברוסט.

אַז מירקין איז ארויסגעקומען אויף דער גאַס האָט ער געזען, פאר וועמען די פאָרנעמע דאמען גרייטן־אָן באנדאזשן: איבער דער נעווסקע האָבן זיך געצויגן לאנגע שערענגעס מיט באוואָפנטע סאָלדאטן אין דער ריכטונג צום מאָסקווער וואָקזאַל.

קיין געזאַנגען האָבן זיי שוין מער נישט באַגלייט. זיי זענען געגאַנגען ערנסטע און שווייגנדיקע. און פערדיש האָבן אָפּגעהילכט אויפן שנייאיקן ברוק די טריט פון רייטנדיקע אָפיצירן.

אויפן ראַט פון די פאַרבינדעטע אַמבאַסאַדאָרן און ראַטגעבער האָט קערענסקי צוגעגרייט די אומזיניקע גאַליצישע אַטאַקע „פאַר דער גלאָריע פון דער רעוואָלוציע".

— די גוטע ווערטער האָבן זיך געענדיקט, און איצט קומען די באַגנעטן, — האָט זיך מירקין געטראַכט, און ער האָט הויך פאַר זיך צו־געגעבן:

— משיחס צייטן — און קיין משיח איז נישטאָ!

קאַפּיטל 11

## פאַרן לעצטן זיג

דער שניי איז אַוועק, גרינס איז געקומען, דערלייכטערונג און ווינ־דיקע האָפענונגען, אָבער דאָס רויטע איז איבערגעבליבן. דאָס רויטע האָט זיך נאָך מער געמערט. די מאַניפעסטאַציעס האָבן נישט אויפגע־הערט צו ציען איבער די גאַסן: סאָלדאַטן מיט ביקסן און רויטע בענדער, סאָלדאַטן מיט רויטע פענער. ווער האָט עס געזען? סיידן אין אַ חלום אָדער אין אַ סיבירישן שניי־מיראַזש. און דאָך איז עס אַזוי, — סאָלדאַטן מיט ביקסן און רויטע פענער. נישט איין טאָג, נישט צוויי — וואָכן, חדשים. דאָס ברויט ווערט ווינציקער, ווערט ערגער פון טאָג־צו־טאָג, מען קאָן שוין נישט באַקומען אין פרייען פאַרקער גענוג זאַלץ און צוקער. נאָר ווער קוקט אויף אַזעלכע קלייניקייטן, ווען סאָלדאַטן מיט רויטע בענ־דער איבער די אָרעמס, מיט רויטע פענער אין די ביקסן מאַרשירן איבער די גאַסן? וווינט ער, מירקין, אין אַן אָפּגעלעגענעם האָטעל, אין אַ מעב־לירט צימער. פון די מלחמה־טעג איז ער שוין געוווינט צו טראָגן וועש ביז צום פאַרפוילט ווערן, קליידער און קאַמאַשן ביז צום צעפאַלן. און עס אַרט אים שוין נישט, ווען ער נעמט אַ באָד.

איינמאָל האָט אים דער פאָטער אָנגעטראָפן אין אַזאַ הולך. מיר־

קין האָט זיך נישט זשענירט. דער פּאָטער האָט געמאַכט אַ זשעסט ווי אָפּ־צושטעלן זיך. ער האָט געפילט, אַז זאַכאַרי וועט זיך נישט אָפּשטעלן (דערקענט אין זיין גאַנג). און איידער יענער האָט נאָך געהאַט צייט דורכ־צוגיין, איז דער פּאָטער פאַרבייגעגאַנגען און זיך געמאַכט נישט זעענ־דיק.

כאָטש געלט נעמט ער נאָך יעדעס מאָל, ווען ער באַדאַרף, פון קאַנ־טאָר. מען צאָלט נישט מער אויס וויפל עס שטייט דאָרט אין בוך פאַר־שריבן. דאָס געלט קומט צונוץ פאַר חברים, פאַר פּאַרטיי־צוועקן. פאַר זיך אַליין באַדאַרף ער וויניק־וואָס, — אַז עסן עסט מען אין בשותפות־דיקע קיכן, אָפּטמאָל אין קאַזאַרמעס פון בשותפותדיקע קעסלען, אַז עס איז נאָר דאָ וואָס. און זיין פּאָרציע ברויט קאָן ער יעדעס מאָל באַקומען. און ווער באַדאַרף עפּעס, אַז אין דרויסן גייען מאַניפעסטאַציעס מיט רויטע פענער, סאָלדאַטן מיט רויטע בענדלעך.

יעדן טאָג איז אַ יום-טוב. יעדן טאָג קומען מיט די באַנען אַנדערע גדולים צופאָרן. מיט אַלע באַנען, פון אַלע פיר עקן וועלט קומען זיי אָן. פון סיביר פאַרשיקטע, פון אויסלאַנד, דורך דער פינלענדישער באַן, אפילו פון וואַרשעווער באַנהויף אין פלאָמבירטע דייטשע וואַגאָנען. באַ־רימטע רעוואָלוציאָנערע העלדן, וואָס זענען יאָרן לאַנג געזעסן אין אויס־לאַנד, אין שווייצאַרישע שטעטלעך, געפאַנגען ערגעץ־ווו ביים שונא, אָדער אין נייטראַלע לענדער אינטערנירט און דורך דער אינטערווענץ פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָוויזאָרישער רעגירונג געוואָרן באַפרייט. עס קומען אויך אָן אויסלענדער, די „צימערוואַלדער" מיט זייער סעקרעטאַר. יעדן טאָג ציען מאַניפעסטאַציעס צו די באַנען. זעלנער טראָגן רעוואָלוציאָנערע העלדן אויף די אַקסלען. פון זעלנערישע אַקסלען פלאַטערן פענער, און מען הערט הייסע רעדעס אין אַלע שפּראַכן. מען ציט איבער די גאַסן צום ווינטער־פּאַלאַץ, ווו מען זיצט אויפן צאַרס טראָן. מען פירט אין דער דומע אריין, צום טאַורישן פּאַלאַץ, ווו עס זיצט דער ראַט פון אַר־בעטער און סאָלדאַטן. יעדן טאָג פלאַטערן פאָנען, יעדן טאָג טראָגט מען אויף די אַקסלען. יעדער טאָג איז אַ יום-טוב, אָבער יעדן טאָג ווערט די לאַגע פאַרוויקלטער און שווערער. מיט יעדן יום־טוב ווערט ברויט ווייניקער און קליידער טייערער און זעלטענער.

דאָס פאָלק גאַרט נאָך פרידן און נאָך די פרוכט פון דער רעוואָ־

לוציע, און קיינער קאָן אים דעם פרידן נישט געבן. ווי אַ האָניג-לעקעכל פאַר אַ הונגעריק קינד ליגט פאַר אים די רעוואָלוציע: ערד, פאַבריקן, פרייהייט, אַלע אַנדערע גוטע זאַכן, וועגן וועלכע מען רעדט אויף מיטינ־גען. ער שטרעקט־אויס די האַנט נאָך דעם — און קאָן עס נישט נעמען. דאָס לעקעכל איז מיט אַ שלאַנג אַרומגערינגלט, מיט דער מלחמה, און מען קאָן זיך נישט פריער דערצו צורירן, ביז מען וועט די שלאַנג נישט אַראָפּנעמען און טויטן. אָבער ווי אַזוי טויט מען די שלאַנג?

אין דער ערשטער צייט, אינעם האָניג־חודש פון דער רעוואָלוציע ווען אוממעגלעכעס איז געוואָרן מעגלעך, האָט מען נאָך דערוואַרט אַ נס אויף דער צווייטער זייט, אויף דער זייט פון שונא: זיי וועלן זיך פאַר־קוקן אויף רוסלאַנד. די פעלקער וועלן זיך געבן די הענט איבער די גופים פון זייערע הערשער.

דער נס איז נישט געשען.

מיט פייער און אייזן זענען איבערגעשניטן געוואָרן די הענט, וואָס האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע געגרייכט איבער די מלחמה־גריבער. יעדער אַריבערלויף אויף דער צווייטער זייט, יעדער פריינטלעכער באַווייז איז פון די דייטשן באַצאָלט געוואָרן מיט קוילן אין קאָפּ. קערענסקיס אומ־געלומפּערטע אַטאַקע אויפן גאַליצישן פראָנט האָט אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל די ברידערלעכע געפילן, וואָס זענען אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע איינגעפלאַנצט געוואָרן אין מענטשלעכע הערצער פוןביידע זייטן גרוב. דער דייטשער מיליטאַריזם האָט אויסגענוצט קערענסקיס אַטאַקע אויפצופלאַקערן דעם פּאַטריאָטישן פייער און מערדערלעכן האָס ביים דייטשן מענטש צום רוסישן ברודער.

וואָס זאָל מען טון? ווי אַזוי ברענגט מען דעם שלום? אַריינשטעכן דאָס אייגענע געווער אין דער ערד און פאַרלאָזן דעם פראָנט? — הייסט דאָך דאָס עפענען די טירן פון דער רעוואָלוציע פאַרן שונא. איז מירקין, ווי יעדער־איינער דענסטמאָל אַרומגעגאַנגען איבער די פּעטערבורגער זאַלן און צירקן און צוגעהערט זיך צו רעדנער. אַלע האָבן גערעדט אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע. אַלע זענען געווען הייזעריק, אַלע האָבן גע־וואָלט דאָס זעלבע — דעם שלום. נאָר קיינער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי צו ברענגען די ישועה. האָט מירקין אַמאָל אויפן הויף פון די סאָ־וויעטן, אין טאַווּרישן פּאַלאַץ אָנגעטראָפן דעם מאַן מיט דעם גרויסן פּלי־

כּענעם קאָפּ און קאַלמיקישע אויגן, וועמענס נאָמען איז דענסטמאָל געווען אויף אַלעמענס ליפּן.

ער איז געווען דער פאַרהאַסטעסטער און געאַכטעסטער מענטש אין דער גאַנצער אימפּעריע. טייל האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פאַררעטער, וואָס איז דורך דעם שונאָס פּאַרמיטלונג געקומען מיט זיינע דרייסיק זילבער־שטיקער צו פאַרניכטן די שווער געוווּנענע פרייהייט, אַריינצופירן דעם דייטשן מונדיר אין רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד. אַנדערע, ווידער, האָבן אים באַטראַכט פאַר דעם איינציקן משיח, וואָס קאָן ברענגען די הילף, פאַר דעם משיח, וואָס איז געקומען דורך אַ נס אַרויסצוציען דאָס פאַרלוירענע פאָלק פון די טיפענישן פון זיין אָפּגרונט, וואָס די אַלע שונאים פון פאָלק האָבן אים אַהין אַריינגעשטופּט. ער איז דער איינציקער רעטער, וואָס קאָן אָנכאַפּן די שלאַנג, וועלכע ליגט אַלעמען אויפן האַלדז — די מלחמה — און זי דערווערגן.

דער מאַן איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ קרענצל איינגעמונדירטע סאָלדאַטן, ציווילע און אייניקע פרויען נעבן אים. ער האָט הייס און ענטוזיאַסטיש עפּעס פאַרטיידיקט. מירקין איז צוגעקומען צום דאָזיקן רעדל מענטשן. ער האָט אים געזען אָנגעטון אין אַ פרעמדלענדישן רעגן־מאַנטל, וואָס איז נישט געווען צוגעשניטן אויף זיין מאָס, דעם צעקנייטשטן דאַשעק פון היטל אין דער האַנט. מיטן היטל האָט דער מאַן צוגעטאַקעוועט און צוגעקלאַפּט, אַזוי ווי ער וואָלט וועמען געוואָלט איבערן קאָפּ געבן. זיין גאַנצער נידעריקער קערפּער, לויט זיין וואָג און לויט דער פּראָפּאָרציע פון זיין גרויסן קאָפּ, האָט זיך מיט־באַוווּיגן אינעם זשעסט, וואָס ער האָט געמאַכט מיטן היטל אין דער האַנט. ער האָט עפּעס־וואָס פאַרטיידיקט, דערביי האָבן זיך זיינע אומנאַטירלעך ברייטע נאָזלעכער, צוליב דער פאַרקרימטער גרימאַסע, וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיינע ליפּן, נאָך מער פאַרשפּרייט, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שלינגען־אַריין שטיקער פון זיינע געדיכטע וואָנסעס. די לאַנג־אויסגעשניטענע מאָנגאָלישע אויגן האָט ער געהאַלטן האַלב־פאַרזשמורעט, ווי די זון וואָלט געשטאָכן אין זיי, און ער קאָן זי נישט פאַרטראָגן.

ס׳איז געווען דער אויסערגעוועגלעך גרויסער קאָפּ פון דעם דאָזיקן מענטש, וואָס האָט מירקינען אַרומגענומען מיט יראת־הכבוד פאַר אים. די ליסינע זיינע איז געווען אַ פאַרזעצונג פון זיין שטערן־שאַרבן. איבער

דער בלוי-אָדערדיקער באוועבטער גלאַנציקער שטערן־הויט האָבן זיך גע־טראָגן ווי וואָלקנס פאַרביי, אַזוי ווי עס וואָלטן זיך אין דעם גרויסן חלל פון זיין קאָפּ געדרייט די רעדער פון דער וועלט, און מען זעט-אָן זייע־רע באַוועגונגען אויפן גלאַנציקן שטערן.

מירקין האָט אים, ווי דער איבריקער עולם, ערנסט און הסכמהדיק מיט יראת־הכבוד אויסגעהערט. ער האָט גערעדט וועגן קריג.

— איינס פון די ביידע, — האָט ער געזאָגט, — וועט געשען: אָדער דער קריג וועט די רעוואָלוציע אונטערברענגען, אַז נישט מוז די רעוואָלוציע דעם קריג טויטן. שוין, גלייך אויפן אָרט, נישט וואַרטן. דאָס קאָן נאָר טון איין כוח — דער פּראָלעטאַריאַט! די גאַנצע מאַכט מוז אי־בערגיין צו די סאָוויעטן. נאָר די סאָוויעטן זענען אימשטאַנד דאָס ווונ־דער צו באַווייזן און דעם שלום צו ברענגען.

פון דער עקזעקוטיוו־געביידע פונעם מיליטערישן ראַט זענען איצט אַרויסגעקומען אויפן הויף אַ פּאָר חשובע מיטגלידער. זייער חשובקייט האָט מען אָנגעזען פון דער באַגלייטונג פון אָפיצירן, וואָס זענען נאָכגע־גאַנגען נאָך זיי: אַ הויך־געשטיוולטער מאַן אין אַ ציוויל-מיליטעריש גע־שניטענעם ספּאָרט-אַנצוג, אַ קליין־געוויקסיקער מיט זייער באַלעבטע באַוועגונגען און זשעסטן.

דערזען דעם מאַן מיט די מאָנגאָלישע אויגן אין מיטן אַ קרענצל סאָלדאַטן אויפן הויף פון ראַט, האָבן זיי זיך אָפּגעשאָקלט, געוואָרפן דאָרט אַהין פאַרדריסלעכע בליקן, און ס'איז אָנגעגאַנגען אַ געמורמל. דאָס קרענצל סאָלדאַטן ביים מאַן מיט דעם גלאַנציקן שטערן האָט אָנ־געהויבן שיטער'ער צו ווערן. מען האָט זיך אָנגעהויבן בגנבה אַוועקצורוקן פון אים, זיך צוגעשאַרט אומבאַמערקט און זיך אָנגעשלאָסן אָן דער צוויי־טער גרופּע.

דער מאַן מיט די מאָנגאָלישע אויגן האָט איצט נאָך מער פאַר־שפּרייט זיינע נאָזלעכער, און אַן אומאָנגענעמער קאַלטער שמייכל האָט פאַרקרימט זיין אונטערשטע ליפּ.

דעם מאָמענט האָט מירקין אויסגענוצט. ער איז נענטער צוגעטראָטן צו דעם מאַן מיט די מאָנגאָלישע אויגן און זיך געווענדעט צו אים מיט אַ באַשיידענער צוריקגעהאַלטענער, האַלב־פאַרשעמטער שטימע:

— דערלויבט מיר. חבר, אייך צו פרעגן, ווי אַזוי שטעלט איר זיך

דאָס פּאָר? ווי אַזוי קאָנען די סאָוויעטן ברענגען דעם שלום? אַז דער שונא...

מירקין האָט נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט דעם זאַץ, ווען עס האָט אים אינמיטן רעדן אָפּגעשטעלט דעם מאַנס אומצוטרויִלעכער בליק. ער האָט פאַרקנייטשט איין אויג, אויפגעצויגן די נאָזלעכער, און נישט מיט דעם אָפענעם, נאָר פאַרקערט מיט דעם פאַרמאַכטן אויג האָט ער אָנגעהויבן מיט אומצוטרוי צו פאָרשן טיף מירקינען, אַריינגעקוקט אים אין פּנים אַריין. נאָר עס זעט־אויס, אַז עס איז געווען אין מירקינס פּנים, צי אין זיין שטימע, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט געוווּנען דעם מאַנס צוטרוי צו אים.

דער מאַן האָט צוערשט אַ קאַלטן שמייכל געגעבן, ביי וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעזען די ברייטע באַקן־ביינער פון זיין טונקל־געלבלעכער פּנים־הויט, און ער האָט אים אָפּגעענטפערט נישט מיט קיין ענטפער, נאָר מיט אַ פראַגע:

— צו וועמען זאָלן אונדזערע חברים, דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט, צוטרוי האָבן? צו די גוטשקאָווס, צו די קערענסקיס, צו די טשעכעאידזעס, צו די טשערנאָווס, וואָס באַגייען די אַטאַקעס אויף אים? — ווען די מאַכט וועט אַריבערגיין צו די סאָוויעטן, קאָן דאָס זיין די איינציקע גאַראַנטיע פאַרן דייטשן פּראָלעטאַריאַט, אַז רוסלאַנד וויל באמת שלום, אָן אַנעקסיעס, אָן אַ פּוסטן זיג, — און דענסטמאָל וועלן זיי נויטן זייערע גענערעלער צו אַ גערעכטן שלום.

— יאָ, אָבער חבר, מיר אַלע האָבן געוואַרט אויפן נס פון דער צווייטער זייט, ליידער האָט ער זיך נישט באַוויזן, — זאָגט מירקין.

ער האָט ווידער נישט געלאָזט מירקינען פאַרענדיקן דעם זאַץ.

— חבר, די מלחמה וועט טון דאָס איריקע, אַזוי ווי זי האָט עס געטון ביי אונדז. דער פונדאַמענט פון דער בורזשואַזער וועלט איז שוין גוט דורכגעגריזשעט און איז רייף צו צעפאַלן. ער האַלט זיך נאָר אויף די באַגנעטן און האַרמאַטן. איך גלויב אין דייטשן פּראָלעטאַריאַט, פּונקט אַזוי ווי איך האָב געגלויבט אין רוסישן, אין גאַנצן וועלט־פּראָלעטאַריאַט.

— גלויבן? — וווּנדערט זיך מירקין.

— יאָ, גלויבן. גלויבן, אַרבעטן און טון אַלצדינג, כּדי דעם דאָזיקן גלויבן צו מאַכן וואָר. אַזוי ווי ביי אונדז, אַזוי אויך ביי זיי.

— אָבער, חבר, ווי אַזוי קאָנסטו אַרבעטן ביי די דייטשן, אַז זיי דערשיסן יעדן אַריבערלויפער?

— זיי האָבן באַפוילן קיין געפאַנגענע נישט צו נעמען, — רופט זיך אָן אַ סאָלדאַט, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך.

נאָר דעם מאַן מיט דער גלאַנציקער ליסינע און מאָנגאָלישע אויגן האָט מען געפּרוווט איצט צונעמען. די שלעכט־אָנזאָגנדיקע בליקן פון דער צווייטער גרופּע, וואָס איז געבליבן שטיין אין מיטן הויף, האָבן זיך ווי שלעכטע פייערן אָנגעצונדן. און אַ פּאָר מענער, אַ פּאָר פרויען, וואָס זענען געווען מיט דעם מאַן, האָבן אים אַריינגעסודעט אין אויער, אים אָנגענומען ביי דער האַנט און מיטגעשלעפּט אים מיט זיך.

דער מאַן מיט די מאָנגאָלישע אויגן האָט נאָך געהאַט צייט זיין קאָפּ אויף הינטן אַרונטערצוּוואַרפן צום פרעגנדיקן זעלנער, געענטפערט אויף זיין פראַגע אויך מיט אַ פראַגע:

— דעם דייטשן אַרבעטער צו הרגענען, אייגענע פּראָלעטאַרישע ברידער צו מייטן מעגסטו יאָ איינשטעלן דאָס לעבן, און מענטשן אויפצוקלערן, אַ ברידערלעכע האַנט אויסצושטרעקן — נישט? אָפּפערט זיך פאַרן שלום, פּונקט אַזוי ווי זיי הייסן אייך זיך אָפּפערן פאַר דער מלחמה!

די באַגלייטער האָבן אים איצט מיט געוואַלד מיטגעשלעפּט מיט זיך.

אין דער צווייטער גרופּע איז אָנגעגאַנגען אַ געמורמל. די גרופּע איז וואָס אַמאָל מער געוואַקסן, אַן אָפיצירן־שטימע האָט זיך שוין פון דאָרט הויך אָנגערופן:

— איז אַ וואונדער, וואָס אונדזערע מיליטערישע אָפּעראַציעס פאַלן־דורך, אַז דייטשע שפּיאָנען אַגיטירן אין דער הויפּטשטאָט אומבאַשטראָפט צווישן אונדזערע סאָלדאַטן?

און אַן אַנדערער האָט פאַרשטאַרקט:

— אָך, ווען די פּראָוויזאָרישע רעגירונג וואָלט נאָר אַביסל ענערגישער אַרויסגעטראָטן קעגן פאַררעטער!

האָט מירקין אָנגעהויבן צו גיין אין דער טענצערין קזשעשינסקאַס ווילע, וווּ ס'האָבן זיך אויפגעהאַלטן די באָלשעוויקעס. דאָס וואָרט „גלויבן", וואָס עס האָט אַריינגעוואָרפן דער מאַן מיט די קאַלמיקישע אויגן, האָט דאָס מאָל אויך געזיגט: דער גלויבן אין פּראָלעטאַרישן גע־

זויסן, אַז ער וועט אומעטום ווערן רייף און זיך דערוועקן ווי ביי אונדז, אַז אויף אים באַדאַרף מען בויען, און קיין אַנדערער כוח איז נישטאָ.

ער האָט אינעם דאָזיקן וואָרט געפונען דעם אינהאַלט פון מענטשלעכן ווערט. די בויענדיקע מאָראַלישע קראַפט, אַזוי ווי דער אַלטער ייד האָט אַמאָל געלערנט, אַזוי ווי דער חבר אַנאַטאָל האָט אים אַמאָל געזאָגט: דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין וועבן פון אונדזער מענטשלעכן לעבן איז דער גלויבן אין די מאָראַלישע כוחות. זיי זענען דאָ, אפילו ווען דו זעסט זיי נישט. ווען די אומשטענדן ווערן רייף, מוז זיך דער דאָזיקער כוח אַנטפּלעקן.

וועמען האָט ער נישט אין דער ווילע פון דער אַמאָליקער פּוילישער מענצערין, וואָס דער לעצטער צאַר האָט אַזוי ברייטהענטיק אויסגעבויט, — וועמען האָט ער דאָרט נישט אָנגעטראָפן... עס האָט זיך מירקינען געדאַכט, אַז פּונקט אַזוי ווי אין דרויסן, אַזוי אויך דאָ לעבט די וועלט אין חלום. פון אַלע תפיסות, פון אַלע פאַרשיקונגען זענען זיך צונויפגעקומען מענטשן. געזיכטער באַקאַנטע, פרעמדע, וואָס מען האָט ערגעץ־ווו געזען, און מען קאָן זיך נישט דערמאָנען ווו. אין אייניקע פון די צימערן, אויף אַ ראָזעווע־זיידענער ווייכער, אין סטיל פון לואי דעם זעכצנטן געשניצטער קאַנאַפּע, וועמען האָט ער אָנגעטראָפן? — זאָשקען, אָדער ווי מען האָט זי דאָ גערופן חברטע סאָפיע. זאָשקע, זיין כלהס שוועסטער, מיט איר מילכיקן לייב, וואָס גיסט זיך שטענדיק אַרויס פון אירע צולויזע בלוזקעס. אַ לעדערנע שוואַרצע קורטקע אויפן אַרבל פאַרוואָרפן, מיט אַ שנור פון אַ רעוואָלווער איבער דער פולער ברוסט. זאָשקע מיט די שאַטענע ווייכע האָר, כאָטש שוין איצט אָפּגעשניטענע, אָבער נאָך געדיכטע טראָלדן דרענגען זיך אַרויס פון אונטער דעם מענערישן שגיץ־הוט און פאַלן איבער די מילכיק־ראָזעווע אויערן אינעם העל-בלאָנדן מיידלשן קאַרק. זאָשקע מיט אַ רעוואָלווער אין איר לעדערנער קורטקע-טאַש. זאָשקע מיט דעם פולן רחל-לאהשן האַלדז. די ברוינע לעדערנע הענטשקעס, ווי שטענדיק, איבער די הענט. זי זיצט אויף אַ זיידענער קאַנאַפּע אין ביז צו די קני־פאַרקנעפּלטע ספּאָרט־שיך, איין פוס פאַרלייגט אויפן אַנדערן, רויכערט אַ היימישע אין אַ פּאַפּיר־געדרייטע מאַכאָרקע. אַרום איר — אַ קרענצל סאָלדאַטן מיט לאַכיקע, זיך פרייענדיקע פּנימער, און זאָש־

קע, ווי תמיד, א פייערדיקע, א פלאַמענדיקע, האַלט עפּעס אין אַגיטירן צווישן זיי.

— זאָשקע!

ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז רחל־לאה האָט זיך געשטעלט אין פּוילן קאַמפּלעט אין קזשעשינסקאַס ווילע. נישט נאָר זאָשקע אַליין איז דאָ, איר ברודער יאַש דאַרף זיך באַלד פון סיביר אומקערן.

זאָשקע אַליין איז געקומען אַהער איבער אַ נייטראַלן לאַנד. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נאָכן אויסברעכן פון דער רוסישער רעוואָלוציע אַרויסגעלאָזט פילע רעוואָלוציאָנערן פון פּוילן אין נייטראַלע לענדער. דעם חבר מאַרעק האָבן זיי אפילו באַפרייט פון תפיסה, ווו זיי האָבן אים געהאַלטן געפאַנגען זינט דער אָקופּאַציע, און אים געגעבן אַ פּאַס צו פאָרן אין נייטראַלן אויסלאַנד. אין שטאָקהאָלם האָבן זיי געוואַרט אויף דער רוסישער איינרייזע־דערלויבעניש, וואָס דער סאָוויעטישער ראַט פון סאָלדאַטן און אַרבעטער האָט פאַר זיי אַרויסגעשיקט. איצט געפינען זיי זיך אַלע אין קזשעשינסקאַס ווילע. זיי בילדן אַ באַזונדערע פּוילישע סעקציע, פון וועלכער דער חבר מאַרעק איז דער אָנפירער.

ס'האָט געבלאָזן אַ ווינטל פון רחל־לאהס שטוב. העלענקע?

— יאָ, געוויס העלענקע.

— וואָס מאַכט טאַקע העלענקע?

— די שול האָט זיך פאַרגרעסערט, איבערגעגאַנגען אינגאַנצן אויף דער מוטער־שפּראַך. זי איז פול מיט היימלאָזע קינדער. מען שטאַרבט אין וואַרשע פאַר אַ שטיקל ברויט. וואַרשע הונגערט, די דייטשן פירן אַלצדינג אַרויס. די באַפעלקערונג שמאַכט. ביי זיי איז נאָך נישט אַזוי שלעכט. די שול האָט אַן אייגענע קיך, וואָס דער הילפס־קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט. לויפט די מאַמע אַרום גאַנצע טעג צו שאַפן פּראָדוקטן פאַר דער קיך, זי רייסט וועלטן איין. העלענקע איז איינגעטונקט אין דער אַרבעט אין שול, האָט נישט קיין צייט וועגן זיך צו קלערן: טאָפּלטע קלאַסן. דער טאַטע און העלענקע אין דער שול, און די מאַמע גאַנצע טעג אויף די פיס, פאַרנומען מיט לויפן אין די קאָמיטעטן איינצושאַפן פּראָוויאַנט פאַר די ביליקע קיכן פאַר דער הונגעריקער באַפעלקערונג. זי פאַלט טאַקע אונטער דער לאַסט פון דער אַרבעט. לעצטנס קלאָגט זי זיך אויף די פיס, וואָס זי האָט עס קיינמאָל נישט געטון. שלאָפט נישט גאַנצע

נעכט. איידער עס ווערט נאָך טאָג, איז זי שוין וואַך. אָבער ווער האָט צייט צו קלערן וועגן זיך?

העלענקע, יאָ, העלענקע. געוויס האָט ער געקלערט די גאַנצע צייט, ווי אַזוי מיט איר צוריק אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען דורך נייטראַלע לענדער. איינמאָל, צי צוויי טאָקע געשריבן, נאָר קיין ענטפער נישט באַקומען. האָט ער אויפגעהערט. ווער האָט צייט אויף פּערזענלעכע זאַכן?...

געוויס, ווער האָט צייט אויף אַ פּערזענלעך לעבן?

זיי האָבן זיך ביידע ביי די הענט אָנגענומען און געפלויגן איבער די פּעטערבורגער גאַסן.

די זון האָט געשיינט. דער שענסטער פרילינג, דער שענסטער זומער. זומער אין רעוואָלוציע. די ביימער בליען, די קאַשטאַנעס וואַרפן שוין פון זיך דאָס רויטע בליעכץ אַראָפּ. די שטאָט איז פול מיט רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן און רויטע פענער. פון איין פאַרזאַמלונג אויף די אַנדערע. פּלאַ-מיקע רעוואָלוציאָנערע דרשות געהערט. אַמאָל האָט זיך זאַשקע אַליין אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פּלאַטפאָרמע אויף אַ פאַרזאַמלונג פון סאָלדאַטן, און איר מילכיק לייב פון דער לעדערנער קורטקע, אירע שאַטענענע האָר, וואָס זענען געפאַלן איבער די אויערן, איר שטאַרקע מיידלשע ברוסט האָבן זיך געהויבן, און די סאָלדאַטן האָבן „הורא" געשריגן און אויף די הענט זי געהויבן...

זומער אין רעוואָלוציע. אַלץ אוממעגלעכס ווערט מעגלעך. אַלע גרע-נעצן ווערן צעפּירט. מען שפּרייזט און מען שפּרינגט איבער בערגער און מכשולים דורך שטעכיקע דראָטן, אין מלחמהשע גריבער, אין אימפּעט פון דער צייט, אין ווינט פון טראָגן זיך...

איינמאָל האָט ער איר וויסן פולן האַלדז געקושט, נישט געקאָנט זיך באַהערשן. פון אַ פאַרזאַמלונג אַרויסגעקומען. זאַשקע האָט פּאַר סאָל-דאַטן גערעדט. מען האָט זי געטראָגן אויף די הענט. זי האָט ווי אַ פלאַ-קערדיקע לעבעדיקע ווייבלעכע פאָן איבער די אַקסלען געפלאַטערט. אַ צעוואַרימטע פון ווערטער, אין מענלעכע אָרעמס, איז זי אויף דער גאַס אַרויסגעקומען.

די נאַכט איז געווען אַ ווייסע. אַ מילכיקער שטערן־שיין האָט אי-בער דער וועלט גערעגנט. מען איז געגאַנגען אין חלומותדיקע וואָלקנס. אירע בריסטן האָבן זיך אונטער איר אויפגעפּראַלטער לעדערנער קורט-

קע געהויבן, ווי אַ שטורמיש ים-ווייב האָט זי זיך געטראָגן מיט אים איבער די פּעטערבורגער גאַסן. אין דער ווייסער נאַכט איז ער אין מיטן גאַס, ווי אַ שיכורער, אויף איר האַלדז געפאַלן. און זיין פּנים ווי אַ פאַרלאָזן קאַלב אין דעם וואַרימען מענטשלעכן הויט-פוך אריינגעגראָבן.

זי האָט אים מיט איר שטאַרקן אָרעם געגעבן אַ פעסטן ענערגישן דריק צו איר פולער ברוסט, און מיט אַמאָל אַן ענערגישן אָפּשטופּ פון זיך.

— העלענקע! — האָט זי געזאָגט אין אַ פאַרצוקטן, זיפצנדיקן אויסרוף.

— יאָ, העלענקע, — האָט ער איר אונטערגעברומט.

זענען זיי ביידע אין שווייגן געגאַנגען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי איר קילע האַנט אין זיינע אריינגעשטעקט און געזאָגט:

— קום אַהיים צו דיר אין שטוב.

זענען זיי ביידע אַ האַלבע נאַכט אויסגעזעסן. ער האָט אויף דער מאַשינקע טיי געקאָכט. שוואַרץ ברויט איז געווען, און זאַשקע האָט פון דער לעדערנער קורטקע צוקער אַרויסגענומען.

— פון וואַנען האָט זי צוקער?

— די סאָלדאַטן ברענגען איר.

דערנאָך האָבן זיי זיך ביידע אין די אָנגעטועכצער אויף איין געלעגער געלייגט, ביי די הענט זיך געהאַלטן און פון רעוואָלוציע גערעדט.

איינמאָל איז אַריינגעפאַלן אַ וואָרט וועגן העלענקען אויך.

ער האָט זיין קאָפּ צו זאַשקעס ברוסט צוגעלייגט. זי האָט מיט איר האַנט זיין קאָפּ ביי איר ברוסט פעסט געהאַלטן, ווי מען האַלט אַ קינד אַ פאַרלוירנס. און נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן העלענקען; איר שיינקייט געריימט, איר גוטסקייט און איר איבערגעבנקייט צו דער אַרבעט. דערביי האָט זי אָבער נאָך שטאַרקער מירקינס קאָפּ צו איר ברוסט געטוליעט. אַזוי זענען זיי אָפּגעלעגן אין די אָנגעטועכצן אַ גאַנצע נאַכט.

דערנאָך איז דער ברודער געקומען פון סיביר, ווי די שוועסטער האָט אים גערופן — יאַש. דער יאַש איז געווען אַ פאַרשלאָפענער יונגערמאַן, אַ פלעגמאַטישער, אַ טיפּ פון אַ געלערנטן. געטראָגן ברילן. אָנגעשריבן אין סיביר אַ ווערק איבער דער אַנטשטייאונג פון די סיבירישע פעלקער. געטראָגן ברילן, געגאַנגען איינגעהויקערט און גערעדט שטיל; די שטיל-

קייט איז אָבער געווען אַ וואָל איבער אַ פייער. מיטגעמאַכט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין פּעטערבורג און זאָגט, אַז אייגנטלעך האָט עס מיט אים גאָרנישט וואָס צו טון; אַז ער איז נישט קיין רוס, נאָר אַ פּאָליאַק. געמאַכט אַן איינדרוק האָט ער ווי ער וואָלט געווען אַ פרעמדלענדישער בירגער, און דאָס, וואָס גייט־אָן אין רוסלאַנד האָט נאָר אַזוי פיל מיט אים צו טון, וויפיל עס איז שייך זיין לאַנד. ער האָט נאָך געשטאַמט פון יענער צייט, ווען סאָציאַליזם אין פּוילן איז געווען פאַרבונדן מיט פּוילישער אויפלעבונג און באַפרייאונג, און אויף אַזוי פיל האָט אים די רעוואָלוציע אינטערעסירט. גערעדט וועגן דער באַנייאונג פון לעגיאָנען, אַז פּילסודסקי וועט נאָך צוריק זיין אויפן פערד; אַז מען באַדאַרף קאָנצענטרירן און אָרגאַניזירן די פּוילישע געפאַנגענע, זיי זאָלן זיין גרייט יעדע מינוט, ווען דער צוזאַמענברוך וועט פאָרקומען אין דער דייטשער אַרמיי. ער האָט געזידלט זיך און געקריגט זיך מיט דער שוועסטער אַזוי ווי זי וואָלט געווען באַלאַנגט צום שונאדיקן לאַגער. שפּעטער איז ער גאָר פאַרשוואונדן געוואָרן. ער האָט געהאַט זיין אייגענעם קרייז פּאָליאַקן. ווי חבר מאַרעק האָט געזאָגט, באַדאַרף מען זיי אייגנטלעך אַלעמען אַרעסטירן — און זאַשקעס ברודער, דעם ערשטן, ווייל ער קאָנספּירירט מיט די פּוילישע סאָלדאַטן. מיט אַמאָל איז ער אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון פּעטראָגראַד, אַוועק ערגעץ־ווו נאָענט צום פראָנט און קאָנספּירירט מיט די פּוילישע סאָלדאַטן אין דער רוסישער אַרמיי, געשיקט געוואָרן אין געהיימע שליחות אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון קריגס־געפאַנגענע. אַמאָל פּלוצים אויפגעשווומען אין פּעטראָגראַד און מיט אַמאָל אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

די געשעענישן האָבן זיך געיאָגט ווי אויף די פליגלען פון אַ ווינטמיל אויפגעהאָנגען.

די באָלשעוויקעס זענען נאָך דעם יולישן פּרווו פאַרפאָלגט געוואָרן אויף די גאַסן. אין קזשעשינסקאַס ווילע איז היים געוואָרן. מען האָט געפּרווט זי אַמאָל באַפאַלן. די פירער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אַנדערע האָט מען אין „קרעסטי" אַרעסטירט. די אַגיטאַטאָרן האָבן זיך נישט געקאָנט אויף קיין פאַרזאַמלונג באַווייזן. מען האָט זיך באַדאַרפט אויף אַלע פיר זייטן פאַרשפּרייטן, אונטערגראָבן זיך אין די קעלערס אַריין, ביי די

ארבעטער זיך אויסבאהאלטן, און די ארבעט האָט מען אין די אונטער־גריבער געפירט.

חבר מארעק איז אין באהאלטענעם ארבעטער־שטיבל אויף איינעם פון די אינדזלען געזעסן. זיינע באַפעלן האָט ער פון דאָרטן ארויסגעשיקט צו זיין גרופּע, צו די פּוילישע באָלשעוויקעס.

ביים קאָרנילאָווישן אומגעלונגענעם פּרווו, אין אויגוסט, צו פאַרכאַפּן די מאכט, האָט דער ראַט פון די סאָלדאַטן און ארבעטער אָנגענומען די באָלשעוויסטישע הילף, די פירער פון טורמע באַפרייט. די וואַקלדיקע דעלעגאַטן האָבן זיך אונטער דער מורא פאַר די גענעראַלן אויף דער באָלשעוויסטישער זייט אריבערגעוואָרפן. די באָלשעוויקעס האָבן אין ראַט פון די סאָלדאַטן און ארבעטער א מערהייט באַקומען. די אימה פאַרן פראָנט, דער ווונטש פון א באַלדיקן שלום, האָבן צעשמאָלצן די רייען פון די מלחמה־גלוסטיקע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן. די ארבעטער, די סאָלדאַטן, זענען וואָס א טאָג אַלץ מער צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס. ס'איז ביי די מאַסן געוואָרן זיכער, אז נאָר די באָלשעוויקעס אליין זענען אימשטאַנד די „שלאַנג", די מלחמה, וואָס ליגט איבערן האַלדז צו דערשטיקן, און מיט איר צוזאַמען אַלע מלחמה־גלוסטיקע פּאַטריאָטן און די גענעראַלישע מאכט, וואָס וויל די צארישע קייטן אויף די הענט צוריק ארויפוואָרפן.

קערענסקיס אויטאָריטעט איז געפאַלן ביי די מאַסן. ער איז פאַרשריגן געוואָרן פאַר א פאַררעטערישן העלד. און קערענסקיס אומגעלונגענע אַטאַקע אויפן גאַליציאַנער פראָנט איז געווען דער אָנהייב פון קאָרנילאָווס אומגעלונגענעם גאַנג אויף פּעטערבורג. די ענד האָט געמאַכט רייף פּעטערבורג פאַרן באָלשעוויסטישן איבערקער.

דענסטמאָל זענען די באָלשעוויסטישע פירער ארוים פון זייערע באהעלטענישן און אויפגעעפנט די מיילער פאַר די רייפע פרוכט, וואָס איז זיי געפאַלן פונעם רעוואָלוציאָנערן בוים.

פּעטערבורג איז געווען פאַרטיק. פון קראָנשטאַט איז אָפּגעגאַנגען א קרייצער און זיך געשטעלט מיט די האַרמאַטן אויפן ווינטער־פּאַלאַץ. געשראָקן האָט מען זיך פאַר מאָסקווע.

האָט מען אריבערגעשיקט קיין מאָסקווע אגיטאַטאָרישע קרעפטן. חברטע זאָשקע, אָדער ווי מען האָט זי איצט גערופן, חברטע סאָפיע

(ווייל מען האָט דאָס וואָרט „זאָשקע" נישט געקאָנט אַרויסרעדן), איז געווען זייער פּאָפּולער אויף סאָלדאַטישע מיטינגען.

— אַ גוטע אַגיטאַטאָרישע רעדנערין, האָט זי שטענדיק אויף סאָלדאַטישע מיטינגען אַן איינדרוק געמאַכט. האָט זי חבר מאַרעק פון זיין באַהעלטעניש קיין מאָסקווע רעקאָמענדירט. מיט איר איז מיטגעפאָרן חבר מירקין.

ער האָט זיך געדרייט אַזוי לאַנג אין „גובערנאַטאָרישן הויז", ביז ער איז ענדלעך אויפן טעאַטער־דאַך אַרויפגעקראָכן, ווו ער ליגט איצט אינעם גרויען מאָרגן, אין זאָשקעס לעדערנער קורטקע איינגעוויקלט, אין אַ פענצטער־לאָך פון אַ בוידעם ביי אַ מאַשין־געווער, פאַרשטעלט הינטער די מאַסיווע בראָנדזענע פערד.

און ווען ער קוקט פון זיין באַהאַלטענעם לאָך אויף די אויפגעשטאָכענע צאַרישע צוויי־קעפּיקע גאָלדענע אָדלערס, וואָס פליען פון קרעמל אַרויס אויף די טורעם-שפּיצן, דאַכט זיך אים, אַז ער גייט עס אויף יאַגד. די רערן פון זיינע ביקסן זענען אָנגעצילט אויף די צאַרישע אָדלערס, און עס ווערט אים זיין גאַנצע פאַרוואונדערונג מיטאַמאָל אומפאַרשטענדלעך.

ער, מירקין, וואָס האָט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה געקעמפט קעגן די בלוטיקע חורבות, וואָס די ביקס האָט אָנגעטון, געפינט זיך סוף־כל־סוף אַליין נעבן איר. ער, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן אַנטלאָפן פון איר, טוליעט זי איצטער צו זיין ברוסט. קומט אים פאָר, ווי ער וואָלט געפאַנגען געוואָרן אין אַ כישוף־קרייז, פון וועלכן ער האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרויסרייסן — און ער זוכט אַ תירוץ פאַר זיין איצטיק לעבן, אַ טעם פאַר זיין איצטיק טוען, אַ פאַרשטענדעניש פאַר זיין געפינען זיך אויפן טעאַטער־דאַך פון דער צאַרישער הויפּטשטאָט.

און ער פאַרענטפערט עס מיט דעם, וואָס ער זאָגט זיך:

— עס איז די לעצטע מלחמה פאַר דעם לעצטן זיג. און מיר, יידן, קאָנען נאָר אויסגעלייזט ווערן דורך דעם לעצטן זיג, ווייל מיר זענען די לעצטע.

קאַפּיטל 12

# די נייע דיסציפּלין

די מעכטיקע בראַנדזענע פיגור פון דעם העלד פון רוסיש־טערקישן קריג, סקאָבעלעוו, איז פאַרטרונקען געוואָרן אינעם געדיכטן פייכטן נעפּל, וואָס איז געלעגן אין דרויסן אונטער די גרויסע פענצטער פון מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָרס קאַבינעט. דאָך האָט מען זי געפילט. זי איז פון צייט צו צייט באַלויכטן געוואָרן דורך פייערן, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן ביי די שאָסן פון קליינע פּולעמיאָטן, וואָס די „ווייסע" האָבן אויפגעשטעלט נישט ווייט פון סקאָבעלעוו־פּלאַץ.

די פייערן האָבן באַלויכטן די קרומע אויסגעצויגענע שווערד, וואָס דער גענעראַל האָלט אין זיין האַנט. די שווערד האָט געוואָרפן אַן אומהיימלעכן בליאַסק אין די פענצטער פונעם קאַבינעט. טעמפּע עכאָס, ווי גראַגערן, באַגלייטן די שאָסן. חבר רישקאָוו זיצט אַן אומגעדולדיקער ביי זיין טיש מיטן טעלעפאָן־רערל ביים מויל און אויער, פּרוווט מיט אַלע מיטלען און מעגלעכקייטן זיך צו פאַרבינדן מיטן „צענטר", מיט פּעטראָגראַד. ער קאָן אָבער קיין פאַרבינדונג נישט באַקומען. דאָס טעלעפאָן־רערל איז אַ טויטע כלי. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס ער האָט זיך געשאָלטן פון צייט צו צייט מיט די ביטערסטע קללות. — דער טעלעפאָן איז שטום און טויב.

— עס זעט־אויס, אַז די יונקערס האָבן פאַרטריבן אונדזערע און באַזעצט די טעלעגראַפישע סטאַציע, — האָט זיך אָנגערופן דער חבר מיטן צעקנייטשטן פּנים, וועלכער איז, נישט קוקנדיק אויף דער סומאַטאָכע, געווען פאַרנומען מיט שרייבן אַ טעאָרעטישן אַרטיקל פאַר דער פּאַרטיי־צייטונג.

— איך האָב זיי געזאָגט, אַז וואָס עס זאָל נישט קאָסטן, מיט אַלע מיטלען זאָל מען אָנהאַלטן די טעלעגראַפישע סטאַציע, כאָטש פּראָוויזאָריש. מיר מוזן דאָך וויסן, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט, — האָט חבר רישקאָוו געשפּיגן ווערטער.

— איז נישט געגאַנגען — וועט עס גיין, — האָט זיך אָנגערופן

דער זעלנערשער פּאָרזיצער, וואָס רעדט זייער זעלטן. ער איז צוגעגאַנגען צום געהיימען פעלד־טעלעפאָן, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט און איז געווען פאַרבונדן מיט א פּאָסטן, וואָס מען האָט אריינגעשטעלט אין א פּריוואַטער שטוב, נישט ווייט פון דער טעלעפאָן־סטאַציע. ער האָט געפרעגט...

— ניין, אונדזערע האָבן זיך נישט באַוויזן, — האָט מען פון דער צווייטער זייט אָפּגעענטפערט.

— הייסט עס, אַז אונדזערע זענען פאַרהאַלטן געוואָרן פון די „ווייסע"? — האָט מען געפּרוווט טרעפן.

— אין דעם איצטיקן מאָמענט האָט דאָך שוין געמוזט קומען צו אַן אַנטשיידנדן שריט, — האָט גערעדט דער חבר רישקאָוו ווי פאַר זיך. — די לעצטע נייעס, וואָס מיר האָבן פון דאָרטן, איז, וואָס דער חבר האָט געבראַכט פון פּעטראָגראַד, אַז קערענסקי מיט קראַסנאָווס קאָזאַקן האָבן פאַרלאָזט גאַטשינע. אין דעם איצטיקן מאָמענט האָבן זיי דאָך זיך שוין געמוזט אָנשטויסן אָן די „רויטע גוואַרדיסטן". מיר מוזן דאָך וויסן, צי עס איז געקומען צו א צוזאַמענשטויס, אויב עס איז געלונגען חבר טראָצקין צו געווינען קראַסנאָווס קאָזאַקן אויף אונדזער זייט.

— וואָס וועט אייך העלפן דאָרטן, מיר מוזן דאָ עפּעס אַנטשיידן, — האָט זיך אָנגערופן דער מאַן, וואָס האָט געהאַלטן אין שרייבן דעם אַרטיקל, נישט אוועקנעמענדיק זיין פּנים פון די קני, אויף וועלכע ער האָט געשריבן מיט א בלייסטיפט. — עס זעט־אויס, אַז די „ווייסע" מיינען ערנסט אונדז טאַקע איינצונעמען. זעט די פייערן.

און ווירקלעך האָט זיך איצטער אָנגעצונדן אין דער פינצטער א גרויס שטיק פייער. פון דעם דאָזיקן פייער איז באַלויכטן געוואָרן נישט נאָר בלויז די שווערד, נאָר אויך דאָס גרויסע בראָנדזענע פערד, — אויף וועלכן עס זיצט דער גענעראַל סקאָבעלעוו.

— עס זעט אויס, אַז זיי דערנענטערן זיך צו אונדז, — האָט ווער געזאָגט.

— מיט פאַרלייגטע הענט צו זיצן! — האָט אויסגעשריגן א יונגערמאַן. — מיר דאַרפן זיי גיין אַנטקעגן!

— איך וואָלט געוואָלט וויסן מיט וואָס? אפשר מיט די פויסטן?

— האָט אים רישקאָוו אָפּגעענטפערט. — מיר האָבן נישט קיין איין האַר־

מאַט. חבר סמירנאָוו איז מיט אונדזער אַרטילעריע נישט צוריקגעקו־מען. מיר האָבן נישט צומאָל געגנוג ביקסן פאַר אַלע סאָלדאַטן. מיר זע־נען אָפּגעשניטן פון אונדזערע ראַיאָנען. אַ גאַנצן טאָג האָט קיין איין נאָכ־שפּירער נישט געקאָנט זיך דורכרייסן דורך די „ווייסע פּאַטרולן". מיר האָבן געטון אַ גרויסע נאַרישקייט, וואָס מיר האָבן באַלד נישט אַרויסגע־רופן אַ גענעראַל־שטרייק. די אַרבעטער אַרבעטן אין די פאַבריקן, די סאָל־דאַטן זענען נייטראַל, באַהאַלטן זיך אין די קאַזאַרמעס. אפילו די „דווינס־קער" זעט מען אויך נישט, קיין איין באַוואָפנטן אויטאָמאָביל. מיט וואָס וועט איר גיין אַנטקעגן? פאַר אייערע נעזער וועלן זיי זיך דערשרעקן?

— נאָר וואָס דען זאָלן מיר טון? אפשר זיי אָפּגעבן דעם גובערנאַ־טאָרס הויז מיט די אייגענע הענט? אפשר מיטן גוטן ווילן זיך לאָזן אויס־שעכטן פון די „ווייסע"־ — האָט עמיצער געשטורעמט אין די האַלב־באַ־לויכטענע פאַרשאָטנטע ווינקלען פון גרויסן קאַבינעט.

— ביקסן דאַרף מען נעמען און אין די ראַיאָנען גיין. דאָרטן דאַרף מען דאָס געפעכט מיט די יונקערס פירן.

— ווו וועסטו גיין, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט מיט צען ווייסע פּאַטרולן?! — האָט געשריגן אַ סאָלדאַט.

— צייט מוזן מיר געווינען, — האָט אַלעמען שטיל געמאַכט מיט זיין וואָרט חבר רישקאָוו. — זיי וועלן נישט וואַגן אַרויסצורופן אַ ביר־גער־קריג. זיי ווילן אונדז פּראָוואָצירן, אַז מיר זאָלן אַרויסקומען, כדי צו האָבן אַ תירוץ זיך אַריינצורייסן אין גובערנאַטאָרס הויז. מיר טאָרן זיי נישט געבן די געלעגנהייט. מיר מוזן מיט זיי אָנהייבן צו אונטערהאַנדלען וועגן וואָס איר ווילט: וועגן שלום, אפילו וועגן אַן אַלגעמיינעם קאָמי־טעט. מיר מוזן זען זייער אייניקייט צו שפּאַלטן, אַרויסרופן אַ קריגעריי אין זייערע אייגענע רייען. אויף די רעוואָלוציאָנערע אַמביציעס דאַרפן מיר שלאָגן. אויף די מענשעוויקעס, אויף די „עסערן" דאַרפן מיר ווירקן. און זאָלן זיי זיך דאָרטן ביי די קעפּ רייסן. די איינציקע זאַך — מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן. מיר מוזן אויסהאַלטן און אָננעמען דעם קאַמף, ווען מיר וועלן וועלן, נישט ווען זיי ווילן. ווען מיר וועלן זיין צו דעם גרייט.

נאָר מיטאַמאָל האָט אַ פּלאַם־אויף געגעבן, מיט אַ שאַרף איינציי־טיק, ווי אַן אַרויסגעלאָזטע שרויף וואָלט זיך מיט אַן אומדערהערטער גע־

שווינדקייט אין דער לופטן געדרייט. פון אן אויבערשטן עטאזש האט זיך דערהערט א קלימפערן פון פאלנדע שויבן.

— אט האט איר געזען, ווי זיי וועלן נישט וואגן דעם בירגער־קריג ארויסצורופן! — האט עמיצער געלאכט.

— און איך זאג אייך, אז זיי וועלן נישט וואגן. זיי וועלן שיסן און שיסן, נאר קומען נעמען דעם גובערנאטארס הויז וועלן זיי נישט, — איז חבר רישקאוו באשטאנען אויף דאס זייניקע.

— חברים, — דער זאל ווערט אומזיכער. קומט־אראפ אין דער ני־דער, — האט עמיצער דערמאנט.

***

אז רישקאוו מיטן „אויספיר־קאמיטעט" זענען אראפגעקומען אין גרויסן באל־זאל, האבן זיי אים אנגעטראפן כמעט א ליידיקן. איינצלנע סאלדאטן זענען געזעסן גלייכגילטיקע, ווי עס וואלט זיך נישט וועגן זיי געהאנדלט, און געטרונקען „קיפיאטאק" פון א בשותפותדיקן קעסעלע, וואס זיי האבן זיך געבראכט פון קיך. עטלעכע ארבעטער פון דער „רויטער גווארדיע", מיט די ביקסן אין די הענט, האבן ארויסגעוויזן א נער־וועזיטעט. מיט די אויגן האבן זיי זיך אומגעקוקט אויף די אראפקומענדיקע גדולים און עפעס דערוואַרט פון זיי. נאך אנדערע זענען ארויסגע־קראכן פון די לעבער, ווו זיי זענען געלעגן מידע פון א פאר נעכט נישט שלאפן, און אנגעהויבן ארומצורינגלען רישקאוון מיט די אנדערע חברים.

אויך פון הויף און פון די אויבערשטע שטאקן זענען אנדערע גע־קומען צו לויפן. זיי האבן געמיינט, אז מען רופט אויף „טרעוואגע". און אלע האבן זיך מיט די בליקן געווענדעט צו רישקאוון, אז ער זאל עפעס הייסן טון.

רישקאוו האט זיך אומגעקוקט אויף די איינצלנע שאטנס, וואס האבן זיך געדרייט ארום אים, און הייזעריק געפרעגט:

— נו, וואס?

— אזוי קאן דאך נישט זיין, חבר! מיר מוזן דאך עפעס טון!

— פארלויפיק דארף מען גארנישט טון, — האט רישקאוו קורץ אפגעענטפערט.

— און ווען זיי וועלן קומען?

— זיי וועלן נישט קומען, — האָט רישקאָוו אָפּגעענטפערט מיט זיכערקייט.

ביי אַ טיש זענען געזעסן אַ גרופּע ווייבער. דאָ איז געווען די חברטע איזמאַילאָווע מיט איר אינטעליגענטיש אַריסטאָקראַטיש פּנים, וואָס נישט איר שטורמיש רעוואָלוציאָנער לעבן און נישט איר שוין צוויי נעכט אויף־זיין זענען געווען אימשטאַנד אויסצולעשן פון איר די היימישע פּאַמיליענדיקע רואיקייט. נעבן איר זענען געזעסן די חברטע סאָפּיע און אַ דאָרפישע שיקסע מיט אַ רויט־פּויעריש טיכל אויפן קאָפּ. זי האָט זיך אויפגעהאַלטן אין גובערנאַטאָרס הויז. זי האָט זיך נוצלעך געמאַכט ביי דער קיך. די פרויען האָבן עפּעס געאַרבעט ביים שיין פון דעם אָראָפּפאַלנדיקן עלעקטרישן ליכט פון אַ וואַנט־לאָמפּ. חברטע איזמאַילאָוועס גלאַט פאַרקעמטער שוואַרץ־שייטלדיקער קאָפּ אין דער גרופּע פרויען האָט געמאַכט אַן איינדרוק, ווי אַ פאַמיליע וואָלט געזעסן אין אָוונט פאַרטון אין הויזלעכער אַרבעט.

חבר רישקאָוו איז צוגעקומען און געזען, אַז סאָלדאַטן רייסן רויטע זייד פון די ווענט. חברטע איזמאַילאָווע מיט „סאָפּיען" שרייבן עפּעס אָן אויף די שטיקער זייד מיט שוואַרצן טינט.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט פאַרוואונדערט חבר רישקאָוו.

— דאָס איז, אַז זיי זאָלן זיך נישט טועה זיין אין אייך, ווען זיי וועלן קומען, — האָט אָפּגעענטפערט די חברטע איזמאַילאָווע. זי האָט גענומען אַ רויטן באַנד, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אָנגעשריבן „רעוואָלוציאָנערער קריגס־קאָמיטעט", און אַרומגעבונדן דערמיט דעם חבר רישקאָווס אָרבל.

— איצט וועלן זיי אייך דערקענען, חבר אָנפירער, — האָט געזאָגט די חברטע, נישט אָן אַ שטעכנדיקער אָנצוהערעניש.

— ריכטיק, — האָט חבר רישקאָוו געשמייכלט.

ביים עק טיש האָט ער באַמערקט, ווי אַ יונגער סאָלדאַט, וואָס איז געווען באַוווסט אין גובערנאַטאָרס הויז פאַר אַ טראַנספּאָרטאַנטן־שרייבער, ווייל ער האָט געקאָנט מאָלן, זיצט אָפּגערוקט פון די ווייבער און איז זייער פאַרטון מיט דעם, וואָס ער מאָלט־אויס מיט געטאָקטע ווערטער אַ לאָזונג אויף אַ גרויסער רויטער פלאַכטע.

— און וואָס פּאַראַ לאָזונג שרייבט איר איצט אויס, חבר איוואַ־נאָוו? — האָט רישקאָוו געפרעגט דעם יונגיטשקן סאָלדאַט.

— אָט לעזט, חבר, — האָט דער סאָלדאַט געוויזן דעם טראַנספּע־ראַנט, וואָס ער האָט ערשט נאָר־וואָס פאַרטיק געמאַכט.

אויף אַ שטיק רויטן זיידנס איז געשטאַנען אָנגעשריבן: „שלום — די שטיבלעך, מלחמה — די פּאַלאַצן". דערביי איז דער לאָזונג געווען אילוסטרירט מיט בילדער פונעם זעלנערס פאַנטאַזיע. פון איין זייט — אַ פויערשע הייזקע, ווו אויפן שוועל זיצט רואיק אַ פויער, פון דער צווייטער זייט — אַ ברענענדיקער פּריצישער הויף.

— פון וואַנען האָט איר דאָס גענומען?

— געהערט פון חברים. נישט גוט?

— ניין, ניין. פאַרקערט, זייער גוט. באַהאַלט אייער טראַנספּע־ראַנט, חבר, איר טוט די איינציקע נוצלעכע אַרבעט, וואָס מען קאָן איצט טון, — האָט רישקאָוו געריימט דעם זעלנער.

דערווייל זענען אין דרויסן, אויפן רויטן פּלאַץ, געפאַלן די ערשטע קרבנות פון בירגער־קריג.

די „דווינסקער" זענען געווען אַ גרופּע באָלשעוויסטישע סאָלדאַטן, וואָס מען האָט אין קערענסקיס צייטן אַרעסטירט אויפן פראָנט און גע־בראַכט קיין מאָסקווע. דאָ האָבן זיי דורך אַ הונגער־שטרייק און דורך דער אינטערווענץ פון סאָלדאַטן־ראַטן זיך באַפרייט פון דער בוטירקער טורמע. איצט האָבן זיי זיך געלאָזט, אַ מאַן דריי הונדערט שטאַרק, פון זייער קאַזאַרמע, מיטן געווער אין האַנט, צו הילף דעם רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט אין גובערנאַטאָרס הויז. אויפן רויטן פּלאַץ זענען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון יונקערשע אָפּטיילונגען, וואָס זענען געווען באַהאַלטן אין די צעין טורעמלעך פון דער קרעמלער וואַנט. די „ווייסע" אָפיצירן האָבן אָנגעהויבן אויף זיי צו שיסן פון אַלע זייטן. די סאָלדאַטן האָבן נישט געהאַט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פון די קוילן. צענדליקער זענען איבערגעבליבן אויפן אָרט אונטערן מויער פון דער קרעמלער וואַנט. די איבעריקע האָבן געכאַפּט זייערע פאַרוווּנדעטע חברים אויף די פּליי־צעס, און אויך זייער קאָמאַנדיר סאַפּראָנאָוו, וועלכער איז צעשטאָכן גע־וואָרן פון די „ווייסע" שטיקן און מיט די ביקסן אין די הענט זיך דורכ־

געשלאָגן אַ בלוטיקן וועג דורך די „ווייסע" פּאַטרולן צום סקאָבעלעוו־פּלאַץ, אין גובערנאַטאָרס הויז.

פאַרצווייפלטע האָבן די אַנטרונענע סאָלדאַטן אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט זייערע ביקסן אין טויער פון גובערנאַטאָרס הויז. דערינען האָט מען געמיינט, אַז דאָס זענען קאָזאַקן, ווייסע גוואַרדיסטן, און נישט גע־וואָלט זיי אַריינלאָזן.

אַז מען האָט אָנגעזאָגט דעם חבר רישקאָוו, אַז „ווייסע קאָזאַקן" קלאַפּן אין טויער, אַז דאָס קומט מען שוין נעמען דעם „רעוואָלוציאָ־נערן קריגס־קאָמיטעט" — האָט ער אָנגעהויבן זיי אויסצולאַכן.

— וואָס פאַרא קאָזאַקן, זשאַנדאַרמען? ווי וועלן זיי דאָס וואַגן? דאָס זענען אונדזערע. הוראַ! מען הייבט אָן צו קומען! — האָט ער אויסגעשריגן מיט פרייד און איז אַראָפּ אַליין עפענען דעם טויער פאַר די „דווינסקער".

די „דווינסקער" האָבן אַריינגעשלעפּט זייערע פאַרוווּנדעטע חברים אויף די פּלייצעס, פון וועלכע פילע זענען אויפן וועג אויסגעגאַנגען, אין גרויסן זאַל אַריין און זיי אויסגעלייגט אויף די טישן.

מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן דעם שטורעם פון אויפרעגונג און פאַרצווייפלטער קאַמפּס־לוסט, וואָס עס האָט אַרויסגערופן ביים עולם אין גובערנאַטאָרס הויז דער אָנבליק פון ערשטן פאַרגאָסענעם זעלנערשן בלוט. די ווייבער, חברטע איזמאַילאָווע, זאָשקע און די אַנדערע, האָבן זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין „שוועסטער". מען האָט פון ערגעץ־ווו גע־קראָגן באַנדאַזשן, געשלעפּט פון דער קיך געקאָכט וואַסער. עס האָט זיך געפונען אַ זעלנערשער פעלדשער, וואָס האָט פאַרבונדן די פאַרוווּנדעטע. מען האָט זיי אויך באַלד אַוועקגעטראָגן אין אַ באַזונדער צימער, וואָס מען האָט אויף גיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין האָספּיטאַל. איבערגעבליבן ליגן אויף די טישן זענען די אויסגעגאַנגענע און דער קאָמאַנדיר פון די „דווינסקער", חבר סאַפּראָנאָוו, אַ צעשטאָכענער, ווי אַ דורכגעלעכער־טער אָנגעפּוילטער זאַק. ער איז געלעגן מיט זיינע פאַרבלוטיקטע שטיוול אויסגעצויגן איבער אַ טיש.

פונעם גאַנצן גרויסן הויז האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען אין זאַל סאָלדאַטן, אַרבעטער, רויטע גוואַרדיסטן, אינטעליגענטן, חברים, וואָס באַלאַנגען צו פאַרשידענע קאָמיטעטן און זענען געווען פאַרנומען אויף

פאַרזאַמלונגען אין די אויבערשטע שטאָקן. אויף אַלע פּנימער האָט זיך געזאַמלט אַ שטורעם, אַ שטילער שרייענדיקער שטורעם. דער אָנבליק פון פאַרגאָסענעם זעלנערשן בלוט האָט געפאָדערט נקמה באַלד אויפן אָרט, כאָטש מיט די בלויזע בריסטן זיך צו וואַרפן אין שלאַכט.

די סאָלדאַטן זענען געשטאַנען אין די ווינקלען מיט די ביקסן אין די הענט. זייערע פּנימער זענען געווען שוואַרץ, די מיילער פאַרקרימט. אַלע האָבן געשוויגן, געקוקט אויף רישקאָוון — און געוואַרט.

רישקאָוו איז אָבער געשטאַנען אַ בלייכער אונטער אַ וואַנט־לאָמפּ, געביסן זיך די נעגל פון די קורצע הענט — און געשוויגן.

חברטע איזמאַילאָווע, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער ערד, האָט זיך מיט אירע העלפּעריגס ביי עפּעס געפּאָרעט. אַז עס איז איר אויסגעקומען צו גיין פאַרביי רישקאָוון, האָט זי אויף אים געוואָרפן אַ בליק פון אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן:

— נו, וואָס וועט איר איצט זאָגן, חבר? — האָט זיך געדאַכט, אַז זי זאָגט מער מיט איר בליק ווי מיט איר שטילן מויל.

— וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט רישקאָוו גערעדט הויך, אַזוי אַז אַלע זאָלן הערן. — זיי ווילן אונדז פּראָוואָצירן, כדי זיי זאָלן קאָנען צעיאָגן דעם „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט". און מיר וועלן זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן. מיר וועלן אָננעמען דעם קריג, ווען ער וועט זיין אונדז באַקוועם, נישט אונדזערע שונאים.

פון די ווינקלען האָט מען אויף רישקאָוון געוואָרפן בייזע, אומפאַרשטענדלעכע בליקן. ער האָט זיי געזען, די דאָזיקע בליקן, געזען ווי עס האָבן זיך אָנגעצונדן פייערלעך אין די זעלנערישע אויגן פון די שוואַרצע פּנימער אַרום.

חברים, מיר מוזן זיך באַרואיקן, — האָט רישקאָוו געשריגן, — מיר האָבן נישט מיט וואָס אָנצופירן דעם קאַמף, מיר האָבן נישט קיין איין האַרמאַט.

אָבער ווי אַזוי זאָל מען זיך באַרואיקן, אַז דאָ ליגן די געמאָרדעטע זעלנער, אויסגעווייגדיקטע, מיט פאַרוואַקסענע גאָמבעס, און שטאַרצן־אַרויס, רחמנות־בעטנדיק, זייערע ציינער פון די אויפגעפּראַלטע ליפּן? דאָ ליגן זיי, שטייפע, ווי סטרונעס אויסגעצויגענע, די הענט פאַרשפּרייט. ווי פאָדערנדיק, בעטנדיק נקמה. אין זייערע טויט־פאַרכאַפּטע פּנימער

איז נאָך פאַרשטיינערט געוואָרן דער רעוואָלוציאָנערער ענטוזיאַזם, מיט וועלכן זיי האָבן זיך געגנבעט ביי דער קרעמלער וואַנט דורך דעם רויטן פּלאַץ. עס איז נאָך געווען דער פאַרביסענער, עקשנותדיקער ווילן, וואָס איז געווען אויף זייערע פּנימער, ווען עס האָט זיי די קויל געטראָפן. זייע־רע שטייפע, פאַרהאַרטעוועטע לייבער זענען ווי פענער, וואָס פלאַקערן און מאָנען דעם קאַמף.

דאָ־און־דאָרט אַנטבלויזט זיך פון אַן אויפגעריסענעם מונדיר אַ האָריקע, מענלעכע ברוסט אַרויס, יונג נאָך און פליישיק, לעבעדיק, ווייסע לעבעדיקע הויט און בלוט פאַרטריקנט צוזאַמען מיטן אָנטועכץ, מיטן זעלנערשן העמד. ווי קאָן מען זיין רואיק, אַז זיי ליגן אַזוי אָפן, ווי שרייענדיק און פאָדערנדיק נקמה?!

— צונעמען! צונעמען! — האָט רישקאָוו עפּעס געברומט צווישן די ציין.

אין אַ גרופּקע האָבן זיך געזאַמלט זעלנער און ציווילע, מענער און ווייבער. ווייבערשע קעפּ. רישקאָוו זעט, ווי חברטע סאָפיע קריכט אויף אַ שטול, וויל עפּעס זאָגן. חבר רישקאָוו גיט זיך אַ ריס־אַרויס פון זיין ווינקל און שניידט־אָפּ שאַרף:

— קיין רעדעס! חברים, טראָגט־אַרויס די קרבנות פון דער רעוואָ־לוציע אין די מאַגאַזינען, דעקט זיי צו. די רעוואָלוציע וועט וויסן, ווי אַזוי צו ערן זייער אָנדענק.

אין אויפגערעגטן עולם האָט געהערשט אַ שטילקייט, אַזוי ווי עס וואָלט זיי אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון. קיין האַנט האָט זיך נישט גע־רירט אויסצופירן דעם פירערס באַפעל.

— חברים, פאַרשטייט איר דען נישט? דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע פון די „ווייסע". זיי ווילן אַרויסרופן דעם קאַמף איצט, מיר ווילן אויפ־נעמען דעם קאַמף, ווען פאַר אונדז וועט ער זיין באַקוועם. נישט פאַר די שונאים פון דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע מוז געווינען צייט, צייט, און נאָך אַמאָל צייט.

פּלוצים האָט זיך פונעם מאַרמאָרענעם באַלקאָן, וואָס איז געווען אין זאַל, פון וועלכן עס פלעגט זיך אין די גובערנאַטאָר־צייטן הערן פריי־לעכע מוזיק אויף די בעלער, דערהערט אַ שרעקלעך יאָמערן, אַזאַ מין

קלאָגן, אַזוי ווי עס וואָלט אויבן אַ פּולק קלאָג־ווייבער געזעסן, און אַלע וואָלטן מיט יללות צום הימל געשריגן:

— זעלנערס בלוט האָט זיך געגאָסן, זיי האָבן אונדזערע געטויט.

אַלע האָבן געהויבן די קעפּ צום געזימס פון באַלקאָן:

— ווער קלאָגט דאָס?

ס׳איז געווען די חברטע מאַסלאָווע, וואָס האָט זיך, די גוטע יאָרן זוייסן ווי אַזוי, אַרויסבאַקומען אויפן באַלקאָן און שלאָגט איר פויערשן קאָפּ, באַשאָטן מיט האָר, וואָס האָבן זיך באַפרייט פונעם רויטן טיכל, אין דער מאַרמאָרענער וואַנט, און שרייט מיט אַן אוממענטשלעכער שטימע, ווי מען וואָלט זי ביים האַלדז געשטיקט:

— זעלנערשע בלוט האָט זיך געגאָסן, זיי האָבן אונדזערע געטויט!

חברטע מאַסלאָווע איז געווען אַ פּראָסטע דאָרפישע שיקסע, וועלכע האָט אָבער שוין געמוזט זיין אַ היבש ביסל צייט מיט סאָלדאַטן, וואָרים פון איר דאָרפישקייט איז איבערגעבליבן נאָר דאָס רויטע טיכל, וואָס זי האָט איצט געריסן פון קאָפּ. אַלע אירע איבריקע קליידער זענען געווען זעלנערשע. זי האָט געטראָגן אַ זעלנערשן לאַנגן אַראָפּפאַלנדיקן שינעל, אַ פּאָר שטיוול אויף די פיס און אַ רעוואָלווער־שנור איבערן האַלדז.

קיינער האָט נישט געוווסט, פון וואַנען חברטע מאַסלאָווע האָט זיך גענומען. זי איז אָנגעקומען אין גובערנאַטאָרישן הויז באַלד אין די ערשטע צייטן, מיט ווילדע סאָלדאַטן, און אַזוי איז זי שוין דאָרט פאַרבליבן. זי האָט געקראָגן איר „פּאַיאָק”, איר טייל ברויט, און אַ ביקס, וועלכע די סאָלדאַטן האָבן זי געלערנט רייניקן. זיי האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ חבר גלייך מיט אַלעמען. פאַרשטייט זיך, אַז חברטע מאַסלאָווע איז פון ערשטן אויגנבליק געווען אַ באָלשעוויטשקע.

איר געיאָמער האָט אָנגעשטעקט די אַנדערע ווייבער און דענערווירט די סאָלדאַטן. מען האָט אָנגעהויבן צו איר רופן פון אַלע זייטן:

— נו, גענוג, חברטע מאַסלאָווע.

אָבער חברטע מאַסלאָוועס געוויין איז נישט געווען קיין געוויין. ס׳איז געווען אַ יאָמערן פון אַ געפּייניקטער, אומבאַהאָלפענער חיה. איר מרוטשנדיקע שרעקלעכע שטימע, איר קלאַפּן זיך דעם קאָפּ אָן דער וואַנט האָט ווי פייערדיקער עטער אַריינגעדרונגען אין מענטשלעכן בלוט און דאָרט אויפגעוועקט די מענטשלעכע אוממיטלבאַרע אינסטינקטן. דאָס

נקמה־געפיל פון די סאָלדאטן האָט זיך געקאָרטשעט אונטער חברטע מאָס־לאָוועס געשרייען.

איר שטימע איז געוואָרן מיט אמאָל טעמפּ־הייזעריק, אזוי ווי מען וואָלט געוועזן געזעגט א דיקן בוים אין א פייכטן באַשאָטנטן וואלד, און האָט זיך געריסן, ווי א קלאָנגנדיקער הונט:

— זעלנערס בלוט האָט זיך געגאָסן, זיי האָבן אונדזערע געטויט!

די זעלנער זענען געשטאַנען מיט אָנגעלאָדענע שווער־פאַרוויכער־טע פּנימער, געבויגן די קעפּ צו דער ערד מיט די אויגן האַלב-פאַרקלעפּט אונטער זייערע שווערע הייטלעך, די נאָזלעכער געריסן אין דער הייך און שווער געאָטעמט. די אָדערן האָבן זיך איבערן גאַנצן לייב אָנגעצויגן, און די גלידער זענען געוואָרן פאַרשטיינערט אין אָנגעשטרענגטע, אָנגע־לאָפענע מוסקלען.

חבר רישקאָוו איז געשטאַנען א בלייכער און נישט געוווסט וואָס צו טון. די אטמאָספערע איז געוואָרן אזוי אָנגעצויגן, אז עס האָט זיך גע־דאכט, אז מען האָט פון דעם דאָזיקן גרויסן זאַל ארויסגעפּאָמפּעט די לופט און אים אָנגעפילט מיט גליענדיקן עטער.

— שטיל, גענוג! נעמט זי צו פון דאַנען! — האָט חבר רישקאָוו געשריגן.

קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, מען איז געשטאַנען אָנגע־כמורעט, פאַרשאָטנט.

און דאָ וועקט דער יאָמער און דאָס געשריי און לאָזט זיך נישט איינשטילן:

— סאָלדאטיש בלוט האָט זיך געגאָסן! אונדזערע!

— נעמט זי צו, וואָרים איך דערשיס זי אויפן אָרט! — האָט חבר רישקאָוו ארויסגענומען זיין רעוואָלווער. — מיר מאַכן רעוואָלוציע — נישט קיין ווייבעריש ספּעקטאַקל. חבר קורטשאָוו, ארעסטירט די חברטע מאַסלאָווע! אז נישט, דערשיס איך זי! — און ער האָט אָנגעשטעלט זיין רעוואָלווער אויף איר.

דער לעטישער סאָלדאט האָט מיט א ווונק באַפוילן. די באַפעלן פּו־נעם פירער האָבן אָנגעהויבן אויסגעפירט צו ווערן:

— נעמט־צו די קרבנות פון דער רעוואָלוציע, איצט איז נישט קיין צייט אויף צו קלאָגן. מיר זענען אין קריג.

די סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן אויסצופירן דעם פירערס באַפעל. אַ נייע דיסציפלין האָט זיך אָנגעהויבן.

## קאַפּיטל 13

# חבר רישקאָוו

חבר רישקאָוו איז אַרויסגעקומען פון אָרימע עלטערן. זיין מוטער איז אים אָפּגעשטאָרבן, ווען ער איז געווען אַ קליין קינד. דער פאָטער, אַן „איזוואָשטשיק" אין מאָסקווע, האָט נישט געהאַט ביי וועמען איבערצולאָזן דעם יתום, פלעגט ער אים אַ גאַנצן טאָג מיטפירן אויפן וואָגן. ביי־נאַכט איז ער געלעגן מיט אים צוזאַמען אין שטאַל אויפן שטרוי. און די צערטלעכע וואַרימקייט, וואָס רישקאָוו פלעגט געניסן אין די קינדישע יאָרן ביי דער האָריקער פאָטערישער ברוסט, אויפן שטרוי־זאַק, האָט אים באַגלייט דורך זיין שטורמיש לעבן. דורך זיינע יינגלישע יאָרן האָט ער זיך דורכגעביסן, ווי אַ קליין חיהלע, אין שטענדיקן קאַמף מיט די גאַסן־יונגען, און אין זיינע דערוואַקסענע יאָרן — ווי אַ שטאַרקע חיה אין וואַלד, אין געראַנגל מיט די גרויסע.

דורך די אַלע יאָרן פון נויט און קאַמף האָט אים באַגלייט דאָס געזיכט פון זיין פאָטער.

ער זעט עס יעדעס מאָל, ווען ער פאַרמאַכט די אויגן, דאָס פּויערשע, גאַאיווע פּנים מיט די גוטע מענטשלעכע אויגן צווישן די טיפע קנייטשן אין דער אַלטער לעדערנער פּנים־הויט, — די קנייטשן, וועלכע די מאָסקווער שניי־זאַווערוכעס, די מאָסקווער פרעסט האָבן ווי מיט אַ דלאָטע אויסגעהאַמערט אין אַ קיזלשטיין. ער זעט דאָס שפּיציקע קאָזע־בערדל אויף דעם עק גאָמבע, וואָס באַוועגט זיך צוזאַמען מיט דער שטייפער, פאַרהאַרטעוועטער ברוסט, ווען דער פאָטער רעדט. ער זעט דעם אָדערן־ציענדיקן האַלדז פונעם „איזוואָשטשיקס" העמד אַרויס, און די בלויע, אָדערן־געשוואָלענע הענט, ווען ער הילט אים מיט דער „וואָליאַק"־שמאַטע צו ביי זיך אויפן „איזוואָשטשיקס" געזעס. ער זעט די האָריק־קנאָכיקע ברוסט, וואָס טוליעט אים צו צו זיך ביינאַכט אויפן שטאַל־געלעגער.

א ווארימקייט גייט ביזן היינטיקן טאָג דורך דורך רישקאָווס שטאַרקע ביינער, ווען ער מאַכט די אויגן צו...

די גאַס איז געווען זיין היים. זיין פאָטערס פּנים — זיין וואכנ־דיק מוטער־אויג.

עס איז געווען דאָס דאָזיקע פּנים, וואָס האָט אים אַרויסגעשלעפּט און אויפגעהויבן פון דער גאַס — ווו ער וואָלט אוודאי שוין פאַרפאַלן געוואָרן — און אים געגעבן א ווילן, א שטרעבן צו עפּעס בעסערס.

די אַמביציע האָט אים געבראַכט אין אַ גומ־פאַבריק, ווו די רייכע קלעפּ און דאָס אָרימע ברויט האָבן אים אויסגעלערנט נישט צו האָבן קיין מורא פאַר ברענענדיק פייער. ער האָט געלערנט, ווי אַזוי מען קאָן אָננעמען מיט נאַקעטע הענט גליענדיק אייזן און אויסהאַלטן א שפּריץ פון אייזן־פונקען אין נאַקעטן פּנים אַריין. שפּעטער איז עס געווען דער אָנדענק פון פאָטער, וואָס האָט אים געבראַכט אין א רעוואָלוציאָנערן קרייז. ער האָט פלייסיק געלערנט לעזן און שרייבן. זיין איינגעבוירענע אינטעליגענץ, זיין שטרעבן עפּעס צו ווערן, זיין אויסגעהאַמערטער ווילן, זיינע מיט פייער געפּרוווטע הענט, זיין אומבאַגרענעצטע ליבע צום קלאַס, פון וועלכן זיין פאָטער און ער קומען, האָבן אים געמאַכט פאַר א פירנ־דיקן גייסט אין דער פּאַרטיי און אַוועקגעשטעלט דאָרטן, ווו ער שטייט.

פון דיביידע קוואַלן, פון דער גאַס און פון זיין פאָטערס פּנים, האָט ער געשעפּט די כוחות.

פון דער גאַס האָט ער מיטגעבראַכט א חיהשע זעלבשטענדיקייט און אומאָפּהענגיקייט אין זיין טון און טראַכטן; פון זיין אומרחמנותדי־קער קינדהייט — א הפקרותדיקע גרייטקייט אויף אַלץ, צו קיינעם און פאַר גאָרנישט צו זיין דאַנקבאַר. עס איז אָבער געווען דעם פאָטערס גע־זיכט, דער רירנדיקער אָנדענק אין אים, וואָס האָט אים געבונדן מיט מוטערלעכע געפילן און געגעבן א ריכטונג צו זיין שטרעבן, אויסצונוצן זיינע כוחות און איינגעשפּאַנט פאַר איין זאַך, פאַר דער זאַך פון זיין פאָ־טערס קלאַס.

פון דער גאַס האָט ער מיטגעבראַכט א האַס צו אַלע, וואָס האָבן געהאַט א היימישע ווארימקייט אין זייער קינדהייט. אינטעליגענטן האָט ער פיינט געהאַט, און נאָך מער די, וואָס האָבן זיך מיטגעשלעפּט נאָך דער רעוואָלוציע נישט אויס נויט, נאָר אויס וויל־מענטשלעכקייט. יעדעס

מאָל, ווען ער האָט זיך אין זיין פּארטיי־טעטיקייט אָנגעשטויסן אויף איג־טעליגענטן, וואָס זענען געקומען מיט ווארימע הענטשקעלעך צו דער רע־וואָלוציע, האָט אים ארומגענומען אַן אומקאָנטראָלירבארער כעס. אמ־בעסטן וואָלט ער זיי די קעפּ אָפּגעדרייט און ארויסגעוואָרפן.

ער האָט באטראַכט דאָס לעבן ווי אַ נאַקעטע נויטווענדיקייט: עס איז נישטאָ קיין העלדישקייט, עס איז נישטאָ קיין מוט, עס איז נישטאָ קיין אידעאַליזם, קיין רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק; עס איז דאָ נויטווענ־דיקייט, און דאָס נויטווענדיקע דאַרף מען טון. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ווייב און קינד, נאָר דעם אָרימען פּראָלעטאריאַט, פון וועלכן ער איז געקומען. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער מוטער, נאָר די נויט און די אָרימקייט. מיט דער זעלבער ליבע, מיט וועלכער ער האָט גע־ליבט זיין פאָטערס פּנים, מיט דער זעלבער רירעוודיקייט, וואָס ער וואָלט איצט אָנגענומען זיין פאָטערס אָרימען פעלצענעם ארבל, וועל־כער האָט אים געהאַלדזט און געוואָרימט אַלס קינד אין די פראָסטיקע זאַ־ווערוכעס פון די מאָסקווער גאַסן, — מיט דער זעלבער צערטלעכער רי־רעוודיקייט האָט ער ליב־געהאַט די אָרימקייט, די גאַס, דעם פּראָלע־טאריאַט. ער האָט זיך פאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט זיין ציל פאַר אים צו דערגרייכן.

אַ קעגנזאַץ צו אים איז געווען חברטע איזמאַילאָווע.

זי איז געקומען צו דער רעוואָלוציע נישט צוליב נויטווענדיקייט, נאָר אויס אידעאַליזם און ראָמאַנטיק. אַליין אַ וווילגעבוירענע, פון פרי־צישע עלטערן, האָט זי זיך נאָך פון אירע פּאַנסיאָן־יאָרן אוועקגעשענקט דער רעוואָלוציע, ווי אַ מאָנאַשקע אין אַ קלויסטער אריין. און זי האָט באַהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג איר הייליק־רעוואָלוציאָנער שוועסטער־פּנים. צוערשט איז זי געגאַנגען צו די ראָמאַנטישע „עסערן", זיך אָנ־געשלאָסן צו די טעראָריסטן, איבערגעפירט דינאַמיט פון איין אָרט צום אַנדערן, געשטאַנען אויף די געפערלעכסטע פּאָסטנס.

פאַר איר איז די רעוואָלוציע געווען אַ געטלעכקייט, איר טעטי־קייט — אַ רעליגיעזע דינסט. רעוואָלוציע האָט איר מאָראַל, איר עטיק, איר ראָמאַנטישע אויסגעהאַלטענע ליניע, — אַ משל פאַר דורות, אַ דער־ציאונגס־צוועק פאַר זיך אַליין.

די חברים רעוואָלוציאָנערן־טעראָריסטן האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ

הייליקע, געקומען זיך צו איר מתוודה זיין, שעפן ווארימקייט און באַגייסטערונג. נאָך דעם פינפטן יאָר, ווען די פּאַרטיי האָט נאָך דער קאָנספּיראַציע אָפּגעשטעלט דעם טעראָר, האָט זי זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד: „פּאַרוואָס מען טויט־אָפּ די נשמה פון דער רעוואָלוציע". זי האָט שטענדיק זיך געפונען דאָרט, וווּ עס איז צום געפערלעכסטן. האָט זי אינגאַנצן פאַרלאָזט די „עסערן", — זיי זענען געוואָרן איר צו כשר, — און זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם לינקסטן פליגל פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אָן די באָלשעוויקעס.

צווישן די ביידע, צווישן רישקאָוון און דער חברטע איזמאַילאָווע, זענען שוין לאַנג אָנגעגאַנגען רייבונגען, וואָס זענען געווען פאַרדעקט מיטן גלאַנץ פונעם גרויסן מאָמענט. מען האָט עס געשטיקט און געהאַלטן אין זיך.

יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן זיך געטראָפן, האָט מען געפילט, ווי צוויי קעגנזייטיקע שטראָמען שלאָגן זיך אָן. מען האָט עס געפּרוווט אויסמיידן. נאָר דאָ, אינעם „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט", זענען די דיפערענצירונגען צווישן די ביידע געקומען אין אָן אָפענעם קאָנפליקט.

עס איז איר נישט געפעלן געווען חבר רישקאָווס האַנדלען, זיין כיטרעווען, זיין אונטערהאַנדלען מיטן צווייטן צד, כדי צו געווינען צייט. זי האָט צו אים געהאַט צוטרוי, ווי יעדער איינער, וואָס די שטאַרקע פּערזענלעכקייט זיינע האָט גערופן צו זיך. אָבער זי האָט אים געהאַלטן פאַר נישט־דערוואַקסן צום גרויסן מאָמענט.

דער קאָנפליקט איז אַרויסגעשפּרונגען אין זיין גאַנצער שאַרפקייט אויף דער זיצונג פון „אויספיר־קאָמיטעט", וואָס מען האָט פאַררופן נאָכן אינצידענט מיט די „דווינסקער".

צוליב דער געפערלעכקייט פון די פּאַלנדיקע קוילן איז די זיצונג אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ הינטער־שטיבל, אין דער נידער. נאָר דער „אויספיר־קאָמיטעט" זיצט שוין אַ היפּשע ווייל, און קיינער נעמט נישט קיין וואָרט. דער אינטעליגענט מיטן פּראָפעסאָרישן פּנים ליגט איינגעקאָרטשעט אין דרייען אויף אַ קאַנאַפּע. די קרעמפּן אין מאָגן האָבן זיך ווידער ביי אים געשטאַרקט. ער זוכט זיך צו שטילן דיליידן דורך דעם, וואָס ער האַלט זיך פאַרן בויך מיט אַ גרויס שמוציק זיידן קישן, וועלכעס מען האָט געפונען אויף אַ קאַנאַפּע. דער גוטער אַלטיטשקער, מיטן זיידע־

פנים, זיצט אויפן ראַנד פון דער קאַנאַפּע, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נישט פאַרגינען טיפער און באַקוועמער צו זיצן אין דער שלעכטער צייט. חברטע איזמאַילאָווע, אַ פּלאַמענדיקע, האָט כשר־פרום אַראָפּגעלאָזט איר שיינעם קאָפּ צו אירע קני. זי לענט־אָן איר אינטעליגענטיש פנים אויף אירע הענט און שווייגט פאַרטראַכט. דער לעטישער סאָלדאַט שטייט ווי אַ סטרונע אָנגעצויגן. זיין פנים איז נאָך מער פאַרמרהשחורהט, דאָסמאָל איינגאַנצן באַדעקט פון זיינע אַראָפּפאַלנדיקע וואָנסעס, און די גרויע אויגן קוקן גראָדליניק אויף איין פונקט, ווי ער וואָלט פון דעם ווינקל געוואָלט באַשייד שעפּן. דאָס זעלבע טוט דער אָנפירער פונעם „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט״, חבר רישקאָוו.

ער האַלט זיין שטאַרקע פעסטע האַנט פאַר זיך, קוקט אויף זיינע קורצע פינגער, נאָך מער — אויף זיינע טיף־אָפּגעשניטענע נעגל. און מען זעט, ווי עס אַרבעט זיין געהירן אין דעם גרויסן קופּערנעם קאָפּ. ווי די בלויע אָדערן אין זיין ברייט־ראַנדיקן שטערן און זיינע שלייפן קרייזן און שלענגלען זיך.

אָנגעלענט אויף אַ מאַרמאָר פון אַ שפּיגל שטייט אַ יונגער מענטש מיט אַ טראַציק שנצדיק פנים און האַלט אין איין רעדן, אַז בחינם האָט מען די כוחות צעשיקט אויף אַלע פיר ווינטן. ווען מען האָט איצט די פּאָר שיס־מאַשינען און די סאָלדאַטן, וואָלטן זיי אונדז מיט ליידיקע הענט נישט גענומען.

קיינער הערט זיך נישט איין צו זיינע ווערטער, חבר רישקאָוו קוקט אויף זיינע קורצע פינגער, און זיי דערמאָנען אים עפּעס.

יעדעס מאָל, ווען ער איז אין סכנה, קוקט ער אויף זיינע פינגער, און זיי דערמאָנען אים אין דעם, וואָס ער האָט אַמאָל געטון, ווען ער איז געווען אין אַ סכנה, און וואָס מען דאַרף טון.

דאָסמאָל דערוועקן די פינגער אין אים אויך יענע צייט, ווען ער איז אין די צאַרישע צייטן, מיט אַ פּאַס אויף אַ פאַלשן נאָמען, פאַרהאַלטן געוואָרן ביי דער גרענעץ. דער זשאַנדאַרמסקי־אָפיציר האָט אים איבער־געגעבן צו אַ וואַך פון צוויי סאָלדאַטן, ביז עס וועט אָנקומען אַן ענט־פער פון דער הויפּטשטאָט, אויב דער פּאַס אויפן נאָמען אַנטאָנאָוו איז אַ ריכטיקער. ער האָט געוווּסט, אַז דער ענטפער איז אַ זיכערער טויט, אָדער אייביקע קאַטאָרגע. ווי ער איז אַזוי געזעסן אין וואַך־שטיבל מיט

די סאָלדאַטן, איז אים איינגעפאַלן די סאָלדאַטן אין אַ באָרדעל צו פאַרפירן.

— חברים, איז גאָר נישטאָ אין דעם פאַרשאָלטענעם אָרט עפּעס אַ פריילעך הייזל, ווו מען קאָן פאַרברענגען אנגענעם אַ שעה? — האָט ער געפרעגט די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָבן, אָנגעשטעקט פון חשק, אים געפירט אהין. און ווען איינער איז פאַרשווונדן מיט אַ נקבה, האָט רישקאָוו דעם צווייטן דעם פּיסק פאַרבונדן. ווען ער האָט זיך מיט אים אָנגעהויבן צו ראַנגלען, האָט ער אים מיט די פינגער דערשטיקט און איז פאַרשווונדן. געוויס איז אים געווען אַ רחמנות אויף דעם זעלנער. וואָס איז דער אָרימער זעלנער שולדיק? נאָר וואָס קאָן ער זיך העלפן? מען טוט ניטט דאָס, וואָס מען וויל, נאָר דאָס, וואָס מען מוז.

פון דענסטמאָל אָן האָט ער די טבע זיך צו בייסן די נעגל. ער בייסט זיי, ווען ער קלערט, ביז צו בלוט. און ער דערמאָנט זיך די סצענע מיט דעם דערוואָרגענעם זעלנער.

דאָסמאָל דערמאָנען אים די נעגל אָן דער דעמאָלדיקער סיטואַציע. ער געפינט זיך אין אַ נויט, ווי דענסטמאָל, און מען וועט דאַרפן אַזוי האַנדלען, ווי דענסטמאָל.

— געוויס איז אַ רחמנות אויפן זעלנער, — לייגט ער צו אין זיין געדאַנק, — אָבער וואָס קאָן מען טון?

און ער טראַכט, זאָגנדיק, ווי צו זיך אַליין, הויך צו דער פאַרזאַמלונג:

— מען וועט זיי דאַרפן פאַרנאַרן אין באָרדעל.

און ווען דער עולם קוקט אים אָן פאַרוווּנדערט און דערשטוינט, און חברטע איזמאַילאָווע לאָזט אַראָפּ נאָך טיפער צו אירע קני איר שיינעם כשר־פרומען קאָפּ, ווערט חבר רישקאָוו רויט פאַרן ארויסגעזאָגטן גראָבן וואָרט און דערקלערט:

— מען וועט דאַרפן ארויסרופן די מענשעוויקעס, אַז זיי זאָלן זיך אין אַ שלום ארייגלייגן.

און אַז די חברים פאַרשטייען אים נישט, קוקן אים אָן פאַרווּנדערט און פאַרפרעמדט, דערקלערט ער ווייטער:

— פּשוט, מיר האָבן נישט מיט וואָס זיך צו שלאָגן. זיי קאָנען יעדן אויגנבליק נעמען דעם גובערנאַטאָרס הויז. זיי טוען עס נישט דערפאַר,

ווייל די לינקע ביי זיי לאָזן זיי נישט אָנגרייפן. דארפן מיר דאָס אויס־נוצן. מען דארף מיט זיי קאָקעטירן. מיר מוזן אַלצדינג טון אָפּצוטויטן די איניציאַטיוו ביי זיי, פּאַראַליזירן זייער טעטיקייט, אַרויסרופן אַ שפּאַלטונג אין זייער לאַגער. צו דעם צוועק וועלן מיר דארפן אַרויסרופן דורכן טעלעפאָן די מענשעוויקעס. זאָלן זיי זיך אַריינלייגן אין שלום, אָפּצושטעלן דעם בירגער־קריג און אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען וועגן שאַפן אַ בשותפותדיקן „אויספיר־קאָמיטעט”, אונטער וועמענס קאָנ־טראָל עס זאָל שטיין די שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן דארפן אַלצדינג טון, כדי צו פאַרציען די אונטערהאַנדלונגען, ביז עס וועט זיך אויפקלערן די סיטואַציע אין דער הויפּטשטאָט, ווי מיר האַלטן דאָרטן. און דערווייל נישט אָפּשטעלן די אַרבעט, פאַרקערט, זען צו זאַמלען די פּראָלעטאַרישע כּוחות, אַרויסרופן אַן אַלגעמיינעם שטרייק, אָפּשטעלן די פאַבריקן, זען די אַרבעטער אַרויסצובאַקומען, אַרויסשיקן אַגיטאַטאָרן. אפשר וועט דורך דער צייט חבר סמירנאָוו קומען מיט אונדזערע אַרטי־לעריסטן. די אַרבעטער וועלן זיך זאַמלען אין די ראַיאָנען. אַז עס וועט קלאָר ווערן, וואָס עס טוט זיך אונטער פּעטראָגראַד, וועט די שטאָט אַליין אַריינפאַלן אין אונדזערע הענט. די פּעטערבורגער חברים וועלן אונדז צושיקן הילף. מיט איין וואָרט — מיר מוזן אַרבעטן אויף ביידע פראָנטן: רעדן וועגן שלום און זאַמלען אונדזערע כּוחות, ביז מיר וועלן זיין גרייט. דאָס קענען די מענשעוויקעס גאַנץ גוט דורכפירן. מען דארף נאָר וויסן, ווי אַזוי צו ציען זיי ביים שניירל.

די דאָזיקע רייד האָבן אַרויסגערופן דעם צאָרן ביי חברטע איזמאַי־לאָווע, וואָס האָט געברענט אין איר נאָך פון דער פריערדיקער סצענע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין גרויסן זאַל. זי האָט געשטיקט אין זיך דעם כעס, ביז זי האָט זיך מער נישט געקאָנט קאָנטראָלירן:

— אַזוי האַנדלען איז נישט ווירדיק פאַר דער רעוואָלוציע! — האָט זי אויסגערופן. — די רעוואָלוציע האָט איר מאָראַל. אַלערערשט זענען מיר מחויב ריין צו האַלטן אונדזער פאָן. מיר קאָנען נישט און טאָרן נישט אַזוי האַנדלען. דאָס וואָלט נישט געווען ווירדיק פאַר אונדזער הייליקער זאַך, פאַר אונדזערע מאַרטירער. קאָנען מיר נישט לעבן ווי רעוואָלוציאָנערן, דארפן מיר שטאַרבן ווי רעוואָלוציאָנערן, — מיט די רעוואָלווערן אין די הענט, מוטיק קעגן פיינט. אויך אונדזער טויט וועט

ברענגען נוצן! עס וועט דינען פאַר אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע! — האָט זי געזאָגט אַ בלייכע, קאָכנדיק זיך פאַר כעס.

נאָר חבר רישקאָוו האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט פאַסן. ער האָט געביסן זיינע נעגל טיף ביז צום בלוט, אויסגעשפּיגן און אויסגעשריגן:

— וואָס מיר מאָראַל?! צום טייוול מיט אייער מאָראַל! ווו זענען מיר, אין אַ מיידלשן פּענסיאָן? נאָר בורזשועס קאָנען זיך פאַרגינען אַזאַ לוקסוס. וואָס איז רעוואָלוציע? אַן אָפּגאָט? צום טייוול! איך דאַרף נישט קיין רעוואָלוציע פאַר אַ פּעטיש. דאָס וואָס איך דאַרף, איז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, די מאַכט אין אונדזערע הענט, אַז מיר זאָלן קאָנטראָלירן דאָס לעבן. און עס איז מיר גאַנץ גלייכגילטיק, אויף וועלכע וועגן מיר וועלן עס דערגרייכן. דאַרף מען הרגענען מענטשן, וועט מען הרגענען מענטשן, דאַרף מען כיטרעוועז — וועט מען כיטרעוועז. וואָס. צי זענען מיר אַ באַנדע אינטעליגענטע ראָמאַנטיקער, וואָס ווילן מאַכן טעראָריסטישע אַקטן, כדי צו באַווייזן, אַז זיי האָבן מוט? צום טייוול מיט אייער מוט! מיר זענען נישט קיין ווייסע אָפּיצירן, קיין „עסערן". מיר זענען געשמיסענע פּראָלעטאַריער. די גאַס איז אונדזער היים. אונדזער לייב איז נאַקעט און שמוציק. אונדזערע הענט זענען גראָב. מיר האָבן נישט פאַר וועמען זיך שיין צו מאַכן, אויסצופּיינען זיך. ווען מיר קאָנען קריגן די מאַכט דורך מוט, וועלן מיר באַווייזן מוט. ווען מיר קאָנען באַקומען די מאַכט דורך כיטרעוועז, זענען מיר פּחדנים. ווער עס וויל ראָמאַנטישע רעוואָלוציע— זאָל גיין אין שטאָט-דומע! זיין אָרט איז נישט דאָ, צווישן אונדז. מיר ווילן די מאַכט, כדי מיר זאָלן קאָנען זיי ביים גאָרגל אָנכאַפּן. און עס איז אונדז גאַנץ גלייך, דורך וועלכן וועג מיר וועלן דאָס דערגרייכן! פאַרשטאַנען?

חבר רישקאָוו האָט אויסגעשפּיגן און איז געבליבן זיצן. דער עולם איז געוואָרן בלייך און שטיל. די אינטעליגענטן האָבן געבויגן די קעפּ צו דער ערד, צוזאַמען מיט חברטע איזמאַילאָווע. די שוואַרצע טשופּריינעס האָר האָבן זיך באַוועגן, ווי ציטערדיקע קעפּ אויף הענער. די פּענסנע זענען זיי געפאַלן פון די נעזער. אין די אויגן פון די אַרבעטער און סאָלדאַטן אויף דער פאַרזאַמלונג האָט געטליעט אַ פייערל...

דער חבר פאָרזיצער האָט מיט שטום-לשון צוגעטאַקעוועט.

— מיר נעמען זיך צום אָפּשטימען, חברים! — האָט אויסגערופן רישקאָוו, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַרואיקט.

אַלע סאָלדאַטן און אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער פאַרזאַמלונג, האָבן געשטימט פאַרן חבר רישקאָווס פאָרשלאָג: אָנצו־הייבן אונטערהאַנדלונגען דורך די מעגשעוויקעס מיט דער שטאָט־דומע. אַ טייל פון די אינטעליגענטן האָבן מיטגעשטימט פאַרן פאָרשלאַג, פיל האָבן זיך אָפּגעהאַלטן. חברטע איזמאַילאָווע איז געבליבן איינע אַליין — קעגן.

חבר רישקאָוו האָט זיך גלאָזט פאַרבינדן מיט דער שטאָט־דומע און אַרויסגערופן דורך דעם טעלעפאָן דעם חבר אַנאַטאָל.

— חבר אַנאַטאָל, אויפן רויטן פּלאַץ האָבן אייערע איצטיקע הברים פאַרגאָסן פּראָלעטאַריש־זעלנעריש בלוט.

פון דער צווייטער זייט האָט מען זיך געוועדט, וואָרום רישקאָווס קול איז געוואָרן שטאַרקער און באַשטימטער.

— יאָ, אייערע חברים! מיט וועמען מען גייט — באַר דעם איז מען פאַראַנטוואָרטלעך. זיי ווילן פּראָוואָצירן דעם בירגער־קריג. איך טו אַלץ מעגלעכעס צוריקצוהאַלטן די אויפגערעגטע „רויטע גוואַרדיסטן", זיך נישט צו לאָזן פּראָוואָצירן. אין נאָמען פון רעוואָלוציאָנערן געוויסן רוף איך אייך אין דער דאָזיקער שווערער מינוט צו טון אַלץ, צו ראַטע־וועז די רעוואָלוציע. די ווייסע אָפיצירן זינגען שוין אויף די גאַסן דעם צאַרישן הימן. באַדענקט זיך, וואָס איר טוט. עס וועט זיין צו שפּעט. מיר לייגן־פאָר באַלד אָפּצושטעלן די מיליטערישע אָפּעראַציעס פון ביידע צדדים, צו שיקן גלייך באַגלויבטע באַפולמעכטיקטע אָנצוהייבן אונטער־האַנדלונגען וועגן שאַפן אַ געמישטן קאָמיטעט, וואָס זאָל שטיין אויסער דער קאָמפּעטענץ פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. צו אים זאָלן אי־בערגיין אַלע מיליטערישע כוחות, די פאַרוואַלטונג פון דער שטאָט, — ביז צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. רעדט זיך דורך מיט אייערע נייע חברים.

פון דער צווייטער זייט האָט מען אים עפּעס אָפּגעענטפערט נישט אַנגענעמס, וואָרום חבר רישקאָוו האָט איינגעקנייטשט זיין הויכן גלאַנ־ציקן שטערן און געשריגן:

— ניין, ניין, דאָס איז נישט גוט. איר טאָרט נישט פאַרלאָזן דעם

„קאָמיטעט פון אַלגעמיינער זיכערקייט". די רעוואָלוציע מוז דאַרט וואָס מער האָבן אירע אייגענע כוחות, כדי אין דעם דאָזיקן אחריותדיקן מאָמענט צו קאָנטראָלירן די ווייסע גוואַרדיסטן, אַז זיי זאָלן נישט פאַרפירן דער טייוול ווייסט וווהין.

ווידער האָט מען פון דער צווייטער זייט עפּעס אָפּגעענטפערט.

— געוויס, געוויס, — רעדט ווייטער חבר רישקאָוו, — איך האָב מיר, חבר, נאָר דערלויבט אייך אויפמערקזאַם צו מאַכן, אַז פאַרן גאַנג פון דער רעוואָלוציע וואָלט נישט געווען ראַטזאַם אייער שריט. איבעריקנס, איר וועט טון ווי איר וועט געפינען פאַר נייטיק.

און צו די חברים האָט ער זיך אָנגערופן נאָכן טעלעפאָן־געשפרעך:

— יעדנפאַלס שפּאַלטן מיר דאָס שפּענדל. די מענשעוויקעס שטעלן דעם פאַרטיידיקונגס-קאָמיטעט אַן אולטימאַטום גלייך אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען, אָפּצושטעלן די מיליטערישע אָפּעראַציעס און שאַפן אַן אויסגלייך־קאָמיטעט, אַז נישט, פאַרלאָזן זיי די שטאָט־דומע. מער דאַרף מען נישט פאַרלויפיק.

## קאַפּיטל 14

# מאָסקווער פייערן

ער האָט געהאַט רעכט, דער חבר רישקאָוו. אַלץ האָבן געטון די „ווייסע": אַלץ האָבן זיי געטון, נאָר דעם גובערנאַטאָרס הויז האָבן זיי נישט גענומען. דעם אַכט און צוואַנציקסטן אָקטאָבער האָט דער קאָמאַנדיר פון „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער זיכערקייט" געקאָנט שטאָלץ אָנקלינגען אין גובערנאַטאָרס הויז: „די שטאָט געפינט זיך אונטער מיין רשות". און ווירקלעך איז עס אַזוי געווען: די יונקערס האָבן באַזעצט די גאַסן, ארומגערינגלט דעם גובערנאַטאָרס הויז מיט אַ קייט פּאַטרולן באַוואָפנט מיט פּולעמיאָטן און אַנדערע געווער, און קיינעם נישט צוגעלאָזט דערצו. זיי האָבן באַזעצט די באַנהויפן, די פּאָסט און טעלעגראַף־סטאַציעס — און ענדלעך האָבן זיי איינגענומען דעם קרעמל. דער באָלשעוויסטישער קאָמאַנדיר פון קרעמל האָט זיך אונטערגעגעבן, כדי אויס־

צומיידן א בחינמדיקע בלוט־פארגיסונג. די יונקערס זענען אריין, האבן ארעסטירט דעם חבר בערזין און דעם גאנצן באלשעוויסטישן קאמיטעט. זיי האבן אפילו צעשאסן די „דווינסקער" אויפן רויטן פלאץ. נאר דאס הויז פון געוועזענעם מאסקווער גענעראל-גובערנאטאר, דעם זיץ פון „רע־וואלוציאנערן קריגס־קאמיטעט" האבן זיי זיך נישט דערוועגט צו בא־זעצן. די רעוואלוציע האט א כישוף־ראד געצויגן ארום דעם הויז און נישט געלאזט זיך דערנענטערן דערצו, וויפל די „ווייסע" יונקערס און די צאריסטישע אפיצירן האבן נישט געברענט פאר חשק צו נעמען דעם גו־בערנאטארס הויז און צו פארטרייבן דעם „רעוואלוציאנערן קריגס־קא־מיטעט".

דער קאמאנדיר פון „קאמיטעט פון געזעלשאפטלעכער זיכערקייט", מיט די לינקע עלעמענטן, וואס האבן זיך געפונען אין קאמיטעט, האבן זיך געשראקן פארן „משפט פון דער געשיכטע", און געהיט דאס הויז, ווי גוטע מלאכים. אלץ האבן זיי געלאזט די יונקערס אפטון, נאר נישט נעמען דאס הויז פון „רעוואלוציאנערן קריגס־קאמיטעט".

אפשר האבן זיי זיך געשראקן פאר דעם אפעטיט פון די „רעכטע" און געוואלט איינהאלטן א גלייכגעוויכט?

נאר מער פון אלץ האט שוין דא געארבעט רישקאווס קלעצל, דער פארשלאג, וואס ער האט געמאכט די מענשעוויקעס, אז זיי זאלן זיך איינלייגן אין שלום און ווערן א דריטער צד. דאס דאזיקע קלעצל האט זיך געקרוקט צווישן די רעדער און איינגעהאלטן דעם גאנג פון דעם וואגן פון פארטיידיקונגס־קאמיטעט.

די מענשעוויקעס האבן געשטעלט אן אולטימאטום: אויב דער פאר־טיידיקונגס־קאמיטעט נעמט נישט אן דעם פארשלאג אנצוהייבן תיכף אונטערהאנדלונגען וועגן א שלום, טרעטן זיי ארויס פון דעם קאמיטעט. איז אזוי ארום דאס גובערנאטארישע הויז נצול געווארן, — ביז עס האט ענדלעך געקראגן כוחות און אנגעהויבן צו רעדן מיט זיין אייגענעם לשון.

דעם 28טן אקטאבער, נאכמיטאג, איז געקומען חבר סמירנאוו, וואס איז געשיקט געווארן נאך פון ערשטן טאג אן קיין באדינקא צו ברענגען די באלשעוויסטישע ארטילעריע, און איז נישט צוריקגעקומען, און אלע האבן געמיינט, אז ער איז שוין אין געפענגעניש, אין דער אלעקסאנדע־

רישער קריגס-שול. חבר סמירנאָוו האָט זיך דורכגעקראָגן צום גובערנאַ־טאָרס הויז דורך דער קייט פּאַטרולן מיט דריי הארמאַטן און מיט אַ גע־פּאַנצערטן אויטאָמאָביל אין דער שפּיץ.

ווי אַזוי די יונקערשע פּאַטרולן האָבן אים דורכגעלאָזט, צי זיי האָבן נישט געזען, צי איבער אַנדערע סיבות, בלייבט אומדערקלערט.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן דאָס הילכיקע, טריאומפירנדיקע, פרייידיקע שאַלן, וואָס האָט זיך געהערט פון אַלגעמיינעם זאַל, פון הויף, פון דעם גאַנצן גובערנאַטאָרישן הויז. די קולות האָבן אָנגעפילט די לופט. עס האָבן זיך געהערט שטורמישע, ענטוזיאַסטישע אויסרופן, אַ פּאַטשן מיט די הענט, אַ לויפן איבער די שטיגן. דער קאָמיטעט האָט איבערגעריסן זיין זיצונג.

אַז ער איז אַריין אין זאַל, האָט ער געזען די פאָלגנדע סצענע:

חבר סמירנאָוו וויגט זיך אויף די הענט און אַקסלען פון די אין פרייידיקער משוגעת פאַרכאַפּטע סאָלדאַטן און אַרבעטער. אַ בלייכער, אַז אויסגעשעפּטער פאַלט ער איבער די פּלייצעס, ווי אַ טויטער הערפּער. ער באַווייזט נאָר אויסצושטרעקן אַ האַנט צום הויף. ער וויל עפּעס זאָגן און איז פאַר מידקייט און איבעראַשונג נישט אימשטאַנד אַרויסצוברענגען קיין וואָרט.

דער עולם איז אַרויס אויפן הויף. דאָרטן זענען געשטאַנען דריי האַרמאַטן. אַ שטאָלצער, געפּאַנצערטער אויטאָמאָביל פאַראייכ פאַר זיי. גרייט צו שפּייען מיט פייער אויף די מאָסקווער גאַסן.

עס איז גאָרנישט צו באַשרייבן דעם ענטוזיאַזם, וואָס דער אָנבליק פון די האַרמאַטן האָט אַרויסגערופן ביי די פון אוממעכטיקן כּעס אייס־געמוטשעטע זעלנער. עס איז מיט איינמאָל אַ גרויסער כּוח געקומען איז האָט אויפגעוועקט דאָס גאַנצע פאַרלאָשענע פייער, וואָס די אוממאַכט און די אוממעכטיקייט האָבן געהאַט אָפּגעטויט ביי די סאָלדאַטן און רויטע גוואַרדיסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין גובערנאַטאָרס הויז.

די „דווינסקער", וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו שטילן זייער נקמה־דורשט, וואָס האָט צוליב דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע חברים געפלאַמט אין זייערע ביינער, די יונגטלעכע אַרבעטער. וועלכע זענען געקומען מיט אַזאַ ענטוזיאַזם אין גובערנאַטאָרס הויז און זענען דאָ געווען פאַרמשפּט אויף אוממעטיקייט; אפילו די ווייבער, —

אַלע האָבן זיך געוואָרפן אויף די הארמאַטן, די סאָלדאַטן האָבן געקוישט די שטאָלענע רערן, געגלעט די אייזנס. די ווייבער האָבן געהאַלדזט און צוגעדריקט צו זייערע ווייבלעכע בריסטן די קאַלטע שטאָלענע העלדזער, פון וועלכע דאָס פייער וועט קומען. עס האָבן זיך געהערט היסטערישע פרייד־געוויינען פון דער חברטע מאַסלאָווע:

— קינדערלעך, קינדערלעך, איר וועט זיך אָננעמען פאַרן פאַרגאָסענעם סאָלדאַטישן בלוט! — האָט די פויערשע שיקסע, וועלכע האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ הארמאַט, אויסגעשריגן שוין איצט פריי, אָן מורא.

— אָי, וועלן זיי זיך אָננעמען! אונדזער עוולה ליגט אין זייערע רערן און פון דאָרטן וועלן מיר זי אַרויסשפּייען! — האָט זיך צעשריגן אַ זעלנער.

— מען קומט צו אונדז! מען קומט! — האָט איינער דעם אַנדערן צוגעגעבן.

חברטע איזמאַילאָווע איז שוין אַרומגעגאַנגען מיט אַ געהויבענעם קאָפּ און געקוקט דעם חבר רישקאָוו אַרויספאָדערנדיק אין די אויגן אַריין, און חברטע סאָפּיע איז געווען די ערשטע, וואָס האָט זיך אַרויפגעכאַפּט מיטן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אויפן געפאַנצערטן אויטאָמאָביל.

נאָר חבר רישקאָוו האָט שוין גענומען די סיטואַציע אין דער האַנט אַריין:

— דאָס האָט געמאַכט דאָס שפּענדל, וואָס איך האָב עס זיי אַריינגעשטעלט אין די רעדער אַריין דורך מיין שלום־פּאָרשלאַג, — האָט ער געזאָגט צו די חברים. — די „מענשעוויקעס" האָבן מיר אָפּגעשלאָגן, די „עסערן" זענען געבליבן אַליין. זיי האָבן מורא צו נעמען אויף זיך דאָס אחריות. מיר האָבן אָפּגעטויט דעם גייסט ביי זיי. זיי האָבן זיך פאַרלוירן און דורכגעלאָזט אונדזער אַרטילעריע. נו, איצטער וועלן מיר זיי דיקטירן אַ שלום! ווו איז חבר איוואַנאָוו מיט זיין פאָן?

— חבר איוואַנאָוו, חבר איוואַנאָוו! — האָט מען אָנגעהויבן צו שרייען פון אַלע זייטן.

דער חבר איוואַנאָוו האָט זיך באַוויזן און געהאַלטן אין דער האַנט די רויטע פאָן, אויף וועלכער ער האָט געהאַט אויסגעמאָלט זיין לאָזונג.

דער חבר רישקאָוו האָט זי פונאַנדערגעוויקלט, און ביים ליכט פון

אויפפלאַקערנדיקע, ווייס־גוואַרדיסטישע פּאָלעמיקן, נאָכאַמאָל איבערגע־לייענט דעם לאָזונג אויפן קול:

„שלום — די שטיבלעך; מלחמה — די פּאַלאַצן!"

ער האָט גענומען די פאָן, זי אָנגעהאָנגען אויף אַ האַרמאַט און באַפוילן:

— נו, קינדערלעך, שטעלט זי אַרויס אויפן סקאָבעלעוו־פּלאַץ, פאַרן „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט", און הייבט אָן. איך וועל דעריווייל גיין ווייטער אונטערהאַנדלען וועגן שלום.

מאָסקווער גאַסן, מאָסקווער דעכער האָבן אָנגעהויבן צו שפּייען מיט פייער. פון סקאָבעלעוו־פּלאַץ האָבן זיך געטראָגן גליענדיקע דונערן. איי־נער פון די דאָזיקע דונערן איז אַריין אין אַן אַפּטייק, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ אין ערשטן שטאָק פון אַ הויף אויף סאַדאָווע גאַס, אויפ־געריסן אַ מאַגאַזין פון בענזין און אַלקאָהאָל. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז מאָסקווע האָט ווידער אָנגעטון דאָס רויטע קאַפּל. די גאַסן זענען געוואָרן העל־באַלויכטן פון ברענענדיקע הייזער־שטורקאַצן.

דער געפּאַנצערטער אויטאָמאָביל, באַלאָדן מיט רעוואָלוציאָנערע רוי־טע גוואַרדיסטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען חברטע סאָפיע מיט דער חברטע מאַסלאָווע, האָט זיך אַוועקגעטראָגן אַ שטאָלצער דורך די ווייס־גוואַרדיסטישע פּאַטרולן אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, געבראַכט הילף צו די אָפּגעשוואַכטע ראַיאָנען. די לאַנג־אויסדויערנדיקע יונגע רויטע גוואַרדיסטן האָבן געקראָגן אויפלעזונג פאַר זייער וואַרטנדיקן כעס. אויף סוכאַראָווסקע האָט מען אומגעוואָרפן אַ צייטונגס־בודקע, אָנגעוואָרפן אַ פּאָר טונען, אָפּגעבראָכן טויערן, אַרויסגעוואָרפן מעבל פון די הייזער, — און חברטע סאָפיע האָט געקאָנט דערפילן איר לאַנג־יעריקן חלום, געקאָנט מיט איר געהויבענער מיידלשער ברוסט, מיט אירע פּאַליענדיקע האָר, מיט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, שטיין אין דער שפּיץ פון רויטע גוואַר־דיסטן אויף באַריקאַדן אין צאַרס הויפּטשטאָט.

עס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען מיט פייער פון דעכער, פון בוידעם־שטיבער. די גאָלדענע קופּאָלן פון די מאָסקווער צערקווען האָבן די נאַכט העל באַלויכטן, אויפגעפלאַמט און געלויכטן זיך ווי גרויסע שטערן מיט זייער גאָלדענעם שיין אין פייערדיקן רעגן.

דאָ און דאָרט האָט אַ רויטער פייער־קאַם אויפגעפלאַמט איבער אַ

דאך אין א ווייטן אָפּטייל פון שטאָט. דאָ און דאָרט האָט זיך צעשפּילט אַ גלאָקן־קלימפּערן פון אַ צערקווע, וואָס האָט גערופן צו הילף גאָט אָפּצו־ראַטעווען די מוטער־רוסלאַנד. די קלונגען פון די צערקווע־גלאָקן האָבן נאָר מיט זייערע מעטאַלענע שטימען אויפגעמונטערט די האַרמאַטן־העלדזער פון סקאָבעלעוו־פּלאַץ צו שפּייען וואָס מער פייער פון זיך.

אינעווייניק אין גובערנאַטאָרס הויז איז געזעסן חבר רישקאָוו זייער רואיק ביים טעלעפאָן און אונטערגעהאַנדלט מיטן „קאָמיטעט פאַר געזעל־שאַפטלעכער זיכערקייט“ וועגן שלום־באַדינגונגען, אונטער די מעטאַלענע שטימען, וואָס עס האָבן פון זיך אַרויסגעכאַרכלט די לאַנגע רערן פון די האַרמאַטן פאַר זיין פענצטער.

חברטע איזמאַילאָווע, וואָס האָט דורך די גרויסע פענצטער פון גו־בערנאַטאָרס הויז געזען די פייערן, וואָס צינדן זיך אָן איבער די מאָסקווער הייזער, האָט זיך דערשראָקן פאַר איר מאָסקווע. אין איר האַרץ האָט זיך אויפגעוועקט דאָס פּאַטריאָטישע בלוט פון אירע עלטערן, און זי איז גע־קומען צו לויפן אין קאַבינעט פון פאָרזיצער פון „אויספּירקאָם“ אַ דער־שראָקענע און אַ בלייכע:

— וואָס טוען זיי? זיי וועלן דאָך פאַרניכטן מאָסקווע! הייסט אָפּ־שטעלן די האַרמאַטן!

— באַרואיקט אייך, חברטע! מאָסקווע וועלן זיי נישט פאַרניכטן, — האָט איר דער חבר רישקאָוו איינגעשמיכלט, און גערעדט דורך דעם טעלע־פאָן־רערל צום חבר אַנאַטאָל, וועלכער האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אין דער שטאָט־דומע:

— חבר אַנאַטאָל, דאָס איז אַן ענטפער אויפן פאַרגאַסענעם פּראָלע־טאַרישן־זעלנערשן בלוט אויפן רויטן פּלאַץ. מיר זענען ווייטער גרייט אונ־טערצוהאַנדלען וועגן אַ בשותפותדיקן קאָמיטעט, אָפּצושטעלן תיכף די מיליטערישע אָפּעראַציעס...

דערווייל איז די באַפעלקערונג געווען די, וואָס האָט צומייסטנס גע־ליטן. זי האָט מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אויף דער גאַס פאַר די קוילן, וואָס האָבן פריי אַרומגעבלאָנדזשעט און נאָך מער מורא געהאַט נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די קריגערישע צדדים.

סיי די רויטע אַרבעטער און סאָלדאַטן, סיי די ווייסע יונקערס, — ביידע האָבן זיי אויסגעלאָזט דאָס פייער פון זייער קריגס־מוט אויף די

קעפּ פון דער ציווילער באַפעלקערונג. יעדער איינער האָט פאַרלאַנגט פּאַפּירלעך און דאָקומענטן. יעדער איינער האָט באַזוכט די טאַשן און צוגענומען די גאָלדענע זייגערלעך און די פּאָר „קערענקעס”, און ביי יעדן איינעם איז מען געווען אַ קאַנדידאַט צו ווערן אַריבערגעשיקט אויף יענער וועלט פאַר אַ קרבן אויפן מזבח פון דער רעוואָלוציע און צו ווערן דערנאָך פאַרשריבן פאַר אַ העלד אויפן חשבון פון צד פון די געווינער.

האָט זיך די אָרימע באַפעלקערונג איינגעשלאָסן אין די הייזער און נישט געוווּסט צו וועמען זי באַלאַנגט — צו די „רויטע”, אָדער צו די „ווייסע”, און געוואַרט, אַז עס זאָל קומען הילף פון פראַנט. איינער האָט דעם צווייטן געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז עס גייען פון דאָרטן עשאַלאָנען מיט קאָזאַקן. די אייזנבאַנער וועלן זיי דורכלאָזן אָפּצוראַטעווען די הייליקע שטאָט.

אַ מאַנגל פון לעבנס־מיטלען האָט שוין סיי־ווי־סיי נאָך פון די פריערדיקע צייטן עקזיסטירט. האָבן די רייכע געלעבט פון די אָנגעפּילטע זאַפּאַסן מיט פּראָוויאַנט, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעגרייט אין די בעסערע צייטן. און די אָרימע האָבן סיי־ווי־סיי געהונגערט, אָדער מיט גרויס סכנה זיך אַריינגעכאַפּט דורך דער הינטער־טיר אין אַ געוועלבל אַריין און געבעטן אַביסל גרויפּן, דאָס חיות צו דערהאַלטן.

די מאָסקווער אָרימע באַפעלקערונג, ווי גאַנץ רוסלאַנד, איז געווען אַזוי אויסגעמוטשעט פון די געשעענישן, וואָס זענען זינט דער פעברואַררעוואָלוציע געגאַנגען ראַפּטום איינע נאָך די אַנדערע, אַז עס איז איר שוין געווען אַלצאיינס, ווער עס וועט נעמען די מאַכט. אַבי מען זאָל זיך אויפהערן צו קריגן, און עס זאָל זיין אַ שטיקל אויטאָריטעט אין לאַנד, אונטער וועמענס שוץ מען זאָל קאָנען צוריקקומען צום נאָרמאַלן לעבן.

די רייכע, ווידער, האָבן זיך געמיט צו מאַכן די באַלאַגערונג וואָס אַנגענעמער. רייכע קאָנען האָבן פאַרגעניגן אין יעדער לאַגע, אין וועלכער זיי זאָלן זיך נישט געפינען.

די באַלאַגערונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין ספּאָרט, מען קאָן זאָגן, אין אַ מין פאַרווייליגונג: אין די שטיבער איז געווען וואַרים, דאָס וועטער שיין, די עלעקטרי האָט געאַרבעט, און דער טעלעפאָן? דער טעלעפאָן, קאָן מען זאָגן, איז געווען בעת דעם בירגער־קריג, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין מאָסקווע, נייטראַל. ער האָט באַדינט אי די „ווייסע”, אי די

„רויטע“ און נאָך געהאַט צייט צו צעטראָגן געשפּרעכן פון די מאָסקווער שיינע ווייבלעך פון איינער צו דער אַנדערער. זיי האָבן זיך אויסגעפרעגט אויפן געזונט און איבערגעטראָגן רכילות און פּלאָטקעלעך וועגן די שיינע יונקערלעך, וואָס שטייען ביי זיי אין די הייזער. עס איז געווען אַ גוטער צייט־פאַרטרייב, ווייל עס איז נישט געווען וואָס בעסערס צו טון. און דער טעלעפאָן, מוז מען צו זיין לויב צוגעבן, האָט בעת די טרויעריקע טעג פונקציאָנירט בעסער און פּינקטלעכער, ווי אין די געוויינלעכע, נאָרמאַלע צייטן.

מען איז אָפּגעזעסן גאַנצע נעכט און געשפּילט „פּרעפערענס“ און „פּאָקער“. מיט איין וואָרט — מען האָט זיך געמיט צו פאַרברענגען די צייט, ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט, וואָס אַנגענעמער. און די מאָסקווער שיינע דאַמעטשקעס, מוז מען צוגעבן צו זייער לויב, האָבן בייגעשטייערט זייער טייל, כדי אויפצוהאַלטן די גוטע שטימונג ביי דער באַפעלקערונג אין די טרויעריקע טעג מיט דעם, וואָס זיי האָבן געלאָזט „אוכאַזשעווען“ נאָך זיך, ווי פאַר מצווה וועגן, ביז קערענסקי און גענעראַל קראַסנאָוו וועלן צושיקן הילף פון פראָנט. אַ גרויסע געלעגנהייט פאַר פלירטעווען האָבן אויך געגעבן די שיינע, יונגעטשקע יונקערלעך און די בלוט און מילך־יונגע אָפיצירלעך — די בראַווע באַשיצער, ווען מען האָט אַריינגענומען אין די שטיבער, כדי זיי אָפּצוהיטן פון דער קעלט פון גאַס.

אַנדערע דאַמען זענען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן זיך אַזוי מוטיק באַנומען ביים דערפילן זייער פּאַטריאָטישן חוב, אַז זיי האָבן כמעט איינגעשטעלט זייערע לעבנס. זיי זענען געווען פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג מיט צוגרייטן „בוטערשניטן“, איינגעוויקלט זיי אין פּאַפּירן, זענען אַרויס אויף דער גאַס און אויף שטריקעלעך, וואָס די יונקערלעך האָבן זיי אַראָפּגעשיקט פון אויבן, אַרויפדערלאַנגט אויף די דעכער...

נאָר קיינער האָט נישט געגלויבט, אַז די באָלשעוויקעס מיינען טאַקע ערנסט צו פאַרכאַפּן די מאַכט, וועלכע זיי קאָנען דאָך סיי־ווי־סיי נישט אָנהאַלטן. מען האָט געהאַלטן, אַז עס איז נאָר אַ דורכגייענדיק געשעעניש, אַן „עפּיזאָד“ אַזעלכער פון דער רוסישער רעוואָלוציע. די ברייטע רוסישע נשמה האָט זיך אַ שפּיל־געטון, און זי וועט זיך באַלד באַרויִקן.

**
*

אויף די גאַסן האָט מען זיך געשלאָגן, און חבר רישקאָוו האָט גע־האַלטן אין איין פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן „שלום־קאָמיטעט", גע־האַלטן אין איין טיפער שטופּן דאָס קלעצל אין די רעדער פון „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער זיכערקייט", פּאַראַליזירט זייער טעטיקייט, צע־שפּאָלטן די כוחות.

פון דער צווייטער זייט איז געווען די חוצפּהדיקע האַלטונג פון די ווייסע אָפיצירן און יונקערס, וועלכע האָבן שוין גאַנץ אָפן גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף ליקווידירן דעם אומזין (די רעוואָלוציע), און האָבן גע־זונגען צאַרישע לידער אויף די גאַסן. דאָס האָט אָפּגעשראָקן די רעוואָ־לוציאָנערע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין „קאָמיטעט פאַר געזעל־שאַפטלעכער זיכערקייט", צוצואיילן דעם זיג איבער די באָלשעוויקעס.

דערצו האָבן נישט ווייניק צוגעהאָלפן טאַקע דעם חבר סמירנאָווס האַרמאַטן, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער באַפעלקערונג און אַרויסגערופן אין שטאָט־דומע אַ פּחדנישע איבערראַשונג פון די באָלשע־וויסטישע כוחות. די אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום האָבן זיך אָנגעהויבן.

די מיליטערישע אָפּעראַציעס האָבן זיך פוןביידע זייטן אָפּגעשטעלט אויף פיר און צוואַנציק שעה. און אַז די פיר און צוואַנציק שעה האָבן זיך געענדיקט, און צו קיין רעזולטאַטן האָט עס נישט געבראַכט, האָבן זיך שוין געפונען נייע מלאכים פון שלום אין געשטאַלט פון די אייזנבאַנער, פון די פּאָסט־באַאַמטע, וואָס האָבן ביידע צדדים געשטעלט אַן אולטי־מאַטום, אַז זיי וועלן דורכלאָזן עשאַלאָנען מיט קאָזאַקן אין דער שטאָט אַריין.

חבר רישקאָוו האָט נאָר דאָס געוואָלט. ער האָט שוין געזאָרגט דער־פאַר, אַז מען זאָל נישט קומען צו קיין פאַרשטענדיקונג. יעדעס מאָל האָט ער אַרויסגערוקט אַנדערע פאָדערונגען. וואָס מער עס האָבן זיך פאַרצויגן די אונטערהאַנדלונגען, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דעם גובערנאַטאָרס הויז. ביי די „ווייסע" איז געפאַלן דער גייסט. זייערע כוחות זענען זיך צערונען. די כוחות פון די באָלשעוויקעס דאַקעגן האָבן זיך געשטאַרקט. די פאַבריקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איצט האָבן שוין אָנגעהויבן צו שטראָמען צום גובערנאַטאָרס הויז אַרבעטער פון אַלע ראַיאָנען און זיי האָבן זיך גע־שטעלט אין רשות פון „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָמיטעט".

חבר רישקאָוו איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער פאָדערנדיק. ער פאַר־

לאנגט שוין, אז מען זאָל די ווייסע גוואַרדיסטן אַנטוואָפּענען און איבער־לאָזן דאָס געווער בלויז ביים פּראָלעטאַריאַט.

די אייזנבאַנער לייגן זיך ווידער אַריין אין שלום, שאַפן נייטראַלע זאָנעס, די אונטערהאַנדלונגען פאַרשלעפּן זיך.

דערוויילע באַזעצט מען דעם טעלעגראַפן־אַמט, מען קריגט פאַרבינדונגען מיטן צענטער. פון דאָרטן הייבן שוין אָנצוקומען מער ידיעות. די לאַגע הינטער פּעטראָגראַד קלערט זיך אויף. קראַסנאָווס קאָזאַקן פאַרשטענדיקן זיך מיט די רויטע גוואַרדיסטן, אויסצומיידן דעם בירגער־קריג. זיי פאָדערן אויף קערענסקין, ער זאָל גיין מיט אַ ווייסער פאָן אין דער הויפּטשטאָט. קערענסקי אַנטלויפט.

חבר רישקאָוו זאָרגט שוין דערפאַר, אז פון קערענסקיס פחדנישן פאַרשווינדן זאָל זיך דערוויסן גאַנץ מאָסקווע.

דער „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער זיכערקייט" שפּאַלט זיך. די לינקע עלעמענטן אין קאָמיטעט שרעקן זיך וואָס אַמאָל מער פאַר די „רעכטע" אָפּיצירן, וואָס זענען אָפענע קאָרנילאָווצעס. עס הייבט זיך אָן אַ קריגעניש. דער גייסט ביי די יונקערס פאַלט אויך. די אָרימע און יידישע עלעמענטן צווישן די יונקערס דערמאָנען זיך אָן זייער אָפּשטאַם, באַהאַלטן זיך אוים און לויפן אַריבער צו די „רויטע". וואָס אַמאָל מער ווערט די „מוטער־רוסלאַנד" רייף ווי אַ פלוים פאַרן באָלשעוויסטישן אַפּעטיט...

די מאָסקווער באַפעלקערונג, וואָס האָט ביז איצט באַטראַכט די „ווייסע" אָפּיצירן פאַר אירע רעטערס; די מאָסקווער ווייבלעך, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין קאָכן געקעכטס, אין איין צוגרייטן „בוטערשניטן" און זיי אַרויפצודערלאַנגען אויף שנירלעך צו די שיינע יונקערס אויף די דעכער, זענען געוואָרן אויסגעמוטשעט פון דער לאַנגער באַלאַגערונג, פון דעם זעקס־טאָגיקן פאַרשפּאַרט זיין אין די היימען, פון דער אומבאַוווסטקייט פון דער לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך, פון דער טויט־שרעק, וואָס איז געפלויגן איבער זייערע קעפּ.

בחינם האָט מען געוואַרט אויף דעם אַנטשיידענעם שריט, וואָס מען האָט געהאַלטן אין איין איינרעדן, אַז ער קומט יעדן מאָמענט, און וועט מאַכן אַן ענדע צו דער לאַגע. בחינם האָט מען געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז די שטאָט געפינט זיך פעסט אין די הענט פון די „ווייסע", און זיי קאָנען יעדן אויגנבליק מאַכן אַ סוף מיט די באָלשעוויקעס. בחינם

האָט מען געהאַלטן אין איין טרייסטן, אַז אויפֿן וועג קיין מאָסקווע געפֿינען זיך העטמאַנען מיט קאָזאַקן און אַפֿילו קערענסקי אַליין, וואָס האָט שוין צוריקגענומען פּעטראָגראַד און גייט אין דער שפּיץ פֿון אַן אַרמיי, כּדי צו באַפֿרייען דאָס מוטערל-רוסלאַנד.

קיין הילף איז נישט געקומען, קיין קלאָרקייט איז נישט אַריינגעטראָטן אין דער סיטואַציע. און אַזוי ווי מ'איז געווען פֿאַרשפּאַרט, באַלאַגערט פֿון דעם ערשטן טאָג פֿון אויסברוך פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אויך איצט. קיין עסן איז נישט געווען. דער פּראָוויאַנט האָט זיך אויסגעשעפּט, און קיין איין האָפֿענונג איז נישט מקוים געוואָרן! האָט די מאָסקווער באַפֿעלקערונג, צום סוף, ווען זי האָט באַמערקט, אַז די מאַכט גייט אַריבער צו די באָלשעוויקעס, זיך געגעבן אַ וואַקל אויף דער לינקער זייט.

צוערשט האָבן זיך אויפֿגעהויבן די פּרימע ראַיאָנען אין די עקן פֿון דער שטאָט. זיי האָבן אַליין פֿאַרטריבן די יונקערס מיט די אָפֿיצירן און געהאָלפֿן די באָלשעוויקעס. אַפֿילו אין צענטער פֿון דער שטאָט, ווו עס האָבן געוווינט די רייכע, האָט מען אויף די נעכטיקע רעטערס אָנגעהויבן צו קוקן מיט שלעכט-אָנזאָגנדיקע, פֿאַראַכטנדיקע בליקן. דאָס וואָרט „יונקער", וואָס נעכטן האָט עס נאָך באַדייט אַ שטאָלצע האָפֿענונג, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זידל-וואָרט. די מאָסקווער ווייבלעך, וואָס האָבן זיך ערשט נאָר-וואָס געהאַלטן אין איין פֿיעשטשען מיט די יונגע, שיינע אָפֿיצירלעך, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זידלען מיט די נעמען „ווייסע גוואַרדיסטן", „קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן". ביי אַ סך פֿון די אָפֿיצירן האָט מען אָנגעהויבן צו דערקענען זייער אָפּשטאַם, און גענומען זיי זידלען מיט „זשידאָווסקע מאָרדע".

## קאַפּיטל 15

# קאַוויאַר און שאַמפּאַניער

אין האָטעל „מעטראָפּאָל" איז נאָך דער צעמישונג, וואָס איז געוואָרן אין דעם ערשטן טאָג, געקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. דאָס לעבן אין

האָטעל, קאָן מען זאָגן, איז נאָך דער סומאַטאָכע פון דעם ערשטן טאָג געוואָרן כמעט נאָרמאַל.

אינגאַנצן נאָרמאַל איז עס נישט געווען. דאָס הייסט, די געסט האָבן, אַ חוץ אין די זאַלן פון האָטעל, נישט געהאַט קיין פרייע באַוועגונג. דער האָטעל איז געווען אָפּגעשניטן פון דער דרויסנדיקער וועלט.

די „קאָמיסיעס", וואָס דער אַדוואָקאַט האָט באַשאַפן, האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון, האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ „ווילטעטיקן רויטן קרייץ". מען האָט באַשאַפן אַ לאָטעריע פאַרן נוצן פון די בראַווע פאַרטיידיקער.

די דאַמען זענען איצט געווען פאַרנומען מיטן פאַרקויפן געווין־צעטלען. אָבער אַזוי ווי דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען אַ געצוווּנגענעם, איז עס באַלד פאַרמיאוסט געוואָרן. די געזיכטער, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין וואַרפן אין די אויגן, זענען באַלד געוואָרן באַקאַנט, ווי אַלטע, אויסגעריבענע מטבעות. מען האָט זיך געפילט, ווי אויף אַן ענגער שיף, בעת אַ לאַנגווייליקער ים־רייזע, — אַ מיליאָן מאָל די זעלבע פּנים.

מען מוז אָבער צוגעבן, אַז נישט אַלע האָבן זיך אַזוי געלאַנגווייליקט. אַנדערע ווייבלעך זענען אין זייער חוב אונטערצוהאַלטן די גוטע שטימונג אין דער געזעלשאַפט, געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אַרויסגערופן אייפערזוכט־סצענעס מצד זייערע מענער און אַנדערע מענלעכע צוגעהעריקע. צוממייסטנס האָט וועגן זיך געמאַכט רעדן דאָס פּיקאַנטע ווייבל, וואָס איז ביים ערשטן אויסברוך פון די אומרוען אַריינגעקומען אין ביליאַרד־זאַל אַ לאַכנדיקע, באַגלייט פון אַ כאַליאַסטרע יונגעלייט, און וואָס האָט אַרויסגערופן דעם אויפברויז פון די עלטערע דאַמען. אין אירע צימערן קומען פאָר בייַנאַכט גאַנצע „אָרגיעס" — האָט מען זיך געסודעט אין די אויערן.

צוליב דעם האָבן געזאָלט פאָרקומען סקאַנדאַלן, און עס האָט אַפילו געזאָלט קומען צו פּעטש. אויך האָט מען גערעדט וועגן אַ דועל צווישן צוויי זייער רעספּעקטפולע מענער וועגן באַליידיקטער דאַמען־ערע. מען האָט אָפּגעלייגט אויסצופירן די „ערן־פליכט", ווען די צייט וועט דערלויבן.

אָבער די אַלע גרעסערע און קלענערע סקאַנדאַלן, די דעליקאַטע, פּיקאַנטע „ערן־זאַכן" האָבן אויך געהאַט זייער גוטע זייט. זיי האָבן געהאָלפן אַריינברענגען אַביסל אָפּוועקסלונג אין דעם מאָנאָטאָנעם לעבן פון באַלאַגערטן האָטעל.

אויך מיטן באַשפּייזן די איינוווינער פון האָטעל זענען איצט געווען שווועריקייטן. עס האָט זיך באַלד אויפן צווייטן טאָג פון דער באַלאַגערונג אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס הויז איז גוט פאַרזאָרגט מיט כלערליי דעליקאַ־טעסן און טייערע געטראַנקען. דערפאַר האָט זיך אָבער באַלד געפילט אַ דוחק אין פּראָסטע נייטיקע שפּייז־אַרטיקלען, למשל, אין ברויט, אין פאַר־שידענע גרויפּן, אין קאַרטאָפל און אין אַנדערע מענטשלעכע נאַרונג. ברויט איז, ווי באַוווּסט, דער באַליבטסטער ביסן ביים רוסישן מענטש, ביי רייך און ביי אָרים. דאָך האָבן זיך די מענטשן דאָ אין האָטעל געקאָנט באַגיין אָן ברויט. עס זענען געווען אַנדערע שפּייזן, ווי למשל, קאַוויאָר.

נאָר דערפאַר אָבער, ווייל ברויט איז נישט געווען בנמצא, איז עס געוואָרן אַזאַ רייך־ביסן, אָן וועלכן מען האָט נישט געקאָנט אויסקומען. אַז איינער האָט דערזען ביים אַנדערן אַ שייבעלע שוואַרץ ברויט, איז ער געווען גרייט ביי אים עס אַרויסצוקריגן כאָטש דורך אַ מאָרד...

מען האָט באַצאַלט אַלערליי סוחרישע שטיק, וואָס מען פּלעגט קאָמ־בינירן ביי גרויסע געשעפטן, כדי אויסצוקויפן ביי דער דינערשאַפט זייערע קאַרגע פּאָרציעס.

דערפאַר אָבער, וואָס איז שייך אַנדערע דעליקאַטעסן איז געווען איבערגענוג: פאַרשידענע געוויכערטע לאַקסן, אַסטראַכאַנער ווייס־פּליי־שיקע, פעטע פיש, קרימער פעטע, גרויסע הערינג, נאָר דער עיקר — קאַוויאָר. גאַנצע טעפּ מיט קאַוויאָר אין פאַרשידענע קאָלירן; שוואַרץ, האַלב־שוואַרץ, גרוי, רויט, אי פרישער, אי געפּרעסטער. דער האָטעל האָט געמוזט האָבן אין קעלער רעזערוואַרן גאַנצע, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרטן אַ געהיימען קאַוויאַר־קוואַל באַזעסן. וויפל מען האָט געוואָלט, נישט קוקנ־דיק אויף דער אומבאַשטימטקייט פון דער לאַגע, וואָס האָט געהערשט, האָט מען פאַרקויפט, — פאַרשטייט זיך, אויב מען האָט נאָר באַצאָלט דעם פּרייז. אַזוי ווי געלט האָט דענסטמאָל כמעט געהאַט פאַרלוירן זיין ווערט אין דער אומבאַשטימטער צייט, און עס איז ביי די מענטשן, וואָס האָבן באַוווינט דעם האָטעל, אויך קיינמאָל קיין גרויסע מניעה נישט גע־ווען, איז די געלט־פראַגע אינגאַנצן אַראָפּגעפאַלן, — אין גייסט פון דעם נביאישן פּסוק: „היינט וועלן מיר עסן, היינט וועלן מיר טרינקען, — מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן״.

אין דער ערשטער צייט האָט מען צום קאַוויאָר געקאָנט באַקומען אַ

פּלעצל אַמאָל, אין אַן אויסנאַם ביי אַ ספּעציעלער פּראָטעקציע — אַ שייבל שוואַרץ ברויט. ווער עס האָט געוואָלט, האָט געקאָנט האָבן אַביסל צעהאַקטע ציבעלע און, פאַרשטייט זיך, זיין קאַראַפינקע „וואָדקע”, אַכט און פערציקער אָדער זעקס און ניינציקער.

אָבער באַלד האָבן זיך די פּלעצלעך אויסגעלאָזט, טיילמאָל האָט מען נאָך באַקומען אַ שטיקל זיסן ביסקוויט. אָבער דאָס ערגסטע, וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן, איז געשען: אין רוסלאַנד געהערט „וואָדקע” צו די נייטיקסטע לעבנס־פּראָדוקטן, איז עס אויך באַלד פאַרשוווּנדן, און עס איז איבערגעבליבן אויף זיין אָרט — שאַמפּאַניער.

קאַוויאַר, נישט אַלס פאַרשפּייז, נאָר אַלס מאכל, אין גרויסע פּאָר־ציעס, אָן אַ מעליקן צוביים, אָן אַ טרונק „וואָדקע”, — פאַרקלעבט דעם האַלדז מיט לייבעץ און באַשאַפט אין מאָרגן אַן איבערפלוס פון שליים־פליסיקייט, מיט וועלכן עס גיסט זיך אָן דער מאַרך פון די ביינער און רופט אַרויס אַן איבערפלוס פון שטייגנדיקער לעבנס־ענערגיע...

אַזוי ווי עס איז אָבער נישט געווען דעם קלעבנדיקן קאַוויאַר מיט עפּעס אַנדערש צו פאַרגיסן, נאָר מיט שאַמפּאַניער, האָט דער דאָזיקער פייערדיקער שטן־געטראַנק נאָך געהאָלפן אויפוועקן דעם יצר־הרעשן אַפּע־טיט, וועלכן דער קאַוויאַר האָט אַרויסגערופן...

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ איבערמוטיקע יוגנטקייט, וואָס האָט זיך אַזוי פּלוצים דערוועקט ביי די איינוווינער פון דעם אָפּגעשלאָסענעם האָ־טעל, וואָס האָבן, אגב, נישט געקאָנט איינער דעם אַנדערן אויסמיידן, האָט געמוזט ברענגען צו אַלערליי קאָמפּליצירטע און אומאַנגענעמע צו־זאַמענשטויסן און קאָנפליקטן, וואָס איז נאָר געדעמפּט געוואָרן דורך דער שלעכטער צייט, וואָס מען האָט דורכגעמאַכט.

דערפאַר אָבער זענען די אויסזיכטן פאַר אַ באַלדיקער ליקווידאַציע פון די אומאָנגענעמע געשעענישן געווען גלענצנדיקע: יעדן טאָג האָט מען פאַרזיכערט, אַז די לאַגע געפינט זיך זיכער אין די הענט פון די פּאַטריאָטישע פאַרטיידיקער, אַז די שטאָט איז אינגאַנצן באַזעצט דורך די געטריי־געבליבענע טרופּן, און זיי קאָנען יעדן טאָג מאַכן אַ תל פון גובערנאַטאָרס הויז. נאָר קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען האַלט די איינוווינער געפאַנגען אין די הייזער, און מען לאָזט זיי נישט אַרויס אויף דער גאַס. עס האָט געהייסן, אַז דאָס טוט מען צוליב דער זי־

בערקייט פון די בירגער. אויף דער גאס גייען־אן איינצלנע קאמפן, און א קויל קאן אמאל פארבלאנדזשען. די בירגערלעכע צייטונגען זענען ארויסגעגאנגען רעגלמעסיק דורך די פאר טעג און געהאלטן אין איין שיטן פעך און שוועבל אויף די באלשעוויקעס, און דערמונטערן די פא־טריאטישע פארטיידיקער צו מעשים. דער טעלעפאן האט פונקציאנירט גרויסארטיק, דינסטלוסטיק, ליבנסווירדיק, — בעסער ווי אין נארמאלע צייטן.

דאס עלעקטרישע ליכט איז נישט איבערגעשניטן געווארן, און מיש־קע „מאלאדעץ", וועלכער איז נאך אלץ געווען דער איינציקער צושטע־לער פון אינפארמאציעס פארן באלאגערטן האטעל, האט געהאלטן אין איין בארויקן די געמיטער, ווי אן אפיציעלע טעלעגראפן־אגענטור אין צייט פון מלחמה.

די באלשעוויקעס גיבן זיך אונטער אן באדינגונגען. עס זיצט שוין א געמישטער קאמיטעט צו פארהאנדלען וועגן די באדינגונגען פון דער באלשעוויסטישער קאפיטולאציע. אין שטאט איז געקומען צופארן דער קאמיטעט פון די אייזנבאנער און געשטעלט אן אולטימאטום די באלשע־וויקעס באלד זיך אונטערצוגעבן. קערענסקי מיטן גענעראל קראסנאוו זע־נען שוין אין צארסקאיע סעלא, פון פראנט גייען עשאלאנען, און דאס־גלייכן.

קיינער האט נישט געקאנט געוויר ווערן פון וואנען מישקע שעפט זיינע אינפארמאציעס. מען האט אים געהאלטן אין איין נאכשפיאנירן, ביז מען איז עס ענדלעך דערגאנגען.

נאר דאס אויסגעפינען פון מישקעס אינפארמאציע־קוועלן האט נישט פארמינערט זיין אנזען אין די אויגן פון די איינוווינער פון הא־טעל, נאר, אדרבא, נאך פארגרעסערט:

אין האטעל האט זיך צוזאמען מיט די געסט געפונען א דאמע, מיט וועלכער מישקע איז געווען זייער נאענט באפריינדעט. שפעטער איז מען געוויר געווארן, אז די דאמע איז א לעגיטים אדער א נישט לעגיטים ווייב (דאס האט מען באין אופן נישט געקאנט פעסטשטעלן) פון איינעם פון די אנפירער פון די פארטיידיקער, א זייער הויכע פיגור, א קאמאנדיר פון א ראיאן. דער דאזיקער דאמע איז טאקע אלם אויסנאם געווען דער־לויבט צו באהאלטן ביי זיך איר קליין הינטעלע, — וואס אלע אנדערע

דאַמען האָבן זי דעריבער מקנא געווען און דאָס געהאַלטן פאַר נישט געדעכט.

מישקע „מאַלאַדיעץ" איז געוואָרן מיט דער „קאָמאַנדירשע", ווי מען האָט זי גערופן, אַ גאַנץ נאָענטער מחותן.

די „קאָמאַנדירשע" איז געווען אַ ברונעטע, מיט חנעוודיקע וואַנ־סעלעך און יצר־הרע־פּלעקלעך אויפן פּנים. כאָטש זי איז אין דער פיגור געווען אַביסל קאָרפּולענט, מיט דיקע, פלייששיקע ראַנדן, אָבער אירע חנעוודיקע שוואַרצע וואָנסעלעך האָבן איבערגעוויגן די וואָגשאָל צום גונסטן פון איר זייט. די שוואַרצע, שיטערע וואָנסעלעך האָבן געבראַכט צו דער אַנטשיידונג, אַז זי איז אַ שיינע.

די דאָזיקע „קאָמאַנדירשע" האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט גרויס אַנזען אינעם הויז, און צוליב איר — אויך מישקע. מישקע איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר, געהאַלטן אין איין נאָכגיין נאָך איר שווערפאַלדיקן הינטן, אַזוי ווי זי האָט זיך נאָר באַוויזן אין די אַלגעמיינע געזעלשאַפט־לעכע צימערן. ער האָט שטענדיק געהאַט פאַר איר אַ גוט וואָרט און אַ שמייכל, און איז עס נישט געווען פאַר איר (ווען זי האָט זיך געפונען אין נישט קיין גוטער שטימונג), איז עס געווען פאַר איר בוזים־הינטעלע מיטן נאַסן נעזל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַרויסקוקן פון אירע וואַ־רימע בריסטן. דער עפעקט איז געווען דער זעלבער. דאָס הינטעלע איז געווען אַ טייל פון איר. אַזוי ווי דער קאָמאַנדיר האָט אָפט באַזוכט די דאַמע אין איר צימער, איז זי, פאַרשטייט זיך, געווען גוט אינפאָרמירט פון די ערשטע קוועלן. פון איר און דורך איר טאַקע האָט זיך גענומען מישקעס אינפאָרמאַציעס.

— מישקע, געדענק אין גאָט, גיי ווער געוויר ווי מיר האַלטן! — האָט מען זיך געבעטן ביי מישקען. נאָך יעדן באַזוך, וואָס דער קאָמאַנ־דיר האָט געמאַכט דער דאַמע, איז מישקע שוין געווען הינטער איר מיטן ברייטן, צו דינען גרייטן, שמייכעלע, מיט דער פראַגע אויף זיינע ליפּן: וועגן דעם געזונט, וועגן דער שלאָף־פעאיקייט און מאָגן־באַפינדלעכקייט פון דער דאַמע און איר הינטל.

— נו, מישקע, ביסט שוין עפּעס געוויר געוואָרן?

— עס איז גוט, אַז בעסער דאַרף גאָרנישט זיין. דער קאָמיטעט

זיצט און ארבעט־אויס די באַדינגונגען פאַר דער באָלשעוויסטישער קאַ־פּיטולאַציע.

— ווען וועט עס שוין נעמען א סוף, מישקע?

— אביסעלע געדולד, אביסעלע געדולד, — זאָגט מישקע כמעט אין אַן אָפיציעלן טאָן.

די לאַגע, האָט זיך געדאַכט, איז אַזאַ זיכערע און אַזאַ באַרואיקנ־דיקע, אַז נישט קוקנדיק אויף דער באַלאַגערונג פונעם האָטעל, איז די געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד" דאָך געגרינדעט געוואָרן.

נאָך דעם ערשטן שרעק, ווען אַלץ איז דורכגעגאַנגען רואיק, האָבן זיך אויפן צווייטן טאָג די גרינדער פון דער געזעלשאַפט ווידער פאַר־זאַמלט אין דעם מאַרמאָרנעם זאַל פון האָטעל.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט געהאַלטן אַ פּלאַמיקע רעדע, וואָס איז געווען ווירדיק פאַרן ערנסטן מאָמענט, אין וועלכן די געזעלשאַפט האָט זיך פאַרזאַמלט. און נאָך צוויי טעג דינגען זיך וועגן דער באַטייליגונג אין דעם געווין פון די אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער אונטערנע־מונג, זענען פון דעם באַרימטן אַדוואָקאַט האַלפּערין, מיט דער הילף פון אַ נאָטאַר, וואָס האָט זיך געפונען אין האָטעל, אויסגעאַרבעט געוואָרן די סטאַטוטן פון דער געזעלשאַפט, און די צדדים האָבן זיך קעגנזייטיק מיט קאָנטראַקטן פאַרפליכטעט. די קאָנטראַקטן זענען אָפּגעשלאָסן גע־וואָרן און האָבן באַקומען די געהעריקע אונטערשריפטן.

אַדאַנק מישקעס באַרואיקנדיקע אינפאָרמאַציעס האָבן די אַקציעס פון דער געזעלשאַפט טאַקע באַלד אויפן אָרט, דאָ אין באַלאַגערטן האָ־טעל, זיך געהויבן. זיי זענען געשטיגן צווישן די באַטייליקטע און גרינ־דער, אינאיינעם מיט אַלע אַנדערע בערזע־פּאַפּירן, וואָס האָבן נישט אויפ־געהערט צו קורסירן און צו ווערן נאָטירט צווישן די סוחרים און אַנדערע בערזע־אונטערנעמער, וואָס האָבן זיך געפונען אין האָטעל. די אויסגעצ־שפּרייטקייט זייערע האָט דערשטוינענדיק דערגרייכט אין די ווייטסטע קרייזן פון די באַאַמטע און דאַמען צווישן די האָטעל־געסט. דאָס האַנד־לען מיט פּאַפּירן, דאָס שטייגן און פאַלן פון די אַקציעס פון דער נייער געזעלשאַפט און אַנדערע בערזע־פּאַפּירן, לויט די אינפאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע, וואָס עס האָט צוגעשטעלט מישקע „מאַלאַדיעץ", איז איבע־

ריקנס געווען אי אינטערעסאַנט און אי נוצלעך. דאָס האָט געהאָלפֿן צו פֿאַרגעסן, אין דעם שווערן מאָמענט, די אומאַנגענעמע סיטואַציע.

עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז מישקע האָט געגרינדעט זיין אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ (מיט דער הילף פֿון דער חנעוודיקער ברונעטער דאַ־מעטשקע) טאָקע צוליב די אינטערעסן פֿון דער בערזע בכלל און דער ניי־געגרינדעטער געזעלשאַפֿט „ניי־רוסלאַנד" בפֿרט.

מישקע האָט געגאַרט זיך אַריינצוקריגן אין דער דאָזיקער נייער גע-זעלשאַפֿט און זיך צו באַטייליקן ביי איר גרינדונג. דער אַלטער מירקין האָט אים אָבער, ווי אַ הונט, געהאַלטן הינטער דער טיר. צו דעם צוועק האָט מישקע געגרינדעט זיין אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ, בעסער געזאָגט, צוויי ביוראָס: איינע אַן אַלגעמיינע, פֿאַר אַלעמען, וואָס האָט אַרויסגעגעבן נייעס אָן דעטאַלן, באַלויכטונגען און אויסזיכטן, און אַן אַנדערע, אַ געהיימע, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אויסדערוויילטע פֿון מויל צום אויער.

די לעצטע איז ספּעציעל געווען אויסגערעכנט פֿאַר די מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט „ניי־רוסלאַנד".

— גבֿריאל חיימאָוויטש, איך בין אין דער לאַגע און גרייט אייך צו דינען! — זאָגט מישקע מיט אַ גוט־דערצויגענעם דרך־ארץ צום פּרעזי־דענט פֿון דער געזעלשאַפֿט „ניי־רוסלאַנד", צום אַלטן מירקין.

אַ קלוגער, שפּאָטישער שמייכל שפּילט איבער די באַגראָטע געלע וואָנסעם פֿון אַלטן מירקין, ער ציט אויס מיט דער האַנט דערביי איינע פֿון זיינע באָרד־שפּיצן און ער פֿרעגט גאַנץ גלייכגילטיק:

— מיט וואָס אייגנטלעך?

— איך האָב נאָר־וואָס באַקומען וויכטיקע אינפֿאָרמאַציעס, — הייבט מישקע אָן אין אַן ערנסטן טאָן.

— אינפֿאָרמאַציעס? — שלאָגט אים איבער דער אַלטער מירקין.

— דאָס אינטערעסירט מיך נישט. איך האָב צייט צו וואַרטן אויף די געשעענישן, ווען זיי קומען, און כ'דאַרף נישט זיי אַנטקעגנלויפֿן, — שמייכלט דער אַלטער.

— אָבער, גבֿריאל חיימאָוויטש, איך וויל אייך דינען.

— מען דאַרף נישט, — זאָגט שוין דער אַלטער שטרענג, און דאָס

שמייכעלע פֿאַרשווינדט פֿון זיינע וואָנסעס, און לאָזט איבער אַ בכבודן פּראָסט אויף די לאַנגע באָרד-שפּיצן.

— נאָך נישט? — זאָגט מישקע מיט אַ פֿולזאַגנדיקן אַקצענט, און קוקט דעם אַלטן פֿאַרשנדיק אין די אויגן.

— נישט היינט און נישט קיינמאָל, — זאָגט דער אַלטער און לאָזט אים שטיין.

— נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען, — רופֿט אים נאָך מישקע.

דער אַלטער האָט זיך שווין אויסגעדרייט און איז פֿאַרשוווּנדן.

אַזוי ווי מען זעט פֿון באַשריבענעם, איז דאָס לעבן אין באַלאַגערטן האָטעל געווען כמעט אַ נאָרמאַלס, מיט אַלע זיינע פֿאַרגעניגנס, אינטע־רעסן און קליינע קאָמפּליקאַציעס, וואָס דאָס לעבן רופֿט אַרויס.

די באַטייליקטע האָבן זיך געפֿונען אין דער בעסטער שטימונג, זיך אַמוזירט, זיך געליבט, געהאַנדלט, ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט פֿאַר־טרייבן די צייט, און אַרויסגעקוקט מיט האָפֿענונג אויפֿן אויסגאַנג פֿון די געשעעענישן. אַזוי האָבן זיך געפֿילט אַלע, אַ חוץ דעם, אויף וועמען עס איז זיך געווען צומיינסט צו ריכטן, לויט זיין טעמפּעראַמענט און שטעלונג, אַזוי צו זאָגן, — אַלע, אַ חוץ דער באַרימטער אַדוואָקאַט סאַ־לאָמאָן האַלפּערין.

נאָר די געפֿאַלענע שטימונג זיינע איז געקומען נישט צוליב דער אַלגעמיינער לאַגע, נאָר צוליב אַן אייגענער אומאָנגענעמער דערפֿאַרונג.

מיטן באַרימטן אַדוואָקאַט האָט פּאָלגנדעס פּאַסירט:

נאָכדעם ווי דער גרויסער צוועק, וואָס האָט אים געבראַכט קיין מאָסקווע, איז דערגרייכט געוואָרן, נאָכדעם ווי די געזעלשאַפֿט „נייע־רוסלאַנד" איז געגרינדעט געוואָרן, האָט זיך דער באַרימטער אַדוואָקאַט דערמאָנט אין זיינע געזעלשאַפֿטלעכע פֿליכטן, וואָס עס ליגן אויף אים אַרויף זיין שטעלונג, זיין אַמט און זיין אָנזען, אַז ער מוז מיט זיין האַנדלונג געבן אַ ביישפּיל אַנדערע. ער טאָר נישט דאָ זיצן ווי אַ יידענע אינעם פֿאַרמאַכטן האָטעל און אָפּוואַרטן די געשעעענישן. ער מוז העלפֿן שאַפֿן די לאַגע. ער מוז האָבן פֿערזענלעך אַ ווירקונג אינעם דאָזיקן ערנסטן מאָמענט. ער דאַרף זיך געפֿינען דאָרט, ווו ער איז נויטיק, אין „קאָמיטעט פֿון אַלגעמיינער זיכערהייט", אין האַרץ פֿון דער פֿאַרטיידיקונג, כדי ער

זאָל מיט „ראַט און טאַט", ווען עס וועט זיין נויטיק, — האָט ער נישט פאַרגעסן צוצוגעבן אין געדאַנק, — קומען צו הילף דעם פאַטערלאַנד.

האָט ער קיינעם נישט־זאָגנדיק אַ וואָרט, אין די טעג, ווען עס איז פאַרהעכטנישמעסיק געווען רואיק אויף די גאַסן, זיך אַרויסגעגנבעט פון האָטעל און אַדורך דעם פּאַטרול פון די אָפיצירן, וואָס האָבן געהיט דעם האָטעל.

צי זיי האָבן אים דערקענט, צי זיי האָבן אים נישט באַמערקט? (דער אַדוואָקאַט האָט, פאַרשטייט זיך, אָנגענומען די ערשטע סברה). געגוג, אַז זיי האָבן אים דורכגעלאָזט, און דער אַדוואָקאַט האָט מיט פעסטע טריט, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיט אַ מוטיק אויסגעשטעלטער ברוסט, זיך געלאָזט איבער דעם פּוסטן, אויסגעשטאָרבענעם, טויטן טעאַ־טער־פּלאַץ גיין צו דער אַלעקסאַנדערשער מיליטער־שול, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב פון די „ווייסע". דאָ האָט ער געהאָפט צו גע־פינען אַ סך פריינט און באַקאַנטע.

צווישן „געאָרגיעווסקע" און „טווערסקע" איז ער באַלד פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַ יונקערשן פּאַטרול.

דער פּונקט, ווו ער האָט זיך געפונען, איז געווען זייער אַ געפער־לעכער, נישט ווייט פון גובערנאַטאָרס הויז. דער גאַנצער ראַיאָן איז גע־ווען באַזעצט פון די באָלשעוויקעס. די יונקערס האָבן מיט פּולעמיאָטן געהיט דעם צוגאַנג צום באָלשעוויסטישן ראַיאָן. דאָס זענען געווען יונ־געלייט, אָפיצירן, סטודענטלעך מיט קוים אַרויסגעשפּראָצטע וואָנסעלעך, מיט זייער חשובע מינעם, באַוואָפנט מיט כלערליי ביקסן און רעוואָל־ווערן. אַ חוץ דעם, זענען צו זייערע פיס געלעגן האַנט־גראַנאַטן, און זיי האָבן אַזעלכע טאַקע אויך אין די הענט געהאַלטן.

— שטיין! וווהין? — האָט דעם אַדוואָקאַט פאַרהאַלטן אַ יונג אָפיצירל.

— צו דער אַלעקסאַנדערשער מיליטער־שול, פאַרטיידיקן דאָס פאַ־טערלאַנד, — רופט אויס דער אַדוואָקאַט מיט דער גאַנצער וואַזשנעקייט פון זיין פּערזאָן און פון גרויסן מאָמענט, אין וועלכן מען געפינט זיך, און וויל זיך ווייטער לאָזן איגנאָרירן די יונגע שנעקעס.

— און אַ פּאַראָל איז דאָ?

— אַ פּאַראָל? — איך באַדאַרף נישט. איך בין...

— גיב דעם פּאַראָל! — לאָזן אים די אָפיצירן נישט קומען צום וואָרט.

— איך, איך, — דאָס איז מיין פּאַראָל, — ווייזט ער אויף זיין קלאַפּע, אין וועלכער עס שטעקט די אָפּצייכענונג פון זיין רעגירונגס־שטעלע.

די יונגע אָפיצירלעך האָבן געקוקט. זיי האָבן זיך נישט געקענט אויף קיין צייכנס. איבריקנס האָט דענסטמאָל יעדער איינער געטראָגן א בענדל, אָדער אַן אָפּצייכענונג, פון דער אָדער אַן אַנדערער פאָרם, און מען האָט זיך נישט געקאָנט פונאַנדערקלייבן, וואָס זיי באַדייטן, צו וועמען זיי באַלאַנגען.

— עס איז זייער צום באַדויערן, וואָס אונדזער יוגנט ווערט אַזוי דערצויגן, אַז זי דערקענט שוין נישט פון פּנים אַליין, ווער עס זענען אירע פירער. אייגנטלעך דאַרפן די שולן דערפאַר זאָרגן, — זאָגט דער אַדוואָקאַט אַ באַליידיקטער פאַר זיך.

— וואָס, אַ באָלשעוויק? — פרעגט איינער דעם אַנדערן, נישט הערנדיק דעם אַדוואָקאַטס ווערטער.

— קאָן זיין, אַז ער האָט געוואָלט זיך אַריינקריגן אין גובערנאַ־טאָרס הויז.

— יעדנפאַלס זעט ער אויס, ווי איינער פון זיי, אַ יידישע מאָרדע.

— מען דאַרף זיך מיט אים אַ שפּיל־טון, — לאַכט איינער צום צווייטן.

— הער נאָר, פּעטערל! — רופט זיך אָן צו אים איינער, רויכערנ־דיק אַ ציגאַרעטל, און לאָזט־אַריין עזותדיק דעם רויך אין אַדוואָקאַטס פּנים, — דריי זיך אויס, ווענסט אָפּציילן פיר — וועלן מיר שיסן. מיר הייבן אָן.

זיי דרייען אים אויס און שטעלן הינטער אים אויס די רעוואָלווערן: איינס... צוויי...

קאָן מען זיך פאָרשטעלן די פּיס, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט גע־שטעלט. זיינע פון טויט זיך ראַטעווענדיקע טריט, וואָס האָבן דורך אַנגסט און פּאַניק נאָך מער פאַרקרימט זיין האַלטונג, האָבן גערייצט דאָס לאַכן פון די איבערמוטיקע יונקערלעך. אָפּציילנדיק פיר, האָבן זיי אַלע דריי אין דער לופטן אויסגעשאָסן. דער אַדוואָקאַט האָט ביי די קנאַלן

פון די רעוואָלווערן מיט זיין גאַנצן שטייף־געוואָרענעם קערפּער זיך אַ טרייסל געטון. דאָס האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט די ספּאַזמען פון לאַכן ביי די יונקערס. און דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט אין זיין שוויס און אַנגסטן, מיט אונטערגעשניטענע קני, מיט אַ שפּרינגנדיק האַרץ, אין משוגעדיקן געלויף, נישט טויט, נישט לעבעדיק, געראַטעוועט זיך צוריק דורכן טעאַטער־פּלאַץ אין האָטעל אריין.

ער איז געפאַלן מיטן פּנים אויף דער שוועל פון האָטעל.

אַז מען האָט אים קוים אָפּגעמינטערט, געפירט אין זיין צימער, געלייגט אין בעט אריין, האָט ער געשטאַמלט אומפאַרשטענדלעכע ווער־טער:

— זיי זענען משוגע געוואָרן, גאַנץ רוסלאַנד איז משוגע געוואָרן.

פון דענסטמאָל אָן איז זיין מוט געבראָכן געוואָרן. ער זיצט אין זיין צימער, גייט נישט אַראָפּ, נעמט נישט מער קיין אָנטייל אינעם גע-זעלשאַפטלעכן לעבן פון האָטעל. זיין איידעם, מירקין, זיצט נעבן אים און רעדט אים אויס:

— ווי אַזוי האָט איר זיך דערוועגט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס אין אַזאַ צייט?

דער טיי־סוחר, וואָס האָט שוין דורך דער באַלאַגערונג פאַרלוירן די פרישע רויטקייט פון זיינע באַקן־פּעלדער און איז אונטער די אויגן געל געוואָרן, טרייסט אים מיט זיין שטימע, ווי געוועגלעך:

— ס'וועט באַלד אַלץ איבערגיין. מען זאָגט, אַז זיי גייען שוין איין אויף אַן אַלגעמיינעם קאָמיטעט.

אַזוי האָט מען זיך געטרייסט, ביז עס איז געקומען די נאַכט פון איין־און־דרייסיקסטן אָקטאָבער.

## קאַפּיטל 16

# די שעה דערנעענטערט זיך

דער קאַמף האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון די ווייטע ראַיאָנען אין צענטער אריין, אַרום דער „שטאָט־דומע", ווו עס איז געווען דער זיץ פון „קאָמיטעט פון אַלגעמיינער זיכערהייט".

די אָפּיצירן און יונקערס האָבן באַפּעסטיקט אַלע צוטריטן צו דער דומע און צום קרעמל, צווישן זיי אויך דעם טעאַטער־פּלאַץ. אָבער פון די בוידעם־פענצטערלעך פון טעאַטער־דאַך האָבן שוין ארויסגעקוקט דרייסט און אָפן די רערן פון מירקינס מאַשין־געווער־אָפּטיילונג, וואָס זענען געווען געווענדעט צום האָטעל „מעטראָפּאָל".

אין אָוונט, דעם איין און דרייסיקסטן אָקטאָבער, האָט מירקינס אָפּ־טיילונג אויפן טעאַטער פּלאַץ באַקומען, דורכן אָפּגעמאַכטן צייכן, א באַ־פעל אויפצופּענען פייער פון די מאַשין־ביקסן. האָט פון דאַך פון גרויסן טעאַטער געהאָגלט מיט קוילן, וואָס האָבן באַשאָטן דעם גאַנצן פּלאַץ. די איינוווינער פון גרויסן האָטעל „מעטראָפּאָל" זענען אַלאַרמירט גע־וואָרן דורכן קנאַלן פון מאַשין־געווער, פון די אויפרייסן פון האַנט־גראַ־נאַטן. דער אויפזעער מיט זיינע באַגלייטער זענען ווידער ארומגעלאָפן איבער אַלע נומערן פון דעם גרויסן הויז און אויפגעפּאָדערט זייערע באַ־וווינער, טייל שוין פון די בעטן ארויס, אַנדערע פון דעם קאָרטן־טיש, גאָר אַנדערע פון נאָך מער אָנגענעמע צייט־פאַרטרייבן צו גיין אין דעם שוין באַקאַנטן ביליאַרד־זאַל, וואָס איז ווידער מיט זיינע אויסגעשטעלטע שטולן, פּאָטעלן, קאַנאַפּעס, געשטאַנען גרייט אויפצונעמען די געסט. דאָס מאָל אָבער האָט מען נישט געלאָזט זיך אויפהאַלטן אין די ברייטע האַ־לעס, אין בופעט. אפילו נישט אין די „בלינדע צימערן", וואָס זענען ארויסגעגאַנגען אויפן הויף. דאָס גאַנצע הויז איז געווען אויסגעשטאָרבן, דער בופעט פאַרמאַכט. אַלע איינוווינער מיט די באַדינער, די אויפזעערס — אַלץ האָט זיך געפונען אין דעם פאַרהאַקטן ביליאַרד־זאַל.

דורך די פּאָר טעג פון דער שווערער באַלאַגערונג האָבן אפילו די גוט־דערצויגענע פאַרגעסן זייערע גוטע מאַנירן. איינער איז דעם אַנ־דערן, פון דעם פּיל־טעגיקן צוזאַמענזיין, שוין געווען אַזוי דערעסן, יע־דער איז געווען אַזוי דענערווירט, אַז מ'איז געווען גרייט, פאַר דער קלענס־טער זאַך, צו רייסן איינער דעם אַנדערן ביי די קעפּ.

עס האָט דעם פאַרוואַלטער און די מער־קאַלטבלוטיקע לייט א סך מי געקאָסט צו באַרואיקן די געמיטער. ענדלעך האָט זיך איינגעגעבן ארייננצוברענגען א שטיקל אָרדענונג אין דער אויפגערעגטער געזעלשאַפט.

אַזוי ווי מישקע האָט זיך נאָר באַוויזן, איז ער תיכף ארומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן. די מענטשן האָבן, ווי פאַרחלשטע נאָך א טרונק,

געגאַרט נאָך אַ וואָרט פון טרייסט אין זייער אומגליק, נאָך אַ שטראַל ליכט אין זייער פינצטערניש. אַ גאַנצן טאָג האָט מישקע געהאַלטן אין איין פאַרשפּרייטן פריילעכע ידיעות, אַז אָט־אָט רייניקט מען אָפּ דעם גובערנאַטאָרס הויז; אַז אָט־אָט באַפרייט זיך די שטאָט. און דאָ מיט אַמאָל — אַזאַ אומדערוואַרטעט אומגליק!

— מישקע, געדענק אין גאָט, ווער געוווּר וואָס עס איז געשען!

— מישקע, וואָס וועט זיין דער סוף? — האָבן אַנדערע אויסגע־שטרעקט צו אים די הענט מיט טענות, ווי מישקע וואָלט אין אַלעם גע־ווען שולדיק.

— מישקע, גיי צו צום ווייבל, ווער געוווּר ווי מיר האַלטן? — האָבן זיך אַנדערע געבעטן ביי אים.

און מישקע האָט נאָך געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז עס איז גאָרנישט, אַז אָט האָט ער באַקומען אין סעקרעט אַ ידיעהלע, אַז דאָס איז אַ קאָנטר־אַטאַקע פון די באָלשעוויקעס, ווי זיי האָבן עס געמאַכט דעם אַכט און צוואַנציקסטן. נאָר דאָס מאָל האָבן די „ווייסע" אָפּיצירן זיי דערצו עקסטרע פּראָוואָצירט, כדי איבער די קעפּ פון דער „עסערי־שער" דומע איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו ליקווידירן די אוואַנטורע.

נאָר עפּעס מיטאַמאָל האָט מען מישקען אויפגעהערט גלויבן. אַלע האָבן מיטאַמאָל דערפילט די גאַנצע נאַרישע סיטואַציע, אין וועלכער זיי פלעגן זיך אַליין אוועקשטעלן, שענקענדיק גלויבן אַ צווייפלהאַפטן אָפּנאַרער. עס האָט אויסגעוויזן, ווי מישקע וואָלט געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די אויטאָריטעטן, און צוליב אים — האָט די גאַנצע אַלטע וועלט פאַרלוירן דעם צוטרוי. מען האָט אָנגעהויבן צו שאָקלען מיטן קאָפּ אויף מישקען, צוזאַמען מיט דער רעגירונג, מיט דער דומע, אַזוי ווי ער וואָלט געווען דער גאַנצער „קאָמיטעט פון אַלגעמיינער זי־כערהייט".

— אונדזערע פאַרזאָרגערס! — האָט מען מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו שפּאָטן. — זעט ווער עס פירט אָן מיט רוסלאַנד! — האָט מען גע־וויזן מיט חוזק אויף מישקען און געמיינט האָט מען אַלעמען.

מיטאַמאָל איז מישקע געוואָרן ווי אַ געפּאַלן בערזע־פּאַפּיר. מיש־קע איז געוואָרן אַן אויסגעשפּילטע מטבע, אין וועלכער קיינער נוטיקט זיך נישט.

ער האָט אָנגעהויבן צו פילן זיין שפלות און איז בייז געוואָרן:

— גיב נאָר אַ קוק, ווי זיי זעצן זיך אָן אויף מיר! אַזוי ווי איך וואָלט געווען די רעגירונג!

דער „אָנגענעמער מישקע", דער „סימפּאַטישער מישקע", איז מיט איין מאָל געוואָרן דאָס כפּרה־הינדל פאַר אַלע חטאים פון דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. אַ זינד־באָק פאַר אַלע חרפּות און בושות פון אייגענער ווירדע, אויף וועמענס קאָפּ מען האָט דאָס גאַנצע ביטערע הארץ אויסגעשאָטן:

— אוי, האָט ער דאָס אַביסל מיט דער צונג געמאָלן! אוי, האָט ער דאָס אַביסל ליגנס אָנגעזאָגט!

— ווער האָט געזאָגט ליגנס? — צעקאָכט זיך מישקע און איז גרייט כאַטש זיך צו וואַרפן אויף יענעם. — ווער האָט דערוועגט זיך דאָס דאָזיקע וואָרט צו וואַרפן? — פאָדערט מישקע אַ בלייכער.

— איך! — רופט זיך אָן אַ ברייט־פּלייציקער, באַשטיוולטער רוס און דרייט זיך די וואָנסעלעך.

מישקע קוקט אויפן ברייטן קאַצאַפּישן מענטש מיט ציטערנדיקע, טויט־אויסגעגאָגטע ליפּעלעך. ער קוקט אויף זיינע מעכטיקע הענט, אויף זיין ברייט־ביינעקן רוקן. ער באַדענקט זיך — און וואַרפט אים צו אַ וואָרט:

— אייער גליק, בירגער, איז, וואָס מיר געפינען זיך אין אַזאַ סיטואַציע, און איך בין געצווינגט אָפּצולייגן צו פאָדערן פון אייך סאַטיספאַקציע פאַר די דאָזיקע ווערטער אויף אַן אַנדער אָרט, אין אַן אַנדערער צייט.

און ווי זיך צו פאַרענטפערן, שרייט מישקע אין אַן אויפגערעגטן טאָן:

— וואָס, צי בין איך דער קאָמאַנדיר פונעם קאָמיטעט, דער שטאַטגאַלאָווע, וואָס זיי וואַרפן זיך אויף מיר?

פּלוצים איז אָבער עפּעס געשען, און מען האָט ווייטער געדאַרפט אָנקומען צו מישקען. די עלעקטריע איז מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן און אַלע זענען פאַרפאַלן געוואָרן אין אַ פינצטערניש.

נאָר דאָס מאָל איז עס נישט געווען ווי דאָס פריערדיקע מאָל. עס

איז נישט באַלד ליכטיק געוואָרן, ווי אַלע האָבן דערוואַרטעט. נײַן, די פינצטערניש האָט געדויערט.

— ליכט! ליכט! ליכט! — האָט זיך מיט איין מאָל דערהערט פון אַלע זײַטן.

— באַרואיקט אײַך! עס ווערט דאָך אַ גיהנום! — שרײַט ווער.

— רואיק! רואיק! — האָט מען אָנגעהויבן צו רופן פון אַלע זײַטן. מענער האָבן אָנגעצונדן שטרײַך־העלצעלעך. עס האָבן זיך אפילו געפונען אייניקע עלעקטרישע לעמפּלעך, — וואָס איז צו יענער צײַט געווען ביי יעדן אין קעשענע נישט קיין זעלטנהייט. דער פאַרוואַלטער פון האָטעל האָט עפּעס געשריגן. באַלד האָט אַ ליכט געברענט. אַן אַנדער ליכט האָט זיך אָנגעצונדן. דינער האָבן אָנגעהויבן אַרײַנצוברענגען קאַנדעליאַבערעס מיט אָנגעצונדענע ליכט. עס האָבן זיך אפילו אָנגעצונדן אַ פּאָר נאַפּט־לאָמפּן, וואָס געפינען זיך אין יעדן האָטעל פאַר אַזעלכע פאַלן.

— מען קאָן גאָרנישט מאַכן. אויף וויפל עס וועט זיך לאָזן, וועלן מיר דינען, — זאָגט דער פאַרוואַלטער אויך שוין אין אַ נערוועזן טאָן.

— איך ראָט, אַז מען זאָל זײַן שפּאָרזאַם מיט ליכט, — רופט זיך אָן אַ שטימע פון אַ ווינקל.

— ער האָט רעכט, קיינער ווייסט נישט ווי לאַנג עס וועט אויס־קומען...

— נו, מישקע, וואָס איז דאָס? — פרעגט ווער מיט אַ חוזק־שטימע.

— פרעגט מיך נישט, איך ווייס נישט מער, — זאָגט מישקע אַ ברוגזער.

— איך וועל אײַך זאָגן, — רופט זיך אָן אַן אַנדערער, — דאָס מיינט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן באַזעצט די שטאָט, און באַלד וועלן זיי אויך דאָ זײַן.

— עס איז בעסער אַזוי. זאָלן זיי קומען און וואָס גיכער מאַכן אַן ענד פון דער משוגעת.

דער עולם האָט געשוויגן. אַלע האָבן געפילט דאָס זעלבע.

דער מרה־שחורהדיקער שײַן פון דעם ליכט, אין וועלכן מען האָט זיך געפונען נאָך דער העלער עלעקטרישער באַלײַכטונג, האָט ווי צוריק־געטריבן אין ווײַסטע צײַטן. דאָס האָט נאָך מער צוגעהאָלפן צו פאַר־שטאַרקן די שרעק פאַרן אומבאַוווּסטן, וואָס דאַרף קומען.

קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס די באָלשעוויקעס זענען און וואָס זיי ווילן. מען האָט זיי זיך פאָרגעשטעלט ווי גזלנים. מען האָט מורא געהאַט פאַר זיי, ווי פאַר אַן איבערפאַל פון רויבער, וואָס קומען ראַבע-ווען. יעדער באַזונדער אין זיין ווינקל האָט אָנגעהויבן צו קלערן, ווי אַזוי צו ראַטעווען זיין הויט. נאָך גרעסער אָבער ווי פאַר דער אייגענער הויט איז געווען די אימה פאַר די פאָר גראָשן, וואָס מען האָט געהאַט מיט זיך, פאַר די פאַפּירן, פאַר די דימענטן און טייערע שטיינער, וואָס מען האָט געטראָגן אין זעקעלעך, אַרויפגעבונדן אויפן האַרץ.

מען איז שוין געווען זיכער, אַז קיין הילף וועט נישט קומען. יעדנ-פאַלס האָבן שוין די קליגערע און מער באַרעכנטע דאָס געוווּסט, אַז זייער גורל איז: אַריינצופאַלן אין די הענט פון די „רויטע מערדער", וועלכע האַקן שוין מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן אין דער טיר.

מען איז געווען זיכער, אַז דער, ביי וועמען מען וועט געפינען געלט, ווערט-פאַפּירן, צירונג, שטייט אין געפאַר אויך דאָס לעבן צו פאַרלירן. מען האָט געוווּסט, לויט דעם, וואָס מען האָט געהערט וועגן די באָלשעוויקעס און געקאָנט וועגן זיי משפטן, אַז אויב זיי וועלן האָבן איינזען, וועט עס נאָר זיין פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן ביי זיך גאָרנישט. דעמאָלט וועט מען זיך קאָנען אָנגעבן פאַר אָרימע קרובים, פאַר קליינע געשעפט-אָנגעשטעלטע, פאַר פּריקאַזטשיקעס, מעקלערס, אָדער גאָר פאַר אָרימע דינערשאַפט. אָבער וואָס טוט מען מיטן געלט און צירונג? אַוועקוואַרפן אַזוי מיר-נישט, דיר-נישט? טאָמער גליינגט עס דאָך די „ווייסע" זיי אָפּצושלאָגן? ווי אַזוי וואַרפט מען אַוועק אייגענע פאַרמעגנס? אָנפאַר-טרויען עס דעם פאַרוואַלטער אין דער האָטעל-קאַסע? פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע זאַך וועט זיין זיך לאָזן צו דער קאַסע און אַלצדינג קאָנ-פיסקירן. העכסטנס וועלן זיי געבן אַ שמוציק שטיקל פּאַפּיר, אָנגעשריבן אויף אַ ציי‌טונגס-ראַנד: „אַזוי פיל און אַזוי פיל צוגענומען פאַר דער רעוואָלוציע". געבן עס דער דינערשאַפט צו האַלטן? אָבער ווער קאָן פאַרזיכערן, אַז זיי וועלן עס נישט צוריקגעבן? אַריינשטעקן עס אין די ראַנדן פון די אויסגעבעטע שטולן און קאַנאַפּעס? אויפרייסן די פּאָדשיווקע פון די מאַנטלען, פון די קליידער? עס איז נישט קיין זיכערע זאַך און ביים געפינען שמעקט עס מיטן טויט אויף געווים. אָבער וואָס איז דאָ פאַר אַן אַנדערע עצה?

זיצט יעדער פארטראכט און קלערט־אויס צו געפינען מיטלען, ווי אזוי די פאר דימענטן צו באהאלטן. נאר צומייסטן פיקט די דאזיקע פראגע אין די קעפ פון אונדזער גרופע: די רייכע סוחרים, די מיטגלידער פון דער נאר־וואס געגרינדעטער געזעלשאפט „נײ־רוסלאנד".

זיי זיצן אלע אינאיינעם, פארקליבן זיך, ווי יידן אין צייט פון סכנה, אין אן אייגן ווינקל. דער שווייגנדיקסטער פון אלעמען איז גבריאל מירקין.

שווער לאזן זיך אראפ די הייטלעך איבער זיינע אויגן. נעבן אים איז דער נאפט-סוחר גאלדשטיין. דאס רואיקע שמייכעלע פארשווינדט נישט פון זיינע ליפן אפילו אין דעם איצטיקן סכנהדיקן מאמענט. זיינע אקציעס ליגן ערגעץ זיכער אין אן אויסלענדישער באנק. ער איז געווען געווען קלוג, אפילו אין דער נייער אונטערנעמונג זיך נישט צו פיל צו אנגאזשירן, נאר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל עס האט נישט געפאסט פאר דער קאמפאניע זיך צוריקצוהאלטן. וואס קאנען זיי ביי אים צונעמען? זיין שווערן לייב? זיין געלט איז זיכער.

אט זיצט דער איידעלער טיי־סוחר ראזמארין. זיין פנים איז שוין נישט זארגפעלטיק געגאלט און אנגעפודערט, ווי שטענדיק. פארקערט, אן אכט־טאגיקע באָרד שטייט א שטעכיקע איבער זיינע ברייטע באקן און מאכט אן איינדרוק, אזוי ווי זיין גאנץ פנים וואלט געווען אויסגעשמירט. די פלעקן ארום די אויגן זענען פון געלקייט אריבערגעגאנגען אויף אש גראקייט. זיין צופרידן שמייכעלע איז שוין פארשוונדן. ער האט ביי זיך א האלב פארמעגנס אין פאפירן. אונטער דעם איינפלוס פון „מישקע מאלאדיעצס" גוטע ידיעות האט ער זיך אנגאזשירט אין דער נייער אונטערנעמונג מיט א גרעסערער סומע און אפגעטראטן דערפאר זיין טראנספארט מיט טיי, וואס וועט אוודאי פארהאלטן ווערן אין סיביר און אזוי ארום געראטעוועט ווערן.

דער קריסטלעכער באנקיר קאראפאטקין איז גאר פינצטער. פאר עגמת־נפש איז זיין דיקער בויך איינגאנצן איינגעפאלן. ער, דער בויך, מאכט אן איינדרוק, ווי אן אראפגעפאלענער באלאן. די קליידער, און איבערהויפט די הויזן, זענען אים מיטאמאל צו גרויס געווארן, און זיי ליגן זיך אין גרויסע פאלדן אויף זיין קערפער. זיין פנים איז אינגאנצן שווארץ. זיין גאנץ פארמעגן האט ער ביי זיך אין ווערט־פאפירן, אין

אקציעס פון מינען, אקציעס פון טראנספּאָרט־געזעלשאַפטן, נאַפט־פּאַפּירן, אייזן־פּאַפּירן — און איצט די נייע געזעלשאַפט, אויף וועלכער ער האָט אַזוי פיל געבויט.

דער אַדוואָקאַט סאָלאָמאָן האַלפּערין איז דורך די פּאָר טעג געוואָרן קלענער און אינגאַנצן גרוי. זיינע האָר זענען איצט שטייף, ווי דראָטן. זינט יענעם אומגליקלעכן געשעעניש אויף דער גאַס, קאָן ער נאָך נישט קומען צו זיך. ער זיצט ווי איינגעקאָרטשעט אין זיך. זיין פּנים איז איינגעפאַלן און דאַר. נאָר זיינע אויגן לעבן נאָך. זיי האָבן נאָך מער לעבן און גלאַנץ געקראָגן, ווי פריער, און לייכטן־אַרויס, ווי צוויי נערוועזע ליכטער, פון אַ חורבה־פּנים.

ער האָט געשוויגן, נאָר זיינע אויגן האָבן גערעדט. נישט גערעדט, נאָר געשריגן. אָפטמאָל הערט זיך אַרויס אַזאַ געשריי פון אַ שטומער הויז־חיה. ער האָט אַלעמען אָנגעקוקט, אין זיינע אויגן איז געלעגן דער גאַנצער אָפּגרונט, דער גאַנצער חורבן פון אַ חרוב־געוואָרענער וועלט.

דער טיי־סוחר האָט איבערגעבראָכן די שטילקייט, און מער פאַר זיך געפרעגט די געזעלשאַפט:

— וואָס טוט מען מיט די פּאָר רובל?

קיינער האָט אים נישט אָפּגעענטפערט אויף דער דאָזיקער פראַגע. נאָר דער אַדוואָקאַט האָט אים אָנגעקוקט, נערוועז געשאָקלט מיטן קאָפּ און נאָכגעברומט:

— די פּאָר רובל? רוסלאַנד!

— יאָ, די פּאָר רובל, — האָט מיט איינמאָל דער טיי־סוחר געקראָגן מוט קעגן דעם באַרימטן אַדוואָקאַט. — די טיי־פירמע ראָזמאַרין איז ביי מיר — רוסלאַנד. עס איז מיין רוסלאַנד!

— מען גיט זי אָפּ די נייע באַלעבאַטים, — האָט אים מירקין אָפּגעענטפערט אויף זיין פראַגע.

האָבן זיך אַלע אַרומגעקוקט.

— יאָ. צו זיי באַלאַנגען זיי. וואָס שייך מיר, וועט מיין ערשטע זאַך זיין, ווען זיי וועלן קומען, — זיי איבערצוגעבן מיין פאַרמעגן און זיי זיך שטעלן גרייט צו דינען.

— די פאַררעטער, די גזלנים? די...

— קיין אַנדערע באַלעבאַטים זענען נישטאָ. מיר האָבן, ווייזט אויס,

שלעכט געבאַלעבאַטעוועט אין רוסלאַנד, אַז עס איז געקומען דערצו. זאָלן זיי פירן, אפשר וועט טאַקע זיין בעסער. מיר דאַרפן זיי צוהעלפן.

די לעצטע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַ שטורעם. פון אַלע זייטן האָט מען זיך געוואָרפן אויף מירקינען.

— זיי העלפן רוסלאַנד אונטערצוברענגען! זיי, די גזלנים?

— און אַזוי ווייט זענען מיר שוין געפאַלן! — האָט זיך מיט ביטערקייט אַרויסגעריסן פון אַדוואָקאַט.

— מיר האָבן געזינדיקט, ווייזט אויס, שווער געזינדיקט, אַז מיר האָבן עס אַזוי ווייט געבראַכט! מיר האָבן נישט ערלעך געבאַלעבאַטעוועט אין רוסלאַנד. אפשר איז דאָס דער וועג? אפשר וועלן זיי אַנדערש און גערעכטער באַלעבאַטעווען אין רוסלאַנד? שטערן טאָר מען זיי יעדנפאַלס נישט.

— וואָס איז מיט אייך? איר מאַכט חוזק? — פרעגט מירקינען דער טיי־סוחר.

— נישטאָ קיין צייט צו שפּאָטן. איך מיין עס מיטן גאַנצן ערנסט. יעדנפאַלס זאָג איך דאָס פאַר מיר אַליין. איך שטעל מיך אינגאַנצן צו זייער דיספּאָזיציע. דאָס בלייבט איבער יעדן איינעם פון אונדז צו טון.

— יעדער איינער האָט זיך זיין אייגענע מיינונג, — האָט דער טיי־סוחר געזאָגט.

— און מירקין וועט זיך עס אויך איבערלייגן, — האָט דער נאַפט־סוחר צוגעלייגט מיט אַ קלוגן שמייכל.

— עס איז אַ סימן פון דער צייט, — האָט דער אַדוואָקאַט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס ער מיינט דערמיט.

מירקין האָט געשוויגן.

אין צווייטן ווינקל, אָפּגערוקט פון זיי, איז געזעסן אויף אַ פּוסן־בענקעלע, וואָס איז געווען צו קליין פאַר זיין גרויסן גוף, וואָסילי אַנדרייעוויטש, דעם קאָפּ אין זיינע ברייטע, דיקע הענט. ער האָט געמאַכט די לעצטע החלטה. ער איז אינגאַנצן שוין איבערגעגאַנגען צו זיין געליבטער, צו נאַטאַשע סטעפּאַנאָוונע. אָפּגעהאַקט איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיט זיין געזעצלעך ווייב מאַריע אַרקאַדיעוונע. ער האָט געזען זיין קינפטיק לעבן אין גאָר אַ גינסטיק ליכט... וואָס קאָן דאָ זיין? — האָט ער זיך

געטראַכט. — די באָלשעוויקעס, באָלשעוויקעס — אויפעסן וועלן זיי נישט. איך וועל גיין דינען ביי זיי. זיי וועלן מיר געבן עפּעס אַ שטעל אַלס עקאָנאָם אין אַ דאָרף. אָן עקאָנאָמען וועלן זיי זיך דאָך נישט קאָנען באַגיין. וועל איך וווינען מיט נאַטאַשע סטעפּאַנאָוונע אין אָן אָרימער, באַשיידענער היים: אַ הייזל אַ קליינס, אַ יקו אָדער צוויי, אַביסל הינער, אַ פערד אָדער צוויי. נו, וואָס, נאַטאַשע איז אַ גוטע באַלעבאָסטע, וועט זיך איינאָרדענען. אַ לעבן וועט זיין אַ רואיקס. נישט דאַרפן זיך פאַר קיינעם באַהאַלטן. דאָס ווייב וועט זיין אַ ווייב. אייגענע קינדער וועט מען קאָנען דערציִען, זיך נישט דאַרפן שעמען. נישטאָ קיין סך צו פאַר־לירן. זיי וועלן נישט אויפעסן. אפשר גאָר גלייכער אַזוי? אויב קומען — איז זאָלן זיי וואָס געשווינדער, אַז עס זאָל שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל נעמען אַ סוף, אַז מען זאָל וויסן אויף וואָס פאַרא וועלט מען איז — און ווּהין מען באַלאַנגט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויף די באָל־שעוויקעס. און אַזוי האָבן אויך די אַנדערע געטון.

## קאַפּיטל 17

## הזיוּ דינער

וואָס קלאָרער עס איז געוואָרן די לאַגע, אַלץ ווידערשפּעניקער איז געוואָרן די דינערשאַפט.

זייער האַלטן זיך איז געווען אַ באַראָמעטער פאַר דער לאַגע. האָט זיך אין אָנהויב אויסגעוויזן, אַז די באָלשעוויקעס וועלן פאַרטריבן ווערן, זענען זיי געווען קנעכטיש אונטערטעניק, און מיט דער כאַראַקטערים־טישער רוסישער דערשלאָגנקייט אויסגעפירט די קאַפּריזנע פאַרלאַנגען פון די האָטעל־געסט.

אין די לעצטע טעג זענען זיי געוואָרן אומהעפלעך. פון דעם לעצטן אָוונט, זינט די עלעקטרישע ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן, זענען זיי געוואָרן די האַרן. די גרויזאַמקייט פון דעם, וואָס שטייט פאַר, האָט שוין אַראָפּגעקוקט פון זייערע מאַסקעס, אַזוי ווי אויף זייערע פּנימער וואָלט געווען אָנגעשריבן דער פּסק דין פאַר זייערע באַלעבאַטים. דאָס איז די

אָפּהעבענונג פאַר זייער הינטיש לעבן, פאַר די דערנידערונגען, צוגע־דריקטקייט און פאַר די אַלע יאָרן פון פאַרשקלאַפונג.

די באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן מיט זיי אומצוגיין אַזוי זאַכט און דעליקאַט ווי מיט אַ געשפּאָלטענער וואַזע, אַז מען זאָל זיי, חלילה, נישט מיט אַ קרום וואָרט דערצאָרענען. און אַזוי ווי אַמאָל די דינער, אַזוי האָבן זיך איצט די האַרן אָנגעהויבן אונטערצולעקן, צו שמייכלען צו זייערע דינער. דער דאָזיקער שמייכל איז געשטאַנען אַן אויפגעצוווּנגענער און געפּרוּווט צעווארימען דעם אייזיקן פראָסט, צו פאַריאָגן די וואָלקנס. וואָס האָבן זיך געקליבן ווי כמארעס אויף די פּנימער פון די אונטער־טעניקע...

נאָר דאָס איז געווען — די פרעמדע דינערשאַפט.

גאַנץ אַנדערש האָט זיך פאַרהאַלטן די אייגענע, די „פּערזענלעכע" דינערשאַפט. טייל פון די האָטעל־געסט האָבן געהאַט זייערע אייגענע לייב־קנעכט, דרעסירט און אויסגעלערנט אין הלכות דינסט, ווי הויז־חיות, פאַרן אייגענעם באַדאַרף.

די אייגענע, פּערזענלעכע דינסטן זענען שוין געווען אַזוי איינדרע־סירט אין זייער פאַרקנעכטונג, אַז זיי האָבן זיך מער גענומען צום האַרצן די באַלעבאַטימס אומבאַקוועמלעכקייט אין דער דאָזיקער געצוווּנגענער געפאַנגענשאַפט, ווי די באַלעבאַטים אַליין! אויף דער דאָזיקער דינער־שאַפט האָט מען זיך געקאָנט פאַרלאָזן. זיי האָבן מיט גאָרנישט געענ־דערט זייערע באַציאונגען צו זייערע האַרן. פאַרקערט, זיי האָבן זיך גע־מיט מיט אַלץ, וואָס איז נאָר געווען מעגלעך, נאָך מער דינסט־גרייט צו זיין. אַזוי ווי זיי וואָלטן מיט זייער פּערזענלעכער פאַרשקלאַפונג געוואָלט די באַלעבאַטים פאַרגיטיקן פאַר אַלע צרות, וואָס זיי האָבן אויסצושטיין. און די באַלעבאַטים האָבן טאַקע געפונען אַ דערלייזונג פון דעם אָנגע־זאַמלטן, אוממעכטיקן כעס, דורך דעם, וואָס זיי האָבן אויסגעלאָזט זייער גאַנץ ביטער האַרץ אויף די קעפּ פון זייערע אונטערטעניקע. צום מיינסטנז האָבן דאָס געטון די אַדעליקע ווייבער.

צווישן די געסט האָט זיך געפונען עפּעס אַ פירשטין צי אַ גרעפין, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ מין „באַגלייטערין" אַן אָרימע קרובה, אַ באַ־ראָנעסע. פלעגט זי, די פירשטין, איר מאַכן דעם טויט, זי מבזה זיין מיט

די שענדלעכסטע ווערטער אין דערביי קיינמאָל גישט פאַרפעלן זי אָנצו־רופן ביים נאָמען „באַראָנין״.

— באַראָנין, איר באַנעמט זיך, ווי אַ נידעריקע דינסט. אַ קעכין האָט אַן איידעלערע האַנט און אַ ווייכערע באַרירונג, ווי איר, באַראָנין!

— פלעגט זי איר שרייען אין פּנים אַריין, פאַר אַלע מענטשן.

די „באַראָנישע״ דינערין האָט הכנעהדיק, צום פאַרדרוס פון אַלע אָנוועזנדע, אַראָפּגעשלונגען די באַליידיקונג און געטון אין דער שטיל איר דינסט, פאַרענטפערנדיק איר הארינטע פאַר די אַנדערע:

— זי איז, נעבעך, געוווינט יעדן טאָג איר פרימאָרגן־מיגרענע אויסצורייטן. היינט קאָן זי נישט רייטן, — איז זי נערוועז אַ גאַנצן טאָג.

די אייגענע, פּערזענלעכע דינערשאַפט האָט געזען, ווי ווייט מעג־לעך, צו מאַכן אָנגענעם די באַלאַגערונג פאַר זייערע באַלעבאַטים. זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט די אַנדערע דינער פאַר אַ באַקוועמערן זיץ, גע־ריסן פון די הענט די פוסן-בענקעלעך, זיך געקריגט אין די קיכן מיט די קעלנערס און שטוב־מיידלעך פאַר אַ בעסערן ביסן, פאַר אַ גלאָז טיי, פאַר אַ וואַרימער בויך-פלאַש. טאָמער איז נישט געווען מעגלעך דאָס פאַרלאַנגטע צו באַקומען, האָבן זיי זיך באַטראַכט פאַר שולדיקע און דער גאַנצער לאַגע, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דאָ־זיקער שלעכטער צייט. ווי מוטערס האָבן זיי געטרייסט זייערע קינדי־שע, קאַפּריזנע באַלעבאַטים, פאַרבונדן זיי די קעפּ, געהאַלטן שמעק־פלעש־לעך פאַר זייערע נעזלעך, אָדער געלאָזט גאָר אָנלענען אַ שוועראַ־פאַלנדיקן דאַמען־קאָפּ אויף זייערע פּלייצעס. זייערע רוקנס, זייערע בריסטן זענען געוואָרן פאַר זייערע הארן ווייכע קישנס... מיט איין וואָרט, — זיי האָבן זיך געעמיט, כּמעט מיט זייערע אייגענע לייבער, צו באַצאָלן די באַלע־באַטים פאַר די אַלע צרות, וואָס די פאַרשאָלטענע באָלשעוויקעס האָבן געבראַכט מיט זייער רעוואָלוציע.

מיט דער דינערשאַפט פון האָטעל, מיט די, וועלכע גייען-אום מיט די געסט: די קעלנערס, די שטוב־מיידלעך, די לאָקייען — מיט זיי איז נאָך אויך געווען צו דערליידן, כּמעט נישט אַזוי, ווי מיט דער אייגענער דינערשאַפט. זיי האָבן נאָך, אויס געוווינהייט, אויסגעפירט די באַפעלן, און דער עיקר — די פּנימער זענען געווען באַקאַנטע. עס איז אָבער דורך דער צייט פון דער באַלאַגערונג געוואָרן אַביסל אָפּגעריבן דער שאַרפער

שטריך, וואָס שיידט-אָפּ דעם האַר פונעם קנעכט. די דינערשאַפט פון האָטעל האָט זיך דורך די פּאָר טעג דערלויבט לייכטקייטן מיט די געסט, וועלכע זיי וואָלטן, פאַרשטייט זיך, זיך גישט דערוועגט אַן אַנדערש מאָל: איגנאָרירט פאַרלאַנגען, זיך נישט געמאַכט הערן, ווען מען האָט זיי גערופן, און אָפּטמאָל געגעבן ענטפערס, פון וועלכע דאָס בלוט איז אָנגעלאָפן אין פּנים. נאָר מיט זיי האָט מען זיך, ווי געזאָגט, נאָך געקאָנט אַן עצה געבן. עס איז געווען אַ מעגלעכקייט זיי צו קויפן. און די האָטעלדינערשאַפט האָט טאַקע ביטרע אויסגענוצט די סיטואַציע און זיך געלאָזט באַצאָלן פאַר יעדן פריינטלעכן שמייכל, פאַר יעדן אויספירן אַ באַפעל. און אַזוי ווי די צייט איז געווען אַזאַ, אַז יעדער איינער האָט זיך געמיט אַרויסצווייזן, אַז ער איז אַ „פריינט פון פאָלק”, האָט מען געוואָלט כאָטש מיט פעטע טרינק-געלטער אָפּצאָלן פאַר די זינד, וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן „פאָלק” ביז איצט. מען קאָן זאָגן, אַז עס איז צווישן די געסט אָנגעגאַנגען אַ וועט־געלויף: ווער וועט דעם אַנדערן איבעריאָגן אין זיין „פריינטשאַפט צום פאָלק”. איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט אַריבערשטייגן מיט פעטע טרינק־געלטער. אַנדערע זענען געגאַנגען נאָך ווייטער: זיי האָבן דאָס „פאָלק” נישט בלויז געוואָלט קויפן דורך געלט, נאָר, אַזוי צו זאָגן, געוואָלט אָנקניפּן מיט אים פאַמיליערע באַציאונגען. נישט די דינער די האַרן, נאָר די האַרן האָבן די דינער אָנגעהויבן נאָכצופרעגן אויפן געזונט, זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט זייערע פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן:

— אַ חתונה־געהאַטער? קינדערלעך אַוודאי? נו, און וואָס איז די באַלויננג? אַוודאי נישט געגוג דעם מאָנאַטיק מיטן דאָנערשטיק צוזאַמענצוביינדן? מען דאַרף קלערן וועגן אַ תכלית, פריינט, דאָס ווייב און די קינדערלעך צו פאַרזאָרגן. קום צו מיר אין קאַנטאָר, לאָז דיך מעלדן, ווען די צייט וועט ווערן רואיקער. מיר וועלן זען, וואָס מיר קאָנען טון...

אָבער וואָס ווארימער, וואָס היימישער, וואָס צוגעלאָזענער די האַרן זענען געוואָרן, אַלץ קאַלטער, אַלץ שטייפער, אַלץ שווייגנדיקער איז געוואָרן די דינערשאַפט. דאָך איז זיי נאָך געווען צו דערליידן.

מיטאַמאָל האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אינעם ביליאַרד־זאַל נייע געשטאַלטן, אַזעלכע, וועלכע מען האָט ביז איצט גאָרנישט געזען, גאָרנישט באַמערקט: פון די טיפענישן פון האָטעל, פון זיינע קעלערס און

קאַמערן האָבן אָנגעהויבן אַרויפצוקריכן אין דעם דאָזיקן געפערלעכן מאָ־מענט קוכערס, טעלער־וואַשערס, מאַטראַצן־קלאַפּערס, קלאָזעט־רייני־קערס, אויוון־הייצערס, אַש־טרעגערס, „האָטעל־מייז", וואָס האַלטן זיך אויף טיף, טיף אין די פאַרבאָרגענע לעכער פון האָטעל, אויפן סאַמע גרונט, וועלכע מען זעט קיינמאָל נישט אויף דער ליכטיקער שיין. גע־שטאַלטן זענען דאָס געווען אַזעלכע, וואָס פון בלויזן קוק אויף זיי איז דורכגעגאַנגען אַ פראָסט דורך די ביינער און דאָס בלוט איז אין די אָדערן געוואָרן פאַרהאַרטעוועט. אַ טייל זענען געווען וויים־פאַרמעלטע, אַ טייל — שוואַרץ־פאַרסאַזשעטע, אַנדערע — מיט פאַרטוכער, — גאָר אַנדערע — מיט זעק און שמאַטעס צו באַדעקן זייער נאַקעטקייט. פון זייערע פאַרשוויצטע לייבער האָט זיך געטראָגן אַ זים־זויערלעכער גע־שטאַנק פון איבערגעשטאַנען עסן, וועלכן זיי האָבן מיטגעבראַכט פון די פאַרשטעקטע לעכער, פון וואַנען זיי זענען אַרויסגעקראָכן.

אין דער שאָטנדיקער באַלייכטונג פון ליכט און נאַפט־לאָמפּן האָט דאָס פלוצימדיקע דערשיינען פון די דאָזיקע זעלטן־געזעענע געשטאַלטן — ביי די מידע, טויט־אַנגסטיקע, שלאָף־דורשטיקע האָטעל־געסט אַרויס־גערופן זעאונגען פון שלעכטע חלומות, ווי טייוואָלים אָדער שדים אַזעל־כע וואָלטן זיך מיטאַמאָל באַוויזן צווישן זיי.

מיט זייערע שמאַטעס און לאַבעס, מיט זייערע קרומע באַוועגונגען, מיט די אידיאָטישע שמייכלען פון די רויע, איינגעריסטע, אויפגעריסענע פּנימער און מיילער, האָבן זיי טאַקע אַזוי אויסגעזען. אַ פרוי מיט אַ פאַר־קלעבט אויג האָט געהאַלטן אין איין אַרויסשטאַרצן אירע פאַרפוילטע ציין פונעם אויפגעריסענעם מויל אויף די דערשראָקענע דאַמען. מיט אַ חוצ־פּהדיקן, אידיאָטישן שמייכל האָט זי געקוקט אויף די גרופּן האַלב־שלאָפנ־דיקע, האַלב־וואַכנדיקע געסט און זיך אַזוי ווייט דערלויבט, אַז זי איז נאָענט צוגעגאַנגען צו אַ ווייבל און מיט אירע פינגער באַטאַפּט דעם שטאָף פון איר קלייד: זייד!

דאָס ווייבל האָט פון דעם באַקומען אַזאַ שרעק, אַז זי איז אַריינ־געפאַלן אין אַ היסטערישער אָנמאַכט. אַ הויכער, אומגעלומפּערטער קאַ־לאָס איז געשטאַנען אויף זיינע שטאַרקע פיס, זיין האַלב־נאַקעט לייב אַרומגעהילט מיט אַ זאַק. (אַ קוילן־שלעפּער האָט עס געמוזט זיין.) ער איז געשטאַנען אויף זיין אָרט, זיך נישט גערירט, און מיט זיינע שיי־

גענדיקע אויגן, וואָס האָבן ארויסגעקוקט פון א צעריסן און צוזאַמענגע־קלעבט פּנים, געהאַלטן אין איין אַרויספאָדערן, אין איין קוקן מיט א קאַלטן, גזלנישן שמייכל, אויף אַלעמען, מיטן בליק, מיט וועלכן מען קוקט שוין אויף א קרבן...

זיי האָבן זיך אַפילו דערלויבט אויף אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אָנגע־הויבן צו שפּאַסן און חוזק צו מאַכן פון דער האָטעל־דינערשאַפט, וואָס האָט זיך, פאַרהעלטניסמעסיק, געהאַלטן אָנשטענדיק. זיי האָבן אויסגע־לאַכט זייערע לאַקייאישע שטיק, און אַפילו צוגערופן צו זיי מיט אומאָנ־שטענדיקע, באַליידיקנדיקע ווערטער:

— הארן־הינט! זע, ווי דאָס קריכט אויף אַלע פיר פאַרן פריצישן הינטן!

דאָס פּלוצימדיקע דערשיינען פון די דאָזיקע אומגעוועלעכע גע־שטאַלטן, האָט צווישן די דערשראָקענע און אַזוי אויך היסטעריש־פאַר־כאַפּטע געסט, אַרויסגערופן א פאַרשטענדלעכע פּאַניק. מען האָט אָנגע־הויבן מיט שרעק איינער דעם אַנדערן צו קוקן אין די אויגן און איינגע־רוימט זיך אין די אויערן:

— וואָס זענען דאָס פאַרא מענטשן? וואָס מיינט דאָס אַלץ?

עס איז געווען א גרויען פאַר דעם אָנקומענדיקן מאָרגן, דאָס וואָס די פנימער פון די אויסטערלישע געשטאַלטן האָבן פאַרראַטן. ווי עס וואָלט זיך געווען פאַר די האָטעל־געסט אויפגעעפנט דער פינצטערער תהום פון זייער קומענדיק לעבן.

— נעמט זיי צו פון דאַנען. וואָס האָט מען זיי אַרויפגעבראַכט צו אונדז?!

— רעדט נישט, ווי גאָט איז אייך ליב! שווייגט! איר ווייסט נישט, אין וואָס פאַרא צייט מיר לעבן.

דאָס האַלטן זיך פון די אויסטערלישע געסט איז געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ חוצפּהדיקער און אַרויסרופנדיקער. זיי זענען שוין אוועקגעקראָכן פון דעם ווינקל פון טיר, וווּ זיי האָבן זיך אין אָנהייב אויפגעהאַלטן מיט א געוויסער שעמעוודיקייט און נישט־געוואַגטקייט. איצט האָבן זיי זיך שוין דערלויבט ווייטער צו טרעטן. זיי האָבן זיך אויסגעמישט מיט די געסט, זיך געפּרוווט אַפילו אוועקצוזעצן אויף די ווייכע שטולן, אויף די אויסגעבעטע קאַנאַפּעס, וואָס זענען נאָר געווען באַשטימט פאַר די האָ־

טעל־איינוווינער. זיי האָבן זיך אַפילו דערלויבט חוצפּהדיק צו דריקן מיט זייערע לייבער די דאַמען און הערן. די וואַש־ווייבער זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן, אָן יעדער פאַרשעמטקייט, זיך אָוועקגעזעצט צווישן די האָטעל־דאַמען. פאַר דעם געשטאַנק פון שווייס און שמוציקער וועש, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די ווייבערס לייבער, איז נישט איינע אויפגעשפּרונגען מיט שרעק פון איר פּלאַץ.

— וואָס ווילן זיי?! וואָס האָט מען זיי אַרויפגעבראַכט צו אונדז?

זייער שפּאָטיש לאַכן, זייער ציניש באַנעמען זיך האָבן אַפילו אָנגעשטעקט די געוועלנלעכע דינער. די האָטעל־דינער זענען געוואָרן נערוועז. אייניקע האָבן זיך אַפילו צוגעקליבן צו זיי. אַנדערע האָבן זיך גאָר אָפּגעטראָגן. די אייגענע, די פּערזענלעכע דינער, זענען אָבער געבליבן געטריי זייערע באַלעבאַטים. זיי האָבן זיך אָנגענומען פאַר זייערע הארן און זיך געקריגט מיט די אַנדערע.

איינע פון די געשטאַלטן איז צוגעגאַנגען צו דער קאַנאַפּע, אויף וועלכער עס איז געזעסן אונדזער גרופּע פון דער געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד".

— נו, פּריצימלעך, רוקט אייך. גענוג געזעסן אויף ווייכע מעבל. איצט איז געקומען די רייע פאַר אַנדערע.

אין דער נאָז און האַלדז האָט אָנגעהויבן צו שטיקן אַ חלשותדיקער געשטאַנק פון מייז־נבילות, וואָס די געשטאַלט האָט מיטגעפירט מיט זיך. טייל האָבן זיך געפּרוווט אויפכאַפּן און אַוועקלויפן. נאָר אַזוי ווי דער אַלטער מירקין איז געבליבן עקשנותדיק זיצן אויף זיין אָרט, אַזוי האָבן זיך אויך די אַנדערע געעמיט און זענען געבליבן זיצן צוזאַמען מיט „דעם" צווישן זיי.

— ווו רוקסטו זיך? זעסט נישט, וואָס דאָ איז? דאָ איז נאָר פאַר די האָטעל־געסט. נו, נו, גיי דיר צו דיינע, — איז דער הויפּט־לאָקיי איוואַן, צוגעקומען פלינק מיט זיינע פינקלדיקע שטיוועלעך, און געזאָגט ווי מענגלעך ווייך. מען האָט געזען, אַז עס האָט אים געקאָסט פיל אָנשטרענגונג, וואָס ער מוז צו אַזאַ „איינעם", מיט אַזאַ ווייכן טאָן רעדן. ער האָט אָנגענומען דעם „אים" און געפּרוווט אים אָוועקפירן פון הארישן זיץ.

— היינט איז נישטאָ מער קיין האר און קיין קנעכט! היינט זענען

אַלע גלײַך! נישט וואָר, פּריצימלעך? — זאָגט מיט א ווילױנגעריִשן זשעסט דער צוגעקומענער פרעמדער צו די דערשראָקענע ייִדן.

— ער האָט רעכט! הײַנט איז נישטאָ מער קײן האר און קײן קנעכט.

— זיץ, זיץ! רופט זיך אָן דער אַלטער מירקין.

— יאָ, יאָ, ער האָט טאַקע רעכט, — טאַקעוועט אים אונטער מיט פּחד דער טײ־סוחר ראָזמארין. — בײַ מיר זענען שטענדיק געווען אַלע גלײַך, נישט קײן האר און נישט קײן קנעכט, — שמײכלט זיך אונטער דער טײ-סוחר.

דער אַלטער מירקין קוקט אים אָן מיט א בײזולדיקן שמײכל. דער טײ־סוחר פארשווײגט. נאָר דער לאָקײ איוואַן, האָט יענעם שוין אָנגעקומען גוטמוטיק בײַ דער פּלײצע און געזאָגט צו דעם אָפּגעריסענעם:

— אַנו, קום נאָר מיט מיר. איך וועל דיר ווײַזן א באַקוועם אָרט, וו זיך אוועקצוזעצן. זעסט דאָך, אַז דאָ איז ענג.

— אָך, דו פּריצישער הונט! וואַרט נאָר, אונדזערע וועלן קומען, וועלן זײ דיר שױן ווײַזן.

— שווײַג, שווײַג, רעד נישט! — און איוואַן נעמט אים מיט מיט זיך.

איוואַן איז דער אײנציקער טרײסט פון די האָטעל-געסט.

איוואַן איז דער הויפּט־לאָקײ פון האָטעל. ער שטײט מיט זײַן זיל־בערנעם שטעקן און אין פּאַרטיערישן אוניפאָרם פאַרן ארײַנגאַנג פון האָטעל, און שמײכלט צו אַלעמען ליבלעך און אײַנלאַדנדיק, ווי צו א חתונה.

ער איז א ווײַס־הויטיקער, גוט־געפאַרמטער מאַן פון א יאָר עטלע־כע און דרײַסיק. שטענדיק טראָגט ער ווײַס־געוואַשענע, אויסגעגנײטע לויזע רוסישע העמדער, פון הינטער וועלכע עס פּילט זיך ארויס זײַן אויסערגעוועגלעך אַנטוויקלטע ברוסט. זײַן ווײַס־הויטיק לײַב מאַכט גיכער דעם אײַנדרוק פון א לײַב פון א גוט־אַנטוויקלטער שטאַרקער פרוי, אײדער פון א מאַן. מיט א פּאָר בלאַנקירטע, פינקלדיקע לאַק-שטיוול אויף די שײן־געפאָרמטע פיס, איז ער מיט לײַכטע, אײַנלאַדנדיקע באַוועגונ־גען גרײט צו יעדער צײַט צו יעדן דינסט... ער גלעט מיטן פיעשטשענ־דיקן בליק פון זײַנע בלויע אויגן סײַ די מענער און סײַ דעם ווײַבערשן מין... הענט האָט ער שײנע, דער איוואַן. נישט געקוקט אויף דער שווע־

רער אַרבעט, וואָס ער טוט ביים העלפֿן אַרייַנטראָגן דאָס געפּעק אין האָטעל, זענען זיי שטענדיק געפֿלעגטע, ווייכע, גראָד־ליניענדיקע, מיט גוט אַנטוויקלטע פינגער, מיט ריינע, געשניטענע נעגל, מיט וועלכע ער האָט ליב צו קאָקעטירן, זיי צו האַלטן אַזוי, אַז מען זאָל זיי זען.

נאָר ביי אַ רוסישן מענטש, דרעסירט פון דורות און דורות אין קנעכטשאַפֿט, קאָן זיך אַנטוויקלען אַזאַ דינסט־אינסטינקט, אַזאַ אַרויס־פילן דעם פאַרלאַנג און ווונטש פון זיינע האַרן. ווי אַ גוטער ראַסע־הונט האָט ער תמיד דערפילט, דערשמעקט מיט דער נאָז און מיט אַלע אָפענע צעלן פון זיין הויט, די געהיימסטע פאַרלאַנגען און ווונטשן פון זיינע האַרן, איידער זיי זענען נאָך פֿאַר זיי אַליין געוואָרן רעכט באַוווּסט. שטענדיק פֿלעגט ער מיט זיינע באַשטימטע לייכטע פיס גרייט זיין אויפן ווונק פון זיינע האַרן — צו לויפן כאָטש אין פייער אַריין. אַז ער האָט געדערט מיט ווּעמען, האָט ער אויסגעמיטן צו קוקן דירעקט, אַזוי ווי ער וואָלט געהאַט עפּעס צו באַהאַלטן, און געקוקט פון אַ זייט מיט פיעש־טשענדיקער, בעטנדיקער גנאַדקייט. ער האָט מיט זיין שמייכלדיקן בליק געגלעט סיי מענעריש, סיי ווייבעריש לייב...

נאָר דער רוסישער מענטש קאָן דערציען אין זיך אַזאַ שקלאַפישן אינסטינקט, וואָס לייזט־אויף יעדן סימן פון אייגענער פּערזענלעכקייט און גיסט זיך אַריין אינעם ווילן פון אַנדערן צו טון יענעמס רצון...

און נאָר די רוסישע פֿאַרשקלאַפֿונג איז געווען פעאיק צו אַנטוויקלען אין אַ מענטש די ביטערקייט, וואָס דער דינסט־אינסטינקט האָט דער־צווינגן ביי דעם אונטערדריקטן קלאַס אין רוסלאַנד. איוואַן אָבער האָט אויף קיין אויגנבליק נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם אייגענעם נוצן, וואָס ער קאָן האָבן פון זיין דינסט. מיט די מיטלען פון זיין נאַטור פלעגט ער אויסבישופן די באַלוינונג פון מענער — דורך זיין ווייבערישקייט, און פון פרויען — דורך זיין מענערישקייט. ער האָט גוט באַרעכנט יעדן שריט, וואָס ער טוט. כאָטש זיין דינער־נאַטור איז געווען געהאָרכיק פֿאַר יעדן רוף, דאָך איז ער נישט געווען פֿאַרשווענדעריש מיט זיינע זינדיקע בליקן, באַהאַלטן זיי נאָר פֿאַר די, פון וועלכע ער האָט דערוואַרט אַ גוטן לוין...

אַזוי אונטערטעניק, ווי ער איז געווען פֿאַר די שטאַרקערע פון אים. אַזוי טיראַניש איז ער אומגעגאַנגען מיט די, וואָס זענען געקומען אונ־

טער זיין מאכט. ער האָט פאַרלאַנגט פון זיינע אונטערטעניקע, אַז זיי זאָלן אים צוריק באַצאָלן דעם מס, וואָס ער צאָלט אַליין די שטאַרקערע פון אים. ער האָט זיי פאַרפאָלגט מיט אַ קרענקלעכער אַכזריותדיקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם טיפּ מענטש. נישט געלאָזט זיי אויפן אויג, אָנגעיאָגט צו דער אַרבעט. אָבער דאָס זעלבע פּנים, וואָס האָט ערשט נאָר־וואָס באַוויזן אַ גרימאַסע פון כעס און ביטערקייט, האָט ביים אָנבליק פון אָנקומענדיקן האַר זיך זאָפאָרט פאַרוואַנדלט אין אַ שמייכל־דיקער, זינדיק־איינלאַדנדיקער גרימאַסע.

פאַרשטייט זיך, אַז איוואַן האָט נישט געגלויבט אין דער רעוואָלוציע, פּונקט אַזוי ווי זיינע האַרן. ער איז געווען איבערצייגט, אַז עס איז נאָר אַ דורכגייענדיקע סומאַטאָכע, וואָס די פאַרשאָלטענע מלחמה האָט אַרויסגערופן. (אויך איוואַן און זיינס גלייכן האָבן פיינט־געהאַט די מלחמה.) די וועלט גייט נישט אונטער. עס מאַכט זיך אַמאָל אַ שלעכטע צייט. שוין געווען אַמאָל אַזאַ צייט אויך. עס וועט זיך באַרואיקן, דער צאַר באַטיושקאַ וועט צוריקקומען, און מיט אים די אַלטע באַאַמטע און דאָס אַלטע צאַרישע געלט. (צו „קערענסקיס" געלט האָט איוואַן נישט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי, און עס געהאַלטן אין איין אויסטוישן אויף צאַרישע און האָט מיט דעם אָנגעפילט אַ גאַנצן קישן, אויף וועלכן ער שלאָפט.)

און אַזוי ווי אַ האַר פאַרגעסט קיינמאָל נישט דעם דינסט, וואָס מען ווייזט אים אַרויס, ווען ער איז געפאַלן, און אַזוי ווי די האַרן זענען איצט געווען געפאַלן, האָט ער זיך געמיט וואָס בעסער נאָך, וואָס גע־טרייער, מער אונטערטעניקער זיי צו דינען, אַז זיי זאָלן אים געדענקען, ווען עס וועט ווערן בעסער.

די האַרן האָבן אויך, אינסטינקטיוו, דערפילט אין אים זייער פריינט. זיי האָבן זיך מיט אים באַראַטן וואָס צו טון, ווען די באָלשעוויקעס וועלן קומען, ווי אַזוי זיך צו האַלטן. און אַנדערע זענען געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן אָפּגעמאַכט מיט איוואַנען אים אָנצושטעקן זייערע בריליאַנטן און ווערט־פּאַפּירן, ווען די באָלשעוויקעס וועלן זיך באַווייזן. גאָר אַנדע־רע האָבן שוין אַפילו דאָס געטון. און איוואַן טראָגט אַרום אויף זיין פּליי־שיקער ברוסט און אין די גלאַנציקע כאָלעוועס פון זיינע שטיוול און אין נאָך אינטימע ערטער די פאַרמעגנס פון נישט איין גאַסט.

אז דאָס וואָסער איז געקומען וואָס נענטער צום האַלדז, און די סכנה האָט אָנגעהויבן אַלץ חוצפּהדיקער צו קוקן אין די אויגן אריין, אין דער געשטאַלט פון די נייע פאַרשוינען, וואָס האָבן זיך באַוויזן צווישן די האָטעל־געסט, האָט מען זיך אָנגעהויבן צו באַראַטן מיט איוואַנען, וואָס צו טון. איוואַן האָט איצט פאַרנומען מישקע „מאַלאַדיעצס" אָרט. אַלע האָבן זיך איבער אים געריסן. מען האָט אים געשלעפּט פון איין קאַנאַפּע צו דער אַנדערער:

— איוואַן, דערלויבט אויף אַ מינוט. איוואַן, איר ווילט גאָרנישט צו אונדז אַהערקומען?

און איוואַן איז אויף זיינע לייכטע פּיסלעך געלאָפן פון איין גרופּע צו דער אַנדערער און גערופן מיט זיין פריילעכן, געזונטן קול:

— באַלד, באַרין, באַלד, גרייט צום דינסט.

אין זיין אייפער צו דינען די האַרן, איז איוואַן געקומען אויף אַ גליקלעכער אידייע. ער גיט זי איבער איצט בסוד־סודות נאָר צו איינצלנע און אויסדערוויילטע, פון וועלכע עס איז פאַראַן אַן אויסזיכט צו באַקומען אַ גוטע באַלוינונג.

מ'האָט דערנאָך געזאָגט, אַז דאָס האָט אים מישקע די דאָזיקע אידייע אין קאָפּ אַריינגעשטעקט. וואָרים פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ איינפאַל צו איוואַנען? דאָס האָט אין דער ווירקלעכקייט נאָר געקאָנט שטאַמען פון מישקען, און מישקע האָט זיך טאַקע אויך דערביי געפּאָרעט.

ווען אונדזער גרופּע, די גרינדער פון דער נייער געזעלשאַפט, זענען אַזוי געזעסן אין געהאַלטענע ווינקלען, פאַרזאָרגטע וועגן דער צוקונפט, איז מישקע אַרויפגעשוואומען צווישן זיי.

מישקע איז נישט געווען פון די מענטשן, וואָס לאָזן זיך פאַריאָגן פון אַ באַליידיקנדיק וואָרט. ער האָט זיך ווידער אָנגערופן צום אַלטן מירקין:

— דער מאָמענט איז צו ערנסט זיך צו באַליידיקן, גבריאל חיימאָוויטש, כאָטש איר האָט צוויי מאָל מיך שוין אָפּגעשלאָגן, וויל איך אייך אָבער באַווייזן, אַז איך בין גרייט, אין דעם דאָזיקן אַנטשיידנדיקן מאָמענט, אייך צו דינען.

— איך האָב אייך שוין איינמאָל געזאָגט, אַז איך וויל פון אייך קיין דינסט נישט אָננעמען.

— אָבער גבריאל חיימאָוויטש, עס האנדלט זיך אין אייער לעבן!
— זאָגט מישקע ערנסט.

— איך וויל נישט אייער דינסט, אפילו ווען עס זאָל זיך האנדלען וועגן מיין לעבן. ווי קומט דאָ אהער מיין לעבן? — וואונדערט זיך דער אַלטער מירקין.

— איר ווייסט אויף וואָס די באָלשעוויקעס זענען פעאיק, ווען זיי וועלן אייך דאָ געפינען? און נאָך דערצו מיט אַ פולן טייסטער?! אין פעטראָגראד האָבן זיי עס געטון.

— כ'האָב אייך געזאָגט, אַז כ'וויל פון אייך נישט קיין דינסט.

— אָבער לאָמיר הערן וואָס האָט ער צו זאָגן, — פאָדערן שוין די אַנדערע. — זאָגט, מישקע, וועגן וואָס האנדלט זיך.

— עס איז שוין אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. איך פאַרטרוי עס פאַר אייך, — מאַכט מישקע נידעריק זיין שטימע. — די „ווייסע" ציען־אָפּ פונעם טעאַטער־פּלאַץ מיטן מאָרגן. כ'האָב עס נאָר־וואָס געהערט פון דער קאָ־מאַנדירשע. ס'איז נישטאָ מער קיין האָפענונג.

— דאָס ווייסן מיר, — זאָגן די אַנדערע.

— ווען זיי, די רויטע גווארדיסטן און די שיכורע אַרבעטער, וועלן זיך אַריינרייסן אין האָטעל, איז זיך אויף אַלצדינג צו ריכטן. אין זייער כעס פון דעם לאַנגן וואַרטן אויפן איינגענעמען פון האָטעל, זענען זיי אַפילו גרייט אַ מאָרד צו באַגיין. פאַרגעסט אויך נישט, אַז דער קעלער איז אויך נאָך פול. דער פאַרוואַלטער וויל נישט אויסגיסן דעם וויין. דאָ האנדלט זיך נאָר וועגן דעם ערשטן אויגנבליק זיי צו גיין אויס דעם וועג, אַז זיי זאָלן דעם כעס נישט אויסלאָזן. דערנאָך, אַז עס וועט ווערן רו־איקער, וועט זיך שוין לאָזן עפּעס טון.

— זייער גוט. אָבער ווי אַזוי וועט איר זיי גיין אויס דעם וועג?

— דאָ קומט די קאָמבינאַציע. איך האָב זיך דורכגערעדט מיט אי־וואַנען. איוואַן, — מאַכט מישקע נאָך נידעריקער זיין שטימע און זאָגט עס בסוד־סודות, — ער וועט אַריינגעמען אונדזערע צו זיך אין קאַמער אַריין, איבערטון זיי אין דינערשע קליידער, בלויז אין אַ בלוזע, אַ פאַר־טוך, אַ קעלנער־ראָק, און אַוועקשטעלן וואַשן, קערן, — ווייס איך וואָס נאָך, די באָלשעוויקעס אָפּצונאַרן, זיי זאָלן מיינען, אַז מען איז הויז־אַרבעטער. אַזוי אַרום וועט מען די פּאָר רובל אויך קאָנען ביי זיך באַ־

האלטן. עס האנדלט זיך נאָר בלויז אין ערשטן אויגנבליק, ביי זייער ערשטן כעס זיי צו גיין אויס דעם וועג. פאַרשטאַנען?!

— וואָן, פּאָדליעץ! — האָט זיך דער אַלטער מירקין צעשריגן, און זיין ברייט פּנים, וואָס איז לעצטנס אַזוי בלייך געווען, האָט זיך אָנגע־גאָסן מיט בלוט — וואָן! אַז ניט...

נאָר די אַנדערע האָבן געשוויגן. מישקע האָט זיך אָפּגעטראָגן. אָבער נישט אַלע זענען געווען אַזוי פיין־פילנדיק ווי דער אַלטער מירקין.

מען האָט זיך אין געהיים אָנגעהויבן אַוועקצוגנבענען און זיך געגנר־מען סודען מיט מישקען, צוגעצויגן איוואַנען, זיך געסודעט, און ערגעץ־ווו פאַרשוווּנדן.

אָבער אַזוי ווי איוואַן האָט נישט געהאַט גענוג דינערשע קליידער פאַר אַלע, נישט גענוג פאַרטוכער, בלוזעס, קעלנער־רעק פאַר די פילע בעלנים, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיי, און צו פיל מענטשן איבערצוטון אין דינערשע קליידער האָט מען אויך נישט געקאָנט, כדי עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן, איז דער פּרייז אויף דינערשע קליידער אין יענער שרעקלעכער נאַכט צווישן די געסט פון רייכן מאָסקווער האָטעל הויך געשטיגן. פאַר אַ דינערס אַ בלוזע האָט מען אַוועקגעגעבן אַ שניר־פּערל און פאַר אַ פאַרטוך — אַ פאַרמעגנס...

צומאָרגנס אינדערפרי, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו גראָען, האָט זיך דאָס שיסן אויפן טעאַטער־פּלאַץ געשטאַרקט.

מען האָט געוווּסט, אַז די „ווייסע" פאַרטיידיקן זייערע לעצטע פּאָ־זיציעס, און באַלד וועלן זיי אָפּטרעטן.

האָט דער אַלטער מירקין באַמערקט, ווי דער טיי־סוחר ראָזמאַרין דרייט זיך אַרום אין אַ קאָמישער פאַרקליידונג, עפּעס אין אַ רוסיש העמד, אַ פאַרטוך איבערן דיקן בויך, און ווי זיין אַש־קאָלירדיק פּנים איז געווען איינגעריכט אין סאַזשע.

מיט פאַראַכטונג האָט דער אַלטער מירקין אַוועקגענומען זיין בליק פון אים און הויך, היסטעריש זיך צעלאַכט.

דער טיי־סוחר האָט זיך פאַרשעמט, אַראָפּגעריסן די בלוזע פון זיין גראָבן בויך און אַ פאַרשעמטער זיך פאַרענטפערט פאַרן אַלטן מירקין:

— וואָס פאַרא נאַרישקייט מען קאָן דאָס אָפּטון אין אַזאַ צייט!

## קאַפּיטל 18

# דער רוף פֿון קרעמל

דער מענטש באַהאַלט אין זיך געהיימע רעזערוואַרן פֿון כּוחות און אייגנשאַפֿטן, וועלכע אַנטפּלעקן זיך ביי אים אין אַ שעה פֿון נויט. איינע פֿון די דאָזיקע כּוחות איז די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. יעדער מענטש פֿילט דאָס, ווען ער ווערט פּלוצלינג אַוועקגעשטעלט אויף אַן אחריותדיקן פּאָסטן. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט זאַכאַרי מירקין.

דאָס געפֿיל פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט איז שטענדיק געווען ביי מירקינען אַנטוויקלט אין אַ הויכער מאָס. נאָך מער האָט זיך ביי אים אָבער די דאָזיקע אייגנשאַפֿט אויפֿגעהויבן צו אַ הייליקן געבאָט אין דער צייט פֿון זיין הילף־טעטיקייט, ווען ער האָט זיך אַרומגעוואַלגערט צווישן די טיפֿוס־אָנגעשטעקטע עשאַלאָנען אויסוואַנדערער. איצט, אָבער, האָט די אויפֿגאַבע, וואָס דער „רעוואָלוציאָנערער קריגס־קאָמיטעט” האָט אויף אים אַרויפֿגעלייגט, ממש איבערגעאַנדערשט זיין גאַנצן כאַראַקטער. עס איז געווען אַזוי ווי דאָס דאָזיקע געפֿיל פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָלט גערופֿן צו הילף אַלע בעסערע כּוחות, וואָס ליגן ערגעץ־ווו באַהאַלטן אין די פֿאַרבאָרגענישן פֿון דעם מענטש.

פֿון דעם ערשטן אויגנבליק אָן, וואָס מען האָט מירקינען איבער־געגעבן אָנצופֿירן מיט אַן אָפּטיילונג, צו נעמען דעם טעאַטער־פּלאַץ און באַזעצן דעם האָטעל „מעטראָפּאָל”, זענען ביי אים פֿאַרשוווּנדן אַלע ספֿקות. ער האָט נאָר געזען איין ציל פֿאַר זיך: אויסצופֿירן זיין אויפֿ־גאַבע שטרענג, לויט די אינסטרוקציעס, וואָס זענען אים געגעבן געוואָרן, נישט צו קוקן אויף קיין געפֿאַרן. די סכּנות, אַפֿילו דער טויט אַליין, איז געוואָרן אַ טייל פֿון דער דאָזיקער אויפֿגאַבע.

אַזוי איז ער דאָ געשטאַנען מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט און מיט אַ באַפֿעלנדיקער שטימע, אַזוי ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבן לאַנג גאָר עפּעס אַנדערש נישט געטון, נאָר אָנגעפֿירט מענטשן אין קאַמף. אַזוי האָט דאָ מירקין אַרויסגעגעבן זיינע באַפֿעלן צו דער אָפּטיילונג; זיך אַליין אַוועקגעלייגט ביי דער עפֿענונג אויפֿן דאַך, ווו עס איז געשטאַנען דאָס מאַשין־געווער, צוריקגעהאַלטן יעדן פּרוּוו פֿון די אויפֿגערעגטע סאָל־

דאַטן פּריצייטיק אויסצושיסן זייער כעס. ער האָט אויסגעשטעלט וואַכן, אַרויסגעשיקט קוריערן דורך די „ווייסע" ראַיאָנען צום גובערנאַטאָרס הויז, אָפּצוגעבן ראַפּאָרטן, צו ברענגען אינסטרוקציעס, אַריינצוגנבענען פּראָוויאַנט און אַמוניציע אין גרויסן טעאַטער.

זיין באַפעלנד, וואָגיק וואָרט, זיין פעסטע שטים, די ערנסטקייט, מיט וועלכער ער האָט געטראָגן זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, האָבן פאַר אים באַלד געוווּנען אויטאָריטעט און מאַכט.

דאָס לאַנגע וואַרטן אויף טעטיקייט האָט אָבער אויסגעמוטשעט די אָפּטיילונג. די אומגעדולדיקייט האָט ווי צייך־ווייטיק געפּייניקט. און מירקין האָט דורך גאַנצע מעת־לעתן געדאַרפט האַלטן וואַך זיין אויפמערקזאַמקייט, אַז עס זאָל עפּעס נישט אַרויסשפּרינגען. עס איז יעדן אויגנבליק געווען אַ געפאַר אַנטדעקט צו ווערן דורך די יונקערס, וואָס האָבן שטאַרק באַזעצט דעם טעאַטער־פּלאַץ. עס איז יעדע רגע געווען די געפאַר צו ווערן צעשאָסן פון די פּולעמיאָטן, וואָס זיי, די יונקערס, האָבן געהאַט אויסגעשטעלט אויפן טעאַטער־פּלאַץ. זיי ווילן, אין בעסטן פאַל, אַרויסזעצן די טירן פון טעאַטער און צונעמען ביי זיי דאָס מאַשין־געווער. „מיט ליידיקע הענט ווילן מיר זיך נישט איבערגעבן" — דאָס איז געווען ביי אַלעמען אָפּגעמאַכט, און מירקין האָט געוווּסט, אַז דאָס שפּיל וועט זיך דעמאָלט ענדיקן מיט טויט.

נישט דאָס לעבן איז איצט געשטאַנען אין קאָן, נאָר דער זיג פון דער רעוואָלוציע, די ענדע פון דער מלחמה, און דאָס נייע, וואָס דאַרף קומען אויף מאָרגן נאָכן זיג. און דאָס איז טויזנט מאָל וויכטיקער און נויטיקער, ווי דאָס לעבן. דאָס איז הייליק. פאַר דעם דאַרף מען זיין אין אַ שטענדיקער, אָנגעשטרענגטער אחריות... דאָס האָט געגעבן די מאַכט צו באַפעלן, צו הייסן, און ווען מען דאַרף — די רער פון אַ רעוואָלווער צום מענטשנס האַרץ צוצולייגן.

און מיט דער זעלבער אָנגעשטרענגטער אחריות, וואָס ער אַליין האָט געפילט, האָט ער אָנגעשטעקט זיין אָפּטיילונג.

איינמאָל, דורכגייענדיק דורך אַ קרייז רוענדיקע סאָלדאַטן, וואָס זענען געווען אויסגעלייגט אויף די רייך־אויסגעבעטע שטולן פון גרויסן טעאַטער, האָט ער געהערט ווי די סאָלדאַטן שמועסן צווישן זיך וועגן די אוצרות, וואָס האַלטן זיך אויף ביי די „בורזשועז", וועלכע געפינען זיך

אין האָטעל „מעטראָפּאָל". די זעלנער האָבן אפילו אין שמועס דערמאָנט וועגן ברילּיאַנטן פון צאַרס קרוין, וואָס די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט איבערגעגעבן די רייכע „בורזשועץ" פון האָטעל, כדי עס אין אויסלאַנד אַרויסצופירן.

מירקין האָט געוווסט, אַז די אומגעדולדיקע סאָלדאַטן טרייסטן זיך פאַר זייער פייגיקנדיקער אומטעטיקייט מיט פאַנטאַזיעס וועגן די רייכ־טימער, וואָס עס שטייט זיי פּאָר צוצונעמען ביי די „בורזשועץ", וועלכע געפינען זיך אין דעם רייכן האָטעל. ער האָט געוווסט, אַז אָט וועגן דעם רייכטום גייען אַרום לעגענדעס ביי די זעלנער. זיי רייבן זיך שוין שמחה־דיק די הענט פאַר די פאַרמעגנס, וואָס וואַרטן אויף זיי. ער האָט גע־ווּסט, אַז אַ סך שווערער און געפערלעכער פון דעם קריג, וואָס ער וועט דאַרפן פירן מיט די „ווייסע", ווען דער דרינגנדער מאָמענט וועט קומען, אַ סך שווערער וועט זיין צו האַלטן זיין אָפּטיילונג אין צוים ביים נעמען דעם האָטעל, אַז זיי זאָלן נישט פאַרפלעקן די רעוואָלוציע מיט אומשול־דיק־פאַרגאָסן בלוט, און נישט פאַרוואַנדלען דעם הייליקן אַקט, ווי ער האָט גערופן דעם דאָזיקן לעצטן קריג, אין אַ רויבעריי.

ער האָט געקלערט וועגן פּלענער, ווי אַזוי דאָס אויסצומיידן. ער פלעגט אָפט וועגן דעם רעדן מיט די סאָלדאַטן און אַרבעטער. זייער אָפּע־נער, צינישער געשפּרעך וועגן רויבן און מאָרדן האָט אים דערצאָרנט.

מירקין האָט זיך אַוועקגעשטעלט נעבן זיי:

— שעמט איר זיך נישט, חברים, צו רעדן וועגן דעם? וואָס זענען מיר? צי זענען מיר פאַראַנטוואָרטלעכע רויטע גוואַרדיסטן, וואָס מאַכן רעוואָלוציע, אָדער אַ רויבער-באַנדע? איך מאַך אייך אויפמערקזאַם, חברים, אַז יעדער פּרווו צו קאָמפּראָמיטירן אונדזער הייליקע זאַך וועט ווערן באַטראַכט פאַר אַן אַקט פון קאָנטר־רעוואָלוציע, און איר ווייסט וואָס מען טוט דערפאַר מיט אַזעלכע!

די סאָלדאַטן זענען געוואָרן פאַרשעמט און האָבן געשוויגן.

מירקין האָט געוווסט, אַז די אויפגאַבע וועט זיין אַ שווערע. אוז שוין דאָ, זייענדיק איינגעשלאָסן אין גרויסן טעאַטער, האָט ער געזוכט עצות, ווי אַזוי דאָס אויסצומיידן. דער איינציקער וועג איז נאָר געווען אויפצוקלערן די זעלנער און צו געפינען פאַרשטענדלעכע חברים, וואָס זאָלן אים העלפן אין דער דאָזיקער אויפגאַבע.

צווישן די סאָלדאַטן אין גרויסן טעאַטער האָט זיך געפונען דער „רויטער" סימאַשקאָ. „רויטער" האָט מען אים גערופן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, איז ער טאַקע געווען רויט, מיט ווייס־רויטלעכע פלאַק־סענע האָר, וואָס האָבן תמיד אויסגעזען ווי געצוואָגענע פון רעגן. זיי זענען אראָפּגעפאַלן פון זיין ברייטן קאָפּ אויף זיין ווייס־הויטיקן, מיט זומער־שפּרענקעלעך באַשפּריצטן שטערן און קאַרק. ווייס־רויטלעכע ברע־מען האָבן באַשירעמט זיינע גרויסע, בלויע, קינדיש־נאַאיווע אויגן. אַ שיטערע, ציטריקע ווייס־רויטלעכע האָר־שפּראָצונג איז אויפגעגאַנגען אי־בער זיינע געזונטע רויט־הויטיקע באַקן און קין, ווי יונג־גראָז נאָך אַ רעגן. עס איז געווען אַזוי ווי סימאַשקאָס ווייסער קערפּער וואָלט נישט אויפ־גענומען אין זיך קיין שמוץ און קיין שטויב. נישט געקוקט אויפן אַכט־טאָגיקן אַרומוואַלגערן זיך איבער די קופּעס טעאַטער־שמאַטעס פון אויס־געדינטע „קעניג ליר"־קליידער, אויף וועלכע די סאָלדאַטן זענען גע־שלאָפן, האָט געיאָגט אַ פרישקייט פון סימאַשקאָס געזונטן קערפּער, ווי די פרישקייט פון אַ געזונט פעלד.

סימאַשקאָ האָט שטענדיק געמאַכט אַן איינדרוק, ווי אַ געבאָדענער אין דער מאָרגן־דיקער טוי־גרויקייט. ער האָט מיט זיין געזונט לייב דער־מאָנט די לאַנדשאַפט, פון וועלכער ער קומט. ער איז געווען ווי אַ יונגער, ווייס־געפּלעקלטער בזשאָזע־בוים, וואָס שטייט אין יונגן וואַלד פון זיין פעטער וואָלינער ערד, און עס הויכט איבער זיינע גרינע, אַראָפּפאַלנדיקע מיידל־צווייגן דער טויאיקער מאָרגן־פּראָסט.

סימאַשקאָ האָט שטענדיק געלאַכט און איז שטענדיק געווען אין אַ פריילעכער שטימונג. האָט ער אפילו געמעגט אָפּטון אַ בלוטיק שטיקל אַרבעט, האָט ער אַלץ דערביי געלאַכט. און ער האָט טאַקע אָפּגעטון שרעק־לעכע זאַכן. דערפאַר האָט מען טאַקע געביטן זיין נאָמען פון סימאַשקאָ דעם „ווייסן", ווי מען האָט אים צוערשט גערופן, אויף סימאַשקאָ דעם „רויטן".

דורך די פּאָר יאָר וואָס סימאַשקאָ האָט זיך געפונען אין די מלחמה־גריבער, דורך דער געוווינהייט צו קריכן איבער מענטשן־פּגרים, אַריבער־לויפנדיק פון איין גרוב צום אַנדערן אויפן מלחמה־פעלד, איז ביי אים ביליק געוואָרן אַ מענטשנס לעבן, פּונקט ווי די באַניע־קערלעך, מיט וועל־כע זיינע קעשענעס זענען תמיד געווען אָנגעפילט. צו הרגענען אַ מענטש,

א רעוואָלווער־רער צו א ברוסט צוצושטעלן, אָדער ווען מען דאַרף אפילו מיט די אייגענע הענט דערשטיקן, איז אים אזוי לייכט אָנגעקומען, ווי א באַניע־קערל אויפצוקנאַקן. דערביי פלעגט סימאַשקאַ קיינמאָל נישט בייז זיין. דער נאַאיווער, קינדישער בליק איז פון זיינע אויגן נישט אויסגע־לאָשן געוואָרן, און דער ברייטער שמייכל פון זיין סימפּאַטיש רויט מויל איז נישט פאַרשוואונדן.

דעם דאָזיקן סימאַשקאַ האָט זיך מירקין פאַר א חבר אויסגעקליבן. ער האָט דערפילט, אַז אין סימאַשקאַן לעבט, נישט קוקנדיק אויף זיין וויל־יונגערישקייט, א שטאַרקער אחריותדיקער אינסטינקט. סימאַשקאַ האָט עס ארויסגעוויזן ביי יעדער געלעגנהייט, ווען מען האָט אים עפּעס אָנפאַר־טרויט: ביי דער וואַך, צי אויף אַן אויסשפּיר־פּאָסטן.

צוערשט איז סימאַשקאַ געקומען צו די באָלשעוויקעס אויס וויל־יונ־גערישקייט. די באָלשעוויקעס הייסן נישט פאָלגן די עלטסטע, די באָלשע־וויקעס הייסן פון פראָנט אנטלויפן, די באָלשעוויקעס ווילן אָפּנעמען דאָס גאַנצע רייכטום ביי די רייכע און עס צעטיילן צווישן די אָרימע. און אָרימקייט האָט זיך סימאַשקאַ אָנגעזען אין זיין לעבן ביי זיך אין דאָרף גענוג: ביי זיין פאָטער, ביי זיינע אייגענע. א גוטע זאַך אָפּצונעמען די רייכע ערד פון די פּריצים און זי צעטיילן צווישן די אָרימע פּויערים. שפּע־טער אָבער, ווען סימאַשקאַ האָט זיך צוגעהערט צו די פּראָקלאַמאַציעס, וועלכע מען האָט פאַר אים פאַרגעלייענט (אליין האָט ער, נעבעך, נישט געקאָנט), צוגעהערט זיך צו די רעדעס, צו דעם אַמפּערן זיך פון די פאַר־טייען אין גובערנאַטאָרס הויז — האָט סימאַשקאַ ארויסגעפילט, אַז דער עסק פון די באָלשעוויקעס איז א פיל טיפערער און א פיל וויכטיקערער, ווי ער האָט געמיינט. ער פאַרשטייט עס טאַקע נאָך נישט אזוי אינגאַנצן, אָבער זיי דאָרטן אויבן אויף דער פּלאַטפאָרמע — זיי ווייסן דאָס. און ווי אַמאָל פאַרן הייליקן שוואַרצן מיכאַאיל אויבן בילד, אזוי האָט סימאַשקאַ אָנגעהויבן צו גלויבן און צו האָבן הונדערט פאַר יעדן איינעם דאָרט פון דער פּלאַטפאָרמע מיט די צעשויבערטע האָר און אָנגעוואַקסענע בערד. זיי ווייסן, וואָס דאָס איז. א זאַך איז עס א גרויסע און א וויכטיקע. דו פאַרשטייסט עס נאָך נישט אינגאַנצן, נאָר דאָס מאַכט נישט אויס.

— חבר סימאַשקאַ, ווייסט איר וואָס מיר טוען אַזעלכעס? — פרעגט אים מירקין.

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן? מיר מאַכן רעוואָלוציע, באָלשע־וויסטישע רעוואָלוציע.

— און וואָס איז עס אַזוינס באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע?

— דאָס ווייס איך שוין נישט, דו ווייסט עס. נאָר אַ זאַך איז דאָס אַ וויכטיקע און אַן ערנסטע, — לייגט צו סימאַשקאַ מיט יראת־הכבוד.

— חבר סימאַשקאַ, — איר ווייסט דאָך, אַז מיר מאַכן די באָלשע־וויסטישע רעוואָלוציע פאַר אַלעמען, פאַר גאַנץ רוסלאַנד — אפשר פאַר דער גאַנצער וועלט. פאַר אַלע אָרימע און אונטערדריקטע. פאַר אַלע, וואָס זענען ביז איצט געווען געיאָגט און געפּלאָגט. מיר מאַכן די רעוואָלוציע, — זאָגט אים מירקין, — כדי זיי צו באַפרייען פונעם האַרישן יאָך.

— געוויס ווייס איך דאָס! — ענטפערט סימאַשקאַ.

— נישט פאַר מיר און נישט פאַר דיר. נישט דערפאַר, כדי מיר זאָלן עפּעס האָבן דערפון אין אונדזערע טאַשן אַריינצושטעקן, נאָר פאַר אַלע־מען. נישט וואָר?

— געוויס אַזוי, ווי דען אַנדערש? — זאָגט סימאַשקאַ אין טיפן ערנסט.

— און היינט האָב איך געהערט סאָלדאַטן רעדן, אונדזערע סאָלדאַטן, רויטע גוואַרדיסטן, אַז ווען מען וועט נעמען דעם „מעטראָפּאָל", וועלן זיי באַראַבעווען די „בורזשועז" און צונעמען דאָס געלט מיט די בריליאַנטן פאַר זיך.

— אָ, דאָס איז נישט גוט. דאָס דאַרף מען נישט צולאָזן! — זאָגט סימאַשקאַ, און שמייכלט דערביי מיט אַ קאַלטן שמייכל.

— אָן אַ באַפעל דאַרפן מיר גאָרנישט רירן ביי די „בורזשועז"! מיר דאַרפן זיי אָפּלאָזן און אַוועקשיקן, כדי נישט מאַכן צו שאַנד די רעוואָ־לוציע! פאַרשטייט איר, חבר סימאַשקאַ! כדי צו באַווייזן, אַז מיר זענען נישט קיין באַנדע רויבערס, וואָס גייען ראַבעווען, נאָר רעוואָלוציאָנערן, רויטע גוואַרדיסטן. מיר טוען דאָס פאַר אַ הייליקער זאַך, נישט פאַר אייגענע נוצן. אַז עס וועט קומען דערצו, וועלן מיר עס שוין ביי זיי צונעמען דורך אַ פּריקאַז. אָרדענונג מוז זיין, נישט וואָר, סימאַשקאַ?

— ווי דען אַנדערש? אויף דעם ביסטו דאָך אַ קאָמיסאַר. דו האָסט דעם באַפעל, און מיר דאַרפן דיך פאָלגן. אַזוי האָט מען אונדז געזאָגט. מען דאַרף טון, ווי דער באַפעל איז. אָרדענונג איז אָרדענונג.

— און איר וועט מיר דערין צוהעלפן?

— ווי דען אנדערש? דו דארפסט נאָר באפעלן. מיר זענען מחויב דאָס צו טון.

— חבר סימאשקאָ, איר זענט אַ גוטער רויטער גוואַרדיסט. נישט אַלע זענען אַזעלכע פּאַרנעמענדיקע, ווי איר. מען דאַרף מיט די חברים רעדן, אויפקלערן זיי, אַז מען טאָר נישט מאַכן די רעוואָלוציע צו שאַנד. פאַרשטאַנען?

— ריכטיק! — זאָגט סימאַשקאָ און שטעלט זיך פאַר מירקינען מיט גרייטקייט צום באַפעל.

און סימאַשקאָ האָט די חברים־זעלנער איבערגעגעבן מירקינס רייד אויף זיין שטייגער, אויף זיין לשון, אין זיין אויסטייטש, מיטן קאַלטן שמייכל אויף די שיינע ליפּן, און די חברים־סאָלדאַטן האָבן פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט...

***

אויפן טעאַטער־דאַך, צווישן די בוידעם־פענצטערלעך, איז געווען אויסגעשטעלט דאָס מאַשין־געווער. בחינם האָט מירקין געוואַרט די פּאָר טעג אויף אַ באַפעל אָנצוהייבן די אָפּעראַציעס. דער באַפעל איז נישט גע־קומען. אין דער ערשטער צייט האָט ער געהאַט פאַרבינדונג מיטן גובער־נאַטאָרס הויז. עס איז אים געלונגען שליחים דורכצושלייכן דורך די „ווייסע“ פּאַטרולן אין גובערנאַטאָרס הויז אריין מיט ראַפּאָרטן. צייט דעם 28סטן איז ער אַ גאַנצן טאָג געווען אָפּגעשניטן. די אַרויסגעשיקטע קו־ריערן זענען נישט צוריקגעקומען. דער טעלעפאָן, וואָס האָט געזאָלט אויף אַ געהיימען אופן צו וויסן געבן, ווען אָנצוהייבן די אָפּעראַציעס, האָט גע־שוויגן. ער האָט מורא געהאַט זיך צו פאַרבינדן מיטן גובערנאַטאָרס הויז דורכן טעלעפאָן, כדי די ווייסע גוואַרדיסטן זאָלן נישט אויסגעפינען וועגן זיין באַהעלטעניש.

ער האָט פון זיין באַהעלטעניש געזען, ווי עס פלאַמען־אויף די „ווייסע“ פּאָלעמיאָטן צום גובערנאַטאָרס הויז. ער האָט געוווסט, אַז די לאַגע איז ערנסט, און אַז דאָס נעמט מען זיך צום „רעוואָלוציאָנערן קריגס־קאָ־מיטעט“. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין דירעקטיוון. נאָר די קאַלטבלו־טיקייט זיינע האָט אים אָפּגעהאַלטן נישט אָנצונעמען קיין פּריוואַטיקע

שריט. ער האָט באַשלאָסן, וואָס עס זאָל נישט זיין, אויסצוהאַלטן זיין פּאָזיציע.

אַזוי זענען דורכגעגאַנגען טעג אין וואַרטן, נעכט אין אויסהאַרן. די נערוון זענען געוואָרן אָנגעשטרענגט ביז צום פּלאַצן. עס האָבן שוין אויסגעפעלט כוחות. די סאָלדאַטן זענען פאַר אומגעדולדיקייט און וואַרטן אין אומטעטיקייט געווען אַזוי דענערווירט, אַז נאָר חבר סימאַשקאָס קאַלטבלוטיקייט... גזלנישער שמייכל און דער רעוואָלווער אין דער האַנט האָט זיי געקאָנט האַלטן אין שפּאַן.

אָ, יענע נאַכט פון אַכט און צוואַנציקסטן אָקטאָבער, ווען עס האָבן זיך פון סקאָבעלעוו־פּלאַץ דערהערט די באָמבען־אויסשיסן! מען האָט דערקענט, אַז דאָס זענען „די רויטע". מען האָט געזען פון די בוידעם־פענצטערלעך, ווי עס צינדן זיך אָן הייזער פון די באָמבעס. דאָס ענטפערט־אָפּ דאָס גובערנאַטאָר־הויז אויף די פּולעמיאָטן.

אויסלייזנדיקע אויסגעשרייען האָבן זיך געהערט פון די סאָלדאַטישע בריסטן. מען האָט זיך געוואָרפן צו דעם מאַשין־געווער. מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט האָבן מירקין און סימאַשקאָ די סאָלדאַטן צוריקגעהאַלטן. קיין באַפעל איז נישט געווען, און אָן אַ באַפעל הייסט פּריצייטיק צו ווערן אַנטדעקט דורך דעם פיינט, פרייוויליק זיך איבערגעבן דעם טויט, אָדער אין געפאַנגענשאַפט.

ציט דאָס וואַרטן דאָס חיות פון די ביינער אַרויס, טויט־אָפּ יעדע באַגייסטערונג, ווישט־אָפּ יעדן שפּור פון רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, און מען פאַרפּלאָנטערט זיך אין אייגענע ספקות. מען פאַרגעסט דעם טעם און מען פאַרשטייט נישט מער די כוונה. דאָס לעבן און דאָס טון ווערן איבערדריסיק און אומפאַרשטענדלעך.

און מיטאַמאָל — געהיימע שליחים פון גובערנאַטאָרס הויז:

— ברידערלעך, מאַכט זיך גרייט! מען האָט אָן אייך נישט פאַרגעסן. מען ווייזט אַ סימן פון לעבן, דער טעלעפאָן קלינגט.

— יאָ, יאָ, אַלע גרייט.

— קינדערלעך, הייבט אָן!

גאָט פאָטער! ווי מען האָט זיך דאָס געגעבן אַ וואָרף צו דעם אויסגעהונגערטן מאַשין־געווער, אַזוי ווי מען וואָלט כאָטש געוואָלט דורך דער מאַשין אויסשיסן דאָס אייגענע ביסל לעבן!

עס האָט זיך פון אַלע בוידעם־פענצטערלעך אַרויס פון גרויסן טעאַ־
טער אָנגעהויבן אַ גראַגערן און אַ רעגן־פונקען. ער, מירקין, וואָס האָט זיך
אָנגעזען דאָס שלעכטס פון מלחמה, ער, וואָס האָט פאַראַכט און פאַר־
שאָלטן דעם מלחמה-געראַנגל, ווי דאָס ערגסטע און בייזסטע, ער, וואָס
האָט געזען אין אַ מלחמה דעם אויסברוך פון דער מענטשלעכער חיה —
ער האָט געפונען איצט זיין פריידיקע אויסלייזונג אין פאַרשאָלטענעם כעס
און גערויש פון דעם מאַשין־געווער. יאָ, עס איז געווען אַנגענעם, ווי טרי־
אומפירנדיקע מוזיק, דער פלינקער אָפּפּאַלנדיקער גערויש. זיין מלחמה־גע־
שריי האָט זיך אויסגעמישט אינאיינעם מיט די געשרייען פון די זעלנער.
זיין פרימיטיווער נקמה־אינסטינקט איז געוואָרן געזעטיקט. און ווי אַ שפּי־
לער צום האַזאַרד־שפּיל, האָט ער זיך איבערגעגעבן צו דער זינד פון דער
דער מלחמה. ער האָט זיך געפילט אויפגעלייזט פון אַלע באַנדן און איז
געוואָרן אַ פונק אינעם פייערדיקן רעגן, וואָס האָט געשפּיגן פון טעאַטער־
דאַך אויף די ווייסע פּאַטרולן.

דער געראַנגל אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט,
אַ גאַנצן טאָג, און ווידער אַ נאַכט. ביז מען האָט ענדלעך אָפּגעשטופּט די
„ווייסע", מיט דער הילף פון די צוגעשטראָמטע כוחות פון רויטע גוואַר־
דיסטן, וואָס מען האָט שוין צוגעשיקט פון פּעטערבורג צו העלפן די מאָס־
קווער חברים. זיי האָבן זיך באַפעסטיקט אין דער שטאָט־דומע און אין
קרעמל.

דער האָטעל „מעטראָפּאָל" איז געבליבן אָן באַשיצער.

מירקין האָט גענומען אַ שטאַרקע וואַך, זי אוועקגעשטעלט ביי דער
טיר פון האָטעל־אַריינגאַנג. אַליין האָט ער זיך אוועקגעשטעלט ביי דער
טיר מיטן רעוואָלווער אין האַנט און האָט אויסגערופן צו די צעהיצטע,
אויסגעהונגערטע, פון מלחמה און וואַרטן צעיושעטע זעלנער און רויטע
גוואַרדיסטן, וואָס האָבן זיך געריסן צום אַריינגאַנג:

— חברים! יעדער איינער, וואָס וועט זיך דערוויגן אָן אַ באַפעל
אַריבערצוטרעטן די שוועל פון האָטעל, וועט באַטראַכט ווערן פאַר אַ
קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און אויפן אָרט אָנידערגעשאָסן ווערן פון דער וואַך!

אַז זיינע ווערטער האָבן אויף אַ טייל פון די מער צעהיצטע נישט
געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק, האָט ער געגעבן אַ רוף אויס:

— חבר סימאַשקאָ, הייסט די וואַך אָנשטעלן די ביקסן!

— געהערט!

און אַ שטעכעדיקע וואַנט פון אויסגעשטרעקטע ביקסן־שפּיזן האָט זיך אויסגעשטעלט קעגן די זעלנערשע בריסטן.

— פינף טריט צוריק! — האָט מירקין באַפוילן.

— חבר סימאַשקאָ! נעמט אַ פּאָר חברים און גייט אַריין, לאָזט אייך פון פּאַרוואַלטער פירן אין וויין־קעלער. צעהאַקט אַלע פלעשער, דרייט אַרויס אַלע קראַנען פון די טונען. זעט, אַז קיין איין טראָפּן אַלקאָהאָל זאָל זיך נישט געפינען אין הויז.

— געהערט! — רופט חבר סימאַשקאָ.

ער נעמט די חברים, און זיי האַקן אויף די טיר פון האָטעל מיט די קאָלבעס — און פאַרשווינדן אינעווייניק.

די גאַנצע צייט שטייט אַ וואַך ביי דער טיר מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, — מירקין, מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט אין דער שפּיץ.

באַלד הייבן זיך אָן צו גיסן דורך די אייזערנע קראַטעס פון די קליי־נע פענצטערלעך, וואָס זענען נידעריק, ביים פונדאַמענט, רויט־טונקעלע, וויים־שוימענדיקע שטראָמלעך, וואָס לאָזן איבער רויטע, פעטע פלעקן אויפן טראָטואַר.

אַ טייל פון די סאָלדאַטן לויפן צו, ווילן מיט די היטלעך אונטער־כאַפּן. מירקין רופט:

— אַ שאַנד פאַר רויטע גוואַרדיסטן פון רינשטאָק אויפצושעפּן!

אַ פּאָר חברים מיט די ביקסן שטעלן זיך שוין ביים פענצטערל. די אַנדערע פאַרשעמען זיך אַליין און טרעטן אָפּ.

עטלעכע ווייבער, אַלטע שיכורים, וואַרפן זיך מיט זייערע מיילער צום פעטן, רויט־באַגאָסענעם טראָטואַר. קיינער קוקט זיך נישט אום אויף זיי.

— געטון! — קומט אַרויס סימאַשקאָ מיט רויט באַגאָסענע הענט: מען ווייסט נישט, צי פון וויין, צי פון עפּעס אַנדערש.

— חבר סימאַשקאָ, נעמט איבער די קאָמאַנדע! איר, חבר, זענט פאַראַנטוואָרטלעך, אַז קיינער זאָל אָן אַ באַפעל די שוועל פון האָטעל נישט אַריבערטרעטן.

— איך הער! — זאָגט סימאַשקאָ און שטעלט זיך אויף מירקינס אָרט.

מירקין נעמט א וואך פון א פּאָר צענדליק באוואפנטע גוואַרדיסטן און גייט אריין אין האָטעל. דער פּאַרוואַלטער קומט אים שוין צו לויפן אנטקעגן מיט אן אונטערטעניק שמייכעלע.

— ווער איז דאָ דער פּאַרוואַלטער? — פרעגט מירקין.

— איך, חבר.

— מען וועט זיי דארפן ארויסלאָזן דורך די הינטער־טירן. פאַראַן ביי אייך אַזעלכע?

— יאָ, חבר.

— עפנט זיי אויף. ווו זענען זיי ביי אייך פאַרזאַמלט, די געסט?

— אין ביליאַרד־זאַל, חבר.

— ארויסלאָזן וועט איר זיי איינציקווייז, פאַרשטאַנען? — זאָגט מירקין גייענדיק אין באַגלייט פון זיין וואַך אַראָפּ די טרעפּ צום ביליאַרד־זאַל.

אז ער האָט אויפגעעפנט די טיר, האָט ער נאָר געזען איין צוזאמענגעגאָסענע מאַסע אין שוואַרצן, צוגעקלעבט צו דער וואַנט.

— בירגער, איר זענט פריי! כדי אויסצומיידן צוזאמענשטויסן, וועט אייך דער פּאַרוואַלטער ארויסלאָזן איינציקווייז דורך די הינטער־טירן.

דערהערט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך די פאַרגליווערטע מאַסע צעשאָטן, ווי מען וואַרפט ארויס אַרבעס פון א זאַק. אלע זענען זיך צעלאָפן אין די ווינקעלעך. עמיצער האָט דאָרט עפּעס געכאַפּט, אָנגעהויבן זיך צו דריקן צום ארויסגאַנג.

די זעלנער, וואָס זענען געשטאַנען ארום מירקינען, האָבן זיי אונטערגעיאָגט מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן.

אין דעם איז אים אויפגעפאַלן א באַקאַנט געזיכט. א פּאָר אויגן האָבן שוין געקוקט אויף אים מיט אן אָפּגעשטאָרבענער, דערשראָקענער פאַרשטאַרטקייט. מירקין האָט פון זיי נישט אויסגעמיטן דעם בליק. די סצענע האָט געדויערט א פלינקע ווײַלע. באַלד האָט דער אַלטער מירקין געגעבן אן ענערגישן אָפּנייג פון זיין פּנים און איז פלינק געגאַנגען נאָך די אַנדערע צום ארויסגאַנג.

— דער אַלטער איז גאָר אַלט געוואָרן, — האָט אין זיך געטראַכט מירקין.

— ארעסטירט מיך, איך בין קעגן אייך! — האָט אַ שטעכעדיקער, ווילדער, גראָער צעפּלאָשעטער קאָפּ אים געשטאַרצט אין פּנים אַריין.

— וואָס איז דאָס? — האָט מירקין געפרעגט, נישט פאַרשטייענדיק.

— ווער זענט איר?

— איך, איך —

נאָר מירקין האָט דערקענט דעם באַרימטן אַדוואָקאַט. ער האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל:

— פאַרוואָס אַרעסטירן? איר זענט פאַר אונדז נישט געפערלעך.

דער אַדוואָקאַט האָט אים דערקענט. פאַר איבערראַשונג איז ער נישט געווען אימשטאַנד אַ וואָרט אַרויסצוברענגען פון זיין אָפן געבליבן מויל.

שוין האָט אַ סאָלדאַט דעם אַדוואָקאַט אונטערגעשטופּט.

— חבר, עס איז ביי מיר אַן אָפּגעמאַכטע זאַך. איך בלייב ביי נאַטאַשע אַנדרייעוונע. איך וויל, אַז איר זאָלט עס נעמען אין אַכט. — פאַרבייגט זיך אַ שווערפאַלטיק לייב פאַר מירקינען.

— וואָס, זיי זענען פון זינען אַראָפּ? איילט זיי צו, חברים! — זאָגט מירקין.

די סאָלדאַטן האָבן זיי אָנגעהויבן מיט די ביקסן אונטערצוויאָגן.

נאָכדעם ווי די לעצטע געסט האָבן די הינטער־טירן פון האָטעל פאַרלאָזט, ווי זיי האָבן זיך אויף אַלע פיר זייטן פון שטאָט אין דער וועלט פאַרשפּרייט, האָט מירקין באַפוילן:

— איצט לאָזט די חברים אַריין. און זאָלן זיי דעם האָטעל אַביסל אונטערזוכן!

ווי אַ האָרדע פון ווילד־געוואָרענע העלפאַנטן האָבן זיך די פון אומגעדולדיקייט, פון צער און צאָרן געפּייניקטע סאָלדאַטן און אַרבעטער געגעבן אַ לאָז אויף די לעצטע רעשטן פון בופעט, אין די צימערן פון די געסט.

**
*

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דורך די רויטע כוחות די לעצטע „ווייסע" פעסטונג גענומען געוואָרן: דער קרעמל.

צווישן די, וואָס האָבן באַלאַגערט דעם קרעמל, האָבן זיך אויך געפונען חברטע סאָפיע און חברטע מאַסלאָווע.

נאָכדעם ווי דער קרעמל איז אויסגערייניקט געוואָרן פון די יונ־קערס, האָבן די חברים געפונען אַ צווייפלהאַפטיקע ראַדיאָ־סטאַציע, וועל־כע די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט געהאַלטן אין איינריכטן. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן זיך אויף דער דאָזיקער ראַדיאָ־סטאַציע געוואָרפן די אגיטאַטאָרן.

חברטע סאָפיע האָט דורך איר געגעבן צו וויסן די פּראָלעטאַריער פון דער גאַנצער וועלט, אַז די רויטע פאָן פלאַקערט איבערן קרעמל, און אין אַ פייער־פלאַמיקער רעדע אויפגעפאָדערט דעם וועלט־פּראָלעטאַריאַט דאָס זעלבע אין זייערע לענדער נאָכצוטון.

נאָכדעם ווי די אַגיטאַטאָרן האָבן גערעדט דורכן ראַדיאָ צו די פּראָ־לעטאַריער פון דער גאַנצער וועלט, אין פאַרשידענע שפּראַכן, האָט חברטע מאַסלאָווע, די פויערשע שיקסע, זיך געריסן, אַז זי וויל אויך רעדן צו דער וועלט. אַז מען האָט זי ענדלעך צוגעלאָזט צום שפּרעך־רערל, נאָכדעם ווי מ'האָט זי פאָרגעשטעלט דורך דעם ראַדיאָ „פאַר דער וועלט“, אַז איצט וועט רעדן אַ פאָרשטייערין פון רוסישן דאָרף, — איז זי געבליבן שטיין אָן לשון און נישט געוווסט וואָס צו זאָגן. ענדלעך האָט זי אָנגעהויבן אריינ־צושרייען אין מיקראָפאָן מיט אַ ווייבערישער, שרייענדיקער שטימע — „וועלט, וועלט! כאַפּט דיך דער טייוול, וועלט!“

די ראַדיאָ־סטאַציע האָט נישט פונקציאָנירט, און דער מאַסלאָוועס שטימע איז געבליבן שטעקן אין קרעמל.

## קאַפּיטל 1

# דער קאָמיסאַר איז דאָ!

אין פּעטראָגראַד האָבן זיך שוין געשטעלט די פּייכטע נעפּלען, וואָס גייען־אויף פון די קאַנאַלן און נעמען אריין אין זיך די שטאָט, ווי אין אַ פייכטן שוואָם, איידער די ערשטע שניי־זאַווערוכעס קומען אָן. אין די שטובן האָט מען קאַרג געהייצט. די שכנים האָבן צעשלעפּט דאָס אָנגע־גרייטע האָלץ, וואָס איז געלעגן אין די הייף, און די דרויסנדיקע פייכט־קייט האָט זיך אַריינגעקראָגן דורך די דיקע ווענט און פענצטער און עס האָט זיך געדאַכט, אַז פּעטראָגראַדער נעפּלען ליגן אין די וווין־שטובן.

פּאַרלויפיק האָט זיך זייער ווייניק־וואָס געענדערט. די געשעפטן זענען געווען אָפן. דער, וואָס האָט געהאַט געלט, האָט געקאָנט באַקומען לעבנסמיטלען פאַר גוטע פרייזן. קאַוויאַר און ווייסע פיש נאָך ווי אין די גוטע צייטן. מעל און קאַרטאָפל איז שוין געווען ווייניקער. אויפן מאַרק האָט מען נאָך באַקומען (טאַקע געהיימערהייט, ווייל מען האָט צעיאָגט די סוחרים). אָבער פאַר גוט געלט האָט מען עסנוואַרג געקאָנט קויפן.

ס'האָבן זיך געפונען „זעק־מענטשן", וואָס האָבן זיך געפעדערט אין די דערפער און אָפּגעקויפט פּראָוויאַנטן ביי די פּויערים. איז געווען ווי פריער, ערב אָקטאָבער: דער, וואָס האָט געהאַט געלט, האָט געגעסן; דער וואָס האָט נישט געהאַט, האָט געהונגערט.

אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען פאַרשידענע פאַרדעכטיקע עלעמענטן. מען איז געקומען צולויפן פון פראָנט, פון די דערפער אַרום, אָנגעלאָדענע מיט בייזער ענערגיע, גרייט אויף אַלצדינג. די נייע לאַגע,

וואָס האָט זיך געשאַפן, האָט זיי צוגעגעבן מוט, און זיי האָבן געמיינט, אַז מען מעג אַלצדינג טון. עס האָט נאָך געהערשט אַ בין־השמשות־שטימונג. די אַלטע אויטאָריטעט איז געשטאָרבן, די נייע האָט נאָך נישט אַריינגענומען די לייצעס אין די הענט. צוויי כוחות זענען פאַרהילט געווען אין די נעפּלען, וואָס זענען שווער געלעגן איבער דער הויפּטשטאָט. איינער איז דאָרט געשטאָרבן, דער אַנדערער איז דאָרט געבוירן געוואָרן. דערווייל איז די מדינה און די שטאָט געבליבן אָן השגחה.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַיקאָט קעגן נייעם רעזשים. אַלע האָבן זיך אויסגעשטרעקט די הענט אין געמיינשאַפטלעכן קאַמף קעגן די חוצפּהדיקע פאַרכאַפּער; אַלע, פון די מענשעוויקעס ביז צו די רעכטע. די באַאַמטע, וואָס זענען געבליבן שטעקן אין זייערע ביוראָס פון די אַלטע צאַרישע צייטן, האָבן סאַבאָטירט די נייע מאַכט. געוואָרפן זייערע טישן און איבערגעלאָזט די געריכטן, די מאַגיסטראַטן, די תפיסות אַפילו, אָן אויפזעערס, און די, וואָס זענען איבערגעבליבן, זענען נאָר דערפאַר געבליבן שטעקן אין זייערע לעכער, כדי פון דאָרטן צו קאָנען אונטערגראָבן די באָלשעוויסטישע אויטאָריטעט. די ראַדיקאַלע פּאַרטייען האָבן זייערע מענטשן צוריקגעצויגן פון זייערע אַמטן. די גרויסע סוחרים האָבן אָנגעהויבן צוריקהאַלטן זייערע סחורות אין פרעמדע האַפנס, ביי די גרענעצן פון פרעמדע מדינות. אַלץ איז געווען פאַרנומען אין די ערשטע טעג נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש מיט דעם, ווי אַזוי אַריבערצופּעקלען דאָס ביסעלע האָב־און־גוטס אין אויסלענדישע בענק. בחינם האָבן די נייע באַלעבאַטים אויסגעשטרעקט די הענט, געבעטן זיך, אַז מען זאָל זיי העלפן אָרגאַניזירן די נייע רעגירונג. אַלע האָבן זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די נייע הערשער און איבערגעלאָזט זיי די מאַכט, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט. די לאַגע האָבן אויסגענוצט די צווייפלהאַפטע עלעמענטן. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם נעכטיקן „בורזשואַזנעם" אנצוג, אָנגעטון אַ שוואַרץ העמד, זיך געלאָזט אָנוואַקסן אַ פאָר־טעגיקע באָרד, גענומען אָן „אָרים"־יחוס־בריוו אין טאַש. אַוועק ווו מ'דאַרף און זיך געמאָלדן: איך שטאַם פון אָרימקייט. בין שטענדיק געווען פאַר דער רעוואָלוציע. בין גרייט אָנצובאָטן מיינע דינסטן דעם פּראָלעטאַריאַט.

אַזאַ האָט פאַרנומען אַ טיש אין אַ ביוראָ און איז געוואָרן אַ הערשער איבער מענטשן.

די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ טאָג ערגער. אוקראַינע און אדעס האָבן אויפגעהערט צו שיקן ברויט, קיעוו — צוקער, מאָסקווע — לייוונט, באַקו — נאַפט. און אַפילו די וואָלגע האָט אויפגעהערט צו פיטערן די הויפּטשטאָט מיט פיש און קאַוויאָר. די געוועלבער זענען אויסגעליידיקט געוואָרן. אַלץ, וואָס איז געווען צו קריגן, פון אַ העמד ביז אַ נאָגל, האָט מען אַרויסגעכאַפּט פון די הענט. די נגידים האָבן אין די שטיבער אָנגעגרייט פּראָוויאַנט. שפּעקולאַנטן פּעדערן זיך גאַנץ פּרי אין די דערפער. מען ברענגט צופירן אויף די גאַסן אויף קליינע שליטנס אַביסל מעל, אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ. אויף די אַלטוואַרג־מאַרקן באַווייזן זיך די ערשטע מענטשן אויסצוטוישן זיידענע שפּיצן־העמדער אויף אַ טאָפּ קאַרטאָפל. איבער די פּעטראָגראַדער גאַסן שלעפּט זיך אַ פּויערשער שליטן מיט אַ זאַק ראַזעווע מעל צום ווינטער־פּאַלאַץ. דער פּויער פרעגט זיך נאָך אויפן „נייעם צאַר". ער האָט געהערט, אַז דער נייער צאַר פון רוסלאַנד הונגערט, האָט ער אים אַ זאַק ראַזעווע מעל געבראַכט. מען שיקט אים פון ווינטער־פּאַלאַץ צום „סמאָלנע". אויף מאָרגנס צעפּויקן עס די רעגירונגס־צייטונגען און ברענגען אַ ראיה דערפון, אַז „דער נייער רעזשים באַפעסטיקט זיך ביים פאָלק".

די אָנגעלאָפענע שוואַרצע עלעמענטן נוצן אויס די סיטואַציע פון אָנפאַלנדיקן הונגער. עס זאַמלען זיך די כוחות אויף די עקן שטאָט. מען האָט מורא פאַר אומרוען. די נייע מאַכט שיקט אַרויס פּאַטרולן מיט קאַמיסאַרן איבער די האָטעלן, איבער די רעסטאָראַנען. די ערשטע זאַך מוז מען פאַרניכטן די אַלקאָהאָלישע געטראַנקען. עס איז נאָך קיין שיעור נישטאָ צו די ווייַנען און שנאַפּסן, וואָס געפינען זיך אין דער שטאָט פון „באַאַמטע און צאַרן". פון דורות און דורות האָבן זיך אָנגעזאַמלט שיכּרות און זנות אין עפּנטלעכע און פאַרבאָרגענע לעכער. פון קעלער־פענצטער גיסן זיך איבער די טראָטואַרן אין די רינשטאָקן אַריין רויטע, פעטע שטראָמען פון שנאַפּסן און ווייַנען. ווייס־שוימענדיקער שאַמפּאַניער בלעזלט זיך איבער די שטיינער. שיכּורים און בעטלער וואַרפן זיך מיט די מיילער צו די רינשטאָקן. ווייַבער לעקן אויס מיט די צינגער די רויטע, פעטע שטראָמען. פון די בתי־זונות האָט דער הונגער די נקבות אַרויסגעטריבן. דער פּראַכט און גלאַנץ פון די צאַרן וואַלגערט זיך איבער די גאַסן...

די נויט, ווי אַ פאַרפּלייצונג, דרינגט אַריין צוערשט אין די נידע־ריקע קעלערס. מעג שוין אַפילו זיין נאָך „אָקטאָבער", אָבער די אָרימע זענען די, וואָס הונגערן צוערשט. דער הונגער נאָך ברויט און לייוונט שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. עס קלייבן זיך דעפּוטאַציעס צום „סמאָל־נעם".

— ווו איז די ישועה, ווו איז דאָס לעקעכל, וואָס „אָקטאָבער" האָט צוגעזאָגט?

דער מאַן מיט די מאָנגאָלישע אויגן לאָזט זיי זאָגן:

— ביי וועמען בעט איר? אַלץ איז אייערס: די געוועלבער, די מאַ־גאַזינען, די הייזער און די פּאַלאַצן. גייט נעמט אייך דאָס, וואָס איז אייערס.

דער מאַדאַמס בודואַר איז, ווי תמיד, היימיש און אנגענעם. עס שטייען נאָך די לואי זעכצנטער ווייבעריש־חנעוודיקע קאַנאַפּלעך און פּאָטעלן, און שויבן־שענקלעך מיט דעם „ענגלענדערס" (דורך יאָרן צו־זאַמענגעשלעפּט געהיימע ליבעס־געשאַנקען פאַר אָלגע מיכאַילאָוונע) פּע־טערבורגער און אויסלענדישע פּאָרצעלאַיען. דאָס צימער איז אויך דאָס איינציקע, וואָס ווערט געוואַרימט אין דער גאַנצער גרויסער האַלפּערינ־שער וווינונג. אָן אַלטע, מישענקעס אָם, איז געווען די איינציקע, וואָס איז איבערגעבליבן פון דער צעלאָפענער דינערשאַפט, זי לעבט גוט מיטן אויפזעער פון הויז (ווי עס הייסן איצט די אמאָליקע „דוואָרניקעס"), און פאַר אַ גוטן מתנת־יד געלינגט איר פון צייט צו צייט צו באַקומען פון אויפזעער האָלץ צו באַהייצן די שטוב. אין דעם קליינעם ווינקל האָבן זיך באַזעצט שווער און איידעם, באַלד ווי זיי זענען צוריקגעקומען קיין פּעטערבורג נאָך די מאָסקווער געשעענישן.

דער אַלטער מירקין, ווי אַ געניטער סוחר, האָט געוווסט, אַז ער וועט זיך נישט לאַנג פרייען מיט זיין „אָסאָבניאַק", וואָס ער האָט גע־האַט ביים פינלענדישן באַנהויף. האָט ער אַליין איבערגעגעבן זיין באַ־קוועם איינגעאָרדנט הויז, מיט אַלע אַנטיקע מעבל, פאַר אַ קינדער־היים. ער האָט אַרויסגענומען פון דאָרטן זיינע און זיין ווייבס פּערזענלעכע זאַכן און אַריבערגעצויגן זיך צום שווער. די פרויען זענען געבליבן אָפּ־געשניטן אין קאַווקאַז. קיין קאָמוניקאַציע מיט זיי איז נישט געווען מעג־לעך, סיי בריוולעך, סיי טעלעגראַפיש, כדי נישט אַרויפציען אַ חשד, אַז

מען זוכט זיך צו פאַרבינדן מיט די פיינטלעכע כוחות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן קעגן דער נייער מאַכט אין דרום. האָט דער אַלטער מירקין איבערגעלאָזט זיין יונגע פרוי און זיין ניי־געבוירענעם זון צו זייער אייגענעם גורל, אַזוי ווי עס האָט געטון זיין שוואָגער, דער אַד־וואָקאַט האַלפּערין, אַזוי ווי עס האָבן געטון אַלע אַנדערע מענער, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער זעלבער סיטואַציע, — ביז עס וועלן אָנקומען בעסערע צייטן, אויף וועלכע אַלע האָבן נישט אויפגעהערט צו האָפן, צו גלויבן, צו דערוואַרטן.

מישענקע, דעם אַדוואָקאַטס זון, געפינט זיך נאָך אויפן פראָנט ביי זיין פלי־אָפּטיילונג, ווו ער האָט לעצטנס, צייט קערענסקיס אָפענסיווע אויפן גאַליצישן פראָנט, זיך באַטייליקט אין שלאַכטן. די מיליטערישע אָפּעראַציעס זענען שוין אָפּגעשטעלט, די שלום-פאַרהאַנדלונגען פאַרציען זיך אין בריסק. זענען שוואָער און איידעם געבליבן אַליין אין דער גרויסער וווינונג. דער אַלטער מירקין פאַרנעמט זיך מיט זיין געשעפט, ווי גע־וועגלעך. נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, גייט ער יעדן טאָג אין זיין קאַנטאָר און דערוואַרט יעדן טאָג צו ווערן אַרויסגעוואָרפן. נאָר כל־זמן מען לאָזט אים, שטייט ער אויף זיין פּאָסטן. פּאַרלויפיק איז אַלצדינג געגאַנגען לויט דער רוטין. דער אַלטער מירקין, צעבראָכן פון די געשעענישן, באַלאָדן אינגאַנצן מיט די זאָרגן וועגן מאָרגנדיקן טאָג, האַלט זיך דאָך מונטער און מיט זיך צוצופּאַסן זיך צו דער נייער לאַגע.

אַנדערש פון אים איז דער באַרימטער אַדוואָקאַט האַלפּערין. זינט ער האָט איבערגעלעבט די טויט־שרעק אויף די מאָסקווער גאַסן, קאָן ער נישט קומען צו זיך. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַפּאַטיע און יאוש. עס העלפט נישט דעם איידעמס אָפּטימיסטישע האַלטונג. דער אַדוואָקאַט, אין זיין שלאָף־ראָק, די צעפלאָשעטע גראָע האָר און באָרד נישט צוגע־קעמט, זיצט אין זיין ווייבס צימער און קוקט ערגעץ־ווו מיט זיינע גרויסע אויגן, ווי ער וואָלט געוועזן דערזען דעם אָפּגרונט, וואָס האָט זיך אויפ־געעפנט פאַר רוסלאַנד.

ער האָט פון ערשטן טאָג אָן (ווי איבעריקנס דער גאַנצער קרייז, צו וועלכן ער האָט באַלאַנגט) אָפּגעזאָגט זיך פון יעדער צוזאַמענאַרבעט מיט דעם נייעם רעזשים, כאָטש פון דער זייט פון די נייע מלוכה-מענער האָט מען געזוכט זיין מיטאַרבעטערשאַפט. צווישן זיי געפינט זיך נישט

איינער, וואָס האָט צו פאַרדאַנקען זיין קאָפּ דעם באַרימטן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט אים אָפּגעראַטעוועט מיט זיין חכמה און צונג פון די צאַרישע הענקערס ביי פאַרשידענע פּראָצעסן באַלד אין דער ערשטער צייט פון דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש האָט מען נאָך געשאַנעוועט די מענער, וואָס האָבן געהאַט פאַרדינסטן פאַר דער רעוואָלוציע, — ווער רעדט נאָך וועגן די, וואָס האָבן זיך פאַרדינט געמאַכט ביי די מענטשן, וואָס שטייען איצט אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג. אָבער דער אַדוואָקאַט ווענדעט זיך אָפּ פון זיי מיט פאַראַכטונג. ער האַלט פאַר אַ פאַררעטער יעדן איינעם, וואָס שטייט אין פאַרבינדונג אָדער העלפט־צו די „דייטשע אַגענטן" (ווי ער הערט נישט אויף ווייטער, אַפילו עפנטלעך, האַרטנעקיק זיי צו רופן). ער האָט נישט פאַר קיינעם קיין מורא זיינע מיינונגען אויסצודריקן גאַנץ אָפן, פאַר אַלעמען, אַזוי ווי ער וואָלט געוועזן געזוכט אַ געלעגנהייט, אַז מען זאָל אים דערפאַר אַרעסטירן. מען האָט אים איגנאָרירט. דאָס האָט אים נאָך מער פאַרדראָסן און נאָך מער פאַרביטערט. זיין גאַנצע האָפענונג האָט ער געלייגט אויף דער פאַרשטייענדיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. דאָס, וואָס זיין איידעם, ווי אויך דער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין (וועלכער האָט אויך איצט געענדערט זיין מיינונג), העלפן־צו און אַרבעטן אונטער דעם נייעם רעזשים, רופט אַרויס קאָנפליקטן צווישן זיי און דעם באַרימטן אַדוואָקאַט.

די וועלט האָט, להכעיס דער צייט, ווייטער עקזיסטירט, — איבערהויפּט די סוחרישע וועלט: די נאַפט־, צוקער־ און טיי־סוחרים. נישט נאָר איז אַלץ געבליבן ביים אַלטן, פאַרקערט, זיי זענען נאָך איצט מער האָפערדיק געוואָרן... „ווי לאַנג וועלן זיי גאָר אויסהאַלטן?" — האָט מען זיך געזאָגט.

די אַקציעס פון דער געזעלשאַפט „ניי־רוסלאַנד" זענען הויך געשטאַנען, — כאָטש אין געהיים, — גראָד ווי אין די נאָרמאַלע צייטן. פאַרקערט, פאַר דער לעצטער צייט, זינט מען איז געוווּיר געוואָרן, אַז וואָלקנס קלייבן זיך איבער רוסלאַנד, זענען די אַקציעס וואָס אַמאָל נאָך מער געשטיגן. די פנימער זענען געוואָרן רואיקער, אויסגעשלאָפענער. אַפילו די גרויסע בייכער, וואָס זענען דורך דער צייט פון דער באַלאַגערונג פון האָטעל „מעטראָפּאָל" געהאַט איינגעפאַלן, זענען איצט פולער געוואָרן, — אויב נישט פון גוט עסן, איז כאָטש פון גוטע בשורות און

גוטע האָפּענונגען. דער טיי־סוחר ראָזמארין האָט צוריקבאַקומען זיינע אויסגעשלאָפענע, אויסגעפּיעשטשעטע באַקן און האָט זיך שוין ווידער פאַרגונען זיין נגידיש הוסטל, געצערטלט זיך, געשאַנעוועט זיך און אָנגעהויבן אויסצופירן פינקטלעך דעם דאָקטאָרס באַפעלן.

מען פלעגט, נישט קוקנדיק אויף דער צייט, ווי אַמאָל אין די גוטע יאָרן, זיך צונויפקומען אין די אָוונטן ביים באַרימטן אַדוואָקאַט אין דער מאַדאַמס איינגעהייצטן בודואַר.

אַמאָל, ביי אַ גלעזל „טיי”, אָן טיי און אָן צוקער (כאָטש עס זענען דערביי געווען אָנוועזנד די גרעסטע טיי־פירמע און רוסלאַנדס „צוקער־קעניג”), האָט זיך ראָזמארין דערלויבט צו מאַכן אַ שפּאָטישע באַמערקונג דעם אַלטן מירקין. פאַרשטייט זיך, אין אַ לייכטער פאָרם, אַז עס זאָל נישט וויי־טון, ווי עס איז געווען זיין געוווינהייט:

— בחינם זיך צוגעאיילט, גבריאל חיימאָוויטש, — האָט ער אים געזאָגט האַלב אין שפּאָט, האַלב אין ערנסט, — מיט זיי צו אַרבעטן. ווי לאַנג וועלן זיי זיך נאָך האַלטן? ביז צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג!

— און וואָס וועט איר טון, ווען זיי וועלן צעטרייבן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג? — פרעגט דער אַלטער מירקין.

— ווי אַזוי וועלן זיי זיך דאָס דערוועגן? — שרייט־אויף דער אַדוואָקאַט.

— פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן זיך „דערוועגט” די פּראָוויזאָרישע רעגירונג צו פאַרטרייבן און צו פאַרכאַפּן רוסלאַנד! פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן זיך „דערוועגט” דעם „גענעראַליסימוס” איבערצוטוישן און איבערצוגעבן די גאַנצע אַרמיי־קאָמאַנדע אין די הענט פון אַ מאַטראָז, און צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן שונא אויף אייגענער האַנט. ווער וועט זיי פאַרווערן זיך צו דערוועגן? איר?

— וועלן מיר אונדזערע געשעפטן שליסן, די באַנקן פאַרמאַכן, דעם קרעדיט אָפּשטעלן, די סחורות פאַרהאַלטן אויף די גרענעצן, אין די פאָרטן, דאָס גאַנצע ראַד אָפּשטעלן. זאָל דאָס הונגעריקע פאָלק אונטער זייער פענצטער קומען, און אַ פויסט אַרויסשטעלן. די איינציקע רוט קעגן זיי איז סאַבאָטאַזש.

דער אַלטער מירקין האָט זיך פאַרטראַכט, ער איז טרויעריק געוואָרן.

— סאַבאָטאַזש? איך וויל וויסן, קעגן וועמען? סאַבאָטירן די באַל-

שעוויקעס, צי רוסלאנד? די באָלשעוויקעס וועט איר מיט דעם ווייניק־וואָס אָפּשרעקן. איר וועט זיי סאַבאָטירן, וועלן זיי אַנדערע מענטשן אָנ־שטעלן, נישט דערוואַקסענע, אומפּעאיקע. עס וועלן זיך געפינען געגוג אַזעלכע, און דאָס לאַנד וועט נאָך דערפון נאָך מער בלוטיקן. איר האַלט אָפּ אייער טיי, אייער צוקער, איר ווילט דאָס אויסגעמוטשעטע פאָלק אויסהונגערן. און קענן ווען, מיינט איר, וועט עס זיין פּויסט ווענדן? נישט קענן זייער פּענצטער, נאָר קענן אייערע. אויף רוסלאַנדס קאָפּ וועט עס אויסגיין, און מיר וועלן באַצאָלן דערפאַר.

— הייסט עס, אַז איר זענט וויליק צו גיין מיט זיי האַנט ביי האַנט, צו אַרבעטן פאַר זיי?

— נישט מיט זיי, נאָר מיט רוסלאַנד. נישט פאַר זיי, נאָר פאַר רוס־לאַנד. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז דאָ שטייען נישט אין שפּיל די באָל־שעוויקעס, נאָר דאָס רוסישע פאָלק. אַז מיר וועלן אָפּהאַלטן דאָס מעל, דעם צוקער, טיי, וועלן הונגערן נישט די פאַר באָלשעוויקעס, נאָר דאָס רוסישע פאָלק. און דענסטמאָל — ווער ווייסט, וואָס עס וועט געשען.

— נו, איז וואָס דען? זיצן און שווייגן, און זיי איבערלאָזן צו מאַכן פון אַלעמען אַ תל? — קאָכט זיך דער אַדוואָקאַט. — עס איז אַ סימן פון אונדזער געפאַלנקייט צו הערן אַזעלכע רייד.

— איר זעט דאָך, צו וואָס מיר האָבן געבראַכט רוסלאַנד! אפשר איז טאַקע איצט די צייט פאַר זיי? אפשר וועלן זיי טאַקע דאָס פאַטער־לאַנד אויף אַ ברייטן וועג אַרויספירן און מיט אים די גאַנצע געפּייניקטע וועלט, וועלכע נאַרעט זיך איצט אין קאַלוזשעס פון איר אייגן בלוט, וואָס אירע פירער און הערשער האָבן זי אַהין אַריינגעוואָרפן? אפשר שטייט טאַקע פאַר דעם רוסישן מענטש אַ נייע פאָרם פון גערעכטער אָרדענונג צו געבן און דורך דעם די וועלט צו באַפרייען? ווער ווייסט? יעדנפאַלס טאָרן מיר זיי נישט שטערן דעריין צוליב אונדזערע פאַר קאָפּיקעס. פאַר־קערט, מיר מוזן זיי ווייזן, אַז מיר האָבן זיי צוגעהאָלפן. אַדרבא, פּרוווט איר. וואָלט שוין די וועלט געווען איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן, ווען עס וואָלט נישט געווען מער קיין גערעכט און אומגערעכט, קיין שטאַרקע און שוואַכע, קיין צרות, קיין פּיין, וואָלט געווען אַ פאַרברעך צו מאַכן נייע עקספּערימענטן. די וועלט ליגט דאָך אָבער סיי־ווי־סיי אין דר׳ערד! זאָלן זיי פּרוּוון זי אויפהייבן. און איך האָב נישט קיין מורא, אַז רוסלאַנד

וועט דערביי אונטערגיין. רוסלאַנד איז נישט אונטערגעגאַנגען ביי די כאַנען, ביי די ראָמאַנאָווס, וועט עס ביי די באָלשעוויקעס אויך נישט אונטערגיין. רוסלאַנד איז נישט קיין עופהלע. רוסלאַנד איז אַ שטאַרקע, געזונטע מויד מיט אַן אייזערנעם מאָגן. זי קאָן אַלצדינג איבערקייען און אַרויסגיין דערנאָך געשטאַרקט. נישט אין די באָלשעוויקעס, נאָר אין רוסלאַנד גלויב איך. דעריבער וויל איך זיי צוהעלפן.

נאָר איידער דער אַלטער מירקין האָט פאַרענדיקט זיינע ווערטער, האָט זיך פון די וויטערדיקע שטיבער דערהערט אַ באַוועגונג. שטאַרקע באַשטיוולטע טריט האָבן געשלאָגן אָן דער פּאָדלאָגע. די אַם איז אַריינגעקומען אַ בלייכע און געמאָלדן, אַז דער הויז-אויפזעער איז דאָ מיט אַ קאָמיסאַר און סאָלדאַטן, און זיי פרעגן זיך אויפן הער.

איידער דער עולם האָט נאָך באַוויזן צו ווערן בלייך און דערשראָקן, האָט זיך אויף דער שוועל פון דער מאַדאַמס בודואַר באַוויזן מישענקעס (דעם אַדוואָקאַטס זונס) חבר פון די אַמאָליקע גימנאַזיע־יאָרן — אָסיפּ מאַרקאָוויטש.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך פאַרוווּנדערט אומגעקוקט, וואָס מישענקעס חבר, אָסיפּ מאַרקאָוויטש, האָט זיך אַזוי געענדערט. אָנשטאָט דעם אויסגעפּרעסטן, פיין־געשניטענעם אַנצוג, מיט דער בעזש־וועסט, מיט די זאָקן, וואָס פלעגן תמיד פּאַסן צו דעם קאָליר פון זיין קראַוואַט, איז ער, מישענקעס חבר, איצט געגאַנגען אָנגעטון אין אַ ציוויל־מיליטעריש צוגעשניטענער קורטקע, אין אַ ביז צום האַלדז פאַרקנעפּלט שוואַרץ העמד, און אַ רויטע שנור פון אַ רעוואָלווער איז פאַרקניפּט ביים האַלדז, אויפן אָרט פון זיין שיינעם, געפּאַסטן קראַוואַט.

דער אַדוואָקאַט האָט געמיינט, אַז דאָ קומט פאָר עפּעס אַ טעות, אַז אָסיפּ מאַרקאָוויטש איז געקומען זיך נאָכפרעגן אויף מישענקען, און ער האָט אים שוין געוואָלט אָפּשנצן פאַר זיין חוצפּהדיקן עפענען די טיר פון אַ פרעמדן צימער. נאָר דער אַרויספאָדערנדיקער, דורכדרינגלעכער, שנצישער בליק פון דעם יונגנמאַן האָט דעם בלייך־געוואָרענעם אַדוואָקאַט אָפּגענומען דאָס לשון, אַזוי ווי דער גאַנצער געזעלשאַפט.

— וואָס איז דאָס ביי אייך? אַ פאַרזאַמלונג? קעגן וועמען קאָנספּירירט איר דאָ? קעגן דער רעוואָלוציע? — זאָגט דער יונגערמאַן, נישט

געבנדיק קיין טרייסל מיטן פנים, נאָר די בלייכע גאָזלעכער שניפּן און באַוועגן זיך הויך.

— אָסיפּ מאַרקאָוויטש, וואָס איז מיט אייך? — פרעגט דער אַד־וואָקאַט אַ דערשטוינטער, און וויל געבן אַ טריט נענטער צו אים.

— איך בין פאַר אייך נישט קיין אָסיפּ מאַרקאָוויטש! האַלט אים אָפּ דער יונגערמאַן מיט אַ חוצפּהדיקער באַוועגונג מיט זיין האַנט. — איך וויל וויסן, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

דער עולם איז געבליבן אַ פאַרשטאַרטער. ראָזמאַרינס, דעם טיי־סוחרס,גרויסע באַקן, זענען ווידער שלאַבריק געוואָרן, און דאָס לעבן איז גאָר פון זיי אַנטלאָפן. נאָר דער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין האָט, ווי תמיד, גלייכגילטיק געשמייכלט. דער איינציקער, וואָס האָט זיך נישט פאַר־לוירן, איז געווען דער אַלטער מירקין. ער האָט באַלד דערכאַפּט וועגן וואָס עס גייט. ער האָט זיך פאָראויס געשטעלט פאַרן אַדוואָקאַט און גע־ענטפערט דעם אַריינגעדרונגענעם יונגנמאַן:

— דאָ קומט נישט פאָר קיין קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג. איר קאָנט באַלד זען, אַז דאָ זיצן באַקאַנטע ביי אַ גלעזל טיי.

— ביי אַ גלעזל טיי? — ציט דער יונגערמאַן דאָס וואָרט מיט אי־ראָניע. — מיר ווייסן וואָס אייערע גלעזלעך טיי מיינען.

— יונגערמאַן, זידלט זיך נישט. אויב איר האָט אַ מאַנדאַט, פירט אויס אייער פליכט! נאָר אָן זידלערייען, — זאָגט דער אַלטער מירקין.

— אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט קיין מאַנדאַט אייך צו אַרעסטירן. איך האָב נאָר אַ באַפולמעכטיקונג צוצונעמען די וווינונג פאַרן פּראָלע־טאַריאַט. וויפל צימערן האָט איר?

— דאַכט זיך, צוועלף, נישט וואָר, סאָלאָמאָן? — ווענדעט זיך צום שווער דער אַלטער מירקין.

— און וויפל איינוווינער?

— פאָרלויפיק זענען מיר צוויי, מיר דערוואַרטן אָבער אונדזערע משפּחות.

— זעט איר, חברים, ווי די בורזשואַזן לעבן: צוויי נפשות — אין צוועלף צימערן! אַזוי האָט מען זיך געלאָזט ווילגיין אויפן פּראָלעטאַרישן סאַרק, — ווענדעט זיך אָסיפּ מאַרקאָוויטש צו די זעלנערישע חברים, וואָס האָבן אים באַגלייט. — איר, מיינע הערן, וועט זיך פון איצט אָן מוזן

באגנוגענען מיט צוויי צימערן. די איבעריקע צען פארנעמען מיר פארן פראלעטאריאט. הויז־פארוואלטער, שרייבט אויף די דירה. און איר, מיינע הערן, — ווענדעט ער זיך צו דער געזעלשאפט, — איך באדויער זייער אייער פארזאמלונג צוצעשטערן. איר וועט זיך דארפן צעגיין.

— לאזט מיך זען אייער מאנדאט, חבר, — ווענדעט זיך צו זיי דער אלטער מירקין.

דער יונגערמאן איז איצט בלייך געווארן. ער האט ארויסגענומען פון זיין אויבערשטער טאש א פאפיר און עס דערלאנגט דעם אלטן מירקין. דער אלטער ווידער האט זיך די ברילן אנגעטון, נישט געאיילט, סוחריש־מעסיק איבערגעלייענט.

— איך זע נישט פון אייער מאנדאט, אז איר זענט בארעכטיקט צו צעטרייבן א פרידלעכן באזוך ביי א פריינט. איך וועל אנגעבן אויף אייך, חבר, אז איר טרעט אריבער אייערע באפולמעכטיקונגען, — זאגט דער אלטער מירקין, און גיט אים צוריק דאס פאפיר.

— טוט וואס איר ווילט. ביי אייך איז דא געווען א קאנספיראטיווע פארזאמלונג. איך קען אייך אלע און וויים, וועגן וואס איר האט דא אונ־טערגעהאנדלט: וועגן סאבאטירן די סאוויעטישע מאכט! איך פאדער אייך אויף די מינוט זיך פונאנדערצוגיין, אז נישט — לאז איך אייך זאפארט ארעסטירן!

דער אלטער מירקין איז רויט געווארן. שווערע, גרויסע אנגסטן האבן אנגעהויבן אים ארויסצוזעצן אויפן שטערן. ער האט אנגעהויבן שווער צו העשען, געמיינט, אז ער וועט זיך שוין נישט קאנען קאנטראלירן. נאר דערלייזט פון זיין ענגשאפט האט אים דער פלוצימדיקער אויסברוך פון אדוואקאט האלפערין. וועלכער האט מיט חלף־גלאנציקע אויגן געקוקט אויף דעם יונגנמאן, האט זיך איצט געגעבן א ווארף אויף אים אין א ברויזנדיקן אויסברוך:

— לומפ! ארויס! צעשיסט — נאר ארויס!

מירקין איז געקומען צו זיך. ער האט זיך אין איין אויגנבליק צוריק־געפונען. דעם שוועהר האט ער אפגערוקט, געשטעלט זיך פאר אים און זיך אנגערופן צו דעם פאר פחדנות דערשראקן געבליבענעם בלייכן בחור:

— מיר נעמען צו קענטעניש אייער מאנדאט. דאס צימער באהאלטן מיר פאר אונדז. גייט, פירט־אוים אייער פליכט, חבר. נאר ווען איר האט

נישט קיין מאַנדאַט אונדז צו אַרעסטירן, פאָדער איך אייך אויף די מינוט צו פאַרלאָזן דאָס צימער. איר שטערט די רו פון פרידלעכע, געטרייע סאָ־וויעטישע בירגער. מיר אַרבעטן האַנט אין האַנט מיט דער סאָוויעטישער מאַכט.

דער אויבערפלעכלעכער מוט איז ווי ביי יעדן פּחדן צערונען. דער יונגערמאַן האָט זיך אַרויסגערוקט פון צימער.

— דאָס איז דער רעזולטאַט פון אייער סאַבאָטאַזש, — האָט דער אַלטער מירקין איינגערוימט אין אויער דעם בלייכן אָפּגייענדיקן טיי־סוחר.

— ווען אָנשטענדיקע מענטשן דערוויטערן זיך, קומט יעדער לומפּ אויף זייער אָרט.

דער יונגערמאַן איז מיטן אויפזעער אַרומגעגאַנגען איבערנעמען די גרויסע האַלפּערינשע וווינונג. אַז ער איז אַריינגעקומען אין גרויסן, ליכ־טיקן סאַלאָן, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט פון זיינע אָפטע באַזוכן ביי זיין חבר מישע, און אין וועלכן ער האָט אַזוי גערן געהאַט זיך אויפצוהאַל־טן, האָט ער אויך איצט נישט געקאָנט צוריקהאַלטן זיין יצר־הרע. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איינער פון די טיפע פאָטער־שטולן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער קנאה, וואָס ער האָט שטענדיק געפילט צו מישענקען, ווען ער האָט אים אַריינגעפירט אין זיין מוטערס ליכטיקן סאַלאָן. און, ווי אַמאָל, האָט ער אויך איצט אָנגעהויבן אויפצושניפּן יעדעס בילד, יעדן שטול, יעדן דיוואַן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט איינאָטעמען אין זיך די לופט פון רייכקייט. אַ שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיינע ליפּן, און ער האָט זיך אָנגערופן צום הויז־פאַרוואַלטער:

— חבר, דאָס צימער נעם איך אָפּ פאַר מיר. מען דאַרף אָן אויג האַלטן, וואָס פאַרא קאָנספּיראַציעס עס קומען דאָ פאָר אויף דער דאָזיקער קוואַרטיר קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט.

## קאַפּיטל 2

# פאַרצעלייענע ליאַלקעס

עס איז גאָר נישטאָ קיין שיעור צו דעם מענטשנס פעאיקייטן צוצו־פּאַסן זיך צו סביבות. עס איז פאַרשווונדן יעדע שפּור פון אינדיווידועלן

לעבן אין דער גרויסער וווינונג פון אַדוואָקאַט האַלפערין. און דאָך האָט מען געלעבט. די שטובן זענען באַלד פול געוואָרן מיט פרעמדע מענטשן. אין יעדן צימער איז געזעסן אַן אַנדער פּאָר. דער אַדוואָקאַט האָט אין זיין קאָרידאָר באַגעגנט פּנימער, פאַר וועלכע ער האָט זיך מיט שרעק צו דער וואַנט צוגעדריקט. עס איז אָפּגעווישט געוואָרן יעדער סימן פון פערזענלעכקייט, פון אייגנאַרטיקייט, מיט וועלכער די הענט פון דער איידעלער אָלגע מיכאַילאָווגע און פון דער קונסט־ליבנדער ניניאָטשקע האָבן פול געמאַכט יעדעס ווינקעלע פון זייער היים. די שטובן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאַזאַרמעס. די רויִע פרעמדקייט איז געקראָכן אומעטום, אין אַלע ווינקלעך, און אַריינגעריסן זיך אין די אינטימסטע באַהאַלטענע ערטער. די קלאָזעטן זענען פאַראומרייניקט געוואָרן פון פרעמדער צואה. די וואַנעס האָט מען באַלייגט מיט פרעמדע פעק, מיט שמוציק, פרעמד־לייביק געוואַנט. אין דער קיך האָט געהערשט אַ שטענדיקער הו־האַ. עס זענען פון דאָרטן דערגאַנגען די קריגערייען און גראַנגל־געוואַלדן פון די שכנטעס, וואָס האָבן זיך געריסן איבער אַן אָרט פאַר זייערע נאַפט־מאַשינקעס אויף דער פּלאַטע פון דער קיך. אין די שטובן איז אויפגעגאַנגען אַ געשטאַנק פון פרעמדע עסנס. דורך די שפּאַרעס, דורך די ווענט און טירן האָבן זיך אינאיינעם מיט פרעמד־לייביקן געשוויץ, אַריינגעריסן אינטימע געשפּרעכן, וועלכע ווערן געפירט ביי דעליקאַטע סיטואַציעס. מען איז נישט ווילנדיק אַריינגעצויגן געוואָרן צו זיין עדות ביי פאַרבאָרגענע דערלעבענישן, וואָס קומען פאָר אויף יענער זייט טיר... מען איז געוואָרן באַרויבט פון יעדן פערזענלעכן לעבן. און דאָך האָט מען געלעבט...

אָלגע מיכאַילאָווגעס בודואַר און זייער בשותּפותדיק שלאָפצימער, וואָס איז געלעגן דערנעבן, זענען געווען די איינציקע היימישע ווינקלען, און פאַר זיי האָט דער אַדוואָקאַט געקעמפט מיט זיין גאַנצער קראַפט, אַזוי ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן דער ערע פון זיין הויז. אַהין האָט ער געשלעפּט, ווי אַ קאַץ אירע קעצלעך, יעדע קלייניקייט, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט זיין אייגן לעבן, מיט זיין קאַריערע, מיט זיין פאַמיליע. עס איז געווען אוממעגלעך אַריינצובריינגען אַהין זיין גרויסע ביבליאָטעק. האָט ער זי מפקיר געווען. ער האָט נאָר אַריבערגעטראָגן די פּילע „אַדרעסן“, וואָס ער האָט באַקומען דורך זיין לאַנגער אַדוואָקאַטן־טעטיקייט פון קהילות, פון פּויערשע געמיינדעס, פון סעקטעס, וועלכע ער האָט געראַטעוועט

פון דעם צארם נעגל. ער האָט געשלעפּט אַהין דעם ווייבס און דער טאָכ־טערס פערזענלעכע זאַכן, — קליידער, העמדער, טואַלעטן־שטיקער, שיך, יעדע מינדסטע קלייניקייט, וואָס באַלאַנגט צו זיי, — אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז מיט דעם, וואָס ער וועט איבערלאָזן די חפצים פאַר דער פרעמדער גאַס, וואָס איז איצט פון זיין וווינונג געוואָרן, וועט פאַרשוועכט ווערן די הייליקייט פון זיין פאַמיליע.

וואָס איז וווּנדערלעך, איז דאָס, וואָס דער אַדוואָקאַט האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ פּאַטעטישע צוגעבונדנקייט צו יעדן נישטיקן געשענק, וואָס זיין ווייבס לאַנגיאָריקער פאַרערער, נאַאום גריגאָריעוויטש ראָזאַמין האָט געטראָגן צו אָלגע מיכאַילאָוונען דורך די יאָרן פון זיין שטומער פאַרערונג צו איר. שטענדיק פלעגט דאָך דאָס דער אַדוואָקאַט פאַראַכטן, חוזק מאַכן, און ביי יעדער געלעגנהייט אויסשפּעטן די געשענקען (ער האָט געוווּסט, וואָס פאַרא פאַרבאָרגענעם סענטימענט זיי טראָגן מיט זיך). איצט, ביי דער איינזאַמקייט, האָט ער גאָר דערפילט צו זיי אַ באַזונדערע צוגעבונדנ־קייט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען באַלאַנגט צו די אומבאַרירטע סודות פון זיין פּריוואַטן לעבן, וואָס בלויז מיטן אָנריר פון אַ פרעמדער האַנט, מיטן בליק פון אַ פרעמד אויג ווערן זיי פאַרשוועכט. ער איז אַרומגעגאַנגען אי־בער די שטובן אַ ווילדער, מיט צעפלאָשעטע גראָע האָר און אַ פאַרוויר־טער באָרד (מען האָט זיך געשראָקן פאַרן קראַנקן בליק, וואָס האָט גע־בלישטשעט פון זיינע אויגן) און האָט געזאַמלט יעדן קאַפּע־טאַז, יעדע זאַקסישע פיגור, יעדן סעווורער טעלער, יעדעס שטיקעלע „ווין", „דרעזדן" אָדער רוסישע פאַרצעלאַן־פיגורן, וואָס דער פאַרערער פון זיין ווייב האָט אָנגעטראָגן אין הויז. געצערטלט האָט ער זיי ברוסט־נאָענט, באַהאַלטן מיט זיך אין זיין ווינקעלע אַריין.

די אַלטע קאַטאַיעווע, וואָס מען האָט געהאַלטן די לעצטע יאָרן אין הויז אויף גנאָד־ברויט, זי איז געבליבן געטריי דעם אַדוואָקאַט. זי האָט זיך געקריגט מיט די נייע שכנים, אויסגעקעמפט איר ווינקל פאַר איר קאָך־מאַשינדל אויף דער קיך־פּלאַטע, צוגעגרייט דאָס ביסעלע עסן, אַ פּאָר קאַרטאָפל אַמאָל, מיט קראַכמאַל און פלעווען דורכגעזייטן רייז, וואָס מען האָט נאָך געקאָנט פאַר גוט געלט קריגן אין געוועלבלעך, — און זי פלעגט עס טראָגן דעם אַדוואָקאַט אין דער מאַדאַמס בודואַר אַריין.

מען האָט שוין געהייצט דעם אויוון מיט די דיקע סענאַט־אַקטן פונעם אַדוואָקאַטס ביבליאָטעק. דער אַדוואָקאַט האָט זיך לכתחילה קעגן דעם גע־וועהרט, געקעמפּט פאַר זיינע יורידישע אויטאָריטעטן, פאַר די ענציקלאָפּע־דיעס, פאַר די רוימישע און נאַפּאָלעאָנישע קאָדעקסן, נאָר סיי־ווי־סיי האָבן שוין די שכנים, וואָס די ביכער האָבן פאַרנומען זייער בחינמדיקן פּלאַץ, פראַנק און פריי זיי געברענט. איז עס דעם אַדוואָקאַט שוין געווען אַלצ־איינס, וואָס פאַרא „אויף געזעץ און רעכט רוענדיקע אויטאָריטעטן" קריכן אין דעם הנעוודיקן, ברייט־בייכיקן, גלאַנציקן ווייסן קאַלך־אויוון, וואָס שטייט אין זיין ווייבס בודואַר. אַבי עס זאָל זיין וואַרים.

ער איז כמעט נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטוב. ער האָט פאַר־שטעלט די טירן און די ווענט מיט ברייטע שאַפעס, פאַרהאָנגען די שפּאַ־רעס מיט טיכער, אַז עס זאָל זיך נישט פאַרנעמען דאָס, וואָס עס הערט זיך פון די אַנדערע צימערן. ער איז געזעסן ביים איינגעהייצטן אויוון, זיך געוואַרימט. אַמאָל אַן אַקט, וואָס איז צופעליק אַרויסגעפאַלן פון אויוון, אָפּגעראַטעוועט פון פייער, גענומען אים אין דער האַנט אַריין, זיך פאַר־טראַכט, זיך דערמאָנט אין אַלטער גלאָריע. אָדער גאָר פאַרנומען די צייט מיט פונאַנדערשטעלן דעם „ענגלענדערס" פאָרצעלייענע צאַצקעס און ליאַלקעס: די זאַקסישע פיגורלעך, די ווינער „ראָקאָקאָ"־באַמאָלטע טעפּ־לעך. ער האָט זיי באַטראַכט, געשפּילט זיך מיט זיי, ווי אַ קינד מיט אַ קינדער־שפּילעכל. ער האָט זיך ביי יעדן שטיק דערמאָנט די געלעגנהייט, ביי וועלכער דער „ענגלענדער" האָט עס געבראַכט, די געזעלשאַפטן אין זיין ווייבס בודואַר, די מיטאָג־עסנס ביי זיין טיש, די געשפּרעכן, וואָס מען האָט געפירט דערביי, די פנימער פון די באַקאַנטע און פריינט. ער איז געוואָרן סענטימענטאַל און האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ער איז נישט געווען גערעכט קעגן דעם „ענגלענדער", זיין ווייבס פאַרערער...

יאָ, דער „ענגלענדער" איז אים איצט, אין זיין איינזאַמקייט, קעגן זיין ווילן, געוואָרן סימפּאַטיש, פאַרשטענדלעך און אפילו אויך אינטערע־סאַנט... און צו אַלגע מיכאַילאָוונעס האָט ער איצט דערפילט אַן אומבאַ־גרענעצטע ליבע און בענקשאַפט. ער האָט געקלערט וועגן איר גאַנצע טעג און געזאָגט: גאָט צו דאַנקען, וואָס זי איז געוואָרן פאַרשווינט פון דעם אַלעם. גוט וואָס נאַאום גריגאָריעוויטש איז מיט איר, זי צו באַשיצן. אפשר וועט גאָט העלפן און זיי וועלן זיך ראַטעווען. די מלחמה וועט דאָך

נישט אייביק געדויערן. זי מוז דאָך אַמאָל אויפהערן. אפשר וועלן די „פאַרבינדעטע" אַ קריגס־שיף צו קרימער האפן שיקן. זיי וועלן זיך ראַטעווען, ערגעץ־ווו אין אויסלאַנד לעבן. און מיט אים וואָס וועט זיין? — אים איז שוין אַלצאיינס, וואָס עס וועט זיין, אַבי זיי זאָלן זיך נאָר ראַטעווען...

אַ שיינע זאַך, אָט די פּאָרצעלייענע פיגורלעך, — טראַכט ער זיך, ווען ער קוקט אויף זיי. — אַ שאָד, וואָס נישט באַמערקט זיי ביז איצט. זיך נישט פאַרשטאַנען דערויף. אפשר בלייבט טאַקע גאָרנישט מער איבער אין לעבן, נאָר דאָס ביסעלע פאַרגעניגן, די קליינע, דורכגייענדע הנאות, וואָס יאָגן איבער דיר ווי אַ פרילינגס־ווינט, און לאָזן דיר איבער עפּעס, אין וואָס זיך צו דערמאָנען אין טרויעריקע טעג. אַ וואונדער, נישט באַמערקט ביז איצט, וויפל חן און גראַציע עס פאַרמאָגט אַזאַ פּאָרצעלייען וואַזעלע, — טראַכט ער און קוקט מיט בענקשאַפט אויף די פּאָרצעלייענע פיגורלעך. — פיל פרויען־חן ליגט אויסגעגאָסן אין דער ליניע פון אַזאַ פיגורל...

מיטאַמאָל איז אים באַוווסט געוואָרן, אַז אייגנטלעך האָט ער דאָך גאָרנישט געלעבט. ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט זיין באַרימטקייט, מיט זיין קאַריערע, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין צייט פאַר זיך, זיין ווייב ליב צו האָבן, מיט זיינע קינדער זיך צו פרייען. עס האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן, אַז זיין אייגן לעבן איז אויסגערונען טראָפּנסווייז, ווי פון אַן אומגעקערט פלעשל... בשעת ער איז געווען פאַרנומען מיט זיין קאַריערע, מיט זיין גרויסקייט, מיט זיין באַרימטקייט. איצט ליגט דאָס אַלץ, ווי פאַרלאָזענע שמאַטעס, אין שטויב, און איבערגעבליבן איז גאָרנישט. נאָר אָט די שאַרבנס, וואָס יעדער פון זיי טראָגט מיט זיך אַ סענטימענט, אַ ווונטש, אַ פאַרבאָרגעניש. און איצט שטייען זיי דאָ, ווי שטומע עדות און שטראַלן אַרויס פון זייערע איידעלע ליניעס, — אין דער טיפעניש פון זייערע קאָלירן, אין די קנייטשן און די שמייכלען, אין דער בויגנדיקער העל־זעליקייט — די וואַרימקייט פון פאַרגאַנגענע בענקשאַפטן. און אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איז איבערגעבליבן ווי פאַרטריקנטע בלעטער פון אַ זומערדיקן בוים...

ער האָט נישט באַמערקט, ווי ער האַלדזט אין זיין האַנט אַ דרעזדענער ווייבעריש ווייס פּאָרצעלייען פיגורל, קילט זיך מיט דער גלאַטיקייט

פון פאַרצעלייענעם ליב זיין צעהיצטן שטערן. און ער טראַכט זיך דערביי: „אַ שאָד, וואָס נישט געוווסט דערפון ביז איצט“.

ער פאַרשעמט זיך פאַר זיינע געדאַנקען, שטעלט צוריק דאָס פאַר־צעלייענע פיגורל אויף זיין אָרט, הייבט זיך אָן צו דרייען איבער דער שטוב אַרויף און אַראָפּ. זיין אויג פאַלט אויף אַ פּאָר בלעטער פּאַפּיר פון אַקטן. אָפּגעזונדערטע פון פייער, זעגען זיי אַרויסגעפאַלן פון אויוון. ער הייבט זיי אויף און פאַרטיפט זיך אין זיי. דאָס זענען אַקטן פון באַרימטן רעוואָלוציאָנערן־פּראָצעס, מיט וועלכן גאַנץ רוסלאַנד האָט געקאָכט. די פאַרטיידיקונגס־רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטן, איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ נייער טעסטאַמענט חדשים און חדשים, פון האַנט צו האַנט. די צענ־זור האָט זי פאַרווערט אָפּצודרוקן אין די צייטונגען, האָט מען זי אויף אַ העקטאָגראַף אָפּגעצויגן. פריינט האָבן זי איינער דעם אַנדערן איבער־געשיקט. ער דערמאָנט זיך זיין באַרימטן אויסדרוק, וואָס איז דענסטמאָל געלעגן אויף אַלעמענס ליפּן: „גיט אונדזער יוגנט אַן אידעאַל פאַרוואָס צו לעבן און קעמפן, און זיי וועלן זייער יוגנט און זייער ענטוזיאַזם, אָנ־שטאָט אויף דעם מזבח פון דער רעוואָלוציע, ברענגען אויף דעם מזבח פון פאָטערלאַנד“; אָדער דעם אויסדרוק, צוליב וועלכן דער פאָרזיצער האָט אים אָפּגעשטעלט (און וואָס מען האָט דערנאָך פון אויער צו אויער איבערגעגעבן): „זיי כישופט די פרייהייט, וואָס שטייט אויף יענער זייט טיר פון דער רעוואָלוציע. עפנט אויף די טיר, לאָזט אַריין די פרייהייט, און עס וועלן נישט זיין קיין רעוואָלוציאָנערן, נאָר פּאַטריאָטן“. און, ווי אַמאָל, הייבט ער אויף זיינע צוויי פינגער אין דער הויך, די טשופּרינע צעפלאָשעט זיך און צעפאַלט ווי שטראָמלעך וואַסער. שטראַלן זעצן פון זיין שטערן און אויגן. ווידער באַקומט זיין פּנים צוריק זיין קריסטוס־אויסזען, דער רוקן ווערט אויסגעגלייכט, די הענט אָנגעצויגן, דערהויבן אין דער הויך. ווידער ווערט ער צוריק סאַלאָמאָן האַלפּערין, דער „טשעמ־פּיאָן פון דער פרייהייט“, דער קעמפער פון דער מאָרגנדיקער אויפגייענ־דער זון. ווידער איז שוין גרייט אַ פראַזע זיך אַראָפּצוגליטשן פון זיינע געעפנטע ליפּן, אַ דערלייזנדיק וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן דאָס, וואָס טוט זיך איצט אָפּ... נאָר באַלד פאַרציט זיך צוריק אַ וואָלקן אויף זיין פּנים, די באַקן ווערן איינגעפאַלן, די אויגן גייען צוריק אין די לעבער אַריין, אַ ביטערער שמייכל ווייזט זיך איבער די אויסגעבלייכטע פאַר־

שמאַכטע ליפּן. אַנשטאָט דער האָפענונגס־באַפליגלטער פראַזע, רייסט זיך אַרויס אַ פאַרשמאַכטער קרעכץ:

— פרייהייט, פרייהייט, ווער האָט געוווסט, וואָס פאַרא פּנים דו האָסט?!

מיט אַ חרטה־געפיל אויף דעם אַלעם, גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט:

— ווי לאַנגווייליק איז דאָס אַלץ!

און ער זעצט זיך צוריק צום אויוון און קוקט אין פייער אַריין. ער זעט, ווי די אַקטן, קאָדעקסן, סענאַט־באַשטימונגען זענקען, ווערן פאַר־וואַנדלט אין בלאָזלעכע שוואַרצע בלעטער. ער קאָן נאָך גאַנץ קלאָר לייע־נען די בוכשטאַבן, וואָס זענען איצט, אַנשטאָט שוואַרץ אויף ווייס, ווייס אויף שוואַרץ געוואָרן:

„דאָס הויכע געריכט באַשטימט, אין נאָמען פון זיין מאַיעסטעט, דעם אימפּעראַטאָר אַליינהערשער"...

איין בלאָז, און עס צעפאַלט זיך, און עס ווערט דערפון שטויביק אַש.

קאָדעקסן ברענען, געזעצן פאַרשווינדן, דאָס רעכט, דאָס רעכט גייט אונטער!

און עס דוכט זיך אים, אַז ער זעט די פונדאַמענטן פון דער וועלט צוזאַמענפאַלן זיך.

— די וועלט גייט אונטער! — זאָגט ער צו זיך. — מען דאַרף זוכן צו לעבן אין דער נייער, וואָס שאַפט זיך... ווען נישט — קומט אויס צו שטאַרבן.

די צווייטע מעגלעכקייט איז זיך אים פיל לייכטער פאָרצושטעלן, און ער שרעקט זיך נישט פאַר איר...

***

זיין איידעם, מירקין, באַמערקט, ווי דער אַדוואָקאַט האַלפּערין פאַלט וואָס אַ טאָג מער אַריין אין דעם קינדישן צושטאַנד. ער פּרובירט אים אַרויסצוּוועקן פון זיין אַפּאַטיע, ער מוטיקט אים מיט גוטע האָפענונגען. דער אַדוואָקאַט וויל מער נישט אַרויסקומען פון די קינדערשע יאָרן, אין וועלכע ער פילט זיך וואַרים און היימיש, דאָרט איז אים גוט. און צו

וואָס ווידער אַרויסגיין אין דער נאַקעטער, קאַלטער אַכזריותדיקייט. ווי עס איז אינדעראמתן די ווירקלעכקייט?

אין דער גרויסער האַלפּערינשער וווינונג הערשט שוין איצט אומ־געשטערט מישענקעס חבר, אָסיפּ מאַרקאָוויטש. ער אַליין האָט זיך באַ־זעצט אין גרויסן סאַלאָן, וווּ עס זענען געשטאַנען די בעסטע מעבל, און עס זענען געהאָנגען די „לעוויטאַנס", די „אייוואַזאָווסקיס", די „רע־ריכס". ער האָט קיין זאַך נישט געלאָזט אַרויסנעמען פון סאַלאָן.

— דאָס איז נישט אייערס! — האָט ער אָנגעשריגן אויף דעם אַד־וואָקאַט, ווען דער לעצטער האָט אין זיין קינדערשער קליינלעכקייט, אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן, געפּרובירט אַרויסשלעפּן דעם אָדער יענעם חפץ. — דאָס אַלץ באַלאַנגט צום פּראָלעטאַריאַט!

אין די אַנדערע שטובן האָט אָסיפּ מאַרקאָוויטש אַריינגעזעצט זיין משפּחה. דער פאָטער, אַן אַלטער בערזע־מעקלער, אַ יידל מיט אַ טרוקן, אויסגעזוייערט ביינערדיק גופל, און די מוטער, אַ גוטמוטיקע אַלטיטשקע, האָבן געוווינט נעבן אים. זיי האָבן פאַרנומען דאָס גרויסע עס־צימער, נאָענט צו דער קיך. די יידענע האָט ליב געהאַט צו באַקן און צו קאָכן. איז זי טאַקע גאַנצע טעג געווען פאַרנומען מיט אָנגרייטן פאַר איר זונדל (וואָס איז ביי זיי מיטאַמאָל אַזוי עולה־לגדולה געווען) גוטע מאכלים פון די פאַרשידענע פּראָוויאַנטן, וואָס ער האָט אַהיימגעבראַכט. זיי, די אַל־טיטשקע, האָבן נאָך געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַרן באַרימטן אַדוואָקאַט, און נאָך מער פאַרן אַמאָליקן גביר מירקין. ווען דער אַדוואָקאַט אָדער מירקין פלעגן זיך באַווייזן, פלעגן די אַלטיטשקע זיך אויפהייבן פון די טיפע באַקוועמע פאָטער־שטולן, אויף וועלכע זיי זענען געזעסן. דער אַל־טער מאַרקאָוויטש, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען ביי דער טיר פון מיר־קינס קאַנטאָר, אויסוואַרטנדיק אויף אַ פאַרדינסטל, — דער דאָזיקער אַלטער מאַרקאָוויטש, וואָס אין זיינע ביינער איז געלעגן דער קנאַהדיי־קער, הכנעהדיקער דרך־ארץ פאַר נגידים, איז געוואָרן אַ בלייכער, אַ דערשראָקענער, ווען ער האָט דערזען דעם אַדוואָקאַט, אָדער דעם אַלטן מירקין. ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט און געשמייכלט נעבעכדיק, מיט אַ רחמנות־פּנימל, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: „איך בין נישט שולדיק". די אַלטע יידענע האָט, ביים אָנבליק פון די באַלעבאַטים, מיטן פאַרטוך אָפּגעווישט דעם שטויב פון שטול, פון וועלכן זי איז פאַרן נגידישן אָנ־

בליק אראָפּגעטריבן געוואָרן, און געזאָגט מיט אַ מחילה־בעטנדיק שמייכעלע, מיט אירע אָן־צייניקע זיאָסלעס:

— גאָספּאָדין האַלפּערין, מיר שאַנעווען אייער גוטס.

דער זון שמייסט צוריק מיט אַ שטרענגן בליק זיינע עלטערן אויף זייער זיץ:

— וואָס הייבט איר זיך אויף? וואָס פאַרעגטפערט איר זיך? זיי זענען געזעסן אויף ווייכע שטולן. איצט זיצט איר.

— אָסיפּ־לעבן, ס'איז דאָך „פּאַסאַזשנע פּאָוויערנע" האַלפּערין!

— מאַמע, זיץ! — באַפעלט דער זון שטרענג.

זעצט זי זיך צוריק אַנידער אויף איר זיץ, ווי אויף שפּילקעס. דער אַלטער מעקלער, איר מאַן, קאָן עס בשום אופן נישט ברענגען איבער זיך, צו זיצן אין קעגנוואַרט פון אַזעלכע חשובע לייט. דריקט ער זיך אַ בלייכער צו דער וואַנט.

די אַלטע מאַרקאָוויטש האָט אַפילו, אין געהיים פון איר זון, געטראָגן צום אַדוואָקאַט, אין זיין אָפּגעזונדערטן חדר, טעלער מיט געקעכטס, וואָס זי האָט געקאָכט פאַר איר זונס וועגן. מיט אַ ציטערדיק האַרץ אָנגעקלאַפּט אין דער טיר צום אַדוואָקאַט, מיט אַ גנבהשן איינלאַדונגס־שמייכעלע דערלאַנגט אים דעם טעלער מיט שפּייז:

— גאָספּאָדין האַלפּערין, עסט עס אויף, איידער מיין זון קומט.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט זיך באַליידיקט, זי געוואָלט אַרויסוואַרפן פון שטוב מיט אַ „פּאָשאָל וואָן". דאָך האָט ער צוגענומען דעם טעלער מיט געקעכטס. אַ פיל־זאָגנדיקן בליק האָט ער געוואָרפן אויף דער יידענע: אי דאַנקען, אי פאַראַכטן זי געוואָלט. דאָך האָט ער געגעסן, ווייל ער איז געווען הונגעריק.

און בשעת דער אַדוואָקאַט האָט מיט דער זופּ באַגאָסן זיין באָרד, האָט זיך די יידענע אָנגערופן:

— גלויבט מיר, גאָספּאָדין האַלפּערין, אַז ס'איז גלייכער, וואָס מיר זיצן דאָ ביי אייך אויף קוואַרטיר. מיר ווייסן דאָך, צום וויניקסטנס, ווער עס זענען אַמאָל געווען די האַלפּערינס.

נאָר נישט שטענדיק האָט דער אַדוואָקאַט אַריבערגעטראָגן די באַליידיקונג אַזוי גוטמוטיק. עס האָט פון צייט צו צייט אויפגעקאָכט אין אים אַ פּוריע. האָט ער איינמאָל זיך אויפגעכאַפּט, ווי אַ ווילער, אַריין

אין עס־צימער, ווו דער זון, אָסיף מאַרקאָוויטש, איז געווען צוגאַסט ביי זיינע עלטערן און געגעסן ברחבות די גוטע מאכלים ביים גרויסן טיש, זיצנדיק אין אַ טיפן לעדערנעם ענגלישן שטול. דאָרט האָט ער אויפגעהויבן זיינע צוויי הענט אין פויסטן און אָנגעהויבן צו שרייען מיט אַן אוממענטשלעכער שטימע:

— פּאָדליעצעס, וואָס האָט איר געמאַכט פון רוסלאַנד! אין אַ הייזל עס פאַרוואַנדלט. פּאָדליעצעס, איר אַלע!

דער אַלטער מאַרקאָוויטש האָט אָנגעהויבן צו ציטערן. זיין אויסגעדאַרט קליין מעקלער־קערפּערל האָט זיך געטרייסלט, ווי דער לעצטער בלאַט אין האַרבסט. די אַלטע יידענע האָט זיך איינגעקאָרטשעט, זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל, איבערגעלאָזט דעם אָנגעהויבענעם טעלער אויפן טיש. זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַרן בלויזן אָנבליק פון אַדוואָקאַט, פאַר די שטייענדיקע גראָע האָר, פאַר די ווילדע אויגן, וואָס האָבן געזעצט פון אים.

— זיצט! זיצט! וואָס האָט איר זיך אויפגעהויבן? — האָט דער זון געדונערט מיט זיין שטימע אויף זיינע עלטערן. און ווי דערשלאָגענע חיות האָבן זיי געפּרוווט זיך צוריקשאַרן צום טיש.

— בירגער האַלפּערין, איך פאָדער אייך אויף צו פאַרלאָזן דאָס צימער די מינוט. איר באַליידיקט די סאָוויעטישע מאַכט.

— אַ מאַכט זענט איר! גזלנים זענט איר! אַ רויבער־באַנדע. שיסט, הרגעט, דערמאָרדעט, נאַ, נאַ! — ווייזט ער אויף זיין ברוסט.

— בירגער האַלפּערין, איך וועל אייך ציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די ווערטער, וואָס איר האָט איצט געזאָגט. איך וועל אייך שטעלן פאַרן רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל.

— שטעלט! שטעלט צום ווענטל! שטעלט, באַנדיטן, גנבים. אַוועק פון מיין טיש! דאָס איז מיינס, מיינס! מיינע שטולן, מיינע טעלער, מיינע לעפל! — און דער אַדוואָקאַט וואַרפט זיך אויפן טיש צונעמען די טעלער.

— דאָס איז נישט אייערס, דאָס באַלאַנגט צום פּראָלעטאַריאַט. איך וואָרן אייך איר זאָלט נישט אָנרירן קיין איין זאַך, בירגער האַלפּערין. איר וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר.

— מיינס, מיינס! — שרייט אויס דער אַדוואָקאַט און גיסט אויס

דאָס געקעכטס, רייסט דאָס טישטוך פון טיש, כאַפּט אַ טעלער, גאָפּל, מעסער, דריקט זיי צו זיין ברוסט און לויפט צוריק אין זיין שטוב אַריין.

דעם זעלבן אָוונט האָט דער חבר אָסיפּ מאַרקאָוויטש, אין באַגלייטונג פון רויטע גוואַרדיסטן, אָנגעקלאַפּט אָן דער טיר פון מאַדאַמס בור־דואַר. איידער מען האָט אים נאָך געענטפערט, האָט ער זיך מיטן שטיוול אַ פרייען וועג געמאַכט.

— וואָס איז? וואָס באַאומרואיקט איר, חברים? — האָט זיי געפרעגט דער שטענדיק רואיק־בלייבנדער אַלטער מירקין, וואָס האָט זיך געפונען אינדערהיים.

— מיר פאָדערן אייך אויף אַרויסצוגעבן דאָס געווער, וואָס איר האָט פאַרשטעקט ביי זיך פאַר די שונאים פון דער רעוואָלוציע! דערנאָך וועט זיין צו שפּעט! — האָט דער יונגער מאַרקאָוויטש געזאָגט אַ בלייכער און אַ דערצאָרנטער.

— געווער? וווּנדערט זיך גוטמוטיק דער אַלטער מירקין. — ווי קומט צו אונדז געווער, צו אַזעלכע צוויי אַלטע לייט, ווי מיר זענען?

— נישט אַלט גענוג די סאָוויעטישע מאַכט צו באַליידיקן.

— באַליידיקן? אָ, חבר, איר האָט צו טון מיט אַ פאַרביטערטן מענטש. איר פאַרשטייט דען נישט? — וויל דער אַלטער מירקין מאַכן דאָס צו קליינגעלט.

— מיר פאַרשטייען, מיר פאַרשטייען. דאָס, וואָס אויף דער לונג, איז אויף דער צונג. יעדנפאַלס, חברים, באַדאַרפן מיר די שטוב גוט דורכזוכן. מיר האָבן גענוג גרונט חושד צו זיין, אַז מיר געפינען זיך אין אַ נעסט פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, — ווענדעט זיך מאַרקאָוויטש צו די חברים־סאָלדאַטן. — מיר הייבן־ אָן. דאָ האָט איר אונדזער מאַנדאַט דערויף.

עס הייבט זיך אָן אַ דורכזוכעניש, אַ מושטערן און אַ נישטערן אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקלען. מען האָט געעפנט די טירן פון די שענק, אַרויסגערוקט די פאַכן פון די קאָמאָדן, אַרויסגעוואָרפן פאַר דער אָפענער שיין דעם ווייבס און דער טאָכטערס אינטימסטע שטיקער וועש... טיילן אָנטועכץ, אַלגע מיכאַילאָוונעס נאַכט־העמדער באַקוקט ביים שיין פון ליכט, און מיט די הענט דורכגעמושטערט. מען האָט זיך דורכגעוווּנקען מיט די אויגן... שווער און איידעם זענען געשטאַנען דערביי, געזוכט אויס־

צומיידן די בליקן. מען האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס בעטגעוואַנט פון די בעטן, אויפגעהויבן די מאַטראַצן, דערביי נישט געזשאַלעוועט קיין באַמערקונגען וועגן זייער ווייכקייט און באַקוועמלעכקייט...

קיין געווער האָט מען נישט געפונען. דערביי האָבן זיך די חברים אָנגעשטויסן אויף אַן אַ שיעור פּאָרצעלייענע פיגורלעך און וואַזעס, אויף ווייסע דרעזדענער קאַפע־טעצלעך, און רוסישע באַמאָלטע מענטשעלעך. אַזוי פיל זענען זיי געווען. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ קינדער־שטוב, אָנגעשטעלט מיט ליאַלקעלעך. דער חבר מאַרקאָוויטש האָט גענומען דאָס ווייסע פרויען־פיגורל, אין וועלכן דער אַדוואָקאַט האָט זיך פריער אַזוי פאַרקוקט, און געוויזן די סאָלדאַטן:

— זעט, חברים, מיט וואָס די בורזשואַזיע האָט זיך פאַרשפּילט, בשעת מיר האָבן געהונגערט און געפרוירן.

די סאָלדאַטן האָבן באַקוקט דאָס נאַקעטע פרויען־פיגורל, געלאָזט פאַלן איינגס און אַ צווייט שטאַרק וואָרט. דער חבר מאַרקאָוויטש האָט גענומען דאָס פיגורל און אַ זעץ אין דער ערד געגעבן.

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל: איינס נאָכן אַנדערן זענען די פּאָרצעלייענע ליאַלקעלעך געפלויגן, געצילט אין אייזערנעם טירל פון קאַלך־אויוון. איין דרעזדענעם קאַפע־סערוויז נאָכן אַנדערן, איין אַלטן ווינער טעלער נאָכן צווייטן. עס האָבן געקנאַקט אָן דער וואַנט די סעווירישע וואַזעס, דער רוסישער פּאַיאַנס. אָט די אַלע מענטשעלעך, ווייבלעך, וואָס האָבן ערשט פאַר אַ מינוט אַזוי חנעוודיק קאָקעטירט מיט זייער פּאָרצעלייען לייב, זענען איצט געלעגן אָן הענט, אָן קעפּ, און באַשפּריצט מיט זייער שאַרבן־„בלוט” דעם גאַנצן דיל.

— וואָס טוען זיי? וואָס טוען זיי? — האָט דער בלייכער, פאַרווילדעטער אַדוואָקאַט געקרעכצט מיט קראַנקע קרעכצן און געקוקט מיט משוגע־געוואָרענע בליקן.

דער אַלטער מירקין האָט זיך אויסגעלאַכט און געזאָגט מיט אַ גוטמוטיקן, רואיקן שמייכל צו זיין שווער:

— ווען עס זאָל צו פּאָרצעלייענע ליאַלקעס אויסגיין! דאָ האַנדלט זיך וועגן רוסלאַנד, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש.

— וואָס גייט מיך רוסלאַנד אָן? — דאָס איז מיין לעבן, וואָס זיי

צעברעכן, — האָט דער אדוואָקאט געקרעכצט פאַר זיך, פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט.

— זעט איר, חברים, דאָס זענען בורזשוען! די ליאַלקעלעך גייען אים מער אָן, ווי רוסלאַנד. ברעכט, חברים! ברעכט! — האָט דער יונגער־מאַן צוגעגעבן מוט.

— ברעכט, חברים! ברעכט! — האָט דער אַלטער מירקין מוטיק צוגעשמייכלט, גענומען אַליין אַ ליאַלקעלע און אויך צוגעוואָרפן...

דער חבר אָסיפּ מאַרקאָוויטש, די רויטע גוואַרדיסטן, האָבן אָנגעקוקט דערשטוינט און פאַרוואונדערט דעם אַלטן מירקין און אים נישט געקאָנט איינבייסן... יעדנפאַלס האָט זיין האַלטן זיך אָפּגענומען ביי זיי דעם חשק ווייטער צו צעברעכן די פּאָרצעלייענע פיגורלעך, און זיי האָבן אָפּגעשטעלט די פאַרניכטונג.

## קאַפּיטל 3

# מישקע מאַלאַריעץ איז ווידער אויפן פערדל

דער אַלטער מירקין האָט זיך געהאַלטן ווי אַן אַלטער דעמב, האָט זיך קעגנגעשטעלט אַלע זאווערוכעס, וואָס האָבן געבלאָזן אויף אים, און נישט קיין וואַקל־געגעבן זיך. פאַרקערט, אין דער צייט פון געפאַר און פאַרניכטונג, האָבן זיך אויפגעעפנט ביי אים באַהאַלטענע רעזערוואַרן פון ענערגיע און לעבנס־קראַפט, וואָס זיין אָרגאַניזם האָט ערגעץ־ווו אָנגעקליבן אויף אַ שלעכטער צייט. יעדער אָרגאַניזם קלייבט־אָן אין פאַרבאָרגענע קאַמערן לעבנס־פעאיקייט און לעבנס־ענערגיע אויף אַ צייט פון באַדערפעניש. ביים אַלטן מירקין, אָבער, איז עס געווען טיפּיש פאַר זיין גאַנצן לעבנס־שטייגער. עס זענען אים געקומען צוהילף דערפאַרונג, חכמה און מענטשן־קענטעניש. זיי האָבן ביי אים געשאַפן דעם טאַקט, מיט וועלכן ער האָט זיך אויפגעפירט אין יעדער סיטואַציע. ער האָט זיך באַלד געפינען אין יעדער לאַגע און זיך געמיט צוצופּאַסן זיך צו איר.

די קראַפט האָט אים געגעבן זיין ליבע צו זיין געשעפט.

דער אַלטער מירקין האָט באַטראַכט די אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט

געשאפן צו באזארגן די פארוואָרפענע רוסישע באנען מיט שוועלן, נישט בלויז פאר א געשעפט, נאר פארן העכסטן אידעאל און ציל פון זיין לעבן. ער האָט געהאלטן פון זיך, דער אלטער מירקין. ער האָט געוווסט זיינע לעבנס־כוחות, זיינע אָרגאַניזיר־פעאיקייטן, זיין שטאַרקע האַנט, און ער איז שטאָלץ געווען מיט דעם, נישט נאר דערפאר, ווייל דאָס האָט אים געגעבן געלט און מאכט. די פרוכט פון זיינע פעאיקייטן האָט ער באַטראַכט פאר צופעליקע און צווייט־ראנגיקע. דער עיקר איז ביי אים געווען די אָרגאַניזאַציע אליין אלס אזעלכע. אזוי ווי ביי דעם מייסטער — דאָס חיות פון זיין קונסט, מיט וועלכער ער באַלעבט דאָס מאַטעריאל, וואָס ער קנעט אין זיין האַנט, אזוי זענען ביים אלטן מירקין געווען זיינע געשעפטן.

די פירמע, וואָס זיין פאָטער האָט געגרינדעט, און ער האָט זי איבערגענומען, איר אוועקגעשאָנקען זיינע פעאיקייטן, זיין ליבע, זיין גאַנץ לעבן, ביז ער האָט זי געבראַכט אויף דער מדרגה, אויף וועלכער זי שטייט איצט, אלס דער הויפּט־השדרה פון די רוסלענדישע אייזנבאַנען, — זי מוז בלייבן. די אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט ארויסגערופן אין לעבן דורך אלערליי מיטלען, דורך אונטערקויפן מיט כאַבאַר די העכסטע אָרגאַנען, דורך שיכורן מיט די מעכטיקסטע פערזענלעכקייטן פון לאַנד, און דערהאלטן זי, און אנטוויקלט זי, איבערטרעטנדיק אלע שטרויכלונגען, וואָס די רוסישע נאַכלעסיקייט, נישט־דערוואַקסנקייט, אָפּגעלאָזנקייט און שיכּורתדיקע רשעות האָבן אים געלייגט אין וועג. די אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט אָפּגעהיט פון צעפאלן דורך די טרויעריקע יאָרן פון דער רוסישער רעאַקציע, דורך כלערליי ערלעכע און נישט־ערלעכע מיטלען, — די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע מוז ווייטער דערהאלטן ווערן, מוז אָפּגעהיט ווערן, און ווען נויטיק — איבערגעגעבן ווערן אלס לעבנס־פעאיקער אָרגאַן אין די הענט פון דער נייער מאַכט. זיין לעבנס־ווערק, זיין געשעפט איז אים טייערער און טיפער אָנגעגאַנגען, נישט נאָר פון זיין אייגענעם, פערזענלעכן גורל, נאָר פון דעם גורל פון זיין נייער פאַמיליע, וואָס ער האָט באַשאַפן אזוי שפּעט אין זיינע עלטערע יאָרן. פאר איר, פאר דער פירמע, איז ער געווען פעאיק אלצדינג צו אָפּפערן, אזוי ווי א גרויסער מייסטער פאַר זיין קונסט־ווערק.

באלד ביים צוריקקומען קיין פעטראָגראַד, נאָך די מאָסקווער גע־

שעענישן, האָט ער צונויפגענומען אַלע זיינע מיטהעלפער: צונויפגערופן די אינזשיניערן, וואָס זענען אַלט געוואָרן אין דינסט פון דער פירמע, די דירעקטאָרן, די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן גע-האַלטן אין די הענט אירע אָפּטיילונגען און פאַרבונדן די באַן-ליניעס דורך זייערע דעפּאַרטאַמענטן. צונויפגערופן אויך אַלע אָנגעשטעלטע, אפילו די יינגסטע, און האָט צו זיי פאָלגנדעס געזאָגט:

— מיינע הערן, איך ווייס נישט דעם גורל, וואָס די נייע מאַכט וועט באַשטימען פאַר אונדזער פירמע און פאַר אונדז. איך ווייס נאָר איינס: אַז רוסלאַנד מוז לעבן, אונטער אַלע אומשטענדן. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אָן אָדער פון רוסלענדישן קערפּער. אָן איר מוזן די אייזנבאַנען צו-זאַמענברעכן אין די נעבסטע פּאָר וואָכן. דערפאַר מוזן מיר זי דערהאַלטן, אונדזער אָרגאַניזאַציע, אונטער אַלע אומשטענדן, און זי איבערגעבן אַלס לעבעדיקן, אַרבעטס-פעאיקן אָרגאַן אין די הענט פון די נייע מאַכט-האָבער. דעריבער, מיינע הערן, לייג איך פאָר, אַז יעדער-איינער זאָל שטיין אויף זיין פּאָסטן, ביז די נייע מאַכט וועט באַשטימען, וואָס עס זאָל מיט אונדז געשען. און איך בין איבערצייגט, אַז גאַנץ רוסלאַנד. און אויך די נייע הערשער, וועלן אונדז זיין דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס מיר האָבן אָפּגעהיט דעם וויכטיקן אָרגאַן פון די רוסישע אייזנבאַנען, ווי עס איז אונדזער פירמע, פון צעפאַלן זיך אין דער טרויעריקער צייט.

די מערסטע מיטהעלפער, דירעקטאָרן און אָנגעשטעלטע פון דער פירמע זענען געווען לאַנג-יעריקע פריינט פון זייער שעף, מיט וועלכן זיי האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט „קאַלט און וואַרים" דורך די אַלע יאָרן. זיי האָבן אים שטום די הענט געדריקט. עס זענען אָבער שוין געווען אַזעל-כע, וואָס האָבן פאַרלאַנגט, כדי צו האַלטן אָן אויג אויפן שעף, ער זאָל נישט סאַבאָטירן די נייע מאַכט, אַז עס זאָל באַלד אַריינגעזעצט ווערן אַן אויפזעער-ראַט, וואָס די אָנגעשטעלטע וועלן אויסקלייבן צווישן זיך, ביז עס וועט ווערן געניויער באַוווּסט די לאַגע.

די אינזשיניערן האָבן געפּרובירט דאָס אָפּווענדן. דער אַלטער מיר-קין האָט אַליין געמאַכט אַן ענד צו דער דיסקוסיע:

— איך בין גרייט צו דינען אונטער אַלע פאָרמען, ביי אַלע אופנים, מיט אונדז, אָדער אָן אונדז, — די אָרגאַניזאַציע מוז דערהאַלטן ווערן. טוט אַזוי ווי איר זאָגט. איך בין גרייט אויף אַלצדינג.

דאָס האָט געווונען פאַר אים די סימפּאַטיע אפילו פון די נייע, פון די ייִנגערע, און עס איז געבליבן, איבערצולאָזן די באַאַמטע אויף זייערע פּלעצער, ווי ביז איצט, ביז עס וועט נישט ווערן באַקאַנט דער באַשלוס פון דער נייער מאַכט בנוגע צו זייער ווייטערדיקן גורל.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרן אַלטן מירקין ביטערע און שווערע טעג. אין דער נייער באַן־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אָרגאַניזירן, האָט געהערשט אַ כאַאָס. די אַלטע, דערפאַרענע באַאַמטע זענען זיך פונאַנדערגעלאָפן, האָבן באַיקאָטירט די נייע מאַכט. אויף די וויכטיקסטע פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלן זענען דאַן אַוועקגעזעצט געוואָרן אומוויסנדיקע בחורים, אָן יעדער פאַך־קענטעניש, וואָס נאָר זייער גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט דער נייער מאַכט האָט פאַר זיי אויפגעעפנט אַלע מעגלעכקייטן. די גאַנצע באַן־פאַרוואַלטונג האָט געהאַלטן ביים פונאַנדערפאַלן. קיינער האָט נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך. צו די אַלטע באַאַמטע, וואָס זענען יאָ איבערגעבליבן, האָט מען קיין צוטרוי נישט געהאַט, געמיינט, אַז זיי ווילן עפּעס הינטערן רוקן אָפּטון, און זיי נישט געהאָרכט. די נייע האָבן נישט געוווסט, וואָס צו טון.

אַז דער אַלטער מירקין האָט זיך באַוויזן אין באַן־קאָמיסאַריאַט און אויסגעדריקט זיין גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט דער נייער מאַכט, האָט מען באַלד אויף אים געקוקט מיט פאַרדאַכט. מען האָט געוואָלט דערשמעקן, וואָס עס שטעקט הינטער דעם. ער, מירקין, דער מיטהעלפער פון אַלטן צאַרישן רעזשים, וואָס האָט זיך געקאָנט דערהאַלטן אויף זיין פּלאַץ אין די רעאַקציאָנערסטע צייטן, מיט שוואַרץ־מאַהניקעס, אפילו זיין יידישקייט נישט געדאַרפט ענדערן; ער, וואָס איז געווען אַן אויסגעקאָכטער מיט גרויספירשטן, און די פינצטערסטע רעאַקציאָנערסטע ביוראָקראַטן זענען געווען זיינע פריינט, — ער דריקט אויס זיין גרייטקייט מיטצואַרבעטן מיט דער סאָוויעטישער מאַכט! אַלע זיינע באַקאַנטע, פריינט, באַנקירן און גרויסע סוחרים, זיי אַלע באַיקאָטירן און סאַבאָטירן, און דער „אַלטער, קלוגער פוקס” „וויל דערהאַלטן” די אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט געשאַפן, און איבערגעבן זי אַ גאַנצע דער נייער סאָוויעטישער מאַכט. צי שמעקט דאָס עפּעס נישט מיט אַ געהיימער פאַרשטענדעניש מיט די „ווייסע” כוחות, מיט די צאַרישע גענעראַלן, וואָס אָרגאַניזירן די קאָזאַקן? פאַר זיי וויל ער דאָס אפשר האַלטן די גאַנצקייט פון

די באַנען, כדי לייכטער צו קאָנען אַריבערוואַרפן די קאָזאַקן אין דער הויפּטשטאָט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּיאָנירן נאָך דעם אַלטן מירקינען. פּלוצלינגדיקע רעוויזיעס אין זיין קאַנטאָר, אַ דורכנישטערן פון אַלע זיינע פּאַפּירן. דערווייל קאָן מען גאָרנישט מאַכן מיט אים. מען מוז אים האַלטן ביז מען וועט עפּעס באַשטימען. און דער „ביטערער פוקס" גייט אויף אַלצדינג איין, האָט נישט קעגן דעם אפילו, צו אַרבעטן אונטער אַ קאָמיסאַר, צוליב וועלכן די באַנקן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פירן ווייטער זייער טעטיקייט.

דערווייל האָט מען אים געשאַנעוועט און געלאָזט צורו. מען האָט געדאַרפט דעם „גנב". נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו אַרבעטן אונטער אַ קאָמיסאַר, האָט מען אים אפילו קיין קאָמיסאַר נישט אַריינגעזעצט. מען האָט פּשוט נישט געהאַט קיין צייט פאַר אים און איבערגעלאָזט, פאַרלויפיק, דעם גאַנצן עסק צו די פאָר יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געפונען אין זיין ביוראָ און וועלכע זענען, זעט-אויס, געשטאַנען זייער נאָענט צו די „ספערן". די עלטסטע, דערפאַרענע אינזשיניערן האָט מען ביי אים צוגענומען. מ'האָט אים געגעבן פאַר נאָענטע מיטהעלפער יונגע מענטשן, צו וועלכע מען האָט געהאַט צוטרוי.

די לאַגע אין געשעפט איז געוואָרן וואָס אַמאָל טרויעריקער. מיט יעדער שעה זענען געוואַקסן די שוועריקייטן. דער הויפּט-קוואַל פון געהילף איז באַלד אָפּגעשניטן געוואָרן. נישט געקאָנט מער האָבן אַ פאַרקער מיט די ווייטע דעפּאָס, מיט די סקלאַדן און קאַנטאָרן. גאַנצע מדינות זענען אָפּגעשניטן געוואָרן. עס האָט אויסגעפעלט דאָס נויטיקסטע. עס זענען אַנטשטאַנען שוועריקייטן מיט געלט-אויסצאָלונגען. די באַנקן, אויס פּראָטעסט, וואָס מען זעצט ביי זיי אַריין קאָמיסאַרן, האָבן געשלאָסן זייערע טירן. ווי ווייט עס האָט זיך געלאָזט, האָט דער אַלטער מירקין אַלצדינג געטון איבערצוהאַלטן די כאַאָטישע, ווילדע צייט, ביז עס וועט געשאַפן ווערן אַביסל אָרדנונג. ער האָט אַנטוויקלט זיין גאַנצע אַרבעטס-קראַפט, געלאָזט אין גאַנג זיינע געניאַלע, אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. ער האָט אַריבערגעוואָרפן פון איין פונקט אויפן אַנדערן די איבערפלוסן פון מאַטעריאַלן. מען האָט אים, אָבער, שוין, ווי אַ ווילדן אָקס, געבונדן די הענט ביי יעדער קלענער באַוועגונג. די נייע מיטהעלפער, וואָס מען האָט

אים אַריינגעזעצט, האָבן אים פאַרמאַכט, ווי אַ פויגל אין אַ שטייג. ער האָט געדאַרפט מער ענערגיע און כוחות איבערצוצייגן זיינע מיטהעלפער וועגן דער נוצלעכקייט פון זיינע פּלענער, ווי אויף דער טעטיקייט אַליין. זיי האָבן זיך ענערגיש געשטעלט קעגן אַלצדינג, וואָס ער האָט געפּלאַנט (געזען אין דעם אַ באַהאַלטענעם מיין), נאָר דערפאַר, ווייל דער „אַלטער פוקס" האָט דאָס פאָרגעלייגט.

אָבער ער האָט אַלץ איבערגעטראָגן. ער האָט איבערגעטראָגן די אומצוטרויאיקע שמייכלען, די שפּאָטישע באַמערקונגען; אפילו די לייכטזיניקע, יינגליש־שנצדיקע באַליידיקונגען, וואָס זענען געפאַלן אויף זיין אַדרעס. אַלצדינג האָט ער איבערגעטראָגן, אַבי נאָר אַריבערצופירן די אָרגאַניזאַציע דורך דעם שטורמישן, ווילדן טייך. ער איז געפאַלן אונטער דער לאַסט פון דער אַרבעט. די טרערן־טאָרבעלעך אַרום די אויגן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל לויזער, די אויגן זענען אַריינגעפאַלן אין זיי. די טאָרבע פון האַלדז, אונטער זיינע ווייסע באָרד־שפּיצן, איז געוואָרן וואָס אַמאָל שלאַבעריקער, די באַקן־פעלדער — איינגעפאַלענער. ער האָט פאַרגעסן אָן זיין משפחה, אָן זיך אַליין, אָן זיין אייגענעם גורל. עס איז אים נישט אָנגעגאַנגען קיין עסן, קיין טרינקען. האָט דער אָדער יענער פון די אַלטע מיטאַרבעטער אַריינגעטראָגן דעם שעה אין זיין קאַבינעט אַ טעלער געקעכטס פון דער אַלגעמיינער „סטאָלאָווקע" (וואָס איז באַלד איינגעפירט געוואָרן, ווי אין יעדערן אַנדערן ביוראָ), האָט ער געגעסן; אַז נישט — האָט ער געגריזשעט שטיקלעך שוואַרץ ברויט, וואָס עס האָט אים ווער פון די געטרייע מענטשן אַוועקגעלייגט אויפן טיש. ער האָט עס צעריבן מיט זיינע אַלטע ציינער און — געאַרבעט.

אין אָוונט האָט ער זיך אין אָן אָנגעפּאַקטן טראַמוויי, אָדער גאָר צופוס, אַהיימגעשלעפּט צו די האַלפּערינס אויפן קוואַרטיר. ער איז געפאַלן אַ מידער אויף זיין געלעגער. עס האָט אַ לאַנגע צייט גענומען, ביז ער האָט אויסגעפּאָמפּעט פון זיין קערפּער דעם איבערגעשפּאַנטן, אָנגעהייצטן לופט־עטער, וואָס ער האָט אין זיך אַריינגעאָטעמט אינעם אומגעהייערן געיעג אין דער אַרבעט אין משך פון אַ גאַנצן טאָג און איז געפאַלן אַ פאַרחלשטער אין הינערפּלעט אַ גאַנצע נאַכט.

איינער פון די ערשטע שריט, וואָס די נייע רעגירונג האָט געטון, איז געווען, צו קאָנפיסקירן דאָס פּריוואַט־אייגנטום פון דער בורזשואַזיע.

צו דעם צוועק האָט זי באַוואַכט מיט מיליטער אַלע פּריוואַטע „קאַסעט־קעס" אין די שטאָלענע קאַמערן פון די גרויסע בענק. נאָך אַ געוויסער צייט האָט זי געלאָזט רופן די אייגנטימער פון די דעפּאָזיטן און געלאָזט אויפעפענען די קאַסעס. דאָס גאָלד, יוועלן, ווירטשאַפטלעכע פּאַפּירן, האָט זי קאָנפיסקירט. אומווערטיקע, פּריוואַטע בריוו און פּאַפּירן האָט זי צוריקגעגעבן צו די באַזיצער.

אויף דעם דאָזיקן געביט זענען אָנגעגאַנגען גרויסע שווינדלערייען. מען האָט פּשוט, פּאַר געוויסע סומען געלט, געלאָזט די אייגנטימער אַרויס־נעמען אַלצדינג פון די קאַסעס. דער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין געלט צו צאָלן, האָט זיך פּשוט געטיילט מיט די סאָלדאַטן, וואָס האָבן באַוואַכט די עפענונג פון די בענק. דער אייגנטימער האָט גענומען אַ האַנט פול מיט גאָלד און בריליאַנטן און געשטעקט אין טאַש. די צווייטע האַנט האָט באַלאַנגט צום סאָלדאַט. געוויינלעך פלעגט מען דאָס אָראַנזשירן דורכן לאָקיי פון דער באַנק, וועלכער האָט שוין פון זיין זייט אָפּגעמאַכט מיט די סאָלדאַטן, וואָס האָבן באַוואַכט די עפענונג פון די קאַסעטקעס. אַזוי אַרום האָבן די מייסטע באַלעבאַטים אָפּגעראַטעוועט אַ טייל פון זייע־רע פאַרמעגנס.

איינמאָל, ווען דער אַלטער מירקין איז געזעסן אַ פאַרזאָרגטער אין זיין קאַבינעט, פאַרטיפט אין זיינע צרות, האָט זיך געיאַוועט צו אים אַ באַקאַנטער און אַ פרעמדער גאַסט. עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, ביז דער אַלטער מירקין האָט דערקענט, ווער עס איז דער יונגערמאַן מיט דער אָנגעוואַקסענער, שטעכנדיקער באָרד, צו וועלכן עס געהערט דאָס קאָמי־סאַרסקע היטל מיטן דאַשעק אויף די צעשויבערטע האָר, און מיט אַ קאָ־מיסאַרסקען פאָרטפעל אונטערן אָרעם: דאָס איז געווען מישקע „מאָלאָ־דיעץ".

דער אַלטער מירקין האָט נישט געקאָנט אונטערדריקן די לאַך־ספּאַז־מען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן ביי אים, ביים אָנבליק פונעם פלוצלינג־פאַרענדערטן „מאָלאָדיעץ".

מישקע האָט זיך נישט באַליידיקט. פאַרקערט, מישקע האָט גוטמו־טיק צוגעשמייכלט.

— וואָס זאָל מען מאַכן, גבריאל חיימאָוויטש? מען מוז מיטלעבן מיט דער צייט, — האָט ער געזאָגט.

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען? — האָט שוין דער אַלטער מיר־קין אָנגעצויגן אויף זיין פּנים אַן ערנסטע מינע.

— גבריאל חיימאָוויטש, איך האָב אייך אָנגעבאָטן מיינע דינסטן אין גוטע און אין שלעכטע צייטן. איר האָט מיך שטענדיק אָפּגעשטופּט פון זיך. איך ווייס נישט, וואָס איר האָט קעגן מיר. איך האָב אָבער אָפּגעוואַרט אַ צייט, ווען איר וועט זיין געצוווּנגען אָנצונעמען מיין גרייט־קייט, כדי איר זאָלט זיך איבערצייגן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, ווער עס איז אייער פריינט. און איך גלויב, אַז איצט איז געקומען די צייט, איך האָף, אַז דאָס מאָל וועט איר נישט אָפּשטופן מיין הילף.

— אייער הילף? אין וואָס? מיט וואָס?

— אין ראַטעווען אייער פאַרמעגן, ווי ראָזמאַרין האָט עס געטון און ווי אַנדערע. גבריאל חיימאָוויטש, איר קאָנט דורך מיר אַרויסבאַקומען אייערע ווערט־פּאַפּירן, אייער פרוים יוועלן, וואָס איר האָט ליגן אין אייער קאַסעטקע אין „קאָמערטשעסקע באַנק", אָן יעדער געפאַר. די רי־זיקע נעם איך אויף מיר.

דער אַלטער מירקין איז געבליבן זיצן, ווי עס איז געווען זיין גע־וווינהייט אין אַזעלכע אַנטשיידנדע מאָמענטן. ער האָט אָנגעהויבן זיך צו שפּילן מיט דעם מאַסיוון פּאַפּיר־מעסער, וואָס איז געלעגן אויף זיין ביוראָ.

— ווי אַזוי וועט איר דאָס באַווייזן?

— אָ, דאָס איז שוין מיין זאַך. איך נעם עס אויף מיר. איך וועל אַלצדינג אַראַנזשירן.

דער אַלטער מירקין האָט אים אָנגעקוקט מיט זיינע קלוגע אויגן און געזאָגט, אָן אַ פינטל צו געבן, קוקנדיק אים גלייך אין פּנים אַריין:

— און וואָס וואָלט איר געטון, „מאַלאַדיעץ", ווען איך וואָלט אייער איצטיקע פּראָפּאָזיציע איבערגעגעבן צו די נייע באַלעבאַטים, וועמען איר דינט?

— וואָלט מען אייך נישט געגלויבט, — ענטפערט־אָפּ מישקע קאַלט־בלוטיק און באַקוקט, אוים אַלטער געוווינהייט זיינע נעגל. וועלכע זענען, אגב, איצט פיל גרעבער און שמוציקער געוואָרן. — פאַר דעם האָבן מיר שוין געזאָרגט.

— איז גאָר גישטאָ קיין עצה קעגן אייך? — פרעגט דער אַלטער מירקין ערנסט.

— איך האָב מורא, אַז נישט, — ענטפערט אויך אָפּ ערנסט מישקע.

— אויב אַזוי, וועט מען זיך מוזן באַגיין אָן דעם, — קרעכצט אָפּ דער אַלטער מירקין און שטעלט זיך אויף פון זיין טיפן שטול, וואָס דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז דאָס געשפּרעך האָט זיך געענדיקט. ער האָט געטייטלט אויף מישקען מיטן שווערן פּאַפּיר־מעסער:

— איך האָב אייך איינמאָל געזאָגט, אַז איך וועל קיינמאָל נישט, אונטער קיין שום אומשטענדן, נישט אָננעמען אייער דינסט, און ביי דעם האַלט איך זיך נאָך.

— קיינמאָל נישט, אונטער קיין שום אומשטענדן, — דאָס קאָן מען נישט זאָגן. עס קאָן קומען אַ מאָמענט, ווען איר וועט זיין גענויטיקט אָנצונעמען מיין הילף. מיר לעבן אין אַ מאָדנער צייט, גבריאל חיימאָוויטש. נאָר איך האָב מורא, עס זאָל דענסטמאָל נישט זיין צו שפּעט.

— ווען מיר דאַן זען. פּאַרלויפיק איז, גאָט צו דאַנקען, דער דאָזיקער מאָמענט נאָך נישטאָ. אייער געשפּרעך מיט מיר קאָן זיין פאַרדעכטיק פאַר אונדז ביידע. ביטע, פאַרלאָזט מיין קאַבינעט, איידער איך רוף וועמען.

— נאָר נאָך איין מינוט, גבריאל חיימאָוויטש. איך פאַרשטיי אייך נישט! איר מיינט טאַקע זיי איבערצוגעבן אַלצדינג און גאָרנישט לאָזן פאַר זיך, אין דער אומבאַוווסטער צייט?

— נישט זיי, נאָר רוסלאַנד! פאַרשטאַנען? טראָגט זיך אָפּ די מינוט, פּאָדליעץ! — האָבן זיך דעם אַלטנס באַקן אָנגעהויבן אָנצובלאָזן מיט רויטקייט.

איך גיי, איך גיי, — האָט מישקע געשווינד פאַרלאָזט דעם קאַבינעט.

דער אַלטער מירקין איז אַוועקגעגאַנגען אין באַנק, אויפגעעפנט זיין קאַסעטקע און אפילו נישט אַריינגעקוקט אין איר.

— איך האָב גאָרנישט וואָס אַרויסצונעמען, — האָט ער געזאָגט צו די סאָלדאַטן.

די סאָלדאַטן האָבן אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, געהאַלטן אים פאַר אַ משוגענעם אויסנאַם. און איידער ער האָט נאָך פאַרלאָזט די שוועל פון

דעם געפּאַנצערטן קעלער, האָבן זיי שוין אָנגעהויבן אַריינצושטעקן ווערט זאַכן אין די הויזן־טאַשן.

נאָר באַלד זענען געקומען די דעקרעטן, איינער נאָכן אַנדערן. צו־ערשט דער דעקרעט וועגן שאַפן אַ קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקס־ווירטשאַפט, דערנאָך וועגן נאַציאָנאַליזירן די בענק.

אין אַ שיינעם קאַלטן מאָרגן, ווען דער אַלטער מירקין איז געקומען אין זיין ביוראָ, האָט ער געפונען די טיר פון זיין קאַבינעט אויפגעריסן. אַז ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל, האָט ער אויף זיין שטול ביי זיין טיש, אויף זיין אָרט, אָנגעטראָפן זיצן אַ פרעמדן יונגנמאַן, וועלכער האָט צוזאַמען מיט מישקען געמושטערט אין זיינע פּאַפּירן. פאַר זיי, אויפן טיש, איז געלעגן אַ שווערער רעוואָלווער. מישקען האָט דער אַלטער מיר־קין קוים איצט דערקענט. ער איז דאָס מאָל געווען אָנגעטון אין אַ שוואַרץ רוסיש העמד מיט קנעפּלעך. און וווּנדער איבער ווונדער: מישקע „מאַלאַ־דיעץ" האָט מיטאַמאָל גאָר ברילן אָנגעטון.

זיי האָבן זיך נישט געלאָזט שטערן ביי מירקינס דערשיינען, נישט באַמערקט אפילו דעם פאַרוווּנדערטן אויסדרוק פון זיין פּנים. ענדלעך האָט דער אַלטער געלאָזט וויסן וועגן זיין עקזיסטענץ:

— וואָס האָב איך צו פאַרדאַנקען אייער אָנגענעמען באַזוך, מיינע הערן? — האָט דער אַלטער געפרעגט מיט אַ שמייכל.

דער פרעמדער יונגערמאַן האָט זיך פאַרוווּנדערט אומגעקוקט, ווער עס דערוועגט זיך אים צו שטערן, און געפרעגט קאַלטבלוטיק:

— אָ, דאָס זענט איר געווים, בירגער מירקין, דער געוועזענער שעף פון דער פירמע?

— אין מיין אייגענער פּערזאָן, — האָט מירקין אָפּגעענטפערט.

— אויפן באַפעל פונעם „העכסטן ראַט פון פאָלקס־ווירטשאַפט" האָבן מיר איבערגענומען פאַרן פּראָלעטאַריאַט די אָרגאַניזאַציע פון די באַן־שוועלן, וואָס איר האָט מיט אייער סאַבאָטירן געהאַלטן אין פאַר־ניכטן. איך בין אַריינגעזעצט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר אין דער פירמע. חבר בינשטאָק־פּאַפּאַלאָוו, — ווייזט ער אויפן „מאַלאָדיעץ", — וועט פאַרוואַלטן מיט דער אָרגאַניזאַציע. מיר וועלן זיך ווייטער באַנוצן מיט אייערע דערפאַרונגען, בירגער מירקין, אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן געפינען פאַר נויטיק, — האָט געזאָגט דער פרעמדער יונגערמאַן, נישט אַמאָל דער־

ביי אַרויסצוזנעמען זיינע אויגן פון די פּאַפּירן, וועלכע ער האָט געמוש־טערט, און אָנצושטעלן זיי אויפן אַלטן, כיטרע־שמייכלענדיקן מירקין.

— מיר דערוואַרטן אָבער פון אייך, אַז איר וועט שלום־מאַכן מיט דער סאָוויעטישער מאַכט, אָנערקענען די לאַגע, אָפּשטעלן דעם סאַבאָ־טאַזש און צוהעלפן צו רעאָרגאַניזירן די באַן־ליניעס פאַרן פּראָלעטאַריאַט, — זאָגט מישקע, און דערביי באַנוצט ער זיך מיט אַן אָפּגעקוקטן מיר־קינש זשעסט: מיטן שווערן פּאַפּיר־מעסער אין האַנט, מיט וועלכן ער טייטלט אויפן אַלטן.

— אַז נישט, וועלן מיר זיך מיזן באַנוצן מיט אַנדערע מיטלען, — האָט דער פרעמדער יונגערמאַן אויפגעהויבן זיין בליק.

— און דער מאַנדאַט דערויף? — פרעגט דער אַלטער רואיק.

— דאָ האָט איר דעם מאַנדאַט, ווען איר ווילט זיך דורכאַוים אי־בערציינגן, — האָט אים דער פרעמדער יונגערמאַן צוגעשאַרט אַ פּאַפּיר, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו אויף אים.

מירקין האָט גענומען דאָס פּאַפּיר, אַרויפגעזעצט זיינע ברילן אויף דער נאָז און זאָרגפעלטיק דורכגעלייענט.

— אַלצדינג שטימט, — האָט ער געזאָגט ווי פאַר זיך. — וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר, מיינע הערן?

— פּאָרלויפיק דעם סעקרעט־שליסל פון אייער קאַסע־שלאָס, — רופט זיך אָן מישקע.

— ביטע זייער, וויל זיך דער חבר נישט באַמיען?

מישקע האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק נאָך דעם אַלטן מירקין צו דער קאַסע.

— ציפער 22, ליטערא „ב". צוריק אויף ציפער 7, ליטערא „א". צי־פער 33 — און דאָס שלאָס איז אָפן, — פּראַלט דער אַלטער אויף די שווערע קאַסע־טיר.

— דאַנק, — ענטפערט־אָפּ מישקע, און חזרט־איין פאַר זיך דעם שליסל־סעקרעט.

— נאָר איין מינוט, — זאָגט דער אַלטער און נעמט אַרויס פון דער קאַסע אַ פּאַפּיר.

— נישט דערלויבן! נישט אָנרירן קיין איין זאַך! — שרייט דער

פרעמדער יונגערמאַן אַן אויפגערעגטער און לאָזט זיך שוין מיטן רעוואָל־וועד פונעם טיש צו דער קאַסע.

— רעגט אייך נישט אויף, חבר. עס איז נאָר מיין צוואה. זי האָט שוין סיי ווי סיי קיין קראַפט און קיין ווערט נישט... — זאָגט דער אַלטער און צערייסט דאָס פּאַפּיר, וואָס ער האַלט אין דער האַנט. — אַלץ איבע־ריקע שטייט פאַר אייך פריי. ביטע!

## קאַפּיטל 4

# די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג

די גאַנצע האָפענונג האָט מען געלייגט אויף דער פאַרשטייענדיקער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

דער חלום פון דורות, דער שטאַרבן־רוף פון מאַרטירער.

פאַר חדשים און חדשים, צייט דעם פאַלן פון צאַר, האָט זיך רוס־לאַנד געגרייט צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, געוואָלט דורכאויס, אַז זי זאָל דורכגיין לויט די פרומסטע געזעצן פון דעמאָקראַטיע. האָט מען זי אָפּגעלייגט פון חודש צו חודש, ביז די לעצטע פויערטע פון פאַרוואָרפנסטן דאָרף אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע וועט האָבן די מעגלעכקייט אויסצודריקן איר ווילן דורך איר שטים־רעכט. וועלן זיי זיך דערוועגן אַנט־קעגנצושטעלן זיך קעגן דעם ווילן פון פאָלק? וועלן זיי זיך דערוועגן צו צעטרעטן די האָפענונגען, וואָס עס האָבן געטראָגן דורות אויף דעם דאָזיקן גרויסן טאָג?

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אין דער הויפּטשטאָט די דע־לעגאַטן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון גאַנץ רוסלאַנד: אין שטיוול, אין קורצע פעלצלעך, אין פוטערנע היטלעך, טייל אין די נאַציאָנאַלע קליי־דער פון די געגנטן, פון וואַנען זיי שטאַמען, די פעלקער פון בבל אין פאַרבנ־רייכער באַקליידונג. די באָלשעוויסטישע חברים האָבן זיך געזאַמלט אַרום „סמאָלנע". די אַנדערע האָבן זיך, אָפּגעשליסענע, הונגעריקע, אויסגעלאַכ־טע, אַרומגעשלײַדערט איבער דער גרויסער שטאָט. ענדלעך האָט מען אויס־געפּועלט פאַר די פאַרשטייער פון פאָלק אַן אַלטן אויסגעליידיקטן האָספּי־

טאַל, אויף באַלאַטנאַיאַ גאַס, פון וועלכן עס האָט נאָך געשטונקען דער קאַרבאָל און די מעדיקאַמענטן פון די באַפרייטע קראַנקע. מיט דעם קאָ־מיסאַר אוריצקיס חסד האָבן זיי זיך דאָרט אויפגעהאַלטן, אפילו באַקומען וואָס צו עסן. נאָר דערפאַר זענען זיי געווען געדיכט אַרומגערינגלט מיט שפּיאָנען, וואָס האָבן באַוואַכט יעדן טריט זייערן און יעדע באַוועגונג זייערע.

מיטן קאָמיסאַר אוריצקיס חסד זענען זיי אין דעם געדענקלעכן טאָג דורכגעלאָזט געוואָרן דורך די פילע זעלנערישע און רויט־גוואַרדיסטישע קאָרדאָנען, וואָס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אַרום דעם טאַווּרישן פּאַ־לאַץ, ווו עס האָט געזאָלט פאָרקומען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. די צענדלינגער רויטע סאָלדאַטן זענען געווען אַזוי געדיכט אַרום דעם „בית־המקדש” פון נייעם רוסלאַנד, אַז עס האָט זיך די אויסדערוויילטע פון פאָלק געדאַכט, אַז מען פירט זיי נישט צו דער אַלמעכטיקער, אַליינבאַשטימענדיקער, ענדלעך דערקעמפּטער רוסישער נאַציאָנאַלער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, נאָר אין אַ געפענגעניש, פון וועלכער זיי וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט צוריק־קערן. דערביי זענען זיי פון יעדער וואַך באַגריסט געוואָרן מיט די אויס־רופן: „פאַרביגדעטע פון דער אַנטאַנטע!” „בורזשואַזע משרתים!” „אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט זיך זיי פאַרגלוסט!” „לעניִן וועט זיי שוין ווייזן!” „צו די ווענט־לעך זיי שטעלן!” און נאָך אַזעלכע אויסרופן.

מען האָט זיך געריכט אויף אַלץ און מען האָט זיך דערצו צוגעגרייט. מען האָט געזאָגט, אַז די עלעקטרי וועט אינמיטן דער פייערלעכער זיצונג אויסגעלאָשן ווערן. האָט יעדער מיטגענומען אין די טאַשן אַ סטעאַרין־ליכט. מען האָט געזאָגט, אַז מען וועט זיי דאָרט לאָזן פאַרהונגערן, האָבן זיי יעדע־רער זיך אָנגעגרייט צענדליקער „בוטערשניטן”. אָפּגעמאַכט ביי זיך פאַר הונגער אויסצוגיין און נישט צו פאַרלאָזן די ערשטע רוסישע פרייע געזעצ־געבנדיקע קערפּערשאַפט. נאָר איין זאַך האָבן זיי נישט צוגעגרייט: באַג־נעטן!

— אָ, זיי וועלן זיך נישט דערוועגן אַרויסצורופן דעם צאָרן פון פאָלק און צו צעטרייבן זייערע אויסדערוויילטע. דאָס פאָלק האָט אונדז אויסגע־קליבן, — זאָל דאָס פאָלק קומען און אָננעמען זיך פאַר אונדז.

מען האָט זיי אָבער באַלד געלאָזט הערן די „שטימע פון פאָלק”. די פרייינטלעכע דעמאָנסטראַציעס פאַר דער „גרינדונגס־פאַרזאַמלונג”, וואָס

זענען צומיינסטן באשטאַנען פון סטודענטן, באַאמטע, באַלעבאַטים און אינטעליגענטן, באַשפּרענקלט דאָ און דאָרט מיט סאָלדאַטן און אַרבעטער, האָט מען געהאַלטן אין די ווייטע גאַסן פון שטאָט, זיי נישט דורכגעלאָזט מיט די רויטע פענער (כאָטש עס איז אויך זיי געווען אָנגעשריבן מכּל־טוב פאַר דער רעוואָלוציע) דורך די סאָלדאַטישע פּאַטרולן צום טאַווּרישן פּאַלאַץ.

דערפאַר אָבער האָבן זיך געצויגן אַנדערע מאַניפעסטאַציעס פון אַרבעטער, מאַטראָזן און סאָלדאַטן פאַרביי דעם טאַווּרישן פּאַלאַץ, מיט רויטע פענער און אויפשריפטן. עס האָבן געציטערט די שויבן פון די געשרייען. וואָס האָבן פון זיי געדונערט: „צעטרייבט די פּאַררעטער!" „נידער מיט דער דעמאָקראַטישער בורזשואַזיע!" „אַ טויט די מלחמה־פּאַטריאָטן!", „די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן!"

פון אינעווייניק האָט מען זיי אָפּגעענטפערט מיט רופן: „עס לעבט די פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט!", „די גאַנצע מאַכט דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג!" באַלד האָט זיך דערהערט פון דרויסן דאָס געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל". פון אינעווייניק האָט מען עס געוואָלט אויסכאַפּן. פריינט און פיינט האָבן זיך פאַראייניקט אין איין געזאַנג.

הין און צוריק האָבן געהאַלטן אין איין דורכגיין פאַרביי דעם „טאַווּרישן פּאַלאַץ" די פיינטלעכע דעמאָנסטראַציעס, מיט די דראָענדיקע אויסרופן. עס האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען צו די געזאַנגען. אַזוי האָט עס זיך געשלעפּט אַ גאַנצן טאָג.

דער „ווייסער זאַל", ווו עס האָט געזאָלט פאָרקומען די פייערלעכע דערעפענונג, האָט זיך אָנגעהויבן אָנצופילן מיט די אויסדערוויילטע פאָלקס־פאַרטרעטער. דאָ זענען געווען די בעסטע קינדער פון דער רוסישער אימיגראַציע: יונגע קעפּ, וואָס זענען פריצייטיק גראָ געוואָרן, פאַרשיקטע אין סיבירישע טייגעס; אויסגעבלייכטע געזיכטער, וואָס די צאַרישע תפיסה־מויערן האָבן אויסגעזאָגט דאָס בלוט פון זיי; פאַרטריקנטע בחוריש־ביינערדיקע לייבער, וואָס די רעוואָלוציע האָט אויפגעפרעסן דאָס פעטס פון זיי; איינגעהויקערטע רוקנס פון אונטער דער לאַסט פון פאָלקס־זאָרג. עס האָבן זיך דערקענט חברים, חברים אין קאַמף. צוזאַמען איז מען געשטאַנען אין לאַנגן, פייניקדיקן פייער פון קאַמף פאַר פאָלקס־פרייהייט, אין די זעלביקע פּראָצעסן געווען פאַרוויקלט, איין תפיסה־קאַמער געטיילט, אין איין

טייגע־הייזל געוווינט, אינאיינעם די סיבירישע וועלדער דורכגעוואַנדלט, גרענעצן געגנבעט, אַטענטאַטן אויסגעפירט.

פילע פון זיי, וועלכע האָבן זיך דורך דער גאַנצער צייט פון דער אָק־טאָבער־איבערקערעניש אויסבאַהאַלטן פאַר די באָלשעוויקעס, האָבן ערשט איצט אַראָפּגענומען זייערע פאַרמאַסקירנדע בערד און קליידער, און זיך געגעבן צו דערקענען פאַר זייערע פריינט און חברים. די שמחה פון ווידער־זען זיך האָט זיך צעפלאַקערט אויפן עכטן רוסישן שטייגער. מען האָט זיך געהאַלטן אין איין קושן, אין איין האַלדזן און אַרומנעמען. אַ פייכטקייט האָט אין די אויגן פון אַלטע מענער געפינקלט. מען האָט דערמאָנט געפאַ־לענע חברים, דאָס הייליקע לעבן פון רעוואָלוציאָנערן, דעם מאַרטירער־טויט פון קדושים, סאַזאָנאָווס לעצט וואָרט פון דער תפיסה: „אַ גרוס דער אויפגייענדיקער זון”, גערשונים בריוו, קאַלאַיעווס רעדע פאַרן מאָסקווער טריבונאַל. די לופט איז פול געוואָרן מיט ענטוזיאַזם. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס שימערירט מיט רעוואָלוציאָנערע פייערלעך. טשופּרינעס האָבן זיך געהויבן, אויגן האָבן געלויכטן. אויף אַלעמענס ליפּן איז געלעגן אַ וואָרט, אַ וואָרט, וואָס זאָל ווערט זיין דעם מאָמענט, נאָר קיינער האָט עס נישט געקאָנט אַרויסרעדן...

מען האָט פאַרגעסן אָן דעם קאַמף, אין וועלכן מען שטייט, מען האָט פאַרגעסן אָן „אָקטאָבער”. נאָך אַלעמען זענען זיי דאָך אויך פאַר דער גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג. זיי האָבן דאָך אַליין אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג, זיי אַליין האָבן דאָך געקעמפט פאַר אים. זיי אַליין האָבן צוגעהאָלפן צו דער־גרייכן דעם דאָזיקן טאָג. וועלן זיי טאַקע נישט דערפילן דעם הייליקן מאָ־מענט? וועלן זיי נישט דערזען די שאָטנס פון די מאַרטירער, וואָס פילן איצט אָן דעם זאַל, צוזאַמען מיט די אויסדערוויילטע פון פאָלק? וועלן זיי נישט דערהערן דאָס געשריי פון די פאַרגאַנגענע דורות? דעם האָפע־נונגס־ציטער פון די אויסגייענדיקע קערפּערס אויף די צאַרישע תליות? וועלן זיי נישט דערפילן, נישט דערזען, נישט דערהערן? זיי זענען דאָך רעוואָלוציאָנערן! זיי זענען דאָך אַ טייל פון דער רעוואָלוציע! מיר, מיר אַלע צוזאַמען האָבן דאָך אונטערגעגראָבן די צאַרישע פונדאַמענטן, ביז דער בנין איז געפאַלן. מיר האָבן דאָך אַלע געוועבט אָט דאָס־דאָזיקע קלייד! מיט פאַרבלוטיקטע הענט דורכגעאַקערט דאָס פאַרעקשנטע, שטעכנדיקע

פעלד. דורך תפיסות, סיבירישע שנייען, תליות, — ביז מען האָט דערלעבט צו זען די פרוכט!

עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט דער דאָזיקער טאָג איז פּעאיק, ווי אַ פילטער, אויסצורייניקן די אָנגעקליבענע ביטערנישן פון פאַרטיי־קאַמף, אַלע אין איין כוח צוזאַמענצושמעלצן. מען האָט געגלויבט, אַז די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז די איינציקע, וואָס איז אימשטאַנד אַרויסצורופן די הייליקע טראַדיציע פון דער רוסישער רעוואָלוציע. זי וועט אַראָפּנעמען דעם פינצטערן שלייער, וואָס איז געפאַלן אויף רעוואָלוציאָנערע אויגן, און זיי וועלן מיטאַמאָל דערזען דעם הערלאַישן וועג, אויף וועלכן מען איז אַלע צוזאַמען געגאַנגען. ברודער וועט ברודער דערקענען, און מען וועט זיך פאַלן אין די אָרעמס.

מען האָט אָפּגעמאַכט ביי זיך אויסצומיידן יעדע שפּאַלטונג, וואָס קאָן אַרויסגערופן ווערן דורך די פאַרטייאישע ליידנשאַפטן אין דעם גרויסן מאָמענט פון דער דערעפענונג פון דער אויסגעווייטיקטער, אויסגעבענקטער פאַרזאַמלונג. און דורך דעם אָנדענק פון די העלדיש־געפאַלענע מאַרטירער פאַר רוסלאַנדס פרייהייט אַרויסצורופן אַן ענטוזיאַזם, וואָס זאָל זיין בכוח אַלעמען צוזאַמענברענגען. וואָרים מען האָט געגלויבט, אַז אָט דער מאָמענט איז מסוגל דאָס דאָזיקע נס צו באַשאַפן. האָט מען זיך געשליפן די צינגער. מען האָט זיך געהאַלטן אין איין אַריינאַרבעטן אין ענטוזיאַסטישן צושטאַנד דורך דעם, וואָס איינער האָט דעם אַנדערן געהאָלפן אַרויסצורופן דעם גאַנצן באַוווסטזיין פון דעם דאָזיקן מאָמענט...

דערווייל אָבער האָבן די באָלשעוויקעס, צוזאַמען מיט זייערע נייע שותפים, די לינקע „עסערן", געזוכט ווי אַזוי אויסצוווּעפּן דעם ענטוזיאַזם ביים צווייטן צד, צו פאַרוואַנדלען אין עפּעס אַ קלייניקייט די גאַנצע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, זי אַוועקצושטעלן אין אַזאַ סיטואַציע, אַז עס זאָל ווערן אָפּגענומען דער חשק פאַר יעדער פייערלעכקייט, וואָס די אַנדערע פאַרטייען האָבן זיך געקליבן צו געבן דעם גרויסן מאָמענט. צו דעם צוועק האָבן זיי געהאַלטן אין איין פאַרציען די דערעפענונג. זיי האָבן זיך פאַרקליבן אין באַזונדערע זאַלן, און זייער פראַקציע האָט געהאַלטן אין איין באַראַטן זיך. עס האָבן זיך געצויגן שעהען און שעהען, און די באָלשעוויסטישע מינדערהייט האָט זיך נישט באַוויזן אין „ווייסן זאַל". מען איז געוואָרן אומגעדולדיק, באַלאַנגווייליקט. מען האָט געפרווט אַריינשיקן די באָלשע־

וויקעס זאָגן, אַז מען וועט ענדלעך אויפעפענען די פאַרזאַמלונג אָן זיי. פון דאָרטן האָט מען באַפוילן:

— ווען לעניו וועט הייסן!

און מען האָט געהאָרכט.

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן אָנצופילן די גאַלעריעס און די לאָזשעס מיט אַ פּובליקום, וואָס דער קאָמיסאַר פון פּעטראָגראַד, אוריצקי, האָט גע־פונען פאַר נויטיק, אַז דווקא זיי, און נישט קיין אַנדערע זאָלן זיין עדות פון דעם גרויסן מאָמענט.

באַזאָרגט מיט בילעטן פון אוריצקין, האָט מען צונויפגעקליבן אין „ווייסן זאַל" די „פּראָסטע מאַסע" פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי אין דער הויפּטשטאָט: רויטע גוואַרדיסטן, וועלכע האָבן זיך נישט געשעמט שוין פריער, איידער די פאַרזאַמלונג האָט זיך געעפנט, אַרויסצווייזן, דורך די שטאַכעטן פון דער גאַליאָרקע, די שפּיצן פון זייערע ביקסן, די רערן פון זייערע רעוואָלווערן צו די אויסדערוויילטע פון פאָלק.

יעדער אויסדערוויילטער, וואָס האָט באַלאַנגט צום אַנדערן צד, איז פון דער גאַלעריע אויפגענומען געוואָרן מיט זידלערייען. עס האָבן זיך גע־גאָסן אויף די אַלטע קעפּ, וואָס זענען גראָ געוואָרן אין דעם קאַמף פאַר רוסישער פרייהייט, ווערטער, וואָס האָבן געקאָנט רויט מאַכן גאַסן־פרויען, געמיינע, אויסגעלאַסענע פּנימער. אַ יונג מיט אַן אויפגעריסענער נאָז און אַ פּאָר לאָבוזעוואַטע שנצישע אויגן, וואָס האָבן געזאָגט עדות, אַז זיי שרעקן זיך נישט אָפּ פאַר קיין זאַך, האָט נישט אויפגעהערט אַראָפּצושרייען פון זיין אָרט צו דער פאַרזאַמלונג פון די פאָלקס-אויסדערוויילטע:

— אָ, איר בורזשואַזע הינט! וואָלט מיך לעניו געהאָרכט, וואָלט איך אייך צום ווענטל געשטעלט!

ענדלעך האָט זיך געוויזן די באָלשעוויסטישע פראַקציע, צוזאַמען מיט די לינקע „עסערן", און זיי האָבן פאַרנומען די ערטער. זיי זענען ענטוזיאַסטיש, מיט הילכיקע אויסרופן, אויפגענומען געוואָרן פון דער גאַ־לעריע און די לאָזשעס. דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט אויף די ערטער.

אין זאַל איז געווען פאַרזאַמלט רוסלאַנד, דאָס נייע בבל, מיט אַלע אירע נאַציעס. די פעלקער האָבן געטראָגן זייערע נאַציאָנאַלע קליידער. דאָ־און-דאָרט האָט זיך דורכגעוואָרפן אַן אָריענטאַלישע געשטאַלט: בוכאַרי־שע קאָלירטע זיידענע מאַנטלען, מיט בוכאַרישע פאַרשידן־פאַרביקע, מיט

גאָלד אויסגעהאָפטע קאַפּלעך אויף די אַזיאַטישע און טאָטערישע אָפּגעגאָלטע קעפּ. ס׳רוב פון די אויסגעוויילטע האָבן דורך זייער קליידונג געוואָלט אונטערשטרייכן זייער שייכות מיטן רוסישן פויער: געטראָגן רוסישע פויערשע קאָלירטע העמדער, פויערשע סערמיעגעס, שטיוול און וואַליקעס, — כאָטש די פּנימער זענען געווען אינטעליגענטע, בלייך־שטאָטישע. עס האָט גיכער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ רעוואָלוציאָנערן מיטינג, איידער פון אַ געזעץ־געבערישער נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט, הגם עס האָבן נישט געפעלט קיין רעשטלעך פון בורזשואַזער קליידונג, און פריציש־אינטעליגענטע פּנימער, וועלכע האָבן זיך אויסגענומען ווי זעלטנהייטן, אין דער פאַרזאַמלונג.

אין אַ לאָזשע האָט זיך באַוויזן דער מאַן מיטן מאָנגאָלישן פּנים און גלאַנצנדיקן ביינערדיקן שיידל. ער האָט זיין גרויסן קאָפּ פאַרלאַנגווייליקט אוועקגעלייגט אויף איין האַנט, צוגעדריקט זיינע קליינע אויגן. מען האָט נישט געוווּסט, צי ער דרימלט, צי ער איז וואַך. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען פאַרמאַטערט פון דעם אַלעם, וואָס קומט דאָ פאָר. ער האָט נאָר פון צייט־צו־צייט געוואָרפן אַ שפּאָטישן בליק פון אַ קוים־געעפנטן שפּאַלט פון אויג־הייטל אויף דעם, וואָס שטייט אויף דער פּלאַטפאָרם. באַלד האָט ער זיין בליק צוגענומען, אַרומגעקוקט זיך אַ פאַרלאַנגווייליקטער איבערן זאַל, אויסגעגאַווערט זיך, ווידער אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דער האַנט, צוגעקנייטשט די אויגן, און מען האָט ווידער נישט געוווּסט, צי ער דרימלט, צי ער איז וואַך. יעדנפאַלס איז ער געווען זייער ווייט פון דעם אַלעם, וואָס דאָ קומט פאָר. אַזוי האָט עס אויסגעוויזן.

לאַנג האָט זיך געצויגן די פּראָצעדור פון אויסקלייבן אַ פאָרזיצער, — ביי וואָס די גאַלעריע האָט אַ גרויסע ראָלע געשפּילט. ענדלעך האָט זיך באַוויזן אויף דער בימה אַ הויכער מאַן מיט אַ צעפלויגענער, אַ שוואַרץ־באַגראָטער טשופּרינע און אַ קורץ־געשניטן בערדל.

ער האָט זיך מיט אַ טריאומפירנדיקן שמייכל אַרומגעקוקט אין ווייסן, ליכטיקן זאַל. ער האָט נישט אויפגעהערט צו שמייכלען, בשעת מען האָט אים פון איין זייט ענטוזיאַסטיש באַגריסט מיט אויפשטיין. נאָך מער אָבער האָט זיך זיין הנאהדיקער שמייכל פונאַנדערגעגאָסן איבער זיין פּנים, ווען דער צווייטער צד, און דער עיקר די גאַלעריע, האָבן אים מקבל־פּנים געווען מיט אַ הילכיקן ליאַרעם:

— פאררעטער! קארנילאָווס משרת! פאָלקס־פיינט! בלוטיקער הונט!

— ארונטער! ארונטער!

— מלחמה־העלד בלוטדורשטיקער!

— זיין פּרצוף דאַרף מען מיט בליי דורכזייען! — האָט דער שגצי־שער יונג אראָפּגעשריגן פון דער גאַלעריע.

און פון דאָ־און־דאָרט האָט זיך געוויזן די רער פון אַ ביקס, אנגע־צילט אויף אים.

— אָט האָט איר אַ „גרינדונגס־פארזאמלונג". אויף אַלע פיר ווינטן זיי צו פאַריאָגן...

דער מאַן מיט דער צעשפּאָלטענער טשופּרינע האָט נישט אויפגע־הערט צו שמייכלען, האָט געלאָזט זיך אויסשרייען. ענדלעך האָט ער זיך אויסגעהוסט. ווי ער וואָלט אָנגעשטעלט דעם קאמערטאָן, און אָנגעהויבן רעדן.

ער איז באַלד אריינגעפאַלן אין אַ היציקן באַגייסטערטן טאָן. ער האָט גערעדט וועגן די מאַרטירער פון דער רעוואָלוציע. ער האָט דערמאָנט די נעמען פון די געפאַלענע קדושים. נאָר ביי יעדן צווייטן וואָרט איז ער אי־בערגעריסן געוואָרן מיט אויסגעשרייען פון באָלשעוויסטישן עולם, סיי פון זאַל, סיי פון דער גאַלעריע:

— וואָס דרייט ער אַ ספּאָדעק?! ווער דאַרף וויסן פון דעם אַלעם?

— זאָגט אונדז ליבער, וואָס הערט מען עפּעס מיט קאָרנילאָוון און מיט זיין פריינט קערענסקין?

— זאָג נאָר, אין סאראטאָוו ביסטו שוין געוועזן? וואָס הערט זיך עפּעס דאָרט אין סאראטאָוו?

יעדעס ענטוזיאַסטיש וואָרט איז באַלד אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט גאַנ־צע צעבערס זידל־ווערטער און געמיינע אָנצוהערענישן, וואָס האָבן זיך נעגאָסן אויפן רעדנערס קאָפּ, סיי פון זאַל, סיי פון דער גאַלעריע. באַלד איז ביים רעדנער אַליין אויסגעגאַנגען די באַגייסטערונג, און ער האָט אָנ־געהויבן צו רעדן וועגן מער פּראַקטישע ענינים — וועגן פּאַרטיי־חילוקים, — וואָס האָט נאָך מער צעגליט די געמיטער. די גאַלעריע האָט זיך איצט אַראָפּגעכאַפּט אונטן און זיך אויסגעמישט מיט די אויסדערווײלטע. ענד־לעך האָט דער רעדנער אָפּגעהאַקט אינמיטן. מ'האָט גערופן אַ צווייטן. ביים צווייטן האָבן זיך די סצענעס ווידער איבערגעחזרט. אַזוי האָט עס זיך גע־

צויגן שעהען לאַנג. ביז ס'האָט זיך ענדלעך פון דער גאַלעריע אַראָפּ צע־שריגן אַ זעלנער הויך אויפן גאַנצן קול:

— אָך, ווי לאַנגווײַליק דאָס איז! אַז דער טײַוול זאָל זיי כאַפּן!

דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, און באַלד האָבן זיך דערהערט קולות:

— וואָס מײַנען זיי, אונדז הײַנט צו פאַרמוטשען!? אַ גאַנצע נאַכט אונדז דאָ אָפּצוהאַלטן? שלאָפן ווילט זיך...

און ס'האָבן זיך פון פאַרשידענע ווינקלען געהערט שטימען רופן:

— גענוג שוין, גענוג שוין! צײַט דאָס דאָזיקע משוגעים־הויז צו שליסן!

דורך דער גאַנצער צײַט פון די רעדעס און די געשרייען, איז אַלץ גע־זעסן דער מאַן מיט די קאַלמיקישע אויגן, אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף דער האַנט. זײַן האַרטער גלאַנציקער ליסינע־קאָפּ האָט געגלאַנצט אין דער ליכ־טיקער שײַן, וואָס די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן געגאָסן, און מען האָט גע־פילט דעם האַרטן אָנזען זײַנעם, דעם ממשותדיקן בײַזײַן פון אים. אַלע אויגן זענען געווען געווענדעט צו אים. מיט דורשטיקע בליקן האָט מען באַ־טראַכט יעדע באַוועגונג זײַנע, יעדן מאַך מיטן קאָפּ, יעדן ריר מיט דער האַנט. אַזוי ווי ס'וואָלט זיך דאָרט אויפן קליינעם פלעק, אין דער לאָזשע, געווען קאָנצענטרירט די חכמה, דער ווילן און די מאַכט פון דעם אַלעם, וואָס קומט דאָ פאָר.

מען האָט אים געהאַלטן אין איין באַטראַכטן, ווי אַ טערמאָמעטער, וואָס מ'לייגט צו צו אַ געפערלעכן חולה. וואָס טוט זיך דאָרט אין דער לאָזשע? ווי מען וואָלט בלויז פון דער וויברירונג פון דער לופט אַרום דעם דאָזיקן קאָפּ געוואָלט דערגיין, ווי עס האַלט.

נאָר דער ליסינע־קאָפּ האָט געשוויגן. די אויגן זענען געווען פאַר־קנייטשט, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די השגחה שלאָפט. מען האָט אָבער געפילט איר זײַן. די האַרטע, גלאַנצנדיקע ליסינע האָט ווי אַ געטלעכע זון געלויכטן אין זאָל — אַלע האָבן זי אַדורכגענומען מיט די בליקן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אַרײַנדרינגען אינעווייניק אין דער סוד־סודותדיקער וועלט, וואָס טוט זיך אָפּ אונטער דער ליסינעם ביין, — ווי די רעדער פון רוסלאַנד וואָלטן זיך דאָרט געדרייט, — כדי צו דערוויסן זיך איר גורל און איר באַשייד. די ליסינע האָט אָבער האַרטנעקיק געשוויגן. ענדלעך האָט

זי זיך אַ באַוועג־געגעבן — אַ גרויסן גענעץ־געטון — און דער קאָפּ האָט זיך איבערן גוף אויפגעהויבן.

איבערן זאַל איז אַדורכגעגאַנגען אַ ציטער.

— צייט צו פאַרענדיקן דאָס נאַרישקייט, — האָט ער זיך אָנגערופן צו זיינע באַגלייטער, וואָס זענען געזעסן מיט אים אין דער לאָזשע.

— זאָל איך אַרויפגיין זיי צעטרייבן? — האָט אים געפרעגט אַ שוואַרץ־באַהאָרטער שטאַטישער יונגערמאַן, — וואָס מ'האָט אין זיינע געקרייזלטע האָר אָנגעזען זיין אומרואיקן אָפּשטאַם.

— נאָך וואָס איר? שיקט בעסער אויף דער פּלאַטפאָרמע חבר שלעז־ניאַק. זיי וועלן אים בעסער פאַרשטיין, — האָט געזאָגט דער מאַן מיט די קאַלמיקישע אויגן.

— באַלד? — פרעגט דער ברונעט.

— וואַרט בעסער, ביז איך וועל זיך דערווייטערן, — האָט ער פונאַנ־דערגעשפּרייט זייגע ברייטע מאָנגאָלישע באַקן־ביינער אין אַן אויסגייענ־דיקן גאַווער.

דער מאַן האָט פאַרלאָזט די לאָזשע מיט זיינע באַגלייטער. אין זאַל האָט זיך דערפילט אַ דערלייכטערונג. מיט אַ דערלייזטן, דערמוטיקטן טאָן האָט דער פאָרזיצנדער איצט אָנגעהויבן זיך פונאַנדערצוליייגן מיט זיין שטי־מע, אַ פרייערער, אַ דערמוטיקטערער — גלייך ווי קינדער, ווען דער רבי פאַרלאָזט זיי. נאָר אינמיטן דערינען האָט זיך באַוויזן אויף דער פּלאַטפאָר־מע דער מאַטראָז חבר שלעזניאַק. ער איז צוגעקומען צום פאָרזיצנדן, אָפּ־געשטעלט אים מיט אַ מאַך מיט דער האַנט אין מיטן דער פראַזע און גע־זאָגט צו אים אויף אַ נידעריקן אָבער אַ פעסטן קול:

— חבר פאָרזיצנדער, צייט אָפּצורייניקן דעם זאַל.

דער פאָרזיצנדער האָט אַ פאַרוואונדערטער און אַ באַליידיקטער גע־קוקט אויף דעם חוצפּהדיקן מאַטראָז. ער האָט זיך גענומען מיט לעבעדי־קע, רירעוודיקע באַוועגונגען און מיט אַ דערהויבענער שטים צו געבן דעם מאַטראָז אַ לעקציע וועגן דעם אָרט, אין וועלכן ער געפינט זיך. אַרום פאָר־זיצנדער האָבן זיך אָנגעהויבן צו קלייבן די אויסדערוויילטע, וועלכע זענען אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער. דער מאַטראָז האָט אָבער נישט געלאָזט מאַכן קיין לאַנגע שהיות.

— נו, צעגייט זיך, אַלטיטשקע, צעגייט זיך, איידער מיר טרייבן־אונטער!

די פאַרזאַמלטע האָבן נאָך געפּרוווט צו פּראָטעסטירן. איינער, אַן ענטוזיאַסט, האָט אויסגעשריגן:

— מיט גוטן וועלן מיר נישט גיין; מיר זענען פון פאָלק געשיקטע.

האָבן זיך פון אַלע איינגענג באַוואָפנטע מאַטראָזן געוויזן אין זאַל און אָנגעהויבן מיט די קאָלבעס אונטערצויאָגן די גראָע קעפּ פון דער רוסישער רעוואָלוציע, — פון דער לאַנג־דערוואַרטעטער ערשטער „גרינדונגס־פאַרזאַמלונג".

צומאָרגנס, ווען די אויסדערוויילטע פון פאָלק זענען געקומען צום „טאַורישן פּאַלאַץ", האָבן זיי געפונען זיינע שווערע טויערן פאַרשלאָסן. און פון די שטאַבעטן האָבן אַרויסגעקוקט צו זיי די באַגנעטן פון די רויט־גוואַרדיסטישע ביקסן.

## קאַפּיטל 5

## אַ געשרעך מיטן חבר אַנאַמאַל

אויף איינער פון די גאַלעריעס פון דעם „ווייסן זאַל", אין טאַורישן פּאַלאַץ, איז געזעסן זאַכאַרי מירקין און האָט זיך צוגעקוקט צו דער צע־טרייבונגס־סצענע. אַלס איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון אַ רעקאָנסטרוק־טיווער קאָמיסיע צו באַפעסטיקן דעם סאָוויעטישן רעזשים, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן תיכף נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש, האָט ער זיך געפונען אין אַ שטענדיקן פאַרקער צווישן מאָסקווע און פּעטראָגראַד. ער איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם „ווירטשאַפטלעכן קאָמיטעט", אַלס איינער פון די הויפּט־אָנפירער, נישט דערפאַר וואָס זיינע נייגונגען אָדער פעאיקייטן האָבן אים אַהין געפירט. דער מאַנגל אין אינטעליגענטע מענ־טשן, וואָס זאָלן וועלן צוזאַמענאַרבעטן מיטן נייעם רעזשים, און דער צו־פאַל האָט אים אַהין געבראַכט.

דער „ווירטשאַפטלעכער קאָמיטעט" האָט זיך, ווי יעדע אינסטיטוצ־יע, אָפּגעגעבן מער מיט פּאָליטיק, ווי אַזוי אַרויפצוצווינגען דעם נייעם

קורס אויף די ווידערשפּעניקע אינטעליגענטן, איידער מיט ווירטשאַפטלע־כע פּראָבלעמען. מען האָט געהאַלטן אין איין צוהערן זיך צום צענטער, און מירקין איז געפאָרן נעמען אינסטרוקציעס פון דעם הויפּט-צענטער. אויף איינער פון זיינע רייזעס האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אויף דער עפּענונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער צעטרייבונגס־סצענע. ער האָט געזען ווי די אויסדערוויילטע פון פאָלק, די גראָע קעפּ, די אויסגעבלייכטע פּנימער, צווישן וועלכע ער האָט נישט איין באַרימטן רעוואָלוציאָנער און פאָלקס-פירער דערקענט, ווערן אויסגעלאַכט, פאַרשריגן פון דער גאַס. ער האָט גע־פילט, ווי אַ האָפענונג פון דורות ווערט צעטראָטן פון צוזאַמענגעטריבענע עלעמענטן, וואָס טוען דאָס נישט אויף אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נאָר ווייל זיי זענען אָנגעשטעלט געוואָרן דערצו פון פירער.

שוין אין מאָסקווע, באַלד נאָך דער איבערקערעניש, האָט ער זיך דערשראָקן פאַרן נייעם „בעל“, וואָס שאַפט זיך אין דער געשטאַלט פון דער אַליין־הערשנדיקער רעוואָלוציאָנערער מאַסע. ער האָט געזען ווי זי שפּרייט אויס אירע מעכטיקע הענט און נעמט אַריין די פירער, די „זע־ערס“. אַלץ ווערט פאַרשלונגען פון איר. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן דער דאָזיקער קראַפט ביי זיין טעטיקייט, אויפצובויען דאָס נייע רוסלאַנד, אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן פון דעם ערשטן טאָג אָן. ער האָט גע־זען, ווי די פירער ווערן יעדן טאָג געפאַנגען דורך דער קראַפט, וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן. ער האָט זיך געשראָקן, אָבער דאָך איז ער געגאַנגען ווייטער, ווו די אינערציע פון זיין ערשטן שריט האָט אים געצויגן.

— אַזוי דאַרף עס זיין. — און ער האָט דערשטיקט אין זיך יעדן שאָטן פון ספק און חשד, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פאַלן אויף זיין לעצטן גלויבן, — ווען נישט דאָס... גאָט, טאָ וואָס דען? עס איז דאָך די לעצטע טיר, דורך וועלכער מ׳ר רייסן זיך אַריין.

פון זיין אָרט אויף דער גאַלעריע האָט ער נישט אַוועקגענומען זיין אויג פון דער האַרטער ליסינע, וואָס האָט געשיינט אין דעם עלעקטרישן ליכט. דאָרט, הינטער דער ליסינע, — האָט ער זיך געטראַכט, — דרייען זיך די רעדער. דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס וויסן און דער שכל פון דעם אַלעם. און פון דאָרט, פון דער ליסינע, ציען זיך די שטראַלן ווי בענ־דער, און בינדן זיך אָן מיט דעם אַלעם, וואָס קומט פאָר. און ווען עס קומט

פון דאָרט, דאַרף עס אַזוי זיין, און עס איז צו דעם אַלעם דאָ אַ העכערע באַרעכטיקונג, וואָס איז פאַר אונדז אויפן מאָמענט פאַרפינצטערט. אָבער ער טראָגט זיין שכל און יושר פאַר דער גרויסער זאַך, פאַר דעם ליכטיקן און אייביקן מאָרגן.

ער האָט געפרווט זיך אַליין דאָס אַלץ צו פאַרענטפערן, צו פאַרשטיין פאַר זיך. פון די שטימונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן וועגן דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אין דעם קרייז, ווו ער האָט פאַרקערט, פון די געשפּרעכן, וואָס זענען דאָרט געפירט געוואָרן, האָט ער געפרווט אַרויסנעמען דעם תמצית.

— געוויס וועלן זיי נאָר שטערן, ליגן שטיינער אויפן וועג פון די גרויסע אויפגאַבן. אין זייער פּסיכאָלאָגיע שטעקן זיי אין דער אַלטער וועלט. דאָס גאַנצע לעבן לאַנג האָבן זיי געשטרעבט, געקעמפט פאַר דעם. זיי זענען געגאַנגען אויף די תליות מיט דער האָפענונג אויף דעם דאָזיקן מאָמענט, אַ גרוס דער פרייהייט געשיקט ביים ראַנד פון זייערע קברים. און ווען דער מאָמענט איז געקומען צופליען מיט זייגע שטאַרקע פליגל און געוואָרפן זיך אין רעאַלן לעבן אַריין, האָבן זיי זיך דערשראָקן. ווי די פּחדנים האָבן זיי אָנגעהויבן צוריקלויפן פאַר דעם שאָטן פון זייערע אייגענע ספקות. זיי זענען נישט געווען דערוואַקסן דורכצוגיין דורך די טירן, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעהאַקט אין דער טויזנט-יאָריקער וואַנט פון פאַרשקלאַפונג. זיי האָבן זיך אַליין איינגעקאָרטשעט פאַר דער אייגענער גרויסקייט.

אויסראָטן דאַרף מען די, וואָס זענען נישט דערוואַקסן, כדי זיי, די געפענטעטע מיט די אייגענע קייטן, די צוגעשמידטע צום פאַרשקלאַפטן נעכטן, זאָלן נישט פאַרשווערן דעם וועג. ווי קומען שקלאַפן צו פליען אין דער ליכטיקייט אַריין? ניין, די גאַנצע מאַכט דאַרף זיך קאָנצענטרירן דאָרט, ווו עס איז פאַרזאַמלט דער יושר, דאָס וויסן און דער ווילן, כדי ער זאָל אומגעשטערט קאָנען אַריבערפירן אויף זיינע פליגל די וועלט אין דעם ליכטיקן מאָרגן אַריין. צוליב דעם דאַרף מען די גאַנצע מאַכט לאָזן אין די הענט פון דעם מאַן מיטן הארטן שיידל, כדי ער זאָל זיין בכוח אויסצופירן דאָס, וואָס וועבט זיך ביי אים אין מוח.

די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן, אַרונטער מיט דער גרינדונגס-פאַר־זאַמלונג!

יאָ, די גאַנצע מאַכט די סאָוויעטן, ארונטער מיט די נישט־דערוואַקסע־נע! — האָט מירקין נאָכגעזאָגט אין זיך דאָס דאָזיקע געשריי; פאַר דעם שלום, פאַר די אויסגעבענקטע פרייהייטן, פאַר די געפייניקטע און געפּלאָג־טע, פאַר אונדז אַלעמען, די פאַרפאַלענע, פאַר דער פאַרבלוטיקטער וועלט צו ברענגען אַ דערלייזונג!

דאָך, אַז ער האָט געזען, ווי מאַטראָזן און סאָלדאַטן טרייבן־אונטער מיט די קאָלבעס פון זייערע ביקסן די אידעאַליסטן מיט די אויסגעבלייכטע פּנימער און די גראָע קעפּ, אין די פויערשע קורטקעס, אין די פויערשע וואַ־טאָווקעס, איז דורכגעגאַנגען אַ שטעכנדיקער ציטער דורך זיין גאַנצן קער־פּער. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, האָט זיך זיי פאַרשטעלט מיט דער האַנט, אַזוי ווי מען וויל נישט קוקן אויף אַ מיאוסער, אומנאַטירלעכער זאַך. עס האָט אים אַרומגענומען אַ שרעקלעכער עקל פאַר די ווילדע געשרייען, וואָס ער האָט געהערט אַרום זיך פון זיינע חברים אויף דער גאַלעריע, וועלכע האָבן די מאַטראָזן אונטערגעגעבן מוט, אַז זיי זאָלן טון זייער אַרבעט מיט מער דרייסטקייט, כאָטש עס איז נישט נויטיק געווען זיי צוצוגעבן חשק.

— פאַריאָגט זיי, די פאַררעטער, מיט אַ גוטן זעץ אויפן שליטוועגס!

— האָט געשריגן אַ קורץ־נעזיקער מיט אַ צוגעקלעפּטער טשופּרינע אויף זיין פאַרשוויצטן שטערן.

— הערט־אויף, הערט־אויף! גענוג, גענוג! — האָט מירקין פּלוצלינג אָנגעהויבן צו שרייען ווילד.

— וואָס איז מיט דיר, חבר? — האָט אים אַ באַקאַנטער פון מאָסקווע, וואָס איז געזעסן נעבן אים, געפרעגט פאַרוווּנדערט. — אפשר זיך פאַר־בענקט נאָך זיי?

— זיי גייען דאָך סיי ווי סיי! נאָך וואָס דאָס אונטעריאָגן?

— כדי זיי זאָלן פליען, — האָט עמיצער געלאַכט.



אַז מירקין איז אַרויס פון טאַווּרישן פּאַלאַץ, האָט דער שניי געקנאַקט אונטער זיינע פיס, געבליצט אין דער נאַכט אַריין. ער איז געגאַנגען איינ־געבויגן, אַזוי ווי ער וואָלט געווען געטראָגן אַ משא אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט געהאַט דאָס געפיל פון אַ מענטש, וואָס איז נישט נאָר דערביי גע־

זען, נאָר וואָס האָט אַליין אָפּגעטון אַ מיאוסע זאַך. ווי ער האָט נישט גע־וואָלט פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין די נויטיקייט פון דעם דאָזיקן שריט מיט די פלאַמענדיקע געדאַנקען, וואָס האָבן נאָר וואָס געגליט אין זיין געהירן, איז ער נישט געווען ביכולת דאָס צו טון. דאָס פייער פון זיינע אַרגומענטן איז אויסגעלאָשן געוואָרן. ער האָט זיך אַפילו נישט געקאָנט דערמאָנען זייער לאָגיק. עס איז אים איבערגעבליבן אַ לאָך אין האַרץ.

ווי ער גייט אַזוי, פאַרטראַכט אין זיך, יאָגט אים עמיצער אָן און רופט אים נאָך:

— מירקין!

אין די גאַסן האָט געשנייט. פון דעם געלן ליכט זעט דער מענטש ווי דורך אַ זיפּ.

— דאַכט זיך, חבר אַנאַטאָל?

— איר דערקענט מיך נישט מער?

— אָ, יאָ, כ׳האָב נאָר געמיינט...

— געווען דאָרטן אינעווייניק?

— ניין, מען האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט. איך האָב אָפּגעוואַרט אין דרויסן מיט אַנדערע.

— אַלץ איז אויס! — זאָגט מירקין.

— נו, און וואָס זאָגט איר דערצו? אייך געפעלט עס? איר זענט דאָך אַ זייעריקער?

— וואָס זאָל איך זאָגן? געוויס איז עס טרויעריק, וואָס איר האָט גע־בראַכט דערצו.

— זייט מוחל, איך האָב פאַרגעסן. הייסט עס, אַז איר באַרעכטיקט דאָס?

אין מירקינען האָט זיך דערוועקט דער עקשן פאַר פרעמדע, דער ווילן נישט צו לאָזן גאָרנישט מערקן פון די ספקות, וואָס האָבן אין אים אָנגע־הויבן צו בויערן. פאַרקערט, ער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין מיטפאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער טאַט, און ער האָט זי באַרעכטיקט מיט דער דעמאָלט-באַקאַנטער באָלשעוויסטישער דערקלערונג:

— וואָס פאַרא דעמאָקראַטישע פאַרזאַמלונג איז דאָס געווען? דאָס איז דאָך געווען אַ מאַשין, וואָס די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט צונויפגע־שטעלט. זי האָט אויסגענוצט דעם גאַנצן דרוק פון דער מאַכט אויף דער

באַפּעלקערונג, כּדי אויסצוקלויבן אירע אייגענע מענטשן אין דער פאַרזאַמ־
לונג. מיר ווייסן, ווי אַזוי אַזעלכע וואַלן ווערן פאַבריצירט.

— און איר וועט איצט צונויפרופן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויף מער דעמאָקראַטישע יסודות? וואָס? — שמייכלט אין זיינע וואָנסעלעך אַריין דער חבר אַנאַטאָל. — איר גלויבט אין דעמאָקראַטיע?

— דעמאָקראַטיע? וואָס האָט די דעמאָקראַטיע אויפגעטון ביז איצט? אַ האַלבע וועלט איז, מער אָדער ווייניקער, געווען דעמאָקראַטיש: אַמע־ריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, צי האָט נישט אונטער איר הער־שאַפט אויפגעפלאַקערט די שרעקלעכסטע און גרויזאַמסטע מלחמה? ווערן נישט אַרבעטער אונטערדריקט? הונגערט מען נישט ביי איר? דעמאָ־קראַטיע איז געוואָרן אַ געזעצלעכע, פּאָליציייאישע פּראָסטיטוציע. די צייט פון דעמאָקראַטיע איז פאַרביי, מיין פריינט! עס קומט אָן די דיקטאַטור, אָדער די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, אָדער די דיקטאַטור פון קאַפּיטאַל. מען דאַרף נאָר ווייסן, וווהין מען באַלאַנגט, און וואָס אויסצוקלויבן.

חבר אַנאַטאָל האָט אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט און געזאָגט:

— עס קומט מיר פאָר, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך געטוישט מיט די ראָלן. נאָר מיך וווּנדערט, וואָס דווקא איר רעדט אַזוי. אויף אייך, מוז איך זיך מודה זיין, האָב איך זיך דאָס צום ווייניקסטן געריכט. איך גע־דענק אַ צייט, ווען איר האָט מיט מיר גערעדט וועגן אַבסאָלוטער פריי־הייט. איר האָט זיך געשראָקן פאַרן „אַנאָנימען צאַר", וואָס מיר באַשאַפן אין די מאַסן.

— אָ, דאָס מיינט איר? איך וועל אייך זאָגן: ווען כ'האָב זיך איבער־צייגט, אַז די פרייהייט איז אַ צו קורצע קאָלדרע, זי זאָל קאָנען אַלעמען צודעקן, האָב איך אויסגעקליבן די, וואָס נויטיקן זיך צומיינסטן אין דער קאָלדרע, די, וואָס זענען ביז איצט קאַלט און נאַקעט געווען. עס קאָן מעג־לעך זיין, אַז מיר לאָזן איבער אין דרויסן אַנדערע עלעמענטן. נאָר אַנדע־רע האָבן עס אויך נישט אַנדערש געמאַכט, ווען זיי האָבן געהאַט וואָס צו זאָגן. אפשר וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען די קאָלדרע וועט זיין אַזוי ברייט, אַז זי וועט קאָנען וואַרימען אַלעמען. ביז דענסטמאָל אָבער דעקן מיר צו מיט איר די, וואָס זענען אונדז צום נאָענטסטן. אָבער פאַרוואָס שטייט איר פון דערווייטנס? אדרבא, קומט, זעט די קאָלדרע אויסצו־ברייטן, לייגט־צו אַ האַנט. וואָס פאַראַ ברוגז האָט איר זיך געמאַכט? מיט

וועמען, מיט אייער אייגן לעבן? מיט אייערע אייגענע האָפענונגען? איר זאָלט מיר מוחל זיין, איר דערמאָנט דאָך יענעם חתן, וואָס האָט זיך יאָרן־לאַנג געשדכנט צו אַ כלה, וועלטן דורכגעזעצט, אַבי ער זאָל זיינס דערגרייכן: עס זאָל חופּה געשטעלט ווערן, און אַז עס איז געקומען דערצו, האָט ער זיך דערשראָקן, און איז פון דער חופּה אַנטלאָפן. וואָס, די כלה איז אייך נישט געפעלן? עס איז נישטאָ קיין אַנדערע, אַנאַטאָל. דאָס איז די סאָציאַלע רעוואָלוציע. דאָס איז די כלה, צו וועלכער איר זענט פאַרקנסט. און דער, וואָס אַנטלויפט פון אונטער דער חופּה, דער איז אַ פּחדן, זאָלט איר מיר מוחל זיין פאַרן שאַרפן וואָרט.

חבר אַנאַטאָל האָט אים געלאָזט אויסרעדן, און האָט ווי אַמאָל באַטראַכט, נישט אָן ווייל-וועלן, זיין גרויסע באַגייסטערונג. דערביי האָט מירקין זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם שפּאָטישן שמייכל, וואָס ער האָט אַפילו אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט געזען שפּילן אויף חבר אַנאַטאָלס ליפּן.

— יאָ, ווען עס וואָלט זיך נאָר געווען געהאַנדלט אין אַ חתונה-פּאַראַד, — לאַכט חבר אַנאַטאָל. — אויף אַ חתונה לאָזט זיך מיטשפּילן, מיטטאַנצן, מיטפּאַטשן מיט די הענט. מיר אָבער, יונגערמאַן, זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם ווייב, וואָס מיר נעמען. מיר זענען די, וואָס ווילן טראָגן אַ טאָג נאָך דער חתונה די אחריות. דאָ האַנדלט זיך וועגן פירן אַ לעבן, וועגן פּרנסה געבן, וועגן קינדער־האָבן. נאָר גענוג רעדן מיט סימבאָלן. עס איז נישט קיין ווונדער, — זאָגט פּלוצלינג חבר אַנאַטאָל ביטער, — וואָס דווקא די זענען איצט געוואָרן אַזוי פאַרקאָכט, וועלכע האָבן ביז צו דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש נישט געהאַט קיין פעסטן באַשטאַנד אין דער אַרבעטער־זאַך, — איך מיין אייך, חבר מירקין, און אַזוינס גלייכן, — ביי וועלכע דער סאָציאַליזם, די רעוואָלוציע איז נישט געווען פאַרבונדן מיט זייער לעבן, נאָר געווען אַ לוקסוס־זאַך, — זאָל זיין אַ גייסטיקער לוקסוס, אָבער דאָך נישט קיין טאָג-טעגלעך ברויט. איך געדענק דאָך אייער געשפּרעך אַמאָל מיט מיר, חבר מירקין, דווקא די קאָנען זיך אַזוי לייכט אַרויפכאַפּן אויפן וואָגן, דווקא די זענען מיטאַמאָל געוואָרן הייסע רעוואָלוציאָנערן, ווייל אייך קאָסט עס גאָרנישט. עס איז אַ חתונה, זאָגט איר. ביי אונדז איז די רעוואָלוציע נישט קיין חתונה, נאָר אַ פאַראַנטוואָרטלעך לעבן, אַ טאָג־טעגלעך לעבן, איר פאַרשטייט? מיר, וואָס אַקערן דאָס

פעלד טריט־ביי־טריט, וואָס באַטרינקען עס טראָפּנווייז, — מיר קאָנען נישט שפּרינגען. מיר זענען פּאַרקנסטט, חבר מירקין, אויף דאָס לעבן לאַנג. די רעוואָלוציע — דאָס איז אונדזער ווייב און קינדער. מיר האָבן גע־שלעפּט דעם וואָגן ביז איצט, שריט־ביי־שריט. מיר קאָנען נישט שפּרינ־גען, חבר מירקין, ווען מיר זעען אַ טיפן אָפּגרונט. מיר טראָגן אויפן קאַרק אַן אחריות. מיר זענען באַווייבטע מיט דער אַרבעטער־זאַך, און קיין שום שטערונג, סיי פון רעכטס, סיי פון לינקס, קאָן נישט אָפּשטעלן אונדזער פּאַמעלעכן, אָבער זיכערן וועג צום ציל, ווייל מיר גייען נישט אויף חתונות.

מירקין האָט זיך דערשראָקן פאַרן פייער, וואָס האָט זיך אָנגעצונדן אין חבר אַנאַטאָלס אויגן. ער האָט אים נישט דערקענט. דער בלייכער איינגעהויקערטער אַנאַטאָל איז מיטאַמאָל פאַר אים אויסגעוואַקסן און איז העכער געוואָרן.

— אפשר דערפאַר, וואָס מיר זענען נישט געווען קיין איינגע־פלאַנצטע, איז אונדז לייכטער געווען צוצוקומען צום היינט, איידער די, וואָס זענען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן אין זייער וועג? מען זאָגט, אַז יונגע פּויערים קאָנען זיך פיל פריער צופּאַסן צו מאָדערנע אַקער־מעטאָדן, איי־דער די איינגעזעסענע, וואָס מײַ:ען אַלץ, אַז אַ הילצערנער אַקער, צוגע־שפּאַנט צו אַ קו, איז צוגעפּאַסט אויפצואַקערן די ערד. טראַדיציע, חבר אַנאַטאָל, איז טיילמאָל אַ שטערונג פאַר פּראָגרעס. אונדזער גאַנצע קול־טור ליגט אונטערן יאָך פון דער טראַדיציע.

— דאָס זענען אַלץ ווערטער, — זאָגט פּלוצלינג חבר אַנאַטאָל. — איך וויל אייך פרעגן אַ פּשוטע פראַגע, נישט געקוקט אויף אייער איצ־טיקער שטעלונג, וואָס איך צווייפל נישט אין איר אויפריכטיקייט, — זאָגט ער שוין רואיק. — צי פאַרטעסטירט נישט אין אייך אייער פּשוט פּרימיטיוו מענטשלעך געפיל פאַר גערעכטיקייט קעגן דעם אַלעם, וואָס טוט זיך דאָ אָפּ און וואָס קומט אייך, בלי־ספק, אויס צוצוזען טאָג־טעג־לעך ביי אייער באַשעפטיקונג? האָט זיך אייער האַרץ נישט געקאַרטשעט פאַר צער, צוקוקנדיק באַטש, ווי סאָלדאַטן און רויע יונגען (וואָס מען ווייסט נישט, וואָס עס וועט פון זיי מאָרגן ווערן), האָבן צעטריבן די אויסדערוויילטע פון פאָלק?

— געוויס, געוויס טוט עס ווי צוצוזען. נאָר דאָס זענען געבורטס־

ווייען פון אַ נײַ לעבן, וואָס קומט אָן. מיר דאַרפן דאָס איבערקומען, גובר זײַן.

— גובר זײַן, איבערקומען? איין זאַך וועל איך אײַך זאָגן, יונגער־מאַן, — האָט אים איבער חבר אַנאַטאָל. — איר זענט אַמאָל געקומען צו מיר, און איר האָט מיך געפרעגט וועגן העכערן זין פון אונדזער טון. פאַרגעסט, וואָס איך האָב אײַך דענסטמאָל געזאָגט. פאַרגעסט די ביטערע פאָרווורפן, וואָס איך האָב אײַך הײַנט געמאַכט, נאָר איין זאַך געדענקט, היט עס ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי דעם גרעסטן אוצר, און דאָס איז — דאָס פּרימיטיווע געפיל פון יושר און אמת, וואָס לעבט אין אונדז. דאָס איז דער העכסטער זין פון סאָציאַליזם, אויף דעם שטייט אַלץ, אויף דעם שטייט אונדזער מענטשהייט. דאָס איז אונדזער געטלעכקייט. אַ סך פון אײַערע חברים רײַסן איצט אַרויס דאָס דאָזיקע פּרימיטיווע גע־פיל פון זייערע הערצער מיט אײַזערנע צוואַנגען. אויף דעם אָרט ווילן זיי אײַנפלאַנצן טויטע דאָגמען. די וועלט האָט שוין אַמאָל געזען, צו וואָס מענטשן דערגייען, ווען זיי פאַרבייטן דאָס פּרימיטיווע געפיל פון גערעכטיקייט אויף אַ דאָגמען־אינקוויזיציע!

— איר, חבר אַנאַטאָל, רעדט וועגן פּרימיטיוון געפיל פון גערעכ־טיקייט? ווי קומט עס צו אײַך?

— דאָס איז דאָס נײַע, וואָס כ'האָב געלערנט אין דער רעוואָלוציע. האָט מיר אַ גומע נאַכט.

און מירקין האָט געזען, ווי זײַן לאַנגער, שמאָלער, דורכזיכטיקער שאָטן ציט זיך אויס איבערן באַשנייטן ברוק.

## קאַפּיטל 6

# אַ באַגעגעניש מיטן פּאָטער

אַז זאַכאַרי מירקין איז אַמאָל אַרײַנגעקומען אין קאָמיסאַריאַט פאַר פאָלקס־ווירטשאַפט, אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן נײַער באַשעפטיקונג, האָט זיך אים צווישן דער מענגע מענטשן, וואָס האָבן אָנגעפילט די קאָ־רידאָרן, די טרעפּ, די פאָדער־צימערן פון דער גרויסער געביידע, געוואָרפן

אין די אויגן א באקאנטע פיגור. די פיגור איז געזעסן פארזונקען אין זיך אליין אויף איינער פון די בענק און האט געווארט. ער האט דער־קענט אין דער פיגור זיין פאטער.

דער אופן זיצן פון זיין פאטער האט באלד געגעבן א קלעם־צו זיין הארץ. ער האט נאך זיין פאטער קיינמאל נישט געזען אין דער פאזע פון א צעבראכענעם מענטש. ער האט שטענדיק געטראגן אין זיין דמיון דעם פאטערס געשטאלט: א הויכער, א שטאלצער, א שטרענגער, און גוטע און שלעכטע צייטן, האלטנדיק אויף א געוויסער דיסטאנץ אפילו אייגענע.

דער מאן, מיטן גראען קאפ אנגעלענט אויף די הענט, א פארזארג־טער, אן איינגעהויקערטער, איז געווען פאר מירקינען אזוי אומבאקאנט, אזוי פרעמד, אז ער האט באלד פארגעסן אין דעם תהום, וואס ליגט צווישן זיין פאטער און אים, און ער האט דערפילט אן אומבאגרענעצטן צער און רחמנות אויף אים.

ער איז פלינק אדורך דאס פאדער-צימער, אז ער זאל נישט ווערן באמערקט. מיט זיינע געשעפטן האט ער זיך שוין נישט געקאנט אפגעבן. ער האט זיך אויסגעמישט מיטן עולם, זיך באהאלטן אין א ווינקל און האט פון דארטן באטראכט זיין פאטערס פנים, וועלכן עס איז אים געווען שווער אינגאנצן צו זען, מחמת דער אלטער מירקין האט געהאט פאר־שטעלט זיינע באקן מיט די דלאניעס פון זיינע הענט, אויף וועלכע עס האט גערוט זיין קאפ. דאך האט ער געקאנט גאנץ גוט זען, אז זיין פא־טער איז שוין געווארן אינגאנצן אן אלטער, צעבראכענער ייד. די בארד, וואס מירקין האט נאך גוט געדענקט אלס א געלע, איז שוין געווען אינ־גאנצן גרוי. די צוויי שפיצן זענען זיך צוזאמענגעוואקסן, פארפלאנטערט, אויסגעמישט. די לויזע טארבעלעך פון זיינע אויגן זענען איצט נאכמער שלאבעריק געווען. זאכארי האט באשלאסן אים נישט אפצולאזן פון אויג, נאכצוגיין אים און געוווירר ווערן, וואס עס טוט זיך מיט אים.

דער פאטער איז אים נישט ארויס פון זינען פון דער ערשטער מי־נוט, ווען ער האט אים אנגעטראפן צווישן די באלאגערטע אין האטעל „מעטראפאל". אבער די נייע סביבה, אין וועלכער מירקין האט זיך גע־פונען אלס טעטיקער קאמוניסט, איז נישט געווען צוגעפאסט, אז מען זאל זיך אין איר קאנען אפגעבן מיט געדאנקען וועגן גורל פון א פאטער א בורזשוי, א שונא פון דער רעוואלוציע. איצט, ביים אנטרעפן זיך אויג

אויף אויג, זענען מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן אַלע חילוקים, אַלע טאָלן, וואָס ליגן צווישן זיי. עס איז אָפּגעווישט געוואָרן דער שוים פון דער ביטערקייט, וואָס די פאַרגאַנגענהייט האָט אָנגעמידליעט. דאָס דאָזיקע פּנים איז אים געוואָרן מיטאַמאָל דאָס נאָענטסטע, דאָס אייגנסטע, וואָס ער האָט אין זיין לעבן. די שרעק פאַרן פאָטער איז פאַרשוווּנדן. עס איז נישט געווען מער וואָס מורא צו האָבן פאַרן אַלטן, פאַרלוירענעם, וואָס זיצט דאָרטן. איצט האָבן זיך אַלע באַנדן אויפגעלייזט, און עס איז איבערגעבליבן בלויז קינדער־ליבע און נאָענטסטע צוגעבונדנקייט.

מירקין האָט געוואָלט צוגיין צו אים, זיך געבן צו דערקענען. אָבער דאָ איז נישט געווען דאָס פּאַסיקע אָרט דערפאַר, און ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אָפּוואַרטן, ביז דער פאָטער וועט דאָס הויז פאַרלאָזן.

לאַנג האָט געדויערט דאָס וואַרטן. מירקין האָט געזען, ווי דער אַלטער, פאַרביטערט איבער עפּעס, גיט זיך מי צו באַקעמפן די דערנידערונג, צו וואַרטן. אַזוי לייכט איז עס אים אָבער נישט אָנגעקומען. דער אַלטער מירקין האָט זיך אַ פּאָר מאָל אויפגעשטעלט, ווי צום אַוועקגיין. דאָך איז ער צוריקגעקומען און האָט געפונען זיין אָרט שוין פאַרנומען פון אַן אַנדערן וואַרטנדיקן. די לופט איז דאָ געווען נישט צו דערטראָגן פון די פילע מענטשן, אַ שטיקנדיקע און אַ לאַנגווייליק־קאַזאַרמישע, ווי אין אַלע קאָרידאָרן פון קאַנצעלאַריעס. דאָ איז נאָך צוגעקומען אַן אָנגעצויגענע געשפּאַנטקייט, וואָס די אַנגסט און אומזיכערקייט האָבן צוגעגעבן דעם וואַרטן. אַן אומבאַוווּסטע שרעק האָט דאָ געווירקט אָנשטעקיק, האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון איינעם צום אַנדערן. ביי אַלעמען האָט זיך דער קאָפּ געשפּאַלטן פון ווייטיק, וואָס מען האָט אָנגעזען פון די אויפגעלעבטע, אָנגעשטרענגטע פּנימער, פון וועלכע ס'האָט געשלאָגן מיט אַ קרענקלעכער נערוועזיטעט.

דאָ און דאָרט האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַ פּרוי אַ פאַרשטיקטער קרעכץ. האָבן שוין אַנדערע אָנגעהויבן צו הוסטן. מירקין האָט נישט פאַרשטאַנען, פונוואַנען עס נעמט זיך די דאָזיקע שרעק און די אומרואיקייט ביי די מענטשן. דאָס וואָס איז געשען איז דאָך די העכסטע דערגרייכונג! עס איז דאָך די רעוואָלוציע! וואָס טוט זיך דאָ אַזעלכעס? עפּעס אַ מיספאַרשטענדעניש, צי וואָס?

ענדלעך האָט ער באַמערקט, ווי עפּעס אַ חוצפּהדיק ייִנגל שרייט־אָן

זייער גראָב אויף זיין פּאַטער. עס האָט אויפגעפלאַקערט אין אים אַ כעס, ער האָט געוואָלט זיך וואַרפן אויפן יינגל מיט די קולאַקעס. און ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט איבער זיין פּלוצלינגדיקער פאַרענדערטקייט. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך צוריקגעהאַלטן. ער האָט געזען, ווי זיין פּאַטער ווערט מיטן יינגל פאַרשווּנדן אין אַ טיר. עס האָט געדויערט פינף מינוט, צען מינוט, מירקין באַאומרואיקט זיך, וויל אַריינלויפן אַהין, וווּ עס איז פאַרשווּנדן זיין פּאַטער. ער טראַכט איבער: אפשר וועט עס מאַכן ערגער? מאַכט ער אָפּ ביי זיך: ער וועט אָפּציילן פינף הונדערט. ווען זיין פּאַטער וועט דעמאָלט נישט אַרויסקומען פון יענער טיר, גייט ער אַריין.

ווי ער באַשליסט דאָס ביי זיך, זעט ער דעם פּאַטער אַרויסקומען. זיין פּנים איז אָן אַן ערך באַלעבט, מיט אַרויסגעשלאָגענע, פלאַמיקע, רויטע פלעקן. די שפּיצן באָרד — שטייפער, און מיט אַ דערהויבענעם קאָפּ, מיט אַ פעסטן גאַנג גייט ער מיט איילנדיקע טריט צום אַרויסגאַנג, און מירקין הינטער אים.

אין דרויסן האָט געהערשט אַ בין־השמשות־שטימונג. נישט צוליב דעם, וואָס דער טאָג האָט געהאַלטן אין פאַרזינקען. עס איז נאָך געווען אין די פריע פאַרמיטאָג־שעהען. דער טאָג איז געבוירן געוואָרן אַ בין־השמשותדיקער. פון פרימאָרגן אָן איז געשטאַנען אין דער לופט אַ גע־דיכטע, וואָלקנדיקע שנייקייט. איצט האָט שוין דער שניי געשאָטן. גע־דיכטע שטיקער וואַטע זענען געפאַלן משופּעדיק, זיגזאַגיש, געשפּונענ־נעצן. מען האָט זיך געפילט אַריינגענומען אין אַן ענגן חלל, וועלכן די געדיכט־פאַלנדע שניי־פליטערלעך האָבן געהאַלטן אין איין פאַרוועבן.

מירקין האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט פאַרלירן דעם פּאַטער פון בליק. ער האָט איצט גאַנץ נאָענט נאָכגעאיילט הינטער אים. די טראַמוויי־סטאַציע איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן, האָט זיך דער פּאַטער פון איר אָפּגעקערט. דער פּאַטער האָט, צוליב עפּעס אַ סיבה, נישט גענומען קיין שליטן, וועלכן עס איז אגב אויך נישט געווען צו זען. ער איז געגאַנגען צו־פוס, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון זיין פּעלץ. די ווייסע שניי־פליטערלעך זענען אים געפאַלן איבערן רוקן און פּלייצע. דער פּאַטער איז באַלד אינגאַנצן באַדעקט געוואָרן. דאָך איז ער ווייטער געגאַנגען. נאָר איצט איז שוין דער רוקן נישט בלויז געפאַלן אונטערן

יאָך פון אַלטקייט, נאָר עס האָט זיך מירקינען אויסגעדאַכט, אַז דער פּאַ־טער טראָגט אויף זיך אַ זאַק מיט שניי, און ער ווערט וואָס אַמאָל קלע־נער, קאָרטשעט זיך איין און באַלד וועט אים דער שניי איינגאַנצן צו־דעקן. דאָך האָט מירקין נישט געפונען אין זיך גענוג מוט צוצוטרעטן צו אים. כאָטש ער איז אים שוין נאָכגעגאַנגען אַ היפּשע ווײַלע און גע־האַלטן אין איין שעפּטשען הינטער אים „פּאַפּאָטשקע, פּאַפּאָטשקע, פּאַ־פּאָטשקע", אָבער אַזוי שטיל, אַז ער האָט קוים דערפילט דאָס וואָרט אויף די ליפּן. ער אַליין האָט עס קוים דערהערט. ענדלעך האָט דאָס רחמנות־ און ליבע־געפיל אים גענומען מיט, און ער איז האַרט צוגעטראָטן:

— פּאַפּאָטשקע! — האָט ער אויסגערופן, און אַ נאַרישער שמייכל איז געשטאַנען אויף זײַנע ליפּן.

— וואָס איז דאָס? — האָט זיך אומגעקוקט דער אַלטער מירקין, און מיטאַמאָל האָט זיך זײַן געשטאַלט, האַלטונג און פּנים געענדערט, ווי עס וואָלט דורך אַ צויבער־וואָרט אַרויסגערופן געוואָרן אַ פאַרוואַנדלונג.

דער פּאָטער איז העכער געוואָרן. עס איז פאַרשוווּנדן דער הויקער און דער זאַק פון די פּלייצעס. דאָס פּנים איז פון ווינט און אויפרעגונג רויט־באַלעבאַט געוואָרן, אַזוי אויך זײַנע צוויי פאַרשנייטע שפּיצן־באָרד. עס האָט מירקינען מיטאַמאָל אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן באַקומען צוריק זייער יוגנטלעכן געלן קאָליר.

די אויגן האָבן נאָר אַ ביסל מטושטש אַרויסגעקוקט פון די פאַר־שנייטע הייטלעך. מיט אַ באַוועגונג פון דער האַנט האָט ער אָפּגעמאַכט די שניי־פּליטערלעך פון זײַן פּנים. דערקענט זײַן זון, האָט דער אַלטער גענעבן אַ כעסדיקן שאָקל מיט די אַקסלען, נישט אַרויסצורעדן אַ וואָרט. אָן אים צו שענקען אַ בליק, האָט דער פּאָטער ווייטער געשפּרייזט מיט פעסטע טריט.

נאָר מירקין איז אים שוין פאַראויסגעלאָפן און געהאַלטן אין איין קוקן אין פּנים אַריין, געהאַלטן אין איין שעפּטשען דאָס וואָרט „פּאַ־פּאָטשקע".

— וואָס ווילסטו? גיי צו דײַנע! דאָס טרעפן זיך מיט מיר קאָן דיר נאָך שאַדן, — האָט געזאָגט דער אַלטער מירקין און ער איז ווײַ־טער געגאַנגען.

זאַכאַרי האָט זיך געמיט אָנצוהאַלטן מיט אים דעם טריט.

— איך האָב נישט קיין מורא. איך וויל וויסן, ווי עס גייט דיר.

דער אַלטער האָט אים נישט אָפּגעענטפערט און איז ווייטער גע־גאַנגען מיט שטאַרקע טריט.

— פּאַפּאָטשקע! — האָט מירקין נישט אויפגעהערט אים נאָכצו־רופן אין איילנדיקן גאַנג.

און אַז דער פֿאָטער האָט אים ווידער נישט אָפּגעענטפערט, האָט אים מירקין געפּרוווט אָננעמען ביי דער האַנט.

— אַנטלויף נישט, איך בעט דיך.

דער אַלטער, אַזוי ווי ער וואָלט געריירט געוואָרן פֿון זיין קינדס אומבאַהאָלפֿנקייט, האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט צום זון, כאָטש שוין נישט מיט כעס, ווי פֿריער:

— איך פֿאַרשטיי דיך נישט... אַז מען באַלאַנגט צו עפּעס, מוז מען זיך אָן דעם האַלטן. איך בין אַ בורזשוי. דו דאַרפֿסט זיך נישט נאָכפֿרעגן וועגן מיר. עס קאָן דיר ברענגען שאָדן.

— פּאַפּאָטשקע! — האָט מירקין געקוקט דעם פֿאָטער אין פּנים אַריין.

דער אַלטער האָט זיך איצט אָפּגעשטעלט, געקלערט עפּעס, געשלאָגן זיך אין דער מחשבה, און ענדלעך געפֿרעגט מיט אַ בייזערדיקער גרימאַסע:

— וואָס ווילסטו וויסן?

— ווי גייט עס דיר? ווי פֿילסטו זיך?

— מיר איז גאָרנישט. אַלץ איז אַזוי ווי עס דאַרף זיין, לויט דעם פּראָגראַם. נאָר סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטשן האָבן זיי אַרעסטירט.

— סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטשן? דעם באַרימטן אַדוואָקאַט האַלפּערין? פֿאַרוואָס?

— ער האָט צו־אָפֿן אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג.

— פֿאַר אַ מיינונג? — וווּנדערט זיך מירקין. — ביי אונדז שטראָפֿט מען נישט פֿאַר מיינונגען, נאָר פֿאַר מעשׂים. ווער האָט אים אַרעסטירט?

— דאָס ווייס איך נישט. דאָס איז שוין אייער זאַך. אַרעסטירט האָט אים אָסיפּ מאַרקאָוויטש.

— ווער איז דאָס אַזעלכער?

— דאָס איז מישענקעס אַמאָליקער חבר. איצט איז ער קאָמיסאַר און רעקוויזיטאָר. ער האָט צוגענומען ביי די האַלפּערינס די וווינונג.

— ער האָט דאָס נישט געטון אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט. דאָס האָט אים עמיצער געהייסן.

— דאָס ווייס איך נישט. וואָס קאָנסטו טון וועגן דעם? איך באַ־אומרואיק זיך זייער וועגן זיין גורל, — האָט דער אַלטער געענדערט זיין טאָן.

— איך פאָר באַלד צום יוסטיץ־קאָמיסאַר. איך וויל דיך נאָר אַהיימ־ברענגען.

— מיך אַהיימברענגען? צו וואָס?

— דו זעסט אויס נישט געזונט, עס שנייט.

— מיט מיר האָסטו זיך נישט צו באַשעפטיקן. איך קאָן אַליין מיין שטעטל באַשטיין. זע וואָס דו קאָנסט טון וועגן סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש.

— איך גיי באַלד. איך וועל נאָר רופן אַ שליטן, אַז דו זאָלסט אַהיימפאָרן.

— איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, וועגן מיר האָסטו נישט וואָס צו זאָרגן. איך קאָן אַליין אַכטונג געבן אויף זיך. ווען דו קאָנסט עפּעס טון פאַר סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש, האָט דיך גאָט אַליין צוגעשיקט.

— איך גיי זאָפאָרט, ווו קאָן איך דיך טרעפן?

— ביי סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש אין דער וווינונג. ניין, ביי אָסיפּ מאַרקאָוויטש אין דער וווינונג. זי באַלאַנגט שוין נישט צו אונדז.

— נעם אַ שליטן, פּאַפּאָטשקע, און פאָר אַהיים.

— גענוג! — איז דער אַלטער געוואָרן בייז, און זיינע באַקן האָבן זיך אָנגעבלאָזן. — גיי! — און פאַר זיך האָט ער צוגעלייגט: געמאַכט רעוואָלוציעס און געבליבן אַ יינגל.

ביים יוסטיץ־קאָמיסאַר, אין דעם פּאַלאַץ פון דעם געוועזענעם רו־סישן יוסטיץ־מיניסטער, פון וואַנען עס איז אַרויסגעגאַנגען די אומגע־רעכטיקייט פאַר רוסלאַנד, האָט מירקין אָנגעטראָפן די קאָרידאָרן, אַזוי ווי אין די אַמאָליקע אַלטע ציימן, אָנגעפּאַקט מיט וואַרטנדע „בעטער“. נאָר דאָסמאָל זענען זיי געווען פון דער העכערער רוסישער געזעלשאַפט. פרויען פון הויכע באַאַמטע, פון גרויסע קאַפּיטאַליסטן, פון מיליטערלייט און אַנדערע שטיצער פון דעם אַלטן רעזשים, וואָס די נייע אָרדענונג האָט פאַרפאָלגט.

קרובים זענען געקומען בעטן פאַרלייכטערונגען פאַר זייערע נאָענ־

טע אין די תפיסות. די פרויען, נאָך אָנגעטון אין פּאַרנעמען שוואַרץ, האָבן זיך אויפגעפירט פּונקט אַזוי ווי די אַמאָליקע אומדערצויגענע „אינטעליגענטן". די צרות האָבן אַרויסגעקוקט פון די רויטע אויגן, און דאָס געמיט — פון די צעהיצטע פּנימער. זיי האָבן זיך פּונקט אַזוי ווי די פּראָסטע מוטערס פון די אַמאָליקע פּאַרפאָלגטע, נישט געשעמט אַרויסצווייזן פאַר אַלעמען זייערע אומגליקלעכע, פאַרוויינטע פּנימער. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט אַ ביטערער קרעכץ, וועלכער האָט געווירקט, פּונקט ווי צווישן די פּראָסטע מענטשן, אָנשטעקיק. און עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ פאַרשטיקט הוסטן און אַן אונטערגעדריקט שלוכצן.

דער יוסטיץ־קאָמיסאַר, אַ מטושטשער יונגערמאַן, וואָס האָט באַזעצט די דאָזיקע הויכע שטעל נאָר דערפאַר, ווייל זיין פּאַרטיי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די באָלשעוויקעס, און ער איז פון איר געוואָרן דעלעגירט, האָט נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים גאָרנישט אָנגעפרעגט, אָפּגעטון די שרעקלעכסטע פאַרברעכן הינטער זיין רוקן. זיין אידעאַליסטיש געוויסן האָט אים געפּלאָגט, און ער איז דורך דעם געווען שטענדיק נערוועז.

אַז ער האָט דערהערט וועגן דעם אַדוואָקאַטס אַרעסט, איז ער פּשוט אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול:

— ווער האָט זיך עס דערוועגט? איך האָב נישט אַרויסגעגעבן קיין באַפעל. דאָס האָט צו טון מיט גאָראָכאָוואַיאַ. זיי האָבן שוין נישט איינמאָל מיר אַזעלכעס אָפּגעטון. — און מיט אַ זשעסט פון אויטאָריטעט האָט ער געכאַפּט דאָס טעלעפאָן־רערל און זיך געהייסן פאַרבינדן מיטן קאָמיסאַר גראַוויצקי:

— ווער איז דאָ יוסטיץ־קאָמיסאַר, איך צי איר? איך וועל נישט לאָזן אָפּטון אַזעלכע זאַכן הינטער מיין רוקן!

עס זעט אויס, אַז פון דער צווייטער זייט האָט מען זיך ווייניק וואָס דערשראָקן פאַר דעם אויטאָריטעט פון יוסטיץ־קאָמיסאַר. מען האָט אים געזאָגט עפּעס אַזעלכעס, פון וואָס דער יונגערמאַן איז געבליבן אָפּהענטיק. אַ פאַרלוירענער האָט ער געזאָגט צו מירקינען:

— זאָגט אַליין, וואָס זאָל איך טון? איך בין טאַקע יוסטיץ־קאָמיסאַר, נאָר די רעוואָלוציע איז שטאַרקער פון מיר. איך קאָן מיר גאָרנישט

העלפן. נאָר אַזוי ווייטער וועט עס נישט גיין. איך וועל עס באַריכטן צו מיין פּאַרטיי. מיר וועלן אַרויסטרעטן, איך וועל רעזיגנירן, — האָט ער געהאַלטן אין איין אָפּשרעקן.

מירקין האָט נישט געהערט זיינע סטראַשונקעס. ער איז שוין געווען אויפן וועג צו דער גאָראָכאָוואַיאַ.

אין הויז פון דעם פּעטראָגראַדער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט ער נאָכמער אָנגעטראָפן וואָרט:דיקע מענטשן, ווי אין די פריערדיקע געביידעס. דאָס דאָזיקע הויז איז שוין געווען באַשאָפן פאַר צרות. אַזוי ווי אַמאָל, אין די אַלטע, גראַדאָנאַטשאַלניקעס צייטן, זענען די טרעפּ, די קאָרידאָרן די וואַרט־זאַלן געווען איבערגעשווענקט מיט אומגליקלעכע מענטשן. פאַרשידן זענען זיי דאָ געווען. רייכע, פּאָרנעמער מיטלשטאַנד, און אויך אָרימע. ווי ביים יוסטיץ־קאָמיסאַר זענען אויך דאָ געווען מייסטנס פרויען. טייל זע־נען געווען אין שוואַרצן, אַנדערע אין געוועגלעכער בירגערלעכער קליידונג, און אויך אין אָרימע פּאָלקס־טיכער. און ווי אומעטום, האָט אויך מירקין דאָ באַמערקט די אַנגסטיקע שרעק, וואָס קוקט אַרויס פון די רויטע אויגן, די נערוועזע צעהיצטע פּנימער, און ער האָט פאַרנומען די פאַרשטיקטע קרעכצן.

ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך, פונוואַנען עס נעמען זיך די שרעק און אַנגסט פאַר די אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציע. עס איז דאָך זייער מאַכט? עס איז דאָך דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט? ווער יאָגט דאָס אַריין דעם פּחד ביי בירגער פאַר דער רעוואָלוציע? און אפשר שטייען זיי פאַר מיין טיר אויך אַזוי אין מאָסקווע, מיט צעשראָקענע אויגן און מורמלענדיקע ליפּן? דאָס וואַרפט אָן אַ שרעק אויף מענטשן די מאַכט. אויב אַזוי, טאָ צו וואָס מאַכט? פּאַרטיליקט זאָל ווערן יעדע מאַכט! — האָט ער אויסגעשריגן.

דער קאָמיסאַר פון דער הויפּטשטאָט איז געווען אַ יידישער יונגער־מאַן, וועלכער איז ערשט נאָך „אָקטאָבער" צוגעשטאַנען צו די באָלשעווי־קעס, ווי פילע פון זיינס גלייכן. אַלס אַזעלכער, האָט ער זיך געוואָלט אויספּיינען. דאָס היטל האָט שטענדיק געברענט אויף אים, ווי אויף יעדן גנב: אפשר איז ער נישט כשר גענוג? אַמאָל, פאַר די באָלשעוויקעס, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ שוואַכקייט צו אידעאַליזם, — און כדי זיך און אַנדערע

צו איבערצייגן, אז ער האָט מיט זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט איבערגע־האַקט, האָט ער, ווי אַ שיכור אין שיכרות, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער פּאַרטיי. ער האָט גענומען אויף זיך די שווערסטע און שמוציקסטע שטיק־לעך אַרבעט און עס אויסגעפירט מיט אַן אכזריותדיקער קאַלטקייט, ווי ער וואָלט געוואָלט איבערצייגן אַלעמען אין זיין כאַראַקטער־שטאַרקייט.

פאַר די גרעסערע איז ער געלאָפן אויף אַלע פיר. פאַר קלענערע האָט ער, ווי יעדער פּחדן, ליב געהאַט אויסצושפּילן זיין קאַלטבלוטיקייט.

— אָ, חבר מירקין! זייער אַנגענעם זיך צו באַקענען. זעצט זיך, — האָט אים אויפגענומען אַ יונגערמאַן הינטער דעם ברייטן טאָפּלטן מאַהאָ־ני־שרייבטיש, און אָנגעוויזן פאַר אים אַ טיפן פאָטער־שטול. — מיט וואָס קאָן איך אייך דינען, חבר מירקין? — האָט געזאָגט דער יונגערמאַן מיט יענער זיכערקייט און זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, ווי ער וואָלט זיין גאַנץ לעבן גאָרנישט אַנדערש געטון, נאָר געוווינט געווען צו זיצן הינטער דעם טאָפּלטן מאַהאָני־שרייבטיש, אין דעם אומהיימלעכן גרויסן קאַבינעט, — דעם קאַבינעט, וואָס האָט אָנגעיאָגט אַ שרעק אויף גאַנץ פּעטראָגראַד. קיין איין מוסקול האָט זיך נישט באַוועגט אין זיין פּנים, אַזוי ווי עס וואָלט געווען פאַרהאַרטעוועט הינטער אַ פּאַפּירענער מאַסקע. די ליפּן זענען געווען גוט פאַרבונדן איבער זיינע ציין, און ער איז געווען גרייט צו הערן.

— פון ווען אָן אַרעסטירט מען דאָס ביי אונדז פאַר מיינונגען? ווע־מען קאָן דאָס שאַדן, וואָס אַן אַלטער, היסטערישער מאַן, וועמען די רע־וואָלוציע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון בענקל, האָט זיך זיין מיינונג וועגן אונדז, אַז מען דאַרף אַזש אָננעמען אַזעלכע מיטלען? פאַרקערט, איך מיין, אַז אַזעלכע שריט — דאָס אַרעסטירן אַ פאַרביטערטן מענטש צוליב אַן אַרויס־געזאָגטער נאַרישקייט, קאָמפּראָמיטירט אונדז און ווייזט אַרויס אונדזער שוואַכקייט, אַזוי ווי מיר וואָלטן פאַר עפּעס מורא געהאַט.

דער יונגערמאַן האָט מיט אַ גוטמוטיקער צוגעשטימטקייט אויסגע־הערט רואיק מירקינס רייד. אויף זיינע טיף־פאַרשלאָסענע ליפּן האָט גע־שפּילט אַ קאַלט שמייכעלע, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:

דאָס אַלץ האָבן מיר שוין געהערט און מיר ווייסן. מיר הערן עס נאָר אויס צוליב העפלעכקייט.

— דער חבר מיינט אוודאי דעם ענין פון אדוואָקאַט האַלפּערין? דאַכט זיך, אויב איך בין זיך נישט טועה, אייערער אַ קרוב צו אַ מחותן? — זאָגט ער אין אַ רואיקן טאָן, אַזוי ווי ער וואָלט דערביי גאָרנישט געמיינט, נאָר גלאַט אַזוי.

— וואָס פאַרא חילוק, אַ קרוב אָדער נישט? איך ווייס, אַז דער אַד־וואָקאַט האַלפּערין האָט שטענדיק פּאַרטיידיקט רעוואָלוציאָנערן. איך אַליין בין געווען ביי אים אַ העלפער, און איך ווייס גוט וועגן זיין טעטיקייט אין די צאַרישע צייטן.

— געוויס, געוויס. מיר ווייסן עס אַלע. דווקא צוליב דעם איז ער מער געפערלעך פאַר דער רעוואָלוציע, ווי יעדער אַנדערער. ווען אַ מענטש אָן אַ רעוואָלוציאָנערער רעפּוטאַציע דריקט אויס אין דער עפנטלעכקייט עפּעס אומפּאַסיקס קעגן דער ראַטן־מאַכט, האָט עס קיין איינפלוס נישט. מיר קאָנען זיך פאַרגינען עס צו איגנאָרירן. אָבער ווען אַ מענטש ווי אַד־וואָקאַט האַלפּערין, וועלכן מען קען אַלס אַ פאַרטיידיקער פון רעוואָלוציאָנערע אידייען, אין די צאַרישע צייטן, ווי איר דריקט זיך אויס, חבר, ווען אַזאַ מענטש מיט אַזאַ רעפּוטאַציע זידלט פאַר אַלעמען, עפנטלעך, די רע־וואָלוציע און אירע אָרגאַנען, איז אַזאַ מענטש פאַר אונדז געפערלעך. אַזאַ מענטש מאַכט אַן איינדרוק אויף די מאַסן, באַקומט איינפלוס, צו זיינע מיינונגען הערט מען זיך צו. דאָס קאָנען מיר נישט פאַרשווייגן. מיר מוזן איינפלאַנצן ביי דער באַפעלקערונג אַכטונג און רעספּעקט צו דער ראַטן־מאַכט און אירע אָרגאַנען. צי מיינט דער חבר נישט אַזוי? — ווענדעט ער זיך אין זיין רואיקער האַלטונג, מיט אַן איינלאַדנדיקן שמייכל, צו מירקינען.

פון וואַנען האָט ער גענומען די דאָזיקע האַלטונג? — טראַכט ביי זיך מירקין מיט באַוווּנדערונג, און זאָגט הויך:

— אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט דער אַדוואָקאַט נישט באַליי־דיקט די ראַטן־מאַכט עפנטלעך. ער האָט נאָר אין אַן אויפגערעגטן צו־שטאַנד אויסגעדריקט זיין מיינונג פאַר אָסיפּ מאַרקאָוויטשן, וואָס איז געקומען רעקווירירן זיין וווינונג, און ווען מען דער אַדוואָקאַט האָט גע־קענט פון די פריערדיקע צייטן אין אַ גאַנץ אַנדערער ראָלע. מען דאַרף דאָך נעמען אין באַטראַכט אַ צושטאַנד.

— אָ, — האָט דער חבר קאָמיסאַר נישט געקאָנט אויסהאַלטן זיין רואיקע טאַקטיק און איבערגעהאַקט מירקינען, — אָסיפּ מאַרקאָוויטש איז אונדזער אַ זייער באַגלויבטער מיטהעלפער. ער האָט שוין נישט איין דינסט באַוויזן פאַר דער רעוואָלוציע. און וואָס עס איז געווען פריער זיין טעטי־קייט, אַרט אונדז נישט. מיר ווייסן, מיר ווייסן אַלץ, און מיר פרעגן אויך נישט ביי אַנדערע, וואָס זיי האָבן געטון פאַר „אָקטאָבער". די רע־וואָלוציע באַדאַרף מענטשן, און דער, וואָס וויל אונדז דינען, איז אונדז ווילקאָמען.

— אַלזאָ, מיט וואָס קאָן מיר דער חבר העלפן אין אַדוואָקאַט האַל־פּערינס ענין? איך זע, אַז אַ פּיל־קעפּיקער עולם וואַרט אין דרויסן אויפן חבר און איך וויל אים נישט באַרויבן זיין צייט.

— ליידער, מיט גאָרנישט. דער ענין געפינט זיך נישט מער ביי אונדז אין די הענט. ער געפינט זיך אין די הענט פון דעם קאָמיטעט פון פאַר־טיידיקער פון דער רעוואָלוציע. חבר מאַרעק האָט דערמיט צו טון.

מירקין איז בלייך געוואָרן ביים דערמאָנען דעם נאָמען. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און געוואָרפן די דאָזיקע ווערטער ווי ער וואָלט געוואָלט סטראַשען:

— אויב אַזוי, בלייבט מער גאָרנישט איבער, נאָר זיך צו ווענדן צו „סמאָלנע". אין „סמאָלנע", ווייס איך, האָט נישט איינער צו פאַר־דאַנקען זיין קאָפּ דעם אַדוואָקאַט האַלפּערין, וואָס ער האָט מיט זיין פעה־איקייט און צונג זיי אַרויסגעראַטעוועט פון דער צאַרישער תליה. כאָטש חבר ט... אַזעלכע זאַכן געדענקט מען.

ביי די ווערטער „סמאָלנע", „חבר ט.", איז דער חבר קאָמיסאַר גע־וואָרן ערנסט. אַ קאַלטע בלייכקייט האָט זיך אויסגעצויגן איבער זיין פּנים. ער האָט נאָך שאַרפער און שטאַרקער פאַרשלאָסן זיינע ליפּן, און זיין שטערן האָט זיך אָנגעהויבן צו רונצלען:

— נאָך וואָס באַאומרואיקן „סמאָלנע", — האָט זיך אָנגערופן דער קאָמיסאַר, — ווען אַ איינצלנעם מענטש? דער חבר ווייסט, אַז „סמאָל־נע" איז איצט שרעקלעך פאַרנומען מיט די פרידנס־פאַרהאַנדלונגען אין בריסק. נאָך וואָס זיי פאַרדרייען די קעפּ מיט אַן איינצלנעם מענטש? לאָז מיר דער חבר לאָזן זיך איבערלייגן.

דער קאָמיסאַר האָט געקנייטשט דעם שטערן און עפּעס געקלערט. מירקין האָט אים, צוליב דעם שטראַל האָפענונג, נישט געוואָלט אָפּענט־פערן.

— איך קום באַלד. זאָל זיך דער חבר אויפהאַלטן אַ מינוט.

ער איז אַריין אין אַן אַנדער צימער און געזוימט זיך אַ מינוט פינף. פּלוצלינג האָט מירקין, ווען ער איז געבליבן אַליין, באַמערקט אַ פּאָר אויגן אַרויסגלאַנצן פון אַ ווינקל און באַטראַכטן, אָפּוואַרטנדיק, יעדע באַ־וועגונג זיינע. ער האָט זיך אומגעקוקט און באַמערקט ערשט איצט, אַז זיי זענען נישט געווען אַליין: צו זייער געשפּרעך האָט זיך צוגעהערט אַ דריטער, וואָס מירקין האָט נישט געקאָנט זען ווי ער זעט אויס, ווייל ער איז געזעסן פאַרשטעקט אין טונקלסטן ווינקל.

אין אַ ווייל אַרום איז דער חבר קאָמיסאַר אַריינגעקומען מיט אַ פריי־דיק־שמייכלדיק פּנים און געזאָגט מירקינען:

— איר האָט גליק. איך האָב זיך נאָר־וואָס דורכגערעדט מיט די חברים. פאַר אונדז איז עס אויך זייער אומאַנגענעם. דער חבר פאַרשטייט. אַ מענטש מיט אַ רעפּוטאַציע. פּאַרטיידיקט רעוואָלוציאָנערן. עס איז זייער, זייער נישט אַנגענעם. ווען דער חבר וועט נעמען אויף זיך די פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר אים, וועלן מיר מיט פאַרגעניגן אַרויסגעבן דעם אַדוואָקאַט.

— דער בעסטער אויסוועג וואָלט געווען — אים צו געבן אַ פּאַס און אַרויסצולאָזן אין אויסלאַנד, — זאָגט מירקין.

— דאָס וועלן מיר נאָך זען. דער בעסטער אויסוועג וואָלט געווען, ווען דער חבר קאָן אים אַגיטירן, אַז ער זאָל אַריבער אויף אונדזער זייט.

— דאָס וועלן מיר אויך זען, — זאָגט מירקין אַ פריילעכער. — איך וועל עס יעדנפאַלס פּרובירן.

— טוט דאָס, חבר, — פאַלט אַריין אין דער זעלבער פריילעכער שטימונג דער חבר קאָמיסאַר.

— ווו איז ער? — פרעגט ענדלעך מירקין.

— איר קאָנט אים גלייך מיטנעמען. איך האָב שוין געגעבן דעם באַ־פעל אים אַרויסצוגעבן.

דער טעראָר האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן.

עס איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט אַרויסצוקריגן דעם אַדוואָקאַט האַלפּערין פון גראַדאָנאַטשאַלניקס תפיסה, ווו ער איז געזעסן, צייט חבר אָסיפּ מאַרקאָוויטש האָט אים, אין נאָמען פון פּעטראָגראַדער קאָמיסאַר, אַרעסטירט. דער אַדוואָקאַט האָט פּשוט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין קעלער־צעלע, און סאָלדאַטן האָבן געמוזט דערצו באַנוצן כוח. ער האָט געהאַלטן אין איין זידלען, אין איין שיטן קללות אויף דער סאָוויעטישער מאַכט, און ער האָט זיי גערופן מיט די שרעקלעכסטע נעמען:

— נאַ, שיסט מיך! שיסט, שטעלט־צו צום ווענטל! — האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין ברוסט.

מירקין האָט זיך זייער ערנסט דערשראָקן איבער זיין צושטאַנד, וואָס האָט געזאָגט עדות אויף אַ צעמישונג, און נאָך איבער די זידל־ווערטער פון אַדוואָקאַט, וואָס האָבן געקאָנט אַרויסברענגען די סאָלדאַטן פון זייער געדולד. ער האָט געפּרוווט די אויפרעגונג פון אַדוואָקאַט באַגאַטעליזירן און אויסלאַכן. ער האָט אָנגעוויזן די סאָלדאַטן מיט אַ ווונק און אַ ווייז אויפן שטערן, אַז דער אַדוואָקאַט איז נישט ביים ריכטיקן שכל. מירקינען האָט דער אַדוואָקאַט נישט געוואָלט געבן די האַנט און האָט אים אָנגערופן פאַר אַלע „פּאָדליעץ״, אויף וואָס מירקין האָט גוטמוטיק צוגעשמייכלט, און מיט זיינע שטאַרקע הענט געצווונגען דעם אַדוואָקאַט אַריינצוגיין אין שליטן, מיט וועלכן ער האָט אים אָפּגעפירט אַהיים צו זיך אין דער וווינונג.

עס איז שוין געווען נאַכט. זיי האָבן געפונען דעם פאָטער זיצן אין זייער שטיבל איינזאַם, אַליין און וועגן עפּעס נאָכקלערן. פאַרשטייט זיך, אַז דער אַלטער מירקין האָט זיך זייער דערפרייט מיטן אַדוואָקאַטס צוריקקומען, און פאַר גדולה האָט ער אַפילו אָנגעהויבן רעדן צום זון:

— איצט וואָלט געווען דאָס גלייכסטע, ווען דו קאָנסט פאַר אים אַרויסקריגן אַ פּאַס צו פאָרן קיין אויסלאַנד.

— און מיט דיר וואָס וועט זיין? וואָס פאַרא פּלענער האָסטו, פּאַפּאָטשקע? — האָט מירקין געפרעגט דעם פאָטער.

אין פאָטער האָט זיך צוריק דערוועקט זיין שטאָלץ. ער האָט אָפּגעמאָסטן דעם זון מיט אַ בליק פון אויבן ביז אַראָפּ, און אים אָפּגעענטפערט:

— איך בין נישט געוווינט, אַז יינגלעך זאָלן זיך פאַר מיר זאָרגן, און

נאָך דערצו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך וויניק־וואָס אינטערעסירט מיט מיר ביז איצט. דו גיי צו דיינע, מיט וועלכע דו האָסט זיך פאַרבונדן! איך קאָן זיך אַליין אַן עצה געבן, אַפילו קעגן דיינע.

— איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן, — זאָגט מירקין, און קוקט פאַר־עקשנט דעם פאָטער אין פּנים אַריין.

— דו ביסט אַ רעוואָלוציאָנער, איך בין אַ בורזשוי. ווי אַזוי קאָנסטו זיך אינטערעסירן מיט מיר? — זאָגט דער פאָטער אין אַ שפּאָטישן שמייכל.

— דאָס מאַכט נישט אויס. איך בין אָבער דיין זון.

— עקזיסטירן דען ביי אייך פאַמיליע־באַציאונגען? — איך האָב געמיינט, אַז נישט.

— ווי ביי וועמען, — ענטפערט אָפּ מירקין און קוקט דעם אַלטן רו־איק אין פּנים אַריין.

דער אַלטער האָט זיך עפּעס איבערלייגט:

— נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען. דערווייל גיי צו דיינע. אַז מען טוט אַ זאַך, דאַרף מען זי טון בשלימות. — און מירקין האָט דערפילט צום ערשטן מאָל, זינט אַ לאַנגער צייט, זיין פאָטערס פליישיקע האַנט אין זיינער, וועל־כע איז איצט געווען שלאַבעריק און קאַלט.

הינטער דער טיר, אינעם קאָרידאָר, האָט מירקין אָנגעטראָפן דעם יונגנמאַן אָסיפּ מאַרקאָוויטש, וועלכער האָט דורך דעם שליסל־לאָך נאָכ־שפּיאָנירט און זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, וואָס פאָטער און זון האָבן געפירט. מירקין האָט אים קוים געדענקט פונעם פליכטיקן זען אַמאָליקע יאָרן. דער יונגערמאַן איז איבעריקנס געווען אַזוי פאַרענדערט, אַז מירקין וואָלט אים סיי־ווי־סיי נישט דערקענט.

— וואָס האָט איר צו זוכן דאָ? — פרעגט אים מירקין אַן אויפגע־רעגטער.

— וואָס מיך אינטערעסירט! — האָט אים אָפּגעענטפערט דער יונ־גערמאַן רואיק, און געקוקט חוצפּהדיק מירקינען אין פּנים אַריין.

— צו פליסיק, חבר.

— נאָך נישט גענוג פלייסיק פאַר דער רעוואָלוציע! — האָט אים דער יונגערמאַן אָפּגעענטפערט דרייסט.

— וואָס זענט איר געווען פאַר „אָקטאָבער"? — פרעגט אים מיר־קין.

— וואָס איז דער חילוק וואָס איך בין געווען? איצט בין איך דאָס!

— ווייזט דער יונגערמאַן די רויטע פּאַרטיי־לעגיטימאַציע פון זיין בוזעם־טאַש. — און איר, חבר? — פרעגט מירקינען דער יונגערמאַן.

מירקין האָט אים נישט געקאָנט ענטפערן. ער האָט נישט געהאַט די רויטע פּאַרטיי־לעגיטימאַציע. ער האָט אים געלאָזט שטיין אָן אַן ענטפער און איז אַרויס פון דער וווינונג.

אויף מאָרגנס האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין מאָסקווע. אין האַרץ האָט ער דערפילט אַ פּוסטקייט, אין קאָפּ — אַ כאַאָס.

## קאַפּיטל 7

# די גרויסע אילוזיע

אין סמאָלנע, אין זיין גרויסן צימער, וואָס איז געווען באַוואַכט פון רויטע גוואַרדיסטן און סאָלדאַטן, איז געזעסן ביי זיין אַרבעטס־טיש דער מאַן מיט דער גלאַנציקער ליסינע. ער האָט געהאַלטן זיין מידן, שווערן קאָפּ אָנגעלענט אויף זיין האַנט; און מיט דער צווייטער, נישט דענקענ־דיק און נישט וויסנדיק, וואָס ער טוט, האָט ער אָפּגעקרישלט שטיקלעך ברויט פון אַ לעבל, וואָס עמיצער האָט אַוועקגעלייגט אויף זיין טיש, — געקייעט און געקלערט.

דאָס צימער איז נאָך פול געווען מיט עלעקטרישע שטראָמען, וואָס דער חבר ט., וועלכער איז ערשט אַרויס, האָט עס אָנגעצונדן מיט זיין ברענענדיקער ענערגיע. מיט זיין טויזנט גראַדיק אָנגעהיצטן טעמפּעראַ־מענט האָט ער איינגעטענהט מיטן „פירער" און אויפגעוויזן: אַז מען מוז דווקא און דורכאויס אָפּוואַרטן, נישט אָננעמען די שווערע באַדינ־גונגען פון בריסקער פרידן, ביז די דייטשן וועלן די רוסישע אַרמיי אָנ־גרייפן, כדי עס זאָל פאַר דער גאַנצער וועלט קלאָר ווערן, אַז די סאָוויע־טישע מאַכט „איז דורך גענעראַל האָפמאַנס שווערד געצוווּנגען געוואָרן אָנצונעמען די דיקטירטע תנאים". און דאָ האָבן די דייטשן נאָך פאַרן

טערמין איבערגעריסן דעם וואפנשטילשטאנד. זיי האָבן געלאָזט וויסן, אַז זיי געפינען זיך אין קריג מיט רוסלאַנד.

זיי האָבן אויסגעלאָדן מחנות זעלנער אין פינלאַנד. זיי הרגענען אויס און פילן אָן די טורמעס מיט פינלענדישע ארבעטער. פון מינוט צו מינוט וואקסט זייער אפעטיט. וואָס אמאָל מאכן זיי שווערער די פרידנס־באדינגונגען. מען הייבט אָן צו גלויבן, אַז זיי מיינען נאָר מלחמה, ווילן אפשר זיך גאָר פארשטענדיקן מיט די „פארבינדעטע" און שליסן דעם וועלט־שלום אויפן חשבון פון רוסישן פראָלעטאריאט, ברענגען אַ קרבן אויפן מזבח פון וועלט־אימפעריאליזם די רוסישע רעוואָלוציע. דאָ האָט זיך צעפלאקערט דער מלחמה-גייסט ביי די חברים פון צענטראל־קאָמיטעט". מיט ליידיקע הענט כאָטש, אבי ווייטער פירן דעם קריג. אָננעמען כאָטש די הילף פון דער אימפעריאליסטישער „אנטאנטע". פון פראָנט קומען אָבער אָן יעדן טאָג דעפּוטאַציעס פון סאָלדאטן, אַז ווען מען וועט נישט שליסן דעם פרידן, וועלן זיי גיין אויף מאָסקווע און מיט באַגנעטן צווינגען אונטערצושרייבן די דייטשע באדינגונגען.

נאָר מיטאמאָל רייסט דער מאַן מיט דער ליסינע איבער די טרויעריקע מחשבות. ער ווארפט ארויס פון זיין קאָפּ די אַלע אומאנגענעמע זאָרגן, וואָס ליגן ווי שווערע זעק אויף אים. עס איז אָבער ווי זיין אויסגעהאַמערטער מוח, וועלכער איז תמיד געוווינט צו גיין אין שפּאַן פון לאָגישער רעאַלקייט, האָט זיך אויסגעשפּאַנט און איז אַנטרונען אין קילנדיקן אָפּרו־שאָטן פון אבסטראַקציע. אפשר איז עס אויך געוועזן דער איינדרוק פון ווינטערדיקן שנייאיקן פארנאכט, וואָס האָט אריינגעקוקט דורכן פענצטער, מיט זיין טרויעריק־אומפארשטענדלעכער שיינקייט, און וועלכע האָט אים געבראַכט אויף די אויסטערלישע נישט־געוווינטע געדאַנקען.

אָנגעהויבן האָט עס זיך דערפון, וואָס ער האָט געקלערט וועגן דעם, פאַרוואָס די חברים פון „צענטראל־קאָמיטעט" זעען די סיטואציע נישט אזוי קלאָר ווי ער? פארוואָס פארשטייען זיי נישט די לאַגע, אַז דאָס זעלבע, וואָס האָט ביי אונדז געטראָפן, מוז היינט אָדער מאָרגן זיך איבערחזרן ביי זיי, ביי די דייטשן. פאַר דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע — וואָס פארא חילוק קאָן עס זיין, אויב מיר וועלן די דייטשן איבערלאָזן אַ שטיקל אוקראינע מער אָדער ווינציקער, פינלאַנד אָדער עסטלאַנד. אויף

ווי לאנג? דאס, וואס איז געשען ביי אונדז, איז נישט קיין דורכגייענדי־קער צופאל. די מלחמה האט געבראכט די רעוואלוציע.

אבער דער גאנג פון די געשעענישן, די אומשטענדן, די קאפיטא־ליסטישע ארדענונג האט דאך געמוזט ברענגען צו דער וועלט-קאטאס־טראפע. א געבונדענע פון איר גורל איז זי, די קאפיטאליסטישע וועלט, געלאפן קעגן איר אייגענעם ווילן אין דעם אפגרונט, וואס זי האט גע־גראבן פאר זיך, כדי זיך אליין צו טויטן און אפצורייניקן דאס פעלד פאר דער קומענדיקער וועלט־רעוואלוציע. דאס, וואס איז געשען, איז דאך נישט קיין קאפריז פון צופאל — נאר פון פריער באשטימטע טריט פון דעם שטענדיקן גאנג פון וועלט־פראצעס. אויב אזוי, צו וואס ווייטער בלוט פארגיסן? צו־וואס אפנייגן אט דעם „וועלט־פראצעס" אויף זייטי־קע נאציאנאליסטישע וועגן, צוליב א שטיקל אוקראינע אדער פינלאנד? סיי־ווי־סיי איז עס נאר אויף א קליינער ווייל. ווער וועט זיך דערנאך רעכענען, אויב מיר האבן געהאנדלט פאטריאטיש צי ניין? דאס זענען דאך אלץ באגריפן פון פארגאנגענע וועלטן. אין פנים פון דער וועלט־רעוואלוציע — וואס פארא באדייט האט עס? דער פראלעטאריאט פון מארגן וועט שוין דורכקומען צווישן זיך, ער וועט שוין נישט מער צע־טיילן די וועלט אין טעריטאריעס. איין טאג פון ארבעטנדן סאציאליזם העלפט מער אונטערגראבן דעם פונדאמענט פון דער בורזשואזיע, איידער א יאר זיגרייכע מלחמה. דאס איז דאך אזוי קלאר, ווי צוויי מאל צוויי. פארוואס זעען זיי דאס נישט איין?

די געדאנקען האבן אים געבראכט צו פארקלערן זיך (אין דער ווינ־טער־פארנאכטלעכער שטימונג, וואס האט געהערשט אין זיין צימער) וועגן דעם, וואס איז אייגנטלעך לאגיק? די „פיר" פון „צוויי מאל צוויי" איז א רעזולטאט פון לאגישער באנעמונג. גוט. אבער פארוואס איז צוויי מאל צוויי — פיר? ווער האט עס איינגעפאסט אזוי אין דעם רעמל אריין?

זיין מוח, ווי א מיל, האט אלע ארייגפליסנדע געדאנקען איבערגע־מאלט אויף מעל פאר דער „סאציאלער רעוואלוציע". האט ער אויך באלד דעם אבסטראקטן געדאנק, ווי א פארבלאנדזשעט קערנדל, ארייגעכאפט צווישן זיינע געהירן-רעדער און געמאלן אים: פונוואנען נעמט זיך די גייסטיקע אומגלייכהייט ביי מענטשן? זענען די אורזאכן צו זוכן אין

די זעלבע סיבות ווי די פיזישע חילוקים? ווערן זיי ארויסגערופן פון אומשטענדן (ווי די פיזישע — דורך דערנערונג), דורך דערציאונג? אָדער איז עס אַ טיפערע, עפּעס אַן אומאָפּהענגיקע סיבה, וואָס באַשענקט און טיילט איין דעם אינדיווידואום מער, און יענעם ווייניקער פעאיקייטן?

פּונקט אַזוי ווי אַ פרומער ייד, וואָס אַנטלויפט ווי פון אַן אומגליק פון אַן אַנטקעגנגעקומענער שיינער פרוי, אויס מורא, אַז זי זאָל אים, חלילה, ניט ברענגען צו אַ נסיון, אַזוי האָט ער, דער „פירער״, באַלד אויסגעמיטן דעם געפערלעכן געדאַנק. „דער גייסטיקער צושטאַנד איז פּונקט אַזוי ווי דער פיזישער, — האָט ער זיך באַלד געזאָגט, — אַ רעזולטאַט פון אומשטענדן. די אָרימע זענען ניט צוגעלאָזט געוואָרן צום פעטן טאָפּ, — צו די וויסנשאַפטן. מען האָט זיי געהאַלטן אין דער פינצטער, כדי צו קאָנען איבער זיי הערשן. פון דאַנען נעמען זיך די גייסטיקע אונטערשידן. מען וועט עס דאַרפן אויסגלייכן — אַ דור אוניווערסיטעט פאַר אַרבעטער־ און פּויערים־קינדער, אַ דור פינצטערניש פאַרן נאָכקום פון דער וויים־הויטיקער בורזשואַזיע, און דער חשבון וועט זיך אויסגלייכן.

איז עס געווען די שולד פון דער פאַרנאַכטלעכער שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין צימער, פון וועלכער דער פירער האָט זיך מיטאַמאָל געלאָזט פאַרכאַפּן? צום ערשטן מאָל האָט דער חשבון ניט געשטימט. ווי אַ מכשפה פון די מיסטישע שלייערס האָט זי אַרויסגעבראַכט אומגעוועגלעכע געדאַנקען, אַן אומקלאָרע אידייע האָט אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען אין דעם פרעמדן שטח פון מאַטעריאַליסטישן געדאַנקען־גאַנג אין „פירערס״ קאָפּ: עפּעס וועט זיך דאָך ניט לאָזן די מענטשן אַרויסוואַרפן ווי קנעפּלעך פון אַ מאַשין. ערגעץ־ווו מוז דאָך ווירקן אַן אומפאַרשטענדלעכער כוח אין די טיפע פאַרבאָרגענישן פון מענטשלעכן גייסט, וואָס לאָזט זיך ניט קאָנטראָלירן. און צום ערשטן מאָל האָט ער אָנגעהויבן צו צווייפלען, אויב עס וועלן זיך לאָזן אויסגלייכן די מענטשלעכע מוחות דורך אומשטענדן און דערציאונג. צי וועלן ניט תמיד זיין קליגערע און נאַרישערע, שטאַרקערע און שוואַכערע, לייכט־באַנעמענדיקע און שווערבאַנעמענדיקע? און ווער קאָן גאַראַנטירן, אַז די אינדיווידואומס וועלן ניט אויסנוצן זייערע נאַטירלעכע באַגאַבונגען פאַר זייערע אייגענע צוועקן? די סאָציאַלע אָרדענונג וועט זיין די וואָג און די מאָס, וואָס וועט

אָפּהיטן דאָס גלייכגעוויכט, רעגעלן, אַז איינער זאָל נישט אויסנוצן זיינע פעאיקייטן אויפן חשבון פון צווייטן. נאָר פאַרן נוץ פון אַלעמען. מיט די פיזישע קרעפטן וועלן מיר האָבן אַ מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן, מיר וועלן פאַרטיילן די אַרבעט לויט די כוחות. אויך די גייסטיקע אונטער־שיידן, אויף וויפל זיי וועלן זיך אַנטפּלעקן, וועלן מיר אויך דורך אונ־דזערע געזעצן און אויספיר־אָרגאַנען קאָנען האַלטן אין שפּאַן. אָבער וואָס וועט זיין די טרייב־קראַפט, דער אינערלעכער דראַנג, אַרויסצוברענ־גען די לעצטע אַרבעטס־מעגלעכקייטן, די פעאיקייטן און באַגאַבונג פון די יחידים, אַזוי ווי עס איז געווען דער אייגן־נוץ און דער עגאָאיסטי־שער דראַנג אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג? און מיט וואָס פאַרא כוחות וועלן מיר זיין ביכולת צו קאָנטראָלירן די פעאיקייטן פון די יחי־דים, אַז זיי זאָלן זיך נישט אָנזאַמלען אין זייערע געהיימע צעלן פאַר אייגענע פּערזענלעכע אַמביציעס? וואָס פאַרא „שכר ועונש" האָבן מיר צו פאַרטיילן, ווי די אמונה האָט עס געטון מיט אויסטראַכטן די צווייטע וועלט? דער העכערער גענוס פון בשותפותדיקער פרייד, וואָס ליגט אין קאָמוניזם? איז עס דען אַ קוואַל, וואָס קאָן אָנטרינקען מיט פרוכטבאַר־קייט דעם רבים? אונדזער אידייע אויף איר אמתן וועג פון רעאַלע זאָרגן האָט פאַרטריבן מיט רעכט יעדן וואַקלענדיקן מיסטיציזם, נישט צוגע־לאָזט קיין צווייפלהאַפטן אידעאַליזם פון די אויסדערוויילטע. ער האָט נאָר געלאָזט אָרט פאַר דעם אמתן גלויבן אין מענטשלעכן מאָראַלישן כוח, וואָס יאָגט אים אויפן וועג פון זעלבסטבאַפרייאונג, פון אויסלייז פון אַלע פאַרשקלאַפונגען, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויף זיין וועג אי־בער אַלע דורות, — אויפצולייזן זיך אין קאָמוניזם.

אָבער וואָס זענען די מאָראַלישע כוחות? פונוואַנען נעמען זיי זיך? צי זענען זיי איינגעבוירענע קאַרדינאַלע אינסטינקטן אין יעדן יחיד, נאָר אָפּגעלענקט געוואָרן דורך פאַלשע נביאים, אויף אַנדערע צוועקן, — אויף עבודה־זרות, פאַרן צאַר, פאַרן פאָטערלאַנד, פאַר פאַלשער אמונה? און ווען די באַצוועקונג ווערט באַשיינט מיטן אמתן ליכט, ברעכן אויס די מאָראַלישע כוחות? אָדער איז עס נאָר אַ צוגעוווינטקייט — דורך דער־ציאונג? אינדעראמתן זענען גאָר נישטאָ קיין מאָראַלישע כוחות. מיר בלאָנדזשען אין אַ פינצטערניש מיט ליידיקע הערצער. טויטע מאַשינען,

וועלכע דערהאַלטן אין זיך אַביסל פיזישע חיות, אַזוי לאַנג ווי עס וואַ־רימט די הייצונג, די נאַרונג?

דער איינציקער עכטער אינסטינקט איז דער עגאָאיזם. דאָס איז די טרייב קראַפט פון אונדזער וועלט. אַלעס איבעריקע איז איינרעדעניש. עס איז נישטאָ קיין שיעור צו מענטשלעכער ביטערקייט, צו די קאָמבי־נאַציעס, וואָס ער טראַכט אויס, ווי אַזוי זיך אָנצוזאַמלען שפּייז. איינע פון זיינע ביטערקייטן האָט ער פאַרקליידט אין אַ „מאָראַלישן כוח", כדי אַזוי אַרום צו געווינען פאַר זיך מאַכט — שפּייז. אינדעראמתן איז אונ־טער דעם גאָר גישטאָ. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען די רוט פון „שכר ועונש", וואָס דער גלח האָט געהאַלטן איבער אים, אָדער אונדזער אייגענער קאַנטשיק — די „רעוואָלוציע" וועט אַביסל אָפּגעלאָזט ווערן, — וועט דער מענטש צוריקפאַלן צו זיין בהמהשן אינסטינקט, און אַלץ וועט בלייבן ביים אַלטן. „אייגנטלעך, זענען מיר פּונקט אַזוי, ווי די אַלטע גלחים, — זאָגט זיך דער „פירער" אין זיין פאַרלוירנקייט. — זיי האָבן דערהאַלטן דאָס פאַלן פון מענטשלעכן חומר מיט „שכר ועונש" אויף יענער וועלט, ביז זיי זענען אַליין געפאַלן מיט אים. מיר פּרוּוון אים אויפהאַלטן מיטן מאָראַלישן כוח פון קאָמוניזם, וואָס מיר האָבן צעטיילט אויף דער וועלט, — ביז עס וועט קומען אַן אַנדערע אידייע און וועט איבערנעמען די מאַסע פון אונדזערע הענט, זי אויפצוהאַלטן מיט דעם כוח פון אַן אַנדערן מאָראַלישן ווערט. אויב אַזוי, צו וואָס ווידער דאָס אויפהאַלטן? פאַרוואָס נישט לאָזן אינגאַנצן פאַלן אין תהום־אַריין, ווען עס איז נישטאָ קיין אינערלעכער, דויערנדער כוח, וואָס טראָגט זיין ווערט אין זיך אַליין, צו וואָס ווידער דאָס גאַנצע? לאָזן זיי זיך צעפליייצן אין זייער עגאָאיסטישער יאָגעניש, ווי די חיות. צו וואָס אונטערשטעלן די פּלייצע, אַז סיי־ווי־סיי ציט עס אַראָפּ צום אייביקן נידער...

די הויט איבער זיינע ברייטע, אַרויסשטאַרצנדיקע באַקן־ביינער האָט אָנגענומען אַ ליים־טונקעלן קאָליר. די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן פאַרוואָלקנט ווערן, ווי עס וואָלט געפאַלן איבער זיי אַ טוי. ער איז מיד געוואָרן און שלעפעריק.

אין דעם האָט ער דערפילט, ווי אַ ווינט יאָגט אים אונטער. די טיר האָט זיך אויפגעעפנט אין דער שטיל, און לייכט ווי אַ קאַץ, האָט זיך

אריינגעשארט, מיט שטילע טריט, א מאטראָז. דער בלאָנדער יונג האָט אין דער שטיל אוועקגעשטעלט א גלאָז טיי פארן „פירער".

— איר זיצט אין דער פינצטער, חבר? אפשר מאכן ליכט? — זאָגט ער מיט א פארזאָרגטער שטימע, פון וועלכער מ'פילט ארויס די געטריי־שאפט צום פירער.

— מ'דארף נישט, איך רו אביסל.

— זיי ווארטן שוין הינטער דער טיר מיט פאפירן.

— זאָגט די חברים, ביז נאָך דער זיצונג פון צענטראל־קאָמיטעט זאָלן זיי מיך לאָזן צורו.

— גוט, חבר, — זאָגט דער מאטראָז און פרוווט גיין מיט צוריק־טריט אויף די שפיץ־נעגל.

— ווארט נאָר א מינוט, חבר, — זאָגט דער פירער פלוצים.

דער מאטראָז האָט זיך אויסגעצויגן, ווי א סטרונע, און איז גע-בליבן שטיין, ווי פאר אן אדמיראל. דער מענטש מיט דער גלאנציקער ליסינע האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, צוגעגאנגען צום מאטראָז, ארויפגעלייגטביידע הענט אויף דעם מאטראָזס אקסלען, פארקנייטשט די הייטלעך, טיף און לאנג אריינגעקוקט אין דעם יונגס אויגן.

דער מאטראָז, וואָס האָט זיך פון ערשטן טאָג אָן, צייט ער האָט געטראָפן דעם „פירער" (אין די רעוואָלוציאָנערע טעג) זיך איינגאנצן אים אוועקגעשאָנקען, געגלויבט אין אים ווי אין א גאָט, האָט דעם פירערס בליק חיהש געטריי, אוממענטשלעך בלאָנדזשענדיק אָפגעענטפערט. דער „פירער" האָט זיך אראָפגעלאָזט אין די טיפענישן פון די ים־אויגן, ווי ער וואָלט וועלן דערגרייכן זייער באָדנלאָזן אָפגרונט.

— נו, וואָס, חבר, איר גלויבט, אז מיר וועלן דאָס אלץ טאקע דורכ־בייסן? — פרעגט אים, פלוצים, דער „פירער".

— אזוי ווי אין גאָט! — שרייט אוים דער מאטראָז. — ער פאר־פארכאפט פריצייטיק דאָס שרעקלעכע וואָרט, וואָס האָט זיך אים ארויס־געגליטשט פון צונג, ווייל עס צוריקנעמען, און ווערט דעריבער רויט. דער „פירער" באמערקט עס נישט.

— זיי דריקן אונדז, די אימפעריאליסטישע, דייטשע גענעראלן. מיר האָבן גרויסע שוועריקייטן, — זאָגט דער פירער.

— א רוח אין זייער באבען, — ענטפערט-אָפ דער מאטראָז מיט א

פארזארגטער מינע, — „ניטשעווא״, אלצדינג אריבערקומען, און מיר וועלן דערגיין, חבר.

— וועט וועט עס אבער זיין? — פרעגט דער פירער.

— דאס ווייס איך שוין נישט. דאס ווייסטו. נו, וואס דו וועסט אונדז הייסן, וועלן מיר אלצדינג טון, די וואנט דורכזעצן — א רוח אין זייען באבען!

— א דאנק אייך, חבר! — און ער דריקט דעם מאטראז ווארים די האנט.

— יא, און זאגט דער חברטע סעקרעטארין, אז זי זאל מיר אריינברענגען די פאפירן אונטערצושרייבן.

די איינציקע שוואכע מיגוט, וואס דער פירער האט געהאט פאר דעם גרויסן נסיון פון בריסקער פרידן, איז פארשוונדן. אויף דעם גרונט פון מאטראזס וואסערדיקע אויגן האט ער געפונען דעם גלויבן. זיין ברייט־קנאכיק פנים האט זיך מיטאמאל אויסגעלייטערט און באשטראלט געווארן פון אן אינערלעך גליק. ער איז גייסטיק שיין געווארן, ווי דאס געזיכט פון א גרויסן מוזיקער בשעת עקסטאז. זיינע אויגן זענען ארויסגעקראכן פון די לעבער און שווארץ־פויגלדיק געלויכטן. איבערן אומענדלעכן שטערן איז געשטאנען א גלאנץ. און פריילעך האט זיך אפגעשפיגלט די שיינענדיקע ליסינע אין לאמפ. ער איז געזעסן א באפליגלטער ביי זיין טיש, פארטראכט זיך אין די פאפירן, וואס זענען געלעגן פאר אים. זיינע אויגן האבן א חוץ די שווארצע אותיות געזען וועלטן...

עס האט זיך פאר אים אויפגעעפנט דער וועג קלאר ווייט, פון די ערשטע אנהייבן ביז אין די ליכטיקע ענדן אריין. אלץ, וואס איז געשען ביז איצט, איז נישט געווען קיין בלאנדזשנדיקע זיגזאגן, נאר פעסטע אויסגעלייגטע, פון אן אייזערנער האנט, פאראויסבאשטימטע „מעטעס״, — איינע נאך דער אנדערער. א שטאלצער, א מעכטיקער טרעט דער מענטש פון איין „מעטע״ אין דער אנדערער אריין, געיאגט דורך א הייליקן און אייביקן אמת, וואס ברענט אין אים. טאקע א ווילדער, א חיה־דיקער האט ער זיך ארויסגעלאזט פון מדבריות. ער ראנגלט זיך מיט זיינע נעגל און הערנער דורך די וואלדיקע וועגן דורך. א צעריסענער, א צעבלוטיקטער, גייט ער פון געדיכטער פינצטערניש אין נעפלקייט אריין, פון נעפלקייט אין טויאיקע פארגאסענע מארגנס, אבער ער גייט, — גע־

צווינגן, געשלעפּט, (קענען זיין ווילן אפילו) דורך דער אייגענער מאָראַלי־שער מאַכט, וואָס לייכט אין אים. קיינע שטרויכלונגען, קיינע מענטש־לעכע אָדער אַנדערע מניעות זענען נישט אימשטאַנד אויפצוהאַלטן דעם ריזיקן גאַנג פון מענטש.

און דער וועג איז באַשטימט פון ערשטן אימפּעט אָן. דער וועג איז אַ ווייטער, דורך ימים, פּינצטערנישן האָט ער געפירט, זיגזאַגישע קריי־צונגען האָט ער געמאַכט, ביז דער מענטש איז אָנגעקומען צו דער טיר פון מאָרגן. ביז ער האָט דערגרייכט צו דער שוועל פון דער נייער וועלט, און אים, דעם פּראָסטן רוסישן מענטש מיט די בלויע נאַאיווע אויגן און שטומען אומדערשיטערטן גלויבן, דווקא אים איז באַשערט דעם ערשטן אָנצוקלאַפּן אין דער טיר, אויפצורייסן זי, און איבערצוטרעטן די שוועל.

דער „פירער" האָט אין זיך גערופן:

— רייס זי אויף, ברודער! לאָזן זיי קלאָגן, און וואָיען, די, וואָס פילן די ווייען פון דעם זיך־אָפּרייסנדן נאָפּל. דיר וועלן די ווייען פון אָפּרייס ווייניק וואָס ווי־טון. ביסט נישט צוגעוואַקסן. ביסט נאַקעט און בלויז, רייס אויף די טיר, טרעט אַריבער די שוועל און שלעפּ נאָך די וועלט נאָך זיך!

— יאָ, געוויס, געווים זענען די וועגן פון יענער זייט נישט קלאָר, — האָט ער זיך ווייטער געזאָגט. — מיר טרעטן אַריין אין אַ פאַרנעפּל־טער ליכטיקייט. ווער ווייסט די זיגזאַגן, וואָס מיר וועלן זיין געצוווּנגען צו מאַכן. נאָר ווייניקסטנס וועלן מיר זיין די, וואָס וועלן זיי קאָנטראָ־לירן. און ווען עס וועט נויטיק זיין צו מאַכן אָפּנייגונגען, וועלן מיר זיי אַליין מאַכן. איין טריט צוריק, אַ מייל פאָראויס. און ווען מ'וועט דאַרפן זיי אונטערשמייסן, וועלן מיר זיי אונטערשמייסן מיט די באַטיקעס, וועלן מיר אַרייניאָגן אין זיי די בשותפותדיקע פרייד פון קאָמוניזם, זיי וועלן אים דערנאָך אַליין דערפילן.

ביי דער זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט, ביי וועלכער עס איז פאַר־האַנדלט געוואָרן די פראַגע וועגן אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן די אַרויפגע־צוווּנגענע שווערע באַדינגונגען פון בריסקער פרידן, האָט אויף די אַלע טענות און איינווענדונגען פון די חברים וועגן „פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געשיכטע", וועגן „נאַציאָנאַלער ערע", א. ד. גל., דער פירער אָפּגעענטפערט, כמעט מיט אַ בעטנדיקער שטימע:

— חברים, אויף וואָס איז זיך דאָ אָפּצושטעלן? זעט דאָס גאַנצע און גרויסע. עס איז דער ערשטער שריט, וואָס מיר מאַכן. זיי קומען דאָך נאָך אונדז. זיי וועלן, זיי מוזן. — אייזערנע געזעצן... מיט אייזערנע באַטיקעס ווערן זיי איבער די רוקנס געשמיסן אויף אונדזער וועג פון די אומשטענדן. און איר רעדט וועגן פינלאַנד, וועגן אוקראַינע, וועגן „נאַציאָנאַלער ערע", „פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געשיכטע". וואָס פאַראַ באַטרעף האָט עס אין ליכט פון דעם נייעם, וואָס שאַפט זיך! די דייטשע גענעראַלן רויבן! אויף ווי לאַנג? מיטן דייטשן פּראָלעטאַריאַט וועלן מיר זיך אויסגלייכן און צוזאַמען וועלן מיר זיי דערלאַנגען איבער די הענט!

דער „בריסקער שלום" איז אונטערגעשריבן געוואָרן.

### קאַפּיטל 8

## מען צעלויפט זיך

דער עולם האָט זיך געקליבן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און צו אַנטרינען דורך דער געעפנטער שפּאַרע, וואָס דער בריסקער פרידן האָט געשאַפן, קיין אוקראַינע. אוקראַינע האָט אָנגעהויבן צו טראָגן די האָפענונגען, וואָס רוסלאַנד האָט אָפּגעזאָרט: אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג, רעכט פאַר די מינדערהייטן און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן. דורך פאַרשידענע תירוצים האָט מען אַרויסבאַקומען פּאַספּאָרטן אויף דער „אויסלענדישער" אוקראַינע, אין וואָס די סאָוויעטישע מאַכט האָט פאָרלויפיק קיין שוועריקייטן נישט געמאַכט. די, וואָס האָבן קיין פּאַספּאָרטן נישט באַקומען, האָבן געזוכט דורכצורייסן זיך דורך דער גרענעץ אויף אַנדערע וועגן, כדי דאָרט אין דער „זאַטער" אוקראַינע איבערצווואַרטן די משוגעת, וואָס האָט פאַרכאַפּט רוסלאַנד, און וואָס קאָן דאָך, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, נישט לאַנג אָנהאַלטן.

צווישן די, וואָס האָבן זיך געקליבן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד, זענען אויך געווען די גרויסע סוחרים, גאָלדשטיין (פון נאַפט) און ראָזמאַרין (פון טיי).

דער צונויפּקום צווישן די פּריינט איז, איבער פאַרשטענדלעכע טעמים, וואָס אַמאָל אַלץ שווערער געוואָרן. דאָס הויז ביים אַדוואָקאַט איז געוואָרן טריפֿ. חבר מאַרקאָוויטש, וואָס האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער באַהערשט די גאַנצע וווינונג, האָט איצט שוין אומפאַרשעמט אָפּן אונ־טערגעהערט, וואָס עס טוט זיך אין דעם קליינעם בודואַר, ווו עס האָבן נאָך אַלץ געוווינט דער אַדוואָקאַט מיט זיין איידעם, דעם אַלטן מירקין. אין קאַנטאָר ביי דעם אַלטן מירקין האָבן געהערשט איצט „מישקע מאָ־לאָדיעץ" מיט דעם פרעמדן קאָמיסאַר. דער אַלטער מירקין איז נאָך אַלץ צוגעצויגן געוואָרן צו באַראַטונגען. מען האָט אויסגעהערט זיינע עצות, און מען האָט זיי אויך אויסגעפירט, כּדי, אַז עס וועט זיך עפּעס מאַכן נישט ריכטיקס, זאָל מען די שולד קאָנען וואַרפן אויפן אַלטן מירקין.

מען האָט מירקינען אויך אויפגעפאָדערט איבערצוקומען קיין מאָס־קווע מיט זיין נאַציאָנאַליזירטער פירמע, וועלכע איז, אַלס אַ טייל פון דער גאַנצער באַן־אָרגאַניזאַציע, צוזאַמען מיט דער רעגירונג, אַריבער־געפאָרן קיין מאָסקווע. דער אַלטער מירקין האָט אָבער נישט געהאַט אויף ווער אַנדערש צו לאָזן דעם אַדוואָקאַט, זיין שווער, וועלכער איז וואָס אַמאָל מער אַריינגעפאַלן אין זיין קינדישער מרה־שחורה. האָט זיך מיר־קין אָפּגעבעטן אויף אַ געוויסער צייט און איז פאַרלויפיק איבערגעבליבן אין דער פּוסט־געוואָרענער קראַנקער הויפּטשטאָט.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם, ווי די רעגירונג האָט פאַרלאָזן פּעטראָגראַד, האָט זיך דער אַלטער מירקין אָנגעטראָפן אויף דער גאַס מיט דעם נאַפט־סוחר, גאָלדשטיין. ער האָט אים שווערלעך דערקענט. דער נאַפט־סוחר, איינער פון די גרעסטע גבירים אין לאַנד, האָט זיך קיינמאָל נישט אויס־געצייכנט מיט קיין איבעריקער עלעגאַנץ אין קליידונג. ער האָט געהאַלטן אין אַ באַשטענדיקן צוגעוווינען זיין קערפּער צו אַ צייט, ווען עס וועט אים אויסקומען צו לעבן אָרים. ער האָט צוליב דעם געלעבט באַשיידן. ער איז זעלטן־ווען געפאָרן אויף אַ שליטן, האָט תּמיד באַנוצט דעם טראַמוויי און האָט געהאַט אויף זיך אָפּגעטראָגענע קליידער. און דאָס־מאָל איז דער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין געגאַנגען אָנגעטון ווי אַן אָרימער אַרבעטער. ער האָט געטראָגן עפּעס אַ מאָדנע „שובע" מיט אַ שוואַרץ טוך איבערן האַלדז, און וואַליקעס אָנשטאָט שטיוול, אויף וועלכע עס

האָבן געקלעבט אַ פּאָר אויסגעריבענע קאַלאָשן, אַזוי ווי עס טראָגן די טאַטערן.

דער אַלטער מירקין, וואָס האָט אין זיין אויסערלעכן אויסזען גאָר־נישט נאָכגעגעבן דער נייער אָרדענונג, האָט, ווי תמיד, געטראָגן זיין ברייטן, פינקלדיקן, מיט די גרויע האָר באַזיימטן קאַמטשאַטקער ביבער־פּעלץ. ער האָט אויסגעזען מיט זיינע צוויי גרויע שפּיצן־בערד, ווי אַן אַלט־צייטיקער פּריץ. דערזען דעם רייך־אָנגעטוענעם מירקין, האָט זיך דער נאַפט־סוחר ווי אויסבאַהאַלטן פון אים, עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן, אַז ער קען זיך מיט אַזעלכע. דער אַלטער מירקין האָט שוין פון דעם בלויזן אָנבליק פון נאַפט־סוחר פאַרשטאַנען, אַז יענער היט זיך אויס פאַר זיין ביבערנעם פּעלץ, און ער האָט געוואָלט אים אויסמיידן. דער נאַפט־סוחר האָט זיך אָבער איבערגעלייגט און איז צוגעגאַנגען צום אַלטן מירקין און געשטעלט זיך פאַר אים מיט אַ כיוון מיט אַן אונטער־טעניק מינעלע, ווי אַ דינער קעגן זיין באַלעבאָס.

— גאָט איז מיט אייך, אין אַזאַ צייט — אין אַ ביבערנעם פּעלץ? — זאָגט דער נאַפט־סוחר.

— אַלצדינג, וואָס איך האָב געטון אין מיין לעבן, האָב איך געטון אָפן. אויף דער עלטער זיך צו פאַרשטעלן, איז צו שפּעט.

דער נאַפט־סוחר האָט זיך געקנייטשט פון דעם קאַפּריזן אָנצו־הערעניש.

— איך מיין נישט פאַרשטעלן, נאָר עס וואַרפט זיך דאָך אין די אויגן.

— וואָס טוט איר? — פרעגט אים דער אַלטער מירקין, כדי אָפּצו־לענקען דאָס אומאַנגענעמע געשפּרעך.

— איך מי זיך וועגן אַ פּאַס פאַר דער „אויסלענדישער" אוקראַינע, און איך האָף אויף דערפאָלג. וואָס זענען אייערע פּלענער?

— די זעלביקע וואָס פריער. מען וועט דאַרפן אַריבערפאָרן קיין מאָסקווע. דאָס געשעפט איז שוין אַריבער. איך ווייס נאָר נישט, וואָס אָנצוהייבן צו טון מיט סאַלאָמאָן אָסיפּאָוויטש.

— אונטער „מישקע מאַלאָדיעצעס" אָנפירערשאַפט?

— אַפילו אונטער דעם טייוול.

— איך האָב מיט אייך זייער ערנסטעס איבערצורעדן. אָבער נישט

דאָ. געדענקט אין גאָט, אייער פעלץ! מען קוקט שוין אויף אונדז. קומט אַריין אין אָוונט צו אונדז. ביי אייך איז דאָך טריפה. מיר וועלן האָבן די געלעגנהייט.

אין אָוונט, אַז דער אַלטער מירקין איז אַריינגעקומען אין אַ קליי־נעם האָטעל, ווו דער נאַפּט-סוחר האָט זיין גאַנץ לעבן געוווינט (צוליב דעם האָט מען אים נישט אַרויסגעוואָרפן פון דער וווינונג), האָט זיך גאָלדשטיין אָנגערופן צו אים:

— הערט אויס, גבריאל חיימאָוויטש, איר ווייסט, אַז איך האָב זיך פון תמיד אָן צוגעוווינט צו לעבן אונטער אַלע אומשטענדן. פאַרקערט, פאַר מיין כאַראַקטער איז דווקא דער אַרט לעבן מער צוגעפּאַסט, ווי דאָס פריערדיקע. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט זען ווי מענטשן אַרבעטן מיט דער גאַל און לעבן אין ווילטאָג. מענטשן האַלטן מיין שטייגער לעבן פאַר נישט פאַרגינענדיקע קאַרגשאַפט. איר ווייסט אָבער ווויל, אַז עס איז נישט אַזוי. געלט האָט אַ ווערט דערפאַר, ווייל עס טראָגט מיט זיך די מעגלעכ־קייט צו שטילן מענטשלעכע באַדערפענישן. און ווען מען וואַרפט געלט אין בלאָטע, וואַרפט מען נישט דאָס אייגנ׳ע, נאָר די שפּייז פון מענטש־לעכער נויט, וואָס מען האָט דיר אָנפאַרטרויט. איך האָב זיך קיינמאָל נישט דערלויבט בעסער צו לעבן, ווי מיינער אַן אַרבעטער, און איך האָב קיינמאָל נישט געפילט קיין באַדערפעניש אַנדערש צו זיין. יאָ גוט, אָדער נישט גוט, — איך האָב זיך אָנגעשלאָסן און בין געווען וויליק אַלץ אוועק־צוגעבן — מיינע פעאיקייטן, דאָס גוטס, וואָס איך האָב אָנגעזאַמלט, — און שטעלן זיך אין דינסט פאַר דער אַלגעמיינער זאַך. אפשר איז עס אַזוי ווי איר זאָגט: „מיר האָבן געזינדיקט, און דער בעסטער באַווייז, אַז מיר האָבן געזינדיקט, איז, אַז עס איז געקומען דערצו". איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין אַמביטנער מענטש אויף פּוסטע קלייניקייטן. איך בין אויסגע־שטאַנען חרפות און בושות פון אומדערפאַרענע יינגלעך. אָבער איך קאָן נישט מער, גבריאל חיימאָוויטש. איך קאָן נישט מער. נישט דערפאַר, ווייל איך פיל מיך באַליידיקט אין מיין כבוד. איך קאָן נישט צוזען זייער באַ־לעבאַטעוועןן. ווער נאָך ווי זיי האָבן באַדאַרפט שעצן און אָפּהיטן דאָס פאָלקס-פאַרמעגן. גוט, מען האָט עס אָפּגענומען פון אונדז, אָבער עס טראָגט מיט זיך אַ ווערט, זיי פאַרניכטן עס פון גרונט-אויס נישט בלויז דורך נישט-פאַסיקע הענט און אומפעאיקייט, דאָס וואָלט זיך נאָך מיט

דער צייט געענדערט. אָבער די פאַרניכטונג קומט נישט פון אויסערלעכע סיבות, נאָר פון אינערלעכע. איך זע נישט קיין גלויבן אין דער עצם־זאַך אַליין. עס איז עפּעס אַ הולטאַיסקע פאַרשפּילן. קיינער קלערט נישט וועגן מאָרגן. יעדער איינער זעט נאָר אָפּצוואַרפן דאָס פּעקל אויפן אַנדערן, כדי ער זאָל זיין אין אָרדענונג. איך האָב מורא, אַז אויך ביי זיי איז פּוסט. סיידן אפשר דאָרטן ביי די גדולים. די אָבער, וואָס פירן אויס, זענען אַ באַנדע פון „מישקע מאָלאָדיעצעס" מין. עס איז נישטאָ מיט וועמען צום טיש צו גיין.

מירקין האָט אים געלאָזט אויסרעדן. ער האָט זיך איינגעהערט, גע־רונצלט דעם שטערן. ער האָט ביי פילע ווערטער מיטגעשאָקלט מיט זיינע צוויי באָרד־שפּיצן. דאַן האָט ער זיך אָנגערופן:

— טאַקע צוליב דעם מוזן מיר שטיין אויף דער וואַך, מיר, אַלטע, וואָס מיר האָבן עס געבויט, כדי אָפּצוהיטן דאָס, וואָס לאָזט זיך נאָך. נישט, חלילה, פאַר אונדז, נאָר פאַר דער זאַך אַליין, פאַר רוסלאַנד. מיר קאָנען דאָך נישט איבערלאָזן אַ לעבן, וואָס מ'האָט געשאַפן, אויף הפקר. מיר מוזן עס דאָך אָפּהיטן, ביז אַנדערע צייטן וועלן קומען.

— וואָס מיינט איר „אַנדערע צייטן"? די אַנדערע צייטן זענען טויט אויף אייביק.

— צייטן זענען טויט, אָבער נישט דאָס לעבן. דאָס לעבן וועט דאַרפן די אָרגאַניזאַציעס. ווען זיי צעטראַסקען איצט אַלץ, איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט געבויט. אַז זיי וועלן אָנהייבן בויען, וועלן זיי פאַרשטיין דעם ווערט פון אַרבעט, נישט נאָר פון צעשטערן. דענסטמאָל וועלן זיי אפשר געהעריק אָפּשאַצן אונדזערע פאַרדינסטן. ביז דאַן מוזן מיר שטיין אויף דער וואַך און אָפּהיטן און אָפּראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.

— דורך דער צייט וועט אַלץ פאַרניכטעט ווערן, און אויף קיינעמס קעפּ וועט עס נישט אויסגיין, נאָר אויף אונדזערע.

— וואָס מיינט איר „אויף אונדזערע קעפּ"? — פרעגט מירקין ווי דערשראָקן. — איך האָב זיך שוין לאַנג מיאש געווען פון יעדן פּערזענ־לעכן נוצן.

— איך מיין נישט נוצן, איך מיין אין פּשוטן זין פון וואָרט. דער עקספּערימענט וועט נישט נאָר רוסלאַנד אומברענגען, נאָר ער וועט קאָסטן אונדזערע קעפּ. פאַרוואָס, מיינט איר, האַלטן זיי אונדז, פרעגן ביי אונדז

עצות, פירן אויס אונדזערע עצות, שלעפּן אונדז נאָך מאָסקווע? איר ווייסט צוליב וואָס? דאָס האַלטן זיי גרייטע קרבנות פאַרן פאָלקס־כעס. ווען עס וועט אויספעלן נאַפט, שוועלן פאַר די באַנען, וועט מען נישט זאָגן, אַז דאָס סיסטעם איז גוט אָדער שלעכט, נאָר אַז מיר, בורזשויען, זענען שול־דיק. מיר האָבן סאַבאָטירט. זיי האַלטן אונדז, כּדי אונדזערע קעפּ צו ברענ־גען אויפן מזבח פון פאָלקס־צאָרן. מיר זענען די אָנגעגרייטע „שעיר לע־זאזלס".

דער אַלטער מירקין האָט זיך פאַרטראַכט.

— איך בין חושד עפּעס אַזעלכעס. אויף געוויס ווייס איך עס נישט.

— אָבער איך ווייס עס. געהערט פון זיכערע קוועלן. מירקין, דער עסק איז פאַרפוילט. מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טון. יעדע מינוט קאָן עס ווערן געפערלעך. פאָלגט מיך. קיין גרויסע פעקלעך וועט איר נישט האָבן מיטצונעמען. די צייט איז אַ שעת־הכושר, מען קאָן נאָך אַ פּאַס אַרויס־קריגן. (דער נאַפט־סוחר נידערט זיין שטים און שעפּטשעט, אַרומקוקנדיק זיך מיט שרעק, צי קיינער הערט אים נישט.) די גרענעצן זענען אויך נישט גוט באַוואַכט. אַלץ איז נאָך אין אַ מיש־מאַש. מען קאָן זיך דורכרייסן דורך אַ שפּאַלט אין אוקראַינע. פאַר אַ פּאָר רובל קאָן מען אַ פּאַס אַרויסקריגן, — כּשר וישר.

— פאַר אַ פּאָר רובל? — פרעגט איבער דער אַלטער מירקין, און זיינע אויגן ווערן אויסגעגלאָשן, און די באַקן־הויט — שלאַבעריק, ווי צוויי אויסגעזויגענע בריסטן־טאָרבעס.

— יאָ, פאַרשטייט זיך, אייך מיט אייער ביבער־פעלץ וועט קאָסטן טייער, — שמייכלט ביטער דער נאַפט־סוחר.

— איר ווייסט, גאָלדשטיין, אַז איך האָב שטענדיק פיינט געהאַט אונ־טערצוקויפן קליינע באַאַמטע. אַז שוין יאָ כאַבאַר, האָב איך זיך שטענדיק געווענדעט צו די גרויסע קאַרפּן־קעפּ.

— נו, נו, איך גלויב נישט, אַז עס איז איצט אַ צייט צו שפּאַסן. איך האָב מורא, אַז באַלד וועט זיין שפּעט.

דער אַלטער מירקין האָט זיך ווידער פאַרטראַכט.

— און וואָס רעכנט איר צו טון אין אויסלאַנד? אין עמיגראַציע? איינצופּאַקן דאָס קרעמל? אביסל נאָך צו פרי, — זאָגט דער אַלטער ווידער אין שפּאָטישער לייכטקייט, גלייך ווי ער וואָלט מיט דעם טאָן געוואָלט

פֿאַרטרייבן דעם ערנסט פֿון מאָמענט. — עס גלויבט זיך נישט, אַז איר וועט זיך קאָנען אַוועקזעצן, ווי די אַלטע ווייבער, און ניצאַ פֿרעגלען זיך אויף דער זון.

— פֿאַרוואָס נישט אָנהייבן פֿונדאַסניי? — פֿרעגט דער נאַפֿט־סוחר.

— אויפֿסניי? אין אונדזערע יאָרן?

— מען דאַרף נאָר האָבן צוליב וואָס, שפּילן יאָר קיין ראָלע נישט. וואָס אָנבאַלאַנגט מיך, האָב איך באַשטימט אָנצוהייבן נאָר עפּעס נייעס. ביז איצט האָב איך געאַרבעט פֿאַר פֿרעמדע: וועל איך פּרובירן עפּעס טון פֿאַר אייגענע.

— וואָס מיינט איר דערמיט? — פֿרעגט דער אַלטער מירקין.

— איר קאָנט דאָך מיין שוואַכקייט צו ארץ־ישראל. ביז איצט איז עס געווען גלאַט אַזוי אַ פּלאַטאָנישע ליבע. איך וועל פּרובירן עפּעס ווירקלעך צו טון.

— אין ארץ־ישראל? — וווּנדערט זיך דער אַלטער מירקין.

— איר האָט דאָך אַוודאי געהערט פֿון דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע? מען רעדט וועגן דעם אין די יידישע קרייזן זייער שטאַרק. דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר האָט אַפֿילו עקסטרא צוזוויסן געלאָזט די ציוניסטן, אַז די באַלפֿור־דעקלאַראַציע מיינט מיט אַן אמת אַ יידיש לאַנד מיט אַן אייגענער אַדמיניסטראַציע. מיט איין וואָרט: דער אַלטער יידישער חלום זאָל פֿאַרווירקלעכט ווערן, „ווען משיח וועט קומען" — דאָס הייסט, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. יאָ יידיש לאַנד, נישט יידיש לאַנד — אַ לאַנד איז עס דאָך, און אַ שיינס אויך. און יידן ווילן דאָך דאָרט וווינען. פֿאַרוואָס נישט פּרובירן די כוחות? אָרגאַניזירן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל באַשעפֿטיקן יידישע הענט און מוחות? — וואָס עס זאָל נישט זיין, עפּעס אַ שטיקל שייכות האָבן מיר דאָך דערמיט. מיר דערמאָנען עס דאָך אין דאַווענען. אַזוי פֿיל דורות אַוועק אין דער אייביקייט מיט דער האָפֿענונג אויף די ליפּן. מילא, איר האָט פֿאַרוואָס צו לעבן. איר האָט אַ ווייב און קינד. גאָט האָט מיר נישט באַשערט אַזאַ גליק. אַן אַלטער בחור בין איך פֿאַרזעסן געבליבן, וועל איך מיר ארץ־ישראל מאַכן פֿאַר מיין ווייב און קינד.

דער אַלטער מירקין האָט געקוקט אויף דעם נאַפֿט־סוחר, און ער האָט פּלוצים אַנטדעקט, אַז ביי אים שיינען די אויגן. דער טרוקענער מענטש,

וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום תאוות, וואָס האָט נישט חתונה־געהאַט נאָר צוליב דעם (זאָגן שונאים), ווייל ער האָט נישט געקאָנט קיינעם פאַר־גינען, אפילו דעם נאָענטסטן, צו געניסן פון זיין רייכטום, — ער רעדט וועגן אראָפּפאָרן אין אַ וויסט פרעמד לאַנד אריין און שענקען אים זיינע כוחות. און דערביי שיינען זיינע אויגן, ווי ער וואָלט גערעדט וועגן אַ געליבטער. דער נאַפט־סוחר האָט פאַרשטאַנען מירקינס בליק און האָט זיך אָנגערופן פאַרשעמט:

— עס איז, איבעריקנס, נישט צוליב אידעאַל אָדער סענטימענט, וואָס עס ציט מיך אַהין. עס איז פאַר מיין אייגענער באַקוועמלעכקייט. מיר דאַכט זיך, אַז איך פּאַס זיך זייער אין אָריענט. אייגנטלעך, בין איך דאָך פון דער נאַטור אויס אַן אַראַבער. איך קאָן זיך באַגנוגענען מיט אַ וויים לייַלעך אויפן ליב, זויגן אַ צוקער־שטאַנג, זיצן אויף אַ דאַך ביינאַכט און קוקן אין די שטערן אריין.

דער אַלטער מירקין האָט פאַרטראַכט און ערנסט געשוויגן. ווי זיין געוווינהייט איז געווען, האָט ער ביים קלערן געקעמט די שפּיצן באָרד מיט די פינגער. דערנאָך האָט ער גערעדט, ווי צו זיך אַליין:

— עס איז זייער גוט צו האָבן אַן אידעאַל. נישטאָ מיט וואָס זיך צו שעמען. עס האַלט יונג, און עס גיט נייע כוחות. נישטאָ זיך מיט וואָס צו שעמען. איך בין אייך מקנא.

— נישטאָ דאָ, וואָס מקנא צו זיין. איר קאָנט עס האָבן, פּונקט אַזוי ווי איך. איר האָט פּונקט אַזאַ חלק אין דעם ווי איך. איר זענט דאָך אויך אַ ייד, העט, וואָס, גבריאל חיימאָוויטש? וואָס מיינט איר טאַקע, אַז מיר לאָזן זיך צוזאַמען אַראָפּ, און מיר הייבן אָן דאָרטן, אין ארץ־ישראל, צו בויען פאַר אונדזערע, ווי מיר האָבן אַמאָל אין די יונגע יאָרן געבויט דאָ, וואָס דער טייוול נעמט איצט צו און זאָגט אפילו קיין דאַנק נישט, העט? גבריאל חיימאָוויטש, וואָס מיינט איר.

— מיין טייערער, שוין נישט פאַר מיר. שפּרינגען האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט. און דאָ איינגעפּעסטיקט זיך, פון דור־דורות, גוטע יאָרן געהאַט, און ביי די שלעכטע עס פאַרלאָזן? איז דאָס עפּעס נישט רעכט. ניין, גאָלדשטיין, פאָרט אייך מיט גאָטס הילף. איך בלייב שוין אַ היגער. צו שווער זיך צו באַוועגן.

— גבריאל חײמאָװיטש, דאָס, װי איך האָב געזאָגט פריער, איז נישט קײן שפּאַס. דאָס איז זײער, זײער ערנסט.

— אָ, איר מײנט װעגן דעם „קאַפּ“? — לאַכט דער אַלטער מירקין.

— ער איז שױן אַזױ פיל מאָל אין קאַן געשטאַנען, און קײנער האָט אים נישט געװאָלט נעמען. װער װעט אים אױף דער עלטער װעלן נעמען?

— גבריאל חײמאָװיטש, איך דערמאָן אײַך נאָך אַמאָל, איר שטעלט אײַן. געדענקט, איר האָט דאָך פליכטן, אַ װײַב און אַ קינד.

דער אַלטער מירקין איז מיטאַמאָל רױט געװאָרן, אָנגעבלאָזן, די שפּיצן פון דער באָרד האָבן זיך אױפגעשטעלט, און ער האָט אָנגעקוקט דעם נאַפּט־סוחר מיט געבײזער, װי אַן אױפגעװעקטער האָן.

— נו, דאָס איז שױן מײַן זאַך. אַ סאָלדאַט האָט אױך אַ װײַב און אַ קינד, און דאָך גײט ער אין מלחמה.

— עס רעדט זיך נאָר אַזױ.

— טײל רעדן און טײל טוען.

— טוט װי איר פאַרשטײט.

— יאָ, פאָרט מיט גאָט. און איך װינטש אײַך, אַז איר זאָלט זײַן אימשטאַנד אױסצופירן דאָס, װאָס איר נעמט זיך אונטער. איך אַלײן קאָן עס נישט. אַן אָרגאַניזאַציע, איבער פּופּציק טױזנט מענטשן גיט עס צו לעבן. אַ קאַפּיטאַן אַנטלױפט נישט. נאָר איך פאַרשטײ אײַך. איך װינטש אײַך גוטס.

— אַ דאַנק, — זאָגט דער נאַפּט־סוחר און נעמט־אָן די אױסגע־שטרעקטע האַנט.

— און װאָס אָנבאַטרעפט דאָס װײַב מיטן קינד, װאָס איר האָט דערמאָנט, װעט אײַך װאַרשײַנלעך אױסקומען זײ צו זען פאַר מיר. זײ װעלן פאָרן נאָך אױסלאַנד פון קאַװקאַז. נו, אַז איר װעט זײ זען, גיט זײ איבער אַ גרוס, און זאָגט זײ, אַז זײ זאָלן זיך נישט באַאומרואיקן. איך בין געװױנט דעם טײװול אױס דעם װעג צו גײן. און דעם פאָטער שיק איך זײ אױך באַלד אַרױס. איך װאַרט נאָר אױף מישענקען, ער דאַרף די טעג פון פראָנט צוריקקומען. יאָ, נאָך אײן זאַך קאָנט איר טון פאַר מיר, אַ לעצטע טראַנזאַקציע, — לאַכט מירקין, — אונדזערע חש־בונות פון דער געזעלשאַפט „נײַ רוסלאַנד“ קאָנט איר מיט זײ אָפּרעכע־

נען. די אַקציעס טוישט אוים אויף עפּעס בעסערס. זאָלן זיי כאָטש די ערשטע צייט נישט הונגערן.

— דאָס וועט געמאַכט ווערן. קיין פּאַפּירלעך דערויף דאַרפן מיר נישט.

— נו, אַ דאַנק, און פאָרט מיט גאָט. צייט אַהיימצוגיין. די גאַסן זענען ווידער געוואָרן אומרואיק, זינט די רעגירונג האָט זיך אין מאָסקווע אַריבערגעצויגן.

די סוחרים האָבן זיך אויפן רוסישן שטייגער צעקושט.

***

ווען דער אַלטער מירקין איז אַהיימגעקומען, האָט ער געטראָפן דעם אַדוואָקאַט ביי זיין באַליבטער באַשעפטיקונג: צייט מען האָט אים צע־בראָכן דאָס פּאָרצעלאַן, נעמט ער אויף אַ רשימה פון זיינע הויז זאַכן, וואָס געפינען זיך אין וווינונג. ער האָט עס געהאַלט! אין איין אויספירן מיט אַ פּעדאַנטישער פּינקטלעכקייט, מיט אַלע פאָרמאַליטעטן, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אום זייער אַ וויכטיקן אַקט.

— וויסט, גאָלדשטיין פון נאָפט קלייבט זיך צו פאָרן אין פּאַלעס־טינע. ער זאָגט, אַז די ענגלענדער האָבן צוגעזאָגט עס אָפּצוגעבן די יידן און מאַכן פון דעם אַ יידישע מדינה. זייער אינטערעסאַנט איז עס, נישט וואָר? דאָס איז עפּעס פאַר אייך, סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט אויפגעהערט צו פאַרשרייבן אין זיינע רשימה־בויגנס, צוגעהערט זיך, ווי מען הערט זיך צו צו אַ לאַנג־פאַרגעסענער, אָבער באַקאַנטער, מעלאָדיע.

— פּאַלעסטינע, פּאַלעסטינע, פּאַלעסטינע, — האָט ער איבערגע־חזרט פאַר זיך, — אַ שאָד, נישט געטראַכט וועגן דעם ביז איצט.

שווער און איידעם זענען געבליבן זיצן און געשוויגן. דער אַלטער מירקין האָט זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, זי אויפ־געעפנט, איבערצייגט זיך, אַז קיינער שפּיאָנירט זיי נישט נאָך, און ער האָט זיך אָנגערופן צום שווער מיט אַ נידעריקער שטימע:

— צום אַלעם ערשטן דאַרף מען פאָרן אין קאַווקאַז. געהערט, אַז אי־בער באַרקאָוו איז דאָ אַ שפּאַלט. יעדנפאַלס, פאַר געלט קריגט מען זיך אַדורך. מישענקע וועט יעדן טאָג אוודאי באַלד אויפשווימען.

— און דו?

— נו, איך, וואָס איך? עמיצער מוז דאָ בלייבן. אזוי גייט עס דאָך נישט.

***

אין אַ פּאָר מעג אַרום איז אָנגעקומען מישענקע, דעם אַדוואָקאַטס זון, וועלכער האָט לעצטנס זיך געפונען אויפן פראָנט אין דער פליער־אָפּטיילונג. פון בריוו האָט ער שוין אַלצדינג געוווסט, וואָס עס טוט זיך אינדערהיים. און עס איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, כדי ער זאָל נישט ציען קיין אויפמערקזאַמקייט פון זיין אַלטן חבר אָסיפּ מאַרקאָוויטש, אַז ער זאָל זיך גאָרנישט ווייזן אין דער אַלטער וווינונג. דער אַלטער מירקין האָט זיך געטראָפן מיט אים אויף אַן אָפּגערעדט אָרט, אין אַ קאָאָפּע־ראַטיוון קאַפע. מישענקע האָט זיך פאַר די פּאָר יאָר געענדערט. די מלחמה, און די לעצטע איבערקערעניש, זיין פאָטערס איבערלעבעניש — דאָס אַלץ האָט אים ערנסט געמאַכט. ער איז אויך מענלעכער געוואָרן. און איצט, אין זיין זעלנערישן שינעל מיט די אָפּגעשניטענע שליפעס, מיט זיין יונג־באַוואַקסענער באָרד, האָט ער אויסגעזען, ווי איינער פון די הונדערטער טויזנטער היימלאָזע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט איבער גאַנץ רוסלאַנד, דורך דער קורצער הפסקה פון צעלאָזן די אַרמיי אויפן פראָנט און באַלד ווידער זיי זאַמלען אין די „רויטע ראַטעס". מישענקע האָט נאָך געהאַט אַן אַנדערע אורזאַך צו גיין קיין דרום־רוסלאַנד. ער האָט זיך געוואָלט צושלאָגן צום דאָן, ווו גענעראַל קראַס־נאָוו האָט אָנגעהויבן ווערבירן קאָזאַקן, — ווי ער האָט אָפּגערעדט מיט זיינע חברים אויפן פראָנט, וועלכע זענען מערסטנס באַשטאַנען פון ווייס־גוואַרדיסטישע עלעמענטן. ער האָט געוואָלט צושלאָגן זיך צו איינעם פון די גענעראַלן, וואָס האָבן זיך געקליבן מלחמה צו האַלטן מיט די באָל־שעוויקעס. בלייבן אין פּעטראָגראַד איז געווען געפערלעך פאַר מישענ־קען, וועלכן מען האָט געקענט אַלס דעם זון פון אַ „קאָנטר־רעוואָלוציאָנער" און אַליין מיט קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע טענדענצן. אזוי איז אויך געווען געפערלעך דאָ צו בלייבן פאַר דעם פאָטער זיינעם, דעם אַדוואָקאַט. דער אַלטער מירקין האָט זיי ווי אַמשנעלסטן איינגעפּאַקט אין וועג אַריין. דער וועג נאָך קאַווקאַז איבער מאָסקווע און כאַרקאָוו איז נישט געווען

קיין זיכערער. אָבער נאָך געפערלעכער איז געווען צו בלייבן אין פּעטראָ־גראַד.

אַזוי ליכט איז עס דעם אַלטן מירקין נישט אָנגעקומען אַרויסצו־באַגלייטן דעם שווער זיינעם. דער באַרימטער אַדוואָקאַט האָט דווקא גע־וואָלט מיטנעמען מיט זיך די איבערגעבליבענע פּאָרצעלייענע טעפּלעך, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען בלעטער פון זיין לעבנס־בוך, אָן וועלכע ער קאָן נישט עקזיסטירן. די רייזע האָט אָבער געמוזט זיין אַ לייכטע, און דאָס געפּעק אין די געהיימע ערטער פון די קליידער און שטיוול האָבן געדאַרפט דינען פאַר מער ווערטפולע זאַכן, ווי פאַר פּאָרצעלאַן און שפּיצן. ענדלעך האָט זיך דער אַדוואָקאַט געלאָזט באַרואיקן דורך דעם, וואָס ער האָט אין אַ קאָלנער פון איינעם פון זיינע רעק איינגענייט די פול־לע רשימה פון די זאַכן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין זיין וווינונג.

דער אַלטער מירקין האָט זיי מיטגעגעבן אַלץ, וואָס ער האָט גע־האַט איבריק אין ווערט־פּאַפּירן און יוווועלן. איינגענייט עס, פאַרשטייט זיך, אין די קליידער און אין אַנדערע פאַרבאָרגענישן, — און זיי האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

— מיר וועלן זיך אין קורצן זען, — האָט דער אַלטער מירקין גע־זאָגט דעם שווער אויף די גוטע לעצט, — און אַז נישט — זעט דאָרט, אַז זיי זאָלן דאָרט דערציען מיין זון אָן אַ ביטערקייט צו רוסלאַנד. און צוגעלייגט האָט ער, ווי פאַר זיך:

— גענוג געהאַט איצט אין רוסלאַנד ביטערקייט. און פון ביטער־קייט קומט אַט דאָס אַרויס.

נאָכדעם ווי דער שווער און מישענקע האָבן פאַרלאָזט פּעטראָגראַד — האָט דער אַלטער מירקין צונויפגענומען דאָס פּערזענלעכע און בוי־טיקסטע פון זיינע און זיין ווייבס זאַכן (אויך געהאַט דאָס זעלבע געפיל, וואָס דער אַדוואָקאַט; נישט געקאָנט איבערלאָזן דעם ווייבס פּערזענלעכע זאַכן פאַר פרעמדע), און אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, וווהין זיין קאָנ־טאָר, אין וועלכן ער האָט איצט געדינט אַלס „ספּעץ", האָט זיך שוין לענגסט געהאַט איבערגעצויגן.

און דאָס הויז האַלפּערין און דאָס הויז מירקין זענען געוואָרן אָפּ־געווישט צוזאַמען מיט אַזוי פיל אַנדערע הייזער פון דער אַמאָליקער צאַרן־שטאָט — אויף אַלע אייביקייטן.

## קאַפּיטל 9

# ווי אַ חיה אין וואַלד

וואַסילי אַנדרעיעוויטש, דער פריץ פון סאַפּיאַנקע, וועמען מיר האָבן באַגלייט קיין מאָסקווע, איז, נאָכדעם ווי די געשעענישן פון די אָקטאָבער־טעג זענען אריבער, אַוועק פון האָטעל „מעטראָפּאָל" און זיך באַזעצט ביי זיין קעפּס־ווייב נאַטאַשע סטעפּאַנאָוונע.

וואַסילי האָט — ווי יעדער איינער אין מאָסקווע — געדאַרפט. אַז די „באָלשעוויסטישע אַוואַנטורע" וועט באַלד אדורכגיין. עס וועלן אָנקומען קאָזאַקן פונעם פראָנט און זיי צעיאָגן — ער האָט זיך אַזוי געזעצט אַפּוואַרטן. קיין סאַפּיאַנקע, צו זיין ווייב מאַריע אַרקאַדיעוונע, האָט ער איינציקע מאָל געשריבן, אַז זי זאָל אים שיקן פּראָוויאַנטן. נאָר פון איר האָט ער קיין ענטפער נישט געקראָגן.

אין אָנהייב ווינטער איז אַ באַקאַנטער, גוט־פריינטלעכער פּויער געקומען מיט אַ פורל צו שלעפּן זיך פון דאָרף און געבראַכט אים אַ פּאָר זעקלעך קאַרטאָפל, אַ ביסל ווייצן־מעל, אַ פּאָר שטיקלעך פּוטער און עטלעכע צענדליק אייער. דערציילט, אַז דאָס ווייב מאַריע אַרקאַדיעוונע איז געוואָרן אַ גאַנצע „מאַכערקע" ביי די פּויערים. אַז זי האָט אַליין צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די יונגע און געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס פירט אָן מיטן דאָרף. לויט די נייע מאָדעס. די פּויערים האַלטן זיך פאַרלויפיק רואיק. מיטן ווייב, דער פּריצהטע, לעבן זיי גוט. אויף אים זענען זיי בייז און רעדן וועגן אים שלעכטס. זי, דאָס ווייב, האָט געהייסן אין דער שטיל זאָגן, אַז דער פּריץ זאָל זיך פאַרלויפיק אויפהאַלטן אין שטאָט און זיך נישט פריער באַווייזן, ביז זי וועט אים נישט לאָזן וויסן. נאָר מער איז שוין קיין פור נישט געקומען פון סאַפּיאַנקע מיט פּראָוויאַנטן, און ער האָט מער קיין שום ידיעות פון דאָרט נישט געהאַט.

דערווייל איז אינדערהיים ביי זיין קעפּס־ווייב, נאַטאַשע סטעפּאַנאָוונע, געוואָרן ענג. דאָס ביסעלע פּראָוויאַנט האָט געהאַלטן אין אויסגיין. פון דער שטוב אַרויס עפּעס צו פאַרקויפן איז אויך נישט געווען. קיין איבריקע זאַכן זענען קיינמאָל אין דער דאָזיקער קליינער וווינונג נישט געווען. נאַטאַשע האָט אָנגעהויבן צו ווערן האַפּערדיק און עקשנותדיק.

גאָרנישט געהאַט קיין דרך־ארץ פאַר איר אמאָליקן באַלעבאָס און איצ־טיקן מאַן. פאַרגעוואָרפן אים, אז ער איז אַ לא־יצלח און טויג שוין צו גאָרנישט. און אַז וואסילי האָט זיך גישט גענומען עפּעס צו טון, האָט זי זיך אַליין אונטערגעגאַרטלט. אַן ענערגישע באַבע איז זי שטענדיק גע־ווען, די נאַטאַשע. איצט איז זי גאָר געוואָרן אַ מזיק: גענומען אַ העלפט פון אירע איבערגעבליבענע קאַרטאָפל, אַ האַלב זעקל מעל, געלייגט אויף אַ שליטנדל און געלאָזט עס שלעפּן פון וואסילין אויפן סוכאַרקעווער מאַרק. נאָכמיטאָג איז זי צוריקגעקומען מיט זיידענע טיכער, מיט אַ פּאָר שטי־קער טיש- און בעט־וועש און אַ טאַש מיט צוואַנציק־רובלדיקע „קערענ־קעס".

— פאַרטאָג וועסטו נעמען אַ זאַק, ארויספאָרן מיט דער באַן און ברענגען פון די דערפער אביסל פּראָוויאַנט. איך וועל עס פאַרקויפן אָדער איינטוישן אויף זאַכן אויפן סוכאַרקעווער מאַרק, ווי אַלע אָנשטענדיקע מענטשן טוען, — האָט זי געזאָגט צו וואסילין.

וואסילי האָט שוין לאַנג איבערגעביטן זיין ברייט־פּריצישע „שו־בע" מיטן גרויען קאַראַקולענעם קאָלנער באַנייט, אויף אַ פּויערישן שעפּסן־פּעלץ, ארומגעוויקלט מיט אַ שנור, די שוואַרצע עלעגאַנטע אָפּגעפּוצטע שטיוול — אויף אַ פּאָר וואַלאָקעס, און דאָס גרויע קאַראַקולענע היטל — אויף אַ פּויערישן דאַשעק מיט צוויי פוטערנע אויערן־קאַפּעס.

יעדן אָוונט פּאַקט אים נאַטאַשע אָן אַ זיק מיט שטאָטישע זאַכן: שטיקער וועש, זיידענע שאַלן, עלעגאַנטע שיך, פוטערנע קאָלנערס, שפּיצן, גיט אים אַ טאַש מיט „קערענקעס". וואסילי פעדערט זיך גאַנץ פרי. פאָרט ארויס מיט דער ניזשנער, מיט דער בריסקער אָדער קורסקער באַן. אין אָנהייב צו נאָנטע סטאַציעס, און דאַן, וואָס אַ טאָג ווייטער, צו די אָפּ־געלעגענע. אַ פּאָר שטאַרקע הענט האָט ער. אַ ברייטביייניקער איז ער. און אַ פּנים — אַן אָנבליק פון אַ גזלן — האָט מען מורא פאַר אים. שטופּט ער זיך אריין מיט זיינע זעק און פּעק אין איבערגעפּלייצטן וואַגאָן. קעמפט זיך אויס מיט זיינע פּלייצעס און בויך אַן אָרט. דאָרט, ווו עס איז גענוג אַ קללה און אַ זידל וואָרט — באַנוצט ער זיך מיט דעם שטאַרקן אָנצור־הערעניש. הענגט זיך אָן אויף פרעמדע אַקסלען און וואַרפט אָן אויף מענטשלעכע פּיס און מענטשלעכע בייכער זיינע פּעק און זעק.. אַזוי

שלעפּט מען זיך מיט קללות און שלעגערייען, אָפּגעריבענע זייטן און צעטראָטענע פּיס אַן אויסגעדרייטער, אַ צעשוויצטער קיין מאָסקווע.

ביים באַן-הויף וואַרטן שוין אויף די „זעק-מענטשן", די סאָוויעטישע פּערדלעך. „סאָוויעטישע פּערדלעך" רופט מען די פּאַרוואָרלאָזטע, אָפּגעריסענע יינגלעך, איינגעשפּאַנט צו שלעפּ-שליטנס, וואָס וואַרטן אָפּ ביים באַן-הויף די אָנקומענדע „זעק-מענטשן" און פירן-אָוועק די איינגעקויפטע פּראָוויאַנטן אין די ווינונגען.

יעדן אינדערפרי ברענגט נאַטאַשע, מיט דער הילף פון אירע קינדער, די אָנגעלאָדענע שליטנס מיט קאַרטאָפל, פּויערישע תבואות, טעלער מיט פּוטער, בונטן מיט ציבעלעס אויפן סוכאַרעווקער מאַרק, און מען טוישט איין דאָס עסנוואַרג אויף פּריצישע זאַכן, וואָס די אַריסטאָקראַטן שלעפּן פון זייערע שטובן אַרויס. אַז די מיליץ באַווייזט זיך — כאַפּט מען די זעק אויף די פּלייצעס און מען אַנטלויפט. וואָס קאָנען זיי אויפטון? — דעם גאַנצן סוכאַרעווקער מאַרק פּאַריאָגן וועלן זיי נישט — אַז גאַנץ מאָסקווע שאַפּט זיך אַזוי אַרום איין זייער ביסן ברויט? — קויפט מען אונטער, ווי אין די אַלטע, גוטע צייטן: אַ שטיקל פּוטער, אַ פּאָר ציבעלעס — אַ פּאַרמעגן. האַנדלט מען, ווי עס לאָזט זיך. און נאַטאַשע שאַפּט זיך איין וועש און פּוטערס, פּערסישע דיוואַנעס און זילבערן געשיר. נאָר צום קוראַנטסטן זענען אַלטע צאַרישע טויזנט-רובל-שיינען, נייע קנאַקעדיקע. אַלע אַרמענער און טאָטערן גלויבן, אַז דער צאַר וועט נאָך צוריקקומען. גאַנץ מאָסקווע — אַ חוץ קרעמל — נעמט גערן צאַריש געלט. אַלטע אויסגעריבענע פּאַפּירן זענען ווייניקער ווערט. די געזוכטע און גאַנגבאַרסטע — זענען די נייע, קנאַקעדיקע „טויזנטער", וואָס זעען-אויס, ווי נאָר וואָס אַרויסגעקומענע פון דער פּרעס-מאַשין. מען לייגט זיי נישט צונויף, כדי זיי זאָלן זיך נישט צעקנייטשן, נאָר מען וויקלט זיי אויף, אויף דעם אופן ווי עס טוען די אַרמענישע און טאָטערישע סוחרים. קויפט נאַטאַשע איין פּאָר „קערענקעס" סחורה — צאַרישע באַהאַלט זי פּאָר זיך, שטופּט מיט זיי אַ ציבל אָן. בייטאָג טראָגט זי דאָס ציבל אַרומגעוויקלט אַרום אירע בריסטן, ביינאַכט האַלט זי עס אין בעט מיט זיך אונטער דער דעק און וואַרט מיט אַלע אַנדערע, אַז דער צאַר זאָל וואָס געשווינדער צוריקקומען און צעטרייבן די באָלשעוויקעס, וועלט

זאָל ווערן צוריק — וועלט, לעבן צוריק — לעבן, און געלט צוריק — געלט.

ליגט וואַסילי בייגאַכט מיט זיין קעפּס־ווייב אויפן געלעגער. די פענצטער פאַרהאָנגען, די טירן פאַרהאַקט און ביים שיין פון קאַרגן ליכט שיט מען אוים דאָס ציכל און מען ציילט די פּאַפּירלעך: איין הונדערט טויזנט, צוויי הונדערט טויזנט, דריי, פיר, באַלד אַ האַלבער מיליאָן. אַ מיליאָן רובל, אַ מיליאָנער! — וואָס האָסטו אין די גוטע צייטן דערמיט געקאָנט אויפטון. גאַנצע שטרעקעס לאַנד, וועלדער, הייזער, מענטשן — וואָס דו האָסט געוואָלט, האָסטו געקאָנט קויפן דערמיט. וואַסילי קוקט אויף זיין קעפּס־ווייב און דערקענט זי נישט. די פלייִשיקע מאָרדע איז דיק פאַרהאַרטעוועט געוואָרן ווי איין שטיק. די קאַרע אויגן זיצן טיף אין שלאַבריקע שמאַלץ־גריבער און פינקלען פון דאָרט אַרוים מיט שלעכטע פייערן. די האַלב־גרויע האָר — שטייף אין קאָפּ, ווי דראָטן. וואַסילי געפינט מיטאַמאָל, אַז זיין קעפּס־ווייב איז ענלעך צו אַ מכשפה געוואָרן. זי קנאַקט צווישן אירע פעטע פינגער די טויזנט־שיינען — און לאָזט זיך צו זיי נישט צורירן. זי האַלט זיי נאָענט נעבן איר פלייִשיק לייב — יעדעס פּאַפּירל קנאַקט זי באַזונדער — ווי זי וואָלט אים טועם געווען — און שמאַטשקעט־צו מיט די ליפּן: — טויזנטער, טויזנטער! — אמתע טויזנטער!...

וואַסילי קוקט אויף די שיינענדיקע גלאַנציקע פּאַפּירלעך. זיי האָבן זיך נישט געענדערט. די זעלבע געלבקייט, — מיט זיידענע פעדעם דורכגעשפּינט, קערנדיקע. דעם צאַרס אָדלער שטייט דערויף. דעם צאַרס פּאָרטרעט אין וואַסער־ליכט. אמתע. זיי וועקן צו זיך דעם זעלבן צוטרוי, וואָס אַמאָל. דאָס האַרץ קלאַפּט געשווינדער ביי זייער אָנבליק. דו פילסט זיך זיכער, אָן זאָרגן — און דו ווערסט פריילעך. נאָר די גאַנצע וועלט אַרום האָט זיך געענדערט. און שוין מיט דעם, וואָס זיי זענען דאָ אַזוי פיל און זיי ליגן מיט נאַטאַשעס ברייט, פעט לייב אין בעט, פאַרלירן זיי ביי וואַסילין די גאַנצע חשיבות. ער דערפילט מיטאַמאָל זייער געפאַלנקייט.

— דאַכט זיך די זעלבע, וואָס מ'האָט געקראָגן אין „קאַזנאַטשייסטווא" און דאָך נישט די זעלבע, — זאָגט ער פאַר זיך.

נאַטאַשע וואַרפט אויף אים אַ שלעכטן בליק. וואַסילין דאַכט זיך, אַז

דער אַפּל האָט זיך אויסגעדרייט אין איר אויג און שטייט דאָרט קאַ-פּויר.

— נישט די זעלבע, — קרומט זי אים נאָך. — זאָל נאָר דער צאַר צוריקקומען און מענטשן וועלן זיך לייגן דערצו, ווי אין אַמאָליקע צייטן. דאָס איז דאָך געלט! — שרייט זי אויס. — און באַהאַלט עס פּאַר אַן עין-הרע געשווינד מיט זיך אונטער דער דעק.

— יאָ, געלט איז עס, און דאָך נישט קיין געלט, — קרעכצט ער.

— וואָס, דו קווּלערסט דיך שוין איבער צו זיי? — פרעגט אים דאָס ווייב.

— ניין, קווּלערן קווּלער איך זיך נישט איבער.

און דאָס אַלץ זעט אויס ווי אַ קינדער־שפּיל. דאָס ווייב וואַרפט אויף אים אַ קרומען בליק און פאַרדרייט זיך מיט איר אוצר אויף דער צווייטער זייט. וואַסילין איז שוין לאַנג פאַרמיאוסט געוואָרן דער אַרט לעבן. אַ גאַנצן ווינטער האָט ער זיך געשלעפּט אין די דערפער אַרום געסוחרט און אָפּגענאַרט. אַז ס'איז געקומען דער פרילינג, דאָס אייז האָט איבער דער „מאָסקוואַ" געלאָזט, די שנייען צעגאַנגען, שטיקער ערד־פּנים האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן איבער דער אויבערפלאַך — האָט אים אַ בענקשאַפט אַרומגענומען נאָך דער ערד און גענאָגט אים. עס האָט זיך געגלוסט צוריקגיין אין דאָרף אַריין, צוריק צום פעלד.

ס'איז אים געוואָרן דערעסן און פאַרמיאוסט דאָס פּוסט־און־פּאַסע־זוען — ווי ער האָט אָנגערופן דעם שאַכער־מאַכער מיט די גויים אין דאָרף. ס'האָט זיך אים געגלוסט זיך צו עפּעס צו נעמען, ריכטיק צו טון.

זיך צו עפּעס צו נעמען, ריכטיק צו טון — האָט ביי אים געהייסן — גיין צום אַקער. ס'איז שוין צייט געווען אויך. יעדעס יאָר, היינט־צו־טאָג, איז ער שוין לאַנג אינמיטן דער אַרבעט. שוין אַמאָל צען מיטן עקאָנאָם אין די גרויסע שטיוול אין די צעלאָזענע שנייען אַדורכגע־שפּרייזט. מיישב געווען זיך, וועלכע פעלדער היי־יאָר צו פאַרזייען מיט ווייץ, וועלכע מיט קאָרן. וועלכע פון זיי גאָר אַן אָפּרו צו געבן, צום גראָזן פאַר די שעפּסן צו לאָזן. בהמהשע קאָניטשינע וועט מען באַדאַרפן אַ סך דאָס יאָר. ביים וואָרט „קאָניטשינע" דערפילט ער אַ געשמאַק פון קיאַישער מילך, און עס נאָגט אים די בענקשאַפט נאָך מער.

אַמאָליקע יאָרן — טראַכט ער זיך — האָט ביים קאָוואַל אין דער

קוזשניע שוין לאנג געבלאָזן מיט פונקען. אקער־אייזנס פאַרראָכטן. מען האָט באַדאַרפט פויערים צו הילף שיקן, אַזוי פיל אַרבעט איז געווען. יעדן טאָג גייען פורן אין שטאָט אָפּצוברענגען די גויטיקע מאַטעריאַלן: אייזן און רידלעס און שטעבער, שפּאַדלעס, קאָסעס און שטריק. מ׳פירט אָן פון וואַלד האָלץ, פּאַרלייגט עס ביים סטאָלער. אַ געקלאַפּעריי פון האַמערס, אַ הובלען פון האָלץ, אַ קאָוועז פון פערד און רעדער. פון די קוימענס גייט רויך. די פויערטעס ברענגען דאָס האָלץ־אָפּפאַל. אַ פריילעך בילן פון הינט. קינדער דרעפּטשען אין בלאָטע. די ערד ווערט אומגעדולדיק, אַנט־פּלעקט אירע ערד־בריסטן יעדן טאָג מער פון שניי אַרויס. די פערד קלאַפּן מיט די פּאַדקעוועס אָן די שטאַלן־ווענט. די קי מרוטשען. די שעפּסן מעקען, ערד און בהמה בענקען נאָכן דרויסן.

אַזוי ווי ערד און בהמה, אַזוי האָט וואַסילין אָנגעהויבן צו ציען נאָכן דרויסן. ער האָט זיך קיין אָרט אין דער שטאָט נישט געקאָנט געפינען, ווי אַ בהמה, וואָס פילט אין פרילינג, אַז זי וואַרפט פון זיך די פעל און קריגט אַן אַנדערע — אַזוי האָט ער דערפילט מיט זיין גאַנצער לעבנס־קראַפט, אַז ס׳איז אָפּגעפאַלן פון אים די שטאָטישע פעל, דער שאַכער־מאַכער און האַנדל — און ער האָט געקראָגן אַן ערד־ און פעלד־הויט. זיי־נע פיס האָט זיך געגלוסט צו דרעפּטשען אין טיפע שניי־בלאָטעס, צו דערפילן די פרישע קלעביקע ערד איבער זיינע קני. זיינע לונגען האָט זיך געגלוסט איינצואָטעמען אין זיך דעם פרילינגס־אָטעם, וואָס עס הויכט־אַרויס יעדער שוואַרצער דאָרפס־פּלויט, יעדער דורכגעווייקטער שטרויע־נער דאַך.

אַן אַנדערש מאָל האָט ער שוין אַלע זומפּן איבער די לאָנקעס מיט זיינע גרויסע שטיוואַלעס אויסגעמאָסטן. דער הונט „שפּיץ״, מיטן אויפ־געהויבענעם ווידל און אויפגעעפנטן פּיסק, קוקט אים יעדן פרימאָרגן אין די אויגן אַריין: גייט ער טאַקע דאָס יאָר קיין איין קוראַפּאַטווע נישט שיסן? — וועט דאָס יאָר גאָר שוין קיין פרילינג נישט זיין? — אָדער אפשר גאָר וועט מען אין סאָפּיאַנקע באַאַרבעטן די פעלדער אָן אים, אָן דעם באַלעבאָס?

ער האָט געוווסט, אַז דאָס דאָרף איז מיט עפּעס וואָס טריפה גע־וואָרן, אַז ער קאָן זיך מער אַהין נישט באַווייזן. אָבער דאָס זענען אַלץ נאַרישקייטן. ביי זיך האָט ער געפילט מיט דער גאַנצער לעבנס-קראַפט,

אז ער באלאנגט דארט אהין. און קוים וועט ער אהינקומען — וועט שוין אלץ ריכטיק ווערן.

און ווי יעדעס קינד, וואס אים דאכט זיך אויס, אז מ׳האט שוין לאנג פארגעסן זיינע זינד, ווייל ער אליין האט זיך פארגעבן, — אזוי האט דער פיזיש־שטארקער וואסילי שוין לאנג פארגעסן, וואס ער איז אמאל גע־ווען. ביי זיך איז ער שוין אויס פריץ, אויס אייגנטימער פון סאפיאנקע, וואס האט א ווידערשפעניקסטע שיקסע גענומען אין סטאדאלע.

ער האט פארגעסן אין זיין באפעלערישן אנגעשריי אויף די פויע־רים, ווען ער פלעגט א ליאדע וואס כאפן דעם פויערם היטל — א זעץ־טון אין דער ערד, און אז ס׳האט קיינער נישט געזען, פארפארן מיט דער פויסט אין פיסק אריין אויך. ער האט פארגעסן, אז ער איז וואסילי אנ־דרעיעוויטש, דער פריץ פון סאפיאנקע, און זיי, זיינע פויערים, קינדער פון לייב־אייגענע, וואס וווינען ביי אים אין זיינע כאלופעס און באאר־בעטן זיינע פעלדער פאר שכר אין נאטור. ביי זיך איז ער זיך שוין לאנג פארגעקומען אלס גלייכער מיט גלייכע, א מענטש פון סאפיאנקע. קריגט א חלק מיט אלעמען צוגלייך. נאר ער, אלס עקאנאם, אלס אנפירער וווינט אין א צימער און צוויי און לויט דעם ווערט פון דער ארבעט — באקומט ער בעסער עסן, אבער אלעם איבריקע — צוזאמען מיט דער „הראמא־דע״, ווי די צייט פארלאנגט עס.

ס׳האט זיך אים אויסגעוויזן — (דערפאר, ווייל ער האט עס שוין ביי זיך געפועלט) — אז די פויערים האבן אויך שוין לאנג מסכים געווען דערויף.

אינעם פריען פרילינג האט ער עס שוין לענגער נישט געקאנט אויס־האלטן, און איז ארויס אין דארף.

ביינאכט האט ער אנגעקלאפט אינעם לאדן פונעם פריינטלעכן פויער, וואס האט אים אנהייב ווינטער געבראכט אין שטאט א פור מיט פראוויאנט. דאס הייזל איז געשטאנען אין עק, ווייט אין פעלד ארויס, שוין ביים ראנד פון וואלד.

— אקים — אין קריסטוס נאמען, לאז איבער דער שוועל אריין! איך בין עס, וואסילי אנדרעיעוויטש.

אינעווייניק אין דער כאלופע האט מען זיך א לאנגע צייט גע־קווענקלט, געאמפערט. ענדלעך האט זיך א שפאלט פון דער טיר געעפנט.

א זעקל מיט ברויט איז דורך איר געפאלן וואסילין אויפן בויך. א שטימע פון אן אלטן פויער:

— געדענק אין גאט, פריץ, און אנטלויף! אז זיי וועלן געוווּיר ווערן, דאס דו ביסט ביי מיר — וועלן זיי די כאלופּע אונטערצינדן, אויף דיר און אויף מיין גאנץ הויז־געזינד.

— אין קריסטוס נאמען, אקים! איך וועל זיך נאר אביסל אנוואַרימען. מיטן ערשטן בליאסק גיי איך אוועק. צו דיר בין איך שטענדיק גוט געווען.

— וואס איז וואר — דאס איז וואר. נאר אנדערע צייטן געקומען, קעגן דער „הראמאדע" איז נישט גוט צו גיין.

— נאר בלויז דעם אטעם צו דערכאפּן. דו ביסט דאך א קריסט, אקים?!

דער פויער איז צוריקגעגאנגען אין דער כאלופּע. דארט מיט וועמען זיך מיישב געווען. אויפגעעפנט ברייטער דעם שפּאלט — אריינגעלאזט וואסילין אונטערן באלקן.

— קריסטוס זאל דיר דערפאר באצאלן.

— ליג זיך ווי דו שטייסט. נישט גוט ליכט צו מאכן. קיינער פון דארף זאל נישט געוווּיר ווערן.

— ווו איז מאריע ארקאדיעוונע, אקים? — דעם הויף־פאלאץ, זע איך, האבן זיי פארברענט. וווהין איז זי אוועק?

— איך קאן דיר נישט זאגן, פריץ. צוערשט האבן זיי זי געהאלטן. קיינער פון אונדז איז דאך נישט „גראמאטנע" — האט זי אונדז דערקלערט, וואס דאס אלץ מיינט. אליין אפילו די „הראמאדע" אנגעפירט. דערנאך זענען געקומען יונגע פון דערבייאיקן דארף, פון „סטאראיע גניעזדא". וואס? — זאגן זיי — א פריצטע וועט מיט אייך אנפירן? — האבן זיי דעם הויף אונטערגעצונדן. דאכט זיך, זי אויף א שליטן ארויפגעזעצט, ערגעץ־ווו אוועקגעפירט. נישט גוט מיט אייך, פריצים. שלעכטע צייטן פאר אייך אנגעקומען. אנטלויף, ווען דער לעצטער שטערן וועט זיך אויסלעשן.

וואסילי איז געלעגן אויף עפּעס פייכטס און שטינקענדיקס. א שעפּסן־פיסק האט אנגעהויבן צו שמעקן צו אים מיט זאלץ און גאווער, באלעקט אים.

וואַסילי האָט דעם בהמהשן פּיסק צוגעפּירט צו זיין פּנים, געקושט אין דער מאָרדע און געזאָגט:

— רעד מיט זיי, אַקים, ווי גאָט איז דיר ליב. איך וויל זיין אַ גלייכער מיט גלייכע, איינער פון דער „הראָמאַדע". אַ שטוב אין אַ כאַלופּע איבערצונעכטיקן און ברויט צו עסן. אַרבעטן וועל איך פאַר צוויי. איר קענט דאָך מיך. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געשווינט, און אַן עקאָנאָם באַדאַרפט איר. — איז דאָך גלייכער צו נעמען אַן אייגענעם, אַ מענטש פון סאָפּיאַנקע. רעד מיט זיי, אין קריסטוס נאָמען, — אין שטאָט קאָן איך עס נישט מער אויסהאַלטן! —

— בעסער אַנטלויף, איידער די פּויערים דערטאַפּן דיך. נישט איינמאָל געהערט רעדן. ס'איז דאָ פון די סאָלדאַטן צוריקגעקומען וואַוויערו־כעס מאַן, דער יונגער איוואַן. ער טראָגט אויף דיר אַ בייז האַרץ, ווייל דו האָסט געלאָזט די סאָלדאַטיכע אין סטאָדאָלע צום שפּיץ־רוט פירן. איוואַן איז איצט ביי „הראָמאַדע" אַ פירער.

— אָן סאָפּיאַנקע איז שלעכט צו לעבן, אַקים!

פאַרטאָג, איידער דער לעצטער שטערן האָט זיך נאָך אויסגעלאָשן, האָט דער פּויער פונעם מיסט־געלעגער, וווּ וואַסילי איז געלעגן מיט ערשט יונגע אָפּגעוואָרפענע שעפּסעלעך, אויפגעריסן אים. די פּויערטע האָט אים אַ קרוג מילך געגעבן, דער פּויער — דעם זאַק מיט ברויט. וואַסילי האָט זיך אין שיינעם ווינקל פאַר די הייליקע בילדער טיף פאַרבויגן — געקרייצט זיך דריי מאָל און לאַסקע געבעטן:

— פאַר צוויי אַרבעטן וועל איך, ביזן האַלבן פּאַס זיך פאַרבייגן פאַר „הראָמאַדע", אַבי זיי זאָלן פאַרגעבן, אַבי סאָפּיאַנקער לופט אָטעמען. וווהין וועל איך גיין? אומעטום בין איך דאָך אַ פרעמדער. דאָ — די היים. רעד מיט זיי, אין קריסטוס נאָמען. כ'וועל זיך דורכן טאָג אין וואַלד אויפהאַלטן. ביינאַכט וועל איך קומען אַ תשובה הערן, ווי דער ענטפער איז אויסגעפאַלן.

וואַסילי האָט מיטן שטערן דעם פּויערס שוועל אָנגערירט און פאַרלאָזט די כאַלופּע.

די פּויערים פון סאָפּיאַנקע זענען געוווּיר געוואָרן, אַז אין וואַלד האַלט זיך אויף אַן אינטערעסאַנט שטיק ווילד, — דער פריץ פון דאָרף. זיי האָבן עס צוויסן געטון דעם אַהיימגעקומענעם סאָלדאַט איוואַן, וואָס

האָט, צוזאַמען מיט דעם געשטופּלטן לערער, אָנגעפירט די קאָמונע אין דער „הראַמאַדע". האָבן זיי געשווינד, אין איילעניש, נישט זאַגנדיק די עלטערע פּויערים (כדי זיי זאָלן נישט צוויסן געבן דעם פּריץ), צונויפגענומען די יונגען פון דאָרף. עס איז אַרויס אַ מאַן דרייסיק-פערציק, מענער און ווייבער, מיט ביקסן, ווידלעס און העק. טייל אויף פערד, טייל צופוס האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם וואַלד פון אַלע דריי זייטן. זיי האָבן אויך מיטגענומען די פּריצישע הינט, וואָס זיי האָבן צווישן זיך צעטיילט און זענען, ווי אַמאָל דער פּריץ אויף געווילד, אויפן פּריץ אויף יאַגד געגאַנגען.

די פערטע זייט פון וואַלד, ביי דער סאַדזאַווקע, האָבן זיי פריי געלאָזט. איצט, אין פרילינג, איז סיי־ווי־סיי געווען אוממעגלעך דורכצושווימען אָדער דורכצודרעפּטשען די פייכטקייטן, נישט צו בלייבן שטעקן אינעם שליימיקן זומפּ, וואָס איז פון אויבן־אויף געווען פאַרגאָסן מיט די וואַסערן. די וואַסערן האָבן אויך פאַרפלייצט די נידריק־ליגנדיקע פּאַשעפּעלדער.

אָנגעקומען נענטער צום וואַלד, האָבן זיי איבערגעלאָזט די בעסטע שיסער פון דרויסן. די אַנדערע, מיט די הינט, — האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין וואַלד אַריין. געהאַקט אין דער ערד מיט די שפּאַדלעס און ווידלעס, ווי מען סטראַשעט אַ געווילד פון באַהעלטעניש, אָפּגעלאָזט די הינט, אַז זיי זאָלן אויסשפּירן דעם פּריץ און אים אַרויספּלאָשען פון וואַלד אַרויס.

וואַסילי האָט גוט געקענט זיין וואַלד, אַלע זיינע באַהעלטענישן און היילן — פון דער פּיל־יאַריקער יאַגד, וואָס ער איז געגאַנגען אין אים, סיי אין פרילינג, סיי אין האַרבסט. ביי טאָג האָט ער זיך אויפגעהאַלטן אין וואַלד אין אַ שאָפּע, צונויפגעשטעלט אויס צווייגן, אין וועלכער עס האָט זיך געטריקנט דעמבענע קאָרע, וואָס ער האָט פאַרקויפט די וואָלקאַזשעס אויסצוווייקן אין זיי יוכטאָווע לעדער. פון דער שאָפּע, דורך די פּרייע שפּאַלטן, וואָס די אומבאַבלעטערטעביימער אינעם פריען פרילינג האָבן געלאָזט — האָט ער אַלץ געקאָנט זען, וואָס עס טוט זיך אין וואַלד און אין זיינע ראַנדן. דאָס האַרץ האָט אים עפּעס אויף אַזעלכעס פאַרגעבנייט. ער האָט זיך געריכט אויף איינס פון דיביידע. אָדער די פּויערים וועלן אים אַריינגעמען אין „הראַמאַדע", גלייכע מיט גלייכע, — אַז נישט וועלן זיי מאַכן אויף אים אַן „אַבלאַווע". ער האָט אויסגעקוקט

דערויף א גאנצן טאָג. דערזען דורך דיביימער־שפּאַרעס א קופּקע גרויע מענטשן, וואָס שוואַרצן זיך צווישן די ווי פליוש מיט מאָך באַוואַקסענע דעמבעס, — האָט ער געוווסט, אַז דאָס גייט מען אויף אים. ער האָט געהאַט ביי זיך אָפּגעמאַכט: אַ לעבעדיקן זיך זיי אין די הענט נישט איי־בערצוגעבן. ביים ערשטן פייער, וואָס וועט צוקומען צו אים, אַרויסצו־רייסן די ביקס אָדער די ווידלע, אים אַליין צו טויטן און צו גיין מיט די פייערים אין גראַנגל אויף טויט און לעבן. צו דעם צוועק האָט ער די שאָפּע באַפּעסטיקט מיט שטיקער קלעצער, וואָס זענען געלעגן אין וואַלד אויסגעהאַקטע פון פויערישער הפקרות. אַז ער האָט געהערט די מענטש־לעכע טריט, דאָס קלאַפּן מיט די ווידלעס, — האָט ער צוגעלייגט אַן אויער צו דער ערד, כדי אויסצוגעפינען פון וועלכער זייט מען קומט אָן און זיך צוגעגרייט צום קאַמף.

דער ערשטער, וואָס האָט אים אויסגעפונען אין זיין באַהעלטעניש, איז געווען דער יאַגד־הונט „שפּיץ", פאַר וועלכן ער האָט זיך אַמאָל מיט אַ פריץ פאַר אַ פערד געטוישט. דער הונט, פלינקער פון די אַנדערע, איז איבער גריבער, ווינטער פּאַרטריקנטע קופּעס פייכטע בלעטער און שניי־לעכער געשפּרונגען, גלייך אָנגעקומען צו לויפן צו אים.

דערשמעקט זיין באַלעבאָס, האָט ער זיך דערפרייט. „שפּיץ" איז גע־שפּרונגען אויף וואַסילין, געלעקט די הענט, און געקוקט זיין האַר מיט פרייד און שרעק אין פּנים אריין. געוואַרט אויף אַ באַפעל. וואַסילי האָט אים קודם־כל דעם פּיסק מיט דער פויסט פאַרמאַכט, אַז ער זאָל נישט בילן. ערנסט און טיף אַריינגעקוקט אין דעם הונטס אויגן און גערעדט צו אים.

— „שפּיץ", דו מוזט מיך ראַטעווען, איך בין אין סכנה.

דער הונט האָט אים אָנגעקוקט שטום, מיט הינטישער רעדעוודי־קייט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט דורך זיינע טרויעריק־בלישטשענדיקע אויגן. געוואָלט עפּעס זיין באַלעבאָס זאָגן און נישט געקאָנט. וואַסילי האָט צוגעלייגט זיין פּנים צום הונט, אויג צו אויג. מענטש און חיה האָבן זיך אָנגעקוקט און פאַרשטאַנען.

— דו מוזסט מיך ראַטעווען! — האָט וואַסילי נאָכאַמאָל געזאָגט.

דער הונט האָט געשוויגן, נאָר עקשנותדיק געקוקט אים אין די אויגן

אריין, מיט אָטעם־כאַפּנדיקע קרעכצן, פאַר אומגעדולד באַוויגן מיטן וויידל, געקוקט און געפרעגט וואָס צו טון.

וואַסילי האָט אָנגעוויזן דעם הונט די קענגנגעזעצטע ריכטונג צום ראַנד פון וואַלד, ביים פויערט הייזל, געהייסן אים לויפן און האַווקען.

דער הונט האָט געגעבן אַ בליק אויפן באַלעבאָס, אַ קרעכץ אָפּ. אַזוי ווי ער וואָלט פון אים אָפּשייד גענומען אויף ס׳גאַנצע לעבן. געלאָזט זיך מיטן גאַנצן הינטישן אימפּעט צום אָנגעוויזענעם פּלאַץ און אָנגעהויבן בילן.

וואַסילי איז געלעגן אַ מינוט, צוגעבויגן זיין אויער צו דער ערד, גע־הערט ווי די פויערים לויפן אָפּ אין דער צווייטער ריכטונג, — האָט ער זיך אַרויסגעוואָגט פון זיין באַהעלטעניש — אויף אַלע פיר געקראָכן אי־בער דער ערד צווישן די ביימער צום אַרויסגאַנג פון דער סאַדזאַווקע. ער האָט געוווסט, אַז דאָרט איז דער איינציקער וועג פון רעטונג. איצט אָדער קיינמאָל נישט.

פונדערווייטנס האָט ער געהערט, ווי „שפּיץ" האַווקעט, האַווקעט און אַנטלויפט. נאָך אים זענען נאָך איצט נאָכגעלאָפן די אַנדערע הינט, אַ קופּקע פויערים האָט געשריגן: „האַוו, האַוו, האַוו! —

וואַסילי איז אַריין אין אַ געדיכטעניש פון קזשאַקעס. זיין שווערער גוף האָט דורכגעבראָכן דאָס געוועב פון די פאַרטריקנטע צווייגן. זיינע הענט, זיין פּנים זענען געוואָרן צעריסן. זיין הוט האָט זיך פאַרטשעפּעט ערגעץ־ווו און שטעקן געבליבן. ביז וואַסילי האָט זיך צוגעקראָגן צו דער סאַדזאַווקע.

נישט אומזיסט איז וואַסילי אַזוי פיל יאָרן געגאַנגען אויף יאַגד אין זיין וואַלד. ער האָט אים געקענט ווי זיין אייגן לייב. גוט געוווסט, אַז מען קאָן זיך נישט דורכרייסן דורך די אויסגעפלייצטע וואַסערן. נישט איינמאָל געבליבן שטעקן אין די בלאָטיקע זומפּן איבער די שטיוול און געמוזט רופן די פויערים צו הילף, אַז זיי זאָלן אים אַרויסשלעפּן. נאָר איינמאָל האָט ער געיאָגט אין וואַלד אַ סאַרנע. ער איז געווען זיכער, ווי די פויערים איצט, אַז איבער דער סאַדזאַווקע וועט זי זיך נישט קאָנען דורכרייסן. די חיה האָט אָבער געוווסט פון אַ שטעג. אַמאָל, אין קדמונישע צייטן, האָט דאָס וואַסער געמוזט לייגן אָפּגעהאַקטע דעמבעס דורך דעם זומפּיקן טייג,

אָדער זיי זענען צופעליק אַליין דאָרט אַריינגעפאַלן. די ביימער פאַר־פוילט, פאַרגרינט, פאַרטרונקען, מ'זעט זיי מער נישט אַרויס. קיינער ווייסט מאַקע נישט פון דאָזיקן עקזיסטירנדיקן דורכגאַנג דורך די פייכטקייטן, — ביז די טאַרנע האָט עס אַנטדעקט פאַר וואַסילין. געשפּרונגען מיט אירע הויכע פיס פון איין אָפּגעהאַקטן דעמב צום אַנדערן, האָט זי זיך דורכגע־ריסן דורך דער פאַרשפאַרונג. מיט גרויס אינטערעס האָט ער זיך דענסטמאָל צוגעקוקט, ווי דאָס געווילד ראַטעוועט זיך דאָס לעבן. ביי יעדן פאַלשן שפּרונג שטעלט זי איין שטעקן צו בלייבן אין דער בלאָטע: פאַר טשע־קאַוועס האָט ער זי אַפילו נישט געשאָסן, כאָטש זי איז געווען אינעם שטח פון זיין ביקס. „אויסגעפונען דיר אַן אַרויסגאַנג — האָב אַ גוטן שליט־וועגס" — האָט ער איר צוגערופן און געהאַלטן דעם סוד פון פאַרבאָרגע־נעם דעמבענעם שטעג פאַר זיך.

איצט, בעת דער יאַגד אויף זיין אייגן לעבן, איז ער געקראָכן אין דעם זעלבן טאַרנע־וועג. דער הונט „שפּיץ" האָט מיט זיין לויפן און בילן אין דער אַנדערער ריכטונג פאַרפירט די פויערים צום ראַנד פון וואַלד. אַלע זענען געלאָפן נאָך „שפּיץ" צום דאָרף צו. דאָס האָט געגעבן וואַסילין צייט און געלעגנהייט אויסצוזוכן דעם וועג. און ווי די וואַלד־חיה אַמאָל, אין אַנגסט פאַר איר לעבן, —אַזוי איז ער אויך איצט געשפּרונגען פון איין דעמב איבער דעם אַנדערן דורך דעם געפערלעכן זומפּ. אים איז עס שווער אָנגעקומען. ער איז פון דער נאַטור נישט באַשאָנקען געוואָרן מיט לייכטי־קייט. די לעבנס־זיכערקייט פון דורות האָט פאַרטעמפּט אין אים דעם רע־טונגס־אינסטינקט, וואָס יעדעס וואַלד־באַשעפעניש פאַרמאָגט. דאָ און דאָרט האָט ער זיך אויסגעגליטשט, געפאַלן אין וואַסער, איז געווען נאָענט צו בלייבן שטעקן אין די זומפּן. נאָר די געפאַר פון טויט, וואָס האָט גע־לויערט הינטער אים, האָט געשאַפן וווּנדער. אַלע מניעות ביינעקומען און מיט זיין שווער לייב אַפילו דאָס פרילינגס־וואַסער פון דער סאַדזאַווקע אויסגעשטאַנען.

דריי טעג האָט ער זיך געשלעפּט מיט זיין פייכטן שעפּסן־פעלץ, מיט זיין צעריסן פּנים און צעקאַלטשעטע הענט, איבער פעלדער און וועלדער. שטעט, דערפעל האָט ער אויסגעמיטן, כאָטש איצט האָט אים קיינער שוין נישט געקענט אַלס דעם אַמאָליקן פּריץ פון סאַפּיאַנקע. ער איז מער ענליך

געוועז צו א ווילדן וואלד־מענטש, — וואס ער איז טאקע געוועז. ער האט געזעכטיקט אויף פייכטע בלעטער־קופעס, און גענערט זיך פון געגנבעטער מילך, וואס ער האט אויסגעמאלקן מיט זיין מויל פון די באַגעגנטע קי אויפן פעלד.

אין די וועלדער אַרום האט ער אנגעטראפן אויף מענטשן, וואס האבן אויסגעקוקט ענלעך צו אים. יענע אבער האבן געהאט ביקסן. צווישן די מענטשן האט ער דערקענט נישט איינעם פון זיינע אמאליקע פריצישע באַקאנטע. זייער גורל איז, מער אדער ווייניקער, געווען ענלעך צו זיינעם. עס זענען געווען א באנדע באנדיטן, באשטאנען אויס אמאליקע פריצים, וואס האבן זיך געזאמלט אין די וועלדער. ער האט באקומען א ביקס און זיך אן זיי אנגעשלאסן. אזוי ווי זייער צאל איז טעגלעך געוואקסן — האבן זיי באשלאסן צו פארלאזן דעם וואלד און אויף די שטעט צו גיין.

## קאפיטל 10

# נעכטלעכע געשפרעכן

נאך דער אקטאבער־רעוואלוציע האט חבר׳טע סאפיע אפגענומען פאר זיך און זאכארי מירקין א וווינונג אין א פריוואט־הויז אויף טשיסטאַ־פרודנע בולוואר.

די דאזיקע וווינונג איז געווען א „סטארא־סוויעטסקע“, מיט גערוימע, וויס־אפלאקירטע צימערן, מיט געוועלבטע סופיטן, אין ראמאנטישן סטיל איינגעארדנט, אין „בידער־מייער“־סטיל געהאלטענע מעבל, מיט העלע, ברייט־בייכיקע פון יעשן־האלץ אויסגעארבעטע קאמאדן, טישן און שענק. די שטולן מיט אויסגעהאפטן באדעקעכץ. אזוי אויך די ווענט באהאנגען מיט האנט־אויסגענייטע גאבעלינעס, מיט ראמאנטישע סצענעס.

נישט געקוקט אויף איר רעוואלוציאנערישקייט, האט זיך חבר׳טע סאַפיע געהאלטן פאר א גייסטיקער אריסטאקראטקע, און אלס אזעלכע האט זי אויסגעזוכט פאר זיך א פאסיקע וווינונג. אין דעם איז זי געבליבן געטריי צו איר כאראקטער. נאך פון איר קינדהייט אן האט זי געהאט א בענקשאפט נאך א רייכער אומגעבונג. אין א שול־אויפגאבע צו באשרייבן

איר היים, האָט זי אין איר פאַנטאַזיע רחל־לאהס באַשיידענע דירה פאַרוואַנדלט כמעט אין אַ פּאַלאַץ. אַ פּריוואַט הויז אויף טשיסטאָ־פּרודנע בולוואַר איז געווען איר גוסט. אַהין האָט זיך אויך אַריינגעצויגן חבר ריש־קאָוו, נאָכדעם ווי די רעגירונג איז אַריבערגעקומען קיין מאָסקווע, — טאַקע אויף איר רעקאָמענדאַציע. זי האָט געוואָלט אַזוי אַרום באַוואָרענען, אַז עס זאָל נישט זיין צופיל איינוווינער.

אַ חוץ דער רעוואָלוציע, אין וועלכער זי איז איצט געווען פאַרטון איבערן קאָפּ, האָט חברטע סאָפיע געהאַט נאָך איר אייגן פּערזענלעך לעבן.

קודם־כל האָט זי געמוזט איר רחל־לאהשע ענערגיע אויף עמיצן אויסגיסן. איר הערשנדיקע נאַטור האָט געזוכט אַ קרבן, און דעם דאָזיקן קרבן האָט זי געפונען אין זאַכאַרי מירקין, מיט וועמען זי האָט געוווינט צוזאַמען.

זי האָט אים פּשוט טעראָריזירט. מיט זיין — אָדער קעגן זיין ווילן, האָט זי אויף אים אָנגעוואָרפן איר מוטערלעכע נאַטור. זי האָט זיך געמאַכט פאַר אַן אויפגאַבע צו דערציען אַ „מאַן“ פאַר איר שוועסטער. צו דעם צוועק האָט זי אים פּשוט געהאַלטן ווי אין אַ קינדער־שטוב. אַלס שוועגערין, האָט זי זיך גענומען דאָס רעכט מיט אים צו קאָמאַנדעווען. ער האָט געמוזט אין אַלץ איר געהאָרכן, אָפּגעבן איר דין־וחשבון פון יעדן גאַנג און יעדן טריט, און ווו ער איז אָפּגעזעסן ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט, און אַז דאָס מעג ער יאָ עסן און דאָס טאָר ער נישט עסן; און אַז ביי דער קנאַפּקייט פון פעטס, גיט איי־ווייס דאָס נייטיקע קוואַנטום פון פעטס, מוז מען אויסזוכן די שפּייזן, וואָס האָבן אין זיך איי־ווייס. זי האָט אים אַליין געוואַשן יעדן טאָג. דאָס הויז איז געווען אַלט־פרענקיש, מיט איין באָדצימער ביי דער קיך. פלעגט זי טראָגן פון דער קיך וואַרים וואַסער. עס האָט זיך שוין אין איר געהאַט דערוועקט רחל־לאהס נאַטור. זי פלעגט הייסן מירקינען זיך אָפּוואַשן. זי האָט אים פאַרשאַפט וועש פון די שטיקער ציכן און ליילעכער, וואָס זיי האָבן געפונען אין דער וווינונג. זי פלעגט זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און איבערנייען פון אַ ליילעך אַ העמד, אַ פּאָר גאַטקעס, און דערביי מירקינען גוט אויסזידלען, פאַרוואָס ער גיט נישט אויף זיך אַכטונג און לאָזט זיך אָפּ, — אַזוי ווי אַ ריכטיק ווייב באַגייט זיך מיט איר אייגענעם מאַן.

און מען האָט אָנגעזען, אַז עס געפעלט איר די ראָל פון אַ מוטער,

וואָס זי האָט גענומען אויף זיך, און וואָס איז נישט געווען אין רעוואָלוציאָנערן גייסט. זי האָט זיך אָבער לויט איר כאַראַקטער פּשוט גענויטיקט אין דעם. יעדע פרוי, אַפילו די מאָדערנסטע, וואָס האָט שוין לאַנג גובר געווען איר ווייבערשן כאַראַקטער, וועט אָבער קיינמאָל איר מוטערלעך רעכט נישט פאַרבייגן. און האָט זי נישט קיין אייגענע קינדער, קיין אייגענעם מאַן, איבער וועמען צו געוועלטיקן, וועט זי זיך אויסזוכן דעם נאָענטסטן, וואָס וועט קומען אונטער איר האַנט. צו קאָמאַנדירן האָט זאַשקע געהאַט גערן פון קינדהייט אָן. זי האָט תמיד געמוזט האָבן עמיצן אונטער זיך, אויף וועמען אויסצוגיסן איר הערשערישע נאַטור: צוערשט אויף דער שוועסטער, און אַז עס איז נישט געווען די שוועסטער, איז כאָטש אויף איר חתן. זי האָט זיך פּשוט מחיה געווען מיטן שוואַכן מירקין. זי האָט געקאָנט אויף אים לאָזן פילן איר גאַנצע קראַפט. און, ווי עס זעט אויס, איז די דאָזיקע ראָל מירקינען גאָרנישט געווען דערווידער. ער האָט זיך דערמיט נישט בלויז צופרידנגעשטעלט, נאָר עס האָט אים אויך באַהערשט אַן אינערלעכע הנאה, ווען ער האָט זיך, ווי אַמאָל אין זיינע קינדער־יאָרן, געפילט אַרונטערגענומען אונטער אַ שטאַרקער ווייבערשער האַנט, וואָס האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ קינד און הערשעריש.

עס זענען פאַראַן מאַנספּאַרשוינען, אויף וועמען פרויען האָבן ליב אויסצואיבן זייער מוטערלעכקייט. מירקין האָט געהערט צו יענע נאַטורן, וואָס טראָגן מיט זיך דעם געטראַנק פאַר ווייבערשער דורשטיקייט נישט נאָכן מאַן, נאָר נאָכן קינד...

אין זאַשקען זענען געווען פאַרקערפּערט די אַלע ווייבערשע געשטאַלטן, צו וועלכע מירקין האָט געטראָגן זיינע פאַרשטיקטע תאוותדיקע פאַרלאַנגען. קודם־כל איז אין איר געווען אַ שטיק רחל־לאה, די זעלבע ענערגיע און אַנטשיידנהייט. שוין מיט איר אויסערלעכקייט האָט זי דערמאָנט אָן דער מוטער. איר אַנטוויקלטער, פליישיקער מילך־קערפּער האָט פאַרבלענדט מיט דער בלאַנקייט פון זיין ווייכער, ווייסער הויט, דורכגעוועבט מיט בלויע אָדערן, אומעטום, ווו ער האָט זיך נאָר אַרויסגעוויזן.

און ווי אַ שוימענדיק געטראַנק האָט זיך איר קערפּער אַרויסגעגאָסן פונעם ברייטן האַלדז־דעקאָלט, פון די קורצע אַרבל, פון די תמיד צו־ענגע ווייסע בלוזעס, וואָס זי האָט געטראָגן. עס איז געווען אַזוי ווי אין איר

ראַנדערדיקן מיידלשן קערפּער וואָלט זיך געווען אַריינגעגאָסן דער ווייבער־זאַפט פון אַנדערע, שוין לאַנג פאַרשטיקטע תאוות, וואָס האָבן זיך איצט ווידער אָנגעהויבן צו וועקן.

אַ גאַנצן טאָג איז געווען שטיל אין דעם איינזאַמען גרויסן הויז אויף טשיסטאָ־פּרודנע־בולוואַר. די אַלטע באַלעבאַטים, — אַ ייִנגערע און אַן עלטערע דאַמע, וואָס מען האָט נישט געקאָנט דערגיין זייער משפּחה־שייכות, — האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די פּאָר זייער איבערגעלאָזטע ווינקל־צימערן. זיי האָט באַדינט אַן אַלטע דינסט, וואָס איז זיי, ווייזט אויס, געבליבן געטריי. זיי האָבן געהאַט מורא די נאָז אַרויסצוּוויַיזן, כאָטש אַ גאַנצן טאָג איז קיינער נישט געווען אין הויז, אַלע האָבן זיך געפונען ביי דער אַרבעט אין זייערע ביוראָס. אַ חוץ דעמאָלט, ווען מען האָט באַדאַרפט עפּעס צוטראָגן אין מאַרק אַריין צו פאַרקויפן און זיך דערפאַר איינשאַפן עסן, האָט מען זיי נישט אָנגעזען. פאַרנאַכט, אַז חברטע סאָפיע איז צוריקגעקומען, איז דאָס גאַנצע הויז באַלד געוואָרן פול מיט איר. זי האָט קאָמאַנדעוועט אין דער קיך מיט די אַנדערע שכנטעס, זיך געקריגט, אויסגעפירט שטענדיק דאָס איריקע. זי האָט צוגעגרייט דאָס עסן, ענערגיש, מיט שטאַרקע טריט אַריינגעבראַכט עס אין איר שטיבל. אַז זי איז געגאַנגען, האָט זיך די אַלטע דעמבאָווע פּאָדלאָגע, וואָס האָט גערוט אויף פאַרפוילטע בעלקעס, געשאָקלט און געוואַקלט אונטער אירע טריט. מירקין האָט ליב געהאַט צו הערן דאָס ציטערן פון דער פּאָדלאָגע אונטער אירע טריט. אַזוי ווי די גאַנצע וועלט, וואָס דאָס דאָזיקע אַלטע הויז האָט סימבאָליזירט, וואָלט געציטערט פאַר די נייע, שטאַרקע טריט, צו וועלכע עס איז נישט געוווינט געווען. ..

חברטע סאָפיע האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין „אָקטאָבער". חברטע סאָפיע איז מיט אַ ביקס אין דער האַנט געפאָרן אויף אַ געפּאַנצערטן אויטאָמאָביל פון גובערנאַטאָרס הויז אין די ראַיאָנען. חברטע סאָפיע האָט פאַרמאָגט אין זיך אַן איבערגעשוימטע ענערגיע, וואָס האָט זי געטראָגן צו טויזנטער באַשעפטיקונגען. אָט איז זי געווען אין אַ קאָמיסיע פאַר נייע דערציאונגס־מעטאָדן, ווו זי, חברטע סאָפיע, האָט געמאַכט די ווילדסטע פאָרשלאָגן, די פאַנטאַסטישסטע עקספּערימענטן. אַלטע, גענייטע פּעדאַגאָגן האָבן געציטערט פאַר איר, מורא געהאַט זיך איר אַנטקעגנשטעלן. און אין אַ שעה אַרום געפינט זי זיך שוין אין אַ נייער קאָ־

מיסיע וועגן רעגולירן די באַציאונגען צווישן מאַן און ווייב אין דער רע־וואָלוציע. זי וואַרפט אָן איר דעה וועגן חתונה און צעשיידונג — אויף אַלע יוריסטן. צווישן די דאָזיקעביידע קאָמיסיע־זיצונגען איז זי נאָך אויף אַן אַגיטאַציע־מיטינג אין אַ הויף פון אַ פאַבריק, אָדער גאָר אין אַ קאַזאַרמע, ווו מען פּלאַקערט־אויף די פון פראָנט אַהיימקומענדיקע סאָל־דאַטן זיך אָנצושליסן אין דער רויטער אַרמיי.

חברטע סאָפיע, וועלכע האָט נישט קיין מורא פאַר די גרעסטע קאַרפּן־קעפּ און זאָגט זיי אַריין, ווען מען באַדאַרף, — אָט די דאָזיקע חברטע סאָפיע, פאַר וועלכער מען ציטערט, דערפאַר ווייל זי איז אַ נאָענטע מחותנתטע מיטן חבר מאַרעק, — האָט זיך ליב צו פּיעשטשען אַ שרעק... זי האָט ליב צו פּיעשטשען זיך פאַר יונגעלייט. זי איז שטרענג, ווי אַ קאַלטער אייז־באַרג. אָבער זי קאָן אינמיטן דערינען, אומגעריכט, גאָר קומען אַריינצושליכן ביינאַכט און זיך לייגן צו מירקינען אויפן גע־לעגער. און אַזוי ווי זי וואָלט זיך אַליין נישט פאַרגינען, ליגט זי אין קליידל. זי נעמט מירקינס באַבאָרדיקטן קאָפּ אויף אירע נאַקעטע אָרעמס, טוליעט אים צו צו איר פלײשיקן ברוסט־קאַסטן און רעדט וועגן די גרוי־סע פּלענער, וועגן דער ליכטיקער וועלט, וואָס קומט:

— אין דער דייטשער אַרמיי פילט זיך שוין דער צוזאַמענברוך, די סימפּאַטיעס צו דער רעוואָלוציע. דער דייטשער אימפּעריאַליזם מאַכט דעם לעצטן אָנשטרענג. עס וועט אים אָבער גאָרנישט העלפן.

און אַז מירקין ווערט צעפּלאָמט פון איר וואַרימען אָטעם, נאָרעט זיך מיט זיין פּנים אין איר האַלדז, זוכט מיט די הענט איר פלײשיק לייב, גיט זי אים פון זיך אַן ענערגישן שטופּ־אָפּ, און אַ נעם אַרום מיט אירע שטאַרקע הענט און אַ שטאַרקן דריק זיין קאָפּ צו זיך (זי מעג — ער טאָר נישט).

— שאַ, שטיל. אין דער פראַנצויזישער אַרמיי איז אויך נישט בע־סער. אַ גאַנצער פּולק האָט זיך געבונטעוועט, נישט געוואָלט שיסן. האָסט געלייענט? די וועלט־רעוואָלוציע קלאַפּט אין די טירן.

זי ווערט דערוואַרימט פון מירקינס ווייכע, פּיעשטשענדיקע הענט. די בלוט־טראָפּנס קומען אָן צולויפן און קלאַפּן אָן אויף איר שיינענדי־קער, ווייסער הויט. איר האַלדז ווערט ווייך, לעבעדיק. ער ציט זיך אויס מיט זיין מילך־ליכט, ווי אַ פאַרבענקטער שוואַנען־האַלדז, און בעט זיך,

אַז מען זאָל אים גלעטן, האַלדזן, פּיעשטשען. די האָר — צעלאָזט, צע-װינטיקט. אירע אויגן שײַנען. איר גאַנצער קערפּער איז אויפגעפרישט מיט יוגנט. אין אַזעלכע אויפגעוועקטע מאָמענטן ווערט חברטע סאָפיע סענטימענטאַל. יאָ, זי קאָן ווערן סענטימענטאַל ביז צו טרערן, ווי ביים אָנבליק פון אַרבעטער-גויט. דעמאָלט האָט זי געקאָנט פאַנטאַזירן:

— דו פאַרשטייסט, זאַכאַרי, אין וואָס פאַראַ צייט מיר לעבן? — זאָגט זי אַ באַגייסטערטע און פאַרגעסט נישט דערביי נאָך וואַרימער, נאָך טיפער אַרײַנצוקוקנען מירקינס פּנים, מויל און אויגן אין איר באַ-לעבט, אויפגעברויזט פלייִשיק-מילכיק בריסטן-לייב. — דורות און דורות זענען אַוועק פון דער וועלט אין צער, אין פּיין, האָבן קיין זונען-שטראַלן אין זייער לעבן נישט געזען, און קיין האָפענונג האָט ביי זייער טויט נישט געשיינט. אָך, ווען מען קאָן זיי איצטער אויפוועקן! פאַרוואָס גלויבן מיר נישט, ווי די פרומע, אין תחית־המתים? אָך, ווען מיר קאָנען זיי איצט אַרויסכישופן פון זייערע גריבער און זאָגן: הייבט אייך אויף, קינדער! נעמט־אָפּ, נעמט־אָפּ פאַר אייער געפּייניקט לעבן! דו פאַרשטייסט, זאַ-כאַרי, צו וואָס מיר האָבן דערגרייכט? מיר האָבן דאָך אויפגעעפנט די טיר, מיר זענען דאָך אָנגעקומען צום ציל! אַלצדינג איז דאָך אין אונ-דזערע הענט, אַלץ! און מיר קאָנען דאָך אַלץ טון, זאַכאַרי! הער, הער, זאַכאַרי! — וועקט זי אים אַרויס פון זיין לײדנשאַפטלעכער פאַרשמאַכט-קייט. — מיר וועלן טון אַלצדינג, מיר וועלן אַוועקשטעלן אַן אָרדענונג, וווּ עס וועלן נישט זיין קיין שוואַכע און קיין שטאַרקע, קיין אונטערדריי-קונג. דו פאַרשטייסט דעם חלום, נאָך וועלכן עס האָבן געבענקט דורות? משיחס צייטן! געוויס, געוויס וועלן מיר איינשפּאַנען די וויסנשאַפט, ווי אַ פערד, אין אונדזער יאָך, אַז זי זאָל אונדז דינען. נישט צו פאַרשפּרייטן צער און פּיין, ווי זי טוט עס איצט ביי דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדע-נונג, ווו די ראַציאָנאַליזאַציע וואַרפט אַרויס טאָג-טעגלעך צענדליקער טוי-זנטער אַרבעטער אויף דער גאַס, צעפירט היימען, מאַכט אומגליקלעך פאַמיליעס, הונגערט אויס קליינע קינדער, און דער גאַנצער פּראָפיט גייט פאַר די באַלעבאַטים. ביי אונדז וועט די ראַציאָנאַליזאַציע, אַנשטאָט וואָס זי איז אַ קללה, ווי ביי זיי, ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ ברכה. דער מענטש וועט, ווי אַ העכער וועזן, נאָר אַרומגיין אַרום דער מאַשין און געבן אַכ-טונג אויף איר, כדי זי זאָל פאַר אים טון זיין ווילן. אַנשטאָט די מאַשין

זאָל פאַרקנעכטן דעם מענטש, ווען מיר פאַרשקלאַפּן די מאַשין. צוויי שעה אין טאָג, פינף טעג אין דער וואָך. דער מענטשלעכער פלייס וועט אונדז פאַרענטפערן אַלע נויטן. און דער מענטש וועט קאָנען זיין גאַנצע צייט זיך אָפּגעבן מיט זיין אינערלעכער באַפרייאונג. שטעלסט דיר פאָר, ווי די וועלט וועט דעמאָלט אויסזען? איך שטעל זי מיר פאָר אַ זינגענ־דיקע. אַז דעם מענטש איז גוט, זינגט ער, ווי דער פויגל. נעם אונדזערע יונגען: נעכטן בין איך געווען אין אַ גיסעריי. שטייען מענטשן מיט צע־היצטע לייבער ביי די ברענענדיקע אויוונס און זינגען. דו פאַרשטייסט, — זיי זינגען. וואָס, שלעכט צו זיין אַ רינגעלע אין דער קייט, אין וועל־כער מיר זענען פאַרכישופט? ווי אַזוי האָבן מיר געקאָנט זיין גוט איינער צום אַנדערן, אַז אַלצדינג אַרום איז געווען שלעכט? דאָס גאַנצע סיסטעם איז דאָך געווען אַזעלכעס, צי ער האָט יאָ געוואָלט, צי ער האָט נישט געוואָלט, — האָט יעדער איינער געמוזט זיין דער האַמער פאַרן אַנדערן, דינען אַלצדינג. יעדער איינער איז געווען פאַרשקלאַפּט צו אַ העכערן פון אים, און האָט אונטערדריקט אַ נידעריקערן. אָבער ווען דאָס סיסטעם וועט זיין אַן אַנדערס, עס וועט זיין אַן אַנדערער אופן פון לעבן, וועט שוין די אויסערלעכקייט אַליין ווירקן אויפן מענטשנס כאַראַקטער, און ער וועט שוין נישט קאָנען גאָר אַנדערש טון. איך מיין, אַז מען וועט גאָר־נישט דאַרפן איינעמען די וועלט, זי אַגיטירן פאַר אונדזער אידעאַל. אונדזער לעבן וועט דינען פאַר אַ משל. אַזוי ווי די באַרבאַרישע פעלקער האָבן אַמאָל געטון: „שיקט אונדז אַפּאָסטאָלן", — אַזוי וועלן זיי קומען צו אונדז. מיר וועלן גאָרנישט דאַרפן אַריבערפירן די וועלט צום קאָמו־ניזם דורך שווערד און אייזן. די וועלט וועט אַליין קומען צו אונדז בעטן זיך, אַז מען זאָל איר שיקן אַפּאָסטאָלן איינצופירן דעם נייעם גלויבן, פונקט ווי אין אָנהייב פון קריסטנטום. זאַכאַרי, דו הערסט מיך?

— יאָ, יאָ, איך הער דיך, זאָשקע: איינצופירן דעם נייעם גלויבן. און דו, זאָשקע, גלויבסט טאַקע, אַז עס וועט אַלצדינג אַזוי זיין?

— און דו נישט? — פרעגט זי אים אַ דערשראָקענע און זעצט זיך אויף אויפן בעט.

— איך בין זיך מודה, אַז טיילמאָל ווערט עס פאַרנעפּלט פאַר מיר, איך פאַרליר דעם גלויבן, ווען איך קוק זיך צו צו די ליידן און פיין, וואָס מיר פאַרזייען אַרום אונדז, צי מיר ווילן יאָ, צי מיר ווילן נישט. —

שטעלט זיך מיר אָפּט די פראַגע: צי האָבן מיר אַ רעכט צו ברענגען אַזוי פיל קרבנות, צו פאַרגיסן אַזוי פיל בלוט פאַר דעם דאָזיקן גן־עדן? און פאַרגעס נישט, די לײַדן הייבן זיך דאָך ערשט אָן. מיר האָבן דאָס אַלץ געטון, כדי צו מאַכן אַן ענד צו דער מלחמה, און אַליין רופן מיר איצט די אַרבעטער אין דער רויטער אַרמיי. אַנדערע האָבן דאָס געטון אין נאָמען פון „פאָטערלאַנד", „רעוואָלוציע"; מיר טוען דאָס איז נאָמען פון „אָקטאָבער". באַלד וועלן מיר זיי מיט באַגנעטן און פּיסטאָלעטן יאָגן צום פראָנט.

— וואָס זאָלן מיר טון, ווען דער בירגער־קריג קלאַפּט־אָן אין אונדזער טיר? קאָרנילאָוו זאַמלט קאָזאַקן אויפן פראָנט. זאָלן מיר זיך אפשר לאָזן אויסשעכטן?

— געוויס, געוויס איז דאָ אַ סיבה דערצו. ווער זאָגט דען אַנדערש? עס שאַפן זיך סיבות, וועלכע מען דאַרף באַזייטיקן, און זיי באַרעכטיקן אַלע גוואַלדטאַטן. עס ווייזט אויס, אַז יעדע אידייע ווערט געבוירן מיט שטעכנדיקע קאַם־זייטן אויסצוקעמפן זיך אַ וועג אין לעבן. נאָר די גוטע יאָרן ווייסן זיי, די אידייען: ווען זיי געפינען זיך נאָך אין סטאַדיע פון עמבריאָנען, איינגעוויקלט אין די הויט־פאַלדן, קוקן זיי פון דאָרט אַרויס, ווי כשרע קעלבלעך, וועלכע ווילן גאָרנישט, נאָר קומען אויף דער וועלט, כדי צו געבן מילך. קוים אָבער קומען זיי אַרויס, וואַקסן ביי זיי באַלד אַרויס שטעכנדיקע הערנער, און זיי הייבן־אָן צו באָדזשען, איידער זיי גיבן נאָך דעם ערשטן טראָפּן.

— וואָס מיינסטו דערמיט? — פרעגט אים זאָשקע.

— כאָטש אונדזער באַציאונג צו די בורזשויען! זייער לעבן, זייער טון — זענען געווען, ווי ביי יעדן איינעם פון אונדז, פאָלגן פון צייט און אומשטענדן, און מיר ווייסן נאָר פון נקמה. זיי זענען דאָך אויך אַ טייל פון דער מענטשהייט, פאַר וועלכער מיר האָבן באַפרייט די וועלט.

— נישט פאַר מיר. פאַר מיר זענען זיי שטשורעס אַזעלכע, כאָטש איינזאַמלען זיי אין אָפּגעשלאָסענע שטעט און אָנשטעקן זיי מיט טיפוס.

— זאָשקע! — שרייט אויס מירקין.

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר די פלאַמען, וואָס האָבן געברענט אין אירע אויגן. אויף זיין בעט איז געזעסן אַ לייבין אינעם העל-שיינענדיקן, מיידלשן קערפּער.

— דו ווייסט, אז ווען איך הער דיך אזוי רעדן, ציטער איך פאר־דיר. מיר דאכט זיך, אז דו וואָלסט דאָס געקאָנט טון מיט דיינע אייגענע הענט, — זאָגט מירקין.

— וואָס? — לאַכט זי אים מיט אַ קאַלט געלעכטער אין פּנים אריין.

— מענטשן הרגענען! — ענטפערט מירקין.

— אויב עס וואָלט געווען נויטיק פאַר דער רעוואָלוציע, פאַרוואָס נישט? מיט אַ געוויסן סאָרט מענטשן וואָלט איך עס געטון מיט פאַרגעניגן.

— מיט פאַרגעניגן זאָגסטו? — גייט אַדורך אַ מאָדנער טרייסל זיין קערפּער.

— און זיי האָבן אונדז געמעגט אויסראָטן? מיר זענען געווען נוצלעך, זיי האָבן באַדאַרפט אונדזער הינטיש לעבן, האָבן זיי אונדז געלאָזט לעבן. אָבער ווי אַזוי? אָנגעקייטלט צו זייערע קעלערס, אין די קיכן, אין זייערע פאַבריקן, אין די קוילן־גריבער, אויף די דעקן פון די שיפן. ווען מיר וואָלטן זיי געווען איבעריק, וואָלטן זיי פאַרשפּרייט די פּעסט צווישן אונדז. דערמאָן זיך, ווי זיי האָבן געהאַלטן די מענטשן, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אַרום זייער אייגן לייב, די, וואָס האָבן זיי געגעבן צו פרעסן, דאָס מיסט אָוועקגעקערט פון אונטער זיי, די שמוציקסטע זאַכן געטון, וואָס די אייגענע מוטער וואָלט זיך דערפאַר געעקלט. האָבן זיי באַטראַכט זייערע דינער פאַר זייערס גלייכן? די הינט, די קעץ זענען דאָך זיי מער אָנגעגאַנגען, ווי דער מענטש. אַזוי האָט עס זיך געצויגן דורות און דורות. און אַזוי ווי מיר ביי זיי, אַזוי זענען זיי ביי אונדז. איך ווער אַ צעקראָכענע באָבע, אַז איך זע פאַלן אין גאָס אַ פערד אונטער דער משא. איך קאָן זיך דענסטמאָל צעכליפּען. דערפאַר האָט מען מיך טאַקע אינדערהיים גערופן „כליפּע באָבע". יעדן פאַרוואָרלאָזטן הונט האָב איך געבראַכט אַהיימצושלעפּן, יעדע פאַרלאָזטע קאַץ. אָבער אויף זיי קאָן איך נישט האָבן קיין רחמנות. דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? עס איז אַ ליגן, ווען מען רעדט וועגן פעלקער און בלוטראַסן. די בורזשואַזיע איז גוט קאָסמאָפּאָליטיש. עס עקזיסטירן אָבער קלאַסן־ראַסן. אַז איך דערזע אַן אַרבעטער, אַ פּראָלעטאַריער, דערפיל איך באַלד, אַז איך באַלאַנג מיט אים צו איין ראַסע. כאָטש איך האָב דאָך

קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געאַרבעט פיזיש. עס מאַכט נישט אויס: דער הונגער, די נויט, די פּראָלעטאַרישע אַטמאָספערע, אין וועלכער מען האָט זיך דערצויגן, באַשאַפט דאָס בשותפותדיקע ראַסן־געפיל. צו מענטשן פון אַן אַנדערן קלאַס האָב איך נישט קיין באַציאונגען. זיי עקזיסטירן נישט פאַר מיר אַלס אַזעלכע, וואָס זענען ענלעך צו אונדז, וואָס עס רינט בלוט אין זייערע אָדערן, און אַז מען שטעכט זיי, טוט זיי וויי. פאַר מיר זענען זיי אַ גאַנץ אַנדערער מין. איך וויל נישט, איך האָב גאָרנישט קיין צייט זיך מיט זיי מענטשלעך צו פאַראינטערעסירן. זיי עקזיסטירן נישט פאַר מיר. ווען מען דאַרף זיי אָפּרוימען, רוימט מען זיי אָפּ, ווי פאַלנדיקע בלעטער פון אַ בוים.

זי איז אויפגעשטאַנען פון בעט, ווען זי האָט דאָס געזאָגט. דאָס לייכטע קלייד, וואָס זי טראָגט תמיד אין הויז, און וואָס איז געווען ברייט אויסגעשניטן, האָט זיך אַראָפּגערוקט און אַנטפּלעקט אַ רונדיקן, שטאַרקן ווייבלעכן אָרעם, בליענדיק אין יונגנט־פרישקייט אין דעם רויט־פאַלנדיקן שיין פון לאָמפּ. אירע קורצע האָר זענען געווען צעפּלאָשעט און צעוואָרפן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פויגל און זיי צעפליען זיך אויף אַלע זייטן. איר פּנים, הגם אויסערלעך קאַלט און רואיק, איז געווען זייער שיין אין דעם דאָזיקן מאָמענט. אַ פאַרחלומטקייט האָט געשוועבט דעריויף. פון אי־רע אויגן האָט געשלאָגן אַ קאַלט, גזלניש פייער, וואָס האָט נאָך מער געדייצט דורך דעם, ווייל אירע אויגן האָבן געשמייכלט, בשעת זי האָט געזאָגט די דערמאָנטע ווערטער.

מירקין האָט אויף איר געקוקט מיט אַנטציקונג און גלוסטונג. ער האָט זיך אָבער, בשעת־מעשה, נישט געקאָנט באַפרייען פון אַ פּיינלעך געפיל, וואָס האָט אים באַאומרואיקט. ער האָט זיך דערשראָקן פון אירע ווערטער, ווייל זיי זענען געווען אמת. ער אַליין האָט אָנגעהויבן לעצטנס צו פילן דעם כוח פון „ראַסע", זינט ער האָט זיך באַגעגנט מיט זיין פאָ־טער אין פּעטראָגראַד, און נאָך מער — זינט זיין פאָטער וווינט דאָ אין מאָסקווע, און ער באַזוכט אים פון צייט צו צייט אין געהיים. ער פילט אַ רירנדיקע שוואַכקייט צו אים און צו זיין גאַנצן קלאַס, וואָס ליידט. די דאָזיקע שוואַכקייט, האָט ער מורא געהאַט, שטאַמט נישט בלויז פון פאַמיליע־געפיל, נאָר פון אַ פיל שטאַרקער, אפשר פון דעם געפיל, וועגן וועלכן עס רעדט דאָ זאָשקע.

— וועגן וואָס קלערסטו? — האָט אים געפרעגט זאָשקע.

— איך קלער וועגן דעם, אַז אויב אַזוי, געהער איך דאָך, לויט מיין אָפּשטאַם, צום אַנדערן צד, וואָס דו ווילסט אַזוי קאַטעגאָריש אויס־ראָטן, — זאָגט מירקין.

— דו האָסט אים פאַרראָטן, — לאַכט אים זאָשקע אין פּנים אַריין, — און ביסט אַריבערגעלאָפן צו אונדז.

— דאָס איז טאַקע די פראַגע, אויב איך קאָן אים פאַרראָטן. קאָן מען זיך באַפרייען פון ראַסן־געפילן? צי הערשן זיי נישט איבער אונדז, קעגן אונדזער ווילן און איבערצייגונגען? דער מענטש לעבט־איבער זיינע שטאַרקסטע איבערלעבענישן אין זיינע קינדער־יאָרן. דאָס איז דאָס אמת־דיקע פאָטערלאַנד זיינס, אין וועלכן ער שטעקט אין משך פון זיין וויי־טערדיק לעבן. איך האָב דאָך קיינמאָל נישט געזען די מענטשלעכע ליידן פון דעם צווייטן צד, אַזוי ווי דו האָסט זיי ערשט געשילדערט. איך האָב נישט געהונגערט, בין קיינמאָל נישט געווען היימלאָז, און איך מוז זיך מודה זיין, זאָשקע, אַז איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען קלערן וועגן צווייטן צד אַזוי ווי דו און די אַנדערע חברים. פאַרקערט, איך פיל מיטן גאַנצן האַרצן די עוולה, וואָס איר באַגייט איצט קעגן אים. מיין גאַנצע סימ־פּאַטיע וואַקלט זיך אויף דער זייט פון דעם, וואָס ליידט. און אַזוי ווי דער צווייטער צד איז איצט דער ליידנדיקער, גייט מיין סימפּאַטיע צו אים. זאָל דאָס נישט זיין ראַסע־געפילן, וועגן וועלכע דו רעדסט?

— נו, דיר וועט שוין גאָרנישט העלפן, זאַבאַריושקע — דו האָסט זיך שוין אַזוי בלאַמירט. צי דו ווילסט יאָ, צי דו ווילסט נישט, שטעקסטו שוין דאָ אויף אונדזער זייט. מעג דיך דיין ראַסן־געוויסן בייסן, פּלאָגן — דו וועסט שוין בלייבן שטיין אויף דער זייט פראָנט.

— איך ווייס נישט, — זאָגט מירקין, האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס. — איך וועל קיינמאָל נישט טון עפּעס, וואָס זאָל זיין קעגן מיין געוויסן. איך מיין עס מיט אַן ערנסט.

— אפילו ווען דאָס זאָל זיין נויטיק צו טון פאַר אונדזער זאַך, פאַרן פּראָלעטאַריאַט?

מירקין קלערט אַ ווײַלע.

— נויטיק רוף איך נישט דאָס, וואָס איז נויטיק פאַר דער אָדער פאַר יענער „ראַסע“, צי „קלאַס“, נאָר פאַר דער אַלגעמיינהייט.

— „אַלגעמיינהייט"! וועלכע? אונדזערע אָדער זייערע? עס זענען דאָ א סך, — זאָגט זאָשקע.

— זאָשקע, איך וועל דיר עפּעס זאָגן: די געשפּרעכן, וואָס איך הער איצט אַזוי אָפט פון דיר און די חברים, פירן מיך צו זייער טרויעריקע געדאַנקען. איך מיין, אַז די שנאה, וואָס רעדט אַרויס פון אייך, איז נישט קיין שנאה צום „שלעכטן" אַלס אַזעלכן. דאָס „שלעכטע" האָט איר פאַרגעסן. איר זאָרגט נישט צו מאַכן אַן ענדע פון שלעכטן, נאָר צו נעמען נקמה פון מענטשן. אַזאַ שנאה איז נישט קיין פּרוכטבאַרע, נאָר א צעשטערנדיקע. איר אַליין ווערט איצט די טרעגערס פון שלעכטס, פּונקט ווי עס איז געווען דער צווייטער צד.

— זאַכאַריושקע, דו מיט דיין בערדל ביסט דאָך נאָך גאָר א קינד! ווער רעדט פון מאָראַל? מאָראַל איז געשטאָרבן צוזאַמען מיט דער אַלטער וועלט. עס איז דאָ א נייע „מאָראַל", — די מאָראַל פון דער רעוואָלוציע.

— אַזוי האָבן אַלע געזאָגט, זאָשקע. יעדע דאָגמע און רעליגיע האָט געשאַפן איר אייגענע מאָראַל, און דאָס איז דאָס געפערלעכסטע. איך גלויב, אַז עס איז דאָ איין־איינציקע מאָראַל פאַר אַלע צייטן און אַלע וועלטן, די מאָראַל פון אמת און פון מענטשן־ליבע. קיין אַנדערע מאָראַל איז נישטאָ.

— גוט, גוט, זאַכאַריושקע.

און זי האָט שוין צוגענומען זיין באַבאָרדט פּנים צו איר באַלעבעטער ברוסט און אים געטוליעט צו זיך: „נו, קאָנסטו נישט ליגן א מינוט רואיק? שוויַיג, וועל איך דיר עפּעס דערציילן, ווענן העלענקען וויל איך דיר דערציילן. דו ווייסט, וואָס מיר האָבן ביידע אָפּגעמאַכט צווישן זיך, ווען מיר פלעגן אַלס קינדער ליגן צוזאַמען אין בעט? הער".

חברטע סאָפיע איז געוואָרן סענטימענטאַל.

## קאַפּיטל 11

# נקמה פאַר דורות

די צוויי פרויען אין דער וווינונג אויף טשיסטאַ־פּרודנע זענען גע־ווען אַ יינגערע און אַן עלטערע. די יינגערע, האָט מען געוווּסט איז די גרעפין ס., די רייכע יורשטע פון אַ באַריממטער באַיאַרן־פאַמיליע. די עלטערע — איר פראַנצויזישע דערציערין. זיי זענען געבליבן שטעקן דאָרט, ווו די רעוואָלוציע האָט זיי פאַרכאַפּט און האָבן נישט געקאָנט זיך אַרויסקריגן. זיי האָט באַדינט אַ טריי־געבליבענע לייב־דינערין, וואָס פלעגט אַרויסטראָגן אויפן מאַרק הויזלעכע זאַכן צו פאַרקויפן און פאַר דעם געלט איינשאַפן שפּייז. די פּריצהטעס אַליין האָט מען כמעט נישט אָנגעזען. זיי זענען געבליבן פאַרשטעקט הינטער דער טיר פון זייער צי־מער. טיילמאָל פלעגט זיך נאָר דורכגליטשן אַן אָנגענעמע סילוועטקע פון אַ יוגנטלעך פרויענצימער, פלינק פאַרביישוואוומענדיק דעם קאָרידאָר. זי פלעגט ווערן אויפגעשראָקן, ווי אַ יונגע הירשין פון אַ באַגעגעניש און באַלד פאַרשווינדן הינטער דער סודותדיקער טיר... ס'האָט זיך אויך קיי־נער מיט די פרויען נישט אינטערעסירט. אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען שאָטנס פון אַ געשטאָרבענער וועלט, וואָס שלייכן זיך אַרום ביינאַכט אין זייער אַלטן פּאַלאַץ. קיינער נישט, אַ חוץ דעם חבר רישקאָוו.

חבר רישקאָוו האָט זיך באַזעצט אין גרויסן „דירעקטואַר"־סאַלאָן, וואָס האָט זיך געגרענעצט (דורך אַ פאַרהאַקטער טיר, פאַרשטייט זיך) מיט די צימערן, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די באַלעבאָסטעס.

די הויכע געוועלבטע פענצטער מיט די לייכטע באַטיסט־פאָרהענגלעך, זענען אַרויסגעגאַנגען צום גרוימיקן גאָרטן־הויף. אויפן פאַרשנייטן הויף זענען נאָך געשטאַנען, פון זומער־איבערגעבליבענע, די מאַנגאָליע־ און ראָדאָדענדראָן־בלומען־טעפּ אין גרויסע הילצערנע באַליעס, ציטערנדיקע ווי פאַרפרוירענע קינדער, וועלכע מ'האָט איבערגעלאָזט אין דרויסן ווינ־טערן, צוליב דעם, וואָס קיינער האָט נישט געזאָרגט זיי אונטער אַ דאַך צו נעמען.

דער אויפזעער פונעם הויז, וואָס איז געוואָרן אַריינגעזעצט דערין דורך די נייע באַלעבאַטים, האָט זיך באַזעצט אין דעם אַריינפאָר־הייזל

און האָט, פאַרשטייט זיך, געשיקט צום טייוול די אַלטע בורזשואַזע איינ־ריכטונגען. נאָר צוליב עפּעס אַ פאַרזען האָט מען נישט צעהאַקט די אייז־דעלעביימלעך אויף הייץ־האָלץ, ווי מ׳האָט געטון מיט די אַנדערע.

דער סאַלאָן איז געווען אַ ברייט־געראַומיקער, אַלטמאָדישער, און ווי דאָס גאַנצע הויז — אָפּלאַקירט אויף ווייס מיט ראָמאַנטישע סצענעס. בלאָנד־יעשאַנאָווע שויבן־שענק מיט גרינעם אונטערשלאָג, אָנגעשמעלט מיט רוסישן פאָרצעלאַן. קאַנאַפּעס און שטולן, אַלע באַנייט מיט האַנט־אויסגעהאָפטענע גאָבעלינען, פון זיידנס צייטן, אין שלעכטן לואי־פיליפּ־סטיל. אין סאַלאָן אַריין איז אויך געוואָרן איבערגעשלעפּט פון אַן אַנ־דערער שטוב, אַ שווער, מיט בראָנדז באַקלאַפּט אַמפּיר־בעט, אין וועלכן ס׳איז געשלאָפן חבר רישקאָוו.

דאָס הויז איז געוואָרן פאַרוואַלטעט פון אַן אייגענעם „הויז־קאָ־מיטעט“, וואָס האָט אויסגעקליבן אַן אויפזעער. ער, דער אויפזעער, האָט נעדאַרפט זאָרגן צו באַהייצן דאָס הויז און איבערהויפּט אויפצוהאַלטן די אָרדענונג און ריינקייט.

חבר רישקאָוו, כאָטש איינער פון די פאַרנומענסטע מענטשן אין דער מדינה, אַלס איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער רויטער אַרמיי, געפינט נאָך צייט צו פאַרברענגען די אָוונטן אינדערהיים. ער גייט זעל־טן אַרויס אין געסט און נעמט קיינעם נישט אויף ביי זיך. איינער אַליין ביי דעם גרויסן געשניצטן טיש, אויף וועלכן עס איז אויך — ווי אויף די אַנדערע זאַכן — געלעגן אַ האַנט־געהאָפטענע דעק, האָט ער אַרויפגע־וואָרפן אויף אים זיין אַקטן־טאַש מיט די פּאַפּירן, אַוועקגעלייגט זיין רע־וואָלווער, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דער טאַש. זיין אָפּגעגאָלטער, גלאַנציקער קאָפּ האָט געבלישטשעט אין דעם מילך־שיין, וואָס שלאָגט פון דער גרויסער, גלעזערנער ווענעציאַנישער לאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען אין מיטן שטוב און וועלכע איז שוין געוואָרן איינגעאָרדנט אויף עלעק־טרי. ער זיצט און קוקט אויף דער ווייס־אָפּלאַקירטער טיר, וואָס פירט אין די צימערן אַריין, אין וועלכע עס וווינען די פּריצטעס. מיט אויסגע־שטרעקטע אויערן מיט ער זיך צו פאַרנעמען פון דאָרט אַ קלאַנג, אַ גע־רויש. נאָר גאָרנישט. דאָרט, אין יענע צימערן, איז אַזוי שטיל, ווי עס וואָלטן אַלע געווען דערינען אויסגעשטאָרבן.

חבר רישקאָוו האָט געהאַט זיין אורזאַך, וואָס ער איז מיטאַמאָל

געוואָרן אַזאַ שטוב־זיצער, וואָס עס איז געווען קעגן זיין געוווינהייט.

פון צייט צו צייט פלעגט חבר רישקאָוו אין די אָוונטן אָדער אין די פרימאָרגנס איבערשרעקן אין קאָרידאָר די יונגע ווייבערשע געשטאַלט, וואָס ער האָט ביי דער טונקלקייט פון קאָרידאָר נישט געקאָנט זען איר פנים. ער פלעגט בלויז איינהערן זיך צום שרעקעוודיקן אויפגעשריי, וואָס די פערזאָן גיט ארויס פון זיך ביי דער פלוצלינגדיקער איבערראַשונג. ער פלעגט נאָכקוקן נאָך דער איידעלער סילוועטקע, וואָס ווערט, ווי אַן אָנגענעמער שאָטן פלינק פארשווונדן אין דער צווייטער טיר. דער רויש פון זיידענע אונטער־קליידער, — ווי מען וואָלט פאפיר געריסן, — הינטער אַ בלאָזנדיקן לייכטן שלאָפראָק האָט אָנגענעם באַרירט זיין געהער, ווי דאָס רוישן פון אַ באַהאַלטענעם קוואַל צווישן וואַלד־קזשאַקעס...

ער פלעגט אַרויסמורמלען אַ וואָרט: „זייט מוחל, וואָס כ'האָב אייך איבערגעשראָקן". נאָר דאָס וואָרט זיינס איז שוין געגאַנגען פארלוירן אינעם פיל־אָנגעשטעלטן, פון אַ קליינעם נאַפט־לעמפּל באַלויכטענעם קאָרידאָר. ווייל די סילוועטקע איז שוין לאַנג פארשווונדן הינטער דער טיר.

כאָטש חבר רישקאָוו האָט נאָך נישט געזען דאָס פנים פון דער ווייבערשער געשטאַלט, האָבן אים דאָך געררייצט דער שוועבנדיקער, לייכטער שאָטן, דאָס רוישן פון זיידנס, דער איידעלער דופט פון לייכטן בעז־פּאַרפום, וואָס פלעגט ווי אַ הויך פון פרילינג שלאָגן אין זיין פנים, צוזאַמען מיט אַ בליאַסק פון לייכטע, צעלאָזענע האָר. חבר רישקאָוו האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיט דעם מין ווייבער, וואָס שוועבן־פאַרביי אַזוי לייכט, וואָס געבן פון זיך אַרויס אַזעלכע דערשראָקענע קלאַנגען, וואָס ציטערן־אויף אַזוי נערוועז ביים איבערראַשן און וואָס לאָזן־איבער נאָך זיך אַזאַ איידעלן, לייכטן פּערפום־געשמאַק, ווי בעז אין פרילינג. די ווייבער, מיט וועלכע ער איז אַרומגעגאַנגען ביז איצט, — זענען געווען אויסגעהאָרעוועטע שוועסטער־לייביקע, האָבן אָפּגעטון זייער זאַך, ווי אַ באַדערפעניש, ווי אָפּעסן, למשל. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט שפּילן. קיין זיידנס און באַטיסט האָט אויך נישט געקאָנט זיין אונטער זיי. זיי האָבן געטראָגן אָן אַ שיעור אונטערקליידלעך איינס אויפן אַנדערן, וואָס די קאַלטקייט פון דער גאַס און די ווינטן און די שניי־זאַווערוכעס האָבן געהויכט פון זיי. שווער באַזאָקטע און באַשוכטע פיס. קיין אָנגענעמער דופט האָט זיך אויך נישט געטראָגן פון זיי: ריחות פון עסנס, פון קיכן און

פון שאַרפער זייף, אָדער זייער געפעפערטע, אין דער נאָז בריענדיקע, פּער־פום־ריחות, אָנגעפּודערטע פּנימער, אַז דו האָסט נישט צו דער הויט גע־קאָנט צוקומען. זיי זענען געווען ציניש־גראָב און יעדעס מאָל, נאָך אַ נאַכט מיט אַזאַ פרוי, האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז עס איז נויטיק צו גיין אין שוויץ־באָד און — ווי אָפּצושאַרן פון זיך עפּעס אומריינס...

חבר רישקאָוו פלעגט נישט איינמאָל וועגן דעם איצט רעדן מיט חברים:

— דער טייוול ווייסט זיי! — זיי האָבן געהאַט צייט זייערע ווייבער צו קעכלען. — דאָס האָט ער געמיינט דעם ביז איצט פּריווילעגירטן קלאַס.
— אויסגעוואַרימט זיי, ווי אין וואַטע געהאַלטן, אַז זיי זאָלן זיין גלאַטיק אויף דעם לייב. נישט אַזוי ווי אונדזערע, מיט הענט פון טעפּ־שייערן און מיט בלאָטיקע פיס קריכן זיי צו די מענער אין די בעטן אַריין.

טיילמאָל פלעגט ער אויך מאַכן די דאָזיקע באַמערקונג פאַר חברטע סאָפיע און פאַר מירקינען, באַזוכנדיק זיי אַמאָל אין אַן אָוונט אויף אַ גלעזל טיי, כאָטש ער פלעגט עס זאָגן אויף אַזאַ גראָבן אופן.

— דערשראָקן היינט אונדזער אַריסטאָקראַטקע, — האָט ער איינמאָל געזאָגט, — האָט זיך דאָס אויפגעקוויטשעט! און אַ שוועב־געגעבן ווי אַ פייגעלע. מען מוז מודה זיין: — און איבערגעלאָזט אַ פיינעם דופט נאָך זיך.

דער חברטע סאָפיע איז נישט געפעלן דער טאָן פון רישקאָוון, ווי ער רעדט וועגן זיי:

— זיי האָבן געהאַט, ווער עס זאָל פאַר זיי אַרבעטן. זיי שמעקן דער־פאַר, ווייל אַנדערע שטינקען פאַר זיי. מיר איז אָבער ליבער דאָס גע־שטאַנק פון אונדזערע, איידער זייערע געשמאַקן.

(מען מוז אָבער דערביי מודה זיין, אַז וואָס שייך איר אייגענער פּערזאָן, — האָט חברטע סאָפיע אויך זייער גערן געהאַט — זיך אויס־צופּערפומירן מיט די „געשמאַקן" פון די אַנדערע).

— דאָס איז וואָר, — האָט חבר רישקאָוו צוגעגעבן מיט אַ שמייכל און איז אַריין צו זיך אין צימער.

דער חברטע סאָפיע איז אינגאַנצן נישט געפעלן חבר רישקאָווס באַציאונג צו די אַלטע באַלעבאַטים. מען קאָן זאָגן, אַז ער האָט זיי אין שוץ גענומען.

ווען זיי האָבן אַרויסגעטראָגן זאַכן אויפן מאַרק צו פאַרקויפן — האָט זיי ביים אַרויסגיין פון הויף דער הויז־פאַרוואַלטער שטענדיק אונ־טערזוכט, צי זיי טראָגן נישט אַרויס פון די שטיבער דאָס, וואָס מען האָט צוגענומען פאַרן פּראָלעטאַריאַט.

אַז חבר רישקאָוו האָט עס באַמערקט, פלעגט ער געבן אַ מאַך מיט דער האַנט צום הויז־פאַרוואַלטער, אַז מען זאָל זיי לאָזן צורו.

אַמאָל האָט חברטע סאָפיע פאָרגעלייגט פאַרן „הויז־קאָמיטעט", אַז מען באַדאַרף נאָר צו זיי אַריינגיין און זען וואָס זיי טוען דאָרט ביי זיך אין שטוב: צי זיי גרייטן נישט צו עפּעס אַ בונט קעגן דער סאָוויעטי־שער מאַכט.

אַז חבר רישקאָוו האָט געהערט דערפון — האָט ער געגעבן אַ שטרענגן באַפעל נישט צו באַאומרואיקן זיי.

— צו וואָס? אַלטע ווייבער דאָרט. נאָך וואָס פאַרביטערן?

לעצטנס האָט ער גאָר אָנגעהויבן אַהיימצוברענגען שפּייז. נישט פאַר זיך, נאָר פאַר אַנדערע. ער נעמט אַ שטול, לייגט אַוועק אויף אים וויים ברויט (די גרעסטע זעלטנהייט, וואָס עס איז געווען באַשטימט נאָר פאַר קינדער אין שפּיטעלער), אַ בלעכן קעסטל געפּרעסטן קאַוויאַר, פּוטער און אַנדערע עסנוואַרג. ער שטעלט אַוועק דעם שטול פאַר זייער טיר. זאָגט־אָן דעם הויז־פאַרוואַלטער, אַז ער זאָל אויפפּאַסן, דאָס קיינער זאָל עס נישט צונעמען, אַ חוץ די, פאַר וועלכע עס איז באַשטימט. מיט אַ קליין צעטעלע „פאַר דער בירגערין ס. ה. פון דער סאָוויעטישער מאַכט".

אַז חבר רישקאָוו קומט אַהיים אין אָוונט, געפינט ער די זאַכן אויפן שטול נישט באַרירט. אַרויסגעקומען, — דערציילט דער הויז־פאַרוואַל־טער, — אַ קוק געגעבן, איבערגעלייענט דעם צעטל, זיך אָפּגעשאָקלט און געלאָזט שטיין.

חבר רישקאָוו שמייכלט.

חברטע סאָפיע ווערט געוואויר דערפון. באַוועגט מיט די פּלייצעס, ווערט איבערן גאַנצן לייב רויט, און איז נישט פויל צו זאָגן, דעם חבר רישקאָוו אין פּנים אַריין, וואָס זי דענקט וועגן דעם:

— אַז אייך, חבר, גלוסט זיך צונעמען ווייס ברויט, וואָס איז באַ־שטימט פאַר קינדער אין שפּיטעלער, — און עס צוטיילן די בורזשויען, די שונאים פון דעם פּראָלעטאַריאַט — איז דאָס אייער עסק. אָבער אויפ־

שרייבן: „אַ מתנה פון דער סאָוויעטישער מאַכט" — וואָס האָט דאָ צו טון די סאָוויעטישע מאַכט מיט אייערע פּריוואַטע ענינים?

ווערט חבר רישקאָוו ערנסט. כאָטש זיינע אויגן שמייכלען, שמייכלען מיט אַ קאַלט פייערל, — און ער זאָגט, געבנדיק דערביי אַ מאַך מיט דער האַנט:

— דאָס איז שוין מיין זאַך, חברטע סאָפּיע.

— דאָס איז נישט אייער זאַך, — חבר רישקאָוו.

— אַ שפּאַס געטריבן, — זאָגט ער, ווי צו זיך אַליין. — איבריקנס, דאָס איז מיינס אַ פּריוואַטער ענין און איך בעט אייך זיך נישט אריינצומישן. איך מיש זיך אויך נישט אין אייערע פּריוואַטע ענינים.

ווערט חברטע סאָפּיע ווידער רויט איבערן גאַנצן לייב און פּנים און ענטפערט-אָפּ:

— איך האָב נישט קיין פּריוואַטע ענינים...

נאָר חבר רישקאָוו שרעקט זיך נישט. שטעלט ווייטער אַנידער ביי דער טיר אַ שטול מיט עסנוואַרג. דאָס מאָל אויך צוקער און טיי. נאָר „סאָוויעטישע מאַכט" לאָזט ער אַרויס פונעם צעטל און שרייבט אויף: אַ „מתנה פון חבר ר".

מישט זיך חברטע סאָפּיע שוין נישט אַריין. ס'איז אַ פּריוואַטער ענין און עס גייט קיינעם נישט אָן.

קומט חבר רישקאָוו אין אָוונט אַהיים, טרעפט ער ווייטער די זאַכן אויפן שטול נישט גערירט, שמייכלט ער פאַר זיך:

— האַרטע ניס.

ער וואַרט אָפּ אַ געוויסע צייט. פון אינעווייניק הערט מען נישט קיין שאָרך. דער הויז־פאַרוואַלטער זאָגט: שוין צייט אַ פּאָר טעג נישט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס מיט זאַכן. זעט זיך אויס — נישטאָ מער וואָס צו פאַרקויפן. פאַרשטייט חבר רישקאָוו, אַז איצט איז די צייט.

ברענגט ער ווידער אַהיים עסנוואַרג. שטעלט-אַוועק אויף אַ שטול ביי דער טיר. דאָס מאָל צווישן טיטן מיט גרויפּן, רייז, קאַוויאַר, פּוטער, ברויט, אויך אַ גרויס מעסטל פונעם טייערסטן, וואָס איז פאַראַן אין רוסלאַנד — זאַלץ, וואָס ער לייגט עס פון אויבן־אויף, אַז מען זאָל עס באַלד אָנזען. שוין אָן אַ צעטל.

און אַז ער קומט אַהיים אין אָוונט — געפינט ער אַלץ אויף זיין

אָרט, נאָר דאָס מעסטל זאַלץ פעלט. שמייכלט חבר רישקאָוו מיט זײַן גלאַנציק פּנים: הורא! דאָס זאַלץ האָט געזיגט! לאָזט שטיין די זאַכן אויפן שטול איבערנאַכט.

צומאָרגנס אינדערפרי געפינט חבר רישקאָוו אַ ליידיקן שטול.

דאָס אַנדערע מאָל, ווען חבר רישקאָוו באַגעגנט אינעם טונקל־באַלויכטענעם קאָרידאָר די ווײַבלעכע געשטאַלט — אַנטלויפט זי שוין ניט און קורטשעט זיך שוין נישט מער צונויף. צוויי גראָע, רוסישע אָפענע אויגן, אונטער אויסגעגלעטע לעפעלעך מיט רונדיקע בייגעוודיקע אונטער־געצייכנטע ברעמען קוקן אים אָן פרעמד, ערנסט, מיט אַ גלוסטנדיקער שרעק. קוקט ער זי אויך אָן מיט זײַנע ברעמען־נאַקעטע אויגן, פרעמד, ערנסט. און אויך מיט אַ גלוסטנדיקער שרעק.

די צוויי פּאָר רוסישע אויגן קוקן אײַנע אין די אַנדערע אַ סעקונדע — אַ שעה און זענען אײַנע די אַנדערע מנצח. ביז זי בייגט־אַרונטער דעם קאָפּ. רישקאָוו דערזעט ווי אַ גלאַטיק־מיידלשער קאָפּ שטייט פאַר אים אונטערטעניק, ווי אַ פאַרלוירן זשרעבאַקל:

— פאַרוואָס טוט איר דאָס? — פרעגט זי אים.

איידער ער האָט נאָך געהאַט צייט אַרויסצוברענגען אַ וואָרט — שוועבט זי לייכט אַוועק. און פאַרשווינדט אויף יענער זייט טיר.

אַז חבר רישקאָוו קוקט דערנאָך אַריין אין גרויסן שפּיגל, וואָס הענגט אין זײַן שטוב, — באַמערקט ער, אַז ער, חבר רישקאָוו, איז בלייך, און ער פאַרשטייט פאַרוואָס, דאָס האַרץ שלאָגט ביי אים הויך, אַזוי ווי ער וואָלט אַ מענטש ערשט דערהרגעט, און ער קאָן עס נישט קאָנטראָלירן.

שפּייט ער אויס, נעמט זײַן אַקטן־טאַש מיט די פּאַפּירן — און גייט אַוועק צו דער אַרבעט. אַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין פאַרשידענע קאָמיסיעס. פאַרריכט צענדליקער זאַכן מיטאַמאָל. רעדט טאָפּלט: דורכן טעלעפאָן און צו מענטשן, וואָס געפינען זיך פאַר אים. פליט מיט אַן אויטאָמאָביל ווי אַ טייוול. די אַרבעט ברענט פון אונטער דער האַנט און אין דער אַרבעט פאַרגעסט ער באַלד וועגן אַלעם.

נאָר ווען ער הערט, אַז חברטע סאָפּיע האָט געלאָזט אויפרייסן אין אײַנגעמויערטע וועש־שאַנק אין אַ וואַנט און פון דאָרט אַרויסגענומען ליילעכער. זיי צעטיילט צווישן די אײַנוווינער פון הויז, אַז זיי זאָלן עס

זיך איבערנייען אויף העמדער, ווערט ער אין כעס און לאָזט דורכן הויז־פּאַרוואַלטער אָפּנעמען די וועש און שיקט זי זיי צוריק אַריין.

— דער „הויז־קאָמיטעט" האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו קאָנפיס־קירן די ליילעכער, — טענהט דערנאָך צו אים די פּאָר כעס בלייך־געוואָרענע חברטע סאָפיע, מיט שוים־שפּייעכטס אין די מויל־ווינקלען. — קיינער פון אונדז האָט נישט קיין העמד, קיין ליילעך, אויף וואָס צו שלאָפן, און דאָ פוילן שטויסן וועש ביי זיי אין די שענק. קיינער האָט נישט דער־פון קיין נוצן, אַ חוץ די מייז. און פּראָלעטאַרישע טוער האָבן נישט קיין העמד אויפן לייב!

ווערט ער, דער חבר רישקאָוו, בייז. ער פּאַרלירט דאָס רואיקע, קאַלטע שמייכעלע אויף זיינע פליישיקע ליפּן:

— דערפאַר זענען מיר פּראָלעטאַריער. זאָלן זיי דערוואַרגן ווערן מיט זייער וועש. ווען מיר וועלן באַדאַרפן — וועלן מיר זיי שטעלן צום ווענטל. נאָר, אויף אייגענער פויסט האַנדלען? — אַזוי טוען אַנאַרכיסטן, נישט באָלשעוויקעס. איך וועל אייך שטעלן פאַר אַ פּאַרטיי־משפּט.

— ס'איז געווען אַ באַשלוס פונעם „הויז־קאָמיטעט".

— איך וויל נישט מער הערן. מיר זענען נישט קיין באַנדע רויבער. פאַרשטאַנען?

ער ווייסט, אַז ער האָט נישט רעכט און ער איז אויף זיך בייז, וואָס ער לאָזט זיך פאַרפירן פון אַ סענטימענט. שפּייט־אויס און מאַכט ביי זיך אָפּ, זיך ווייטער נישט צו אינטערעסירן מיט דעם גאַנצן ענין.

אין אָוונט רוימט ער איין דעם פּאַרוואַלטער פון דער „סטאָלאָווע" אינעם קאָמיסאַריאַט פאַר מיליטערישע ענינים, אַז ער זאָל אים מיט־געבן אַן עקסטרא „פּאַיאָק". ער האָט אינדערהיים אַ באַזוך פון אַ פער־זענלעכן כאַראַקטער. פאַרשטייט דער פּאַרוואַלטער זיין ווונק...

און דערינען, הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר, — איז מען, זעט זיך אויס, אויך נישט גלייכגילטיק. פּונקט אַזוי ווי עס באַאומרואיקט און רעגט־אויף דעם חבר רישקאָוו דאָס אַלטע רוסישע באַיאַרן־בלוט, וואָס פליסט אין דער נערוועזער געשטאַלט פונעם יונגן מיידל, אַזוי רייצט דאָרט הינטער דער טיר דעם לעצטן אָפּשטאַם פון אַן אַלטער פאַמיליע, דער נייער רוסישער מענטש פון דער רעוואָלוציע: — ווער איז ער דאָס, דער שרעקלעכער מענטש, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פונעם פינצטערן קע־

לער און פאַרטריבן דעם צאַר פון טראָן, באַזיגט די הויפּטשטאָט און הערשט אומבאַגרענעצט אויף לעבן און טויט אינעם צאַרישן פּאַטערלעכן קרעמל? ווער איז ער, דער רישקאָוו, וואָס שוין פאַרן בלויזן קלאַנג פון זיין נאָמען ציטערן און פלאַטערן די אַלע מעכטיקע און שטאַרקע, וואָס זי האָט געזען אין זייער גאַנצן גלאַנץ אין די צאַרישע הויפן, אויף די צאַרישע בעלער, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז קיין שום כוח וועט נישט זיין אימשטאַנד זיי צו באַזיגן? ווער איז דאָס די דאָזיקע משוגעהדיקע, ווילדע חיה, וואָס האָט מיט אירע ציין און נעגל דערוואָרגן און צעשמעטערט רוסלאַנדס פּראַכט און גלאַנץ? דער דאָזיקער שרעקלעכער רישקאָוו וווינט מיט איר טיר-ביי-טיר. זיצט אין פּאַפּאָטשקעס קאַבינעט. שלאָפט אינעם סאַלאָן אין מאַמאָטשקעס חופּה־בעט. און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער דאָזיקער רישקאָוו איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. אַן אָפּן רוסיש פּנים, מיט בלויע רוסישע אויגן. מיט אַ מעכטיקן, שטאַרקן שאַרבן. פאַרוואָס גאָלט ער אַזוי זיין קאָפּ? זי וואָלט אים געוואָלט זען אין די האָר. ניין, אַזוי איז ער אינטערעסאַנטער. מיט זיין געגאָלטן שאַרפן שאַרבן זעט ער אויס ווי עפּעס אויסטערלישעס פרעמדס, שטאַרקס, ווי עס דאַרף אויסזען דער רישקאָוו. דער שרעקלעכער, וואָס האָט גענומען מאָסקווע. און דער דאָזיקער רישקאָוו איז גאָר פריינטלעך צו איר.

צוערשט האָט זי אים פאַראַכטעט, וואָס ער האָט זיך דערוועגט צוצושטעלן עסגוואַרג ביי איר טיר. איצט אָבער פאַרשטייט זי עס. ער, רישקאָוו, נעמט זי אין שוץ קעגן די שרעקלעכע יידישקעס, וואָס וואָלטן שוין לענגסט געמאַכט פון איר אַ תל, ווען נישט דער דאָזיקער רוסישער מענטש. ער האָט פאַר איר געראַטעוועט די פאַמיליען־וועש. ניין, ער וויל גאָרנישט פון איר. ער מיינט גאָרנישט מיט זיין זאָרגן זיך פאַר איר. פּשוט, די רוסישע נשמה רעדט אין אים. און איין רוסישע נשמה נעמט זיך אָן פאַר דער אַנדערער. אפשר, ווער ווייסט? אפשר וועט פון די פאָלקסמענטשן, וואָס מיר האָבן אַזוי פאַרנאַכלעסיקט, קומען די ישועה פאַר רוסלאַנד. דער רוסישער פּויער האָט שוין אַמאָל אָפּגעראַטעוועט דאָס מוטערל רוסלאַנד פון פּוילישער פאַרפלייצונג און אַרויפגעזעצט דעם ערשטן ראָמאַנאָוו, דעם צאַר מיכאל פיאָדאָראָוויטש אויפן רוסישן טראָן. פאַרוואָס קאָן עס נישט טרעפן היינט? דער רוסישער פאָלקס־מענטש האָט

נאך נישט אפגעשפילט זיין ראָל אינעם רוסישן לעבן. ער הייבט ערשט אָן — און פון אים קאָן קומען די ישועה.

עס ברענט אין איר דער חשק זיך צו באַקענען מיט אים, מיט דעם רוסישן מענטש, צו רעדן מיט אים. אפילו אויף דער געפאַר צו זיין אין זיין מאַכט... און אפשר טאַקע דערפאַר...

אַז זי טרעפט זיך מיט חבר רישקאָוו דאָס אַנדערע מאָל אינעם טונקעלן קאָרידאָר, בויגט זי נישט מער אַראָפּ איר קאָפּ, קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין:

— איך דאַנק אייך... און זי שטרעקט־אויס צו אים אַ ווייך, קאַלט־מיידלש הענטל.

— פאַרוואָס? — פרעגט רישקאָוו.

— ווען נישט איר, וואָלטן פון מיר די זשידעס שוין לענגסט גע־מאַכט אַ תל.

חבר רישקאָוו קנייטשט־איין דעם שטערן. ער איז בייז אויף איר פאַר די דאָזיקע ווערטער, נאָך מער אָבער אויף זיך, וואָס צוליב אַ נאַ־רישן סענטימענט שטייט ער און הערט אוים אַזעלכע „אַפּיקורסישע רייד”. ער וויל איר געבן צו פאַרשטיין, אַז דער אינטערעס, וואָס ער האָט צו איר, איז צוליב גאָר אַן אַנדערן ענין. און כדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל קלאָר צו מאַכן דעם ענין, נעמט ער זי אָן ברוטאַל ביי דער האַנט, קוקט איר מיט אַ חוצפּהדיקן בליק אין פּנים אַריין און זאָגט איר אין אַ נישט צווייידייטיקן אָנצוהערעניש:

— אַז איר ווילט מיר דאַנקען, איז נישט דאָ דאָס אָרט. קומט צו מיר אַריין אין אָוונט, איך בין אַליין.

דאָס בלוט צינדט זיך אָן אין איר פּנים. חבר רישקאָוו קאָן אפילו אָנזען דאָס רויטלען זיך פון איר לייב און די האָר־וואָרצלען פון איר מיידלשן קאָפּ, וואָס זי ווייזט אים איצט אָנשטאָט איר פּנים. ער הערט איר האַרץ קלאַפּן. נאָר דאָך קוויטשעט זי נישט אויף און פאַרשווינדט נישט מיט די לייכטע, שוועבנדיקע טריט און בויגט איר קאָפּ וואָס נידע־ריקער אַראָפּ, ווי אַ קאַלב, וואָס מען פירט צו דער שחיטה, און שווייגט.

— נו, ווען איר קומען? זאָל איך וואַרטן אויף אייך? — פּליס־טערט ער איר שוין נענטער צום פּנים, און האַלט זי פעסטער ביי דער האַנט.

זי שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, ווי אַ קרבן.

— אָבער נישט אויף דיסקוסיעס? — זאָגט ער ברוטאַל און שמייכלט.

זי הייבט פּלוצים אָן צו ציטערן, אַזוי ווי זי וואָלט געהאַט פיבער. אויף איר פּנים באַווייזט זיך אַ רירנדיקע איידעלע ווייסקייט. זי עפנט אויף צוערשט אירע איינגאַנצן צוגעמאַכטע ליפּן, און דער פולער ווייס־בלישטשענדיקער קאַסטן ציין פאַרקרימט זיך אין אַ וויינענדיקער גרימאַסע, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געקאָנט פון זיך אַ וואָרט אַרויסברענגען. ענדלעך זאָגט זי, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, צווישן אירע ציין, וואָרפנדיק דערביי ווי אַ שטראַל פון אירע קאַלטע אויגן, וואָס בויערן זיך שוין אַריין אין רישקאָווס פּנים:

— אַז איר ווילט מיך — וועל איך קומען. — און פאַרשווינדט געשווינד הינטער דער טיר...

ער וואַרט איין נאַכט, נאָך אַ נאַכט — זי קומט נישט אַריינצוגיין...

***

זי וויל אים געפעלן, זי וויל ווערן ווי איינע פון זיי. זי וויל אויפגיין אין פאָלק און זי ראַנגלט זיך הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר אין קאַמף מיט איר אָפּשטאַם. ענדלעך איז זי גובר איר ווויל־דערצויגנקייט. זי וויל געהערן אונטער זיין געוואַלט, אפילו צו וויסן רוי באַהאַנדלט צו ווערן פון אים.

זי לאָזט זיך פון איר געטריי־געבליבענער דינערין אַרויסזוכן דעם פויערשן קאָסטיום, וואָס זי האָט באַהאַלטן אין איינעם פון אירע קאַסטנס מיט אַמאָליקע בעלער־קאָסטיומען. די פויערשע פאָלקס־טראַכט קליידט איר גוט. זי פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פאָלקס־מיידל. פאַרקעמט זיך די האָר אין צוויי לאַנגע צעפּ. דעם גאָלדענעם „קאָקאָשניק" מיט דער גאַזע־וואָלקע אויפן קאָפּ, דעם מיט בלישטשענדיקע פּליטערלעך אויסגענייטן סטאַניק אויפן לייב און דאָס לאַנגע ברייט־פאַלדעוודיקע באַבלימלטע קלייד. זי וויל זיין, ווי איינע פון זיי, באַהאַנדלט ווערן ווי אַ דאָרפישע פון פויער, ווען זי קריכט צו אים אין שטאַל־אַריין.

עס זיצט חבר רישקאָוו, אָן ראָק ביים רייך־געשניצטן טיש. דער רע־

זואַלוּוער פאַר אים, טרינקט אַ צעשוויצטער טיי און פאַרטראַכט זיך אין פּאַפּירן, וואָס ליגן פאַר אים. קלאַפּט מען אָן אין דער טיר און עס פרעגט אַ ציטערנדיקע, מיידלשע שטימע:

— מען קאָן אַרייַנגיין?

רישקאָוו קוקט פאַרוואונדערט, מיט אַ לאַכנדיקן ביטול, אויף דעם זויס־באַבלייכטן פריצישן מיידל־פּנים אין די פויערשע קליידער. זאָגט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל:

— אַזעלכע האָב איך גענוג. קום אין די פריצישע קליידער, און װעלכע דו ביסט געגאַנגען אויף די צאַרישע בעלער!

רייסט זיך אַרויס אַ ווייבערשער וויין־קוויטש און עס פאַרשווינדט הינטער דער טיר.

חבר רישקאָוו פאַרטיפט זיך ווייטער אין זיינע פּאַפּירן.

*****

די לאַנגע צאָלן דורות באַיאַרן האָבן זיך פאַרלייבט אין אַ שוואַך מיידל. ווי די דיבוקים ראַנגלען זיי זיך פאַר זייער כבוד און שטאָלץ אין די בלוט־צעלן פונעם דאָזיקן איידעלן קערפּער. דער לעצטער באַיאַרישער טראָפּן אָבער וויל זיך אַריינגיסן אינעם פּאָלקס-ים. עס בענקט די אויס־געהויכלטע, אויסגעאיידלטע מיידלשע הויט צו ווערן באַרירט פון אַ רויער, שטאַרקער האַנט. צו קומען אין געוואַלט פון אַ מעכטיקן, שטור־רעמדיקן כאַראַקטער, אפילו לייביק צו ווערן, געציכטיקט פון אַ מענערישן באַפעל, אויסצוגיין ווי אַ הויך און אויפצוגיין אינגאַנצן אין אַ מעכטיקן נישט־אָפּהאַלטנדיקן ווילן. פּייניקט זי זיך, ראַנגלט זיך מיט אבות-שאָטנס פון דורות און דורות. איין נאַכט, צוויי — אַ וואָך. ביז זי רייסט זיך אָפּ אינגאַנצן פונעם טויט־שנור און גיט זיך איבער אַ שטאַרקערער מאַכט.

און זי גייט און זי טוט זיין רצון.

אינעם גרעפישן שפּיצן־קלייד, אויף אַ בורשטין־אַטלעס אויפגענייט, טיפע בריסט־ און רוקן־דעקאָלטן, אין די לעצטע פּערפומען־טראָפּנס, מיטן זיידענעם שוואַרצן שפּיצן-שאַל, פאַרוואָרפן איבער די נאַקעטע הענט, אַ פעכער אין דער האַנט, קומט זי און שטעלט זיך פאַר אים ווי צום באַפעל.

נעמט ער זי אָן ביי דער האַנט, און זעצט זי אוועק נעבן זיך.

— שיינע שפּיצן ביי דיר, — זאָגט ער, — און נעמט איר זיידע־נעם שפּיצן־שאַל אין האַנט־אַריין. — אוודאי אַ ירושה? וואָס, ניין?

— פאַמיליען־שפּיצן, — ענטפערט זי.

— נו, געוויס. ליבּ־אייגענע האָבן דאָס געהעקלט דורך די ווינטער־נעכט, ווי די דיוואַנעס דאָ אַרום. הענט זענען געווען געניט, ס'האָט נישט געקאָסט קיין געלט, — לאַכט ער.

זי וואָלט געוואָלט מיט אים וועגן עפּעס אַנדערש רעדן; נאָר ער האַלט זיך דווקא ביי דער טעמע.

— געווען ביי אייך אַ סך פּויערים אין דאָרף?

— אין וועלכן? — פרעגט זי.

— נו, אינעם גרויסן, אין וועלכן איר האָט געוווינט?

— גרויס זענען געווען אַלע. און געוווינט האָבן מיר אין קיין איינס נישט. ווינטער — אין מאָסקווע, זומער אין אויסלאַנד — שמייכלט זי מיט אַן אַריינקויפנדיק געלעכטערל.

— נו, אייער פאַמיליען־אָרט? ווי האָט עס געהייסן?

— איר מיינט דאָס גרעפישע פאַמיליען־גוט, וווּ ס'איז אונדזער שלאָס געשטאַנען? — זאַמיעטשקאַ, אין קורסקער גובערניע.

— קורסקער גובערניע? — וווּנדערט עס זיך. ווייס איך כ'שטאַם אַליין פון דאָרט. זענען מיר — הייסט דאָס — לאַנדסלייט, — לאַכט ער מיט זיינע געזונטע ציין, פון וועלכע זי קאָן שוין נישט — ווי פון אַ כישוף — אָפּנעמען אירע אויגן.

— געווען אפשר ביי אייך פּויערים מיט געלע בערדלעך, אַזעלכע קאָ־זע־בערדלעך, שפּיציקע, מיט כיטרע אויגן? מיט אַזעלכע אָפּענע פּנימער, וואָס שמייכלען שטענדיק און זאָגן „אַ דאַנקען גאָט דערפאַר?" — זאָגט ער אין גוטן שפּאַס.

— געווען אַזעלכע אויך, ענטפערט זי אויך אין לייכטן שמייכלען.

— דו ווייסט, אַז איך האָב געהאַט אַ טאַטן אַזעלכן? געווען אַ זון פון אַ ליבּ־אייגענעם. דאַכט זיך אַלס קינד אויך געווען אין „פּאַנשטשיזנע". ער פלעגט עס מיר דערציילן. פון קורסקער גובערניע אַליין געשטאַמט. ווער ווייסט, אפשר פון אייער דאָרף. אויב אַזוי, זענען מיר דאָך גאָר משפּחה־דיקע, — זאָגט ער, און נעמט איר קליין, דין הענטל צווישן זיינע דיקע

פינגער און לאָזט איר פילן זיין האַנט־דרוק, פון וועלכן זי האָט אַ פיינלע־כע הנאה, וואָס מען זעט עס איר אָן אין דעם אויפגעלעבטן פּנים.

— ווער ווייסט, מאַקע פון אייגענע. ביי אונדז זענען די פויערים גע־זעסן אויף דער ערד פון דורות. מיר האָבן זיי באַהאַנדלט ווי זיי וואָלטן געווען פון איין משפּחה, — שמייכלט זי אים אין פּנים אַריין.

— אויב אַזוי, — זאָגט ער, — אַז מיר זענען ווידער פון איין געגנט — קום, לאָמיר זען, צי מיר פּאַסן זיך...

ער האָט זי געגעבן אַ כאַפּ אויף זיינע שטאַרקע הענט, און אָפּגע־טראָגן, ווי אַ וואַרים קעצל, צום גרויסן מיטעלעכן חופּה־בעט. ס'האָט זיך נאָר פון איר אַרויסגעהערט אַ פּריציש קוויטשל, ווי עס וואָלט אונטער זיינע הענט, ביי זיין ברוסט, אַ הינטל דערשטיקט געוואָרן.

— לאָז אויסטון דאָס קלייד, דו וועסט עס צערייסן.

— דאָס קלייד איז שטאַרק, עס וועט אויסהאַלטן. אין „פּאַנשטשיזנע" געאַרבעט געוואָרן...

און ביי זיך האָט ער געטראַכט:

— אַ שאָד, וואָס דער אַלטער פּאָטער לעבט נישט! איך וואָלט אים אויך געלאָזט די נשמה דערכאַפּן.

## קאַפּיטל 12

## דער וואָרעם הייבט אָן צו נאָגן...

אין זאַכאַרי מירקין האָט אָנגעהויבן צו נאָגן דער וואָרעם, דער ספק. ווי ווייט ער האָט געקאָנט, האָט ער זיך געמיט ווייטער צו גלויבן. ער האָט זיך גענומען אַ משל פונעם ענטוזיאַזם, וואָס פלאַקערט ביי אַלעמען, ביי זאָשקען און ביי אַנדערע באַקאַנטע. ער האָט זיך פאַרגעוואָרפן, אַז דאָס איז די שולד פון זיין וואַקלדיקייט, פון זיין שוואַכן כאַראַקטער. ער האָט פאַרשטיקט די ספקות און געטון זיין אַרבעט בשלימות: געאַרבעט אין קאָמיטעטן, געגאַנגען אויף זיצונגען, געווען פאַרנומען אין דעם „ווירט־שאַפטס־קאָמיטעט", אין אַ קאָמיסיע וועגן פאָלקס־בילדונג און אויף פאַר־שידענע אַנדערע ערטער, וווּ מען איז דורך אַ צופאַל אַריינגעוואָרפן גע־וואָרן.

„ליידן זענען אומפאַרמיידלעך. דאָס זעען ווייען פון אַ נייער געבורט. די רעוואָלוציע שניידט זיך אַריין אין לעבן, פאַרטיליקט די אַלע, וואָס שטייען איר אין וועג. מען באַדאַרף נאָר זען ווי צום שנעלסטן זיך צוצופּאַסן צום נייעם, גרויסן גליק". אָבער דאָס זענען נאָך געווען ווערטער... און דער וואָרעם האָט גענאָגט ווייטער.

די ערשטע וווּנד האָט ער געקראָגן אין פּעטראָגראַד, ביים צעטרייבן די „גרינדונגס־פאַרזאַמלונג". ער האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז די סצענע, וואָס ער האָט בייגעווויינט אין פּעטראָגראַד, האָט איבערגעלאָזט אויף אים אַזאַ איינדרוק. ער איז אַרויסגעקומען פון דאָרטן ווי אַ חיה. נאָך דער יאָגד אויף איר. זי האָט זיך טאַקע געראַטעוועט דאָס לעבן דורך אַן אויסוועג, אָבער די קויל, וואָס שטעקט אינעם לייב, איז געגאַנגען וואָס אַמאָל טיפער. „וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך צו נעמען אויף מיר די אחריות?" — האָט ער פאַרטרויט די געדאַנקען זיין כלהם שוועסטער, זאָשקען.

— נאָך אַלעמען איז עס פריקרע צו זען, — האָט ער דערנאָך דערציילט זאָשקען, — מען מוז האָבן כוחות דאָס אויסצופירן. כוחות און גלויבן, — האָט ער צוגעלייגט. — איך ווייס נישט פון וואַנען זיי שעפּן עס? פון דער איצטיקער סיטואַציע, וואָס די רעוואָלוציע האָט געשאַפן?

— פון וואַנען זיי שעפּן די כוחות? — האָט זי אים אָפּגעענטפערט.

— פון דער פינצטערער פאַרגאַנגענהייט און פון דער ליכטיקער צוקונפט! מירקין האָט זיך פאַרטראַכט.

— צי וועט זי אָבער קומען, די ליכטיקע צוקונפט, פאַר וועלכער עס לוינט זיך די אַלע ליידן? — האָט ער געפרעגט זאָשקען.

וואָרים מירקין האָט, ווי יעדער רוסישער אינטעליגענט, פאַרבונדן דעם מענטשנס אויסלייזונג פון אַלע זיינע קלעמענישן — מיט דער רוסישער רעוואָלוציע. אַזוי ווי אַ פרומער ייד גלויבט, אַז ווען משיח וועט קומען, וועט מען גיין אויף פּאַפּירענע בריקן, אַזוי האָט יעדער רוסישער אינטעליגענט געגלויבט, אַז אויף מאָרגן נאָך דער רעוואָלוציע וועט די וועלט ווערן אויסגעלייזט פון אַלע פּלאָגן. אַ קשיא, ווי אַזוי? ברייטלעך וועלן אויף די ביימער וואַקסן!

צומאָרגנס נאָך „אָקטאָבער" האָט זיך מירקין באַלד גענומען פונאַנדערצושפּרייטן זיינע פליגל, וואָס זענען אַזוי לאַנג געווען געבונדן. גרויסע

פלענער האט ער געהאט און געמיינט, אז אט, אט קאן ער זיי רעאליזירן. קודם־כל די פּראבלעמען, וואס זענען אים צום נאענטסטן אנגעגאנגען, מיט וועלכע ער האט זיך ארומגעטראגן אין ווארשע און נישט געקאנט זיי פארווירקלעכן: איבערצוואנדלען דאס גאנצע יידישע פאלק פון דעם לופטהאנדל, אין וועלכן עס האבן אים ארייגעווארפן די רשעות פון דער וועלט און די אייגענע גלייכגילטיקייט, אין א פּראדוקטיוון, שעפערישן עלעמענט; דורך איין דעקרעט — אלע יידישע געשעפטלעך פארמאכן און אלע יידן שיקן אין פאבריקן און אויף ערד. מיט איין ווארט: מיט איין מאך מיט דער פעדער, איבערנאכט, פארענדערן דאס גאנצע יידישע פאלק. ווער קאן אונדז שטערן?

די יידישע געוועלבלעך האט מען טאקע פארמאכט. ארייגשטעלן אין פאבריקן און שיקן אויף ערד האט מען אבער נישט געקאנט. עס איז געוועזן אוממעגלעך, ווייל דאס רעאלע לעבן האט א טאג נאך דער רעוואלוציע נישט אויפגעהערט צו עקזיסטירן און עס איז געגאנגען מיט זיין אכזריותדיקן, פארלאנגווייליקטן, טאג־טעגלעכן, קריכנדיקן שריט. עס איז געשטאנען, ווי א שטומע וואנט פאר דער נאז און נישט געוואלט אפּטרעטן.

די גרויסע פלענער וועגן איבערשיכטן די יידישע מאסן האט מען, ווי אלע אנדערע גרויסע פּלענער, געמוזט איבעררוקן אויף דער אומקלארער צוקונפט, אויף רואיקע צייטן. דערווייל האט מען געטון דאס איינציקע, וואס איז געווען צום לייכטסטן, וואס האט נישט געקאסט קיין מי און וואס מען האט געקאנט אויספירן מיטן שווערד פון געזעץ: מען האט דורך אן „אוקאז" בארויבט מיליאנען מענטשן פון זייער ערלעכער, טאג־טעגלעכער באשעפטיקונג. די אלטע מאשין פון צעטיילן ארבעט און גוטס איז צוזאמענגעבראכן; קיין נייע זענען נישט געשאפן געווארן. דאס לעבן האט אבער געפאדערט דאס זייניקע, ווי א שטראם זיך געבראכן דורך די שפּארעם פון די געזעצן. איבערנאכט איז דורך דעם געזעץ געווארן פארוואנדלט א פאלק פון לאיאלע, ארבעטנדיקע בירגער, וואס האבן צוליב דער אונטערדריקונג דורך דעם צארישן רעזשים געלייגט די גאנצע האפעונג זייערע אויף דער רעוואלוציע, — אין קאנטער־רעוואלוציאנערן און פארברעכער. די טורמעס זענען פול געווארן מיט זיי. און אזוי ווי עס איז געשען מיט זיין אייגן פאלק, אזוי איז געשען מיט גאנץ רוסלאנד.

ווו מירקין האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער געזען צעשטערונג און פאַרניכטונג, לײדן און טרערן, וואָס דער „אָקטאָבער" האָט געשאַפן. די פּראָבלעמען, וואָס זענען צוליב דער לאַגע אָנגעוואַקסן פון טאָג צו טאָג, און מען האָט זיך מיט זײ נישט געקאָנט געבן קײן עצה, זענען טויזנט מאָל שווערער געוואָרן, פאַרפּלאָנטערטער דורך טאָג-טעגלעכע „אוקאַזן", וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן, וואָס נישט דאָס לעבן, נישט די נויט פון דער שעה און נישט אפילו די אײגענע אינטערעסן האָבן פאַרלאַנגט, נאָר צוליב אַ טויטער דאָגמע.

מירקין האָט געזען, ווי די דאָגמע ווערט נישט נאָר געשטעלט העכער פון די בלוטיקסטע מענטשלעכע אינטערעסן, נאָר ווי די גאַנצע רוסישע מענטשהײט איז, ווי אין אַ שווערער, פינצטערער צײט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסע, פאַרשקלאַפט צו אַן עבודה־זרה, וואָס מען האָט גערופן „אָקטאָבער".

וואָס ס'האָט אים צומײסט װײ־געטון, זענען געוועזן די עוולות, וואָס מען איז באַגאַנגען, אויף שריט און טריט, איבער לעבעדיקע מענטשן, וועמענס אײנציקער חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זײ האָבן באַלאַנגט צו אַן אַנדערן קלאַס. שוין אַלס ייד, האָט ער דערפילט די אכזריות־דיקײט פון ראַסן־האַס, וואָס ער האָט באַקומען צו פילן אויף דער אײגענער הויט, און וואָס ווערט איצט איבערגעטראָגן אַן דערבאַרמונג אויפן „פרעמדן קלאַס".

— ווו איז די ענד? בײ וואָס וועסטו זיך אָפּשטעלן? — האָט ער אַמאָל געפרעגט זאַשקען.

— פאַר דער רעוואָלוציע — פאַר גאָרנישט! אַבי צו דערגרײכן דעם ציל.

— אפילו איבער לײבער פון נאָענטע?

— אפילו איבער לײבער פון נאָענטע!

מירקין האָט זיך פאַרטראַכט:

— אָבער דאָס איז דאָך שרעקלעך. די רעוואָלוציע טויט דאָך אָפּ דאָס מענטשלעכע און פאַרוואַנדלט דיך אין אַ חיה!

— נײן, די רעוואָלוציע דערוועקט נאָר אין דיר דאָס „ראַסן-געפיל", — האָט זי קאַלט געלאַכט.

מירקין האָט געטראַכט:

— וואָס איז ראַסע? ראַסע איז בשותּפותדיק בלוט, וואָס רינט אין די אָדערן פון איין שטאַם, אַזוי ווי עס רינט דאָס חיות פון איין־איינציקן וואָרצל דורך דעם בוים־שטאַם און צעטיילט זיך דורך די פאַרשפּרייטס־טע צווייגן ביז צום לעצטן בלאַט. ראַסע איז ערד. איין פייכטקייט, איין וואָלקן־ספערע, איין זון־באַשטראַלונג, איין הימל־רייך. דער וואָרצל פון בוים נאָגט־אויס די גאַנצע לעבנס־פייכטקייט פון דעם פּאָס ערד פאַר זיך אַליין און פאַרטרייבט דורך דעם אַנדערע וואָרצלען פון אַנדערע פלאַנ־צונגען, וואָס רייסן זיך אַריין אין זיין שטח: בעסער פאַר אונדז, פאַר אונ־דזער בשותּפותדיק לעבן אויפן בוים.

צוערשט האָט זיך ראַסע צעטיילט צווישן מיטגלידער פון איין שטאַם, פון איין פאָלק, סיי אָרים, סיי רייך. איצט איז געקומען אַן אַנדערע צע־טיילונג: ראַסע-בלוט רינט נאָר אין איין קלאַס. דער קלאַס איז אַלצדינג: פאָלק, גלויבן און דאָס ערדישע רייכטום.

וויפל מירקין האָט זיך נישט געמיט צו אַנטדעקן אין זיך אָט דעם נייעם ראַסן־אינסטינקט פאַר זיין קלאַס, האָט ער עס נישט געקאָנט. צו זיין שאַנד האָט ער זיך איבערצייגט, אַז פּונקט אַזוי ווי זיין ליבע און געפילן האָבן צוערשט באַלאַנגט צו די, וואָס זענען צומייסטן געווען באַ־עוולהט, צו די געפּייניקטע און געפּלאָגטע, צו די אָרימע, — האָט ער, צו זיין דערשרעקנדיקער דערשטוינונג אַנטדעקט, אַז זיינע געפילן נויגן זיך איצט, ווי אַ באַראָמעטער, צו דער זייט פון די נייע אָרימע, — צו די רייכע. געוויס, געוויס באַדאַרף מען ענדערן דעם פּרצוף פון דער וועלט, אויסגלייכן דעם הויקער, וואָס איז אַ געוואַקסן אויף אונדזער רוקן דורך דער פאַרקריפּלונג פון די סאָציאַלע אומגלייכהייטן פון דורות. וואָס זע־נען אָבער די מענטשן שולדיק? — האָט ער זיך געפרעגט. — זיי שטייען ווי פערד, אָנגעשפּאַנט צום דישעל פון דער צייט. זיי ווערן מיט די לייצעס געקירעוועט אין זייער ריכטונג דורך אומשטענדן. זיי ווערן געשמיסן מיט שאַרפע בייטשן דורך אומגעבונג, געוווינהייטן, לעבנס־שטייגער און אַנדערע זאַכן. געוויס, געוויס באַדאַרף מען דעם מענטש אויסשפּאַנען פון־נעם דאָזיקן משוגענעם וואָגן. געוויס, געוויס מוז מען ענדערן די ריכטונג, אָבער דאָס, וואָס ווערט איצט געטון, הייסט שמייסן די פערד אָן אַ ציל און צוועק, נאָר פון בלויזן נקמה־געפיל. אַ ראַסן־האָס איז אויסגעבראָכן.

מירקין האָט, למשל, בשום-אופן זיך נישט געקאָנט רעכט־מאַכן דאָס

פארהאַלטן זיך פון זיין קלאַס צו די באַלעבאַטים פון הויז. עס האָט אין זיין האַרץ זיך געוואַרימט איצט אַ שטאַרק רחמנות-געפיל צו זיי. יעדעס מאָל, ווען ער האָט באַדאַרפט דורכגיין דורך דעם קאָרידאָר, האָט ער מור־ רא-געהאַט זיך אָנצוטרעפן מיט זיי. ווי אַ גנב פלעגט ער זיך אַריינ־ גנבענען צו זיך אין שטוב. ער האָט מורא געהאַט זיך צוצורירן צו אַ זאַך. יעדעס מאָל, ווען ער האָט געזען מיט וואָס פאַרא זעלבסטפאַרשטענדלעכער דרייסטקייט זאָשקע נעמט די זאַכן פונעם פרעמדן הויז, באַנוצט זיי אַזוי, ווי זיי וואָלטן תמיד געווען אירע, האָט ער עס נישט פאַרשטאַנען. נישט איינמאָל זענען צוליב דעם פאַרגעקומען רייבונגען און אפילו אומאַנגענע־ מע סצענעס:

— אָבער דאָס איז דאָך פּראָסט גזלה!

— גזלה איז עס געווען ביז איצט. איצט איז דאָס אַלץ געקומען אין די ריכטיקע הענט.

זאָשקעס באַציאונג צו די אַלטע באַלעבאַטים האָט ער נאָך ווי עס איז געקאָנט איבערטראָגן. אָבער דאָס, וואָס חבר רישקאָוו טוט (מיר־ קין, ווי איבריקנס, אַלע איינוואוינער פון הויז, האָט געוווסט פון רישקאָווס באַהאַנדלען די גרעפין), האָט ער געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעך, וואָס האָט אין אים אַרויסגערופן דעם פלאַמיקסטן פּראָטעסט.

זאָשקע פלעגט אַלע זיינע טענות אָפּווענדן מיט דער שפּאָטישער באַמערקונג:

— די ראַסע אין דיר רעדט.

יאָ. ער האָט דערפילט, אַז די „ראַסע" הייבט אין אים אָן צו ווירקן: די ראַסע, צו וועלכער ער באַלאַנגט, דער צווייטער צד. און הויך און מעכטיק האָט דאָס ראַסע־געפיל אָנגעהויבן אין אים ווירקן בנוגע צו זיינע איינענע, צו זיין פאָטער...

די באַציאונגען זיינע צו זיין פאָטער האָבן זיך ראַדיקאַל געענ־ דערט. אין דעם מצב, אין וועלכן זיין פאָטער האָט זיך געפונען, איז יעדע ביטערקייט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט קעגן אים, פאַרשוווּנדן. איבערגע־ בליבן זענען נאָר אַכטונג און קנאה אויף זיין פאָטערס ווירדיקן פאַרהאַלטן זיך. דורך דעם איז דער פאָטער אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביי אים אויף אַ נישט-דערגרייכבאַרער מדרגה. ער איז געווען שטאָלץ אויפן פאָטערס פאַרהאַלטן זיך, אויף זיין ווירדיקייט. מער אָבער נאָך האָבן אָנגעהויבן

צו רעדן, איצט שוין גאַנץ אָפן, די פּרימיטיווע געפילן, וואָס אַ קינד פאַרמאָגט צו זיין טאַטן. באַהאַלטענע קוואַלן פון ליבע און אַכטונג האָבן זיך אויפגעעפנט אין אים. ער האָט שוין איצט גאַנץ אָפן באַזוכט דעם פאָטער אין די פרייע אָוונטן אין זיין איינזאַמען צימער אין האָטעל „נאַציאָנאַל".

דער אַלטער מירקין האָט געלעבט ווי אַ פּראָש. פון וואַנען האָט זיך צו דעם דאָזיקן מענטש, וואָס איז שוין געשטאַנען נאָענט צו זיין קבר, גענומען די דאָזיקע, קאָן מען זאָגן, בחורשע הפקרדיקייט, אַזוי ווי דאָס לעבן וואָלט זיך ערשט אָנגעהויבן פאַר אים, און עס האָט נאָך אין די פאַרהילטע פאַלדן פון דער צוקונפט באַהאַלטן פאַר אים איבערראַשונגען? ער האָט ווי דורכגעשפּרייזט דורך דער פינצטערקייט און סכנה פון דער צייט.

ער האָט זיך אין די אָוונטן אַליין, אויף אַ נאַפט־מאַשינקע, געקאָכט זיין לעפל געקעכטס פון די פּראָדוקטן פון דעם „פּאַיאָק", וואָס ער האָט באַקומען. ער האָט זיך פון דער פּעטראָגראַדער היים מיטגענומען אַ גענוגנדיקן זאַפּאַס מיט וועש, שיך און אָנגעטועכטס. ער האָט שטענדיק זיך געהאַלטן ריין און ציכטיק. אויף דעם האָט ער זייער אַכטונג געגעבן. ער האָט מיט זיין רואיקער זויבערקייט געמאַכט אַן איינדרוק, אַזוי ווי אַ גומענע ליאַלקע, וואָס שווימט אין אַ פאַרפלייצונג. די וועלן שווימען זי איבער, זי טונקט זיך איין אַ מינוט, באַווייזט זיך אָבער באַלד ווידער. מירקינען האָט ער, אַז ער פלעגט אַרויפקומען, באַהאַנדלט ווי אַ קינד, ווי אַ שלעכט, פאַראַירט קינד, נאָר אַ קינד. ער פלעגט אים אָפט יאָגן פון שטוב:

— צו וואָס באַדאַרף מען דאָס? דו ווייסט אין וואָס פאַר אַ צייט מיר לעבן? חברים וועלן דערפאַר אויף דיר קוקן קרום, און מיר וועסטו אויך נישט טון קיין טובה. איך מיין עס ערנסט, אַז דו זאָלסט אויפהערן דיינע באַזוכן ביי מיר, אַזוי לאַנג ווי מיר קאָנען גאָרנישט העלפן.

זאָשקע פלעגט באַמערקן זיינע געהיימע וויזיטן צום פאָטער און אים פאָרוואַרפן:

— דעם וואָלף ציט אין וואַלד אַריין...

זיין צוריקגעפונענער פאָטער האָט אין אים דערוועקט אַ וויזיע פון אַן אַנדערער געשטאַלט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי באַלאַנגט

צו אַן אַנדער לעבן, וואָס איז געווען אַמאָל און וועט זיך שוין קיינמאָל נישט צוריקקערן. זי איז אין אים דורך דעם געשריי פון טאָג, דעם רעש און אימפּעט, דעם ראַנגלענדיקן לעבן, ווי אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן. זי פלעגט נאָר ווי אַ זון־שטראַל דורך דורכגעריסענע וואָלקנס פאַרביי־שווימען, ווי אַן אילוזיע, ווען ער איז געווען מיט זיך אַליין. זי איז תמיד געקומען צו אים, ווען ער איז געווען אַליין. אין דעם רעש איז זי פאַר־שווונדן.

איצט, אין זיין איינזאַמקייט, ווען ער האָט געהערט דאָס קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ, האָט זי זיך ווידער באַוויזן. ער האָט זי געזען, ווי זי שטייט ביי אַ באַליע און וואַשט קינדישע קעפּלעך. ער האָט זי קיינ־מאָל נישט געזען אַליין, נאָר אין קראַנץ פון קינדישע אויגן און הענטלעך ביים בוים אין הויף. און אַ מאָדנע זאַך! עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז צווישן די קליינע גופּימלעך פון די קינדער-מיידלעך, וואָס פאַלן אַרויס פון זייערע טאַטע-מאַמעס צו גרויסע קליידלעך, שטייט דאָרט אויך זיין נשמה און וואַרט אויף איר ריי, צו ווערן געוואַשן פון איר. און ער זוערט געוויר מיטאַמאָל, אַז בשעת ער פאַרטויבט זיך דאָ אין דעם גע־פילדער און רעש, האָט ער איבערגעלאָזט זיין נשמה ביי איר און ער לויפט אַרום אַ נאַקעטער איבער דער וועלט...

און דורך דעם, וואָס עס איז דאָרט ביי איר איבערגעבליבן זיין נשמה אין איר דלאָניע, פילט ער זיך געראַטעוועט, אַזוי ווי די עגד פון זיין רעטונגס־שטריק וואָלט זיך געפונען אין אירע הענט...

***

אַריינקומענדיק אַמאָל צו זיין פאָטער אין האָטעל, האָט ער אים גע־טראָפן אין אַ שטורעמדיקן מוט. קיינמאָל האָט דער פאָטער מיט אים נישט גערעדט וועגן זיינע אייגענע צרות, וואָס ער האָט אויסצושטיין ביי זיך אין קאַנטאָר. דעם נאָמען „מישקע מאַלאָדיעץ" האָט ער קיינ־מאָל נישט דערמאָנט. איצט איז דער אַלטער מירקין געווען אין אַ פוריע פון אויפברויזנדיקן כעס. מירקין האָט נאָך קיינמאָל זיין טאַטן אַזעלכן נישט געזען. דער אַלטער האָט געהאַט רויטע אויגן, ווי ער וואָלט אַ פּאָר נעכט נישט געווען געשלאָפן.

— וואָס איז געשען, פּאַפּאָטשקע? — האָט מירקין אים געפרעגט דערשראָקן.

— צום טייוול! — האָט זיך דער אַלטער נישט געקאָנט באַהערשן.

— אַריינגעזעצט מיר אַ זשוליק, אַ פאַרברעכער, „מישקע מאַלאַדיעץ", און מיך וועלן זיי מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך!

— מישקע מאַלאַדיעץ? ווער איז דאָס אַזוינס? — פרעגט מירקין.

— אַ חבר דיינער! — שרייט אוים דער אַלטער. פאַר דער רעוואָלוציע האָט קיין אָנשטענדיקער מענטש מיט אים נישט געוואָלט האָבן צו טון, מיר תמיד פאַרשידענע קאָמבינאַציעס פאָרגעלייגט, איצט נאָך אויך! — האָקט איבער דער אַלטער אין מיטן.

— באַרואיק זיך, פּאַפּאָטשקע. איך וועל זען, וואָס איך קאָן טון. ווי אַזוי רופט מען אים, — מישקע מאַלאַדיעץ?

— יאָ, מישקע מאַלאַדיעץ. ער איז באַקאַנט איבער גאַנץ רוסלאַנד פאַר אַ קאָמבינאַטאָר און פאַרברעכער. היינט איז ער דער פאַרוואַלטער פון מירקינס שוועל־אָרגאַניזאַציע! און איך, מירקין, בין ביי אים אויף דינסט!

באַרואיק זיך, פּאַפּאָטשקע, באַרואיק, איך וועל זען וואָס איך קאָן טון.

ביים קאָמיסאַר פאַר ווירטשאַפטלעכע ענינים, וועמען מירקין האָט געקענט, און צו וועלכן ער האָט זיך געווענדעט וועגן פאָטערס אָנגעלעגנהייט, האָט מען אים אָפּגעענטפערט:

— מיר זענען אינפאָרמירט און ווייסן, ווער ער איז. מיר האָבן עקסטרע אים דאָרטן אַריינגעזעצט, כדי ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף אַ נאָך גרעסערן און נאָך אַ געפערלעכערן פון אים. דאָס איז טאַקע אייער פאָטער.

מירקין איז געוואָרן בלייך פאַר אויפרעגונג:

— איך בעט אייך, חבר, נישט צו באַליידיקן מיין פאָטער אין מיין קעגנוואַרט.

— מיר האָבן נישט געוואוסט, אַז אונדזערע ווערטער וועלן אייך אַזוי באַרירן. מיר האָבן געמיינט, אַז אַלס רעוואָלוציאָנער, אַלס אָנטיילנעמער אין „אָקטאָבער", האָט איר שוין פון לאַנג אָפּגעשניטן יעדע פאַרבינדונג מיט אייער פאָטער, וואָס איז באַקאַנט אַלס איינער פון די הויפּט־זיילן פון

דעם אַלטן רעזשים. וואָס קאָן אייך אָנרירן דער כּבוד פון אַזאַ פּאָטער? מאָדנע!

— איך באַדויער זייער. נאָר עס זעט-אויס, אַז איך בין פון אַן אַנ־דער טייג געקנאָטן. מיין פּאָטערס כּבוד גייט מיך אָן זייער פיל. און כאָטש איך בין אַ רעוואָלוציאָנער און אַן אָנטיילנעמער אין „אָקטאָבער״, שעם איך זיך נישט צו זאָגן, אַז איך האָב צו אים אַכטונג, נישט בלויז דערפאַר, ווייל ער איז מיין פּאָטער, נאָר ווייל ער איז אין זיין וועג, אין זיין אַרט, אַ העכסט ערלעכער, פּראָדוקטיווער מענטש און אַפילו — אַן אידעאַליסט.

— אין זיין אַרט — יאָ, — לאַכט דער קאָמיסאַר.

— חבר, איך בעט אייך נאָך אַמאָל אָפּצולאָזן דעם טאָן. איך וועל נישט דערלויבן קיינעמען צו באַליידיקן מיין פּאָטער. די רעוואָלוציע קאָן מיר נישט פאַרווערן צו ערן און צו ליבן דעם, וואָס געהערט זיך אָן מיט מיר. דאָס זענען מיינע פּערזענלעכע געפילן.

— אַ רעוואָלוציאָנער האָט נישט קיין פּערזענלעכע געפילן. אייגנט־לעך, באַלאַנגט איר צו דער פּאַרטיי?

— ניין.

— אויב אַזוי, איז עס שוין פאַרשטענדלעך.

— איך ווייס נישט, אויב אַפילו דעמאָלט וואָלטן זיך געענדערט די באַציאונגען מיינע צו מיין פּאָטער.

— ניין, בירגער, — האָט מירקין פּלוצים דערהערט דעם דאָזיקן טיטול, וואָס האָט אים מאָדנע באַרירט, — מיט אייערע פאַרעלטערטע באַגריפן וועגן פאַמיליע, מיט אייערע באַציאונגען צו אַ פּאָטער אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער קאָנט איר גאָרנישט באַלאַנגען צו דער פּאַרטיי. זייט מוחל, די אַרבעט וואַרט אויף מיר.

מירקין האָט אָפּגעמאַכט אַריינצוגיין אין אָוונט צום חבר רישקאָוו אין זיין צימער (ער האָט געוווּסט, אַז ער פאַרברענגט די אָוונטן אינדער־היים) און פאַרצוברענגען פאַר אים דעם גאַנצן ענין, כאָטש חבר רישקאָוו האָט, אייגנטלעך, נישט געהאַט דערמיט צו טון. נאָר מירקין איז געווען זיכער, אַז רישקאָוו וועט אויפגעבראַכט ווערן אויף די עלעמענטן, וואָס רייסן זיך אַריין אין דער רעוואָלוציע, און וועט תיכף האַנדלען. זיין גאַנצע האָפענונג האָט ער שוין איצט געלייגט אויף רישקאָוון.

מירקין האָט אָנגעקלאַפּט ביי אים אין טיר. אזוי לינק האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזט. אז חבר רישקאָוו האָט אים ענדלעך געעפנט די טיר, האָט ער אים געטראָפן אָן אַ רעקל, אַ בייזן, און רישקאָוו האָט אים מקבל־פּנים געווען מיט די דאָזיקע ווערטער:

— אין אָוונט האָב איך מיינע פּריוואַטע ענינים, און וואָס איך בעט נישט צו שטערן.

מירקין האָט אים איבערגעבעטן און זיך געוואָלט דערווייטערן.

— וועגן מיליטערישע ענינים בעט איך אייך זיך ווענדן צו מיר אין ביוראָ. איך דאַרף אייך טאַקע אויך זען, — האָט רישקאָוו צוגעלייגט.

— ניין, — האָט געענטפערט מירקין, — עס האַנדלט זיך וועגן אַן ענין, וואָס האָט צו טון מיטן „ווירטשאַפטס־קאָמיטעט". כ'בעט אייך איבער, וואָס איך האָב אייך געשטערט. איך וועל זיך ווענדן צו אייך אַן אַנדערש מאָל.

— אַז איר זענט שוין דאָ, חבר, דערציילט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, — ענדערט חבר רישקאָוו פּלוצים דעם טאָן און גיט אויף מירקינען אַ ווויל־ווילנדיקן, גוט־באַקאַנטן בליק. — איר פאַרשטייט, חבר, מען אַר־בעט אַ גאַנצן טאָג, דער קאָפּ איז ווי אַ ווינטמיל. אַז מען וועט זיך אין אָוונט נישט אַביסל פאַרגעסן, קאָן מען משוגע ווערן. איך ראַט עס אייך אויך, חבר. אַ גוטע זאַך, זיך אַמאָל צו געבן אַ שפּיל. נו, זעצט זיך. דער־ציילט וואָס עס דריקט אייך אין שוך. נאָר מאַכט עס בקיצור. איר פאַר־שטייט דאָך, מען קאָן דאָך נישט לאָזן אַ דאַמע צו לאַנג וואַרטן, — זאָגט חבר רישקאָוו מיט אַ ווונק, און ער פירט אים צו צום טיש, אויף וועלכן עס שטייט איבערגעלאָזט אַן ערשט האַלב־אויסגעטרונקען טעפּעלע טיי, און ער הייסט אים זיצן אויף אַ ווייכן שטול, וואָס האַלט נאָך אין זיך די וואַרימקייט פון אַ נאָר וואָס פאַרלאָזטן קערפּער...

— איך בין ערגעץ אַנדערש נישט פאַרשטאַנען געוואָרן, כ'בין זי־כער, אַז איר וועט איינזען די וויכטיקייט פון דעם ענין.

און מירקין האָט אים איבערגעגעבן וועגן „מישקע מאַלאַדיעץ" און די כאַראַקטעריסטיק וועגן אים.

— און דאָס איז אַלץ! צוליב דעם האָט איר מיר געשטערט אַן אַנגענעם באַגעגעניש. אָך, איר...! — און חבר רישקאָוו האָט אַרויסגע־וואָרפן אַ וואָרט, פון וועלכן מירקין האָט זיך געדרייט ווי אַ בוריק.

— איר זאָגט, אַז צוערשט איז ער געווען אַ זשוליק און היינט דינט ער ביי אונדז דער רעוואָלוציע? דער טייוול מיט אים! ווען מען וועט אים מער נישט באַדאַרפן, ווען ער וועט אונדז ווערן שעדלעך — ווען מיר זיך מיט אים אָפּרעכענען, צום וואַנט שטעלן! אַזוי לאַנג ווי ער דינט אונדז און ווי לאַנג מיר באַדאַרפן אים, זאָל ער זיך האַלטן.

— אָבער, איך קען אַזעלכע, וואָס קריגן אַרויס פּאַרטיי־לעגיטימאַציעס, איך קען אַזאַ אינדיווידואום אין פּעטראָגראַד — און ער ווערט צוליב דעם אַ מושל איבער אַנדערע, איבער אָנשטענדיקע און ערלעכע. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז דווקא די ערלעכע זענען די יעניקע, וואָס קאָנען אַזוי שנעל נישט אַריבערשפּרינגען. זיי האָבן סקרופּולן, געוויסן־ביסן, ערלעכקייט. נאָר די יעניקע זענען זשוליקעס, וואָס האָבן נישט קיין ספקות, און דער עיקר איז דאָך צו האָבן ביי אונדזער אַרבעט עטישע, ערלעכע מענטשן. דאָס איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס מיר קאָנען אַנטקעגנשטעלן דעם פריערדיקן רעזשים, — מענטשן.

— חבר — וואָס איז אַ מענטש? אַ וווּרשט־בלעזל. דו קאָנסט אין אים אַלצדינג אָנשטאָפּן. דער עיקר איז נאָר, וועמען דער מענטש דינט, צו וואָס פאַר אַן אידעע. דער מענטש אַליין איז גאָרנישט. נעכטן איז ער געווען אַזוי, היינט — אַנדערש. דער עיקר איז — וועמען ער דינט.

— ניין. אַ מענטש איז נישט קיין וווּרשט־בלעזל. דער מענטש אַליין שטעלט פאַר מיט זיך זיין אַבסאָלוטן ווערט. ער איז אַ הייליקטום פאַר זיך אַליין, אַ ציל פאַר זיך, — זאָגט מירקין.

— וואָס? אַן אַנאַרכיסט? — פרעגט אים חבר רישקאָוו.

— איך בין נישט קיין אַנאַרכיסט. איך גלויב אין אָרדענונג. נאָר איך מיין, אַז אַלץ וואָס מיר טוען און שאַפן, איז פאַרן מענטשנס־וועגן. ער, דער מענטש, איז דער עיקר. דער פּרינציפּ איז באַשאַפן געוואָרן, כדי אים צו דינען און צו ברענגען נוצן, און נישט פאַרקערט.

— דאָס זענען אַלץ טעאָריעס. מיר האָבן נישט קיין צייט, חבר, פאַר טעאָריעס. דאָ איז נישטאָ קיין סך צו רעדן. עס זענען דאָ צוויי צדדים — מיר און זיי. דאָס הייסט, די, וואָס שטייען מיטן „אָקטאָבער" און די, וואָס זענען קעגן אים. און מיר טיילן איין די מענטשן אויף די צוויי חלקים: די, וואָס דינען דער רעוואָלוציע, און די, וואָס אַרבעטן קעגן איר. קוים האָט ער זיך באַקערט צום „אָקטאָבער", איז ער אונ־

דזוערער. מעג עס זיין דער טייוול אַליין. דער „אָקטאָבער" וועט אים שוין כשרן. דער פּרינציפּ דערהייבט. ווערט ער דעם פּרינציפּ אומגעטריי, וועלן מיר דענסטמאָל האַנדלען. דערווייל שטערט נישט, חבר, אין אַ פּערזענלעכן ענין. איר פאַרשטייט דאָך? קומט אַריין צו מיר מאָרגן אין ביוראָ. שוין לאַנג אַ טראַכט געטון וועגן אייך. מען באַדאַרף זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט. זיי לאָזן נישט רוען, די הינטישע זין, — און חבר רישקאָוו שטרעקט אויס די האַנט.

— זייט מוחל, חבר, וואָס איך האָב אייך געשטערט.

— שאַדט נישט. שטענדיק גרייט צו דינען. שטענדיק אונדזערע „אָקטאָבער"־מענטשן, — גיט אים חבר רישקאָוו אַ פריינטלעכן קלאַפּ אין פּלייצע און לאָזט אים אַרויס, זאָגנדיק:

— נאָר אומבאַדינגט, מאָרגן, געהערט, חבר?

ווען מירקין האָט איבערגעגעבן דער חברטע סאָפיע דעם געשפּרעך מיט רישקאָוון, אַז די מענטשהייט איז צעטיילט אויף צוויי טיילן, דאָס הייסט, די, וואָס זענען מיטן „אָקטאָבער", און די, וואָס זענען קעגן אים, און אַז ער, דער „אָלטאָבער", כשרט אַלץ, האָט זי געענטפערט:

— נו, יאָ. איך ווייס נישט, וואָס דו וווּנדערסט זיך.

— אָבער, צי זעט איר דען נישט, אַז איר באַשאַפט אַ נייעם אָפּ־גאָט, דעם „אָקטאָבער"? פון קדמונים אָן האָבן אַלע כּהנים געבראַכט די מענטשן פאַר קרבנות אויפן מזבח פון אָפּגעטער. צוערשט, אין די סינ־דישע יאָרן, האָט מען געבראַכט מענטשן פאַר אַ קרבן פאַר אַ מולך, און אַזוי דורך דורות און דורות פון שוואַרצע, פינצטערע צייטן האָלט מען אין איין אָפּפערן דעם מענטש — נישט פאַר אַ צוועק פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר פאַרשטיינערטע דאָגמען, פאַר מולכס, רעליגיעס, צאַרן, פאָטער־לענדער, און איצט — פאַרן „אָקטאָבער", מען טרעט אַריין אין עם אויס־געטראָטענעם וועג פון אַלע אָפּגעטער. דו מיינסט, אַז אין אָנהייב איז מולך געווען עפּעס אַנדערש, ווי אָן „אָקטאָבער"? יעדע אידייע, אַז זי קומט, קומט זי, כּדי אויסצולייזן די מענטשהייט, איר צו דינען און צו העלפן אין איר פאַרלוירנקייט. דערנאָך, אַז זי ווערט פאַרשטיינערט, פאַר־וואַנדלט זי זיך אין אַ מזבח, אויף וועלכן מען שעכט פאַר איר די מענ־טשן. מולך איז אויך אַמאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנער. אַ רעוואָלוציאָנער קעגן פריערדיקן אָפּגאָט. די כּהנים האָבן איינגערעדט די מענטשן, אַז

נאָר מולך קאָן זיי העלפן פון די שלעכטע כוחות און שלעכטע וועטערן. מולך איז דער אמתער מענטשן-דערלייזער. דערנאָך, אַז ער איז געוואָרן דער הערשנדיקער אָפּגאָט, האָט מען פאַר אים פאַרברענט די מענטשן. אַזוי איז געווען דער וועג פון אַלע אָפּגעטער. און אַזוי, האָב איך מורא, קומט דער „אָקטאָבער" אין דער ריי.

זאָשקע איז געוואָרן בלייך.

— און דאָס, זאַגסטו, אַ רעוואָלוציאָנער? אײנער, וואָס האָט געגנוּ־מען אַן אַקטיוון אָנטייל אין „אָקטאָבער"?

— דערפאַר, — זאָגט מירקין, — האָב איך אַ רעכט און אַ חוב דאָס צו זאָגן.

— זאַכאַרי! וואָס טוט זיך מיט דיר?

— איך ווייס נישט, זאָשקע. איך ווייס נישט. נאָר איך פיל, אַז עס איז עפּעס נישט גוט.

שפּעט אין אָוונט האָט ער זיך בגנבה אַרויסגעגנבעט צום פּאָטער אין האָטעל „נאַציאָנאַל".

— פּאַפּאָטשקע, אַנטלויף! געדענק אָן דיין לעבן, אַנטלויף! עס איז נישט פאַר דיר! טו אַלצדינג און אַנטלויף.

דער אַלטער מירקין איז געוואָרן בלייך. ער האָט אָבער באַלד צו־ריקגעפונען זיין מוט. ער איז שוין אויך געווען אין אַן אַנדערער שטימונג.

— מיר דאַכט זיך, זאַכאַרי, אַז אַנטלויפן באַדאַרפסטו. עס איז צייט! — האָט ער געזאָגט, נישט אָן זאָרגן מיט זיין איינגעקנייטשטן שטערן.

## קאַפּיטל 13

# אַרויסגעפאַלן פון די רייען

די מלחמה האָט זיך געענדיקט — די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

פון אַלע פיר זייטן פון גרויסן רוסלאַנד האָט זי אָנגעהויבן אַרויס־צוקוקן מיט אירע וועלפישע הונגער־אויגן, און מ'האָט שוין געשפּירט איר בר־מינן-געשטאַנק אין דער הויפּטשטאָט. ביז פּסקאָוו און אָרשע

ליגט שווער דער דייטשער אָדלער. אוקראַינע איז אַ פרעמדע מדינה. ער איז גרייט, דער דייטש, צו פאַרכאַפּן די הויפּטשטאָט צוערשט, איידער עס וועט זיך פעדערן אַן אַנדערער. אין צפון האָבן די פראַנצויזן און ענגלענדער באַזעצט מורמאַנסק און אַרכאַנגעלסק. אין יאַראָסלאַוו באַ־לעבאַטעוועון די ווייסע גוואַרדיסטן, מיט דער הילף פון די „עסערן". ביי דער וואָלגע זאַמלען זיך טשעכאָסלאָוואַקישע מלחמה־געפאַנגענע. און דאָן אין קאַווקאַז האָט זיך באַוויזן דער אַנטלאָפענער גענעראַל קראַסנאָוו. ער נעמט צונויף זיינע קאָזאַקן. און אַלץ רוקט זיך און רוקט זיך, און זיי ציען אוים די הענט איינער צום אַנדערן.

נאָך ערגער ווי אַמאָל ליגט די שלאַנג אויפן לעקעכל. נאָר־וואָס די ערשטע טרופּן פון פראָנט פונאַנדערגעלאָזט, — וואָס מען האָט מיט זיי וואָלין, גאַנץ ווייס־רוסלאַנד און אוקראַינע זיך געקויפט, — און שוין זאַמלט מען זיי ווידער אין קאַזאַרמעס, אין פאַבריקן און הייזער. און ווי־דער קומען די מיט די אָנגעוואַקסענע בערד און שמוציקע העמדער, היי־זעריקע פון אַגיטירן „צו גיין באַשיצן מיט די בריסטן".

דאָסמאָל איז דער אָפּגאָט נישט דער „צאַר און דאָס פאָטערלאַנד", אַפילו נישט די „רעוואָלוציע". דאָסמאָל איז דער גרויסער מולך — דער „אָקטאָבער".

אַז מירקין איז אַהיימגעקומען, האָט ער אָנגעטראָפן זאָשקען פאַקן דעם ראַניעץ, די גרויסע געלע אַקטן־טאַש. זי האָט ווידער באַגייט די געלע, לעדערנע קורטקע, וואָס זי האָט שוין לעצטנס פון זיך געהאַט אַראָפּגעוואָרפן, מיט דעם רויטן שנור פון רעוואָלווער איבערן האַלדז.

— וואָס איז? — פרעגט זי מירקין.

— קאָרנילאָוו האָט זיך באַוויזן ביי די קאָזאַקן אין ראָסטאָוו. די סאָלדאַטן פון טערקישן פראָנט, אונטער סאָראָקינס קאָמאַנדע, זענען אָנ־געקומען ביז נאָוואָ-טשערקאַסק. מיר וועלן זיי אויף מעל צערייבן. און אַז מען וועט באַדאַרפן, וועלן מיר רוסלאַנד אין אַ טייך בלוט דערטרינ־קען. יאָ, מיר וועלן דאָס געבן אַ קנאַק מיט דער טיר. נאָר נישט דערלעבן וועלן זיי עס. פּאַקלען וועלן זיין געגוג, — רעדט זאָשקע, — כ'ווער גע־שיקט אויף דער פּראָווינץ אויף אַגיטאַציע, צו ווערבירן רויטע אַרמייער. און וואָס איז מיט דיר? חבר רישקאָוו האָט שוין נאָך דיר געשיקט צוויי

קוריערן. גיי גלייך אהין, זיי ווילן דיך באשטימען פאר א קאמיסאר. מיט אן אפטיילונג. אפשר וועלן מיר זיין אויף איין פראנט.

מירקין איז געווארן בלייך און האט געשוויגן.

— וואס שוויגסטו? זיך דערשראקן? — לאכט זי אים אין פנים אריין.

— און אז דערשראקן זיך, איז וואס? איך זע נישט איין, פארוואס מען זאל זיך נישט שרעקן. א גוטע זאך איז זיך צו שרעקן. דאס שרעקן זיך האט אונדז אפשר פאר מענטשן געמאכט, געטויט אין אונדז די חיה. מאקע זיך שרעקן. מאקע אזוי. פארוואס נישט? — האט מירקין כמעט געשריגן.

— שרעקנדיקע רעוואלוציאנערן, — לאכט זאשקע. — ווען מיר וואלטן זיך געשראקן, וואלטן מיר נישט אנגעהויבן די רעוואלוציע.

— ווען איך וואלט געגלויבט, אז דאס אלץ, וואס מיר טוען, איז באשטימט פון א העכערער מאכט, ווי מאכמעדס אנהענגער, למשל, גלויבן וועגן די רעליגיעזע מלחמות, וואלט איך די גאנצע פאראנטווארטלעכקייט פארן פארגאסענעם בלוט ארויפגעווארפן אויפן באטרעפנדן „מיטאס", וואס האט מיר געהייסן, פאר זיין גלאריע וועגן, ווערן א מערדער. קיין „מיטאס" האבן מיר דאך נישט. אין קיין העכערער מאכט גלויבן מיר דאך נישט. מען באדארף דאך אלצדינג נעמען אויף אייגענער אחריות, אויף אייגענעם שכל. בין איך זיך מודה: ווי ביי וועמען, ביי מיר פעלן אוים בוחות.

זאשקע האט אים אנגעקוקט מיט א פאראכטנדיקן שמייכל, מיט באדויערן געשאקלט צו אים מיטן קאפ:

— וואס פארדרייסטו א קאפ מיטן „מיטאס"? דא האנדלט זיך וועגן דער רעוואלוציע, וועגן „אקטאבער", וועגן פראלעטאריאט! אלץ שטייט אין געפאר.

— איך גלויב נישט אין מלחמות! — זאגט מירקין קורץ.

— יעדנפאלס וועל איך דיר ראטן זיך באלד צו באגעבן צום חבר רישקאוו.

זי האט זיך אוועקגעדרייט פון אים און זיך באשעפטיקט מיט אירע אייגענע זאכן.

ביים חבר רישקאוו אין ביורא האט געהערשט א קאכעדיקע, נער-

ווענע ענערגיע. דאָס גאַנצע גרויסע הויז איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן. מען איז געגאַנגען, געקומען. אַן אויפגערעגטע, דערוואַרטנדיקע נערוועזיטעט האָט געהערשט צווישן די אָנגעפּראָפּטע מענטשן. מירקין האָט זיך קוים אַריינגעקראָגן צום חבר רישקאָוו, וואָס איז געזעסן איבער אַ פּאַק פּאַפּירן, האָט דערזען ווי צענדליקער מענטשן שטייען פאַר אים. חבר רישקאָוו האָט געהאַלטן אין רעדן דורכן טעלעפאָן, דערביי אָבער האָט ער זיך געווענדעט צו דעם אָדער צו יענעם מיט אַן אויפטראָג, און אַריינגעקוקט אין אַ פּאַפּיר.

חבר רישקאָוו האָט געקאָנט טון צען מלאכות מיטאַמאָל.

— חבר מירקין, דאַכט זיך, — האָט געזאָגט רישקאָוו אין אַן איילנדיקן טאָן, זייענדיק פאַרנומען מיט טויזנטער זאַכן איינצייטיק. ער האָט אונטערגעשריבן פּאַפּירן, אַרויסגעגעבן באַפעלן צו אַריין־ און אַרויסגייענדיקע מענטשן, אויסגעהערט ראַפּאָרטן, זיך געמאַכט נאָטיצן און זיך, צווישן אַנדערעס, אויך געווענדעט צום קעגנאיבער אים שטייענדיקן מירקין.

— חבר מירקין, — האָט ער געזאָגט נאָך אַמאָל און בשעת־מעשה מיט אַן ענערגישן פאָר מיט דער האַנט זיך עפּעס אָנגעצייכנט אויפן פּאַפּיר, — איר זענט אונדז צונויפגעקומען אין די אָקטאָבער־טעג. ווו זענט איר דאָס פאַרפאַלן געוואָרן? אין אַ ווירטשאַפטס־ביוראָ, וועגן צוקער, זאַלץ? צו דעם זענען גוט אויך אַנדערע. מיר באַדאַרפן אייך זייער האָבן, — האָט ער ווידער עפּעס אַנדערש געטון און נישט געשאָנקען אַ בליק מירקינען. — מיר מוזן האָבן אַזעלכע מענטשן, אויף וועלכע מען קאָן זיך פאַרלאָזן. די רעוואָלוציע האָט אַ סך שונאים. די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כוחות זאַמלען זיך. נאָר מיר וועלן זיי ווייזן. באַנדיטן האָבן זיך באַוויזן אין די וועלדער. מיר וועלן זיי אויסראָטן. מיר אָרגאַניזירן די רויטע אַרמיי. מיר באַדאַרפן אייך האָבן. איך וויל, אַז איר זאָלט אָוועקוואַרפן אייער געוועלבל און אַריבערקומען צו אונדז. מיר באַדאַרפן האָבן פּאָליטיש־רייפע מענטשן — אַריינצולייבן זיי אין דער אַרמיי. איר זענט אונדז אין די אָקטאָבער־טעג צונויפגעקומען, זייער צונויפגעקומען. נו, וואָס מיינט איר, חבר מירקין?

— כ'האָב מורא, חבר רישקאָוו, אַז ס'איז נישט פאַר מיר. אַן אַרמיי? איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין מלחמה־מאַן.

— אָ, דאָס מיינט איר? — זאָגט אים חבר רישקאָוו. — פאַר דעם שרעקט זיך נישט. דאָס וועט איר זיך שוין אויסלערנען. די רעוואָלוציע לערנט אַלץ אויס. אפילו אַן אַם זיין, — לאַכט ער אַלץ צו זיך, נאָך נישט האָבנדיק קיין צייט אָנצוקוקן מירקינען. — מיר זענען אויך נישט געווען אין קיין מיליטער־אַקאַדעמיעס. דאָך, אַז די רעוואָלוציע באַדאַרף, נישט וואָר, חבר מירקין?

— אָבער, חבר רישקאָוו, כ'בין נישט איבערצייגט, צי דאָס, וואָס מיר טוען איצט, איז גוט — האָט זיך אָנגערופן מירקין.

— וואָס? האָט חבר רישקאָוו אַוועקגענומען מיט אַן ענערגישן הויב זיין שאַרף־געשניצטן גלאַנציקן שאַרבן פון די פּאַפּירן און אָנגעקוקט מירקינען. — וואָס האָט איר געזאָגט, חבר? — האָט שוין רישקאָוו געפרעגט באַרואיקט, אַזוי ווי דאָס, וואָס ער האָט געהערט, וואָלט געווען אַ טעות.

— וואָס מיינט איר, אייגנטלעך, מיט דעם „דאָס וואָס מיר טוען איצט“, חבר?

— איך מיין דעם בירגער־קריג, וואָס שטייט אונדז פאָר.

רישקאָוו האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פאַראַכטנדיקן שמייכל און געזאָגט:

— נאָר וואָס דען? נאָך אייך נאָך באַדאַרפן מיר לאָזן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן צוריק איינגעמען אַלע אונדזערע דעראָבערונגען און מאַכן אַ תל פון דער רעוואָלוציע?

— איך וויים נישט, וואָס מען באַדאַרף, — ענטפערט־אָפּ מירקין, — נאָר איך וויים, אַז דאָס, וואָס מיר טוען איצט, איז נישט גוט. עס מוז האָבן אַ גרענעץ ווי ווייט מיר זאָלן טון שלעכטס, כדי צו טון גוטס. מען דאַרף זען, צי דאָס שלעכטע וועגט נישט איבער דאָס גוטע. איך מיין, אַז אין אייפער פון קאַלוזשעס בלוט, וואָס מיר פאַרגיסן אַרום אונדז, אַז מיר פאַרטרינקען אַליין אין שמוץ און זינד, וואָס מיר באַשאַפן אַרום. איך האָב געזען מלחמה. איך וויים, וואָס אַזוינס דאָס באַדייט. דער מענטש ווערט אַ חיה. די איידלסטע מלחמה מאַכט פון מענטש אַ חיה.

רישקאָוו האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, אָנגעקוקט דעם בלייכן מירקין און געזאָגט:

— זאָגט מיר, יונגערמאַן, וואָס האָט אייך, אייגנטלעך, געבראַכט צו אונדז אין אָקטאָבער? פאַרבלאָנדזשעט?

— פארבלאָנדזשעט? ניין. געקומען באוווסטזיניק. יאָ, באוווסטזיניק. די אומשטענדן און די געשעענישן האָבן מיך געשמיסן מיט אייזערנע ריטער צום „אָקטאָבער“: די פארפוילטע מלחמה, ניקאָלאיס פּאָגראָמען. איך בין געקומען, ווייל כ'האָב געגלויבט, אז „אָקטאָבער“ וועט אויסלייזן די וועלט, געבן איר אַן אַנדערע געשטאַלט.

— וועלכע וועלט?! — שרייט רישקאָוו. — וועלכע? אייערע, די פארפוילטע בורזשואזע, צי אונדזערע, די פּראָלעטאַרישע?! ביי אונדז, יונגערמאַן, איז „אָקטאָבער“ נישט געווען קיין וועלט־אויסלייזונג, נאָר כדי צו פאַריאָגן קערענסקין, צו פארענדיקן די מלחמה. ביי אונדז איז „אָקטאָבער“ געווען אַן אָפּשלאַכטן, אַן אָפּשלאַכטן פון דער אַלטער, בורזשואזער וועלט און אַ געבוירן פון דער נייער, פּראָלעטאַרישער. ביי אונדז איז „אָקטאָבער“ — בלוט! אונדזער פּראָלעטאַריש בלוט. נישט קיין בורזשואזער מישמאַש, אַ מחותנישע שותפות מיט אַלעמען. און אַט פאַר דעם דאָזיקן פּראָלעטאַרישן בלוט זענען מיר גרייט אַלצדינג מפקיר צו זיין, די הויט פונעם וועלט־לייב אָפּצושיילן און אַ געשונדענע זי לאָזן ארומלויפן. כאַ-כאַ־כאַ! קומט אהער, חברים! הערט זיך צו: פאַר מענטשלעכקייט וועגן באַדאַרפן מיר נישט די רויטע אַרמיי אָרגאַניזירן. מיר דאַרפן זיך לאָזן פון די ווייסע גוואַרדיסטן די העלדזער איבערשניידן. פאַר מענטשלעכקייט וועגן באַדאַרפן מיר דעם „אָקטאָבער“ ליקווידירן. קומט אהער, הערט זיך איין.

מירקינען האָבן באַלד ארומגערינגלט יונגעלייט אין מיליטעריש צוגעשניטענע קורטקעס, מיט הויכע שטיוול. צווישן זיי זענען געווען אויך עטלעכע מיט גרויע קעפּ, אינטעליגענטע פּנימער, וואָס האָבן מאָדנע, נישט־פּאַסיק אויסגעזען אין זייער מיליטערישער קליידונג.

ס'האָט שוין לאַנג צוגעצויגן זייער אויפמערקזאַמקייט רישקאָווס צעהיצטער געשפּרעך מיטן יונגנמאַן, און זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער, רישקאָוו, וועלכער האָט נישט קיין צייט צו אַ חבר צוויי ווערטער ארויסצורעדן, לאָזט זיך אין דער ברענענדיקער אַרבעטס־צייט מיט אים אריין אין אַ דיסקוסיע. באַלד איז זיי דאָס דאָזיקע רעטעניש אויפגעקלערט געוואָרן.

— און דער האָט אָנטיילגענומען אין „אָקטאָבער“, געקראָכן מיט אונדזערע אויפן טעאַטער־דאַך! — זאָגט רישקאָוו.

די מענטשן האָבן מירקינען אַרומגערינגלט און אים באַטראַכט, ווי מען באַטראַכט אַן אויסטערלישע חיה. טייל האָבן אַפילו אויף דעם נישט געוואָלט קיין צייט פאַרלירן, געוואָרפן אויף אים אַ פאַראַכטנדיקן בליק און עפּעס געמורמלט.

אַ מיידל, אָנגעטון אין אַ שינעל, מיט קורצע האָר און זייער אַן אויפגעריסן נעזל, ווי עס וואָלט איר ווער אַ גוטן ש:על געגעבן, האָט זיך אָנגערופן:

— איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס מען גיט זיך אָפּ מיט דעם אַזוי פיל? אַזעלכע געהערן צום חבר מאַרעק אין קעלער אַריין, — און צוגע־גאַנגען צו מירקינען, פרעגט זי אים. האַלטנדיק פון דערווייטנס איר נעזל:

— ער איז דאָך מירקין, דעם גרויסן האָלץ־סוחרס זון! זיין פאָטער איז געווען אַ גאַנצער קנאַקער ביי די צאַרישע טשאַטשאַלניקעס, געווען אַ גרויסער פויגל. הייינט דינט ער אַלס „ספּעץ“ אינעם ווירטשאַפטס־קאָמי־טעט פאַר די באַנען. איך ווייס נישט ווי אַזוי מען לאָזט אַזאַ איינעם צו צו אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכער שטעלע?

חבר רישקאָוו, וועלכער איז שוין געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנ־דערש, האָט זיך איינגעהערט צום געלעכטער; געזען, ווי מירקין שטייט אין מיטן קרייזל אַ בלייכער, און אַלע קוקן אויף אים מיט פאַראַכטונג און שלעכטע בליקן, — האָט אין זיין האַרץ, ווי עס איז דער פאַל ביי שטאַר־קע, זיכערע מענטשן, אָן עס צו וויסן אָדער וועלן, אויפגעבליט אַ וואַרים רחמנות־געפיל צו דעם פאַרלוירענעם, פאַרבלאָנדזשעטן יונגנמאַן, פון וועלכן אַלע לאַכן:

— חבר, די רעוואָלוציע נויט נישט קיינעם. מיר באַטראַכטן דאָס זיין אַ רעוואָלוציאָנער פאַר אַ פּריווילעגיע, פאַר אַן אויסדערוויילטקייט, נישט פאַר אַ געצוווּנגענקייט. גייט אייך געזונטערהייט צוריק צו אייער באַ־שעפטיקונג, קיין פחדנים באַדאַרפן מיר נישט.

צוערשט האָט דאָס דאָזיקע וואָרט מירקינען געגעבן אַ ברי, ווי מיט אַ הייסן אייזן. דערנאָך האָט ער זיך אַריינגעטראַכט, צי דאָס, וואָס ער האָט געטון, איז טאַקע פחדנות. מיטאַמאָל איז אים אַ ליכט אויפגעגאַנגען פאַר די אויגן: ווער ווייסט, צי די דאָזיקע „פחדנות“ איז נישט דאָס, אין וועלכן די מענטשן נויטיקן זיך צומייניסטן, כדי צו זיין מענטשן? אינעם

אימפּעט פון מוטיקייט פאַרגעסט מען דאָס הייליקסטע. און ווער ווייסט, צי דאָס איז נישט דאָס איינציקע, וואָס קאָן ראַטעווען די מענטשן אין דער משוגענער צייט?

אַז ער איז אַהיימגעקומען אויפן קוואַרטיר, האָט ער שוין זאַשקען נישט געטראָפן. דערפאַר האָט ער געטראָפן אָנגעשריבן אויף אַ שטיק פּאַפּיר מיט איר ענערגישן כתב:

— „כ׳האָב געהערט, וואָס עס האָט זיך ביי חבר רישקאָוו געטון. איך שעם זיך פאַר דיר. מיט אַ פּחדן וויל איך גאָרנישט מער האָבן וואָס צו טון, און איך האָף, אַז אויך מיין שוועסטער. צווישן אונדז איז אַלצדינג אויס“.

מירקין האָט זיך צעלאַכט הויך, גענומען דאָס פּאַפּיר און עס צע־קנייטשט אין זיין האַנט.

— קענען אַלע צאַרן און אַלע הערשער האָבן זיי דערקלערט רעוואָלו־ציע, נאָר נישט קענען מאַרס. ער איז אויך דאָ דער אָנערקענטער גאָט. איך בין דער איינציקער, וואָס דערוועגט זיך צו מאַכן אַ רעוואָלוציע דעם מלחמה־גאָט. איך בין אַ פּחדן.

אַ גרויסער שטאָלץ האָט אים אַרומגענומען. ער איז אַרויס אויף דער גאַס. ס׳האָט זיך אים געגלוסט שרייען צו די פאַרבייגייענדיקע:

— מענטשן, איך בין אַ פּחדן. טוט מיר נאָך. פּחדנות איז דאָס איינ־ציקע, וואָס איז בכוח צו ראַטעווען די וועלט!

## קאַפּיטל 14

# מ אָ ס ק ו ו ע

לאַנגזאַם, מיט פּאַמעלעכע טריט, קומט־אָן דער פרילינג אין מאָסקווע, ווי אַ קינד, וואָס לערנט זיך גיין. וואָכן און וואָכן שטייט ער צוערשט אין דער לופט, איידער מען זעט אים אָן אויף דער ערד. יעדן טאָג ווערט פון דער ערד אַראָפּגעוויקלט אַ ווינטער־קלייד, ביז זי אַנטפּלעקט זיך אַ נאַ־קעטע אין איר ליכטיקער געשטאַלט.

אויף דער ערד האָט מען דעם פרילינג נאָך גאָרנישט אָנגעזען. זי איז

געווען בלאַטיק און קויטיק. נאָר מירקין, ווי יעדער איינער, האָט אים דער־פיקט דורך דעם, וואָס עס זענען אים מיטאַמאָל געוואָרן איבערדריסיק די ווינטער־קליידער, די קלעבעדיקע שעפּסענע קורטקע איבער זיין „אינטע־ליגענטן" אנצוג. אויסטון די קורטקע האָט ער אָבער נישט געקאָנט. ער האָט מיט איר געמוזט פאַרדעקן די אויסגעריבענע הויזן, אין וועלכע מ׳האָט זיך מער נישט געקאָנט באַווייזן.

ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט צו גיין אין באָד, דאָס לייב גוט אויספּאַ־רען און איבערצובייטן די וועש, א באַדערפעניש, וואָס ער האָט נישט גע־האָט זינט א לאַנגער צייט. כאָטש א פּאָר נייע שטיקלעך טרוקענע לייוונט, מיט וועלכע מען זאָל קענען די פיס ארומוויקלען, אז זיי זאָלן זיך נישט רייבן אָן די פייכטע שטיינער דורך די געלעכערטע ווואילאָקעס. אפילו זיך אין דער פרישער קאַלטער „מאָסקוואַ" אריינוואַרפן — אַזוי ווי ער שטייט און גייט — וואָס ביי איר ברעג האָט ער זיך איצט ארומגעשלעפּט פּוסט און פּאַס.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן גרויסן מאַיעסטעטישן פּלאַץ, אויף וועלכן עס הערשט די מעכטיקע צערקווע פון קריסטוס דעם דערלייזער. ער איז אראָפּגעקראָכן פונעם ברייטן, הארטן טראָטואַר צום ערדיקן קלעביקן ברעג, ווייל ס׳האָבן אים צוגעצויגן די האַלב־נאַקעטע לייבער פון די פאַר־וואָרלאָזטע יינגלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט ביים טייך. ער האָט זיך געפילט אַזוי היימלאָז און הפקרדיק ווי זיי, און געהאַט חשק זיך אָוועק־צוזעצן אין זיינע פוילנדע קליידער צווישן זיי.

ער איז אראָפּ צום ברעג און אָנגעטראָפן מחנות מיט היימלאָזע קינ־דער. צען־צוועלף־יעריקע יינגלעך מיט שטריק ארומגעוויקלט די ווינטער־שמאַטעס, מיט לאָבוזעוואַטע, פאַרברודיקטע פּנימער, וואָס האָבן אויסגע־זען ווי אַלטע בעלי־עבירות. אויך מיידלעך זענען געווען צווישן זיי. ס׳איז קוים מעגלעך געווען צו דערקענען זייער ווייבערישן מין, ווייל זיי האָבן זיך מיט זייער חוצפּהדיקן האַלטן, ווי אויך מיט זייער מאַנסבילשער קליי־דונג, מיט גאָרנישט אויסגענומען פון זייערע בחורישע חברים — א חוץ מיט די ווייבע, לאַנגע האָר פון אונטער די צעריסענע יינגלשע קאַשקעטן, אין וועלכע זיי זענען געגאַנגען, און אָפּטמאָל אויך מיט אַן אייִדעלן מיידל־שן שניט פון א פּנים, אָדער פון דעם יונג־אָנגעגאָסן קינדיש־מיידלשן לייב,

וואָס האָט אַפילו פון דער צעטראַסקעטער מאַנסבילשער קליידונג אַרויס־באַוויזן די מיידלשע ליניע, און פאַרראַטן דעם מין, צו וועלכן זיי געהערן.

אין מיסט פון צעבראָכענע כּלים און פאַרפוילט שטרוי זענען געזעסן אַ שיכט מיט קינדער און געשפּילט מיט שמוציקע קאָרטן. אַנדערע אָבער, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געוועזן דערמאָנט, אַז זיי זענען קינדער, האָבן זיך פאַרשפּילט מיט אַ שיפל, וועלכעס זיי האָבן געפּרווּט אָפּצושטופּן אין טייך אַריין. גאָר אַנדערע זענען שוין אין מיטן טייך, און נאָך אַנדערע האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שטיקער פאַרבלאָטיקטע שיך, וואָס זענען געווען צוגעבונדן צו זייערע פיס, און מיטן לעבעדיקן קינדער־לייב געפּלעשטשעט אין וואַסער. ס'האָט מירקינען אָנגענומען אַ בענקשאַפט זיי נאָכצוטון, אַראָפּצוואַרפן פון זיך זיינע פאַרפוילטע, אָנגעהיצטע ווילאָקעס און אויסווייקן די פיס אין וואַסער, — ס'איז געווען פרילינג.

לאַנג איז אים אָבער נישט געווען פאַרגונען דאָס פאַרגעניגן אָנצוזעטיקן זיך מיטן פרילינג. די בעטלער־קינדער האָבן מיטאַמאָל אַוועקגעוואָרפן זייער שמוציק קאָרטן־שפּיל, זייער קינדיש שטיפּן מיטן טייך — און זענען אַלט־תּכליתדיק געוואָרן. זיי האָבן אויף זייערע שפּילנדיקע, לאָ־בוזעוואַטע פּנימער אַרויפגעצויגן אַ רחמנות־אַרימקייט און אַרומגערינגלט מירקינען ווי אַ כמאַרע בינען ביי דער האָניג־בלום, אויסגעשטרעקט צו אים די שמוציקע הענט, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די צעריסענע אַרבל. זייערע שקציעשע אויגן האָבן לאָבוזעוואַטע אַרויסגעגליט פון די האָר־באָ־קלעבטע שטערנס. נאָר די מיילער האָבן זיי פאַרקרומט מיט בעטלער־קאַפּריזן און געשניצט קראַנקע גרימאַסן:

— חבר, גיב אויף אַ „ליעפּעשקע" (אַ קלעביק טייגל).

פון דער חברה קינדער־שאַרער האָט זיך אויסגענומען אַ מיידלשקינדיש פּנים — מיט אַ דערפאַרענעם אַלטן בליק, אַזוי ווי עס וואָלט שוין נישט געווען עקזיסטירט קיין סוד פאַר די דאָזיקע קינדער־אויגן. אַזוי ווי די האַלב־אויפגעגעסענע, פאַרפוילטע קינדישע ציין, וואָלטן שוין געהאַט פאַרזוכט אַלע ביטערקייטן... זי האָט זיך מיט איר שמוציק לייב, וואָס שטיקער פון זיינע אינטימסטע ערטער האָבן מיט דערבאַרעמדיקער אומ־פאַרשעמטקייט אַרויסגעקוקט פון די לעכער פון די שמוציקע קליידער, זיך צוגערוקט גאַנץ געדיכט צו מירקינען. זיך מיט אַ קינדישער זייט געריבן אין

זיין פּוס און אים געקוקט אין פּנים אַריין מיט אַ חוצפּהדיקן, איינלאַדנדיקן בליק:

— חבר, קום מיט מיר אונטער דער בריק...

פון קיינעמס אויגן קאָן די זינד נישט אַזוי אַרויסקוקן מיט איר גאַנצער גלוסטיקער אכזריותדיקייט, ווי פון די אויגן פון קאַליע־געוואָרענע קינדער.

די חברים יינגלעך האָבן איר מיט שטימע בליקן און רעדנדיקע ווונקען צוגעגעבן מוט און חשק. דאָס קינד־פּראָסטיטוטקע האָט עס געטון פון אייגענעם חשק, און מיט אומבאַהאָלפענער פאַרשייטקייט האָט זי מיט אירע שמוציקע הענטלעך אומאַנשטענדיק באַרירט מירקינען — און געוווּנקען צו אים...

אַ שרעק און אַן עקל, אַ גרויסער צאָרן האָט זיך אָנגעצונדן אין מירקינען. און ער האָט כמעט הויך אויסגעשריגן:

„אָקטאָבער, ביי וואָס וועסטו זיך אָפּשטעלן?!"

ער האָט די קינדער צוגעוואָרפן אַ שטיק ברויט, וואָס ער האָט עס, ווי יעדער איינער אין יענער צייט, געהאַלטן ווי דעם טייערסטן אוצר ביי זיך אין טאַש, און איז אַנטלאָפן.

ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש זיך אָפּצוואַשן פונעם קינדישן זונה־געשטאַנק. ער האָט געבאָדן זיין בליק אין דער געדיכטער שוואַרצקייט, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון גרופּעס ביימער אויף דער צווייטער זייט ברעג.

ער האָט זיך דערפרישט מיטן אָנבליק פון פרישע נאַקעטע ביימער־צווייגן, מיטן ברייט־שייניקן שפּיגל פון דער „מאָסקוואַ" אין איר ערדי־קער, ווייכיקער קאָריטע.

עס גרינט זיך שוין דאָ און דאָרט פונעם צעשמאָלצענעם שניי. די ביימער אויף יענער זייט הויכן אַרום פון זיך רויט־פיאָלעטענעם אָטעם... די וועלט איז ווי געוועזן: ברייט, גרויס און שיין. דער הימל — אַ צעגאָסע־נער זילבער־ים מיט באַפליגלטע, רויך־אויפגייענדע בלויקייטן. ער שטרעקט אויס ברייטע אָרעמס און נעמט אַרום דעם גאַנצן אוניווערס, פאַרפירט אים אין ליכטיקע אומענדלעכקייטן. זיין שיין פאַלט צוריק און צינדט אָן אַלע פענצטער פון די הייזער, באַלייכט גאָלדענע קופּאָלן און גרינע דע־

בער. די וועלט איז די זעלבע. הימל און ערד זינגען געזאַנגען, ווען דער מענטש פלאָגט זיך צווישן זיי, אַלע זיינע ווונדן האָבן זיך אויפגעעפנט און עס טריפט זיין בלוט און אייטער...

געזאַנגען, געזאַנגען פונעם ליכטיקן הימל אַראָפּ! געזאַנגען, געזאַנגען פון דער באַפרייטער ערד! און איבער דעם האַרטן ברוק זינגט מען אויך אַ פריילעך, טריאומפירנדיק, מאַרשירנדיק, געזאַנג. אָבער מיט אַ טויטן-שלייער שוין באַשלייערט. עס מאַכט אַן איינדרוק, אַזוי ווי מען וואָלט נאָכגעשפּילט הינטער אַ לוויה אַ פריילעכן חופּה־מאַרש.

מירקין קוקט זיך אַרום: — עס גייען רעקרוטן: רייען, רייען אַר־בעטער. טייל נאָך אין זייערע ציווילע קליידער, אַנדערע שוין געהילט אין זעלנערישע שינעלן. זיי באַלאַנגען שוין צו אַן אַנדערער וועלט. טייל פּנימער, — די יינגערע, אויפגעריסענע, לעבעדיקע און באַגייסטערטע, — אָנגעגאָסן מיט מוט און ווילן. די עלטערע מיט בערד באַוואַקסענע, מאַרשירן אויך מיט אַ מידן, מיליטערישן ענטוזיאַזם, נאָר שרעק קוקט אַרויס פון די אויגן. און אַלע זינגען זיי — ווי פריילעכע ווידוי־געזאַנגען — דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און שעפּן פונעם דאָזיקן געזאַנג כוחות, באַ־גייסטערונג.

שטייט ער, מירקין, און קוקט זיי נאָך מיט קנאה און פאָרוואורף: פאַרוואָס געפינט ער זיך נישט דאָרט אין די רייען? — פאַרוואָס קלאַפּן נישט אַן זיינע טריט אויף די האַרטע שטיינער צווישן זיי? מיט דער ביקס אין דער האַנט, אַזוי ווי זיי? — וואָס פאַרא רעכט האָט ער זיך איצט אַרויסצומאַכן און צו גיין באַזונדער? ווי האָט צו אים געזאָגט חבר ריש־קאָוו: דער, וואָס זאָגט „אַלף" — מוז אויך זאָגן „בית". וואָס פאַרא רעכט האָט ער איצט זיך אַרומצושלעפּן הפקרדיק אַליין?

ער קאָן עס זיך נישט פאַרענטפערן. ער ווייסט, אַז ער איז שולדיק. נאָר טון אַנדערש — קאָן ער נישט. ער פילט, ווי ער איז געגאַנגען אין דער מחנה, אָנגעהאַלטן דעם טריט, און מיטאַמאָל איז ער מיד געוואָרן, זיך דערשראָקן פאַר עפּעס, אומגעפאַלן און אַזוי ליגן געבליבן. ער פילט, ווי די חברים טרעטן איבער זיין לייב. הונדערטער טויזנטער פיס שפּרייזן איבער זיין קאָפּ, איבער זיין רוקן — און גייען ווייטער, לאָזן אים איבער אַ צעטרעטענעם, ווי די הפקר־יינגלעך ביים טייך, ווי דאָס פּראָסטיטוט־קע־קינד, ווי גאַנץ רוסלאַנד...

„געוויס, געוויס באַדאַרף עס אַזוי זיין. די רעוואָלוציע האָט פיל שונאים און זי מוז זיך ווערן. וואָס דען? זיך לאָזן אויפפרעסן פונעם אַנדערן צד? מאַכן אַ תל פון אַלע דערגרייכונגען און זיך אַליין באַגראָבן? — ווען יענער צד וועט זיגן — וועט ער דאָך סיי־ווי־סיי פון אַלעמען מאַכן אַ תל. — איז דאָך שוין גלייכער מיט דער שווערד אין דער האַנט צו ראַטעווען די רעוואָלוציע און דאָס אייגענע לעבן. געוויס, געוויס האָבן זיי רעכט. דאָס איז דער גורל פון יעדן איינצלנעם, וואָס שליסט זיך אָן אָן אַן אידעע. די אידעע שלעפּט דיך נאָך זיך, ווי אָנגעבונדן ביי אַ סייט. דער, וואָס זאָגט „אַלף" — מוז אויך זאָגן „בית". — איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, ווייל כ'בין אַ פּחדן, אין פּשוטן זין פון וואָרט. דערפאַר, ווייל כ'האָב מורא. נאָר, כדי זיך צו פאַרענטפערן, וויקל איך עס איין אין טעאָריעס. כדי זיך אַרויסצומאַכן פון עסק — קלער איך אויס, אַז ס'איז טאַקע גוט צו זיין אַ פּחדן, אַז פּחדנות קאָן ראַטעווען די וועלט. אָבער, אין דער אמתן, שטאַמט אַלץ פון מורא, פון ריינער פּחדנות, ווי זאָשקע האָט מיר צוגעוואָרפן.

גוט, איך וועל זיך האַלטן דערביי: איך בין אַ פּחדן, איך האָב מורא פאַר מיין אייגן לייב. איז אָבער מורא נאָר אַ נידערטרעכטיק געפיל? — מורא טראָגט דאָך מיט זיך נישט־דעצידירטקייט, ספק, אַ נייג צום צווייטן צד: — אפשר האָב איך נישט רעכט? אפשר איז דער יושר דאָרט?

אויב אַזוי, איז עס דאָך אַ מענטשלעך, שעפעריש געפיל? —

דאָס מענטשלעכע בלוט, געשטייגערט דורך אַנטוויקלונג פון דורות צו דער העכסטער שאַפונגס־מעגלעכקייט; דאָס מענטשלעכע בלוט, גערייניקט דורך די פילטרען פון מענטשלעכע מדריגות, — איז דאָך געבליבן שטעקן אין זיין אור־קוואַל, אָנגעקניפּט דורך געהיימע בונדן צו יענעם אומבאַוווסטן כוח, פון וואַנען עס פליסט און טראָגט אין זיין עצם די אומפאַרשטענדלעכע אייגנשאַפט פון זיין געטלעכן מקור. איינע פון די דאָזיקע אייגנשאַפטן איז מורא און פּחדנות, וואָס זענען מיט דער צייט געוואָרן אויסגעלאָשן דורך פּוסטע מענטשלעכע פאַרמעסטונגען, אַרויסצוגיין פון זיך אַליין. דער אור־מענטש האָט זיך געשראָקן, ווען נישט, וואָלט ער נישט געווען געשאַפן קיין געטער. דער אור־מענטש, אין זיין גאַנצן געראַנגל מיט חיה און נאַטור, האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ שוואַך, אָפּהענגיק באַשעפעניש. אויב נישט — וואָלט ער זיך דאָך אַליין געווען גע־

האַלטן פאַרן אור־קוואַל פון אַלעם, — פאַר גאָט, און נישט באַדאַרפט צו קומען צו פאַרהייליקן שטאַרקערע כוחות פאַר אים: דונערן, אָדער שוואַכערע — קי און קעץ.

אַזוי לאַנג ווי דער עלעמענט „אימה" האָט געהערשט אין אונדזער בלוט — איז דער אור־מענטש געווען אַ מענטשלעך, רעליגיעז באַשעפעניש, וואָס האָט אַרום זיך געשאַפן גוטס, הכנעה און ליבע. ערשט מיט דער צייט, ווען דער געטלעכער עלעמענט פון אימה האָט אָנגעהויבן צו ווערן אונטערדריקט דורך טייוולאָנישן געצן־דינערישן מוט און שטאַרקייט, זענען אויפגעקומען די מלחמות, דעראָבערונגען, אָנזאַמלונגען פון מאַטעריעלער עשירות מיט זייערע קרבנות פון שוואַכע און אונטערדריקטע. כדי צוריקצושטעלן דאָס גלייכגעוויכט אין דער וועלט, כדי צוריקצוגעווינען די ערשאַפט פון ליבע און גוטסקייט, איז אַלערערשטנס נויטיק — צוריק אויפוועקן דעם געטלעכן פונק פונעם מענטשלעכן כאַראַקטער — דאָס געפיל פון פחדנות און אימה.

צי איז דאָס נישט אַ באַהאַלטן זיך הינטער אַן אויסגעטראַכט שפּאַניש ווענטל? וואָס האָב איך געטון? — געיאָגט דורך אומשטענדן און אומגערעכטיקייטן, האָב איך מיט מיין ווינציקייט געהאָלפן אַ סיסטעם, — וואָס איך האָב געגלויבט, אַז עס איז בכוח צו ברענגען יושר צווישן די מענטשן — קומען צו דער מאַכט. כ'בין געקראָכן אויף דעכער און געהאָלפן טויטן מענטשן. דאָס געפיל פון פחדנות און מורא איז געוואָרן אין מיר דערשטיקט דורך אַ העכער געפיל, — דורך גלויבן. דאָס געפיל פון פחדנות און מורא איז צוריקגעקומען דענסטמאָל, ווען כ'האָב אָנגעהויבן צו צווייפלען אינעם אידעאַל. הייסט עס, אַז נישט אין מיר ליגט די שולד, — נאָר אינעם סיסטעם.

אָבער, אין וואָס האָב איך אָנגעהויבן צו צווייפלען? אינעם אידעאַל? ניין, נישט אידעען זענען גוט אָדער שלעכט — נאָר דער מענטש. — איך האָב אָנגעהויבן צווייפלען — אין די מעטאָדן.

דאָס לעבן ווערט נישט אויסגעפירט פון אידעאַלן, נאָר פון טאָג־טעגלעכע מעשים. די אידעאַלן שווימען, ווי נשמות, צוריק אין הימל, און אין לעבן ליגט זיך דער חומר פון מעשים. מיין פעלער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אָנשטאָט אינעם מענטש, האָב איך אָנגעהויבן צו גלויבן אינעם סיסטעם. דאָס סיסטעם מאַכט שטענדיק דעם חשבון אָן דעם באַלע־

באָס, אָן דעם מענטש. עס גייט איבער זיין קאָפּ און פּאַרוואַנדלט זיך אין א טאָרטור־מאַשין, אין א טויטער דאָגמע, וואָס אָנשטאָט באַפרייאונג ברענגט זי — פּאַרשקלאַפונג. אָנשטאָט טרייסט און רעטונג — יסורים און צער...

דער מענטש איז דאָס העכסטע גוטס, דער איינציקער קוואַל, דורך וועלכן עס פליסט שעפעריש לעבן. ער אליין איז בכוח זיך אויפצוהויבן, צו פילן די געטלעכקייט אין זיך, ווייל דער מענטש איז געטלעך. אָנגע־קניפּט דורך זיין בלוט אָן יענעם אומבאַוווסטן שעפערישן קוואַל פון אַל־מאַכט, פון וועלכן ער שטאַמט־אַרויס, — איז ער אַזוי אומבאַגרייפלעך, אומבאַרירלעך און הייליק ווי די גאָטהייט. יעדער אידעאַל, וואָס טראַגט נישט מיט זיך די אומבאַגרענעצטע רייכטימער פון דעם נאָך אומדער־קלערטן אָדער פון דער אומענדלעכקייט, — מוז פאַלן אויפן מענטש, ווי קייטן".

ביי די דאָזיקע געדאַנקען האָט אויפגעפלאַמט פאַר מירקינען דער קרעמל. א קופּקע גאָלדענע טורעמס, מיט גרינע דעכער, מיט פינקלדיקע שויבן, — ווי ווייבער אונטער א צוים אַרומגערינגלט, און די דיקע מויער מיט די צען שפּיצן. פונדערווייטנס האָבן זיך אויפגעהויבן די ווינקל־טורעמלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט מיט זייערע הויכע, ווי היימיש אויס־געשניטענע פענצטער, ווי קינדישע, צונויפגעקלעפּטע לאַמטערן.

ס'האָט זיך געדאַכט, אַז די גאַנצע אומברחמנותדיקע אַזיאַטישקייט פון דער רוסישער נשמה, די טיפע פלאָנטדיקע גרויסקייט פון איר אַלטער פאַרגאַנגענהייט ליגן אויסגעגאָסן אין די לעפּיש־אויסגעהאַקטע פענצטער־לעך פון די קרעמלער טורעמלעך.

כמאַרעס רוסישע נשמות פון דורות און דורות נעסטן, ווי פייגע־לעך, אונטער די געזימסן, אונטער די דעקלעך און באַלקן־פענצטערלעך, און בריען דאָרט אויס אין דער טיפער רוסישער פאַרגאַנגענהייט, — פאַר־שפּינוועבט אין די קרעמלער ווענט, — די מיסטישע אומרואיקייט פונעם רוסישן זוכנדיקן כאַראַקטער.

א וואַנט־פענצטער פונעם „גראַנד פאַליי" האָט איצט אויפגעפלאַמט, אַרויסגעקוקט מיט ברענענדיקע אויגן איבער די אַקסלען פון דער קרעמ־לער וואַנט.

מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז מירקין אַריינגעקומען אין „אַלעס־

סאַנדערסקי סאַד". דער שניי איז נאָך עקשנותדיק געלעגן פאַרשמאָדערט, צעטראָטן, נאָר דאָך אַ ווייסער, צווישן די ביימער. און ס'האָט זיך געדאַכט צו פאַרנעמען זיין, דעם שנייס, געדאַנק: „כ'וועל נישט אָפּטרעטן פון דאַנען, ביז מיין לעצטן טראָפּן".

נאָר דאָך האָט שוין פון צווישן די שניי־ריסן אַרויסגעקוקט נישט קיין נאַקעטע ערד, נאָר שוין אַ מיט גראָז באַוואַקסענע. דאָס גראָז איז געווען דורכגעווייקט, נאָר צוליב דעם ווייסן שניי איז עס אַרויסגעקומען בולטער מיט זיין גאַנצן גרינעם טעם.

די גרעזער האָבן האַרץ־ברעכיק פון שניי אַרויס געבעטן רחמים זיך צו ראַטעווען... אַ יונגער, לייכטער פרילינגס־ווינט האָט געבלאָזן אין זיי און צעווינדיקט די גרעזלעך, ווי די פעדערן אויף אַ הינטערשטן טייל פון אַ הון. געציטערט, האָבן זיי זיך צעשיט און אַרויסגעוויזן דאָס געהיימניש פון זייער בליעכטס, ביז צו די שוואַרצלעכע וואָרצלען, מיט וועלכע זיי שטעקן אין דער מוטער־ערד.

און דאָס גאַנצע גראָזישע געהיימניש איז אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר דער עפנטלעכקייט. אויף די בענק, אין דער ערשטער יונגער פרילינגס-לופט, האָט ער אָנגעטראָפן האַלב־פוילנדע קינדער־לייבער פון ביידע מינים, וואָס האָבן זיך אין שמוץ און זינד אַרומגעוואַלגערט, ווי פּאַראַיאָריקע בלעטער, אין דער פייכטקייט, און מיט שמוץ אָנגעוואַקסענע הענט געשפּילט אין ברודיקע קאָרטן...

דערפאַר אָבער האָט מירקין אויף וואָזנעסענסקי פּלאַץ אָנגעטראָפן מחנות זעלנער. עס זענען נאָך נישט געווען קיין ריכטיקע זעלנער, נאָר ערבדיקע. אַ מישמאַש פון אָנטועכצער, פון פעל־„שובעס", פון שעפּסענע, שמוציק־געוואָרענע פעל־מאַנטלען, אויך מיט לעדערנע קורטקעס באַקלייד. אַ שלל פון פאַרשידענע מינים היטלעך, באַשפּרענקלט אַרום די זייטן מיט ריכטיק־מונדירטע סאָלדאַטן.

צווישן די מאַרשירנדע האָט מען אויך געזען פיל ווייבערשע געשטאַלטן, וואָס האָבן מיט זייערע מעכטיק אויסגעשטעלטע בריסטן, מיט זייערע נקבהשע פּנימער, געוואָלט אויסזען מער מענעריש, ווי די מענער אַליין. אָבער דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן. וואָס מעכטיקער און שטייפער זיי האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע טריט — אַלץ מער יצר־הרעדיק־ווייבלעך האָבן זיי געווירקט. אַלע, אָן אויסנאַם, האָבן געטראָגן

הויך אויף די הענט און אקסל־רוענדיקע ביקסן. די ביקסן האָבן אַלעמען געגעבן איין אויסזען און זיי שוין אויסגענומען פון די אַרומיקע מענטשן אויף דער גאַס און באַשאַפן פון זיי גאָר עפּעס אַנדערש: זעלנער.

נאָך זיי זענען נאָכגעגאַנגען, ווי נאָך אַ לוויה, די „סאָוויעטישע פערדלעך", — די נאַקעטע היימלאָזע קינדער מיט די שפּייז־שליטעלעך, וואָס זיי האָבן געפירט פאַר די זעק־מענטשן פּראָוויאַנטן פון די באַנען. זייער קינדישער חשק האָט זיי געמאַכט אַ מינוט פאַרגעסן אין זייער נוצ־לעכער באַשעפטיקונג, און נישט געקוקט אויף די מאָנענדיקע תביעות פון זייערע באַלעבאַטים צו גיין אינעם באַשטימטן וועג, האָט אָבער זייער קינדישקייט זיי געשטופּט נאָך די סאָלדאַטן. איינגעשפּאַנט ווי שטיף־קינדישע זשרעבאַקעס צו די שליטעלעך — האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם זעלנערישן גאַנג און מיטגעזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

מירקין האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיי נאָכגעקוקט. ס'איז אים מיט־אַמאָל פאָרגעקומען, אַז „אָקטאָבער" איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ חיה, און ווי אַ חיה פרעסט ער דאָס מענטשלעכע באַשעפעניש אָן אויפ־הער...

## קאַפּיטל 15

# הונגער נאָך לייוונט

מירקין האָט עפּעס דערזען, וואָס האָט אים געמאַכט אין אַלעם פאַר־געסן. ער האָט געדענקט בלויז וועגן זיין באַרוויסן איך, וועגן זיין נאַקע־טער פיענטע, וואָס רייבט זיך, צוזאַמען מיט אַ שטיק פאַרפוילטער אָני־טשע אינעם געלעכערטן „וווילאָק", אָן דעם פייכטן אַספאַלט פונעם טראָ־טואַר. ער האָט דערפילט דאָס צעקריכנדיקע העמד אויף זיין לייב. ער איז זיך אַליין געוואָרן איבערדריסיק און עקלדיק. ער האָט דערפילט אַ מעכ־טיקן הונגער און דורשט צו פריש־געוואַשענער, קנאַקעדיקער לייוונט...

די בענקשאַפט צו לייוונט האָט אַרויסגערופן ביי אים דער אָנבליק פון העמדער, פון ווייבערשע העמדער.

אויפן טראָטואַר, ביים צוגאַנג צום „רויטן פּלאַץ", אַקעגנאיבער דער־

הייליקער טווערסקאיא, פון וועלכער ברענענדיקע ליכט זענען געלאָשן
געוואָרן אין טאָג־העלקייט, זענען געשטאַנען צוויי פרויען, איינע אַן על־
טערע, איינע אַ ייִנגערע, אין פאַרנעמען שוואַרץ, מיט געדיכט-פאַרשלייער־
טע פּנימער און אָנגעבאָטן צו קויפן ווייבערשע זיידענע העמדער, וועלכע
זיי האָבן זאַנפט, ווי קליינע קינדער, געהאַלטן אין זייערע הענט. די דאָ־
זיקע צוויי פרויען האָבן געהאַט פרומע פּנימער־מינעס, אַזוי ווי זיי וואָלטן
אין משך פון זייער גאַנץ לעבן גאָרנישט עפּעס אַנדערש געוועזן געטון, נאָר
געוועגזלט זיך אין קירכלעכן ווייִרויך, אַזוי ווי זייערע ליפּן וואָלטן, אַ חוץ
מורמלען פרומע תפילות, נישט געקאָנט קיין צוויי איבערציילן. דאָך האָבן
זייערע געקאַרבטע, זיידענע האָר, אויף די ווייכע ווייבערשע שטערנס,
דער פאָרנעמער, עלעגאַנטער אויסבויג פון זייערע שטאַרק-באַצייכנטע
ברעמען אין די דערשראָקענע, ציטערנדיקע בליקן פון אונטער די שוואַרץ־
האָריקע אויגן־הייטלעך — אויסגעזאָגט פון וועלטלעכקייט, פון וויל־
טאָג. פון זיי, ווי פון די געוואַשענע ראָזע־קאָלירטע, מיט שפּיצן באַזעצ־
טע זיידענע באַטיסט־העמדער, וואָס זיי האָבן אָנגעבאָטן צום פאַרקויפן,
האָט זיך געטראָגן יצר־הרעדיקער געשמאַק, אויסגעמישט מיטן דערוועקנ־
דיקן, היימישן גערוך פון זומערדיקן נאַפטאַלין, וואָס טראָגט זיך פון
דער מאַמעס מלבושים. דער געוועגלעכער אָנבליק פון ווייכן, ווייבערשן
באַטיסט האָט מירקינען פּשוט אָנגעשיכורט. ער האָט נאָך מער ווי פריער,
דערשפּירט די באַדערפעניש זיך אויסצובאָדן און צו הערן געמאַנגלטע
וועש קנאַקן איבער זיין הויט. ביים אָנבליק פון ווייבערשער, געוואַשע־
נער וועש — איז ער זיך פאָרגעקומען נאָך שמוציקער ווי פריער: מורא־
געהאַט, אַז שוין זיין אָנבליק אַליין זאָל נישט ברודיק מאַכן דעם אויס־
געצירטן, אויסגעגלעטן, ווייבערשן באַטיסט, וואָס האָט דערמאָנט אין
זינדיקע חופה־נעכט... אין זיין מויל אָבער האָט ער געהאַט דעם זיסן טעם
פון אַ זאַפטיקער פלוים, וואָס ער וואָלט נאָר-וואָס געוועזן פאַרזוכט. ער
האָט זיך אָפּגעשטעלט פונדערווייטנס. געשטאַנען און געטרונקען מיט זיי־
נע בליקן דעם זויבערן, פריש־בלעטערנדיקן אָנבליק פון דער ייִנגערער
פרוי. ס'האָט זיך אים געדאַכט צו פאַרנעמען דאָס קנאַקן פון איר זיי־
דענער ווייכקייט. אַ קינדישער פאַרלאַנג האָט אים אַרומגענומען: צוצו־
גיין און כאָטש זי אָנצורירן מיט דער האַנט...

צו וואָס אַלץ פאַרא געדאַנקען עס קאָנען ברענגען אויפן זינען ווײ־

בערשע, זיידענע העמדער, — ביי מירקינען האָבן זיי איצט אַרויסגערופן די ריינסטע און איידלסטע געפילן, אַזוי ווי ער וואָלט דורך זייער נאַקעטן אַנבליק אַליין שוין געוואָרן געריינינקט און געלייטערט.

ווען ער האָט דערזען אַ גוט־באַשוכטע און גוט־באַטוכטע פּויערטע, וואָס איז איצט אַרויסגעקומען פון דער הייליקער טווערסקאַיאַ, און איז צוגעגאַנגען צו די פּרויען, אַנגענומען מיט איר׳ע אויסגעאַרבעטע פינגער דעם זיידן־באַטיסט פון די העמדער, געטאַפּט זיי, עפּעס גערעדט, געדונגען זיך אוודאי, — האָט ער זיך פון עפּעס־וואָס געפילט באַליידיקט, פאַרשוועכט אין זיינע געפילן...

זיין אַרומשלעפּן זיך איז שוין איצט געווען באַגלייט מיט די געדאַנקען וועגן די באַטיסטענע העמדער. ער קאָן גאָרנישט פאַרשטיין, ווי מענטשן קאָנען אָנביטן זייערע העמדער צו פאַרקויפן. אַ העמד איז דאָך אייגנטלעך דאָס אייגנסטע, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט, אַ צווייטע הויט, — דאָס נאָענטסטע צום לייב. עס איז מיט אים אין זיין אינטימסטער פאַרבאָרגנקייט, ביי זיין געבוירן ווערן, ביי זיין שטאַרבן. ביי דער נאָענטסטער נאָענטקייט פון זיינע איבערלעבענישן. ווי אַזוי לאָזן אַן אַנדערן עס אָנטאַפּן מיט די פינגער? —

דער אָנבליק פון די העמדער האָט דערוועקט אין אים אַ מוראדיקן הונגער צו לייוונט. ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז מען קאָן זיין אַזוי הונגעריק צו העמדער, פּונקט אַזוי ווי צו ברויט. פּונקט אַזוי ווי אַ דורשטיקער קאָן וועגן גאָרנישט קלערן נאָר וועגן פלּיסיקע קוואַלן, אַזוי האָט ער איצט קיין אַנדערע זאַך נישט געקאָנט האָבן אין זינען, ווי פריש־קנאַקעדיקן באַטיסט אויף זיין לייב, און ריינע שטיקער לייוונט איבער זיינע פּיס.

משוגענע וויזיעס האָבן זיך געוועקט אין זיין דערהיצטן געהירן. ער האָט זיך געזען אַ נאַקעטן און ער שווימט אין אַ פליסיקן טייך פון לייוונט... צו וואָס פאַרא אַסאָציאַציעס פון געדאַנקען עס קאָן ברענגען אַן אָנבליק פון אַ זאַך! — אַ זאַך, אַ פּשוטע, טעגלעכע זאַך קאָן אַמאָל אָנשיכורן ווי דער גליענדיקסטער וויין. מירקין איז פונעם אָנבליק פון דעם ריינעם ווייבערשן באַטיסט שיכור געוואָרן און געשוועבט אַ באַפליגלטער איבער די מאָסקווער גאַסן. ס׳האָבן זיך אין אים דערוועקט בענקענישן און פאַרלאַנגען, וואָס עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען שוין

לאנג פארווישט דורך די יאַגנדיקע ווינטן פון די געשעענישן און אָפּגע־פלאָסענע פאַרגאַנגענהייטן. פאַרוואָס עפּעס איז מיטאַמאָל געקומען צו שווימען אין זיין געהירן אַריין פון דער נאַכט אַרויס דער זכר פון הע־לענקען?

ער האָט זי געזען אַזוי ווי זי איז, און דאָך נישט אַזוי ווי זי איז. גאַנץ אַנדערש האָט איצט אין זיינע וויזיעס אויסגעזען איר צעקנייטש־טער מענערישער הוט אויף אירע שאַטינענע האָר. און גאַנץ אַנדערש דער געלער פוקסענער קאָלנער אויפן האַריקן, קאָליר־פאַרווישטן מאַנטל. אַן אָנגעזעענע נישט־וועלטישע ריינקייט און ווייסקייט האָט געשטראַלט פון איר. דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל געפילט, ווען ער האָט באַרירט מיט זיין האַנט די רונדיקע, קילע גלאַטיקייט פון אירע אַראָפּפאַלנדיקע, אויסגע־קנעטענע אַקסלען — איז צו אים צוריקגעקומען דאָ, אין מיטן דער גאַס. ער האָט עס געפילט אויף זיינע ליפּן, און ס'איז אים מיטאַמאָל געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. די דעראינערונג וועגן איר נעמט אים אַרויס פון זיינע שמוציקע קליידער און באָדט אים אויס אין קילע, קרישטאָלענע בערג־וואַסערן. אַ הייליק ציטערן גייט־אַדורך דורך די תהומיקע טיפע־נישן פון זיין לייב. יעדע צעלע זיינע, יעדער נערוו, יעדער געדאַנק ווערט געלייטערט. ווי אַ קינד פון דעם מוטערלעכן לייב אַרויס, אַזוי האָט ער זיך אַרויסגעוויקלט פון די פאַרהוילענע וועלט־שלייערן און ער שטייט נאַ־קעט אַליין מיט זיך. קיין העמד, קיין איין פעדעמל באַדעקט נאָך נישט זיין אויסערלעכקייט. קיין איין געדאַנק וואַנדלט נאָך נישט אַרום אין זיין אינערלעכקייט...

ס'האָט געדויערט קוים אַ רגע, און פאַרשוווּנדן איז די אילוזיע. אי־בערגעבליבן איז בלויז די שמוציקע פייכטקייט פון דער גאַס, דאָס צע־קריכנדיקע העמד אויפן לייב. די טאָפּטשנדיקע פיס מיט די אויסגעריי־בענע ווילאָקעס אין דער בלאָטע — און אַן אָנוואַקס פון מאָך און גרינ־קייט אויף לייב און לעבן. אַ בלייערנע שווערקייט פון פאַרהוילענע וואַג־וועלטן שלעפּט אין די טיפע אָפּגרונטן...

אָבער די אילוזיע האָט, ווי דער ווייסער שלייער ביי אַ כלה, איבער־געלאָזט די בענקשאַפט און דעם פאַרלאַנג צו איר. און די בענקשאַפט און דער פאַרלאַנג האָבן אַרויסגעהויבן פון אַלע שווערקייטן, גערייניקט און

געלייטערט און געגעבן פליגל זיך אויף די שפּיץ פינגער צו הויבן און נאָכ־צוקוקן נאָך דער פאַרשווונדענער.

מיטאמאָל אָבער האָט ער דערפילט, אַז די ווייסע ריינקייט האָט זיך באַזעצט אין אים.

אַ כישוף־האַנט האָט דורך אָנגעקניפּטע פעדים אים אַרויסגעצויגן פון אַלע אַ־געוואַקסענע מאָכן און פּייבטע גרינקייטן, וואָס דאָס לעבן האָט אָנגעוואָרפן, און האָט אים צוריקגעבישופט אין די קינדער־יאָרן אַריין. ער פילט, ווי ער ווערט געטראָגן פון וואַרימע, שטאַרקע הענט, ווי ער ווערט אַריינגעבראַכט אין אָנגעוואַרימטע וואַסער־שלייערס, וואָס גיסן זיך איבער זיין בויך און רוקן. ער ווערט געהילט אין לייוונטענע וויק־לען און ווערט פאַרטראָגן דורך דעם אין אַנדערע וועלטן...

עס וועקן זיך אויף בענקשאַפטן און פאַרלאַנגען. העלענקעס מיידליש לייב פאַרקערפּערט אַלע ווייבער־מוטערס פון זיינע קינדער־יאָרן.

דאָס אויפגעלאָזענע קערפּערלעכע שאַפט פאַנטאַסטישעס אין דער פאָרשטעלונג פון אויסגעקנעטענע, קילע מיידלשע פּלייצעס, וואָס איז אי־בערגעבליבן ווי אַ האָניג־טעם, און עס טראָגן זיך אַריין אַנדערע ווונטשן, אַנדערע חלומות: אַ נאַפטאַלין־פּערפומען־געשמאַק, וואָס האָט זיך געפילט פון מאַמאָטשקעס קליידער; זינדיק איינלאַדנדיקע בליקן פון אַ טויט פּנים, וואָס האָט זיך, ווי אַן אָפּגעריסענער באָבע־יאַכנע־פּאָדים, געשפּונען אין זיין אונטערבאַוווסטזיין; רעשטן אילוזיעס פון זעלבסטמאָרד־פּרווון... שוין פון לאַנג פאַרשטעקטע און באַגראָבענע, תאוהדיקע פאַרלאַנגען, דאָך אי־נעם בלוט לעבן־געבליבענע, צו מילך־אָנגעגאָסענע בריסטן, צו ווייבערשע, רייפע, פליישיקע בייכער, וואָס הויבן זיך פון פאַרנעמע שוואַרץ־זיידענע קליידער... דער טעם פון צערדיקן פאַרלאַנגען האַלט זיך נאָך אויף ביז היינט אויפן ראַנד פון באַוווסטזיין... אַלע נישט אויסגעלעבטע גלוסטונ־גען, צום אויסלעשן געצוווונגענע, ביי זייער אויפברויז, ווערן געלייטערט, געאַכפּערט ווערן אויסגעקעמפּט פון זייערע זינדיקע ברוויזונגען, דערלייזט פון זייערע שלאַנגען־נעסטן ,אַרויסגעוויקלט פון זייערע שוואַרצע שליי־ערס, דערהויבן און געלייטערט צו יענער נישט דערגרייכלעכער ווייטקייט. וואָס האַלט זיך איצט אויף אין אים, — זיי פאַרוואַנדלען זיך פון עבירות צו מצוות, זיי באָדן זיך מיט אים אין לויע, קינדישע וואַסערן און וויקלען זיך איין מיט אים אין ווייסע לייוונטענע וויקלען...

— וואָס איז היינט מיט מיר? נישט אַנדערש, סיידן איך האָב וואַ־רימקייט, פרילינגס־וואַרימקייט, צי וואָס? אפשר גאָר זיך צוגעקילט?

ס'האָבן נישט געהאָלפן די פאָרווורפן, די פאַרשעמונג, דאָס גע־צווונגענע אונטערדריקן.

ער פילט נישט מער דעם ברי פון דער נאַקעטער פיענטע און דאָס רייבן זיך פונעם אויסגעגאַנגענעם ווילאָק אָן הארטן שטיין... פאַרקערט, דער ווייטיק טוט אים גוט. עס דערעסט נישט מער דער ווערימדיקער פאַרמיאוסטער שעפסן־פעלץ. ער דערפילט נישט מער דאָס איבערדרים־לעכע אָנרירן פון נאַקעטן קאַרק אָן דער האַריקייט פון אויסגענוצטע וואָל־האָר. עס פאַרדריסט נישט מער דאָס פאַרשוועכטע באַרירן פון די אינ־טימסטע ערטער, די נאַקעטקייט פון אויסגעריבענע הויזן־פעדים, — לויע וואַסערן־שטראָמען קילן ליבלעך איבער דעם רוקן־ביין, — מוטער־הענט באַרירן נאַקעטן לייב...

אַנגסטיקע טראָפּן באַפאַלן אים. ער דערפילט, ווי עס רינט פון זיין צעהיצטן שטערן איבער זיין פּנים קילקייט.

— איך בין קראַנק. — צוגעקילט זיך, צי וואָס? באַדאַרף גאָר גיין אַהיים? — אָבער ווו?

ער איז אַרויסגעפאַלן פון חלום און געפינט זיך צוריק אויף דער ערד.

ער האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז אייגנטלעך האָט ער נישט וווהין צו גיין. פון דער דירה אויף טשיסטאָ־פּרודנע איז ער אַוועק. ער האָט נאָכן געשפּרעך מיטן חבר רישקאָוו געפילט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט אויף איר, ער האָט אויך נישט געהאַט קיין חשק אין איר איבער־צובלייבן. קיין נייע האָט ער נישט געהאַט.

די ערשטע פּאָר נעכט האָט ער גענעכטיקט אין אַ מין אכסניה פּאַר אין שטאָט געקומענע סאָוויעטישע טוער. די לעצטע נאַכט גאָר אין גאַס, מיט היימלאָזע...

— אפשר גאָר אַרויפגיין צום טאַטן? — האָט ער זיך געפרעגט. — ניין, נישט אין דעם מעמד. מ'דאַרף זען קודם־כּל זיך ווו איינצואָרדענען. מען דאַרף צוריקגיין צו דער אַרבעט, וואָס עס זאָל נישט זיין. מ'דאַרף זיך מאַכן נוצלעך. נאָך אַלעם איז דער „ווירטשאַפטס־קאָמיטעט" אַ נוי־טיקע זאַך. יאָ, ער וועט צוריקגיין צו דער אַרבעט. פאַרציילן די חברים — פאַרלוירן די וווינונג, — זוכן אַן אַנדערע.

ער האָט זיך נאָכאמאָל איבערגעחזרט דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט פאַר די לעצטע פאַר טעג, זינט ער האָט פאַרלאָזט זאָשקען: „מען דאַרף זיך מאכן נוצלעך". אָבער, עס זענען געווען איבערלעבע ווערטער, ווי זיך צו דערמאָנען אַן עפּעס. דער גוף פאַלט וואָס אמאָל טיפער אין הינער־פּלעט. א שלעפעריקער שלעפט ער זיך דורך דעם „רויטן פּלאַץ", פאַרקוקט זיך אויף די גערדרייטע טערקישע טורבאַנעס פון דער וואסילעווסקער צערקווע. ער שלייכט זיך, ער שליכט זיך איבער גאַסן און מערק. פון א הויף פאָרט ארויס א פור אָנגעפּאַקט מיט סחורות. שיעור נישט אים אי־בערגעפאָרן. אויף די טראָטוארן זיך אָנגעשטויסן אָן איילנדיקע מענטשן. מענטשן מיט געגאָלטע קעפּ, אָנגעוואַקסענע בערד, מיט פאַרטפּעלן אונטער די אָרעמס. ער שלעפּט זיך אויף דער צווייטער זייט אריבער. א געשטאַנק פון פאַרלעגענעם פעטס, פון אַלט־געוואָרענע פיש שלאָגט אים אין פּנים אַריין. שפּייכלערס פון רויט־פוילנדיקן קאַוויאַר, שטינקנדיק פלייש, גע־זאַלצענע קעלבערנע פעל. שטאַרקע ריחות פון דזשעגעכץ. א הו־הא. מען שטופּט אים. א רויט־פּנימדיקער רוס מיט א ברייטער פאַטריאַרכאַלישער באָרד פאַלט־ארויף אויף אים מיט א קאַסטן משא. שיעור זיך נישט אי־בערגעקערט.

— פאַרשאָלטענער! וואָס פּלאָנטערסטו זיך אונטער די פיס? זעסט נישט — א מענטש גייט מיט א משא? — בלינד, צי וואָס? —

ער געפינט זיך אויף באַרבאַרע־פּלאַץ. אומצייליקע ביידלעך און שטעלן. סחורות און זאכן וואַלגערן זיך אויפן שמוציקן ברוק. בעבעכעס פון שטיבער און וווינונגען ארויסגעשלעפּט אויף דער גאַס, ווי נאָך א שרפה. פּליושענע איבערדעקנס, אַלטע שטיוול, צוזאַמען מיט טעלער און גאָפּל־מעסער. אזוי ווי די מענטשן וואָלטן ביי זיך אָפּגעמאַכט — נישט מער צו באַנוצן קיין כלים צום עסן, וואַרפן־ארויס זייער געשיר. נאָר ווי־דער איז עס דער אָנבליק פון לייוונט, וואָס פאַרכישופט אים. דאָס מאָל ריכטיקע מענער־לייוונט. אַן אַלטער מאַן, אָנגעטון אין א מיליטערישן מונדיר, מיט אָפּגעשניטענע שליפעס, שטייט אויסגעצויגן, ווי צו א פּאַ־ראַד. דער ווינט באַוועגט די גוט־געפּלעגטע גרויע האָר פון דער באָרד און רויטלט זיין פליישיק גרויס פּנים. דער מאַן האַלט אויף די הענט אויסגע־וואַשענע לייוונטענע גאַטקעס מיט א כבוד און אייגנווירדע, אזוי ווי ער וואָלט נאָכגעטראָגן דאָס קישעלע מיט מעדאַלן נאָך א געפאַלענעם חבר.

ווי עס זאָגט שוין אַלץ — דער אָנבליק פון אַ גענעראַל מיט גאָטקעס אויף די הענט. מיט דעם זעלבן פאַרשטיינערטן בליק שטייען פאָרנעמע אַריס־טאָקראַטקעס, עלטערע דאַמען, איינגעהילט אין שענשילענע פעלערינעס מיט קליינע, קאָקעטע קאַפּעליושלעך איבער די קעפּ. זיי האַלטן אין די הענט געפּרעסטע טישטיכער, סערוועטן, בעט־וועש און לייב־וועש. אַנ־דערע — קאַראַקולענע מאַנטלען, אַלטע שטיקלעך זילבער־געצייג, וווּנדער־באַרע אַלט־ווענעציאַנער און בריסעלער שפּיצן, נאָך מער אָבער היימיש־געמאַכטע פון לייב־קנעכט אין פּאַנשטשיזנע.

טייל האָבן אַרויסגעשלעפּט אויפן מאַרק צו פאַרקויפן זייערע באַל־קליידער. ווייסער אַטלאַס בלישטשעט אין דער זון, מיט ביבער־פּעלץ באַ־זיימטע באַיאַרישע קאַפּטאַנעס. ווונדערבאַרער דאַמאַסק, פראַנצויזישע לואַי־שטאָפן.

קיינער פון זיי רעדט קיין וואָרט נישט. קוקן זיך אפילו נישט אַרום אויף די מענטשן, וואָס קומען צו צו זייערע סחורות, טאַפּן זיי מיט די הענט און פרעגן אויפן פּרייז. זייערע אויגן, פאַרהילט אין געשטיקטע וואַלקעס, קוקן איבער אַלעם אַריבער און ווי פּופּען האַלטן זיי הילציק די סחורות אין זייערע שוואַרץ־געהענטשקעטע הענט מיט פאַרשטיינער־טע מינעס.

אַ דאַמע, אין אַן עלעגאַנט־געשניטענעם שוואַרצן פרילינגס־קאָסטיום מיט אַ זילבער־פוקס פאַרוואָרפן איבערן האַלדז, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אויפן וועג צו אַ פאָרנעמען וויזיט, האָט זיך געלאָזט נאָכטראָגן איר ווונ־דערבאַרן סערוויס פון איר געטריי־געבליבענער קאַמער־דינערין. מיט איר געמאָלטער, שוואַרץ־באַהענטשקעטער האַנט ווייזט זי אויפן בלוי־גאָלדע־נעם טעלער, וואָס די נאָך גוט־בירגערלעכע קאַמער־דינערין האַלט פאַר־זיכטיק אין דער האַנט, און זאָגט מיט אַ גוטמוטיקן, קאָקעטישן שמייכל, כאָטש צו זיך אַליין, מיט אַ פראַנצויזישן אַקצענט:

— סעווורישער פּאַיאַנס!

אַ בלייכער, עלעגאַנטער יונגערמאַן האָט אַרויסגעבראַנגט זיין פראַק אויפן מאַרק. אַ פּוייערישער דאָרף־שייגעץ, אין אַ פּאָר שרעקלעך־פאַרבלאָ־טיקטע שטיוול, מיט זיך אים איצט מיט אַלע כוחות אַרויפצוציען אויף זיין וואַטוווקע. מענטשן שטייען דערביי און לאַכן, עצהן אים, ווי אַזוי דאָס צו טון. דעם צילינדער טראָגט שוין אַן אָפּגעריסענער טרעגער אויף זיין

קאַפּ, דאָרט אין דער מענגע, פון וואַנען עס דערהערט זיך איצט אַ באַ־לעבטע פריילעכקייט...

אַ וואָרנונגס־געשריי: די מיליץ! און דער מאַרק ווערט אויסגעליי־דיקט. די אַריסטאָקראַטקעס פאַרלירן זייער פּאַרנעמע, טרויעריקע רואי־קייט. מען באַהאַלט זיך, ווי מען קאָן. אַ געקלימפּער פון צעבראָכענע טע־לערס. דאָרט שטופּט זיך צווישן די מאַסן דער רויטער טויט־דערשראָקע־נער גענעראַל, מיט אַן אַסטמאַטישן שווערן אָטעם. די גאַטקעס באַהאַלטן אונטער זיין שליפּע-באַפּרייטן מונדיר...

אין מירקינען דערוועקט זיך ווידער דער הונגער צו לייוונט. עס פאַרשווינדן אַלע אַרויסגערופענע אילוזיעס. און ער פילט נישט מער, נאָר דאָס צעפּאַלענע העמד אויפן לייב, אַזוי ווי אַן אָנגעוואַקסענע טשערעפּאַ־כע וואָלט אים געהאַלטן דאָרטן אין איין באַרירן... עס בריט דאָס פּיענ-טע-פליייש, אַזוי ווי דער ברי פון פייער. אַלץ, דאַכט זיך, וואָלט ער אוועק־געגעבן אַצינד פאַר אַ פּאָר גאַטקעס, וואָס זאָלן פאַרמיידן זיין נאַקעט פליייש צו רייבן זיך אָן די רויע נענט פון זיינע אָפּגעטראָגענע הויזן...

ער בלייבט שטיין ווי אַ צוגעפּעסטיקטער צו זיין אָרט, רייסט אויף מיט דערשטוינען זיינע אויגן. ווי אַ דורשטיקער, אַריינגעטון אין וואַסער, אַזוי געפינט ער זיך אַרומגערינגלט מיט מענערישע קליידער־שטיקער, וועש, ריינע און אויסגעפּליקע, ווייבערשע העמדער, שקאַרפּעטקעס, זאָקן, זיידענע האַלקעס, סטאַניקעס, גאָרסעטן, שטיוול, קאַלאָשן — צוזאַמען מיט גאָפּל־מעסער. פליושענע קאָלדרעס האָבן זיך געוואַלגערט ביי זיינע פיס. אונטער אַ שטעל איז געזעסן אַ ברייטע, פעט־פליישיקע, רויט־פּנימ־דיקע באַבע, אָנגעטון אין אַ ברייטן מענערישן ביבערנעם פעלץ מיט אַ וונדערבאַרן לעבעדיק-פינקלדיקן קאַמטשאַטקער קאָלנער פאַרלייגט איבער איר פליישיקן נאַקן. אויף איר קאָפּ — אַ מעכטיקער גרויסער קאַפּעליוש פון אויסערגעוויינלעך לאַנגע, קאָלירטע פעדערן. אויף איין פליישיק לעפל האָט געבאָמבלט אַ פּערל־אויירינג. דאָס אַנדערע האָט נאָך געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט.

זי איז געזעסן אַליין ווי אַ געשוואָלענער סאַמאָוואַר, צווישן פאַר־שידן־פאַרמדיקע ברייט־בייכיקע מעשענע און אַנדערע מעטאַלענע סאַ־מאָווארן. נישט צו באַוועגן זיך פון איר אָרט — האָט זי קאָמאַנדעוועט

מיט אירע משרתים, וואָס האָבן געציטערט פאַר איר פלײשיק פּנים און רויטער קאַרטאָפל־נאָז, ווי פאַרן טײוול.

די משרתים זענען געווען פאַרנומען מיטן אָפּפּאַרטיקן די פילע קו־נים. טייל האָבן געבערענגט צו שלעפּן זאַכן, פאַרקויפט, געטוישט אויף שפּייז־מיטלען. די פלײשיקע באָבע האָט קאָמאַנדעוועט פון איר אָרט מיט בליקן.

די פּעק זענען אָנגעוואַקסן אין הויכע פּיראַמידן, מיט הויזלעכע און מענטשלעכע זאַכן, אַזוי אַז עס האָט זיך געדאַכט, דאָס מ'האָט אויסגע־רוימט אַלע מאָסקווער הייזער, אַרויסגעשלעפּט פון זיי אַלע שענק, קאָמאָ־דעס, וועש און קליידער, די טעלער, און גאָפּל־מעסער, איבערגעלאָזט נאַ־קעטע די ווענט און די דילן, און אָוועקגעלייגט די דיוואַנען אין איין שטויס פאַר דער באָבע.

מירקין האָט מיט זשעדנע אויגן געקוקט אויף דער קופּע מיט זאַכן און געפּרוווט אויסגעפינען פּאַסיקע שטיקער, מיט וועלכע ער וואָלט גע־וואָלט באַקליידן זיין נאַקעטקייט. ער האָט געזען אַ פּאָר האַנט־געשטריק־טע וואָלענע שקאַרפּעטקעס אַרומוואַלגערן זיך. זיי זענען אים פאָרגעקומען אַזוי באַקאַנט, אַזוי היימיש, אַזוי ווי אַ געטרייע האַנט וואָלט זיי געווען אויסגעשטריקט פאַר אים. און כאָטש ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס זיי צו קויפן — האָט ער זיך נישט געקאָנט צוריקהאַלטן, ווי אַ הונגע־ריקער, כאָטש צו באַרירן די שקאַרפּעטקעס און פרעגן אויפן פּרייז.

— לאָז־אָפּ, לאָז־אָפּ! — דאָס איז נישט פאַר דיר, — האָט די באָבע געשריגן פון איר אָרט.

— פאַרוואָס נישט פאַר מיר? — פרעגט מירקין.

— מען דערקענט דיך דאָך באַלד אין דיין נעזל, ברודערל, אַז דו באַלאַנגסט צו זיי דאָרט, — ווייזט זי מיטן קאָפּ אויף די אַריסטאָקראַטן.

— דו ביסט אַ בורזשוי, — נישט פון אונדזערע.

— און צו וועמען באַלאַנגסטו? — פרעגט זיך מירקין.

די פלײשיקע באָבע האָט אָוועקגעבויגן דעם קאָפּ פון אים, אַזוי ווי עס לוינט זיך גאָרנישט אַרויסצוואַרפן אויף אים אַ וואָרט.

— זי? זי איז טאַקע אַליין אימס אַן אייגענע מומע, — רופט זיך אָן אַ צווייטער אַרומשלעפּער, ווי מירקין, וואָס איז געשטאַנען דערביי.

— דו, רעד נאָך א וואָרט, רוף איך באַלד אהער די מיליץ, — זאָגט די באבע. — טראָג זיך ליבער אָפּ פון דאנען.

און איך זאָג דיר — שפּיל זיך נישט מיט איר. זי האָט א צד אין טיש, אין קאָמיסאַריאַט. א גאנצע אייגענע. ביי אַלעמען קאָנפיס־קירט מען די סחורות, נאָר נישט ביי איר, — ווייזט אויף דער באבע מיט א ווונק אַן אנדערער הענדלער.

— וואָס טוט זיך דאָ אַזעלכעס? אין מיטן הארץ פון מאָסקווע לאָזט מען צו עפּעס אַזוינס? פאַרוואָס דערלויבט עס די מיליץ? — ווו איז די מיליץ, ווו? — הייבט פּלוצים מירקין אָן ווילד צו שרייען און צו רופן הויך אויפן קול: — מיליץ! דאָ אַהער! —

— מיינע קינדער זענען לויטער קאָמוניסטן. דאָס קלייב איך טאָקע צונויף פאַר די ייִנגלעך. מיין זון האָט זיך באַטייליקט אין „אָקטאָבער“. און דו, ווער ביסטו? — א באָסיאַק, א בורזשוי, א פאַרשאָלטענער, א קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, דו טראָג זיך בעסער אָפּ פון דאנען. איך לאָז דיך פירן צו מיין זון אין קאָמיסאַריאַט! — שרייט אויף אים די באבע.

— ס׳איז אמת. זי איז פון די נייע. מיט איר איז נישט גוט זיך צו טשעפּען, — עצהט מירקינען דער באַרוויסער, וואָס שטייט נעבן אים.

— א זון א קאָמיסאַר, אין „אָקטאָבער“ אָנטיילגענומען? — וואָס טוט זיך דאָ אַזעלכעס? — אוועק מיטן טריפהנעם האנדל! אוועק! — און מירקין האָט זיך א ווילדער געוואָרפן אויף די פּעק וועש, קליידער, זיי אָנגעהויבן צו צעשאַרן אויף אַלע פיר זייטן. — קרענק פון דער רע־וואָלוציע! איר „אָקטאָבער“־בורזשויע!!

אינעם גערודער פון זיין פוריע האָבן זיך שקאַרפּעטקעס, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעקנוילט מיט אנדערע זאכן, אוועקגעקוילערט און זע־נען צוגעפאַלן צו זיינע פיס.

ווי א טויט־דורשטיקער דערזעט דעם עמער וואסער, האָט מירקין אינמיטן דערינען אָן אַלעם פאַרגעסן. זיך געוואָרפן אויפן פּאַק פאַר זיינע פיס, געכאַפּט די שקאַרפּעטקעס און געשריגן ווי א משוגענער:

— איך אויך גענומען אָנטייל אין „אָקטאָבער“, איך אויך! אויפן דאַך פון טעאַטער־פּלאַץ, דאָרט! — לאָז מיך האָבן דערפאַר א פּאָר שקאַר־פּעטקעס.

געכאַפּט און אנטלאָפן.

די משרתים־יונגען האָבן זיך געוואָלט וואַרפן אין געיעג נאָך אים. די באבע וועלנדיק אויסמיידן א צוזאמענגעלויף, — האָט זיי צוריקגע־האַלטן מיט א מאך מיט דער האַנט.

— אוודאי פון די, ביי וועלכע מ'האָט צוגענומען די קאַסעס. לאָזט דעם טייוול לויפן.

מירקין, אויסקערעווענדיק זיך א וועג אין געראַנגל מיט דער מענגע, האָט זיך ענדלעך א צעשוויצטער, און אויסגעמאַטערטער אָפּגעשטעלט. אַרויסגענומען פון טאַש די מציאה, וואָס ער האָט זוכה געווען פון הפקר: אָנשטאָט די שקאַרפּעטקעס האָט ער געכאַפּט א צעריסע עם ווייבערשן זאָק. א חרטה האָט אָנגעהויבן צו נאָגן אין האַרצן, אַוועקוואַרפן דעם זאָק אין מיטן דער גאַס:

— זעט זיך אוים, אז איך בין מיט אן אמת קראַנק, — האָט ער זיך געזאָגט און ער האָט אָנגעהויבן צו שפּרייזן וווהין ס'האָט אים געשלעפּט דער אינסטינקט: צום איינציקן מענטש, וואָס ער האָט איצט געהאַט, — צו זיין פאָטער אין האָטעל־שטיבל אריין.

## קאַפּיטל 16

# כרחם אב על בנים

אז דער פאָטער האָט דערזען זיין זון, האָט ער זיך דערשראָקן פאַר זיין אָנבליק. זאָכארי האָט זיך געטרייסלט. אויף זיין פּנים איז געלעגן אויסגעגאָסן אן אָפּשרעקנדיקע ווייסקייט, וואָס האָט פאַרהאַרטעוועט די גרימאַסן און פאַרקראַכמאַליעט זיי אין איין שטיק, ווי א מאַסקע. איבער דעם טויטן שטערן האָבן זיך געזעצט הייסע אנגסטן.

— וואָס איז מיט דיר — נישט געזונט? — פרעגט דער פאָטער דער־שראָקן.

— גאָרנישט פעלט מיר, — האָט ער אויסגעשריגן אויפן גאַנצן קול.

— ווי זעסטו אוים? דו ביסט קראַנק — גיי אהיים, לייג דיך אין בעט אריין.

— איך בין נישט קראַנק, איך בין נישט קראַנק — קיינמאָל נאָך נישט אַזוי גוט זיך געפילט.

און איידער ער האָט נאָך פאַרענדיקט דעם זאַץ, האָט ער זיך אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן אויף די קניען, ווי עס וואָלט ווער אַ בענקעלע פון אונטער זיינע פיס אַוועקגערוקט — און פאַרלייגט מיט אַ מאָדנער חיה־שער אומבאַהאָלפנקייט זיין קאָפּ אויף דער פּלייצע, ווי יעדעס גאָטס באַשעפעניש טוט עס.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט דער פּאָטער אויסגעשריגן און מיט אַ יינגלשן שפּרונג שוין געווען אונטער זאַכאַרין. אונטערגעהויבן, אונטערגעהאַלטן אים און צוגעפירט צום בעט און אַוועקגעלייגט.

דער פּאָטער האָט אַראָפּגעשלעפּט פון אים דעם דורכגעווייקטן שעפּסענעם „פּול־שובעק", אַראָפּגעצויגן פון זיינע פיס מיט גרויס מי די וואַלאָקעס, וועלכע זענען פון פאַרפוילטקייט שוין געווען צוגעוואַקסן צו זיין פלייש. דערזען די צעפוילטע וועש אויף זיין לייב, האָט ער זיך דערשראָקן.

— גאָט, ווי דו זעסט־אויס! און וואָס פאַרא הולך?

אין זיין קאַסטן האָט דער פּאָטער נאָך געהאַט די לעצטע פלאַש אָדעקאָלאָן, וואָס ער האָט באַהאַלטן אויף אַ נויט, האָט ער זי געעפנט, באַנעצט אַ האַנטוך, און גענומען רייבן זאַכאַרים קינדיש־מעגערישן קערפּער.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט, אַז דו האָסט קיין העמד נישט איבערצובייטן? — ביי מיר געפינען זיך דאָך נאָך.

זאַכאַרי האָט אים גאָרנישט אָפּגעענטפערט. עס האָט זיך אים געגלוסט שלאָפן, און ער האָט די אויגן פאַרמאַכט.

דער פּאָטער האָט פון זיין קאַסטן אַרויסגעשלעפּט אַ ריין געוואַשן העמד, אַרויפגעצויגן אויף זאַכאַרין און אים אין בעט געלייגט.

— שלאָף נישט, שלאָף נישט — איך וועל טיי אָפּקאָכן, דו האָסט זיך צוגעקילט. היץ אַביסל — דאָס אַלץ.

זאַכאַרי האָט אויף אַ מינוט די אויגן אויפגעעפנט און אָפּגעענטפערט:

— היץ אַביסל — דאָס אַלץ, — און צוריק די אויגן פאַרמאַכט.

דער פּאָטער האָט זיין נאַפט־מאַשינקע אָנגעצונדן, דאָס קעסעלע מיט וואַסער אַרויפגעשטעלט און איז ווידער צוריקגעלאָפן צו זאַכאַרין,

וועלכער האָט דערווייל שוין אינגאַנצן די אויגן פאַרמאַכט צום שלאָפן.

— שלאָף נישט. עס איז שעדלעך איצט צו שלאָפן, וועסט דיך צו־ערשט מיט הייסע טיי אָנטרינקען, דורכשוויצן זיך — מאָרגן וועט דיר בעסער ווערן.

— יאָ, יאָ — דורכשוויצן, מאָרגן וועט בעסער ווערן. — און זאַ־כאַרי האָט ווידער די אויגן פאַרמאַכט.

— גאָט, וואָס טון? גיבע אַ דאָקטאָר רופן! — שטייט דער אַלטער פאַרצווייפלט, אָפּהענטיק אין מיטן שטוב.

— ניין, ניין, איך שלאָף נישט, עס איז שוין באַלד פאַרביי, — באַ־מיט זיך זאַכאַרי צו שטאַמלען, וואָך צו זיין מיט אַלע כוחות. אַ מינוט גע־לינגט עס אים.

דער פאָטער גייט צוריק צו דער נאַפט-מאַשינקע.

אַז ער קומט צוריק צום זון מיט דעם גלעזל הייסע טיי, וואָס גיסט זיך איבער זיינע ציטערדיקע הענט, געפינט ער שוין זאַכארין מיט פאַר־שלאָסענע אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַוועקגעפאַלן אין אַ הינער־פּלעט. געשלאָפן איז ער נישט. מ'האָט עס געקאָנט אָנזען אין זיין שווערן אָטעם. עס האָט זיך אויסגעוויזן ווי עס פייניקט אים וועד אין חלום...

דער פאָטער האָט געשווינד אַוועקגעשטעלט דאָס גלעזל טיי אויף אַ טיש, איז ווידער צוגעלאָפן צום זון, אויפגעדעקט אים, איבערגעהויבן דאָס העמד און אָנגעהויבן אים צו באַטראַכטן.

— נאָר נישט דאָס! נאָר נישט דאָס, גאָט מיינער! — האָט דער אַל־טער געשטאַמלט פאַר זיך אַליין.

קיין רויטע פלעקן איז נישט געווען צו זען אויפן זונס לייב.

— קיין טיפוס איז עס נישט, גאָט צו דאַנק, — זאָגט דער פאָטער צו זיך, — צוגעקילט זיך אַביסל, יעדנפאַלס וועט מען באַדאַרפן די נאַכט דורכוואַרטן.

דער פאָטער האָט באַטראַכט זיין זונס אויסגעמאָגערטן ייִנגלשן קער־פּער. ער איז באַשטאַנען פון הויט און ביינער. זיינע ריפּן־ביינער האָבן אַרויסגעשטאַרט ווי בויגן־זייטן, וואָס ווילן אויפשפּרינגען. זיין בויך — אַ ליידיק איינגעפאַלן זעקל. די פיס — דינע שטעקנס. שוואַך זענען געווען פאַרוואָרפן די הענט. דער גאַנצער קערפּער איז ווי אַ געפייניקטער, אַ גע־שמיסענער געלעגן היהדיק אומבאַהאָלפן און געבעטן זיך רחמנות.

— גאָט, וואָס האָבן זיי געטון מיט אים? זיי האָבן אים געפּייניקט, צי וואָס? קיין איין לויט פלייש איז דאָך נישטאָ אויף אים. — זאַכאַריושקע, מיין אָרים יינגל, וואָס איז געשען מיט דיר? — און דער פאָטער האָט זיין גרויע, האַרטע באָרד צוגעבויגן צו זיין זונס נאַקעטן לייב.

ער האָט אים שוין איצט פאָטער-געטריי געריבן מיט גרויס צערט-לעכקייט מיטן פייכטן האַנטוך איבער דער דאַרער זייט, צוגעדעקט אים וואַרים מיט דער קאָלדרע און מיט זיין פעלץ, און אוועקגעזעצט זיך אויפן ראַנד פון זיין בעט, געוועקט דעם זון מיט אַ לייכטער באַרירונג.

— זאַכאַריושקע, דו הערסט מיך?

זאַכאַרי האָט געהערט אַלץ, וואָס דער פאָטער זאָגט, געוואָלט אים אָפּענטפערן און נישט געקאָנט. ער האָט באַוויגן מיט די ליפּן, נאָר זיי האָבן נישט געקאָנט קיין וואָרט פון זיך אַרויסברענגען. ער האָט גע-שטאַרקט זיך די אויגן צו עפענען, און נישט געקאָנט, ווי עס וואָלט ווער אַ שווערע וואָג אייזנס אויף זיינע הייטלעך אַרויפגעלייגט. אַלץ, וואָס האָט זיך געטון אין שטוב, האָט זיך איינגעהילט אין וואָלקן־רויך, און פון דער געדיכטעניש האָבן אַהערגעדרונגען צו אים דעם פאָטערס ווערטער ווי דורך אַ געדיכטער זיפּ. אַלץ דערווייטערט זיך פון אים און רוקט זיך אָפּ — ביז עס ווערט אַזוי קליין, אַז ער דערזעט עס קוים.

דער פאָטער, וועלכער האָט געהאַלטן זיין קראַנקן זונס דערהיצטע האַנט אין זיינער און געקוקט אין זיין פּנים אַריין מיט גרויס ליבע, האָט געזען, ווי זאַכאַרי גייט־אַוועק פון אים, ער אַמפּערט זיך און רייסט זיך פון אים. מיט זיבן־מייליקע טריט אַנטרינט ער פון אים אין אַן אַנדערער פאַרהוילענער וועלט, וואָס ער זעט איצט אין זיין שלאָף. דער פאָטער וויל אים איינהאַלטן מיט אַלע מיטלען און וועגן.

— זאַכאַריושקע, דו הערסט מיך? זאָג, אַז דו הערסט מיך. שלאָף נישט, שלאָף נישט. זאָג, דו הערסט מיך.

— יאָ, פּאַפּאָטשקע. יאָ, יאָ, איך הער דיך, — וויל זאַכאַרי זאָגן, נאָר די ווערטער ווערן פאַרזונקען אין דעם נעפּל, וואָס איז פאַרוועבט אַרום אים.

קוואַלן פון ליבע צו זיין קינד עפענען זיך אין אַלטן מירקינס האַרץ און איבערשווימען אים. ער האָט קיינמאָל נישט געוווסט, אַז אַ פּנים פון אַ זון קאָן אַזוי פיל רחמנות דערוועקן. זאַכאַריושקע ווערט פאַר־

וואַגדלט אין דעם איינציקן אינהאַלט פון זיין לעבן. דאָס גאַנצע ציל און זין פון זיין שטרעבן דערזעט ער מיטאַמאָל. דאָס אויסערגעוויינלעך־בלייכע פאַרשטיינערטע פּנים פון זיין יינגל רירט אים ביז טרערן. די באַוועגונגען פון זיין ביינערדיקער ברוסט, וואָס אַרבעט הויך און מוטשעט זיך אונטער דער דעק, דערוועקט אין אים אַן אַ שיעור רחמנות. זאַכאַריושקעס ליבע ווערט וואָס אַמאָל באַקאַנטער, אייגענער און קינדישער. די פאַרם פון זיינע גלידער ווערט אויסגעהויבט צוריק און אָפּגערונדעט מיט קינדישן חן, אַרויסגעקנעטן מיט צערטלעכקייט און ליבע. דער אַלטער ווערט פאַרזעצט אין יענע יאָרן פון יעקאַטערינבורג — ער האָט גאַרנישט געהאַט קיין אַנדער לעבן, דאָס אַליין, וואָס איז געשען מיט אים, איז געווען אַ טעות. דעם איינציקן זון זיינעם האָט ער פאַרלאָזט. פאַרנאַכלעסיקט אַליין, אַרומגעלאָפן, פאַרבונדן זיך מיט אַנדערע — און צו וואָס? צו וועמען?

דער אַלטער האָט זיך געפילט, ווי ער וואָלט שוין אַליין געווען אַיבערגעבליבן אין שטוב. זאַכאַריושקע איז שוין ערגעץ־ווו אַוועק, און ער הערט אים שוין נישט און ער זעט אים שוין נישט, און ווי אין דער קעגנוואָרט פון אַ טויטן האָט ער שוין גערעדט צו זיך הויך אויפן קול:

— עס איז דאָך מיין שולד. — וואָס איז ער דען אינגאַנצן? אַ יינגל. און איך האָב זיך גערעכנט מיט אים, פאַרשטויסן, איבערגעלאָזט אויף זיין אייגענעם גורל. געוויס איז עס מיין שולד. אויף דער עלטער אַ פאַמיליע געגרינדעט. די כלה אים צוגענומען. איך, אַלטער זינדער. אין פאַרפוילטע ווילאָקעס איבער דער גאַס זיך אַרומגעשלייכט, אָן אַ העמד אויפן לייב, ווי דער לעצטער באָסיאַק. און איך האָב נאָך דעם באַליידיקטן געשפּילט — איך, אַלטער עגאָאיסט.

ער האָט געפילט, ווי זיינע אויגן־טאָרבעלעך פילן זיך אָן. ער האָט שוין נישט געמאַכט קיין פּרווו זיך צוריקצוהאַלטן. ער האָט שוין איצט הויך געקלאָגט, ווי דער ערשטער־בעסטער בעטלער. עס איז אים שוין אַלץ־איינס געווען. גאַוווער האָט זיך געגאָסן פון זיין פאַרקרומטן מויל אויף זיינע שפּיצן באָרד, טרערן איבער די אַלטע באַקן. ער האָט זיך געוואָרפן פאַרן בעט און מיט ציטערדיקע הענט געזוכט דעם זונס הענט, באַרירט זיי מיט זיין באָרד און פּנים:

— זאַכאַריושקע, זאַכאַריושקע, מיין איינציק יינגל, שטאַרב נישט.

שטארב נישט. איך האָב דיך דאָך ליב. קיינמאָל קיין אַנדער לעבן נישט געהאַט. איך האָב דאָך דיך שטענדיק ליב געהאַט. דו, מיין קראַנק יינגל, זיי מוחל, זיי מוחל, — און פייכט געמאַכט זאַכאַרים הענט מיט גאַווער און טרערן.

— דו הערסט מיך, זאַכאַריושקע? זאָג, וויַיז אַ צייכן, שאָקל מיטן קאָפּ, אַז דו הערסט מיך! זאַכאַריושקע!

זאַכאַרי האָט אַלץ געהערט. ווי דורך אַ זיפּ זענען דורכגעגאַנגען די ווערטער. עס איז אים גוט געווען, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער איז צוריק אַ קינד געוואָרן. עס איז, ווי עס וואָלטן אַלע מוטערס הענט צוזאַמענגע־גאָסן זייער רירנדיקע צערטלעכקייט אין דעם פליש, וואָס באַרירט אַזוי געטריי זיין לייב איצט... די האַנט איז נאָך טייערער, ווייל זי איז די אומדערגרייכבאַרע, פון זיין פאָטער. ער פילט, ווי זי וואַשט־אָפּ פון אַלע זינד, וואָס דאָס לעבן האָט אויף אים אָנגעגאָסן. זי זויבערט און דער־לייזט פון אַלע אומגערעכטיקייטן און עוולות. אַלץ קריגט צוריק אַ זין, אַלץ ווערט באַרעכטיקט... דאָס שלעכטס, וואָס לאַסטעט אויף דער נשמה, ווערט פאַרטיליקט — זי טראָגט דיך זיכער, און ברענגט דיך אין טייכן — וואַשט דיך פון איין כוואַליע אַרויס אין דער אַנדערער אַריין. עס כאַפּן דיך אויף ווינטן, יאָגן איבער דיך, נעמען דיך אַדורך ווי שטראַלן, וויקלען דיך אין ווינטיקע וויקלען, אין באַוועגלעכע שאָטנדיקע טיכער — אַזוי וויקלסטו דיך אַרויס פון עלטער און שלעכטס צוריק אין דיינע קינדער־יאָרן אַריין. דו ביסט געזויבערט, דערלייזט און באַלייטזעליגט געוואָרן.

— פּאַפּאָטשקע, מיר איז גוט, — האָט ער געהאַלטן אין איין זאָגן. נאָר די ליפּן האָבן זיך נישט באַוויזן.

***

שפּעטער אין דער נאַכט האָט זיין לייב און פּנים אָנגעהויבן צו ברע־נען. די אויגן האָט ער נאָך געהאַלטן פאַרשלאָסן. אַנגסטן זענען גערונען פון די פייכטע האָר איבערן שטערן אויף די באַקן אַראָפּ. דאָס ביינער־דיקע האַרץ־ברעט האָט זיך איצט וואָס אַמאָל העכער געהויבן. ווען דער פּאָטער האָט אַראָפּגערוקט די דעק פון אים דורכן לייַלעך, האָט מען געזען, ווי די ביינערנע ריפּן אַרבעטן פון זיין דינעם לייב אַרויס.

ער האָט געדערדט פון שלאָף אומפארשטענדלעכע ווערטער. ער האָט זיך געפונען אויף אַ בית־עולם, און וועלכן די גאַנצע וועלט איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן. ער גייט משופּעדיק באַרג־אַרויף, אויף שריט און טריט געפינען זיך אָפענע קברים, אינעווייניק ליגן בר־מינגם אין געשטאַלט פון ווורשט-פּענכערס. די ווורשט־פּענכערס שטרעקן־אויס צו אים ווורשטן־פאַרמדיקע אברים, ווילן אים אַראָפּשלעפּן אין די קברים. האַנט־אין־האַנט גייט ער מיט העלענען איבערן בית־עולם זוכן אַ שטעג צווישן די אָפענע קברים. זיי איילן זיך ווי אַמגעשווינדסטן אַרויסצוקריגן זיך אויפן שפּיץ באַרג — דאָרט אויבן איז דער קץ־כל־הקצים. — און דאָרט אַרויף מוז מען זיך דערדראַפּען. נאָר וואָס ווייטער — אַלץ מערן זיך די קברים און פאַרשטעלן דעם טריט. די וועלט איז באַגאָסן מיט אַ בין־השמשותדיקער גלות. בלויע און געלע טוליפּאַנען וואַקסן־אַרויס אונטער די טריט, לייכטן זיך ווי אַ יום כפּור־ליכט. אָט דערזעען זיי שוין דעם שפּיץ באַרג, דעם שטעג, וואָס פירט אַרויף גלייך צו אים. מיטאַמאָל ווערן די טריט שווער, ווי עס וואָלט ווער געוויכטער אָנגעהאָנגען אויף זיי. זיי קנעטן זיך אַריין אין בלאָטיקע לעבער און קאָנען זיך נישט רירן פון אָרט. ער שטייט פאַר אַן אָפענעם קבר. — „ביז דאַנען וועסטו גיין, נישט ווייטער" — ווערט אים מיטאַמאָל באַוווסט. העלענקעס האַנט גליטשט זיך אַרויס פון זיינער, זי גייט ווייטער און לאָזט אים שטיין צוגעקייטלט צו זיין אָרט. פון קבר שטרעקן זיך אויס די ווורשטן־הענט צו אים.

— שטיי, שטיי, וואַרט אויף מיר, איך קום, — האָט ער הויך אָנ־געהויבן צו שרייען אויף רוסיש און געריסן זיך פון בעט.

— זאַכאַריושקע, וואָס איז מיט דיר? איך בין דאָך ביי דיר, — האָט דער אַלטער געהאַלטן אַרומגענומען זיין זונס דורכגעווייקטן, אַנגסטיקן קערפּער, וואָס האָט זיך געריסן פון בעט...

דער אַלטער איז אַ גאַנצע נאַכט נישט אָפּגעטראָטן פון זיין זונס בעט, געהאַלטן אים אין איין איינרייבן מיט אָדעקאָלאָן און צוגעלייגט נאַסע האַנטיכער אויפן צעהיצטן שטערן. די אילוזיעס האָבן זיך געביטן און מיט זיי זיין זונס פאַרהאַלטן. זאַכאַרי האָט אָנגערופן נעמען, געראַנגלט זיך מיט וועמען. אַן אַנדערש מאָל געבעטן מחילה. זיך באַשולדיקט. די אילוזיעס האָבן אויך אָנגעשטעקט דעם אַלטן מירקין.

— ווער נאָר געזונט, זאַכאַריושקע, ווער נאָר געזונט. קיינמאָל,

קיינמאָל וועל איך דיך נישט מער פאַרלאָזן. קיינמאָל נישט, דו הערסט מיך, זאַכאַריושקע? זאָג, דו הערסט מיך?

— איך בין נישט שולדיק, איך בין נישט שולדיק — זאָג, אַז דו גלויבסט, אַז איך בין נישט שולדיק! — בעט זיך זאַכאַרי ביי וועמען.

דער פאָטער, וועלכער האָט געמיינט, אַז זאַכאַרי האָט צוריקגעקראָגן דעם באַוווסטזיין און רעדט דאָס צו אים — האָט אים מיט טרערנדיקע בליקן געצערטלט:

— זאַכאַריושקע, מיין יינגל. עס איז מיין שולד. די גאַנצע שולד אויף מיינע אַלטע פּלייצעס. דו האָסט עס דאָך גוט געמיינט.

— און דאָך וועלן מיר זיי נאָך ווייזן. אויף דעם „רויטן פּלאַץ" וועלן מיר אַ בית־המקדש פאַר דעם מענטש אויפשטעלן!

**
*

צומאָרגנס איז נעגאַנגען דער אַלטער מירקין און האָט איבערגעטויִשט ביים פּריינטלעך־געשטימטן לאַקיי פון האָטעל זיין וויים־לייוונטן העמד אויף אַ רוסיש־פּויעריש. אָנגעטון זאַכאַרים צעריסענעם שעפּסענעם „פּול־שובעק", די האָר פון דער באָרד צעקאָלטענעוועט. די נישט־אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן געקראָגן פייכטע רויטע רי.גען — האָט ער אויסגעזען, ווי אַ צעבראָכענער אָרימער מאַן. ער האָט אָנגעהויבן אַרומצוקריכן פון איין שפּיטאָל צום אַנדערן, געבעטן זיך:

חברים, גיט אַ בעט פאַר אַ קראַנק־געוואָרענעם „סאָוויעטישן" טוער, אַן אַקטיוון אָנטיילנעמער אין „אָקטאָבער"!

ביי זאַכאַרין האָט זיך אַנטוויקלט אַ לונגען־אַנטצינדונג.

דער אַלטער מירקין האָט אָנגעהויבן צו פאַרנאַכלעסיקן זיין אַרבעט, די „אָרגאַניזאַציע" איז אים שוין מער נישט אָנגעגאַנגען. ער האָט געהאַט נאָר איין אויפגאַבע אין זיין לעבן: צו פּלעגן זיין קראַנק קינד.

## קאַפּיטל 17

# אין סטעפּ

נאָכן רעגן איז דער סטעפּ אויפגעגאַנגען מיט אַ שפּעדיקן ריח פון גראָז. דער הימל איז נאָך געווען אַש־בלויאיק, באַלייגט מיט טונקעלע וואָלקנס. נאָר די וואָלקנס האָבן שוין קיין ממשות נישט געהאַט. אויסגעלאָדן די ברכה, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זיך, זענען זיי ווי צעריסענע זעק צעקראָכן, רויטערנדיק מיט אויפגעלייזטע פאַרעם און פון צווישן זייערע ריסן האָט זיך אַרויסגעוויזן דער ריכטיקער בלוי־זילבערדיקער שיין פון די העכערע הימלען. ביים ראַנד פון האָריזאָנט האָט זיך אויפגעעפנט אַ ברענענדיק פייער־לאָך, און אין אים איז איצט אַלץ אַריינגעפאַלן...

די סטעפּ־שע ערד האָט נאָכן רעגן טייגיק געיערט, צעלייגט זיך אין טיילן. טויזנטער מיילער האָבן זיך אויפגעעפנט און איינגעזויגן אין זיך דעם פעטן רעגן־טראָפּן. די קי, וואָס זענען איצט פון דעם נאַסן פעלד צוריקגעקומען, געטריבן אונטער די שמיץ פון אַ דורכגענעצטן דאָרפס־שקץ, מיט אַ זאַק איבערן לייב, זענען, ווי זייער פּירער, פּיטש־נאַס דורכגעווייקט געווען. דאָך האָבן זיי מעלה־גרהדיק צופרידן געמרוכשעט, געטראָגן מיט זייערע שטאַרקע בהמישע קנעכלען אין דער בלאָטיקער ערד פון דער גאַס און פאַרשפּרייט פון זייערע דורכגעווייקטע רויטע פעלן אַ מילכיקדיקן גערוך, אויסגעמישט צוזאַמען מיט קיאישער צאה, פון שוואַרץ־דורכגעווייקטע פלויטן זענען באָרוועסע פויערטעס אַרויסגעקומען, אַריינגעטריבן זייערע בהמות אין זייערע הויפן.

פאַר איינעם פון די הייזלעך איז איצט געשטאַנען אַ פויערשער ברייטער וואָגן. באַלייגט מיט פרישן שטרוי און איינגעשפּאַנט צו צוויי קאַרע פויערשע פערדלעך. פון דעם נידעריקן שטיבל־טירל האָט דער פויער אַרויסגעטראָגן קופערס מיט וואַליזקעס. נאָך אים זענען אַרויס צוויי שטאָטישע פּאַסאַזשירן, אין קאַווקאַזישע שוואַרץ האָריקע ווילאָק־פעלערינעס איינגעהילט, אויפגעזעצט זיך אויפן וואָגן, און דער פויער איז מיט זיי אין סטעפּ אַרויסגעפאָרן.

דאָס זענען געווען דער אַדוואָקאַט האַלפּערין מיט זיין זון מישענקע.

דורך וואָכן און וואָכן האָבן זיי זיך געשלעפּט. צוערשט קיין מאָסקווע, דערנאָך קיין קורסק מיט דער באַן, פון דאָרט ווייטער ביז כאַרקאָוו. מיט דער הילף פון פאַלשע סאָוויעטישע פּאַפּירלעך, וואָס זיי האָבן פאַר גוט געלט אַרויסבאַקומען, האָבן זיי זיך פון כאַרקאָוו געשלעפּט דורך דעם סטעפּ, ביז זיי האָבן זיך ענדלעך דערשלאָגן צום דאָרף מיכאַי־לאָווקע, וואָס ליגט ביים באַן־קנופּ איוואַנאָווקע. די גאַנצע צייט דורך דעם סטעפּ זענען זיי געווען אין געפאַר אַריינצופאַלן אין באָלשעוויסטישע הענט. דער סטעפּ פון כאַרקאָוו אָן איז געווען דאָ „רויט" און דאָ „ווייס". פון כאַרקאָוו אָן איז די באַן געווען אָפּגעהאַקט. סאָלדאַטישע מאַראָדערז און רויבערישע באַנדעס האָבן געמאַכט דעם גאַנצן סטעפּ נישט זיכער. די פאַרבן האָבן זיך געטוישט. אָט איז אַ שטח געווען „רויט", און דעם נעכסטן טאָג האָבן שוין דאָ די „ווייסע" געהערשט. און מען האָט נישט געוווסט, וואָס פאַראַ פּאַפּירל צו באַנוצן: צי אַלס „באָלשעוויסטישע שלי־חים", אָדער זיך געבן צו דערקענען מיט די ריכטיקע נעמען. מיכאַילאָוו־קע איז אָבער שוין געווען זיכער „ווייס". פון איוואַנאָווקער באַן־קנופּ זענען זיך די באַן-ליניעס צעגאַנגען איינע אויבן־אַרויף, צו צאַריצין, ביי דער וואָלגע; די אַנדערע, אונטן-אַראָפּ, צו דרום, קיין ראָסטאָוו. קיין אי־וואַנאָווקע האָבן זיך געצויגן אַלע אַנטלאָפענע אָפיצירן, יונקערס און אַנ־דערע צעטריבענע געליטענע עלעמענטן — פאַריאָגטע פריצים פון הויפן, אַרויסגעוואָרפענע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך געקליבן מלחמה־האַלטן מיט די באָלשעוויקעס. נאָר אַממערסטן האָבן אַהין געצויגן די פון פראָנט צוריק־געקומענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן שוין נישט געקאָנט צוריקגיין צו זייער טאָג־טעגלעכער באַשעפטיקונג און האָבן געזוכט נייע מעגלעכקייטן פאַר מאָרד און רויב. אַרויסגעקראָגן זיך פון די באָלשעוויסטישע צוואַנגען, האָט דער אַדוואָקאַט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ דריי־טאָגיקן אָפּרו אין דאָרף מיכאַילאָווקע. עס איז געווען גענוג צו עסן אין דעם פעטן סטעפּישן דאָרף, און מען האָט געקאָנט פריי אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון אַלע איבער־לעבענישן, פון דער טויט־אַנגסט, וואָס האָט געהאַלטן אין אירע נעגלדיקע לאַפּעס זינט דעם באָלשעוויסטישן איבערקער.

אַרויסגעקראָגן זיך פונעם באָלשעוויסטישן קלעם, האָט דער אַדוואָ־קאַט זיך געפילט ווי ניי־געבוירן. דער קאָשמאַר האָט דורך די דריי טעג פון רואיקן שלאָף, וואָס ער האָט גענאָסן אין דעם דאָרף, אָנגעהויבן צו

צערינגען. און דער אַלטער גלויבן האָט ווידער אָנגעהויבן אויפצולעבן און געגעבן אים כוחות אויף נייע האָפענונגען, אויף נייעם מוט.

דער אַדוואָקאַט און מישע האָבן געזאָלט אַרויספאָרן פון דאָרף אויף מאָרגן באַגינען. זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם רעגן ביז דער ערשטער מיטאָג־שעה. דאָך האָבן זיי נאָך דערוואַרט ווי עס איז צוצוקריגן זיך מיט דער נאָכט צו דער באַן־סטאַציע איוואַנאָווקע. און מיט דער גוטער האָפענונג ענדלעך אַריינצוקריגן זיך אין אַ באַן־וואַגאָן, האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אַז זיי זענען אַרויסגעקומען פון דאָרף אין דעם אָפענעם סטעפּ, האָט שוין די זון געטריקנט מיט איר וואַרימקייט די פייכטע בלאָטיקע ערד. דער סטעפּ איז שוין געווען אינגאַנצן אויפגעגאַנגען, ווי אַ טראָגנדיקע פרוי אין די הויכע חדשים. איצט, נאָכן רעגן, האָט ער ערשט ריכטיק אָנגעהויבן צו שמעקן מיט אויפגייענדיק ברויט. די ווייכע גרינקייט פון די גראָזדיקע קאָרן־זאַנגען האָבן די גאַנצע אויבערפלאַך פון סטעפּ באַדעקט. די ווייצן־גרעזער, דער האָבער, די מילך־גראָזן פון דער קאָניטשינע, וואָס דער רעגן האָט געהאַט אומגעוואָרפן, האָבן פון די וואַרימע שטראַלן אויסגעגלייכט זייערע רוקנס, געציטערט מיט קינדישער צערטלעכקייט פאַר באַנאַסטער פרישקייט. אַ ווינטל האָט געבלאָזן, אויפגערודערט וועלן איבער דער פּוכיקער גרינלעכער אויבערפלאַכקייט, ווי איבער אַ טייך... דער אַדוואָקאַט האָט ערשט איצט צייט געהאַט מיט פרייען אָפּגעלאָזטן אָטעם צו געניסן פון דעם אָנבליק פון דעם פרילינגדיקן סטעפּ, און ער האָט זיך אָנגערופן צו זיין נעבן־זיצנדיקן זון, מישענקע:

— שיין איז אונדזער רוסלאַנד. עס לוינט זיך פאַר איר אַלץ איבערצוטראָגן.

מישענקע איז דורך די לעצטע יאָרן אויסגעוואַקסן. ער האָט אין דער מלחמה פאַרלוירן זיין ווייכע ווייבלעכקייט. ער איז נאָך אַזוי שיין געווען ווי אַמאָל — דער מוטערס שווערע אויסגעגלעטע אויגן־הייטלעך מיט די דעליקאַטע ברעמען. נאָר זיין פּנים, ווי זיין כאַראַקטער, זענען איצט מער מענלעך געווען.

— דאָ, אין דעם טייל סטעפּ, זעט אויס, האָבן זיי פאַרזייט, און מען זעט אויך נישט אַזאַ פאַרניכטונג פון פריצישע הויפן, ווי עס איז געווען

דאָרט אונטן. נישט גאַנץ רוסלאַנד איז משוגע געוואָרן. עס איז, ווי די רעוואָלוציע וואָלט צו זיי גאָרנישט דערגרייכט.

— ניין. נישט גאַנץ רוסלאַנד איז פאַררוקט געוואָרן. איך הייב־אָן צו גלויבן אין רוסישן פּראָסטן מענטש, נישט אין דעם אינטעליגענט. די אינטעליגענץ איז אפשר געווען דאָס אומגליק פון רוסלאַנד. מיר האָבן גע- זוען ביי אויסלאַנד, נישט פאַרשטאַנען די רוסישע נשמה, און וואָס עס איז גוט פאַרן דייטש האָבן מיר געוואָלט צופּאַסן צום רוסישן מענטש. דער אינטעליגענט האָט אָפּגענאַרט, פאַרראַטן. די ישועה וועט קומען פון רוסישן פּויער, פון איינפאַכן רוסישן פאָלקס־מענטש, ער האָט שוין נישט איינמאָל געראַטעוועט רוסלאַנד, דער רוסישער פּויער — פון דער אמאָ־ ליקער פּוילישער אינוואַזיע, פון נאַפּאָלעאָנס איבערפאַל. און ער וועט ראַ־ טעווען רוסלאַנד פון די באָלשעוויקעס. ער וועט זיך מער נישט לאָזן פאַר־ שקלאַפן, דער פאָלקס־מענטש. זע, ווי זיי קומען־אָן. מען זאָגט, איוואַ־ נאָווקע איז פול, פון אַלע פראָנטן קומען זיי אָן. די טשעכאָסלאָוואַקן שטייען שוין באַלד ביי קאַזאַן, לאָזן זיך אויף ניזשני־נאָווגאָראָד, קראַס־ נאָוו האָט צונויפגענומען זיינע קאָזאַקעלעך פון דאָן, די אַרמיי פון טער- קישן פראָנט רוקט זיך אויך צו. ניין, נאָך נישט אַלץ איז פאַרפאַלן. אָפּט־ מאָל דאַכט זיך, בחינם שלעפּן מיר זיך קיין קאַווקאַז. לאָזן די ווייבער וואַרטן, — אויך זיך באַדאַרפט אָנשליסן, ווען נישט ביים פראָנט, איז כאָטש מיט עפּעס אַנדערש בייהילפיק צו זיין.

— נו, פּאַפּאָטשקע, פאַר דיר וועט עס זיין שוין גענוג. דו האָסט שוין דאָס דייניקע אָפּגעטון. די ערשטע זאַך באַדאַרפסטו זען די ווייבער אין זיכערקייט צו ברענגען.

— נישטאָ קיין קרבן גרויס גענוג, ער זאָל נישט ווערט זיין אָט די ערד דאָ, — ווייזט דער אדוואָקאַט אויפן בליענדיקן סטעפּ. — די צרה מיט אונדז יידן איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבן זיך לייכט געלאָזט פאַר־ טרייבן פון די ערטער, אויף וועלכע מיר זענען געזעסן. מ'האָט אונדז גע־ שלאָגן אין איין לאַנד, האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט, גענומען האַק און פּאַק און איבערגעפּעקלט זיך אין אַ צווייט לאַנד, ווו מ'האָט אונדז געדולדעט. דורך דעם זע'ען מיר צו קיין ערד נישט געוואָרן צוגעוואַקסן. גענוג גע־ וואַנדערט. רוסלאַנד איז אונדזערס. דאָ האָבן מיר אויסגעהאַלטן פּאָגראָ־ מען און פאַרפאָלגונגען און געהאָלפן רוסלאַנד באַפרייען זיך פון צאַרישן

יאָך, און מיר וועלן איר העלפן אַראָפּוואַרפן פון זיך די באָלשעוויסטישע פאַרשקלאַפונג. נישט אַנטלויפן, נאָר שטיין מיט די בעסטע קינדער און נאָך אַמאָל מיטן בלוט באַצאָלן פאַר איר פרייהייט. קיינער זאָל אונדז נישט קאָנען דערנאָך פאָרוואַרפן, אַז מיר זענען געקומען צום גרייטן. מיר יידן מוזן טייער באַצאָלן, נאָך טייערער ווי יעדער אַנדערער עלעמענט, פאַר אונדזער פרייהייט. ניין, ניין, פון דאַנען גייען מיר מער נישט. דאָ טיילן מיר דעם גורל מיט אַלע — גוט אָדער שלעכט. איך בין זייער שטאָלץ אויף דיר, מיין זון, זייער שטאָלץ, וואָס דו שליסט דיך אָן אין דער אַרמיי.

דער אַדוואָקאַט איז שטיל געבליבן און האָט אַרויפגעקוקט. אַנטקעגן זיי איז אָנגעקומען צו רייטן איינער פון רוסלאַנדס „בעסטע קינדער", גלייך אויף זיי.

אַ פּוטערן קאַזאַקיש היטל אויפן קאָפּ, אין אַ צעריסענעם שעפּסן־פּעלץ, איז ער אָנגעריטן, מיט דער רער פון זיין ביקס אָנגעצילט אויף די פּאַסאַזשירן, צום וואָגן צו.

— שטיין! ווער זענט איר דאָס אַזעלכע? — פרעגט ער.

דער קאָזאַק האָט געקוקט מיט ווויל־לוסטיקע אויגן אויף זיינע קרבנות.

דער אַדוואָקאַט האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געבייזער:

— ווי אַזוי וואַגסטו אונדז צו פאַרהאַלטן? דאָ פאָרן אָפיצירן זיך אָנשליסן אין גענעראַל קראַס־אָווס אַרמיי, מלחמה צו פירן קעגן די באָל־שעוויקעס. אָט דאָס איז מיין זון, אַ לופט־פליער.

— דאָס וועלן מיר זען. אַנו, באַווייז נאָר דיינע דאָקומענטן, — לאָזט זיך שווין דער קאָזאַק צו דעם אַדוואָקאַט, טאַפּנדיק מיט די הענט.

— אָט דאָס זענען אונדזערע דאָלומענטן, — האָט מישענקע צוגע־שטעלט די רער פון זיין רעוואָלווער צום קאָזאַקס פּנים. ווילסט אים זען? הינטישער זון!

דער קאָזאַק האָט באַוויזן זיינע ווייסע געשליפעיע ציין, פאַרשפּרייט די נאָז־לעכער, און דאָס בלייכע פּנים האָט אויפגעלאַכט.

— זייט מוחל. געמיינט, אַז איר זענט יידן, וואָס גנבענען זיך פון די באָלשעוויקעס. פאַרשידענע סוביעקטן שלעפּן זיך איצט איבערן סטעפּ. זייט מוחל! — און ער האָט געגעבן זיין פערד די שפּאָרעס צו פילן און איז אָפּגעריטן.

נאָך דעם אינצידענט האָבן שוין פּאָטער און זון אויפגעהערט צו פירן דאָס פּאַטריאָטישע געשפּרעך.ביידע זענען פּאַרזונקען געוואָרן אין זייערע געדאַנקען. און דער פויער אויפן געזעס, און די פערד אין שפּאַן האָבן אָנגעהויבן אויסצושנאַפּן מיט זייערע נאָזדרעס די ריכטונג קיין אי־וואַנאָווקע — פון דעם נאַקעטן, ברייט־ימיקן סטעפּ ארויס...

**
*

דער באַן־קנופּ איוואַנאָווקע איז געווען קוים אַ קליין שטעטל, פאַר־וואָרפן אין סטעפּ. אַ פּאָר נייע געשינדלטע הייזער און אַ גרויסער אומגע־לומפּערטער ניי־אויפגעשלאָגענער באַן־הויף. דער באַן־הויף איז געווען פאַרפּלייצט מיט סאָלדאַטן, אָפיצירן און אַנדערע גאַנצע, האַלבע און שטיק־לעך מיליטער־לייט, וואָס מען האָט אָנגעזען, אַז זיי האָבן אויף געשווינד אַרויפגעוואָרפן אויף זיך שטיקלעך מיליטערישע אָנטועכץ, כדי זיי זאָלן האָבן אַ רעכט צו זיין פון די רויבער און נישט פון די קרבנות.

שוין אויף דער סטאַציע אין איוואַנאָווקע האָט דער אדוואָקאַט גע־האַט גענוג געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דעם עלעמענט, וואָס האָט זיך געקליבן צו באַפרייען רוסלאַנד פון דעם באָלשעוויסטישן יאָך. „די בעסטע קינדער פון רוסישן פאָלק", ווי דער אדוואָקאַט האָט זיי אָנגע־רופן, זענען באַשטאַנען פון אַ מישמאַש, כלערליי פאַרדעכטיקע און פינצ־טערע עלעמענטן. וואָס שייך זייער האַלטן זיך, זייער אויסזען, זייער רעדן — האָט עס פאַרראַטן די אמתע מאָטיוון, וואָס האָבן זיי געבראַכט אַהער. עס איז געווען אַ בבל־אויסמיש פון פעלקער, ראַסן און נאַציעס. אָפיצירן און סאָלדאַטן פון פאַרשידענע מיליטערישע אָפּטיילונגען, אָנגעטון אין יעדער מעגלעכער באַקליידונג — האַלב־מיליטעריש, האַלב־ציוויל. פו־טערנע קאָזאַקישע היטלעך, קאַווקאַזישע פעלצענע מאַנטלען, פעלערינעס, פויערשע שעפּסענע „פּולשובקעס", שלעכט באַשוכטע, טייל אין וואַילאָ־קעס, אַנדערע אין שטאָטישע לאַקירטע שיך. אַלע זענען געווען באַקליידט מיט קאַווקאַזישע פּאַטרולן־פּאַסקעס און אָפיצירן־רימענס איבער די ביי־בער. זייערע כלי־זיין, ווי זייער אָנטועכץ, זענען באַשטאַנען פון פאַרשי־דענע טיילן: טערקישע צווייפלהאַפּטע ביקסן, רעוואָלווערן, קינזשאַלן, שפּיזן אָדער גלאַט מעסערס. אין דער באַקליידונג און באַוואָפענונג האָבן

זיי גיכער געמאַכט אַן איינדרוק ווי אַ צוזאַמענלויף פון באַנדיטן, איידער פון אַן אַרמיי. אַלץ האָט געברענט מיט אָנגעהיצטער אומגעדולד אויף אָנקומענדיקע צוגן, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט געוויזן.

אויף דער פּאָדלאָגע אין ענגן שמוציקן וואָקזאַל זענען געלעגן אָנגעוואָרפן קופּעס מענטשן, פון וועלכע עס האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע ריחות, ווי פון פאַרלעגענע פלייש... דער מענטשן־מין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אויפגעלאָזענע לייבער־מאַסן, קעפּ אויף אַקסלען, פיס און הענט אויף בייכער. זיי האָבן געמאַכט אַן איינדרוק, ווי קופּעס מענטשלעכע אברים זענען צונויפגעוואָרפן געוואָרן. צווישן די סאָלדאַטן און מיליטער־לייט האָבן זיך געפונען נישט ווייניק פליכטלינגע, וואָס זענען געזעסן ווי די הינער איבער זייערע געפּעק און קעסטלעך, מורא־געהאַט, אַז מ'זאָל פון זייערע לייבער נישט אַוועקנעמען דאָס ביסעלע האָב־און־גוטס, וואָס מ'האָט געראַטעוועט פון דעם באָלשעוויסטישן פייער. ווייבער און קינדער האָבן זיך אויסגעמישט מיט דערוואַקסענע מענער, ציווילע און סאָלדאַטן. איינער איז געלעגן אויפן אַנדערן, איינער האָט געפּרווט גנבענען ביים צווייטן דעם לעצטן פּאָדעם. דאָ־און־דאָרט האָבן זיך אָנגעצונדן קריגערייען און געשלעגן צווישן פאַרשידענע גרופּן און ווינקלען. מ'האָט געריסן די ביסנס פון די מיילער, מ'איז געקראָכן צו פרעמדע ווייבער, געטשעפּעט זיך צו קליינע קינדער. טייל האָבן זיך געשאָלטן, אַנדערע געשלאָגן זיך, נאָר דער גרעסטער טייל זענען ווי אָנגעוואָרפענע באַלן וואָל. אָדער צוזאַמענגעשאַטענע הערינג, געלעגן איינער אויפן אַנדערנס בויך און זענען גלייכגילטיק געשלאָפן.

ביים אָנקומען פון אַ צוג האָט זיך די גאַנצע צוזאַמענגעקנאָטענע מאַסע צעשאָטן, צעוואָרפן, צעלאָפן, ווי אַ סטאַדע פייגל, ווען עס פאַלט אין זיי אַ קויל פון אַ ביקס. אַלץ האָט זיך געוואָרפן אויף דעם צוג. עס איז נישט געווען קיין חילוק וווהין ער גייט, אַבי אַרויספאָרן פון גיהנום. מ'האָט אַריינגעוואָרפן די קעסטלעך געפּעק, די קינדער, און אָנגעהאַנגען זיך מסירת־נפשדיק אויף די טרעפּלעך, אויף די טירן און געשטופּט זיך אין איבערגעפּראָפּטן וואַגאָן אַריין. פון אינעווייניק האָבן די סאָלדאַטן צוריקגעשטופּט, פאַרשטעלט דעם וועג, נישט געלאָזט. מ'האָט מפקיר געווען האָב און גוטס. ווייבער האָבן מיט ווונקען און באַוועגונגען געגעבן אָנצוהערן,

אז זיי זענען גרייט מיט זייערע לייבער צו קויפן א פלאץ פאר זיך פון די צעיושעטע סאלדאטן...

דריי, פיר צוגן זענען שוין אנגעקומען און אוועקגעגאנגען דורך דער צייט, וואס דער אדוואקאט און זיין זון געפינען זיך אויף דער באן־סטאַ־ציע, און זיי האבן נישט געהאט קיין געלעגנהייט זיך ארייננצוכאפן. זיי זענען געבליבן פון דרויסן. דער אדוואקאט האט זיך געמוטשט אויפהאלטן אין דעם גיהנום צוויי טעג און צוויי נעכט.

דורך דער צייט האט דער אדוואקאט גענוג געלעגנהייט געהאט זיך צו באקענען מיט די עלעמענטן, וואס גייען ראטעווען רוסלאנד. זיי האבן גערעדט דערפון גאנץ אפן, נישט פארשטעלט. ווי רויבער־באנדעס האט מען זיך שוין צעטיילט מיטן גוטס, איידער מ'האט עס נאך געראבעוועט. מ'האט איינער דעם אנדערן געטרייסט מיט די גוטע געלעגנהייטן, וואס די מלחמה וועט ברענגען. דער עיקר אבער האט מען גערעדט וועגן יידן. אזוי ווי יידן וואלטן געווען דער פרייז, וואס מ'האט זיי אנגעבאטן פארן אנ־שליסן זיך אין דער ווייסער ארמיי, האט מען צווישן זיך געטיילט פראנק און פריי זייערע פארמעגנס, זייערע ווייבער און טעכטער, ווי הפקר־גע־ווארענע קוראפאטוועס.

— מיר וועלן זיך שוין אפנעמען דאס אונדזעריקע.

— איך האב מיר אנגעצייכנט: די ערשטע צען יידישקעס פארגוואל־דיק איך, די איבעריקע טויט איך. כ'האב מורא, זיי וועלן דערעסן ווערן...

נישט איינמאל האט דער אדוואקאט, צוהערנדיק די געשפרעכן, גע־וואלט אויפשפרינגען. דער זון האט אים קוים מיט צרות צוריקגעהאלטן.

— בארואיק דיך, מיר מוזן זען ווי אמשנעלסטן דורך די באנדעס זיך דורכקריגן, — רוימט ער איין דעם פאטער.

מישענקע האט ארויסגעשלעפט פון זיין באהאלטענעם מאנטל די אפ־צייכענונג פון זיין לופט־פלי־אפטיילונג, אין וועלכער ער האט געדינט אויפן פראנט (וואס ער האט געהאט דורך דער צייט פון גאנצן וועג בא־האלטן פון די באלשעוויקעס), האט עס אנגעשטאכן זיך אויף זיין ציוויל־היטל. די אפיצירישע אפצייכענונג האט זיי געגעבן אגזען. דאס, און מי־שענקעס רעוואלווער, האט זיי געראטעוועט פון אומאנגענעמלעכקייטן אדער נאך ערגערס.

דער אדוואקאט, וועלכער האט זיך ערשט באפרייט פון באלשעוויס־

טישן קלעם, האָט זיך אָנגעהויבן דאָ, צווישן די עלעמענטן, צו פילן ווי אריינגענומען אין אַן ערגערער, אין אַ בריענדיקער צוואַנג. ער איז ווידער געל־און־גרין געוואָרן, זיינע אויגן האָבן ווידער געשפּריצט מיט פייער, און ער האָט איינגערוימט זיין זון אין אויער:

— און דאָס וויל ראַטעווען רוסלאַנד. מיט וואָס פאַרא כוח? מיטן כוח פון באַנדיטיזם?

פאָטער און זון האָבן שוין איצט געקלערט דערפון, אַז דאָרט, אויף דער צווייטער זייט, איז כאָטש דאָ אַ מאָראַל. נאָר גערעדט האָט מען דערפון נישט, פאַרשטייט זיך.

**
*

ענדלעך איז זיי געלונגען מיט דער הילף פון מישענקעס אָפיצירישער אָפּצייכענונג, אריינצוקריגן זיך אין אַ צוג, וואָס איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון נאָוואָטשערקאַסק.

דער וואַגאָן איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט סאָלדאַטן. אין דעם ווינקל ביים קלאָזעט האָבן זיך געשטופּט צעהיצטע, צעפּלאָשעטע קעפּ און הענט צו אַ פרוי, וואָס איז וויליק געווען זיי זיך איבערצוגעבן פאַר ווערן אריינגעלאָזט אין וואַגאָן. פון דאָרט זענען אויפגעגאַנגען פאַרשטיקטע קולות, לאַכן און צרגישע ספּאַזמען. דער אַדוואָקאַט האָט זיך אַ בלייכער געריסן פון זיין פּלאַץ. קוים מיט צרות האָט אים זיין זון צוריקגעהאַלטן:

פּאַפּאָטשקע, באַרואיק דיך. געדענק אין גאָט. דאָס זענען דאָך ווילדע בעסטיעס.

— מישענקע, איך האָב מורא. מישענקע, רוסלאַנד איז פאַרפאַלן. ניין, ניין, נישט פון זיי וועט די הילף קומען.

— איך ווייס עס, פּאַפּאָטשקע. איך ווייס עס, — האָט אים מישענקע באַרואיקט.

איבער זייערע קעפּ זענען געהאַנגען נאַקעטע שמוציקע פיס פון די אויבערשטע שלאָף-בענק. אַן אַנדערע גרופּע האָט פון אונטן גערעדט מיט די „נאַקעטע פיס”, וואָס הענגען איבער דעם אַדוואָקאַטס קאָפּ. ווילנדיק, צי נישט, האָט ער געמוזט זיך צוהערן צו זייער געשפּרעך. איינער מיט אַ רויט איבערגעקערטער הויט פון אַן אויסגערונען אויג, האָט דערציילט פאַר די אַנדערע:

— פון האָספּיטאַל אויסגעשריבן. אין כאַרקאָוו זיך געפונען. פאַר זעקס חדשים נישט צוגערירט זיך צו קיין ווייב... די ערשטע בעסטע אין גאַס אָנגעטראָפן. צוערשט איז זי וויליג. דערזען דאָס אויסגערונענע אויג, איז זי אַנטלאָפן. געעקלט זיך. און אַז איך האָב דאָס אויג געקראָגן פאַר ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד, איז גאָרנישט! אַז אַ שונאס קויל האָט מיר אַ לעק געגעבן — איז גאָרנישט. אַ כאַליערע זיי אין דער מאַמען!

— דו וועסט זיך שוין דאָס דייניקע אָפּנעמען, ברודער. די יידישקעס וועלן דיר שוין באַצאָלן פאַר דער גאַנצער צייט.

— יאָ. איך וועל זיך דאָס מייניקע אָפּנעמען, ברודער. בריסטן וועל איך שניידן, ווי גאָט איז מיר ליב. בריסטן וועל איך שניידן, ווי עפּל, — האָט דער סאָלדאַט געזאָגט, און מ'האָט געפילט, ווי דער געשמאַק ליגט אים אויף די ליפּן, און ער באַלעקט זיך דערפון.

— דאָס איז ריכטיק, אַלע יידישקעס זענען אונדזערע. קראַסנאָוו האָט זיי אונדז פריי געגעבן.

דער אַדוואָקאַט כאַפּט זיך אויף אַן אָפּגעבריטער פון זיין אָרט.

— ווי אַזוי...

נאָר מישענקע האַלט אים שוין פעסט ביי דער האַנט:

— טראָג עס דורך, פּאַפּאָטשקע, טראָג עס דורך, ווי גאָט איז דיר ליב.

— מישענקע, אַנטלויף, מישענקע — דאָרטן ביי זיי, איז דאָך צום ווינציקסטן דאָ אַן אידעאַל.

מישענקע שווייגט.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ סטאַנציע. צוויי קאָזאַקן קומען אריין מיט קאָזאַצקע נאַהאַיקעס, פרעגן הויך אויפן קול:

— געפינען זיך דאָ ביי אייך יידן, ברידערלעך?

— זשידעס? — פרעגן די סאָלדאַטן איבער און קוקן זיך ארום אויף די ציוויל־פּאַסאַזשירן. זיי שטעלן זיך אָפּ מיט די בליקן אויף דעם בלייך געוואָרענעם אַדוואָקאַט.

— זשידעס? צום טייוול מיט זיי!

דער אַדוואָקאַט האָט זיך מיט דער גאַנצער קראַפט פּלוצלינג ארויסגעריסן פון מישענקעס שטאַרקער האַנט און אויפגעשטעלט זיך אין דער גאַנצער הויך און אויסגעשריגן:

— איך בין א ייד! הינט! איך בין א ייד! — האָט ער געשלאָגן זיך מיט דער פויסט אין האַרץ. — נאַט, איך בין א ייד!

אײדער מישענקע האָט נאָך צײט געהאַט זײן רעוואָלווער ארויסצו־כאַפּן, האָבן זעלנערשע הענט אָנגעכאַפּט זײן פאָטער, געוואָרפן אים איבער די קעפּ צו די קאָזאַקן צו.

מישענקע האָט זיך געוואָרפן אַפּראַטעווען, נאָר סאָלדאַטסקע הענט האָבן אים שוין געהאַלטן געפּענטעט.

— און דעם גיט אויך אַרויס.

— ניין. דער זעט נישט אויס ווי זײ. ער איז נישט קײן ייד.

— פּאַפּאָטשקע, פּאַפּאָטשקע! — האָט מישענקע געשריגן.

די סאָלדאַטן האָבן אים אָבער פעסט געהאַלטן.

— דער וועט אונדז צונוצקומען פאַרן ערשטן פייער — א לופט־פליער.

ענדלעך האָט זיך מישענקע א ריס געגעבן צום פענצטער. אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט ער דערזען זײן פאָטער אָן א היטל, מיט צעפּלאָשעטע האָר און באָרוועסע פיס.

— פּאַפּאָטשקע, — דער זון האָט אויסגעשטרעקט א האַנט צום פאָ־טער דורך דער אויסגעבראָכענער שויב.

דער צוג האָט זיך גערירט. און סאָלדאַטן, וועמעס גאַנצע לייבער האָבן זיך אַזש געטרייסלט פון לאַכן, האָבן מישענקען, ווי מיט אײזערנע צוואַנגען, געהאַלטן געבונדן, צוגעשמידט צום אָרט.

מישענקע האָט שוין אָבער תמיד געזען זײן פאָטער מיט צעפּלאָשעטע גרויע האָר, א באָרוועסן, שטײן אויף דער פּלאַטפאָרמע, אַרומגערינגלט פון קאָזאַקן. ער האָט נישט געפילט דעם שמערץ אין זײן גאַנצער שאַרפקייט, ווייל עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז דאָס, וואָס ער האָט געזען, איז גאָרנישט רעאַל געווען. זײן פאָטערס געשטאַלט האָט געהאַט אַן אומהיימ־לעכע ענלעכקייט צו דער געשטאַלט, וואָס ער האָט אַזוי אָפט געזען אויף בילדער אויפגעמאָלט. דער פאָטער האָט אים דערמאָנט אָן קריסטוס אין די הענט פון די רוימישע סאָלדאַטן. און אַזוי האָט ער אים שוין זײן גאַנץ לעבן דערנאָך געזען...

בײ דער נעכסטער סטאַציע האָט מישענקע זיך אַרויסגעקראָגן פון

וואַגאָן. ער איז געלאָפן אָן אָטעם צוריק זעכצן וויאָרסט. עס איז געווען ביינאַכט. ער האָט דעם פאָטער געזוכט. ער האָט אים מער נישט געפונען.

מישענקע האָט זיך אַרומגעוואַלגערט נאָך אַ טאָג, צוויי אין דער גאַנ־צער אומגעגנט. ער האָט דעם פאָטער נישט געפונען. מען האָט אים גע־זאָגט, אַז די קאַזאַקן האָבן אים אין וואַלד פאַרשלעפּט. ער איז אַוועק אין סטעפּ, געבלאָנדזשעט טעג און נעכט, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אויף דער ערשטער אָפּטיילונג פון דער „רויטער ארמיי", וואָס איז געגאַנגען קעגן קראַסנאָוון.

ער האָט זיך זיי איבערגעגעבן און זיך אָנגעשלאָסן צו זיי...

## קאַפּיטל 18

## צוויי שוואַלבן

אַ קרענק איז ווי אַ רייזע אין אַ ווייטער מדינה. זי ליימערט דאָס אי־בערגעלעבטע און שטעלט עס אַוועק אין אַזאַ ווייטן מהלך, אַז עס שיינט פון דאָרטן אַרויס, ווי אַן אילוזיע...

דורך די פּאָר וואָכן, וואָס זאַכאַרי האָט איינער אַליין געקעמפּט מיטן טויט און אים באַזיגט, איז דער אַלטער זאַכאַרי אָפּגעשטאָרבן. איצט ליגט ער אַ ניי־געבוירענער אויף דער וועראַנדע פון אַ געוועזענעם פּריצישן הויז, אין אַ וואַלד הינטער מאָסקווע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דער־האָלונגס־היים פאַר סאָוויעטישע טוער.

און נישט נאָר זאַכאַרי אַליין איז דורך דער צייט פון זיין קרענק אָפּ־געשטאָרבן און נאָכאַמאָל געבוירן געוואָרן. זיין פאָטער, דער אַלטער מיר־קין, אויך. דורך די זעקס וואָכן, וואָס דער אַלטער האָט זיך געדרייט מיט רויטע, געשוואָלענע אויגן פאַר דעם טויער פון האָספּיטאַל און געוואַרט מיט אַנדערע פאָטערס און מוטערס, ווייבער און קינדער צוגעלאָזט צו ווערן צו זייערע קראַנקע נאָענטסטע, האָט דער אַלטער מירקין דערפילט, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען איבער גאָטס ערד אַ פאַרשטעלטער, מיט אַ פאַל־שער מאַסקע. ער האָט גאָרנישט מער אין זיין לעבן, נאָר דעם קראַנקן זון, וואָס ראַנגלט זיך דאָרטן אינעווייניק אין זיין אַגגסטן־שוויים מיט אַן אומ־

געזעענעם, ווי יעקב מיטן מלאך. אין דעם קאמף קאָן ער אים מיט גאָרנישט בײשט העלפן, און טאקע דערפאר, ווייל אין דעם געראנגל מוז ער שטיין פונדערווייטנס און צוקוקן זיך, האָט זיך זיין רחמנות און ליבע מער צע־פלאמט צו זיין קינד. ווי געהײמע קוואלן, וואָס זענען דורך יאָרן און יאָרן געלעגן פארשטאָפּט, באהאלטן אין די צעלן פון זיין בלוט, וואָלטן זיך איצט מיט מעכטיקע שטראָמען געעפנט, אויסגעבראָכן און איבערגעגאָסן זיין הארץ. וואָס איז אים איצט אָנגעגאנגען די אָרגאניזאציע פון זיין געשעפט, די צוקונפט פון רוסלאנד, אפילו זיין ווייב און קינד? — גאָרנישט. נאָר דער קראנקער ייִנגלשער גוף, וואָס ליגט דאָרטן אינעווייניק אין זיינע אַנגסטן. דער דאָזיקער קרענקלעכער, פון בלוט־אויסגעזויגענער קערפּער איז ווי א פארטריקנטע בלום געוועזן אלץ, וואָס איז איבערגעבליבן פון זיין לעבן. ווי דער קראנקער וואָלט געהאלטן אין זיינע שוואכע הענט זיין נשמה, ווי אַן אויסגייענדיק ליכט. ער האָט איבערגעלאָזט די „אָרגאניזאציע“ צו מישקע מאַלאָדיעץ. זאָל ער טון, וואָס ער וויל. זיין ווייב און קינד האָט ער איבערגעלאָזט צו זייער אייגענעם גורל. דאָ, אונטער דער קאָלדרע, וואָס באוועגט זיך מיטן אָרבעטן פון דעם קראנקנס הארץ, ליגט אלץ קאָנצענ־טרירט, וואָס האָט א ווערט. דער אלטער האָט דורך דער ליבע, וואָס האָט זיך אזוי פּלוצלינג דערוועקט אין אים צו זיין זון, זיך צוריקגעפונען: ווי עס וואָלט אויף אים א רעליקייט געפאלן, האָט ער זיך דורך דעם געפילט דערהויבן, געלייטערט און באגאָסן מיט א גנאָד.

אין האָספּיטאל נעבן זאכאַריס בעט איז געלעגן א קראנק ייִנגל. ווען מען האָט דעם אלטן מירקין צו זיין זון אריינגעלאָזט, האָט מען אויך דעם אָרימען, בלייכן ארבעטער צוגעלאָזט צו זיין ייִנגל. מירקין האָט זיך דורך דעם זייער באפריינדעט מיט דעם פאָטער פון זיין זונס שכן. ביידע טאַ־טעס, וואָס פלעגן זיך טאָג־איין, טאָג־אויס טרעפן ביי דעם טויער פון האָספּיטאל, זענען אזוי ענג פארבונדן געוואָרן דורך דער קראנקהייט פון זייערע קינדער, ווי זיי וואָלטן זיך שוין געקענט זינט יאָרן, ווי זיי וואָלטן באלאנגט צו איין קלאס. איינער פלעגט דעם אנדערן טרייסטן און אונ־טערהאלטן דעם מוט. פארבונדן דורך איין גורל, איז מירקינען דאָס פרעמ־דע ייִנגל געוואָרן נאָענט, משפּחהדיק. דער אלטער מירקין איז געזעסן איינ־געבויגן, פארשוווּנדן אונטער דעם שאָטן פון זיין קראנקן זון. ער האָט גע־

האַלטן זאַכאַרים בלייבע, אַנגסטיקע האַנט, אָנמעכטיק צוגעקוקט זיך, ווי זיין זון ראַנגלט זיך אונטער דעם פּאָרהאַנג פון פאַרשמאַכטן שלאָף מיט דעם „אומבאַקאַנטן". ער פלעגט אָפּווישן אים מיט אַ טיכל די אַנגסטן פון זיין שטערן און שווייגן. דאָס זעלבע האָט אויך געטון דער פּאָטער פונעם יינגל, און ביים אַרויסגאַנג האָט איין פּאָטער אויפן אַנדערן געוואַרט און אויסגעפרעגט זיך. מען האָט זיך די הענט געגעבן, אַ טרייסט־וואָרט געזאָגט, און צעגאַנגען זיך. דער אַלטער מירקין פלעגט לאַנג נאָכקוקן דעם אָרימען אַרבעטער, ווי ער איז געגאַנגען איינגעהויקערט אונטער דעם יאָך פון זיינע צרות און געטראַכט זיך:

— עס איז דאָ אַזאַ אומדערשעפּטע רייכקייט, ווי פּאָטער־ליבע. דאָס איז באַשערט יעדן איינעם, דעם אָרימסטן. קיינער קאָן עס נישט צונעמען. און ער האָט דערפון ביז איצט נישט געוווּסט, ביז אַזוי שפּעט. עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז זיין גאַנץ לעבן איז ער געגאַנגען ביי דער זייט פון זיין וועג, און ערשט איצט, ווען ער האַלט שוין ביים ענדע פון געיעג, זעט ער דעם ריכטיקן שטעג, וואָס האָט געפירט צו זיין גליק. אין זיין האַרץ איז רייף געוואָרן אַ תפילה:

— אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו האָסט מיך נישט געלאָזט שטאַרבן, איידער דו האָסט מיך נישט באַשאָנקען מיט דעם חסד צו פילן פּאָטער־ליבע, ווי עס איז יעדן אָרימען מענטש באַשערט...

און נישט קוקנדיק אויף זאַכאַרים געפאַר, איז ער געגאַנגען אַהיים צו זיך אַ גליקלעכער נאָך יעדן באַזוך אין האָספּיטאַל. געטרייסט און באַרייכערט...

עס האָט אים געלוינט צו לעבן, נאָר בלויז דאָס געפיל צו געווינען...

***

איצט איז שוין זאַכאַרי אין זיין צעבראָכן שיפל דורך דעם שטורעם דורכגעשווומען און צוגעשלאָגן זיך צום ברעג. ער ליגט נאָך אַ פאַרמאַטערטער אויפן ברעג און קאָן זיך נישט רירן. דאָך זעט ער דעם הימל איבער זיך און קאָן באַטראַכטן גאָטס וועלט. דאָס הויז שטייט ביים ראַנד פון אַ טרוקענעם געדיכטן סאָסנע־וואַלד. ער האָט אַרויסגעקוקט אויף אַ פריי ברייט פעלד, באַוואַקסן מיט גרעטשקע. פון דער וועראַנדע האָט מען גע־

קאַנט זען אי דעם װאַלד און אי דאָס פעלד. זאַכאַרי האָט עס אײנגעטײלט אין צװײ טײלן פון דער װעלט. אײן זײט ליג־שטול האָט ער גערופן „אַמע־ריקע", און דער צװײטער טײל ליג־שטול האָט געהײסן „אײראָפּע". אַז ער איז אָפּגעפאָרן קײן „אַמעריקע" (דאָס הײסט, אַז ער האָט זיך מיט דער הילף פון דער שװעסטער פאַרדרײט צו דער זײט פון װאַלד), האָט ער געזען, װי הױכע סאָסנעס שטײען און קוקן זיך אַרום תמימותדיק־אַנגסטיק, װי זײ װאָלטן זיך דאָ פאַרבלאָנדזשעט און װײסן נישט, װוּ װײטער צו גײן. פון צײט צו צײט גײט דורך צװישן די פאַרפּלאָנטערטע, פאַרװעבטע גאָלד־קרױנען אַ קילער װינט, װאָס שלאָגט זיך אָפּ אין די ענגליש־גראַדע סאָסנע־שטאַמען. אַן אומפאַרשטענדלעך װאָיען און קלאָגן, װי מען װאָלט דאָרט אין דער טיפעניש פון װאַלד לעבעדיקע באַשעפענישן געפּײניקט, קומט אַהער צו דרינגען צוזאַמען מיטן װינט־רױשן. אַז זאַכאַרי איז אָפּ־געפאָרן קײן „אײראָפּע", האָט ער דערזען, װי אַ הױכער הימל מיט קלאָרע זילבערנע װאָלקנס ציט זיך אױס איבער אַ װאַרים פעט־אױפגעגאַנגען פעלד מיט גרעטשקע, מיט ראָזאָװע־װײסע בליעכץ־בלומען באַשאָטן. דאָ און דאָרט פלאַמט אַרױס אַ רױטער מאָן־קאָפּ. רױטע מאָן־קעפּ זענען די לוס־טיקסטע קינדער פון דער פעלד־בלומען־משפּחה. עס דאַכט זיך, זײ שפּרינ־גען איבער פון אײן אָרט אױפן אַנדערן. דאָ צינדן זײ זיך אָן, דאָ לעשן זײ זיך אױס, אָדער אַן אײנזאַמע ליליע שטעקט אַרױס איר שטאָלצן, בלױ־בלײכן שפּיץ העכער איבער אַלע גאָטס באַשעפעניש. פאַראײנזאַמטע קאָרן־זאַנגען, פאַרשלעפּטע פון װינט, שטאַרצן אַרױס זײערע שטעקן־בעזעמס און נעמען זיך איבער מיט זײער ברױט־טראָגעדיקײט איבער די אומנוצ־לעכע פעלד־בלומען. מחנות בינען ראָיען זיך אין די פעטע בלימעלעך, און צװישן זײ שנײדן דורך מיט מעסער־פליגלען די לופט־קװיטשענדיקע שװאַלבן, װאָס כאַפּן אױף אינזעקטן. שפּעטער אָבער האָט זאַכאַרי גע־מאַכט אַ נײע אַנטדעקונג. עס איז דאָ אַזעלכעס, װאָס איז „קײנעמס לאַנד", מ'הענגט אין דער לופטן און מ'פאָרט צו קײנעם נישט, נאָר צו זיך אַלײן. „קײנעמס לאַנד" — דאָס איז, אַז מען ליגט מיטן רוקן גלײך, און מען קוקט אין הימל אַרײן. דענסטמאָל קאָן מען אַנטדעקן, װאָס פאַראַ װעלט מען װיל. מען איז אומעטום, און מען איז אין ערגעץ נישט, נאָר בײ זיך אַלײן...

לעצטנס אָבער, אַז ער האָט זיך געשטאַרקט, זענען די לענדער און די וועלטן שוין געקומען נענטער און כמעט אויסגעמישט זיך. איצט ליגט ער און באַטראַכט עקשנותדיק די פינף „פּאַקראַקעדיקע", מיאוס־פּנימדיקע שוואַלבן, וואָס קוקן אַרויס ווי יאָדרעס פון אויפגעקנאַקטע ניס פון דער שוואַלבן־נעסט, וואָס איז אונטער דעם געזימס פון דער וועראַנדע. זיי הערן נישט אויף צו פּייניקן מיט זייער שטענדיקן קוויטשען.

פון זיין ליג־שטול האָט זאַכאַרי געקאָנט באַטראַכטן די נעסט, וואָס איז פון שוואַלבן־פאַרפאַלק אָנגעקלעבט געוואָרן אונטער זיין נאָז. מיט באַוווּנדערונג האָט ער זיך צוגעקוקט, ווי די שוואַלבן־מוטער ווערט נישט מיד אַ גאַנצן טאָג צו פליען פון נעסט אין פעלד און צוריק, צו ברענגען אין איר שנאָבל אויפגעכאַפּטע אינזעקטן, ווערעמלעך און קרישעלעך, און זיי אַריינלייגן אין די מיילעכלעך פון די שוואַלבן־עופהלעך. יעדעס מאָל, ווען די מוטער באַווייזט זיך, דערהערט זיך אַ פאַרהילכט פּלאַפּלעריי, און פינף שנעבעלעך שטרעקן זיך אויס פון דער נעסט, ווי שלימאַקעס פון זייערע הייזלעך, עפענען אויף די מיט ווייסקייט באַזוימטע מיילעכלעך. יעדעס איינע באַמיט זיך אַריינצושטעקן פריער פאַר איר ברודערל דאָס פּיסקל אין דער מאַמעס מויל, אויפצוכאַפּן דעם טראָפּן שפּייז.

זאַכאַרין האָט אינטערעסירט צו דערוויסן זיך, אויב די מוטער־שוואַלב האָט אַ סיסטעם ביים שפּייזן אירע קינדער, אויב אין דער שוואַלבן־נעסט עקזיסטירט דער וואַלד־ און וועלט־געזעץ פון „כל דאלים גבר" — ווער עס איז שטאַרקער, דער כאַפּט אַמיינסטן אינזעקטן. פון די ביכער, וואָס ער האָט געלייענט אַמאָל איבער שוואַלבן, האָט ער זיך נישט געקאָנט דער־וויסן וועגן דעם.

באַלד אָבער האָט ער זיך איבערצייגט, אַז עס עקזיסטירט נישט קיין סיסטעם ביי דער שוואַלבן־מוטער אין נערן אירע קליינע. אויך דאָ הערשט דאָס אומברחמנותדיקע אָפּקלייב־געזעץ, ווי איבעראַל אין דער נאַטור. וואָ־רים ער האָט געזען, אַז דאָס לעצטע, דאָס קלענסטע פון אַלע, וועלכעס איז פאַרזעצט געוואָרן אין סאַמע עקסטן ווינקעלע פון נעסט, האָט ווינצי־קער געלעגנהייט געהאַט אַריינצובאַקומען זיין שנעבעלע אין דער מוטערס מויל, ווי די אַנדערע, ווי די, למשל, וועלכע האָבן פאַרנומען אין דער נעסט די „פּריווילעגירטע" פּאָזיציע צו זיצן אין דער מיט און קאָנען דורך־

דעם אמליבטסטן דערגרייכן דער מוטערס מויל. ער האָט דערפאר דאָס שוואַלבעלע אַ נאָמען געגעבן מיט זיין אייגענעם נאָמען, „זאַכאַריושקע“.

און ער האָט אויך איינגעזען די פּאָלגן פון דעם „אָפּקלייב-געזעץ“, שפעטער ביים לערנען פליען.

די מוטער־שוואַלב איז געווען זייער אַ באַשעפטיקט באַשעפעניש. אַ גאַנצן טאָג האָט זי געהאַלטן אין איין אָנטראָגן פון פעלד אינזעקטן. אַז די שוואַלבן־קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, האָט זי זיי געלערנט ווי זיך ציכטיק צו האַלטן, — אָנגעכאַפּט ביים שנאָבל די עקן פון די קליינע, אויסגעדרייט מיטן הינטן אין דרויסן, כדי נישט צו פאַראומריינקן מיט זייער צאָה די נעסט... באַלד איז אויך געקומען די צייט פון גיין אין חדר, — לערנען פליען.

מיט דער הילף פון פאָטער האָט זי אויפגעבויט אַן אָפּרו-סטאַציע אויף דער וואַנט קעגנאיבער דער נעסט. זי האָט אויסגענוצט דערביי די דראָטן פון אַן עלעקטרישן פאַרקניפּ. זי האָט אָנגעטראָגן שטרוי און פאַרקלעבט מיט שוואַלבן־ליים. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז פאַרטיק געוואָרן אַ באַקוועמער „שטאַנד“. דערנאָך האָט די מוטער, נישט אויפהערנדיק אין איר קווייטשענדיקער אומאַנגענעמער שפּראַך עפּעס אָנצוזאָגן די קליינע, גענומען פליען אַהין און צוריק פון נעסט צום „שטאַנד“, פּישטשענדיק דערביי אַן רחמנות אויף די קליינע אין איר פויגל־שפּראַך. אַ האַלבן טאָג האָט געדויערט די פלי־לעקציע. די ערשטע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוואַגט פון דער נעסט, כדי דער מוטער נאָכצוטון, זענען טאַקע געווען די מיטלסטע דריי, וואָס האָבן געהאַט גענוג געלעגנהייט שטענדיק זאַט צו זיין. אין אַ טאָג אַרום איז אַרויס נאָך איינס, נאָר „זאַכאַריושקע“ איז געבליבן זיצן צוגעקלעבט אין זיין נעסט־לאָך, האָט שוואַך געפּישטשעט, אָבער רירן זיך פון אָרט האָט עס מורא געהאַט.

אַזוי האָט עס געדויערט אַ טאָג צוויי. אין איין שיינעם זוניקן פרימאָרגן, ווען מ'האָט זאַכאַרין אַרויסגעפירט אויף דער וועראַנדע, האָט ער צו זיין דערשטוינען באַמערקט, אַז די שוואַלבן־נעסט איז ליידיק. איבערגעבליבן איז נאָר אין זיין לאָך „זאַכאַריושקע“. ער האָט אַרויסגעשטאַרצט זיין מיאוס־פּנימדיק, קאַלך־אָפּגעווייסט שנאָבעלע און נישט אויפגעהערט גריליק, האַרצרייסנדיק צו פּישטשען.

דער מענטש זאַכאַרי האָט זיך אַוועקגעלייגט צו באַטראַכטן דעם שוואַלב „זאַכאַרי". עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער פויגל איז נישט בלויז זיין „גורל־ברודער", נאָר איז אַ טייל פון אים. זיין „איך" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדערן מין.

דער שוואַלב „זאַכאַריושקע" האָט זאַכאַרין נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען אין זיך. זיין פויגלדיק געשריי איז געווען אַ קלאָג־ליד, אַ רחמנות־בעטן אויף זיין גורל, — העלפן אָבער האָט מען אים נישט געקאָנט.

ענדלעך האָט זאַכאַרי באַמערקט די מוטער־שוואַלב צוריקקומען, אַ פּאָר מאָל האָט זי געמאַכט אַ קרייז פון גרעטשקע־פעלד צו דער נעסט, אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר אינזעקטן אין „זאַכאַריושקעס" שנאָבעלע, עפּעס אָנגעשריגן אויפן שוואַלבן־לשון, אוודאי: „אַז זי האָט נישט קיין צייט, און אַז זי וועט באַלד צוריקקומען", און איז ווידער אַוועקגעפלויגן.

אַזוי האָט זיך דאָס איבערגעחזרט אַ פּאָר מאָל דורכן טאָג. נאָך שעהען און שעהען פּיינענדיק וואַרטן און לאַמענטירן פונעם שוואַכן „זאַכאַריושקע", איז די מאַמע־שוואַלב צוריקגעקומען אַ פאַרהאָרעוועטע, אַ פאַרשמייעטע פון איר אַרבעט אין פעלד — די קליינע צו לערנען אינזעקטן כאַפּן, — צום פאַרלאָזענעם „זאַכאַריושקע", אָנגעקאָרמעט אים, אַ פּאָר גוטע ווערטער צוגעוואָרפן, אפשר אויך שוואַלבן־אַרטיק אַ מוטער־גלעט געטון, וואָס מיר פאַרשטייען נישט, — און איז אַוועקגעפלויגן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז „זאַכאַריושקע" די שוואַלב שטאַרקער געוואָרן, די מוטער האָט אים איצט ספּעציעלע פלי־לעקציעס געגעבן, — נאָר מיט מער צערטלעכקייט און מיט מער געדולד, ווי זי האָט עס געטון פאַר אירע גרויסע. דער קליינער „זאַכאַריושקע", וועלכער האָט ביים ערשטן פלי־פּרווו שוואַך פאַרוואָרפן דאָס קעפּעלע, סכנות־נפשותדיק געציטערט מיט זיינע נאַקעטע פליגעלעך, אַז מען האָט געמיינט יעדן אויגנבליק, אַז ער פאַלט אַרונטער און ער עקט זיך, האָט זיך ענדלעך אויסגעלערנט די פלי־קונסט, און באַלד איז ער אַ גלייכער צווישן גלייכע מיט זיינע ברידער אַרויסגעפלויגן אין פעלד אַריין און מ'האָט אים שוין נישט דערקענט.

„הייסט עס, אַז עס איז דאָ אין דער נאַטור עפּעס אַזעלכעס, וואָס שטייט העכער פון „אָפּקלייב־געזעץ", וואָס נישט נאָר עס קאָריגירט אים, גלייכט אויס די עוולות, נאָר ווי אַ געטלעכע באַשטימטקייט שטייט עס

ווי אַ געפּאַנצערטער ריטער אויף דער וואַך פון דעם טויט־שטומען געזעץ־טראָגנדיקן רעכט. דאָס איז די מוטער־געטלעכקייט, — און איר טרייבנדע קראַפט איז ליבע.

„קום איך נישט אַרונטער אונטער דעם רעכט פון „אָפּקלייב־געזעץ", שטיי איך אונטער דער שוץ פון מוטער־געזעץ? אונטער די פליגלען קום איך אַרונטער מיטן רעכט פון שוואַכן".

ביי קראַנקע, ווי ביי קינדער, ווערט די רעאַליטעט צעלאָזן אין אַ שימערער מאַסע, ס'ווערן ביי זיי צעפירט די גרענעצן פון אָפּגעפאָרעמטקייט. עס נעמט אָן אַ פליסנדיקע אויסגעגאָסנקייט, אין וועלכער אַלץ אוממעגלעכעס קאָן צערינען אין נעפלדיקייט און לעבן מיטן זכות פון אילוזיע.

די קראַנקהייט איז ביים חולה ווי אַ מוטער. ס'איז דאָ אַ געוויסע וואויל־לוסטיקייט אין איר. די קראַנקהייט האָט אין זיך ווייבערישעס, דער חולה — קינדישעס. שווער שיידט זיך דער חולה פון איר, פונקט ווי אַ קינד פון זיין מוטער־לייב.

און עס חלומט זיך לייכט אין דער קראַנקהייט. די געדאַנקען ווערן געטראָגן אויף לייכטע פליגלען.

דאָס הויז הורוויץ, רחל־לאהס קינד, זיין פאַרלאָזענע כלה העלענקע, זענען איצט אַזוי נאָענט געווען. עס האָט זיך זאַכאַרין געדוכט, אַז ער דאַרף נאָר די האַנט אויסשטרעקן זיי צו דערגרייכן. גאָרנישט איז דורך דער צייט געשען. און ער האָט זיך פאָרגעשטעלט זיין צוריקקומען צו זיי אַזוי איינפאַך און זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווי אַ קינד שטעלט זיך פאָר דאָס צוריק־אַהיימגיין נאָך אַ טאָג פאַרבלאָנדזשעט ווערן.

וואָס מער אָבער ער איז אַרויסגעפאַלן פון די ווייכע אָרעמס פון דער קראַנקהייט און אַריינגעוואַקסן אין לעבן אַריין, זענען די אילוזיעס פאַרשוונדן, און די רעאַליטעט האָט אָנגעהויבן אויסצושטעלן אירע שטאַרנדיקע בולטע קאָנטורן: „ביז דאַנען קאָנסטו גיין, ווייטער נישט". דאָס „צוריקגיין" האָט זיך אָפּגעשטעלט, און עס האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלע מניעות. מאָראַלישע וואָג־אייזנס האָבן אָנגעהויבן צו באַשווערן דעם אַזוי לייכט אויסזעענדיקן פּלאַן — „וואָס פאַראַ רעכט האָט ער דערויף?" דורך יאָרן און יאָרן פאַרשוונדן פון זכרון. נישט געווען, געריבן זיך צו פרעמדע לייבער, פרעמדע בלוטשענדלעכע פאַרלאַנגען... איצט אַ נאַקעטער און אַ באָרוועסער, מיט אַ פּוסט האַרץ, אָן גלויבן וועט ער ברענגען צו שלעפּן

זיין שוואכן גוף אין א פרעמדער שוים אריין. ווי א בעטלער שטיין ביי דער טיר, ווי אויף א בעטלער וועלן זיי קוקן אויף אים, ווי אויף איינעם, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון די רייען, אויף אַן אַנטרינענדיקן, וואָס האָט גע־ראַטעוועט זיין נאַקעט לייב און ברענגט עם צושלעפּן אין פרעמדע שטובן...

ווי אַמאָל אין די קינדער־יאָרן, האָט ער נישט געוואָלט פּאַרלאָזן די ווייכע מוטער־שוים, אַזוי האָט ער איצט נישט געוואָלט אָפּלאָזן די קראַנק־הייט, ווו ער האָט זיך אין די צערטלעכע אָרעמס, וואָס האָבן זיך צו אים אויסגעשטרעקט פון יענער זייט גרענעץ, געפילט אזוי וואַרים... דאָס גע־נעזן־ווערן האָט אים אויסגעשיילט פון זיינע פאַרנעפּלטע חלומות, איבער־געלאָזט אים אַ נאַקעטן אין דרויסן, ווו ער האָט אָנגעהויבן מיטן שטערן אָנצוקלאַפּן זיך אין די ענגע ראַמען פון באַגרענעצטן זיין.

אין זיין פאַרלוירנקייט האָט ער געזוכט אַ רעטונג. די שוואַלב „זאַ־כאַריושקע" האָט געראַטעוועט דעם מענטש זאַכאַרי.

— איך וועל טון, ווי ער, מיט דעם זעלבן כוח ווי ער.

— בין איך נישט שטאַרק גענוג אַריינצוגיין אין געזעץ פון „אָפּ־קלייב", קום איך מיטן רעכט פון שוואַכן...

זיין שוואַכקייט האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי די העכסטע גבורה...

**
*

דעם נעכסטן זונטיק, ווען דער פאָטער איז אַרויסגעקומען אין וואַלד אַריין אים באַזוכן, האָט ער געפונען אַן אומדערוואַרטעטע ענדערונג צום גוטן אין זיין זונס געזונט. זאַכאַרי איז געווען מונטער, און זיינע גרויסע, ריינע אויגן האָבן פייכט געלויכטן מיט קרענקלעכן ליכט פון זיין אויס־געבלייכט און אויסגעצערטלט געזיכט. ער האָט אַ לייכטנדיקער דעם פאָ־טער באַלד מיטגעטיילט ביים באַגריסן מיט קינדערשער פרייד:

— ווייסטו, פּאַפּאָטשקע, „זאַכאַריושקע" איז פאָרט אַרויסגעפלויגן.

— האָט ער געוויזן אויף דער ליידיקער נעסט.

דער פאָטער, וואָס איז צוליב אַ סיבה עפּעס זייער ערנסט געווען, האָט אים אָפּגעענטפערט:

— נו, איצט וועלן מיר האָפן, אַז ד ע ר „זאַכאַריושקע" וועט אויך אַרויספליען.

— אָ, יאָ, איך פֿיל שוין מיינע פֿליגלען, — האָט ער געשמייכלט.

— עס איז די העכסטע צייט, — האָט דער פּאַטער נישט געקאָנט אונטערדריקן אַ קרעכץ.

— וואָס איז מיט דיר, פּאַפּאָטשקע, עפּעס אומאַנגענעמס? — פֿרעגט זאַכאַרי דערשראָקן.

— אָ, ניין, גאָרנישט אויסערגעוועגלעכס, נאָר צייט געזונט צו ווערן, יינגל.

— וואָס איז געשען? — פֿרעגט זאַכאַרי דערשראָקן.

— גאָרנישט, — שמייכלט דער פּאַטער און וויל עפּעס פּאַרווישן,

— האָסט דאָך עפּעס איבערגעלאָזט אַ כּלה אין ווייטע מקומות, צייט חתונה צו האָבן, מיין זון.

— איך האָב אויך געקלערט וועגן דעם, — שמייכלט שוין זאַכאַרי צום פּאַטער און רויטלט זיך מיט בחורישער רויטלעכקייט.

נאָכדעם האָבן זיי ביידע געשוויגן.

**

צום סוף זומער איז זאַכאַרי שוין אויף אַזוי פֿיל שטאַרק געווען, אַז מען האָט אים אויסגעשריבן פֿון דער „היים". ער איז אַוועק מיטן פּאַטער צוריק אין שטאָט.

## קאַפּיטל 19

# אין חבֿר מאַרעקס קעניגרייך

זיבן גרויסע וווּנדן האָבן זיך אויפֿגעעפֿנט אין רוסלאַנדס לייב. און פֿון אַלע זיבן וווּנדן האָט אָנגעהויבן דאָס בלוט צו רינען.

דער כעס האָט זיך געזאַמלט. און האָט ער נישט געפֿונען קיין אויסוועג פֿאַר זיינע גאַזן אין דער עפֿנטלעכקייט, האָבן זיי זיך אונטערגעגראָבן, ווי אין די אַמאָליקע צאַרישע צייטן, אונטער דער ערד. דער ערשטער קרבן איז געפֿאַלן דער פּעטערבורגער קאָמיסאַר, חבֿר אוריצקי,

פון דער קויל פונעם יונגן פּאָעט קאַנעגגיסער. כדי אַרויסצורופן שווערי־
קייטן מיט דייטשלאַנד, איז געפאַלן דער דייטשער געזאַנדטער מירבאַך
פון דער קויל פון בלומקין. און אַפילו אויף „אים״ אַליין האָט אַ יידיש
מיידל, דאָראַ קאַפּלאַן, געוואַגט אויפצוהייבן אַ האַנט.

אויף דער גרויס־לוביאַנקער גאַס איז געשטאַנען אַ נייע געביידע,
וואָס איז נאָר־וואָס פאַרענדיקט געוואָרן פאַר אַ פּאַרזיכערונגס־געזעל־
שאַפט. די געביידע האָט פאַרמאָגט טיפע, סאָלידע, פייער־געזיכערטע,
מיט שטאָלענע פּלאַטן באַלייגטע קעלערן, אין וועלכע עס האָבן באַדאַרפט
אויפבאַוואָרנט ווערן די דאָקומענטן פון דער געזעלשאַפט. דאָרט, אין די
טיפע קאָרידאָרן, האָט מען געקאָנט אַלצדינג אָפּטון, און עס איז איינגע־
זונקען און פאַרלוירן געוואָרן אין דער טעמפּער טיפקייט, ווי אין וואַסער.
קיין איין הויך כאַפּט זיך נישט אַרויס דורך די שטאָלענע ווענט אין דער
עפנטלעכקייט. האָט מען עס געפונען פאַר דעם פּאַסנדיקסטן אָרט פאַר
דעם צוועק, וואָס מען האָט באַדאַרפט. חבר מאַרעק האָט זיך באַזעצט אין
דער געביידע. דער נאָמען „גרויס־לוביאַנקע״ איז געוואָרן אַ מלאך־
המות־קלאַנג, וואָס האָט אַ טויט־שרעק אַנגעיאָגט אין די הערצער פון
אַלע „באַפרייטע״ בירגער פון רוסלאַנד.

דעם מאָרגן האָט זיך חבר מאַרעק אויפגעכאַפּט פון זיין שווערן
שלאָף אויף זיין פעלד־בעט, וואָס איז געשטאַנען אין אַ צימער אויף די
ערשטע שטאָקן. ער האָט יעדע נאַכט איבערגענעכטיקט אין אַן אַנדער
צימער, — צוליב אַן „עין־הרע״. דער ערשטער געפאַנגענער אויף לו־
ביאַנקע איז חבר מאַרעק אַליין געווען. ער האָט נישט געוואַגט אַרויסצו־
גיין פון דער געביידע. מיט אים אין דעם זעלבן צימער, אויף אַ צווייטן
פעלד־בעט, איז געשלאָפן דער חבר בורשאַנאָוו, וועלכער איז איצט גע־
ווען דעם חבר מאַרעקס הויפּט־העלפער. פאַר זיכערקייטס־וועגן, אַפילו
פאַר די אייגענע חברים (וואָס מ׳קאָן קיינמאָל נישט וויסן, ווער עס באַ־
האַלט זיך אונטער זיי), זענען זיי געשלאָפן זאַלבעצווייט, מיט די רעוואָל־
ווערן ביי זיך אונטער דער קאָלדרע.

אַז חבר מאַרעק האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין דער זעלנערישער
„פּאָרזיצנדער״ געווען אָנגעטון אין זיין לאַנגן מונדיר, אַזוי ווי ער וואָלט
אים קיינמאָל פון זיין לייב נישט אַראָפּגענומען. ער איז געזעסן אויפן
בעט און געטרונקען „קיפּיאַטאָק״ (הייס וואַסער) פון אַ קעסעלע, וואָס

ער האָט זיך פון ערגעץ-ווו געבראַכט, און פאַרביסן מיט ראַזאָווע ברויט.

חבר מאַרעק איז, ווי תמיד, אויפגעשטאַנען מיט אַ שרעקלעכער מיגרענע, אויף וועלכער ער האָט געצונגען זייער גליטען. די שטייפע שוואַרץ־גרויע האָר זענען געשטאַנען ווי שטייפע דראָטן אויף זיין באַר־נע־פּאַרמיקן קאָפּ. זיין הויכער שטערן האָט געגלאַנצט, און זיין דינע ביינערדיקע נאָז האָט זיך אַרויסגעהויבן פון זיין מאָגערן, איינגעפאַלענעם פּנים. שטענדיק זענען געשטאַנען אויף זיינע איינגעפאַלענע באַקן רויטע פלעקן, וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף אַ געהיימער קראַנקהייט, וועלכע ער האָט פון סיביר מיטגעבראַכט. דאָס קאָזע־בערדל אויף דער שפּיץ גאָמבע איז געווען פאַרקאָלטענעוועט, צעפּלאָנטערט, אויסגעבויגן, און ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ צוגעטשעפּעטע באָרד אויף אַ נאַקעטער גאָמבע.

— שפּעט? — האָט ער געפרעגט אין אימפּעט דעם זעלנערישן חבר.

— צייט, — האָט יענער אָפּגעענטפערט קורץ און נישט געשטערט זיך ווייטער אין טרינקען דאָס הייסע וואַסער.

חבר מאַרעק האָט אַרויסגעשטעקט פון אונטער דער זעלנערישער קאָלדרע זיינע ביינערדיקע דינע שמעקן-פיס, וואָס זענען געווען שטאַרק באַוואַקסן מיט שווערע האָר, און פלינק, מיט אימפּעט, ווי ער האָט אַלץ געטון, זיי אַריינגעשטעקט אין סאָלדאַטישע הויזן. דערביי האָט ער פון צייט צו צייט (ווי ער האָט נאָר אַ האַנט פריי באַקומען) געקעמט זיך מיט די פינגער דאָס בערדל, אויסגעגלעט עס, געקלערט פלינק, און זיינע ווער־טער האָבן זיך נאָך שנעלער געשאָטן, איידער זיינע געדאַנקען:

— שפּעט איינגעשלאָפן, אַ שרעקלעכער קאָפּ־ווייטיק. היינט דאַרף מען די קאַמערן אויסרייניקן. נישטאָ וואָס מיט זיי זיך צו צערעמאָניען. דאָס הויז איז איבערגעפּאַקט, און דערביי האָבן מיר נאָך גאָרנישט דער־גרונטעוועט. נישטאָ די לעבער, ווו די קאָנטר־רעוואָלוציע באַהאַלט זיך נישט.

דער סאָלדאַט האָט אים, ווי זיין געוווינהייט איז געווען, שטום צו־געטאַקעוועט.

חבר מאַרעק האָט באַלד פאַרגעסן אָן דער שרעקלעכער מיגרענע, וואָס האָט זיין קאָפּ, ווי אין אַ פייערדיק ראָד, געהאַלטן אַרומגענומען. חבר מאַרעק האָט אַנדערש נישט געקאָנט טון קיין זאַך, סיידן ער האָט

זיך נישט אין איר אריינגעווארפן מיט זיין גאנצן אימפעט, מיט הענט און פיס. ער האט פון עפעס אנדערש נישט געקאנט קלערן און רעדן, נאר וועגן דער ארבעט, וועלכע ער האט זיך אונטערגענומען צו טון. זיין טעמפעראמענט האט זיך אנגעצונדן, ווי א פלאקער פייער, און נישט געקאנט זיך אויסלעשן אויף איין סעקונדע. זיין מוח האט געארבעט אפילו אין שלאף, ביים עסן, ביים טון די נויטיקסטע זאכן. ער איז געווען געפאנגען, ווי א חיה אין א נעץ, פון זיין אייגענעם אימפעט, און האט נישט געקאנט פון אים זיך באפרייען אויף א סעקונדע.

אין איילעניש, ווי ביי א שרפה, האט ער זיך אנגעטון און געהאלטן אין איין רעדן:

— מיר האבן דאך עפעס אנדערש צו טון, איידער די עקלדיקע ארבעט: בויען די סאציאליסטישע ארדענונג. נאר ווי אזוי קאן מען בויען, אז זיי שטערן, אז זיי גראבן זיך אונטער, ווי די מייז, און גרייזשען. ווי אזוי קאנען מיר בויען, אז זיי סאבאטירן אונדז, אז זיי רינגלען אונדז ארום מיט א נישט געזעענעם פייערדיקן פראנט, ווי אזוי קאנען מיר עפעס טון, אז דו ווייסט נישט וועמען דו האסט פאר דיר, מיט וואס פארא געדאנקען ער טראגט זיך ארום? צייט, צייט דאס אלץ אויסצורוימען. צו־שפעט זיך געכאפט, געלאזט דעם באדן פארפאסקודעווען. איך האב עס נעכטן „איליטשן" געזאגט: „ניין, מיר נעמען נישט קיין נקמה. די רעוואלוציע טוט נאר דאס נויטיקע".

ער האט זיך אפגעגאסן מיט קאלט וואסער, וואס איז געשטאנען אויף אן אייזערנעם באשטאנד אין ווינקל־שטוב, פון וואנען עס האט זיך געהערט א קאזארמע־געשטאנק... ער האט זיך אפגעטריקנט דאס פנים מיט א שמוציק האנטוך און געגלעט זיך דאס בערדל מיט די פינגער:

— נו, זאגן מיר, אז מיר באגייען אמאל א טעות. נו, איז וואס? כדי קלארקייט אריינצוברענגען, כדי צו באפעסטיקן דעם באדן, מיר זאלן וויסן, אז מיר גייען מיט זיכערע טריט, איז דאך ווערט אפילו פינף און צוואנציק פראצענט, אפילו פופציק פראצענט טעותן. יעדע מינדסטע בורזשואזע מלחמה קאסט דעם פראלעטאריאט הונדערטער טויזנטער, מיליאנען קרבנות. יעדן טאג לייגן אוועק דאס לעבן פאר די אימפעריאליסטישע פארכאפערס — צענדליקער טויזנטער ארבעטער. ווי שעפסן שיקט מען זיי אויפן שלאכטפעלד. און קיינער זאגט נישט קיין ווארט,

ווייל די קרבנות זענען דער געפּייניקטער פּראָלעטאַריאַט. און דאָ, ווייל די קרבנות זענען פון פּריווילעגירטן צד, היט מען זיך, שרעקט מען זיך אַ טעות צו באַגיין. די רעוואָלוציע שטייט אין בלוטיקסטן קאַמף. די וועלט־בורזשואַזיע מיט אירע משרתים, כּלערליי מענשעוויקעס און סאָ־ציאַל־רעוואָלוציאָנערן האָבן דעם פּראָלעטאַריאַט דערקלערט אַ בלוטיקע מלחמה. נישט אַן אָפענע, נאָר אַ באַהאַלטענע. פון אַלע פאַרהוילענע לע־בער קוקט זי אַרויס. אויף יעדן טריט לויערט זי אויף אונדז. יאָ, די האָבן דערקלערט דעם פּראָלעטאַריאַט דעם בלוטיקסטן קאַמף, און מיר זענען געוואָרן אַזעלכע פיין־פילנדע, אַזעלכע מאָראַלישע שוואַכלינגען. באַקעמפן מוזן מיר די קליינבירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע, וועלכע שטעקט נאָך אין אונדזערע רייען. מלחמה איז מלחמה. און מיר וועלן דעם שונא דערטרינ־קען אין זיין אייגן בלוט, ביז ער וועט עס האָבן גענוג.

דער מרה־שחורהדיקער סאָלדאַט האָט שטילשווייגנדיק אָנגענאָסן דעם חבר אַ טעפּעלע טיי און צוגערוקט אים אַ שטיק שוואַרץ ברויט.

— עסט, חבר.

דער חבר מאַרעק, פאַרטון אין זיינע געדאַנקען, האָט אַ צעשטריי־טער אָפּגעקנייפּט אַ שטיק ברויט, געכאַפּט אין מויל אַריין, אַ זופּ־געטון פון טעצל. ער האָט עפּעס געזאָגט, נאָר זיין מויל איז געווען איבערגעפּולט, מ'האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געזאָגט. נאָכן ערשטן ביס האָט ער אוועקגעשטעלט דאָס טעצל און געזאָגט פון באַפרייטן מויל:

— נו, חבר, קומט־אַראָפּ, צייט אָנצוהייבן.

— איר עסט נישט? צו מיטאָג איז נאָך פיל צייט, און אַרבעט וועט היינט זיין גענוג, — זאָגט דער סאָלדאַט.

— איך האָב קיין אַפּעטיט נישט. פאַסקודנע אין מויל. קומט, חבר.

געכאַפּט דאָס קאָמיסאַרן־היטל, דעם רעוואָלווער־אויטאָמאַט האַלטנ־דיק גרייט אין דער האַנט, דאָס קאָזע־בערדל פאַראויס פאַר זיך, איז ער אַרויס פון דער טיר. נאָך אים האָט זיך איבער דער טרעפּ נאָכגעשלעפּט דער לאָטווישער סאָלדאַט, קייענדיק דאָס שטיק ברויט אין מויל. זיין פּנים איז נאָך איצט טרויעריקער און פינצטערער געווען. זיין לאַנגער מאַנטל האָט פאַרטוליעט זיינע שטיוול אַזוי, אַז מ'האָט זיינע טריט נישט געהערט.

אויף די טרעפּ, אין די קאָרידאָרן, האָבן זיי אָנגעטראָפן אַרעסטיר־

טע, געפירט פון סאָלדאטן אין די פאַרשידענע „קאַבינעטן" צו די סלע־דאָוואַטעליעס אויף אויספאָרשונגען. אַלע זענען אָפּגעשפּרונגען אָן אַ זייט און בלאַסע דורכגעלאָזט מיט יראת-הכבוד דעם חבר מאַרעק מיט זיין באַגלייטער, וועלכע האָבן גרייט, אויף יעדן פאַל, געהאַלטן די רעוואָלווערן אין דער האַנט, ביז חבר מאַרעק איז פאַרשוווּנדן אין זיין צימער, ווו מ'האָט פאַר אים פאָרגעפירט די וויכטיקסטע אַרעסטירטע.

דער ערשטער איז געווען אַ הויכער אַריסטאָקראַט, מיט אַ לאַנג, אויסגעצויגן פּנים. די ברייטע לאַנגע אָפּגעגאָלטע ליפּ אונטער דער הויך־פאַרשנעלטער נאָז האָט שוין אָנגעהויבן צוריק באַוואַקסן צו ווערן מיט שטעכיקע געלע הערלעך. זיין לאַנגע אַראָפּהענגענדיקע גאָמבע האָט זיך געבאָמבלט. זיינע בלויע נאַאיווע אויגן האָבן מיט אַנגסטיקער שרעק זיך אַרומגעקוקט, — אַמאָל אויף דעם אויפגערעגטן, האָר־צעפּלאָשעטן חבר מאַרעק (וועלכער האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף זיין אָרט, אויפגעהויבן זיך פון זיין שטול, אַ פּאָר מאָל אַרומגעלאָפן און צוריקגעזעצט זיך). און אַמאָל געווענדעט זיך צום טויט־שווייגנדיקן, מרה-שחורהדיקן זעלנער, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רויטע דיקע בלייפעדער אין דער האַנט איבער אַ פּאַפּיר און אויף עפּעס געוואַרט.

— ווערבירט צווישן די אַריסטאָקראַטן אָפיצירן פאַר דער ווייסער אַרמיי? העי? געווער באַהאַלטן, העי? עס האָט זיך אייך פאַרגלוסט צוריק דעם צאַר? איר ווילט נישט שלום מאַכן מיט דער סאָוויעטישער מאַכט, העי? — האָט דער חבר מאַרעק געהאַלטן אין וואַרפן ווערטער, דערביי זיך נישט אויפגעהערט צו גלעטן דאָס בערדל און געשאָקלט זיך הינטערן טיש מיט זיין דאַרן, הויכן, אויסגעהויקערטן רוקן.

דער „אַריסטאָקראַט", ווי אַ גוט־אויסגעפּאַשעטער הערן-הונט צום ערשטן מאָל צווישן וועלף, האָט קיין איין וואָרט פאַר צעמישונג נישט געקאָנט אַרויסברענגען. גרויסע אַנגסטן זענען געגרונען פון זיין הויכן שטערן איבער זיין נאָז אַראָפּ, און זיינע בלויע אויגן, וואָס זענען איצט פאַרשטאַרט געוואָרן, ווי פאַרגליווערט אויף זייערע ערטער, האָבן חיה־סכנה־דיק געקוקט פון זיין גרויסן פּנים אַרויס. זיינע נישט-צוגנדיקע ליפּן האָבן זיך נאָך מער געעפנט, און האָבן אַרויסגעוויזן גוט־געפלעגטע פערדישע גרויסע ציין. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר האָט בשום-אופן קיין

ווערטער נישט געקאָנט אַרויסברענגען. אַנשטאָט דעם האָבן מיטאמאָל טרערן־רינעלעך זיך אַ גאָס־געטון פון די אויגן.

— פון צאַרס פאַמיליע אפשר, העי? ווער זענען געווען אייערע מיט־העלפערס, פאַרוואָס באַהאַלט איר עס? פאַרוואָס באַהאַלט איר עס פון אונדז? מיר ווילן נישט זיין גרויזאַם. איר מאַכט אונדז צו באַנוצן זיך מיט עינויים. גיט אַרויס אייערע מיטהעלפער!

דער אַריסטאָקראַט האָט עפּעס געשטאַמלט. פאַר שרעק האָט אַ ווייסע מאַסע פאַרשטעלט זיינע אויגן, ער האָט גאָרנישט געזען. און אַזוי ווי זיין ראיה, אַזוי איז געווען זיין דיבור.

ער האָט גערעדט, גערעדט, נאָר מ'האָט אים נישט פאַרשטאַנען.

— אַרויסגעגעבן, זאָגט איר, אַרויסגעגעבן? — חבר מאַרעק קוקט אין פּאַפּיר אַריין.

— און מער האָט ער נישט געהאַט קיין אַנדערע נעמען, חבר איוואַנאָוו?

חבר איוואַנאָוו, וואָס האָט געפירט די אויספאָרשונג פון דעם אַריסטאָקראַט (אַ נידעריקער מיט זשאַנדאַרמסקע אויגן), איז געקומען צו־לויפן פון אַ צווייטן טיש צום חבר מאַרעק און האָט עפּעס געזאָגט:

— אַלע, זאָגט ער, אַרויסגעגעבן, אַלע. גוט, גוט. איר זענט פריי, בירגער, לאָזט אים, חברים, אָפּ.

דער אַריסטאָקראַט איז געבליבן שטיין אַ פאַרשטאַרטער, זיינע אויגן זענען גרעסער געוואָרן, נאָר פאַרגליווערט, אַזוי אויך זיין אָפן מויל. ער איז שטיין געבליבן און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

— איר זענט פריי, בירגער! איר קאָנט גיין, — האָט אים חבר מאַרעק נאָך אַמאָל צוגעוואָרפן.

דער פאַרשטאַרטער אַריסטאָקראַט איז אָבער געבליבן שטיין און נישט באַוועגן זיך, ווי אַ פאַרשטיינערטער.

— איר זענט פריי, — האָט אים חבר איוואַנאָוו אויסגעדרייט און געוויזן אויף דער טיר.

דער אַריסטאָקראַט איז נאָך אַלץ געשטאַנען, נאָר זיינע אויגן האָבן אָנגעהויבן צו באַקומען אַ בליאַסק, און זיין פאַרשטייפט פּנים איז באַוועגלעך געוואָרן. ער האָט נאָך אַ פאַראירטן בליק געוואָרפן, ווי ער

וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן, אויב עס איז אמת, און האָט אָנגעהויבן צו גיין מיט שטייפע טריט, ווי אויף שטאָלצן, צו דער טיר.

איידער אָבער ער האָט דערגרייכט די טיר, האָט זיך דערהערט עפּעס אַ גערויש, אַ טעמפּער קנאַל. אַ קויל פון חבר מאַרעקס אויטאָמאַט איז דעם הויכן אַריסטאָקראַט געבליבן שטעקן אין לייב. ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אומצוקוקן פאַרוואונדערט, אַזוי ווי מען וואָלט אים גע־וועגן צוריקגערופן. און פּלוצים האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, ווי אַ קליין קינד, און פּאַמעלעך זיך אויסגעצויגן. סאָלדאַטן האָבן אים ביי די פיס אַרויסגעשלעפּט פון שטוב...

די צווייטע אויפן פאַרהער איז געווען אַ יידיש מיידל. אַ קורץ־געשוירענע ברונעטע, מיט אַ בלייכער, לאַנגער און אויסגעקרימטער נאָז. די בלוטיקע פלעקן אויף איר פּנים און איר קרום האַלדז האָבן עדות געזאָגט אויף עינויים, וואָס זי האָט נישט לאַנג צוריק געמוזט איבערטראָגן. זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. נאָר פון אירע אויגן האָט אַרויס־געפלאַקערט אַזאַ חוצפּהדיק ליכט ביים אָנבליק פון חבר מאַרעק, אַז זי האָט באַלד גובר געווען אירע פיזישע ליידן און איז שוין געשטאַנען אַ שטאָלצע, אַן אַרויספאָדערנדיקע און געקוקט מיט אַ קאַלטן, פאַראַכטנ־דיקן שמייכל דעם חבר מאַרעק אין פּנים.

אַ לאַנגע מינוט האָט געדויערט דאָס שווייגן. חבר מאַרעק און דאָס יידישע מיידל האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע געמאָסטן מיט די בליקן, ווי צוויי העגער, איידער זיי פאַלן־אָן איינער אויפן אַנדערן. חבר מאַרעק איז פונקט ווי זיין קרבן איצט בלייך געוואָרן, אַ שוים האָט זיך געזעצט אין די ווינקלען פון זיינע ליפּן, איידער ער האָט געקאָנט אַ וואָרט אַרויס־ברענגען פון זיין מויל.

— טעראָר האָט זיך אייך פאַרגלוסט! — האָט חבר מאַרעק געוואו־נען זיין לשון און אָנגעהויבן צו שרייען מיט אַ קוויטשנדיקער שטימע, פאַר כעס אויפגעשפּרונגען פון זיין בענקל און איבער דער שטוב געלאָפן.
— איר מיינט, אַז עס זענען צאַרישע צייטן. אין ראָמאַנטיק זיך שפּילן! זאָגט, ווער עס זענען געווען אייערע מיטהעלפער! מיר וועלן אייך מאַכן רעדן, מיר האָבן די מיטלען דערצו!

— איך וויים עס, — האָט אים דאָס מיידל אָפּגעענטפערט און גע־קוקט אים אין די אויגן אַריין.

עס איז געווען ווי חבר מאַרעקס מוט וואָלט געבראָכן געוואָרן פון דעם איינפאַכן וואָרט. עס איז נישט געווען דאָס וואָרט בלויז, נאָר דער טאָן און דער אופן, ווי זי האָט עס אַרויסגעזאָגט.

— און פאַרוואָס ברענגט איר אונדז דערצו? איר מיינט, אַז עס איז אונדז אָנגענעם צו פאַסקודעווען זיך מיט דעם. איר האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די שונאים פון דער רעוואָלוציע, געוואָרן די לאָקייען פון די בורזשויען און פאַרקויפט דעם פּראָלעטאַריאַט. פאַרוואָס, פרעג איך? פאַרוואָס?

דאָס מיידל האָט אים נישט אָפּגעענטפערט, נאָר געקוקט אים אין פּנים אַריין, נישט מיט אירע אויגן, נאָר מיט די בלוטיקע פלעקן פון איר פּנים...

— איר וועט נישט אַרויסגעבן אייערע מיטהעלפער?

דאָס מיידל האָט פאַרעקשנט געשוויגן.

— איך זאָג נאָך אַמאָל, אַז מיר האָבן מיטלען אייך צו מאַכן רעדן.

— דאָס ווייס איך, — האָט דאָס מיידל נאָך אַמאָל איבערגעחזרט איר וואָרט.

חבר מאַרעק האָט זיך דורכגעקוקט מיט חבר איוואַנאָוו, וואָס האָט זיך איצט אויסגעדרייט פון פענצטער און אָנגעקוקט דעם חבר מאַרעק.

חבר מאַרעק האָט געשאָקלט מיט זיין בערדל אויף יאָ.

איוואַנאָוו האָט געגעבן אַ ווונק. די סאָלדאַטן האָבן זי אַרויסגעפירט.

חבר בורשאַנאָוו האָט איצט מרה־שחורהדיק, פאַרשנדיק, געקוקט דעם חבר מאַרעק אין פּנים אַריין, וועלכער האָט שוין צייט געהאַט זיך אָפּצוקצווזעצן צוריק אויף זיין אָרט.

— נו, יאָ, יאָ. נישטאָ קיין צייט צו צערעמאָניען זיך.

חבר בורשאַנאָוו האָט מיט זיין רויטן בלייַשטיפט אַ שאַרפן קריץ־גע־געבן אויפן פּאַפּיר.

אין שטוב איז געשטאַנען אַזאַ האַרטע לופט, אַז עס האָט זיך גע־דאַכט, מען ווערט דערשטיקט. די מיגרענע האָט געברענט איצט דעם חבר מאַרעקס קאָפּ. רויטע פלעקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו זעצן אויף זיין אויסגעגלעט פּנים, ער האָט נערוועז געגעבן אַ שלעפּ זיין בערדל און האָט אַ קוויטש־געטון:

— עפנט דאָרט אויף אַ לופטשיק, מען ווערט דערשטיקט.

עמיצער האָט אויסגעפירט זיין באַפעל, און די פרישע לופט האָט זיך ווי אַן אומשולדיק קינד אין שטוב אריינגעכאַפּט.

דער דריטער אויפן פאַרהער איז געווען דער אַלטער מירקין.

— פאַרוואָס סאַבאָטירט איר אונדז? פאַרוואָס הונגערט איר אויס דעם פּראָלעטאַריאַט? פאַרוואָס פאַרבינדט איר זיך מיט אונדזערע שונאים? פאַרוואָס? פאַרוואָס? — האָט זיך חבר מאַרעק געקלאָגט מיט אַ וויינענדיקער שטימע צוליב דער מיגרענע, וואָס האָט אים געפּייניקט, פאַרן בלייכן אָבער שטייף זיך האַלטנדיקן אַלטן מירקין, וועלכער איז געשטאַנען אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע מיט די פאַרשטיינערטע צוויי גרויסע שפּיצן־בערד, מיט גרינע אויגן, וואָס זענען געהאָנגען אין דרויסן אויף די עקן טרערן־טאָרבעלעך אַזוי, אַז עס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אָט־אָט פאַלן זיי אַרויס.

דער אַלטער מירקין האָט אים רואיק אויסגעהערט און אָפּגעענטפערט מיט אַ זיכערער שטים, באַשטאַרקנדיק זיינע ווערטער מיטן קאָפּ אויף „ניין”.

— עס איז נישט אמת, אַז איך סאַבאָטיר. איך האָב געטון מיין פליכט פאַר דער סאָוויעטישער מאַכט.

חבר מאַרעק איז דערשטוינט געוואָרן פון דעם ענטפער. דער זיכערער טאָן פון דעם אַלטן און זיין רואיק האַלטן זיך האָט אים פאַרוואונדערט, אויך איינצייטיק איבערצייגט. ער האָט אויפגעהויבן זיינע קינדישע אויגן און אָנגעקוקט פאַרוואונדערט דעם אַלטן מירקין.

— אויב אַזוי, מוז דאָך עמיצער אַנדערש סאַבאָטירן אין אייער אָרגאַניזאַציע. די באַנען קראַכן־צונויף, עס פעלן אוים שוועלן, עס פעלט אוים האָלץ צו הייצן די לאָקאָמאָטיוון אין דעם ערנסטן מאָמענט. ווען איר זענט נישט שולדיק, מוז דאָך עס עמיצער אַנדערש זיין?

— דאָס קאָן איך נישט וויסן. פיל איז שולדיק אין דעם די אַלגעמיינע לאַגע: די קוועלן, פון וואַנען מיר פלעגן באַקומען מאַטעריאַלן, זענען אָפּגעשניטן; די „דעפּאָס” האָבן זיך אויסגעליידיקט. מיין עצה גלייך אָנצוהייבן אויסצוהאַקן די וועלדער אַרום מאָסקווע און אַנדערע ערטער, האָט מען איגנאָרירט. מען האָט געזאָגט, אַז עס זענען נישטאָ קיין הענט. די בעסטע מיטהעלפער האָט מען ביי מיר צוגענומען און געגעבן מיר

אומפאראַנטוואָרטלעכע, אומדערפאַרענע מענטשן. אויף מיר האָט מען גע־קוקט מיט חשד. וואָס האָב איך געקאָנט דערביי העלפן?

דעם חבר מאַרעק האָט דענערווירט דעם אַלטנס רואיקער טאָן. אומ־באַוווסט האָט ער זיך דערפילט דערפון פערזענלעך באַליידיקט, וואָס דער אַלטער לאָזט זיך אַריין מיט אים אין „דיסקוסיעס". איינציייטיק אָבער האָט יענעמס זיכערע האַלטן זיך געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק. חבר מאַרעק האָט אים איבערגעריסן:

— אויב איר זענט נישט שולדיק, מוז דאָך עמיצער אַנדערש זיין שולדיק, זאָג איך נאָך אַמאָל. אַזוי קאָן מען דאָך נישט איבערלאָזן. (ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין אָרט און אָנגעהויבן גיין אַרויף און אַראָפּ.) מוזן מיר זיך דאָך איבערצייגן, אַז איר זענט טאַקע נישט שולדיק און אָנהייבן זוכן די ריכטיקע שולדיקע, — האָט ער געהאַלטן אין איין רעדן צו זיך. ער איז צוריקגעקומען צו זיין טיש, אַוועקגעזעצט זיך און געלאָזט זיך געבן פון סאַלדאַט בורשאַנאָוו די פּאַפּירן און אַריינגעקוקט אין זיי.

— איר האָט געגרינדעט אייער אָרגאַניזאַציע אונטער דעם אַלטן רעזשים. ווי קומט עס, אַז איר, אַלס אַ ייד, האָט געוווּנען אַזאַ צוטרויען ביים צאַרס מענטשן? — פרעגט ער אים, קוקנדיק אים אין די אויגן אַריין.

דער אַלטער מירקין האָט ערשט איצט באַמערקט, אַז דער חבר מאַ־רעק, וואָס זיצט פאַר אים, האָט קיין ברעמען נישט, און זיינע אויגן זיצן נאַקעט, ווי אַן שאָטנס. דאָס האָט אים אין דעם מאָמענט מער דערשראָקן, ווי דאָס, וואָס שטייט אים פאַר.

— איך האָב זיך געמיט, אַז מען זאָל געווינען צו מיר צוטרויען, — ענטפערט־אָפּ דער אַלטער רואיק.

— הייסט עס, אַז איר האָט גוט געלעבט מיט „נאַטשאַלסטווע". דורך באַבאַר, פאַרשטייט זיך? געהאָלטאַיעוועט מיט זיי, אָדער נאָך ערגע־רע זאַכן געפּראַוועט! — זאָגט חבר מאַרעק.

— אויף קיין אַנדערן אופן איז נישט מעגלעך געווען צו אַרבעטן אין רוסלאַנד. זיי האָבן געהאַט די מאַכט, און דער, וואָס האָט געוואָלט עפּעס אויפטון ביים אַלטן רעזשים, האָט געמוזט גוט לעבן מיט דער מאַכט.

חבר מאַרעק איז פאַרשוויגן געוואָרן. ער האָט געקוקט אַן אַ זייט,

אויסמיידנדיק דעם אַלטנס בליק און נאָכגעקלערט. דערבײַ האָט ער זיך נישט אויפגעהערט צו ציען דאָס בערדל.

— זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווי קומט עס, וואָס איר האָט אונדז נישט פאַרלאָזט, ווען אײַערע פרײַנט זענען אַוועק, — דער נאַפט־סוחר גאָלדשטיין, אײַער פאַמיליע, דער אַדוואָקאַט האַלפּערין? וואָס האָט אײַך געבראַכט צו בלײַבן און ווײַטער צו אַרבעטן מיט אונדז?

— איך האָב געוואָלט העלפן בויען רוסלאַנד.

— וועלכעס רוסלאַנד? — צעשרײַט זיך פּלוצים חבר מאַרעק, — אונדזערס, דאָס סאָוויעטישע, דאָס אַקטאָבערישע, דאָס רוסלאַנד פון פּראָלעטאַריאַט, אָדער דאָס רוסלאַנד פון די צאַרן, מיט וועלכע איר האָט גוט געלעבט?

— מיר איז נישט קיין חילוק, וועלכעס רוסלאַנד. איך קאָן נאָר איינס — אונדזער פאָטערלאַנד, און דער, וואָס בויט עס, דעם וויל איך דינען.

— אָבער אונדז איז יאָ שוין אַ חילוק. נו, איצט וויל איך אײַך זאָגן, בירגער מירקין, פאַרוואָס איר זענט איבערגעבליבן, איר זענט איבערגעבליבן דערפאַר, ווײַל איר האָט אָפּגעוואַרט אונדזער מפּלה, איר האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אײַער געשעפט, איר האָט זיך געהאַלטן פעסט בײַ די לייצעס און געוואַרט, ביז מיר וועלן פאַלן. זאָגט, בירגער מירקין, איז עס אמת? — און חבר מאַרעק קוקט דעם אַלטן טיף אין די אויגן אַרײַן מיט זײַן נאַקעטן בליק.

— דאָס איז נישט אמת; — ענטפערט אָפּ דער אַלטער רואיק, איצט רויט ווערנדיק.

— וועלן מיר זיך אין דעם איבערצייגן! הייסט עס, אַז איר האַלט זיך נישט שולדיק?

— איך ווייס נישט פון קיין שולד מײַנער קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט — ענטפערט־אָפּ דער אַלטער מיט זײַן גאַנצער ווירדע.

— פירט־אָפּ, חברים, דעם בירגער. די אויספרעגונג האָט זיך געענדיקט.

אַז מ׳האָט דעם אַלטן מירקין דערווײַטערט, האָט דער זעלנער געקוקט פרעגנדיק אויף חבר מאַרעק מיט זײַן באַקאַנטן מרה־שחורהדיקן בליק.

— דער טײַוול ווייסט אים, אויב יאָ שולדיק, אָדער נישט. יעדנ-

פאלס באדארף מען אים דערוויטערן, כדי זיך צו איבערצייגן, ווער עס זענען די אמתע שולדיקע.

חבר בורשאנאוו האט אין מירקינס פאפיר א קריץ־געגעבן מיט זיין רויטן בלייפעדער.

***

זאכארי האט פון פרימארגן, נאך דער נאכט, אין וועלכער מען האט דעם פאטער פון דעם האטעל צוגענומען, געפרוווט ארייגקריגן זיך אין קרעמל צום מאן מיט די מאנגאלישע אויגן. עס איז אים אבער נישט גע־לונגען. אלע באקאנטע חברים, צו וועמען ער האט זיך געווענדעט, אז זיי זאלן זען באקומען פאר אים א פאפירל, ווען זיי האבן דערהערט, אז עס האנדלט זיך וועגן זיין ארעסטירטן פאטער, האבן זיך אפגעזאגט מיט־צוהעלפן אין דער זאך. זיי האבן נישט פארשטאנען, ווי אזוי מען קאן איצט דעם קרעמל באאומרואיקן וועגן דעם גורל פון איין מענטש, ווען דער בירגער־קריג גייט־אן אויף אלע פראנטן, און דער רעוואלוציע דראט א געפאר פון די אויסערלעכע און אינערלעכע שונאים.

כדי נישט צו פארלירן קיין צייט, — און ער האט געוווסט, אז פיל איז נישט איבערגעבליבן, — האט זאכארי באשטימט דירעקט זיך צו ווענדן צום חבר מארעק. ער האט ווינציק האפענונג געלייגט אויף דעם, אבער דער חלק איז געלעגן אויפן האלדז. ער האט געמיינט, אז ער וועט ווירקן אויף אים מענטשלעך.

נאך פיל מי איז אים געלונגען צו באקומען אן ארייגלאז־צעטל אין הויז אויף לוביאנקע. צוליב אלטער באקאנטשאפט האט אים חבר מא־רעק צוגעלאזט און אויפגענומען אים ווי תמיד מיטן רעוואלווער אין דער האנט.

— איך שווער אייך ביי מיין קאפ, אז ער איז אומשולדיק. ראטע־וועט אן אומשולדיקן מענטש, חבר מארעק! — האט זאכארי אויסגע־שטרעקט צו אים די הענט אין געבעט.

— שולדיק אדער נישט שולדיק, די רעוואלוציע מוז גיין אויף א זיכערן וועג. מיר מוזן האבן קלארקייט. ווען נישט ער, זענען אנדערע שולדיק. דורך דעם באדארף מען אים ערשט דערוויטערן, כדי מיר זאלן זיך איבערצייגן, ווער עס סאבאטירט.

זאכארי, בלייך פון זיין קרענק און שרעק, איז צוגעלאָפן צו אים מיט ציטערנדיקע הענט:

— אָבער ווי אַזוי קאָנט איר? כדי איר זאָלט זיין זיכער! עס איז דאָך אַ מענטש. עס גייט דאָך אין אַ מענטשנס לעבן.

— וואָס איז אַ מענטש פאַר דער רעוואָלוציע? און אַז אונדזערע ווערן געטויט אויפן פּראָנט טאָג-טעגלעך, ווען דורך סאַבאָטאַזש ווערן אונדזערע קינדער געשוואָלן פאַר הונגער, די בעסטע סאָוויעטישע טוער צום טויט געשיקט, — מאַכט דאָס אייך נישט אויס, נאָר דאָס לעבן פון אַ בורזשוי, וועלכער האָט געדינט דעם אַלטן רעזשים און איז נאָר געזעסן פעסט אין זיין אָרגאַניזאַציע, כדי אָפּצוּוואַרטן אונדזער פאַלן?

— אָבער דאָס איז דאָך מיין פאָטער! מיין אַלץ!

—באַדויער איך זייער, וואָס דאָס איז אייער פאָטער. איבריקנס, אַ רעוואָלוציאָנער זאָגט זיך אָפּ פון אַ פאָטער אַ בורזשוי, וואָס איז געווען אויסגעקאָכט מיט נאַטשאַלסטווע.

— חבר מארעק, ער האָט מיר דאָס לעבן געראַטעוועט, איר ווייסט, וואָס ער איז געווען פאַר מיר? — פון דער גאַס האָט ער מיך אויפגעהויבן. איך האָב גאָרנישט מער אין לעבן, נאָר אים. איך בעט אייך, גיט מיר אים צוריק, — האָט זיך זאכארי געוואָרפן פאַר אים.

— איך שעם זיך פאַר אייך, צו זען אייך אין אַזאַ קלעגלעכער ראָלע. דאָס איז אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אָקטאָבער? וואָס האָט אונדז געהאָלפן אין די צאַריסטישע צייטן? אַזוי האַנדלט אַ רעוואָלוציאָנער? אַ ריכטיקער רעוואָלוציאָנער גיט אַליין אַרויס אַזאַ טאַטן, שיסט אים מיטן אייגענעם רעוואָלווער, נישט ווי איר, וואָס קומט בעטן פאַר אים.

— איך בין נישט קיין רעוואָלוציאָנער, איך בין אַ קראַנקער, שוואַכער מענטש. איך בין — איז זאכארי שטעקן-געבליבן, געשטיקט פון טרערן.

— דאָס זעט מען אייך טאַקע אָן, חבר מירקין.

זאכארי האָט זיך איינגעבויגן, איינגעקאָרטשעט זיך, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַלן אונטער די אונטערגעשניטענע פיס, און ער האָט געזוכט אָנצונעמען חבר מארעקס הענט.

— חבר מארעק, איך האָב פיל מאָל איינגעשטעלט מיין לעבן פאַר

דער רעוואָלוציע. אין צייט פון מלחמה, — איר ווייסט עס וויל, — אין אָקטאָבער, אויפן טעאַטער־דאַך געזעסן. חבר בורשאַנאָוו, איר ווייסט עס, — ווענדעט ער זיך צום טויט־טרויעריקן זיצנדיקן סאָלדאַט, — איך האָב עס קיינמאָל נישט דערמאָנט. פאַר אַ באַלוינונג פאַר דעם אַלעם, בעט איך אייך, — באַפרייט מיין פאָטער. שיסט אים נישט! דערוויי־טערט אים. איך וועל אים אַליין אין אויסלאַנד ברענגען. אַז נישט, וועל איך אים האָבן מיט די אייגענע הענט געהרגעט. איך וועל עס שטענדיק טראָגן אויף מיין געוויסן.

— אַלץ, וואָס איר זאָגט איצט, איבערצייגט מיך נאָר אין דער ריכ־טיקייט פון אונדזער האַנדלונג. אויב אייער פאָטער איז נישט שולדיק אין סאַבאָטאַזש, איז ער גלאַט שעדלעך פאַר דער רעוואָלוציע. מיט זיין בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע האָט ער געווירקט און אָנגעשטעקט אייך, ווען איר קאָנט אייער גאַנצע רעוואָלוציאָנערע קאַריערע אוועקגעבן פאַר ראַ־טעווען אַ פאָטער — אַ בורזשוי! זאָגט מיר, חבר מירקין, פאַרוואָס זענט איר נישט געגאַנגען אויפן פראָנט, ווען די רעוואָלוציע האָט אייך אַמנוי־טיקסמן באַדאַרפט, ווי יעדער אַנדערער האָט דאָס געטון?

— איך האָב נישט געקאָנט, — שטאַמלט מירקין.

— איך וועל אייך זאָגן פאַרוואָס. אייער פאָטער האָט אייך נישט גע־לאָזט. זיין בורזשואַזע פּסיכאָלאָגיע האָט שוין געווירקט אויף אייך. מיר ווייסן, איר האָט אָנגעהאַלטן באַציאונגען מיט אים.

— עס איז נישט אמת, עס איז נישט אמת, — האָט זאַכאַרי אָנ־געהויבן צו שרייען, ווי ער וואָלט געוועזן געזען דעם אָפּגרונט, וואָס ער אַליין האָט געגראָבן פאַר זיין פאָטער.

— אייער איינשטעלן זיך פאַר אייער פאָטער איבערצייגט אונדז, ווי שעדלעך עס איז געוועזן זיין איינפלוס אויף אייך. חבר בורשאַנאָוו, מיר האָבן איצט אַ ריכטיקן באַווייז אין בירגער מירקינס שולד!

— בירגער מירקין, דער אינטערוויו איז געענדיקט רופט־אריין דעם נעכסטן.

מען האָט זאַכארין דערווייטערט.

**
*

אַז חבר מאַרעק איז נאָך דעם שווערן טאָג אַרבעט אַרויף צו זיך אין צימער, איז ער געפאַלן אויף זיין בעט אַן אויסגעמאַטערטער. די

קרענקלעכע, רויטע פלעקן האָבן זיך איצט צעבליט ווי רויטע רויזן אויף דער באַקן־הויט, פון וועלכער די ביינער האָבן אַרויסגעשטאַרצט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן מיט דער האַנט, און זיין קאָזע־בערדל האָט זיך פון זיך אַליין באַוויגן אויף דער ענדע פון זיין גאָמבע. ער האָט געזען דאָס פוילישע דאָרף, אין וועלכן ער איז געבוירן געוואָרן. האַרבסט־צייט. באָר־וועסע דאָרפס־קינדער יאָגן געגנדז און קאַטשקעס מיט אַ רוט אין טייכל אַריין. ער איז געוואָרן סענטימענטאַל. זיך אָנגערופן צום חבר בורשאַנאָוו, וואָס איז געזעסן קעגנאַיבער אויף זיין בעט אין זיין מאַנטל און האָט מיט זיינע מרה־שחורהדיקע אויגן זיך פאַרקוקט ערגעץ פאַרטראַכט:

— חבר בורשאַנאָוו, איר האָט עפּעס ליב קינדער?

דער סאָלדאַט האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— איך האָב זייער ליב קינדער. אַז מיר וועלן האָבן זיך אָפּגעפּאַר־טיקט מיטן שטיקל אַרבעט, וועל איך זיך נעמען פאַר אונדזערע פאַרלאָזטע קינדער...

***

ווען די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט, האָבן באַוואָפנטע סאָלדאַטן, אָנגע־פירט פון חבר בורשאַנאָוו, אַרונטערגעפירט אַלע היינטיקע פאַראורטייל־טע אין טיפן קעלער אַריין. פאַר דעם אַריינגאַנג איז געווען אַ גרוימיק פאָדער־שטיבל. דאָס פאָדער־שטיבל, וואָס האָט שוין נישט געהאַט קיין גראַטן־פענצטער, נאָר איז ווענטילירט געוואָרן קינסטלעך, איז געווען באַשטעלט מיט לאַנגע הילצערנע בענק. דאָ האָט מען די פאַראורטיילטע אַריינגעפירט גרופּנווייז. אין דער גרופּע, וווּ עס איז געווען דער אַלטער מירקין, האָבן זיך געפונען אַריסטאָקראַטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און רוסישע סוחרים.

— בירגער, טוט זיך אויס, — האָט חבר בורשאַנאָוו געזאָגט מיט אַ טרויעריקער שטימע.

— פאַרוואָס? נאָך וואָס? — האָבן זיך צעשריגן היסטערישע שטי־מען.

— וואָס איז אייך דער חילוק, אין די קליידער אָדער אָן די קליידער, איר וועט זיי נאָר בחינם דורכלעכערן, און אַנדערע קאָנען זיי צונוץ־קו־מען, — האָט דער סאָלדאַט געזאָגט אין זיין מרה־שחורהדיקן טאָן.

די פאַראורטיילטע זענען געבליבן זיצן פאַרשטאַרטע.

דער אַלטער מירקין איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אויסגע־טון די שטיוול.

— ווי אַזוי וועט דאָס זיין? — ווי הייסט? מען קאָן זיך דאָך צוקילן אויף דער קאַלטער פּאָדלאָגע, — האָט געזאָגט אַן אַריסטאָקראַט דער־שראָקן.

קיינער האָט אים נישט אָפּגעענטפערט.

צוויי „רויטע גוואַרדיסטן" האָבן צוגענומען די אויסגעטוענע שטיוול, קליידער. אַן אַנדערער האָט זיי אַריינגעטראָגן אין אַ בוך־אַריין די פאַראורטיילטע זענען אַריין אין שטאָלענעם קעלער, — טייל אין די נאַכט־העמדער, אַנדערע — נאַקעטע...

***

מיט אונטערגעשניטענע פיס האָט זיך זאַכאַרי, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזט חבר מאַרעקס קאַבינעט, געשלעפּט מעכאַניש צום קרעמלער בריקל. ער האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז אָן אַ „פּאַפּירל" וועט ער זיך נישט דורכקריגן. און טאַקע האָט אים באַלד דער אויף דער וואַך שטייענדיקער רויטער גוואַרדייעץ מיט דער ביקס אָפּגעזאָגט. אַזוי האָט ער זיך אַ סך מאָל געדרייט פון „לוביאַנקע" צום קרעמלער בריקל — און צוריק.

שפּעט אין אָוונט האָט ער געזען, ווי פאַר דעם הויז אויף לוביאַנקע איז צוגעפאָרן אַ גרויסער טראַנספּאָרט-אויטאָ און זיך אָוועקגעשטעלט פאַר די קעלער־פענצטערלעך, וואָס קוקן אַרויס ביים פוסגם פון פונדאַ־מענט.

מיטאַמאָל האָט דער טראַנספּאָרט-אויטאָ געלאָזט דעם מאָטאָר און אָנגעמאַכט אַ רעש. זאַכאַרי האָט געוווסט, אַז זיין פאָטער ווערט איצט דאָרט אונטן אין קעלער דערשאָסן.

ער האָט זיך נישט פאַרשטאָפּט די אויערן. ער האָט זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס עס רירט אים מער נישט אָן.

ער האָט נאָר מיט זיינע הענט אַרומגענומען די קאַלטע וואַנט, ביי וועלכער ער איז געשטאַנען. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער נעמט־אַרום זיין פאָטערס לייב.

***

שפּעטער האָט זאַכאַרי געפונען איינגענייט אין זיין מאַנטל אַ פּאַ־פּירענעם פּאַקעט. אין אים זענען געלעגן ווערט־פּאַפּירן אויף אַ גרעסע־רער סומע און דעם פּאָטערס אַ בריוול:

„איך האָב זיך געריכט אויף דעם יעדן טאָג. איך בין צוגעגרייט דערצו. סיי ווי סיי איז שוין לאַנג נישט איבערגעבליבן צו לעבן. און נאָך אַלעמען איז דער טויט דער בעסטער פאַרזאָרגער אויף דער עלטער. אַלץ האָט געמוזט געשען, קיינער האָט דאָ קיין שולד נישט. יעדער איינער איז אַ קרבן פון זיין צייט און פון די אומשטענדן. זע דיך אַרויסצוקריגן ווי אַמשנעלסטן. באַמי זיך צו פאַרגעסן און אַלץ אָנצוהייבן אויפסניי. דאָס איז פאַר דיר דער טייל פון דיין מוטערס ירושה. מיינע פליכטן צו די אַנדערע האָב איך באַזאָרגט אויף אַן אַנדערן וועג...

„איך דאַנק גאָט פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט מיר געטון מיט מיין זון זיך איבערצובעטן. איך האָב דיך שטענדיק ליב געהאַט, אַלץ איבעריקע איז געווען אַ טעות".

***

דעם פאָטערס צורופנדיק וואָרט האָט זאַכאַרין מוט געגעבן און ער האָט זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין.

## קאַפּיטל 20

# פּעטערבורגער דאַמען

אָלגע מיכאַילאָוונע און נינאָטשקע מירקין האָבן געוווינט אין דער פּרעכטיקער ווילע אין מוירישן סטיל געבויט, אין דעם מאָדערנעם זומער־אָרט אויף קאַווקאַז, וואָס זיי פלעגן יאָר־יערלעך אָפּדינגען פון אַ רייכן טאָטער, איידער זיי האָבן אויפגעבויט זייער אייגענע ווילע אויפן פּלאַץ, וואָס דער אַלטער מירקין האָט געקויפט. דאָס בויען האָט זיך פאַרשלעפּט צוליב דער אומרואיקער צייט, און אויך איבער דעם, וואָס נינאָטשקע האָט זיך נישט געקאָנט דעצידירן, אין וועלכן סטיל זי זאָל איר זומער־דיקן פּאַלאַץ אויפבויען. ווי שטענדיק, האָט ביי זיי געוויילט דער „ענגלענ־

דער" ראָזאַמין, וועלכער האָט יעדן זומער, זינט די לעצטע צוואַנציק יאָר, תמיד באַגלייט אַלגע מיכאַילאָווגע אויף איר אָפּרו, אין וועלכן לאַנד און אין וועלכן אָרט זי האָט נאָר געפֿונען פֿאַר פּאַסיק זיך אויסצוקלייבן. אַלגע מיכאַילאָווגע האָט, נאָכדעם ווי נינאָטשקע האָט איר אָפּגעטון דאָס „שפּיצל" (ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט) און זי געמאַכט פֿאַר אַ באָבע, „רעזיגנירט" און באַטראַכט זיך פֿאַר אַן „אַלטע דאַמע, וואָס האָט שוין מער גאָרנישט צו דערוואַרטן פֿון לעבן", ווי זי האָט גערן געהאַט אָפּטער זיך אויסצודריקן. און אַלס עלטערע דאַמע וועט מען דאָך פֿאַרגינען איר אומשולדיקע, קיינעמען שוין נישט שאָדן־ברענגענדע „ראָמאַנטישע שטימונגען" — האָט זי איצט גאַנץ אָפֿן גאַנצע טעג פֿאַרבראַכט אין געזעלשאַפֿט פֿון דעם „ענגלענדער", וועלכער איז שוין מער נישט אָפּגעטרעטן פֿון איר. ער האָט איר געהאָלפֿן זייער פֿיל אין קאָלעקטירן אָריענטאַלישע פֿלאַנצונגען פֿאַר איר גאָרטן, מיט וועלכע זי האָט זיך לעצטנס אָפּגעגעבן. נינאָטשקע האָט זיי ווייניק־וואָס געשטערט, ווייניק־וואָס זיך אינטערעסירט מיט זיי און אויך ווייניק־וואָס אין זייער געזעלשאַפֿט געווען. נינאָטשקע האָט זיך אַרויסגעוויזן, קעגן אַלע דערוואַרטונגען און קעגן אַלע נביאותן פֿון גוטע פֿריינט, נישט בלויז פֿאַר אַ ציטערנדיקער, זאָרגפֿעלטיקער מוטער, נאָר אויך פֿאַר אַ געטריי ווייב. זי האָט איר גאַנצע פֿרייע צייט געווידמעט איר ניי־געבוירענעם זון, באַשטאַנען דורכאויס, אַז זי זאָל אים אַליין זויגן (צום פֿאַרצווייפֿלטן פֿאַרדרוס פֿון איר מוטער, אַז דאָס וועט איר טאַליע רואינירן). נישט באַצאָלט מיט קיין שמייכל פֿאַר דער אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס עס האָבן איר געשאָנקען די פֿיל פּעטערבורגער יונגעלייט פֿון איר קרייז, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין זעלבן באַד־אָרט און וואָס האָבן געוואָלט אויסנוצן די גוטע געלעגנהייט, ווען אַן „אַלטער מאַן" לאָזט זיין יונג ווייבל אַליין. די מוטער האָט טאַקע געזאָגט אויף איר, אַז זי פֿאַרשטייט נישט, ווי אַזוי נינאָטשקע איז אַזוי פֿרי „פֿאַרבאַבעט" געוואָרן.

ווען דאָס אומגליק מיט די באָלשעוויקעס איז געקומען, האָט מען זיך, פֿאַרשטענדלעך, ווי אַלע אין רוסלאַנד ווייניק־וואָס געמאַכט דעראויס, מ'האָט עס געהאַלטן פֿאַר איינעם פֿון די אומאָנגענעמע „עפּיזאָדן", מיט וועלכע דאָס „באַפֿרייטע פֿאָטערלאַנד" איז אין יענער צייט אַזוי רייך באַשאָנקען געוואָרן, און מ'האָט אוועקגעזעצט זיך וואַרטן אויף דער ליק־

ווידאַציע פון דעם אומגליק, ווען מען וועט קאָנען צוריקפאָרן קיין פעטער־בורג. דערווייל האָט מען ווייטער געלעבט אויפן ברייטן פוס. די בענק האָבן נאָך אויסגעצאָלט און אויף קאַווקאַז אַליין האָט מען ווייניק־וואָס אָנגעזען פון דער איבערקערעניש. די דינערשאַפט איז טאַקע אַביסל ווי־דערשפעניק געוואָרן און מאָדנע זיך באַנומען, נאָר דאָס איז נאָך געווען פון פריער אָן, זינט דער „נייער קורס" האָט איינגעשלאָגן, אַזוי, אַז אַלגע מיכאַילאָווגע האָט געהאַט געדאַנקען (אַזוי ווי עס וואָלט נאָר געווען אָפ־הענגיק פון איר אַליין), צי עס האָט זיך אײַנגאַנצן געלוינט די רעוואָלוציע — צי עס וואָלט נישט בעסער געווען, אַז עס וואָלט געבליבן ביים אַלטן.

אין דער עפנטלעכקייט האָט זי, פאַרשטענדלעך, אירע מיינונגען נישט אַרויסגעזאָגט. עס איז געווען קעגן גוטן טאָן, וואָס האָט דעמאָלסט גע־הערשט. איבערהויפּט אין איר קרייז, אינעם קרייז פון רייכע יידן און רוסישע ליבעראַלן.

באַלד אָבער האָבן זיך אָנגעהויבן צו זען די שפּורן פון דער באָלשע־וויסטישער איבערקער־עניש אין דעם רואיקן, אָפּגעלעגענעם באָד־אָרט. די בענק האָבן מער קיין געלט נישט אַרויסגעגעבן, אין שטאָט האָבן זיך אָנ־געהויבן צו באַווייזן פאַרדעכטיקע עלעמענטן. אומרועס אין די אָרימע קוואַרטאַלן, פּאַניק־פאַרשפּרייטנדע ידיעות האָבן זיך געטראָגן פון אויער־צו־אויער. די שטאָט האָט אָנגעהויבן איבערצוגיין פון איין מאַכט צו דער אַנדערער. דער באָדן איז צו היים געוואָרן, ווארטן איז נישט געווען אויף וואָס.

היינט איז שווין פון אַלעם אַן ענדע. אַ יאָר צייט האָט געדויערט דאָס שלעפּן זיך פון קאַווקאַז קיין פּאַריז. ערע און לעבן זענען פיל מאָל געשטאַנען אין קאָן. טיילמאָל דורך ניסים, אַן אַנדערש מאָל דורך נינאָטש־קעס טאַקט — מיט ציין און נעגל זיך געראַטעוועט פון געפאַר איבער באַטום אויף אַ פראַנצויזישער שיף קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ברילִיאַנטן און פּערל, וואָס מען האָט געהאַט ביי זיך, האָבן געקלעקט פאַר דער רייזע. דאָס פאַרלייקענען דעם יידישן נאָמען, שוואַרץ־מאַהדיקע באַקאַנטשאַפט האָט געהאָלפן אָפּראַטעווען פון טויט...

אין פּאַריז אָנגעקומען גלייך נאָך די פרידנס־אונטערהאַנדלונגען. אַ גרויסע וועלט. אויף שריט־און־טריט אָנגעטראָפן באַקאַנטע. גאַנץ פּעטער־בורג, גאַנץ מאָסקווע, גאַנץ רוסלאַנד אין דער „עמיגראַציע". אַלץ איז

געווען אין גוטער האָפענונג און אַלע האָבן געוואַרט אויף דעם גליקלעכן אויסגאַנג פון בירגער־קריג, וואָס די „בעסטע קינדער" פון רוסלאַנד אונטער די ווייס-גוואַרדיסטישע גענעראַלן, מיט דער הילף פון דער אַנטאַנט, פירן העלדנמוטיק צו באַפרייען דאָס פאָטערלאַנד פון באָלשעוויסטישן יאָך.

אין פאַריז איז מען געוויר געוואָרן פון גרויסן אומגליק, אַז פאָטער און מאַן זענען טויט, און מישענקע איז אין דער רויטער אַרמיי.

אָלגע מיכאַילאָוונע האָט זיך באַקליידט אין פאָרנעמען שוואַרץ, פון ערגעץ־ווו אַרויסבאַקומען אַן אומבאַוווסטן „אָפּצייכן" און אים געטראָגן שטאָלץ אויף איר ברוסט. זי האָט באַלאַנגט אויך צו עפּעס אַ פאַרדעכטיקן עמיגראַנטישן פאַראיין. און כאָטש דער באַרימטער אַדוואָקאַט איז דאָך געווען אַ קרבן פון די „ווייסע", און איר זון האָט איצט געקעמפט אין די רייען פון די באָלשעוויקעס, האָט אָבער אָלגע מיכאַילאָוונע גאָרנישט געוואָלט וויסן דערפון. זי האָט איר אומגליק צוגעשריבן אויפן חשבון פון די רויטע, אָנגעקניפּט ענגע באַציאונגען מיט דער שוואַרץ־מאהדיקער עמיגראַציע. געוואָרן אפילו אַ גאַנצע גבאיטע אין איינעם פון זייערע פאַראיינען און געטראָגן איר „טרויער" מיט אַ פאָרנעמער שטאָלצקייט, ווי איינע, וואָס האָט אַלצדינג געבראַכט אויפן מזבח פון „פאָטערלאַנד".

דערווייל אָבער האָט דער טרויער נאָך די מענער נישט געשטערט די פרויען צו לעבן אויפן ברייטן שטייגער, אַלץ איז דאָך פול געווען מיט האָפענונג אויף דער באַלדיקער ליקווידאַציע. אין פאַריז האָט מען אויך געפונען אַ קליין פאַרמעגן, וואָס דער אַלטער מירקין האָט דורך דעם נאַפט-סוחר גאָלדשטיין איבערגעוויזן. בחינם האָט דער פאָרזיכטיקער נאַפט־סוחר דיסקרעט אויפמערקזאַם געמאַכט די דאַמען, אַז עס זענען צווייפלהאַפטע האָפענונגען, וואָס זיי לייגן אויף די ווייסע גענעראַלער און דעליקאַט אפילו זיך דערלויבט צו באַמערקן וועגן דער „פאַרוואָלקנטער צוקונפט". זיין מאַנונג באַצייטנס זיך צו עפּעס צו נעמען, כדי צו באַזאָרגן מיט חיונה דאָס נאַקעטע לעבן, האָט מען באַטראַכט פאַר אַ חוצפּהדיקער אַרויספאָדערונג, וואָס מ'דערלויבט זיך לגבי זיי, נאָר דערפאַר, ווייל דער גורל איז געווען אַזוי אומברחמנותדיק און האָט זיי איבערגעלאָזט הילפלאָז אַליין. אַלע האָבן דאָך געוווסט און געוואַרט דערויף, אַז אָט באַלד, באַלד וועלן די „העלדן", מיט דער הילף פון דער אַנ־

טאַנט, מאַכן אַ תּל פון די „ראַזבאַיניקעס". רוסלאַנד וועט ווערן צוריק רוסלאַנד און מען וועט צוריק געפינען די רייכטימער, וואָס זייערע מענער האָבן איבערגעלאָזט פאַר זיי.

האָט מען געלעבט אין ערשט־קלאַסיקע האָטעלן, ווי מען איז געוווינט געווען, ברייט־העגעטיק זיך געטיילט מיט אַנדערע געליטענע, געחברט זיך מיט דער רוסישער עמיגראַנטישער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך איצט זייער געגוויטיקט, — כדי צו באַווייזן, אַז אין אַן עת־צרה זענען מיר אַלע געווען צוזאַמען. ביז מען איז געבליבן ביים לעצטן העמד...

ערשט דעמאָלסט האָט זיך נינאָטשקע צו עפּעס גענומען.

עס זענען פאַראַן מענטשן, וואָס נויטיקן זיך, כדי זיי זאָלן צו זיך קומען און זיך אַליין דערקענען, אין אַ גוטן קלאַפּ איבערן קאָפּ. נאָכדעם ווי עס איז שוין נישט געווען פון וואָנען צו נעמען — די בריליאַנטן און פּערל פּאַרקויפט, די באַנק אָפּגעשלאָסן דעם חשבון, און דער נאַפט־סוחר, וועלכער האָט זיך איצט געפונען אין לאָנדאָן, האָט אויפגעהערט אָפּצו־ענטפערן אויף בריוו — האָט נינאָטשקע איבערגעצויגן זיך מיט איר קינד אין אַן אָרימען פּענסיאָנאַט אויף דער לינקער זייט פון דער סענע. דאָרט האָט זי אָנגעטראָפן אַלטע באַקאַנטע רוסישע אַריסטאָקראַטישע פרויען, וועלכע זי האָט געקענט פון די פּעטערבורגער צייטן. דורכגערעדט זיך מיט זיי און פאַרלייגט צ.ערשט אין אַ קליינער מאָס אַ ניי־ווערקשטעל פון אויס־געהאַפטענע עלעגאַנטע דאַמען־וועש, וואָס זי האָט צוגעשטעלט פאַר די גרויסע מאַגאַזינען. איר גוטער געשמאַק און אירע אָרגאַניזאַטאָרישע, סוחר־רישע פעאיקייטן, וואָס זי האָט וווּנדערלעך אין זיך אַנטדעקט, זענען איר צונוץ געקומען. זי האָט באַלד מיט דער הילף פון דעם נאַפט־סוחר, וועל־כער איז פאַר לאָמערציעלע אונטערנעמונגען דאָך צו הילף געקומען, גע־זאַמלט אַרום זיך אַלטע פּעטערבורגער באַקאַנטשאַפטן. היינט פאַרמאָגט זי אַ גאַנץ אָנגעזעענעם דאַמען־קליידער ווערקשטעל, שוין אויף דער רעכ־טער זייט סענע, וואָס זי האָט מיט איר ענערגיע, ראַפינירטן געשמאַק און קאָמערציעלן זין אַנטוויקלט צו אַ גאַנץ סאָליד געשעפט, אַרום וועלכן עס געפינען באַשעפטיקונג און אַרבעט פיל פון דער רוסישער אַריסטאָ־קראַטישער עמיגראַציע. שפּעטער האָט זי חתונה געהאַט מיט דעם שותּף און פאַרוואַלטער פון איר געשעפט, אַ געוועזענעם רוסישן באַנקיר. זי האָט פון אים צוויי קינדער, זי דערציט זיי פראַנצויזיש.

די מוטער, אָלגע מיכאַילאָוונע, האָט נישט געקאָנט צוזען דאָס פאַלן פון איר טאָכטער, פאַראַכט ביזן היינטיקן טאָג נינאָטשקעס פלעבייאי־שע פעאיקייט פון צופּאַסן זיך: „דאָס איז דער נייער דור” — זאָגט זי מיט עקל, — „דער דור פון נאָך דער מלחמה”. דאָס שטערט איר אָבער נישט אויסצופּרעסן געלט דורך לאַמענטירנדע בריוו פון איר טאָכטערס „עטאַבלישמענט”.

אָלגע מיכאַילאָוונע וויל זיך גאָרנישט רעכענען מיט דער צייט און אומשטענדן. ווי אַ קינד פאַרשטייט זי נישט, וואָס עס איז געשען און קאָן זיך באַין־אופן נישט צופּאַסן צו דער לאַגע, אין וועלכער זי געפינט זיך. געלט פאַרשווינדט צווישן אירע פינגער. אויף דעם באָדן קומען־פאָר אָפטע מחלוקתן צווישן מוטער און טאָכטער. לעצטנס איז אָלגע מיכאַי־לאָוונע אַנטלאָפן פון דער גרויזאַמקייט פון די „נאָך־מלחמה־מענטשן” קיין ניצע. די טאָכטער שיקט איר אַ מאָנאַטלעך געהאַלט, אָבער, פאַרשטייט זיך, אָלגע מיכאַילאָוונען גענוגט עס קיינמאָל נישט ווייטער ווי ביז צו די ערשטע טעג פון חודש. און זי האַלט אין איין אַלאַרמירן די טאָכטער מיט דראָענדע בריוו, אַז זי וועט זוכן אַן אויסלייז פון אירע פּיין אויף אַן אַנ־דערן וועג, ווען גאָט איז אַזוי אומבאַרחמנותדיק צו איר, זי צו דערלייזן פון לעבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. צוערשט האָט זיך די טאָכטער דערשראָקן פאַר די דראָאונגען. אַז זיי זענען געוואָרן אָפטער, האָט זיך נינאָטשקע צו זיי צוגעוווינט, שיקט איר יעדן מאָנאַט איר באַשיידענעם געהאַלט. די בריוו לאָזט זי אומבאַענטפערט.

יאָ, דער ענגלענדער, איר לעבנסלענגלעכער „פאַרערער”, איר נישט־אָפּטרעטנדיקער שאָטן, האָט זי אויך פאַרלאָזט, ווען עס האָט זיך ענדלעך דערפילט זיין לעבנס־ווונטש, וואָס מ'האָט אַזוי פיל מאָל זיך געסודעט וועגן דעם אויף נאַכט־געננלעכע שפּאַצירן — ווען אָלגע מיכאַילאָוונע איז „באַפרייט” געוואָרן פון איר גורל, האָט זי פאַרלוירן פאַר אים יעדן רייץ. מ'האָט זיך אָנגעהויבן צו ווערטלען, אפילו איינמאָל זיך אָרנטלעך צע־קריגט און דער „נישט־אָפּטרעטנדיקער שאָטן” איז פאַרשוווּנדן קיין לאָנ־דאָן.

היינט לעבט אָלגע מיכאַילאָוונע אין איר גרויסער איינזאַמקייט „צו־ריקגעצויגן” אין איר ראָמאַנטישער פאַרגאַנגענהייט אין ניצע. אין דער פאַרמיטאָג־צייט באַווייזט זי זיך שטענדיק אין פאָרנעמען שוואַרץ

(מערסטנס אין אן אָפּבלאַקירטן שוואַרץ שפּיצן־קלייד אין צייכן פון טרויער, אי נאָכן מאַן, אי נאָכן „פּאַטערלאַנד") אויף „פּראָמענאַד ד'אַנ־גלעי". זי האַלט נאָך גאַנץ קאָקעט אין איר קליינער חנעוודיקער שוואַרץ־באַהענטשקעטער האַנט דעם שוואַרץ־שפּיצן־פּאַראַסאָל. אין „פּאַווילִיאָן בלעי" נעמט זי פאַר די לעצטע פּאָר פראַנק איר „אַפּעריטיוו". קוקט זיך דערביי צו מיט פאַראַכטונג, אָבער נישט אָן קנאה צו דער נייער יוגנט, וועלכע זשענירט זיך נישט און פירט־אויס אין קורצע באָד־קאָסטיומען די אומאָנשטענדיקע מאָדערנע טענץ אונטערן קלאַנג פון אַ היימיש אָנ־געשטעלטן גראַמאָפאָן.

אויף איר וועג אהיים שטעלט זי זיך אָפּ אין איינעם פון די רוסישע שפּייז־געוועלבלעך אויף „רי דע לאַ פּראַנס", איינצושאַפן זיך איר פריש־טיק, וואָס זי גרייט זיך אַליין אָן מיט דער הילף פון אַ ספּירט־מאַשינקע אין איר אָרימער באַשיידענער וווינונג.

אַמאָל, אהיימגייענדיק פון איר שפּאַציר איבער „רי דע לאַ פּראַנס", האָט זי באַמערקט אַ ניי־געעפנט רוסיש שפּייז־געוועלבל, וועלכעס זי האָט ביז איצט נישט געקענט. אַלגע מיכאַילאָווונע, וועלכע האָט שוין אין די אַנדערע געוועלבלעך אָפּגענוצט איר קרעדיט, איז אַריינגעגאַנגען מיט דער גוטער אויסזיכט אויף נייעם קרעדיט, — שלימזל באַקאַנטשאַפט. אונטער דעם טיש אין געוועלבל האָט זי אָנגעטראָפן אויף אַ באַקאַנט פּנים. עס האָט ביי איר גענומען אַ געוויסע צייט, ביז זי האָט זיך דערמאָנט צו וועמען עס געהערט די בכבודיקע ליסינע און בלויע כיטרע אויגעלעך. עס איז געווען אַקימאָוו, דער אַלמעכטיקער סענאַטאָר אַקימאָוו, וואָס האָט איצט אויף אַ רוסישן רעכן־ברעטל אויסגעחשבונט פאַר אַ קונה דעם באַ־טרעף פון אַן איינקויף, — וואָס ער האָט געטון מער געוויסנהאַפט ווי אַמאָל אין זיין דינסט אַלס פאָרזיצער פון דער פּאַלאַטע פון רוסישע וועל־דער. זיי האָבן זיך געגעבן צו דערקענען איינער דעם אַנדערן. ביי די ערשטע באַקאַנטשאַפטן פלעגט מען נאָך אַמאָל דערמאָנען די פּעטער־בורגער צייטן. שפּעטער אָבער האָט מען ביי די צוזאַמענקונפטן אין רו־סישן שפּייז־געוועלבל נאָר גערעדט וועגן זויערע אוגערקעס, הערינג און... פאַרלעגענע חובות.

## קאפיטל 21

# איבער גרענעצן

א טונקעלע, נידעריקע שטוב, אזוי טונקל און אזוי נידעריק, אז מ'זעט קוים די קאנטורן פון די מענטשן, וואס באוועגן זיך. אונטערן איבער די קעפ ליגנדן באלקן איז ווי א טייג אלץ צוזאמענגעזוירן — מערדער און קרבנות. צוזאמענגעשמיסן ביי דער שטוב ליגט זאכארי צווישן לייבער. דער משוגע־געווארענער אלטער ייד נעבן אים מיט זיין גרויסער באָרד דערמאָנט אים אָן וועמען, אָן אזעלכן, וואס ער האט אמאל געזען, נאר ער קאן זיך נישט דערמאָנען ווען־און־ווו... אין דער טויט־אנגסט מישן זיך צוזאמען שרעק און געלעכטער, אויסגעלאסנקייט און האלדז־רייסנדיקער געשטאנק פון היימיש־געטריבענעם ספירט („סאמאגאָן") און פארלעגענער וווּרשט. ביים „פיעקעליק" שטופן זיך סאלדאטן ארום א האלב־נאקעטער שיקסע. פון זיין ווינקל ארויס זעט זאכארי, ווי א סאלדאט גיט איר א פאר שטיוול, וועלכע ער האט נאר־וואס ביי וועמען פון די קרבנות אראפגעשלעפט. אין די בלויע קאפ־ברענענדיקע שטראלן פון נאכט־טויט רייסט זיך אריין א לעבעדיקער חשק, וואס עס וועקט אויף אין דעם טויט־פארשטייפטן קערפער דאס ראזאווע שיקסעדיק־נאקעטע לייב... דער ווייבערשער אונטערטייל, וואס זעט זיך ארויס פון צווישן זעלנערישע שטיוול, פארייאגט אלע אנגסטיקע שרעקן פאר דעם דערוואַרטנדיקן... מאכט פארגעסן אָן אלע קאנצענטרירנדע פארבארייטונגען צום גרויסן מאָמענט און רופט־צוריק, גיסט־אָן די אברים מיט חשק און באזיסט דעם לעצטן ראנד פון לעבן...

דערנאָך קומט דער לעצטער גרענעץ־שטריך צווישן לעבן און טויט. זאכארי וווּנדערט זיך, וואס עס איז אזוי איינפאך און זעלבסטפארשטענדלעך, און עס טרעפט גארנישט קיין אויסטערלישעס. ער איז זיך באוווסט, אז ער שטייט אנגעלענט ביי א האלצערנער וואנט, ער פילט איבער זיך דאס שטרויענע פארפוילטע דעכל, פון וועלכן עס פאלן לעצטע רעגן־טראפנס אויף זיין פנים. א באָרוועסער שטייט ער, נאר ער פילט נישט, אז ער איז באָרוועס. אדרבא, עס איז גוט צו פילן מיט די נאקעטע פיס דעם בלויזן אָנריר פון פייכטער ערד. ווי דו וואָלסט דיך געוועזן באהעפט

צו ליב. עס איז גוט צו פילן לעבעדיקס ביים טויט... פאר אים ליגן מיט אָפענע מיילער די נאַקעטע לעבער מיט דעם אָנגעשיטן ליים, וואָס זיי האָבן היינט אינדערפרי געגראָבן. ער איז זיך גאָרנישט באַוווּסט, אַז אין אַ מינוט אָדער צוויי וועט ער זיך געפינען אונטער דער מאַסע פון דעם צוזאַמענגעקלעפּטן ליים, וואָס דער רעגן האָט דורכגעפייכט. ער קלערט נישט איצט וועגן דעם, ער קלערט וועגן דעם וואונדער, וואָס געשעט מיט אים. זיינע אויגן זענען פאַרלוירן געוואָרן... אַ סימן, אַז זיי זענען פאַר־לוירן געוואָרן, דען ער זעט גאָרנישט. ער קאָן אפילו נישט אָפּשיידן, צי עס איז טאָג אָדער נאַכט. טאָג און נאַכט צוזאַמען. ער ווייסט נישט. וואָס עס שטייט פאַר אים פאַר פינף שריט. די גריבער זענען אויך פאַרשוואונדן. ער קאָן גאָרנישט מער זען, וואָס עס טוט זיך אַרום. אָנשטאָט זיינע אויגן מוזן דאָרט זיצן אומדערהערטע פיין-אויסגעשליפענע לינזן פון שפּאָק־טיוון. וואָרים ער זעט די סאָלדאַטן מיט די ביקסן פון אַזוי וויים. זיי מוזן שטיין זייער ווייט, מיילן־ווייט. וואָרים די סאָלדאַטן זעען־אויס אַזוי קליין, ווי זיי וואָלטן איינגעשרומפּן געוואָרן דורך דעם מהלך, וואָס ליגט צווישן אים און זיי. זיי רוקן זיך וואָס אַמאָל מער אָפּ פון אים און דאָך זעט ער זיי אַזוי קלאָר, שאַרף דורך די גלעזערנע לינזן, וואָס זיצן אין זיינע אויגן-לעכער. ניין, זיי שיסן נאָך נישט. זיי אַמפּערן זיך וועגן עפּעס. די אַלטע גויע פון שטוב, ביי וועלכער זיי האָבן זיך אויפגע־האַלטן, זידלט זיי, דינגט זיך מיט זיי. איר העלפט־מיט די שיקסע מיט דעם ראַזאָוועז ליים, וואָס קוקט אַרויס פון אירע צעריסענע אַרבל. זיי זידלען, ער הערט זייערע שטימען אויך פון אַזאַ ווייטקייט, ווי זיי וואָלטן אַהערגעדרונגען דורך טעלעפאָן־דראָטן. ניין, דאָס, וואָס געשעט דאָרט אויף יענער זייט פון די גריבער, צווישן די סאָלדאַטן מיט די צוויי גויעס, קומט פאָר אויף אַ מהלך פון מיילן, נאָר דורך אַ נס, וואָס געשעט אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט, ווערט עס איבערגעטראָגן צו אים און ער קאָן עס הערן באַשיינפּערלעך. די אַלטע גויע ביט־אָן די סאָל־דאַטן פיר קוואָרט היימיש־געטריבענעם „סאַמאָגאָן", אַז זיי זאָלן די גע־פאַנגענע פרייל'אַזן גנבענען די פּוילישע גרענעץ. די סאָלדאַטן טענהן, אַז זיי קאָנען נישט, אַז עס איז קענן דעם „זאַקאָן". נאָר פאַר נאָך עפּעס וועלן זיי עס טון. וואָס דאָס עפּעס איז, ווייסט זאַכאַרי נישט, און עס גייט אים אויך נישט אָן, וואָרים סיי־ווי־סיי איז ער דאָך שוין טויט און

דאָס, וואָס עס געשעט איצט מיט אים, געשעט אין אַ „הינער-פּלעט". די. יונגע שיקסע איז מסכים דערויף, צו הוליען מיט זיי אַ גאַנצע נאַכט, ווען זיי וועלן די געפאַנגענע פּריילאַזן. די סאָלדאַטן גייען יאָ דערויף איין און נישט איין, עפּעס פעלט נאָך — וואָס, ווייסט זאַכאַרי נישט.

איצט צעשרייט זיך די אַלטע גויע, זי סטראַשעט אַפילו די סאָלדאַטן מיט איר פויסט, זי האָט אפילו אויפגעהויבן אַ שטיין אויף זיי, ווי מען הייבט־אויף אויף אַ בייזן הונט:

— קריסטן זענט איר — טאַטערן, ציגיינער, טערקן פאַרשאָלטענע, משוגע־געוואָרענע בעסטיעס. מענטשן־לעבן איז ביי אייך פּרוכנע געוואָרן. וואָס האָט איר זיך צו פאַרזינדיקן די נשמה? זיי האָבן דאָך אויך אַ גאָט, און יענער וועט זיך אָננעמען פאַר זיי. די קויל וועט אייך נישט מיידן, ווי אייערע האָט נישט געמיטן. דער וואָלף וועט אייך פרעסן אין נאַקעטן פעלד. לאָזט־אָפּ די געמאַטערטע, קומט בעסער אין שטוב אַריין. פיר קוואָרט „סאַמאַגאָן" וועל איך שטעלן פאַר אייך. — אָקעוויט האָט איר, אַ שיקסע איז דאָ. גייט זיך בעסער שפּילן, איידער גאָטס באַשעפעניש אונטערצוברענגען.

איצט גייען די סאָלדאַטן אויף דעם איין. די גויע מיט דער שיקסע רייסן די געפענטעטע שטריק פון די הענט, אַלץ ווערט צוריקגעטריבן אין נידעריקן שטיבל אַריין. זאַכאַרי קלערט: — אַ שאָד, אַזוי נאָענט געווען... ענדלעך געווען אַריבערגעשפּרונגען דעם שטריק.

דאָס שטיבל איז פול מיט געשמאַנק פון אָקעוויט און פאַרלעגענער וורשט. ווידער שיינט דאָס ראַזאָווע שיקסע-לייב אַרויס פון צווישן באַשטיוולטע זעלנערישע פיס... דער יצר־הרעדיקער אָנבליק שיכורט-אָן, מאַכט אין אַלעם פאַרגעסן און פאַרזיסט די מינוט... דער משוגע-געוואָרענער ייד האַלט אין איין קלאָגן מיט דעם „איכה"־נגון, זאָגנדיק מאמרים פון מדרש אַרוים:

„און זיי האָבן געשחטן קליינע קינדער אויף דעם שטיין, און דעם נביאס בלוט האָט זיך נישט געוואָלט איינשטילן"...

אַ יידענע אַמפּערט זיך מיט אַ זעלנער. צעלאָזענע האָר, אַנטבלויזטע ברוסט. די אַלטע גויע גיט־צו מוט: — „אַלץ בעסער פון טויט". דער סאָלדאַט ציט דאָס אונטערקלייד פון דער יידענע אַראָפּ, וועגט עס אין דער האַנט. אַנדערע קומען־צו. מ'וואַרפט זיך דערויף, ווי אויף אַ געפאַנג. אין

א מינוט ווערט עס צעטרענט אין די הענט, גאָלדענע מטבעות קויקלען זיך איבער דער פּאָדלאָגע. די יידענע ספּאַזמירט. א הויכער געשטופּלטער שיינעץ מיט אַן אויסגעטון רעקל, אין סאָלדאַטישע הויזן, קלאַפּט א שי־כורער איבערן טיש:

— דריי מלוכות האָב איך געדינט און איך ווייס נישט, צו וועמען איך געהער. קומען די אוקראַינער — מאַכן זיי מיך פאַר אַן אוקראַי־נער, קומען די פּאָליאַקן — זאָגן זיי, איך בין א פּאָליאַק, כאַפּן גאָר די באָלשעוויקעס, הייסן זיי זיין א באָלשעוויק!... א צייט א פאַרשאָלטענע אַזעלכע — א טייוול אין די מענטשן אריין. יעדער איינער גיט א ביקס און יעדער איינער הייסט שיסן, אַז דו ביסט שוין מיד צו מאָרדן.

די גויע, מיט א גרויסן גאַנשער „סאַמאָגאָן" גייט אַרום און גיט פון פלאַש-האַלדז צו טרינקען גלייך אין מויל אריין. עס וואַלגערן זיך אויף דער פּאָדלאָגע סאָלדאַט און ייד מיטאַנאַנד, מערדער און קרבן האַלטן זיך געאָרעמט. פאַרשיכורט פון איין טראָפּן, קויקלען זיי זיךביידע אין שמו־ציקע ווינקלען. פון „פּיעקעליק" קומען די קולות אַהער. אַן אויפגעלייגט יאָכצן, פאַרקייעט מיט קללות, פאַרשטיקט מיט ווייבעריש געלעכטער. ווייבערישע נאַקעטע אונטערלייבער שיינען יצר־הרעדיק פון צווישן זעל־נערישע שטיוול אַרויס... דער משוגענער ייד מיטן אָפּגעריסענעם דאַשעק־היטל הערט אַלץ נישט אויף צו שיטן מיט מאמרים פון מדרש. די אַלטע גויע זידלט די סאָלדאַטן מיט מוטערלעכע שטראָף־רייד:

— נו, איז נישט גלייכער, אַנו, הינטישע זין, זיך צו פאַרהוליען, איידער די נשמה זיך צו פאַרזינדיקן. „סאַמאָגאָן" איז דאָ, א שיקסע פאַ־ראַן — און זיי גלוסט זיך גאָר מענטשן צו מאָרדן.

דער מיטן שעפּסענעם פעלץ־הוט, וועלכן ער נעמט נישט פון זיין קאָפּ אַראָפּ, זיצט א האַלב־אויסגעטוענער. א דערשוויצטער פון בראָנפן, האַלט אין איין אויפטרענען די קליידער און די קאַפּאָטעס, וואָס ער נעמט־אַראָפּ כסדר פון די פאַרהאַלטענע. אַנדערע טרינקען, אַנדערע שפּילן זיך מיט די ווייבער. ער טוט זיין זאַך. ער טרענט די קליידער און די קאַפּאָטעס, און וואָס ער געפינט, וואַרפט ער אויף די צוגעהאַלטענע קני פאַר זיך אַזוי, אַז אַלע זאָלן זען, אַז ער גנבעט נישט. פאַרנומען ביי זיין אַרבעט, ענטפערט ער אָפּ דער גויע:

— ביי אונדז האָסטו געפּועלט — דו פּטר זיי בעסער פון שטוב אַרויס, איידער די אַנדערע קומען. שיק זיי אין וואַלד אַריין...

***

דערנאָך קומט די משוגענע נאַכט. ווי שדים און רוחות רעות לויערן פון אַלע ווינקלען אַרויס. די נאַכט פון גנבענען די גרענעצן. וואָס איז נאַכט? נאַכט דערלייזט אונדז פון אונדזער אייגענעם אָפּגעשלאָסענעם איך, צו וועלכן מיר זענען פאַרשאָלטן פאַרקערפּערט צו ווערן דורך אונדזער קלעגלעך לעבן, און גיסט אונדז אַריין אין דעם אייביקן גישט-זיין, פון וועלכן מיר קומען און גייען. נאַכט איז דער אָן־תהומיקער כף־הקלע, אין וועלכן מיר האַלטן אין איין נידערן. לעבעדיקס און אָפּגעפּאַרמטעם ווערט צוריקגעוואָרפן אין כאָאָס, פון וואַנען עס האָט זיך אַנטוויקלט און עס ווערט צוריק, וואָס עס איז געווען — אַטמאָספערישע כוחות, וואָס וואַלגערן זיך אין לופט אַרום. עס ווערן אָפּגעווישט די באַגרענעצטע פאָרמען פון טאָגעדיקן זיין, און עס דערהויבט זיך צו אַ העכערער אומבאַגרענעצטקייט פון נאַכט־מאַכט. מענטש און נאַטור ווערן צוריק דאָס, וואָס זיי זענען געווען צוערשט. אַ נאַסער, פייכטער בוים אין דער נאַכט ווערט מגולגל אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט. דער מענטש ווערט פאַרבוימט — דערפילט דעם מקור, פון וואַנען ער קומט: די צווילינגס־געבורט פון „חי" און „דומם" פאַרברידערט זיך צוזאַמען, און גייען צוריק צום אייניקן מוטערלעכן מקור, צו דער גרויסער נאַכט.

ווער קען וויסן די גרענעצן פון אַזאַ נאַכט, אין וועלכער מען טרעט־אַדורך דורך דעם שוואַרצן פייכטן וואַלד? שטימען פון אומגעזעענע ברואים וואָיען. חומרים וואַקסן-אויף און פאַרשטעלן דיר דעם וועג. דו קומסט־צוריק צו ערטער, ביי וועלכע דו ביסט אַמאָל שוין געווען, וואָס דו טראָגסט אין דיר אומבאַוווּסט. ווער זענען די ברידער־מענטשן, וואָס גייען נעבן דיר? ווער ביסטו אַליין אין דער נאַכט?

דאָך, אַז עס הייבט אָן צו גראָען מיט קאַלטער ראָסע־גראָקייט, פאַלט אַלץ צוריק אין זיין פאַרשאָלטענעם „איך".

— וואָס מיינט איר, זענען מיר שוין אַדורך? געפינען מיר זיך שוין אויף דער צווייטער זייט? — פרעגט אַ נייגעריקע שטימע און ברענגט־צוריק אין לעבן אַריין.

דער חרם פון שווייגן, וואָס האָט געהערשט דורך דער נאַכט ביים גנבענען די גרענעץ, איז אַראָפּגענומען געוואָרן. מיט דער ערשטער בלויער בלייכקייט, וואָס קומט־אָן מיט שדים־טריט צווישן די וואַלד־ביימער, פּילט מען זיך דערלייזט, ווי אָנגעקומען צו אַ ברעג.

דער עולם פּאַלט־אַרויס פון דער צוזאַמענגעקנעטנקייט, פון וואָס ער איז באַשטאַנען ביינאַכט, און טרעט־אַריין אין זיין אָפּגעפּאַרמטער יחידותדיקייט.

דער משוגענער ייד מיטן אָפּגעריסענעם דאַשעק טרעט אַ באָרוועסער אין שטויביקן זאַמדיקן וועג. זיין אַנטפּלעקטע ברוסט איז געבויגן פון געוויכט פון דעם שווערן פּאַק, וואָס ער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס. פון שטויב, צי פון עפּעס אַנדערש, איז ער אַזוי פאַרברודיקט, אַז זיין גרויע באָרד איז טונקל געוואָרן דורך דער נאַכט. ער הערט נישט אויף צו מורמלען אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, — פּסוקים פון תהלים אויסגעמישט מיט אַנדערע שפּרוכן, ווי ער וואָלט געהאַלטן אין איין דאַווענען.

און אַ ווונדער — איצט דערמאָנט זיך זאַכאַרי, אַז ער האָט אים טאַקע געזען. ביי די ערשטע רויטע שטראַלן, וואָס די יונגע פרילינגס־זון גליט־דורך דורך די הויכע סאָסנעס־שטאַנגען, קומט אים דער ייד פאַר זייער באַקאַנט, נאָר ער קען זיך נישט דערמאָנען, צי ער האָט אים געזען אין דעם לעבן, צי אין אַן אַנדערן, וואָס ער האָט אַזוי פיל מאָל געלעבט אין דער לעצטער צייט.

שפּעטער זענען געקומען די ערשטע פּוילישע גרענעץ־סאָלדאַטן.

**
*

היינט זענען דאָס שטיקער אָפּגעריסענע זכרונות, ווי צעריסענע וואָלקנס, וועלכע ליגן צוזאַמעגעקנוילט אין דעם פינצטערן, אָן־תהומיקן כח־הקלע פון זיין אונטערבאַוווסטזיין. טיילמאָל קומען זיי אָפּערצושווימען, ציען־פאַרביי, ווי באַבע־יאַכנע־שנורן און פאַרשווינדן ווידער.

זאַכאַרים ערשטער אַריינטריט אין לערער הורוויצס שטוב אַריין איז געווען אַזוי:

אין רחל־לאהס קיך איז געשטאַנען אַ גויע אויף רחל־לאהס אָרט ביים קיכל, און האָט אים געפרעגט, וואָס ער וויל. ער האָט איר נישט

אָפּגעגעסט, נאָר איז אַריין אין צווייטן צימער. אַלץ איז נאָך גע־שטאַנען אויף זיין אָרט — די קאַנאַפּע, די שטולן, די בילדלעך אויף דער וואַנט און די לאָמפּ איבערן טיש. נאָר דאָך איז עס נישט געווען דאָס זעלבע, עפּעס־וואָס האָט זיך געענדערט — וואָס ער האָט נישט געקאָנט וויסן. עס איז זיכער געווען, ווי אין דער זע־קראַפט פון זיינע אויגן איז געקומען אַן ענדערונג: די ווענט זענען געווען אָפּגעריסן, דאָ־און־דאָרט האָבן זיך געשיילט די טאַפּעטן, אַזוי ווי די צייט וואָלט מיט אירע לאַפּעס געווען געקראַצט איבער די ווענט... ער איז צוריקגעקומען אין קיך. פון דער שולע פון דער צווייטער קאָרידאָר־טיר האָט זיך געהערט אַ קינדישער ליאַרעם. די שולע איז נאָך דאָ — האָט ער זיך געטראַכט. ער ווייסט נישט פון וואַנען עס האָבן זיך צו אים די כוחות גענומען, ער איז אַריין אין דער טיר פון דער שולע.

ער האָט זי געטראָפן, אַזוי ווי ער האָט זי געזען אין זיין גע־דאַנק. זי איז געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט קינדער, אָרים־באַקליידע־טע, און האָט עפּעס אויסגעהערט, צי גערעדט צו זיי.

געווען איז זי די זעלבע, די זעלבע געשטאַלט, נאָר אַ קליידל האָט זי געטראָגן אַן אַנדערס, נישט דאָס ווייסע מיט די שוואַרצע קעסטעלעך. (— אַ שאָד — האָט זיך זאַכאַרי בשעת־מעשה געטראַכט.) און נאָך עפּעס — איר פּנים איז אויך פאַרענדערט געוואָרן. צוערשט האָט ער נישט גע־קאָנט וויסן, אין וואָס עס באַשטייט די ענדערונג, דערנאָך איז אים באַ־וווסט געוואָרן, — זי האָט זיך זייער געעלטערט, אַזוי ווי זי וואָלט געווען אירס אַן עלטערע שוועסטער.

— לערערקע, אַ מאַן שטייט ביי דער טיר, — האָט אַ קינד אויפ־מערקזאַם געמאַכט אויף אים.

העלענקע האָט זיך דערשטוינט אומגעקוקט און איז מיטאַמאָל זייער בלייך געוואָרן. זי האָט געוואָלט אויפשרייען און איבערגעהאַקט אין מיטן.

— קינדער, — האָט זי געזאָגט, — איך וועל באַלד אַריינקומען, — און איז צוגעגאַנגען צו אים. קיין וואָרט האָט זי נישט געזאָגט, נאָר אָנגענומען אים ביי דער האַנט און געפירט אים פון שולע אַרויס.

אין קאָרידאָר האָט זי אים געקושט, און איין אויגנבליק שוואַך אָנ־געלענט איר פּנים אויף זיין ברוסט. דאָס האָט געדויערט קוים אַ סעקונ־דע, אַ טרייסל־געגעבן מיט אירע האָר, אַ וויינענדיקן שמייכל־געטון:

— ווען ביסטו געקומען?

— היינט אינדערפרי.

נישט אָפּגעלאָזן זיין האַנט, האָט זי אים אין קיך אַריינגעפירט, צו־געשלאָסן די טיר הינטער זיך, געפאַלן אויף זיין האַלדז און לאַנג זיך צע־וויינט:

— איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דיך שוין קיינמאָל נישט זען, — האָט זי אַרויסגעכליפּעט און באַגאָסן זיין האַלדז מיט טרערן און גאַ־ווער.

ער איז געשטאַנען ווי פאַרשטיינערט.

— ווו איז די מאַמע?

— די מאַמע לעבט נישט מער. אין דער דייטשער אָקופּאַציע גע־שטאָרבן.

זאַכאַרי האָט געקוקט אין איר פּנים אַריין. אַרום אירע אויגן און מויל זענען געווען אויסגעגראָבן טיפע רחל־לאַהשע־קנייטשן, דער גווידער האָט אויך אָנגעהויבן שלאַבריק צו ווערן, און מיטאַמאָל האָט ער דער־פילט, ווי זי קומט־אָן צו שווימען צו אים דורך דעם פאַרעלטערטן פּנים, ווי אַ שיף, וואָס קומט־אָן צו שווימען אויף שטילע וואַסערן. ער האָט עס דערקענט... און ער איז צוגעגאַנגען און באַרירט מיט די אויגן און מיט זיין מויל דאָס, וואָס איז זיינס...

שפּעטער איז דער פאָטער געקומען. דער לערער הורוויץ האָט זיך ווייניק־וואָס געענדערט דורך דער צייט. ער איז נאָר, דאַכט זיך, העכער געוואָרן, דינער און גרוי ווי אַ טויב. ער האָט זיך גאָרנישט געוווּנדערט אויף זאַכאַרים פּלוצלינגען אויפשווימען, אַזוי ווי ער וואָלט אים ערשט נעכטן געווען געזען. ער האָט אַריינגעשטעקט זיין קנאָכעדיקע האַנט אין זאַכאַרים, אַראָפּגענומען די ברילן און אים לאַנג אָנגעקוקט מיט די רויטע נאַקעטע אויגן און געשוויגן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, בחוריש־אַרטיק פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און זיך אָנגערופן שאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

— מיר האָבן זיך, דאָס אַלץ גאַנץ אַנדערש פאָרגעשטעלט.

— די רוסישע רעוואָלוציע? — האָט אים זאַכאַרי געפרעגט.

— נישט נאָר די רוסישע רעוואָלוציע — אַלץ! — און פאַר זיך האָט ער צוגעלייגט מיט אַ קרעכץ:

— דאָס באַפרייטע פּוילן — און סאָלדאַטן און פּאָליציי — דו פאַר־שטייסט?

— און דאָך איז בעסער, ווי עס איז געווען, — זאָגט זאַכאַרי.

— יאָ, בעסער איז עס, נאָר איך האָב עס מיר גאַנץ אַנדערש פאָר־געשטעלט, — האָט דער לערער געזאָגט מיט אַ בענקענדיקן קרעכץ נאָך זיין שיינעם חלום, וואָס איז אַזוי מיאוס אָפּגעשלאָגן געוואָרן פון דער ווירקלעכקייט.

— אָבער דאָך וועט מען באַדאַרפן אָנהייבן אויפסניי! — זאָגט מירקין.

דער לערער האָט אים אָנגעקוקט:

— שפּרינגען איבער דעבער?

— ניין, זיך געבן טאָג־טעגלעך טראָפּנווייז, ווי זי האָט עס געטון, — האָט ער געזאָגט רויט־ווערנדיק, געוויזן אויף העלענקען, אָבער ער האָט עס באַלד פאַרריכט: — ווי איר דאָ.

דער לערער האָט זיין קנאָביקע האַנט געלייגט אין זאַכאַריס — און געשוויגן.

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן
אין ארגענטינע
רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו: מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג: י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן-י. וויערניק: טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטיין: מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט: חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל: באַרג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) אַלחנן צייטלין: אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס: פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש: טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן: געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן: די יידן-שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת: היימלאָזע יידן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי: אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער: אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן: טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) קינדער-מאַרטיראָלאָגיע (זאַמלונג פון דאָקומענטן)
17) חיים גראַדע: פּליטים
18) ש. קאַטשערגינסקי: פּאַרטיזאַנער גייען!... (ווילנער געטאָ)
19) פרידע זרובבל: נע ונד (פאַרצייכענונגען פון אַ פּליטה)
20) מרדכי שטריגלער: מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי: אויפן ראַנד פון אָפּגרונט
22) ז. סעגאַלאָוויטש: געברענטע טריט
23) אברהם טייטלבוים: וואַרשעווער הויף
24) טאַניאַ פוקס: אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן: צווישן שרעק און האָפענונג
26) לעאָ פינקלשטיין: מגילת פּוילן
27) יאָנאַס טורקאָוו: אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן: „אומלעגאַלע" יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט: הענעך
30) ד״ר י. קערמיש: דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פּאָליאַקיעוויטש: א טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער: אין די פאבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי: אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער: מיין היים
35) יוסף וואָלף: לייענענדיק פּרצן...
36) צפורה קאצענעלסאָן - נאכומאָוו: יצחק קאצענעלסאָן
37) י. הירשהויט: פינצטערע נעכט אין פּאוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו: פּערזענלעכקייטן
39) רחל ה. קאָרן: היים און היימלאָזיקייט.
40) א. אלמי: מאָמענטן פון א לעבן
41) מנשה אונגער: פּשיסכע און קאָצק
42) מ. בורשטין: איבער די חורבות פון פּלוינע
43) מ. קיפּניס: הונדערט פאָלקס-לידער
44) ז. סעגאלאָוויטש: מיינע זיבן יאָר אין תל-אביב
45) ד"ר חיים שאָשקעס: א וועלט וואָס איז פארביי...
46) שלמה וואגא: חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק: יאָרן אין וואנדער
48) ש. איזבאַן: פאמיליע קארפּ (ראָמאן) באנד איינס
49) ש. איזבאַן: פאמיליע קארפּ (ראָמאן) באנד צוויי
50) ד"ר א. מוקדוני: מיינע באגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה-קאַהאַן: אין פייער און פלאמען (טאָג-בוך)
52) י. י. טרונק: די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו: אין קאַמף פאַרן לעבן (זכרונות)
54) יצחק פערלאָוו: די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947" (ראָמאן)
55) פנחס ביזבערג: שבת יומטובדיקע יידן
56) שלום אש: פּעטערבורג
57) שלום אש: ווארשע
58) שלום אש: מאָסקווע

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

חיים גראַדע: שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
יאַנוש קאָרטשאַק: משה'לעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך.
דוד פלינקער: אין שטורעם (ראָמאן)
בעלכאטאָוו (זאמל-בוך)
קאדיע מאלאדאָווסקי: אמאָל איז געווען...

### פּרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**ב. צ. גאָלדבערג** שרייבט וועגן מנשה אונגערס „פּשיסכע און קאָצק" („דער טאָג", ניו־יאָרק, 28טער אויגוסט 1949):

אויב עס איז דאָ ווער צווישן די ייִדישע שרייבערס אין אַמעריקע, וואָס קען חסידות פון אינעווייניק, איז עס מנשה אונגער.

ער איז געבוירן געוואָרן אין דעם, אויפגעצויגן דערמיט און לעבט מיט דעם נאָך ביזן היינטיקן טאָג. זיין פאָטער איז געווען דער באַרימטער זשאַבנער רבי, אין וועמענס „הויף" ער איז אויפגעוואַקסן. זיין ברודער איז אַ חסידישער רבי, און ער אַליין — אויב ער איז ניט געוואָרן קיין רבי, איז ער געווען צוגעגרייט פאַר דעם. און ווו נאָר אַ גאַליציאַנער רבי, איז ער זיינס אַ קרוב.

צו דעם האָט אונגער פאַר די יאָרן, וואָס ער האָט געלעבט אין ארץ ישראל און געשטודירט אין העברעאישן אוניווערזיטעט, נאָכגעפאָרשט וויסנשאַפטלעך די געשיכטע און די ליטעראַטור פון דער חסידישער באַוועגונג — אַזוי, אַז ער קען חסידות אויך „אויסערלעך", פון די ביכער אַרויס.

און די אַלע יאָרן, וואָס ער שרייבט אויף חסידישע טעמעס, האָט ער, נאַטירלעך, געדאַרפט אַנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער ליטעראַטור וועגן דעם דאָזיקן געביט. אין די לעצטע יאָרן האָט מנשה אונגער גענומען אונדז געבן ביכער וועגן חסידות. און דאָס נייע בוך זיינס הייסט „פּשיסכע און קאָצק" וואָס איז — ס'איז כדאי צו באַמערקן — אַרויס ניט אין ניו־יאָרק, ווו עס לעבן צוויי און אַ האַלב מיליאָן ייִדן, נאָר גאָר אין אַרגענטינע!...

⁂

„פּשיסכע און קאָצק" איז אַ ווערק, געשריבן אין אַ בעלעטריסטישער פאָרם איבער אַ געוויסן מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער חסידישער באַוועגונג, מיט אַ הונדערט־און־דרייסיק־פערציק יאָר צוריק. עס איז קאָנצענטרירט אַרום אַן אידעאָלאָגישן קאַמף אין חסידיזם — אַ מחלוקה צווישן צוויי שיטות, צוויי קעגנגעזעצטע וועגן. איינער איז פאַרטראָטן פון פּשיסכע, פון פּשיסכער רבישן הויף הייסט עס, פון רבין ר' שמחה בונים און דערנאָך פון וורקער רבין; דער צווייטער ווערט געפירט פון קאָצק, גענויער: פון רבין ר' מענדעלע פון טאָמאַשאָוו, וועלכער האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין קאָצק און געגרינדעט דעם קאָצקער הויף.

דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט דער ירידה פון פּשיסכע, קורץ פאַרן טויט פון רבין ר' בונם, ווען מען וויל פּשיסכער חסידות לייגן אין חרם, און אַ משפּט דאַרף געהאַלטן ווערן אויף פּשיסכע — אויף אַ גרויסאַרטיקער חסידישער חתונה, דעם אַפּטער רבינס

און אייניקל, טאַקע פֿאַרן אַלטן אָפּטער רבין גופא, וועלכער איז דעמאָלט געווען הויך אָנערקענט פֿון אַלע חסידישע רביים, און גיט אורשפּרונג פֿון קאָצקער חסידות, זיין אָנהויב און זיין אַנטוויקלונג.

אָט דאָס איז די קאַנווע, אויף וועלכער מנשה אונגער מאָלט דאָס חסידות פֿון אַ זייער דראַמאַטישער עפּאָכע. איר טרעפֿט אין בוך היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן אָן אַ שיעור: פֿון אַן אייניקל פֿון גאון ר׳ עקיבא אייגער און דעם רבין איטשע־מאיר (ערשטער גערער רבי) ביזן פּוילישן גענעראַל אָסטראָווסקי, וואָס קומט צום קאָצקערס מחותן, משה חלפֿן, בעטן אַ הלוואה פֿון הונדערט טויזנט טאָלער פֿאַרן פּוילישן אויפֿשטאַנד קעגן רוסלאַנד אין 1830 — און דערצו זאָל דער קאָצקער רבי פֿאַרזאָגן זיינע חסידים צו שטיצן דעם אויפֿשטאַנד...

די טעמע, וואָס אונגער האָט זיך פֿאַרנומען, קאָן באַהאַנדלט ווערן אויף דריי אופֿנים:

איינס — דער פּערזענלעכער עלעמענט: די דראַמאַטישע פֿיגורן אין אָט דער עפּאָכע, זייערע איבערלעבענישן, די זיטן און מנהגים פֿון יענער צייט און דער אַרט לעבן אין אַלגעמיין.

צוויי — דער אידעאָלאָגישער מאָמענט: דער אינהאַלט פֿון די צוויי סאָרטן חסידות, מיט וואָס קאָצקער חסידות איז געווען אַנדערש פֿון פּשיסכער, און וואָס פֿאַר אַ ווערט איינער האָט געהאַט לגבי דעם אַנדערן.

דריי — די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע און עקאָנאָמישע כוחות, וואָס האָבן דערביי מיטגעשפּילט, וואָס זענען געווען די אויסערלעכע סיבות, וואָס האָבן באַוויגן ר׳ יצחק וורקער צו דענקען אַזוי, און מענדל טאָמאַשאָווערן — אַנדערש, און וואָס פֿאַר אַ ראָלע אָט די צוויי פֿילאָזאָפֿיעס, פּשיסכע און קאָצק, האָבן געקאָנט שפּילן אין טאָג־טעגלעכן לעבן פֿון די יידישע מאַסן.

און אויב מען וויל באַהאַנדלען דעם ענין גרינטלעך, קאָן מען פֿון יעדן עלעמענט פֿון די דריי אָנשרייבן אַ היפּש גרויס בוך. אין איין בוך פֿון דריי הונדערט זייטן — האָט זיך אונגער געמוזט באַגרענעצן; האָט ער דעם דריטן מאָמענט כמעט אינגאַנצן אויסגעלאָזט. און וואָס ער גיט אונדז יאָ, איז אַ געמיש פֿון די ערשטע צוויי: פֿון דעם אַרט לעבן און חסידישן אינהאַלט.

***

פֿאַרן היינטיקן מאָדערנעם יידן, וואָס האָט אין דער חסידישער וועלט ניט געלעבט, איז אונגערס בוך כמעט ווי אַ סאָציאַל־אַנטראָפּאָלאָגיש ווערק, עפּעס ווי מאַרגאַרעט מידס בוך „אויפֿוואַקסן אין סאַמאָא". עס דעקט אויף פֿאַר אונדז אַ וועלט, וואָס איז אַנדערש פֿון אונדזער היינטיקער — אַפֿילו פֿרומער — יידישער וועלט; עס איז פּונקט ווי איר וואָלט געמאַכט אַ רייזע ערגעץ אויף אַ וויטן אינדזל, וווּ עס לעבן מענטשן אַ גאָר אַנדער לעבן ווי מיר.

אַפֿילו מיר אַליין, וואָס כ׳האָב שוין אַביסל געלייענט וועגן חסידות, זענען אַ סך פּרטים פֿון צערעמאָניאַל און אויך פֿון די אינערלעכע באַציאונגען געווען ניי.

עס איז ערשט בסך־הכל אַ יאָר הונדערט מיט אַ דריטל צוריק, אָבער אייך דוכט זיך, אַז ס׳איז שוין טויזנט יאָר...

וואָס שייך דעם גייסטיקן אינהאַלט, איז ער דווקא איבער צייט און אָרט. איר קאָנט איצט נעמען איטשע וואָרקער און מענדל טאָמאַשאָווער, זיי אָפּשערן די בערד און אויסטון די ווייסע בעקעשעס און בלויז ענדערן די פאָרם פון זייערע רייד — און איר קאָנט פאַר זיי אַראַנזשירן אַ דעבאַטע. עס איז אַן אייביקע פראַגע פון פאָלק און יחידי סגולה, פון לאַנגזאַמען, פּאַמעלעכן וועג אַרויף — עס זאָל די גייערס ניט זיין צו שווער אויף די פיס, אָדער — אַ פלי און אַ ברען.

„אין טאָמאַשאָוו (קאָצק) ברענט, און דאָ (אין פשיסכע) היילט מען קי..." אָט דאָ ליגט דער תמצית פון דעם חילוק.

קיין פשיסכע קומט אַ ישובניק קלאָגן — עס פאַלן אים אָוועק די קי, און ער בלייבט, חלילה אויסגעשטעלט. און אַליין קען דער ישובניק אפילו קיין תהילים נישט זאָגן. נעמט דער רבי דעם ישובניק צו זיך אין חדר מיוחד און זאָגט מיט אים תהילים מיט אַ צעבראָכן האַרץ, צו פועלן ביי גאָט, ער זאָל ראַטעווען די קי.

אין קאָצק האָט דער רבי געטריבן פון זיך זיינע חסידים: „פראָים, וואָס שטופט איר זיך? ווער האָט דעם ערב רב מיר דאָ אָהער געבראַכט?... צי דערויף האָב איך געאַרבעט, כדי איך זאָל ווערן פאַר זיי אַ מכשף? ווערן פאַר זיי אַ זנאַכער, אַ קונצנמאַכער?... צו וואָס אַזויפיל חסידים? מיר דאַרפן דאָך נאָר איין מנין יידן, נאָר צען יידן גיב מיר, אָבער זיי דאַרפן זיין אַזוינע יידן, וואָס זאָלן לעכצן מיט אַלע זייערע אברים נאָך דער גאולה..."

אין פשיסכע האָט מען געזען אַן עדה יידן וואָס האָבן, נעבעך, נויטיק געדאַרפט האָבן די גאולה; אין קאָצק — ביים אָנהויב קאָצק — האָט מען געזען די גאולה, און פאַר דעם האָט מען געדאַרפט בלויז איין מנין יידן, נאָר די אמתע יידן...

איך האָב געזאָגט „ביים אָנהויב קאָצק", מחמת וואָס מער מענדל טאָמאַשאָווער האָט געטריבן פון זיך, אַלץ מער האָט מען זיך געשפּאַרט צו אים; און ווי ער האָט ניט געוואָלט פירן קיין הויף מיט „קוויטלעך", איז דאָך דער קאָצקער הויף געוואָרן פונקט אַזאַ הויף ווי אַלע חסידישע „הייף".

סוף כל סוף האָט פשיסכע באַזיגט קאָצק ווייל אין פשיסכע איז געלעגן דאָס האַרץ פון פאָלק...

---

*Se terminó de imprimir el 30 de Diciembre de 1949 en los talleres gráficos de Julio Kaufman, Corrientes 1976, Buenos Aires, República Argentina.*

---